הענריק סיענקעוויטש

# איבּער מדבָּריות און וויסטענישן



יידיש שלמה ראָזענבערג

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# 1.

— דו ווייסט, נעל, — האָט סטאַש טאַרקאָווסקי געזאָגט צו זײַן פרײַנדין, דער קלײנער ענגלענדערין — נעכטן זענען געקומען „זאַבטיעס“ (פּאָליציאַנטן) און האָבן אַרעסטירט דעם אויפזעער סמײנס ווײַב מיט אירע דרײַ קינדער — די זעלבע פאַטמאַ, וועלכע איז שוין עטלעכע מאָל געקומען צו אונזערע פאָטערס אין ביוראָ אַרײַן.

און די קלײנע, צו אַ הערלעך בילדל ענלעכע, נעל האָט אויפגעהויבן אירע גרינלעכע אויגן אויף סטאַשן און האַלב מיט פאַרוואונדערונג, האַלב מיט שרעק אַ פרעג געטאָן:

— מ׳האָט זי אײַנגעזעצט אין תפיסה אַרײַן?

— נײן, נאָר מ׳האָט איר נישט דערלויבט אַרויסצופאָרן קײן סודאַן — און ס׳איז געקומען צו פאָרן אַ באַאַמטער, וועלכער וועט זי היטן, אַז זי זאָל מיט קײן טריט זיך נישט אַרויסרירן פון פּאָרט־סאַיד.

— פאַרוואָס?

סטאַש, וועלכער איז שוין אַלט געווען פערצען יאָר און האָט זײַן אַכט־יעריקע חברטע זײער ליב געהאַט, אָבער זי געהאַלטן נאָך אינגאַנצן פאַר אַ קינד, האָט מיט אַ מינע פון זײער אַ פאַרשטאַנדיקן מענטש אויסגערופן:

— אַז דו וועסט קומען אין מײַנע יאָרן אַרײַן, וועסטו אַלץ וויסן, וואָס עס טוט זיך, נישט נאָר לענגאויס דעם קאַנאַל, פון פּאָרט־סאַיד ביזן

סועץ, נאָר אויך אין גאַנץ עגיפּטן. צי האָסטו גאָרנישט געהערט וועגן מאַהדין ?

— כ׳האָב געהערט, אַז ער איז אַ מיאוסער און נישט העפ־לעכער.

דאָס בחורל האָט, ווי מיט רחמנות אויף איר, אַ שמייכל גע־געטון.

— צי ער איז אַ מיאוסער — ווייס איך נישט. די סודאַנער האַלטן גאָר, אַז ער איז אַ שיינער, אָבער צו זאָגן, אַז ער איז נישט קיין הער־לעכער, וועגן אַ מענטש, וועלכער האָט שוין אומגעבראַכט אַזוי פיל מענטשן, קאָן נאָר אַן אַכט־יעריק מיידעלע, מיט אַ קליידל — אָט ! — אַזעלכעס — ביז די קניען !

— דער טאַטעשי האָט מיר אַזוי געזאָגט, און דער טאַטעשי ווייסט בעסער.

— ער האָט דיר דעריבער אַזוי געזאָגט, ווייל אַנדערש וואָלסטו נישט פאַרשטאַנען. צו מיר וואָלט ער זיך אַזוי נישט אויסגעדרוקט. מאַהדי איז ערגער, ווי אַ גאַנצע סטאַדע קראָקאָדילן. פאַרשטייסט ? שיין געזאָגט : „נישט קיין העפלעכער", אַזוי זאָגט מען צו פיצלעך קינדער.

נאָר דערזעענדיק דעם מיידלס פאַרוואָלקנט פּנים, איז ער אַנט־שוויגן געוואָרן, און דערנאָך אויסגערופן :

— נעל ! ווייסט, אַז איך האָב דיר נישט געוואָלט אָנטון קיין עגמת נפש ; ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען דו וועסט אויך אַלט ווערן פערצען יאָר. כ׳זאָג דיר דאָס צו אויף זיכער.

— אַהאַ ! — האָט זי אָפּגעענטפערט מיט אַ פאַרדאגהטן בליק : — און אויב מאַהדי וועט נאָך פריער אַריינפאַלן קיין פאָרט־סאַיד און וועט מיך אויפעסן ?

— מאַהדי איז נישט קיין מענטשן־פרעסער, דעריבער עסט ער נישט אויף קיין מענטשן, נאָר ער ברענגט זיי אום. קיין פאָרט־סאַיד וועט ער אויך נישט אַריינפאַלן, און ווען ער וואָלט אפילו יאָ אַריינגעפאַלן און דיך געוואָלט דערהרגענען, וואָלט ער קודם כּל מיט מיר געהאַט צו טון.

דידאָזיקע פאַרזיכערונג, ווי אויך דער פייף, מיט וועלכן סטאַש האָט מיט דער נאָז די לופט אַריינגעצויגן און וועלכער האָט גאָר קיין גוטס פאַר מאַהדין נישט פאָרגעזאָגט, האָבן נעלן, וואָס שייך איר אייגע־נער פּערזאָן, באַדייטנד באַרויקט.

— איך ווייס — האָט זי אָפּגעענטפערט. — דו וואָלסט מיך נישט געלאָזט, אָבער פאַרוואָס לאָזט מען פאַטמאַן נישט אַרויס פון פּאָרט־איד ?

— וואָרן פאַטמאַ איז מאַהדיס אַ שוועסטערן־טאָכטער. איר מאַן, סמיין, האָט פאַרזיכערט דער עגיפּטישער רעגירונג, אַז ער וועט פאָרן קיין סודאַן, וואו מאַהדי האַלט זיך אויף און וועט אויספּועלן פרייהייט פאַר אַלע אייראָפּעער, וואָס זענען אַרייַנגעפאַלן אין זיינע הענט אַריין.

— סמיין איז אַ גוטער ?

— וואָרט נאָר. דיינער און מיין טאַטע, וועלכע האָבן סמיינען גאַנץ גוט געקענט, האָבן לחלוטין נישט געהאַט קיין צוטרוי צו אים און האָבן מתרה געווען נובאַר פּאַשאַן, אַז ער זאָל אים נישט גלייבן. אָבער די רעגירונג האָט מסכים געווען סמיינען אַרויסצושיקן און איצט ווייַלט שוין סמיין העכער אַ האַלב יאָר באַ מאַהדין. די געפאַנגענע אָבער, נישט נאָר וואָס זיי האָבן זיך נישט אומגעקערט, נאָר ס'איז נאָך געקומען אַ ידיעה פון כאַרטום, אַז די מאַהדיסטן באַגייען זיך מיט זיי וואָס אַמאָל רציחהדיקער, און אַז סמיין, וועלכער האָט צוגענומען באַ דער רעגירונג געלט, האָט פאַרראַטן. ער איז אינגאַנצן צוגעשטאַנען צו מאַהדין און איז געוואָרן באַשטימט אַלס עמיר. מענטשן זאָגן, אַז אין דערדאָזיקער שרעקלעכער שלאַכט, אין וועלכער גענעראַל היקס איז אומגעקומען, האָט סמיין אָנגעפירט מיט מאַהדיס אַרטילעריע און ער האָט דאָס געזאָלט אויסלערנען די מאַהדיסטן ווי אַזוי אומצוגיין מיט האַרמאַטן, וואָס זיי האָבן פריער, אַלס ווילדע מענטשן, לחלוטין נישט געקאָנט. אָבער סמיינען גייט איצט שטאַרק אין דעם, אַז ער זאָל אַרויסקריגן דאָס ווייב מיט די קינדער פון עגיפּטן. און ווען פאַטמאַ, וועלכע האָט נאָך פון פריער, ווייזט אויס, געוואוסט, וואָס סמיין וועט טון, האָט בגנבה געוואָלט אַרויספאָרן פון פּאָרט־סאַיד, האָט זי די רעגירונג טאַקע איצט צוזאַמען מיט די קינדער אַרעסטירט.

— און וואָס וועט דען די רעגירונג האָבן פון פאַטמאַן מיט די קינדער ?

— די רעגירונג וועט זאָגן מאַהדין : „גיב אונז אָפּ די געפאַנגענע, וועלן מיר דיר אָפּגעבן פאַטמאַן. . .״

פלוצלינג האָט זיך דער שמועס איבערגעריסן, וואָרן סטאַשס אויפמערקזאַמקייט איז אָפּגעווענדט געוואָרן אויף אַ טשאַטע פייגל, וואָס זע־

נען געפֿלויגן פֿון דער זייט פֿון עכטום אָם פּאַראַג צו דער אָזערע מענ־צאַלעה. זיי זענען געפֿלויגן גענוג נידעריק און אין דער דורכזיכטיקער לופֿט האָט מען בפירוש געזען עטלעכע פּעליקאַנען מיט פּאַרדרייטע העלזער צום רוקן, וואָס האָבן פֿאַמעלעך באַוועגט מיט די אומגעהייער גרויסע פֿליגל. סטאַש האָט באַלד אָנגעהויבן נאָכפֿאָלגן זייער פֿליען. ער האָט דער פּאַר פּאַרריסן דעם קאָפּ און מער ווי צען טריט נאָכגעלאָפֿן, מאַכנדיק מיט די פֿונאַנדערגעשפּרייטע הענט.

— קוק! — פֿלאַמאַקעס פֿליען אויך! — האָט פּלוצלינג נעל אויסגערופֿן.

סטאַש איז שטיין געבליבן די רגע, וואָרן מ׳האָט באמת נאָך די פּעליקאַנעס נאָר עטוואָס העכער, געזען העגגען אין דער בלויקייט, ווי צוויי גרויסע, ראָזע און פּורפּורענע בלומען.

— פֿלאַמאַקעס! פֿלאַמאַקעס!

— זיי קערן זיך אום אויף באַנאַכט אין זייערע וואויגונגען אַריין אויף די אינדזעלעך — האָט דאָס בחורל אויסגערופֿן. — אַך, ווען כ׳וואָלט געהאַט אַ ביקס!

— פֿאַרוואָס זאָלסטו וועלן צו זיי שיסן?

— פּרויען פֿאַרשטייען נישט אַזעלכע זאַכן. נאָר לאָמיר גיין ווייטער, אפשר וועלן זיי מער זען.

זאָגנדיק דאָס, האָט ער אָנגענומען דאָס מיידעלע בײַ דער האַנט און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען צו דער ערשטער קאַנאַל־סטאַציע נאָך פּאָרט־סאַיד, הינטער זיי האָט נאָכגעאײַלט די נעגערין דינה, דער קלענער נעלס געוועזענע וואַרטאַרין. זיי זענען געגאַנגען מיטן וואַל, וואָס האָט אָפּגעטײלט דאָס וואַסער פֿון דער אָזערע מענצאַלעה פֿונם קאַנאַל, דורך וועלכן ס׳איז אין דער רגע דורכגעשוואומען, געפֿירט דורך אַ פּילאָט, אַ גרויסער ענגלישער דאַמפֿער.

דער אָוונט האָט זיך דערנענטערט. די זון איז נאָך גאַנץ הויך געשטאַנען, אָבער זי האָט זיך שוין אַריבערגעקייקלט אויף דער זייט פֿון דער אָזערע. דאָס געזאַלצענע וואַסער אירס האָט אָנגעהויבן צו פֿינקלען מיט גאָלד און צו ציטערן מיט אַן אָפּשיין פֿון פּאַווע־פֿעדערן. אויפֿן אַראַבישן ברעג האָט זיך געצויגן, ווי ווייט ס׳אויג האָט נאָר געקאָנט גרייכן, אַ געלבלעכע, זאַמדיקע מדבר — אַ טויבע, אַ גרויליקע און טויטע. צווישן דעם גלעזערנעם, ווי אָפּגעשטאָרבענעם הימל, און דעם אין־סוף פֿון די געפֿאַלבטע זאַמדן איז קיין סימן נישט געווען פֿון קיין שום לעבע־

דיק נפש. אין דער צייט, וואָס אויפן קאַנאַל האָט געקאָכט מיט לעבן, עס האָבן אַרומגעריזלט שיפלעך, עס האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן געפייפערייען פון די דאַמפערס, און אויף דער מענצאַלעה האָבן אין דער זון געשימערט סטאַדעס מעוועס און ווילדע קאַטשקעס — האָט דאָרט, אויפן אַראַבישן ברעג אויסגעזעען ווי אַ לאַנד פון טויט. נאָר וואָס מער די זון האָט אַראָפּגעניידערט און איז געוואָרן אַלץ רויטער, אַלץ מער האָבן די זאַמדן אָנגעהויבן אָננעמען אַ ליליע־קאָליר, אַזאַ קאָליר, ווי עס האָבן האַרבסט־צייט די ווזשאָסן אין די פּוילישע וועלדער.

די קינדער האָבן, גייענדיק צו דער קאַנאַל־סטאַציע, דערזען נאָך עטלעכע פלאַמאַקעס, צו וועלכע עס האָבן געשמייכלט זייערע אויגן, באַלד האָט אָבער דינה דערקלערט, אַז נעל מוז זיך אומקערן אַהיים. אין עגיפּטן קומען אָן נאָך דידאָזיקע טעג, וואָס זענען אַפילו אין ווינטער אָפט חמימהדיקע, זייער קאַלטע נעכט, און ווייל נעלס געזונט פאָדערט גרויס פאָרזיכטיקייט, האָט דער פאָטער אירער, דער הער ראַווליסאָן, נישט דערלויבט, אַז דאָס מיידעלע זאָל זיך געפינען נאָך זון־אונטערגאַנג באַם וואַסער. האָבן זיי זיך דעריבער אומגעקערט אין שטאָט אַריין, וואו אין עק, נאָענט פון קאַנאַל, איז געשטאַנען דעם הער ראַווליסאָנס ווילע — און אין דער רגע, ווען די זון האָט זיך אין ים אונטערגעטוקט, האָבן זיי זיך שוין אונטערן דאַך פון הויז געפונען. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, איז אויך געקומען צום מיטאָג דער פאַרבעטענער אינזשיניער טאַרקאָווסקי, סטאַשס פאָטער — און די גאַנצע געזעלשאַפט, צוזאַמען מיט דער פראַנצויזין, נעלס לערערין, דער פרייליין אָליוויער, האָט זיך געזעצט צום טיש.

דער הער ראַווליסאָן, איינער פון די קאָמפּאַניע־דירעקטאָרן באַם סועץ־קאַנאַל און וולאַדיסלאַוו טאַרקאָווסקי, דער עלטסטער אינזשיניער פון דער זעלבער קאָמפּאַניע, האָבן געלעבט צווישן זיך זינט שיינע יאָרן אין דער בעסטער גוטפריינטשאַפט.ביידע זענען זיי געווען אלמנס, נאָר די מאַדאַם טאַרקאָווסקאַ, פון געבורט אַ פראַנצויזין, איז געשטאָרבן אין דערזעלבער מינוט ווען סטאַש איז אויף דער וועלט געקומען, דאָס הייסט, מיט העכער דרייצן יאָר צוריק, נעלס מוטער ווידער איז אויסגעגאַנגען אויף שווינדזיכט אין העלואַן, ווען דאָס מיידעלע איז אַלט געוואָרן דריי יאָר. ביידע אלמנס האָבן געוואוינט אין שכנותדיקע הייזער אין פּאָרט־סאַיד און צוליב זייערע באַשעפטיקונגען האָבן זיי זיך אַלע טאָג געזען. דאָס געמיינזאַמע אומגליק האָט זיי נאָך מער צו זיך דערנענטערט און

פאַרשטאַרקט די פריערדיקע שוין אַזוי אויך געשלאָסענע פריינטשאַפט. דער הער ראַווליסאָן האָט ליב געקריגן סטאַשן, ווי אַן אייגענעם זון, און הער טאַרקאָווסקי ווידער וואָלט פאַר דער קליינער נעל געלאָפן אין פייער און וואַסער אַריין. נאָכן פאַרענדיקן די באַטאָגעדיקע אַרבעט איז זייער ליבסטער אָפּרו געווען צו שמועסן וועגן די קינדער, וועגן זייער דערציונג און צוקונפט. אין דער צייט פון אַזעלכע ענלעכע געשפּרעכן פלעגט אָפט געשען אַזוי, אַז דער הער ראַווליסאָן פלעגט אָפּלויבן די פעיקייטן, ענערגיע און מוטיקייט פון סטאַשן, און דער הער טאַרקאָווסקי האָט זיך אַנטציקט מיט דעם זיסן און מלאכישן פנימל פון נעל. אי דאָס ערשטע, אי דאָס אַנדערע איז געווען אמת. סטאַש האָט אַ ביסעלע צופיל געהאַלטן פון זיך און ליב געהאַט זיך אַ קאָפּ צו באַרימען, אָבער ער האָט זיך זייער גוט געלערנט און די לערערס פון דער ענגלישער שול, וועלכע ער האָט באַזוכט אין פּאָרט־סאַיד, האָבן ווירקלעך אָנערקענט אין אים אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן. וואָס שייך גוואַגטקייט און אויסגערעכנטקייט, האָט ער עס געירשנט פון פאָטער, וואָרן דער הער טאַרקאָווסקי האָט אין אַ הויכער מדרגה פאַרמאָגט די אַלע מעלות און אין אַ באַדייטנדער מאָס האָט ער זיי טאַקע צו פאַרדאַנקען זיין איצטיקע הויכע שטעלונג. אין יאָר 1863 האָט ער זיך אָן אָפּרו געשלאָגן עלף חדשים. דערנאָך איז ער, אַ פאַרוואונדעטער, פאַרנומענער אין געפאַנגענשאַפט און פאַרמשפּטער אויף סיביר, אַנטלאָפן פון טיף רוסלאַנד און זיך אַריבערגעקריגן איבער דער גרענעץ. נאָך איין יאָר האָט ער מקריב געווען אויף הידראַווליסטישע סטודיען, און דערנאָך האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן באַם קאַנאַל און אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר — ווען מ'האָט זיך דערקענט אויף זיין קענטעניש, ענערגיע און אַרבעטזאַמקייט — האָט ער פאַרנומען די הויכע שטעלע פון עלטסטן אינזשיניער.

סטאַש איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן און האָט דערגרייכט זיין פערצעניעריקע עלטער אין פּאָרט־סאַיד, באַם קאַנאַל, צוליב דעם טאַקע האָבן אים די אינזשיניערן, דעם פאָטערס קאָלעגעס, אַ נאָמען געגעבן: דאָס קינד פון דער מדבר. שפּעטער, זייענדיק שוין אין דער שולע, האָט ער טיילמאָל באַגלייט דעם פאָטער, אָדער דעם הער ראַווליסאָן, אין דער צייט פון די וואַקאַציעס אָדער חגאות, אויף פאַרשידענע אויספלוגן, וואָס זיי האָבן עס אַלס פליכט געמוזט טון פון פּאָרט־סאַיד ביזן סועץ, כדי צו רעווידירן די אַרבעטן באַם וואַל און באַם פאַרטיפן דאָס געלעגער פון קאַנאַל. ער האָט אַלע געקענט — סיי די אינזשיניערן און באַאַמטע פון

דער קאַמער, סיי די אַרבעטער, אַראַבער און נעגערס. ער האָט זיך אומעטום געדרייט און אַריינגעדרייט, ווי מ׳האָט אים נישט געזייעט, דאָ איז ער געוואַקסן, האָט געמאַכט ווייטע אויספלוגן לענגויס דעם וואַל, געפאָרן מיטן שיפל איבערן מענצאַלעה און טיילמאָל זיך גאַנץ ווייט אַוועקגעלאָזט. ער פלעגט זיך אַריבערשיפן אויפן אַראַבישן ברעג, און צוכאַפנדיק זיך צו עמעצנס אַ פערד, און אויב ס׳איז נישט געווען קיין פערד, איז צו אַ קעמל, און אפילו צו אַן אייזל, האָט ער געשפּילט די ראָליע פון אַ בעדויִנישן רייטער אין דער מדבר — מיט איין וואָרט, ווי דער הער טאַרקאָווסקי האָט זיך אויסגעדרוקט: „ער האָט אַרומגעבלאָנקעט אומעטום און יעדער פרייע מינוט פאַרברענגט באַם וואַסער“.

דער פאָטער האָט אים דאָס נישט פאַרוועריט, וויסנדיק גאַנץ גוט, אַז דאָס רודערן, דאָס רייטן אויף פערד און דאָס כּסדרדיקע לעבן אויף דער פרישער לופט פאַרשטאַרקט דאָס געזונט פון דעם ייִנגל און אַנטוויקלט אין אים די פעיקייט זיך אַן עצה צו געבן אין לעבן. און סטאַש איז טאַקע געווען אַ סך העכער און שטאַרקער, ווי עס זענען געוויינלעך ייִנגלעך אין זיינע יאָרן, און ס׳איז גענוג געווען אים בלויז אַ קוק צו טון אין די אויגן אַריין, כּדי צו קענען אַרויסלייענען פון זיי, אַז אויב עס זאָל עפּעס פאָרקומען מיט אים, וועט ער גיכער אַריבערכאַפּן די מאָס פון חוצפּה, ווי פון פּחדנות. אין זיין פערצעניעריקער עלטער איז ער געווען איינער פון די בעסטע שווימערס אין פּאָרט־סאַיד, וואָס דאָס האָט נישט ווייניק באַדייט, וואָרן די אַראַבער און נעגערס שווימען ווי די פיש. שיסנדיק פון ביקסן פון קליינעם קאַליבער — און דווקא מיט קוילן, צו ווילדע קאַטשקעס און צו עגיפּטישע גענז, האָט ער זיך אויסגעאַרבעט אַ צילנדיקע האַנט און אויג. זיין איינציקער חלום איז געווען צו גיין אַמאָל אויף יאַגד אויף גרויסע חיות אין מיטל־אַפריקע; ער האָט גיריק אויסגעהאָרכט די מעשות פון די סודאַנער, וועלכע זענען פאַרנומען געווען באַם קאַנאַל, און וועלכע האָבן זיך באַגעגנט אין זייער פאַטערלאַנד מיט גרויסע, גראָב־הויטיקע רויב־חיות.

ער האָט געהאַט דערפון נאָך אַ נוץ, דאָס, וואָס ער האָט זיך אייננצייטיק אויסגעלערנט זייערע שפּראַכן. דעם סועץ־קאַנאַל איז נישט גענוג געווען בלויז דורכצוגראָבן, מ׳האָט אים אויך געדאַרפט האַלטן אין אָרדנונג, וואָרן אַנדערש וואָלטן אים די זאַמדן פון דער מדבר, וואָס זענען געלעגן אויף ביידע זיינע ברעגן, אין משך פון אַ יאָר פאַרשיט. דאָס גרויסע ווערק פון לעסעפּסן פאָדערט כּסדרדיקע אַרבעט און אויפמערק־

זאַמקייט. דעריבער אַרבעטן טאַקע ביזן היינטיקן טאָג איבער דער פּאַר־טיפיגג פון זיין געלעגער אונטער דער אויפזיכט פון טיכטיקע אינזשי־ניערן ריזיקע מאַשינען און טויזנטער אַרבעטער. באַם דורכגראָבן דעם קאַנאַל האָבן געאַרבעט פינף און צוואַנציק טויזנט מאַן. היינט, ווען דאָס ווערק איז שוין פאַרענדיקט און באַ אויסגעבעסערטע בייע מאַשינען, דאַרף מען זיי האָבן אַ סך וױנציקער, יעדנפאַלס איז זייער צאָל ביז איצט אַ געגוג באַדייטנדע. די גרעסטע טייל פון זיי זענען באַשטאַנען פון אַר־טיקע איינוואוינער, פונדעסטוועגן האָט נישט געפעלט צווישן זיי אי קיין נוביער, אי קיין סודאַנער, אי קיין סאָמאַליסן און אַנדערע פאַרשידענע נעגערס, וואָס האָבן געוואוינט באַם ווייסן און בלויען נילוס, דאָס הייסט, אין די געגנדן, וועלכע די עגיפּטישע רעגירונג האָט נאָך פאַר מאַהדיס אויפשטאַנד געהאַט פאַרנומען. סטאַש האָט מיט אַלע געלעבט אין גוט־ברודערשאַפט, און האָבנדיק, ווי געוויינלעך אַלע פּאָליאַקן, אַן אויסערגע־וויינלעכע פעיקייט צו שפראַכן, האָט ער דערוואָרבן, אַליין נישט וויסנ־דיק ווי אַזוי און ווען, אַ סך פון זייערע דיאַלעקטן. זייענדיק אַ געבוירע־נער אין עגיפּטן, האָט ער גערעדט אַראַביש, ווי אַן אַראַבער. פון די זאַניזבאַרן, פון וועלכע אַ סך האָבן געדינט אַלס הייצערס באַ די מאַשי־נען, האָט ער זיך אויסגעלערנט דאָס אין גאַנץ מיטל־אַפריקע פאַרשפּריי־טע לשון פון די קי־סוואַהילן, ער האָט אַפילו געקענט זיך אויסטענהן מיט די נעגערס פון די שבטים דינקאַ און שילוק, וועלכע וואוינען מער אַראָפּ־צו פון פאַשאָדאַ באַם נילוס. אַ חוץ דעם האָט ער פליסיק גערעדט ענגליש, פראַנצויזיש און פויליש, וואָרן דער פאָטער זיינער, זייענדיק אַ הייסער פּאַטריאָט, האָט זייער געזאָרגט וועגן דעם, אַז דאָס יינגל זאָל קענען זיין מוטערשפּראַך. סטאַש האָט וואַרשיינלעך באַטראַכט דידאָזיקע שפּראַך פאַר דער שענסטער אין דער וועלט און ער האָט זי געלערנט, נישט אָן דערפאָלג, מיט דער קליינער נעל. ער האָט בלויז נישט גע־קענט באַווייזן, אַז זי זאָל זיין נאָמען אַרויסרעדן ריכטיק: סטאַש, נישט „סטעס". נישט איינמאָל איז צווישן זיי צוליב דעם געקומען צו אַ מיס־פאַרשטענדעניש, וועלכעס האָט אָבער נאָר אַזוי לאַנג געדויערט באַ זיי, כּל־זמן באַ דעם מיידעלע אין די אויגן האָבן נישט אויפגעבלישטשעט טרערעלעך. דאַמאָלס האָט „סטעס" זי איבערגעבעטן — און איז אויף זיך אַליין בייז געווען.

ער האָט אָבער געהאַט אַ מיאוסע געוואוינהייט צו רעדן מיט גרינג־שעצונג וועגן אירע אַכט יאָר און זיך אַקייגנצושטעלן זיין אָנגעזעענע

עלטער און דערפאַרונג. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ ייִנגל, וואָס ווערט
אַלט פערצען יאָר, אויב ער הייסט נאָך נישט קיין פולשטענדיק דערוואַק-
סענער, איז ער על כּל פּנים שוין נישט קיין קינד, פאַרקערט גאָר, ער
איז שוין פעיִק צו אַלע מיני העלדישע טאַטן, בפרט, אַז ער האָט אין
זיך פּויליש און פראַנצויזיש בלוט. ער האָט טאַקע אַזוי הייס געשטרעבט,
אַז עס זאָל זיך אים אַמאָל מאַכן אַ געלעגנהייט פאַר אַזעלכע טאַטן, באַ-
זונדערס זאָל אים אויסקומען צו באַשיצן נעלן. ביידע האָבן זיי אויסגע-
זוכט פאַרשידענערליי געפאַרן און סטאַש האָט געמוזט ענטפערן אויף
אַלע אירע פראַגן ; וואָס וואָלט ער געטאָן, ווען ס׳זאָל למשל אַריינקריכן
צו איר דורכן פענצטער אַ קראָקאָדיל פון צען מעטער די לענג, אָדער אַ
סקאָרפּיאָן, וואָס איז אַזוי גרויס, ווי אַ הונט. ביידע איז אָבער אויף
קיין איין מינוט נישט איינגעפאַלן, אַז אין קורצן וועט די שרעקלעכע
ווירקלעכקייט איבערשטייגן אַלע זייערע פאַנטאַסטישע השערות.

II.

דערווייל האָט זיי דערוואַרט אינדערהיים בשעתן מיטאָג אַ גוטע
נייעס. די הערן טאַרקאָווסקי און ראַווליסאָן זענען, אַלס טיכטיקע אינזשי-
ניערן, פאַרבעטן געוואָרן מיט עטלעכע וואָכן צוריק צו באַזעען און אָפּשאַצן
די אַרבעטן, וואָס ווערן געפירט באַ דער קאַנאַלן-נעץ אין דער פּראָווינץ על-
פאַיום, אין דער געגנט פון דער שטאָט מעדינעט, נישט ווייט פון דער אַזערע
קאַראָון, ווי אויך די לענג פון די טייכן יוסעף און נילוס. זיי האָבן געזאָלט
דאָרט וויילן אַן ערך אַ חודש און האָבן באַקומען דערויף אורלויב פון
זייער אייגענער קאָמפּאַניע. אַזוי ווי די ווייַנאַכט-חגאות האָבן זיך דערנענ-
טערט, האָבן זיי ביידע דעריבער, נישט וועלנדיק זיך צעשיידן מיט די קינ-
דער, באַשלאָסן, אַז סטאַש מיט נעלן זאָלן אויך מיטפאָרן קיין מעדינעט.
דערהערנדיק דידאָזיקע נייעס, זענען די קינדער פאַר פרייד שיער פון דער
הויט נישט אַרויסגעשפרונגען. ביז איצט האָבן זיי נאָר געקענט די שטעט,
וואָס ליגן לענגאויס דעם קאַנאַל, און נעמלעך: יזמאַילאַ און סועץ, און
נאָכן קאַנאַל — אַלעקסאַנדריע און קאַיראָ, היינטער וועלכער זיי האָבן באַזען
די גרויסע פּיראַמידן און דעם ספינקס. אָבער דאָס זענען נאָר געווען בלויז

קורצע אויספלוגן, אין דער צייט, וואָס די נסיעה קיין מעדינעט-על-פאַיום האָט געפאָדערט אַ גאַנצן טאָג רייזע מיט דער באַנלעגאַויס. דעם נילוס אויף דרום-זייט, און דערנאָך פון על-וואַסטאַ אויף מערב, צו דער ליביישער מדבר. סטאַש האָט נאָר געקאַנט מעדינעט לויט די דערציילונגען פון די ייִנגערע אינזשיניערן און רייזנדע, וועלכע זענען דאָרט אַהינגעפאָרן אויף יאַגד אויף אַלערליי מינים וואַסער-פייגל, ווי אויך אויף וועלף פון דער מדבר און היענעס. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ באַזונדערע, גרויסע אָאַזע, וואָס ליגט אויפן לינקן ברעג פון נילוס, אָבער זי איז נישט אָפּהענגיק פון זיינע אויסגוסן און זי האָט איר אייגענעם וואַסער-סיסטעם, וואָס האָט זיך געשאַפן פון דער אַזערע קאַראָון, פון באַר-יוסעף און פון דער גאַנצער גרופּע דראָבנע קאַנאַלן. יענע, וועלכע האָבן דידאָזיקע אָאַזע געזעען, האָבן געזאָגט, אַז כאָטש דאָסדאָזיקע לאַנד געהערט צו עגיפּטן, פונדעסטוועגן שאַפט עס צוליב דער מדבר, דורך וועלכער עס איז אָפּגעטיילט, אַן אָפּגעזונדערטע גאַנצקייט. נאָר דער טייך יוסעף, וואָס בינדט, וואָלסט געשוואוירן, מיט אַ בלוי, דין שנירעלע דידאָזיקע געגנט מיטן טאָל פון נילוס. די גרויסע שפע פון וואַסער, פרוכטבאַרקייט פון באָדן און די פּראַכטפולע געוויקסן שאַפן פון איר פּשוט אַן ערדיש גן-עדן, און די רחבותדיקע רוינען פון דער שטאָט קראָקאָדילאָפּאָליס ציען אַריין צו זיך הונדערטער נייגיריקע רייזנדע. סטאַשן אָבער האָבן מער געלאָקט די ברעגן פון דער אַזערע קאַראָון מיט די אָן אַ שיעור פייגל אין די אויספלוגן אויף וועלף צו די וויסטע געבירגן פון געבעל-על-סעדמענט.

די וואַקאַציעס זיינע האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אין עטלעכע טעג אַרום, נאָר ווייל די רעוויזיע פון די אַרבעטן בײַ די קאַנאַלן איז געווען אַ וויכטיקער ענין און די עלטערע הערן האָבן נישט געטאָרט קיין צייט פאַרלירן, האָבן זיי דעריבער זיך אָפּגעשמועסט, אַז זיי זאָלן תיכף אַרויספאָרן, און די קינדער, צוזאַמען מיט דער פרייליין אָליוויער, זאָלן אַרויספאָרן מיט אַ וואָך שפּעטער. סיי נעל, סיי סטאַש האָבן חשק געהאַט בײַלד צו פאָרן, אָבער סטאַש האָט נישט געהאַט די העזה דאָס צו בעטן. זיי האָבן זיך גאָר גענומען אויספרעגן וועגן פאַרשידענע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער רייזע און מיט אַ פרישן אויסברוך פון פרייד אויפגענומען די ידיעה, אַז זיי וועלן נישט וואוינען אין די אומבאַקוועמע, דורך די גרעקן אויפגעהאַלטענע האָטעלן, נאָר אין געצעלטן, וואָס זענען דורך קוקס רייזע-געזעלשאַפט צוגעשטעלט געוואָרן. אַזוי אָרדענען זיך

געווײנלעך אײן אַלע רײזנדע, װעלכע פֿאָרן אַרױס אױף אַ לענגערן אױפֿהאַלט קײן מעדינעט — קוק שטעלט־צו געצעלטן, דיגער, קוכער, עסנוואַרג, פֿערד, אײזלען, קעמלען און אָנטרײבערס, אַזוי, אַז דער רײזנ־דער דאַרף װעגן גאָרנישט טראַכטן. דאָס איז, װאָס אַן אמת, אַ גענוג טײער אַרט רײזן, אָבער די הערן טאַרקאָװסקי און ראַװליסאָן האָבן זיך נישט געדאַרפֿט דערמיט רעכענען, װײל אַלע אױסגאַבן האָט געדעקט די עגיפּטישע רעגירונג, װעלכע האָט זײ, אַלס טיכטיקע צום אָפּשאַצן און רעװידירן די אַרבעט באַ די קאַנאַלן, פֿאַרבעטן. נעל, װעלכע האָט איבער אַלעם אין דער װעלט ליב געהאַט צו רײטן אױף אַ קעמל, האָט באַקומען צוגעזאָגט פֿון פֿאָטער, אַז זי װעט קריגן אַ באַזונדער, האָרבאַטע רײט־קעמל, אױף װעלכן זי װעט צוזאַמען מיט דער פֿרײלין אָליװיער, אָדער מיט דינהן, און טײלמאָל אױך מיט סטאַשן, נעמען אַן אָנטײל אין די געמײנזאַמע אױספֿלוגן אין די נענטערע געגנטן פֿון דער מדבר און צום קאַראָון. סטאַשן האָט דער הער טאַרקאָװסקי צוגעזאָגט, אַז ער װעט אים דערלױבן טײלמאָל באַנאַכט אַרױסצוגײן אױף װעלף — און אַז, אױב ער װעט אַהײמברענגען אַ גוטע שול־צײגניש, װעט ער באַקומען אַן עכט ענגלישן שטוצער און אַלע נױטיקע מכשירים, װאָס מ׳דאַרף האָבן צו דער יאַגד. און װײל סטאַש איז זיכער געװען, אַז ער װעט באַקומען אַ גוטע צײגניש, האָט ער זיך דעריבער שױן אָנגעהױבן צו באַטראַכטן אַלס באַ־זיצער פֿון אַ שטוצער און זיך געגעבן דאָס װאָרט אױפֿצוטון מיט אים פֿאַרשידענע, װוּנדערבאַרע און אײביק געדענקבאַרע טאַטן.

מיט אַזעלכע פּראָיעקטן און געשפּרעכן איז פֿאַר די גליקלעכע קינ־דער דורכגעגאַנגען דאָס מיטאָג. פֿאַרהעלטנישמעסיק האָט צום װינציקסטן התלהבות אַרױסגעװיזן צו דער פּראָיעקטירטער רײזע די פֿרײלין אָליװיער, װעלכע האָט נישט געהאַט קײן חשק אַרױסצורירן זיך פֿון דער באַקװע־מער װילע אין פּאָרט־סאַיד און װעלכע ס׳האָט אָפּגעשראָקן דער געדאַנק צו װאױנען אין משך פֿון עטלעכע װאָכן אין אַ געצעלט, און באַזונדערס די פּראָיעקטירטע אױספֿלוגן אױף קעמלען. ס׳האָט זיך איר שױן עטלעכע מאָל געמאַכט אַ געלעגנהײט צו פּרוּװן אַזאַ מין רײזע, װי עס טוען דאָס געװײנלעך אױס נײגיריקײט אַלע אײראָפּעער, װעלכע װאױנען אין עגיפּטן און שטענדיק זענען איר דידאָזיקע פּרוּװן נישט גינסטיק אױסגעפֿאַלן. אײן מאָל האָט זיך דאָס קעמל צו פֿרי אױפֿגעהױבן, װען זי האָט זיך נאָך נישט געהאַט גוט באַזעצט אױפֿן זאָטל, און צוליב דער סיבה האָט זי זיך אַראָפּגעגליטשט איבער זײן רוקן אױף דער ערד. אַן אַנדערשט מאָל װי־

דער האָט זי אַזאַ קעמל, וואָס געהערט נישט צו די לייכט-טראָגעדיקע אײַנהאָרבאַטע, אַזוי צעשאָקלט, אַז זי האָט אין משך פון צוויי טעג נישט געקענט קומען צו זיך. מיט איין וואָרט, אויף וויפיל נעל האָט נאָך צוויי אָדער דריי מאָל זיך דורכרייטן, אויף וועלכע דער הער ראַווליסאָן האָט איר דערלויבט, פאַרזיכערט, אַז ס'איז גאָרנישטאָ קיין גרעסערער תענוג אויף דער וועלט, אויף אַזוי פיל זענען דער פריילין אָליוויער איבערגע-בליבן נישט קיין אָנגענעמע דערינערונגען. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר אַראַבער, אָדער פאַר אַזעלכע קרישעלעך, ווי נעל, וועלכע וועט זיך נישט מער אָנשאָקלען, ווי אַ פליג, וואָס וואָלט זיך אַרויפגעזעצט אויפן קעמלס האָרב, אָבער נישט פאַר קיין עלטערע און נישט זייער לייכטע פערזאָנען, און וועלכע האָבן גלייכצייטיק אַ גע-וויסע נייגונג צו דער אומדערטרעגלעכער ים-קראַנקייט.

נאָר וואָס שייך צו מעדינעט-על-פאַיום, האָט זי נאָך געהאַט אַן אַנ-דערע מורא. און נעמלעך: אין פאָרט-סאַיד, פונקט אַזוי ווי אין אַלעק-סאַנדריע, קאַיראָ און אין גאַנץ עגיפטן, האָט מען נישט גערעדט וועגן עפעס אַנדערש, ווי נאָר וועגן מאַהדיס אויפשטאַנד און וועגן די רציחות פון די דערווישן. די פריילין אָליוויערא האָט, נישט וויסנדיק גענוי, וואו עס ליגט מעדינעט, זיך שטאַרק באַאומרויקט, צי וועט דאָס נישט זיין אַמאָל צו נאָענט פון די מאַהדיסטן און ענדלעך האָט זי זיך אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן דעם באַם הער ראַווליסאָן.

ער האָט זיך אָבער נאָר צעשמייכלט און געזאָגט:

— מאַהדי באַלאַגערט איצט כאַרטום, און וועלכן עס פאַרטיידיקט זיך דער גענעראַל גאָרדאָן. צי ווייסט איר, ווי ווייט ס'איז פון מעדינעט קיין כאַרטום?

— כ'האָב נישט וועגן דעם קיין שום אַנונג

— אָט אַזוי פיל-ווייניק, ווי פונדאַנען קיין סיציליען — האָט איר דער הער טאַרקאָווסקי דערקלערט.

— פיל-ווייניק — האָט סטאַש צוגעשטימט. — כאַרטום ליגט דאָרטן, וואו דער ווייסער מיטן בלויען נילוס קומען זיך צוזאַמען און שאַפן איין טייך. עס טיילט אונז אָפּ פון אים דער אומגעהייערער שטח פון עגיפטן און גאַנץ נוביען.

דערנאָך האָט ער נאָך געוואָלט צוגעבן, אַז כאָטש מעדינעט זאָל אפילו ליגן נענטער צו די קאַנטן, וואָס זענען פערגומען דורך דעם אויפ-שטאַנד, איז וועט ער דאָך דאָרטן זיין מיט זיין שטוצער, אָבער גע-

דענקנדיק גאַנץ גוט, אַז פאַר אַזעלכע באַרימערייען האָט ער שוין נישט איינמאָל אַריינגעכאַפּט פון פאָטער אַ פּסק — איז ער אַנטשוויגן געוואָרן.

די עלטערע הערן האָבן אויך אָנגעהויבן פונדעסטוועגן צו שמועסן וועגן מאַהדין און וועגן אויפשטאַנד, וואָרן דאָס איז געווען די וויכטיקסטע פראַגע, וואָס איז עגיפּטן אָנגעגאַנגען. די ידיעות פון אונטער כאַרטום זענען געווען שלעכטע. די ווילדע מחנות האָבן שוין באַלאַגערט די שטאָט העכער אַנדערטהאַלבן חדשים; די עגיפּטישע און ענגלישע רעגירונגען האָבן לאַנגזאַם זיך צוגעטון צו דער זאַך, די הילף איז ערשט נאָר-וואָס אַרויסגעשיקט געוואָרן און מ׳האָט איבעראַל זיך געשראָקן, אַז טראָץ דעם רום, העלדישקייט און פעיקייט פון גאָרדאָנען, וועט די דאָזיקע וויכטיקע שטאָט מוזן סוף כל סוף אַריינפאַלן צו די באַרבאַרן אין די הענט אַריין. די זעלבע מיינונג האָט אויך געהאַט דער הער טאַרקאָווסקי, וועלכער האָט חושד געווען, אַז ענגלאַנד ווינטשט זיך אין האַרץ, אַז מאַהדי זאָל צונעמען סודאַן בײַ עגיפּטן צוליב דעם, כדי שפּעטער עס אָפּצונעמען בײַ מאַהדין און מאַכן פון דעמדאָזיקן אומגעהייערן לאַנד אַן ענגלישע קאָלאָניע. דער הער טאַרקאָווסקי האָט זיך אָבער נישט געטיילט מיט דעמדאָזיקן חשד מיטן הער ראַווליסאָן, נישט וועלנדיק רייצן זיינע פּאַטריאָטישע געפילן.

צום סוף פון מיטאָג האָט זיך סטאַש אָנגעהויבן אויסצופרעגן, פאַר-וואָס די עגיפּטישע רעגירונג האָט צוגענומען אַלע לענדער, וואָס ליגן אויף דרום פון נוביען, און נעמלעך: קאָרדאָפאַן, דאַרפור און סודאַן אַזש ביז אַלבערט-ניאַנצאַ — און צוגענומען בײַ יענע איינוואוינער די פרייהייט. דער הער ראַווליסאָן האָט באַשלאָסן אים דאָס צו דערקלערן אויף אַזאַ אופן, אַז אַלץ, וואָס די עגיפּטישע רעגירונג טוט, טוט זי עס לויט דער פאַראָרדנונג פון ענגלאַנד, וועלכע האָט פונאַנדערגעשפּרייט איבער עגיפּטן איר פּראָטעקטאָראַט, אָבער אינדערזאמתן האָט זי רעגירט מיט איר, ווי ס׳איז איר געפעלן.

— די עגיפּטישע רעגירונג האָט דאָרט בײַ קיינעם די פרייהייט נישט צוגענומען — האָט ער געזאָגט — נאָר להפך, זי האָט זי הונדערטער טויזנטער, אָדער גאָר אפשר מיליאָנען מענטשן אומגעקערט. אין קאָרדאָפאַן, אין דאַרפור און אין סודאַן זענען לעצטנס נישט געווען קיין שום אומאָפּהענגיקע רעגירונגען. עפּעס דאָ און דאָרט האָט זיך יאָ אויפגעכאַפּט אַ קליינער הערשער, וועלכער האָט זיך צוגעפּסקנט די רעכט צו

געוויסע שטחים ערד און זיי צוגענומען מיט כּוח קעגן דעם ווילן פון
זייערע איינוואוינער. צו מיינסט אָבער זענען די קאַנטן באַוואוינט געווען
דורך אומאָפּהענגיקע שבטים פון אַראַבער־נעגערן, דאָס הייסט, דורך
מענטשן, וואָס פאַרמאָגן אין זיך בלוט פון דידאָזיקע ביידע ראַס. די־
דאָזיקע שבטים האָבן געלעבט אין כּסדרדיקע מלחמות צווישן זיך. זיי
זענען אויך זיך קעגנזייטיק אָנגעפאַלן און צוגענומען איינע בײַ די אַנ־
דערע די בהמות, פערד, קעמלען און קודם כּל די שקלאַפן. דערבײַ זע־
בען זיי באַגאַנגען איינע אויף די אַנדערע שרעקלעכע מערדערייען און
רציחות. אָבער גאָר צום ערגסטן זענען געווען די סוחרים, וואָס האָבן
זיך אַרויסגעלאָזט אויפן פאַנג פון העלפאַנט־ביין און שקלאַפן. זיי האָ ן
זיך געשאַפן ווי אַ באַזונדערער קלאַס מענטשן, צו וועלכער עס האָבן גע־
הערט כּמעט אַלע שבטים־הערשער און די רײַכערע סוחרים. דידאָזיקע
לייט פלעגן אָרגאַניזירן באַוואָפנטע אָנפאַלן אין דער טיף פון אַפריקע,
רויבנדיק אומעטום העלפאַנט־ביין און אויפכאַפּנדיק טויזנטער מענטשן:
מענער, פרויען און קינדער. דערבײַ האָבן זיי פאַרניכטעט גאַנצע דערפער
און ישובים, פאַרוויסט די פעלדער, טייכן בלוט פאַרגאָסן און אַלע, וואָס
האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, האָבן זיי אומבארחמנותדיק דערהרגעט. די
דרומדיקע קאַנטן פון סודאַן, דאַרפור און קאָרדאָפאַן, ווי אויך די לענ־
דער בײַם אייבערשטן נילוס, אַזש ביז גאָך די אָזערעס זענען אין טייל
געגנטן כּמעט פולשטענדיק אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן. אָבער די
אַראַבישע באַנדעס האָבן זיך וואָס אַמאָל נאָך טיפער אַרײַנגעלאָזט, אַזוי,
אַז גאַנץ מיטל־אַפריקע איז געוואָרן דאָס לאַנד פון טרערן און בלוט. אָט
דערפאַר טאַקע איז ענגלאַנד, וועלכע פאַרפאָלגט, ווי דיר איז גאַנץ גוט
באַוואוּסט, אויף דער גאַנצער וועלט די שקלאַפן־סוחרים, אײַנגעגאַנגען
דערויף, אַז די עגיפּטישע רעגירונג זאָל פאַרנעמען קאָרדאָפאַן, דאַרפור
און סודאַן. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מיטל, כּדי צו צווינגען די
דאָזיקע רויבער אַוועקצוּוואַרפן דעם מיאוסן מסחר און דאָס איינציקע מיטל
צו האַלטן זיי אין דער צוים. די אומגליקלעכע נעגערן האָבן פרייער אָפּ־
געעטעמט, די אָנפאַלן און רויבערייען האָבן אויפגעהערט, און די מענטשן
האָבן אָנגעהויבן לעבן אונטער אַ וועלכן ס'איז געזעץ. אָבער, ווי עס
ווייזט אויס, איז דאָסדאָזיקע עסק די סוחרים נישט געפעלן געוואָרן, דע־
ריבער ווען ס'האָט זיך צווישן זיי געפונען דערדאָזיקער מאָהאַמעד־אַכמעד,
וועלכער רופט זיך היינט אָן מאַהדי, און אָנגעהויבן אויסרופן אַ וועלט־
מלחמה, אונטערן מאַנטל מכּלומרשט, אַז דאָס אמתע גלויבן פון מאַהאָ־

מעטן גייט אונטער, האָבן זיך אַלע, ווי איין מענטש, אַ וואַרף געטון צום געווער. און אָט האָט זיך צעפלאַקערט אַ שרעקלעכע מלחמה, וועלכע איז לכל הפחות אין איצטיקן מאָמענט פאַר די עגיפּטיאַנער נישט גינסטיק. מאַהדי האָט אין אַלע שלאַכטן דערשלאָגן דאָס רעגירונגס־מיליטער, ר'האָט פאַרנומען קאָרדאָפאַן, דאַרפור און סודאַן. זיינע האָרדעס באַלאַגערן אין איצטיקן מאָמענט כאַרטום און פאַרטיפן זיך קיין צפון, אַזש ביז דער נובישער גרענעץ.

— און צי קענען זיי נישט אַמאָל צוגיין ביז עגיפּטן? — האָט סטאַש געפרעגט.

— ניין — האָט הער ראַווליסאָן געענטפערט. — וואָס אַן אמת, זאָגט מאַהדי צו, אַז ער וועט איינגעמען די גאַנצע וועלט, אָבער דאָס איז אַ ווילדער מענטש, וועלכער האָט נישט קיין שום השגה וועגן עפּעס. עגיפּטן וועט ער קיינמאָל נישט פאַרנעמען, וואָרן ענגלאַנד וואָלט דערצו נישט דערלאָזט.

— אויב אָבער דאָס עגיפּטישע מיליטער וועט פולשטענדיק פאַרטיליקט ווערן?

— דאַמאָלס וועט ערשט אַרויסטרעטן דאָס ענגלישע חיל, וועלכעס קיינער האָט נאָך קיינמאָל נישט באַזיגט.

— און פאַרוואָס האָט ענגלאַנד מאַהדין דערלאָזט צו פאַרנעמען אַזוי פיל לענדער?

— פונוואַנען ווייסטו, אַז זי האָט דערלאָזט — האָט הער ראַווליסאָן געענטפערט. — ענגלאַנד איילט זיך קיינמאָל נישט, וואָרן זי איז אייביק.

דעם ווייטערדיקן געשפּרעך האָט איבערגעריסן דער דינער, אַ נעגער, וועלכער האָט מודיע געווען, אַז ס'איז געקומען פאַטמאַ, סמיינס ווייב און בעט מ'זאָל זי אויסהערן.

די פרויען אויפן מזרח פאַרנעמען זיך כמעט אויסשליסלעך בלויז מיט די שטוב־ענינים און גייען אפילו זעלטן ווען אַרויס פון די האַרעמס. נאָר די אָרעמערע, וואָס גייען אַרויס אויפן מאַרק, אָדער אַרבעטן אין די פעלדער, אַזוי ווי עס טוען געוויינלעך די ווייבער פון די פעלאַכן, דאָס הייסט, פון די עגיפּטישע פויערן. אָבער אויך דידאָזיקע פאַרדעקן דעמאָלט זייערע פנימער. פונדעסטוועגן ווערט אין סודאַן, פונוואַנען פאַטמאַ שטאַמט, דערדאָזיקער מנהג נישט אַזוי שטאַרק אָפּגעהיטן און זי פלעגט ווען עס איז אַמאָל אַריינקומען אין ביוראָ פון הער ראַווליסאָן. דאָך האָט

איר איצטיק קומען, בפרט אין אַזאַ שפּעטער שעה און דערצו נאָך אין אַ פּריוואַטער שטוב אַריין, אַרויסגערופן אַ געוויסע פאַרוואונדערונג.

— דאָ וועלן מיר זיך דערוויסן עפּעס נייעס וועגן סמיינען — האָט דער טאַרקאָווסקי אויסגערופן.

— יאָ — האָט דער ראַווליסאָן געענטפערט, געבנדיק גלייכצייטיק אַ צייכן דעם דינער, אַז ער זאָל אַריינפירן פאַטמען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריינגעקומען אַ הויכע, יונגע סודאַנקע, מיט אַ פולשטענדיק אָפּגעדעקט פנים פון זייער אַ טונקעלן קאָליר מיט הערלעכע, כאָטש אפילו ווילדע און עטוואָס שרעקלעכע אויגן. אַריינקו־מענדיק, איז זי באַלד געפאַלן אויפן פנים, ווען דער הער ראַווליסאָן האָט זי געהייסן אויפשטיין, האָט זי זיך אויפגעהויבן, אָבער געבליבן זיצן קניענדיק.

— סידי, — האָט זי אויסגערופן — זאָל אַללאַ שיקן אַ ברכה אויף דיר, אויף דיינע קינדס קינדער, אויף דיין גאַנץ הויזגעזינט און אויף דיינע סטאַדעס !

— וואָס פאַרלאַנגסטו ? — האָט דער אינזשיניער זיך גע־פרעגט.

— רחמנות, רעטונג און הילף אין אַן אומגליק, אָ האַר ! אָט בין איך איינגעשלאָסן אין פּאָרט־סאַיד און עס הענגט אַ געפאַר איבער מיר און איבער מיינע קינדער.

— דו זאָגסט, אַז די ביסט איינגעשלאָסן, און אָט ביסטו דאָך דאָ אהערגעקומען, און דערצו נאָך באַנאַכט.

— אַהערגעבערענגט האָבן מיך די זאַבטיעס, וועלכע היטן מיין הויז באַטאָג און באַנאַכט און כ׳ווייס, אַז זיי האָבן אַ באַפעל מיר אין קורצן דעם קאָפּ אָפּצוהאַקן.

— רעד, ווי אַ פאַרשטאַנדיקע פרוי — האָט הער ראַווליסאָן, הייבנ־דיק מיט די אָרעמס, געענטפערט. — דו געפינסט דיך נישט אין סודאַן, נאָר אין עגיפּטן, וואו מען הרגעט קיינעם נישט אָן אַ געריכט, דעריבער קענסטו זיין גאַנץ זיכער, אַז ס׳וועט דיר און דיינע קינדער קיין האָר פון קאָפּ נישט אַראָפּפאַלן.

אָבער זי האָט אים אָנגעהויבן צו בעטן, אַז ער זאָל זיך באַכאַמאָל איינשטעלן פאַר איר באַ דער רעגירונג, און פאַר איר אויספּועלן אַ דער־לויבעניש אַרויסצופאָרן צו סמיינען : — „די ענגלענדער, וועלכע זענען

אַזוי גרויס, ווי דו, האַר, (האָט זי געזאָגט) קענען אַלץ באַוויזן. די רעגירונג אין קאַיראָ מיינט, אַז סמיין האָט פאַרראַטן, אָבער דאָס איז נישט אמת! עס זענען נעכטן בײַ מיר געווען אַראַבישע סוחרים, וועלכע זענען געקומען צו פאָרן פון סואַקים, און פאַר דעם מאָל האָבן זיי געהאַט געקויפט גומי און העלפאַנטביין אין סודאַן, האָבן זיי מיר מודיע געווען, אַז סמיין ליגט קראַנק אין עלפאַשער און ער רופט מיך אַרויס צוזאַמען מיט די קינדער צו זיך, כּדי זיי צו געבן זיין ברכה..."

— דאָס אַלדינג האָסטו דיר אַליין אויסגעטראַכט, פאַטמאַ — האָט איר הער ראַוולינסאָן איבערגעריסן.

אָבער זי האָט זיך אָנגעהויבן צו שווערן בײַ אַללאַן, אַז זי זאָגט אמת און דערנאָך האָט זי צוגעגעבן, אַז אויב סמיין וועט געזונט ווערן — וועט זי אָן שום ספק אויסלייזן אַלע קריסטלעכע געפאַנגענע, אויב אָבער ער וועט שטאַרבן, וועט זי, אַלס אַ קרובה פון דעם אָנפירער פון די דערווישן, לייכט קענען געפינען אַ צוטריט צו אים און זי וועט אויספועלן, וואָס זי וועט נאָר וועלן. זאָל מען איר נאָר דערלויבן צו פאָרן, וואָרן איר האַרץ און די ברוסטן שרייען פון בענקשאַפט צום מאַן. מיט וואָס האָט זי זיך, אומגליקלעכע נקבה, פאַרשולדיקט פאַר דער רעגירונג און פאַרן כעדיוו? צי איז דאָס איר שולד און צי קען זי זיין פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, וואָס זי האָט דאָס אומגליק צו זיין אַ קרובהטע פון דערוויש מאַהאָמעד-אַכמעדן?

פאַטמאַ האָט נישט געוואַגט אין דער אָנוועזנהייט פון „ענגלענדער" אָנצורופן איר קרוב מאַהדי, ווייל דאָס באַדייט: דער וועלט-אויסלייזער — וואָרן זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די עגיפּטישע רעגירונג האַלט אים פאַר אַן אונטערהעצער און פאַר אַ שווינדלער. אָבער בוקנדיק זיך כּסדר און אַרויסרופנדיק דעם הימל אַלס עדות פון איר אומשולדיקייט און ביטערן מזל, האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען און גלייכצייטיק צו היילן אַזוי יעמערלעך, ווי עס טוען דאָס די פרויען אויפן מזרח נאָכן פאַרלירן זייערע מענער אָדער זין. דערנאָך איז זי ווידער אַ פאַל געטון מיטן פּנים צו דער ערד, אָדער בעסער געזאָגט, אויפן טעפּיך, מיט וועלכן די פּאָדלאָגע איז געווען איבערגעדעקט — און אין שטילשוויגן געוואַרט.

נעל, וועלכער ס׳האָט זיך נאָך מיטאָג אַ ביסל געשלעפערט, איז איצט פולשטענדיק וואַך געוואָרן, און האָבנדיק אַן ערלעך הערצל, האָט זי אָנגעכאַפּט דעם פאָטערס האַנט און קושנדיק זי אָן אויפהער, אָנגעהויבן בעטן פאַר פאַטמען:

— זאָל איר דער טאַטעשי העלפן! — זאָל ער איר העלפן!

פאַטמאַ, וועלכע האָט, משמעות, פאַרשטאַנען ענגליש, האָט מיט אַ כליפּען זיך אָנגערופן, נישט אָפּרייסנדיק דאָס פּנים פון דעם טעפּיך:

— זאָל דיך אַללאַ בענטשן, גן-עדן-בלימעלע, געטלעכע פרייד, אומבאַפלעקט שטערנדל!

הגם סטאַש איז אין האַרץ געווען זייער פאַרביסן אויף די מאַהדיסטן, האָבן אים פונדעסטוועגן פאַטמאַס געבעטן און ווייטיק אויך גערירט. דערצו האָט זיך נאָך נעל פאַר איר אָנגענומען, און ער האָט סוף כל סוף שטענדיק באַגערט דאָס, וואָס נעל האָט באַגערט, — דעריבער האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אַרום אָנגערופן, מכלומרשט ווי צו זיך אַליין, אָבער אַזוי, אַז אַלע זאָלן אים הערן.

— ווען איך וואָלט געווען די רעגירונג, וואָלט איך פאַטמאַן דערלויבט צו פאָרן.

— נאָר ווײַל דו ביסט נישט קיין רעגירונג — האָט אים הער טאַרקאָווסקי געענטפערט — וועסטו בעסער מאַכן, אַז דו זאָלסט דיך נישט אַרײַנמישן אין קיין עסקים, וואָס געהערן נישט צו דיר.

דער הער ראַווליסאָן האָט אויך געהאַט אַ דערבאַרמדיק האַרץ און מיטגעפילט מיט פאַטמאַס לאַגע, אָבער אַ סך פון אירע רייד האָבן זיך אים אויסגעוויזן פאַר אַ פשוטע ליגנט. האָבנדיק כמעט אַלע טאָג פאַרשידענע עסקים מיט דער צאָל-קאַמער אין איזמאַיל, האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז עס זענען לעצטנס נישט דורכגעגאַנגען קיין שום פרישע לאַדונגען פון גומי, נישט פון קיין העלפאַנטביין דורכן קאַנאַל. דער מסחר מיט דידאָזיקע סחורות האָט כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט. אַראַבישע סוחרים האָבן זיך אויך נישט געקענט האָבן אומגעקערט פון דער שטאָט על-פּאַשער, וואָס ליגט אין סודאַן, וואָרן די מאַהדיסטן האָבן פון מתחילת אָן בכלל צו זיך נישט אַרײַנגעלאָזט קיין סוחרים, און די, וועלכע זיי האָבן געקאָנט כאַפּן, האָבן זיי באַרויבט און פאַרהאַלטן אין געפאַנגענשאַפט. דאָס איז אויך געווען כמעט אַ זיכערע זאַך, אַז די גאַנצע מעשה וועגן סמיינס שלאַפקייט הייבט זיך גאָרנישט אָן.

נאָר ווײַל נעלס אייגעלעך האָבן כסדר מיט געבעט געקוקט אויפן טאַטעשי, דעריבער האָט ער, נישט וועלנדיק אָנטון דעם מיידעלע קיין עגמת-נפש, אין אַ ווײַלע אַרום זיך אָנגערופן צו פאַטמאַן:

— פאַטמאַ, כ'האָב שוין איינמאָל געשריבן צו דער רעגירונג וועגן

דיין בקשה, אָבער אָן שום דערפאָלג. און איצט הערך אויס. אָט מיט דעמדאָזיקן מעהענדעס (אינזשיניער), וועלכן דו זעסט דאָ, פאַר איך מאָרגן אַרויס קיין מעדינעט־על־פאַיום; אויפן וועג וועלן מיר אויף איין טאָג אָפּשטעטן אין קאַירע, ווייל דער כעדיוו וויל מיט אונז איבערשמועסן וועגן די קאַנאַלן, וואָס ווערן דורכגעפירט פון באַר־יוסעף און וואָס שייך דעמדאָזיקן, דאַרף ער אונז געבן פאַרשידענע פאַראָרדנונגען. אין דער צייט פון געשפּרעך, וועל איך מיך באַמיען פאָרצושטעלן אים דיין ענין און אויספועלן פון אים אַ חסד פאַר דיר. אָבער מער טון פאַר דיר קאָן איך נישט און כ׳זאָג דיר נישט צו.

פאַטמאַ האָט זיך אויפגעשטעלט, און אויסציענדיק ביידע הענט אַלס סימן פון דאַנקבאַרקייט, האָט זי אויסגערופן:

— הייסט עס, אַז כ׳בין געראַטעוועט!

— ניין, פאַטמאַ, — האָט הער ראַווליסאָן געענטפערט — רעד נישט וועגן קיין רעטונג, וואָרן כ׳האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט, אַז עס דראָעט אייך נישט קיין טויט, נישט דיר און נישט דיינע קינדער. צי דער כעדיוו אָבער וועט דערלויבן אויף דיין אַרויספאָרן, האָפט איך נישט, וואָרן סמיין איז נישט קראַנק, נאָר ער איז אַ פאַררעטער, וועלכער האָט, פאַרכאַפּנדיק רעגירונגס־געלטער, נישט אָנגעהויבן לגמרי צו טראַכטן וועגן אויסלייזן די געפאַנגענע פון מאַהאָמעד־אַכמעדן.

— סמיין איז אומשולדיק, האַר, און ער ליגט אין על־פאַשער, — האָט פאַטמאַ איבערגעחזרט — און ווען ער זאָל אפילו האָבן באַגנבעט די רעגירונג, שווער איך פאַר דיר, פאַר מיין בעל־טובה, אַז, אויב מ׳וועט מיר דערלויבן אַרויסצופאָרן, וועל איך אַזוי לאַנג בעטן מאַהאָמעד־אַכמעדן, כל־זמן כ׳וועל נישט אָפּבעטן באַ אים אייערע געפאַנגענע.

— נו, גוט. כ׳זאָג דיר נאָכאַמאָל צו, אַז כ׳וועל מיך איינשטעלן פאַר דיר באַם כעדיוו.

פאַטמאַ האָט זיך אָנגעהויבן צו בוקן.

— אַ דאַנק דיר, סידי! נישט נאָר דו ביסט מעכטיק, נאָר אויך יושרדיק. און איצט בעט איך דיך נאָך עפּעס, זאָלסט אונז דערלויבן דיך צו דינען ווי די שקלאַפן.

— אין עגיפּטן קאָן קיינער נישט זיין קיין שקלאַף — האָט הער ראַווליסאָן אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל. — כ׳האָב גענוג דינער, און פון דיין דינסטגרייטקייט קאָן איך נישט געניסן אויך דערפאַר, וואָרן, ווי

כ׳האָב דיר שוין געזאָגט, פֿאַרן מיר אַלע אַרויס קיין מעדינעט און ס׳קאָן זיין, אַז מיר וועלן דאָרט פֿאַרבלייבן ביז ראַמאַדאַן.

— כ׳ווייס, האַר, וואָרן דאָס האָט מיר געזאָגט דער פֿאַרוואַלטער טשאַדיגי. איך בין אָבער, דערוויסנדיק זיך פֿון דעם, נישט נאָר געקומען דיך בעטן וועגן הילף, נאָר, כדי דיר אויך צו זאָגן, אַז מיינע צוויי קרובים פֿון שבט דאַנגאַלן, אידריס און געבהר, זענען קעמלען-טרייבער אין מעדינעט און זיי וועלן זיך דאָרטן בוקן פֿאַר דיר, ווען דו וועסט דאָרט אַהין אָנקומען, איבערגעבנדיק זיך און זייערע קעמלען צו דיין באַפֿעל.

— גוט, גוט, — האָט דער דירעקטאָר געענטפֿערט — אָבער דאָס געהער זיך גאָר אָן צו קוקס קאָמפּאַניע, ס׳איז נישט מיין עסק.

אַ קוש טוענדיק אין די הענט פֿון ביידע אינזשיניערן און פֿון די קינדער, איז פֿאַטמאַ אַרויסגעגאַנגען, דאַנקנדיק באַזונדער נעלן. ביידע הערן האָבן אַ ווײַלע שטילגעשוויגן, דערנאָך האָט הער ראַווליסאָן אויסגערופֿן:

— אַן אָרעמע פֿרוי... אָבער זי זאָגט ליגנט אַזוי, ווי ס׳איז נאָר מעגלעך אויפֿן מזרח ליגנט צו זאָגן — און אַפֿילו אין דידאַזיקע דאַנק-אויסדרוקן קלינגט אַ פֿאַלשער טאָן.

— אָן שום ספֿק, — האָט הער טאַרקאָווסקי געענטפֿערט — אָבער וואָס אַן אמת, איז צי סמיין האָט יאָ פֿאַרראַטן, צי נישט פֿאַרראַטן, האָט די רעגירונג נישט קיין רעכט זי צו פֿאַרהאַלטן אין עגיפּטן, וואָרן זי קען דאָך נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך זיין פֿאַרן מאַן.

— די רעגירונג דערלויבט איצט נישט קיינעמען פֿון די סודאַנער אַרויסצופֿאָרן אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש קיין סואַקים און קיין נוביען, איז דעריבער דערדאָזיקער פֿאַרבאָט נישט נוגע בלויז פֿאַטמאַן. אין עגיפּטן געפֿינען זיי זיך אַ סך, וואָרן זיי קומען דאָ אַהער אויפֿן פֿאַרדינסט, און צווישן זיי איז פֿאַרהאַן אַ געוויסע צאָל, וועלכע געהערן צום שבט פֿון די דאַנגאַלן, דאָס הייסט צו דעם, פֿון וועלכן עס שטאַמט מאַהדי. אָט למשל געהערן צו אים, אַ חוץ פֿאַטמאַן, אויך שאַדיגי און יענע צוויי קעמל-טרייבער פֿון מעדינעט. די מאַהדיסטן רופֿן אָן עגיפּטיאַנער טערקן און פֿירן מיט זיי מלחמה, אָבער אויך צווישן די היגע אַראַבער וואָלטן זיך געפֿונען אַ שפּאָר ביסל אָנהענגער פֿון מאַהדין, וועלכע וואָלטן גערן צו אים אַנטלאָפֿן. צו דידאָזיקע דאַרף מען פֿאַררעכענען אַלע כאַנאַטיקער, אַלע אַמאָליקע אָנהענגער פֿון אַראַבישן פּאַשאַ און אויך אַ סך פֿון דער

אַרעמסטער קלאַס. זיי נעמען פאַר אומגוט דאָס, וואָס די רעגירונג האָט זיך איינגעאַנצן אונטערגעגעבן די ענגלישע איינפלוסן און זיי באַהויפּטן, אַז דערפון ליידט אַ סך די רעליגיע. איין גאָט ווייסט, וויפיל ס׳זענען שוין אַנטלאָפן דורך דער מדבר, אויסמיידנדיק דעם געוויינלעכן וועג מיטן ים קיין סואַקים, דעריבער האָט די רעגירונג, געוואויר ווערנדיק, אַז אויך פאַטמאַ פאַרנעמט זיך צו אַנטלויפן, באַפוילן זי צו היטן. וואָרן באַר פאַר איר און פאַר אירע קינדער, אַלס פאַר קרובים פון מאַהדין אַליין, וועט מען אפשר קענען אַרויסקריגן די געפאַנגענע.

— צי איז טאַקע אמת, אַז די נידעריקע קלאַסן אין עגיפּטן זענען אַנהענגער פון מאַהדין?

— מאַהדי האָט אַנהענגער אפילו אין מיליטער, וועלכע שלאָגן זיך, קען זיין, דערפאַר אַזוי שלעכט.

— אָבער אויף וואָס פאַר אַן אופן קענען די סודאַנער אַנטלויפן דורך דער מדבר? ס׳איז דאָך טויזנטער מיילן!

— און פונדעסטוועגן האָט מען דאָך מיט דעם וועג געבערענגט שקלאַפן קיין עגיפּטן.

— איך מיין, אַז פאַטמאַס קינדער וואָלטן נישט אויסגעהאַלטן אַזאַ רייזע.

— דעריבער וויל זי זיך טאַקע פאַרקירצן און פאָרן מיטן ים קיין סואַקים.

— יעדנפאַלס — אַן אָרעמע פרוי נעבעך...

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס געשפּרעך.

און מיט צוועלף שעה שפּעטער האָט זיך „די אָרעמע פרוי" פאַרזיכטיק אָפּגעשלאָסן אין שטוב מיטן פאַרוואַלטער טשאַדיגיס זון, און מיט געקנייטשטע ברעמען און מיט אַ פינצטערן בליק פון אירע שיינע אויגן אים איינגערוימט:

— כאַמיס, זון פון טשאַדיגי, אַט האָסטו געלט. וועסט נאָך היינט אַוועקפאָרן קיין מעדינעט און וועסט אָפּגעבן אידריסן דעמדאָזיקן בריוו, וועלכן ס׳האָט אויף מיין בקשה אָנגעשריבן צו אים דער הייליקער דערוויש בעלאַלי... די קינדער פון דידאָזיקע מעהענדעסן זענען טאַקע גוטע, אָבער אויב איך וועל נישט באַקומען קיין דערלויבניש אויף אַרויסצופאָרן, איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה. כ׳ווייס, דו וועסט מיך נישט פאַרראַטן... געדענק, אַז דו און דיין פאָטער געהערן אויך צום שבט

פון די דאַנגאַלן, צווישן וועלכע עס איז געבוירן געוואָרן דעם גרויסער מאַהדי.

## III.

ביידע אינזשיניערן זענען צוזאַמענגעגאַנגען אויף באַנאַכט אַרויסגעפאָרן קיין קאַיראָ, וואו זיי האָבן געזאָלט באַזוכן דעם ענגלישן רעזידענט און זיין אויף אַ פאַרהער באַם וויצע־קעניג. סטאַש האָט אויסגערעכנט, אַז דאָס קאָן באַ זיי פאַרנעמען צוויי טאָג און ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיינע אויסרעכנונגען זענען געווען טרעפלעכע, וואָרן אויפן דריטן טאָג אין אָוונט האָט ער דערהאַלטן פון פאָטער, שוין פון מעדינעט, די פאָלגענדע דעפעשע: „די געצעלטן זענען פאַרטיק. איר האָט אַרויסצופאָרן מיטן מאָמענט, ווען עס וועלן זיך אָנהייבן דיינע וואַקאַציעס. פאַטמאַן גיב צו וויסן דורך טשאַדיגין, אַז מיר האָבן גאָרנישט געקענט פאַר איר אויפטון. . .” אַן ענלעכע דעפעשע האָט אויך דערהאַלטן די פריילין אַליוויער, וועלכע האָט זיך טאַקע באַלד אָנגעהויבן, מיט דער הילף פון דער נעגערין דינה, צוצוגרייטן צו דער רייזע.

בלויז דאָס צוזעץ פון דעמדאָזיקן האָט דערפרייט די קינדערישע הערצער. אָבער פלוצלינג איז געשען אַ צופאַל, וועלכער האָט צעפלאָנטערט אַלע פאָרויסזעונגען און האָט געקאָנט אפילו אינגאַנצן אויפהאַלטן די רייזע. און אָט וואָס: אין דעם זעלבן טאָג, אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעהויבן סטאַשס ווינטער־וואַקאַציעס, און ערב דעם אַרויספאָרן, האָט דער פריילין אַליוויער, בשעת זי האָט נאָכמיטאָג געכאַפּט אַ דרימל אין גאָרטן, אַ ביס געטון אַ סקאָרפּיאָן. דידאָזיקע גיפּטיקע באַשעפענישן זענען נישט אין עגיפּטן אַזוי זייער געפערלעך, נאָר דאָס מאָל אָבער האָט דער שטאָך מיט אַן אויסנאַם געקאָנט ווערן שטערבלעך. דער סקאָרפּיאָן איז געקראָכן אויף דער אייבערשטער טייל אָנלען פון דער לייוונטענער שטול און אַ שטאָך געטון דער פריילין אַליוויער אין האַלז אַריין, אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט אים צוגעדריקט מיטן קאָפּ. און ווייל זי האָט פאַר דעם מאָל געליטן פון אַ רויז אויפן פנים, האָט מען מורא געהאַט, אַז דידאָזיקע קרענק זאָל זיך נישט אַמאָל איבערחזרן. מען האָט תיכף גערופן אַ

רופא, וועלכער איז אָבער ערשט געקומען אין צוויי שעה אַרום, ווייל ער איז געווען ערגעץ אַנדערש פאַרנומען. דער האַלז, און אפילו דאָס פּנים, זענען שוין געווען אָנגעשוואָלן, דערנאָך האָט זי געקריגן היץ מיט די געוויינלעכע סימפּטאָמען פון פאַרגיפטונג. דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן שוין קיין רייד נישט זיין וועגן אַרויספאָרן — און ער האָט געהייסן די קראַנקע זיך אַריינלייגן אין בעט — צוליב דעם פאַל האָט די קינדער געדראַט פאַרברענגען די ווינאַכטחגאות אינדערהיים. מ׳דאַרף עס צושרייבן צו נעלס גוטסהאַרציקייט, אַז אין די ערשטע מאָמענטן האָט זי מער געטראַכט וועגן די ליידן פון איר לערערין, ווי וועגן די אָנגעוואוירענע פאַרגעניגנס אין מעדינעט. זי האָט זיך נאָר אויסגעווייגט אין אַ ווינקל באַם געדאַנק, אַז זי וועט נישט קענען זען דעם פאָטער, נאָר ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום. סטאַש האָט דעמדאָזיקן צופאַל נישט אויפגענומען מיט דער זעלבער רעזיגנאַציע און ער האָט קודם כּל אַרויסגעשיקט אַ דעפּעשע, און דערנאָך אַ בריוו מיט אַן אָנפראַגע, וואָס זיי האָבן צו טון. ענטפער איז ערשט אָנגעקומען אין צוויי טעג אַרום. הער ראַוולינסאָן האָט זיך פריער פאַרשטענדיקט מיטן דאָקטאָר, און דערוויסנדיק זיך פון אים, אַז די ערשטע געפאַר איז אַריבער און נאָר אויס מורא, אַז די רויז זאָל זיך נישט באַנייען דערלויבט ער נישט דער פריילין אָליוויער אַרויסצופאָרן פון פאָרט־סאַיד, האָט ער קודם כּל באַזאָרגט, אַז עס זאָל ווער אויף איר אַכטונג געבן און זיך פאַרנעמען מיט איר, און דערנאָך ערשט האָט ער איבערגעשיקט די קינדער אַ דערלויבניש אַרויסצופאָרן צוזאַמען מיט דינהן. און ווייל דינה וואָלט זיך נישט געקאָנט, טראָץ איר גאַנצער צוגעבינדנקייט צו נעלן, קיין עצה געבן אויף די באַנען און אין די האָטעלן, דעריבער האָט סטאַש געזאָלט זיין דער פירער און קאַסע־האַלטער אויף דער צייט פון דער רייזע. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, ווי שטאָלץ ער איז געווען פון דערדאָזיקער ראָלע און מיט וואָס פאַר אַ מוט ער האָט מבטיח געווען דער קליינער נעל, אַז עס וועט איר קיין האָר פון קאָפּ נישט אַראָפּפאַלן, גלייך ווי דער וועג פון קאַירא ביז מעדינעט וואָלט באמת מיט זיך פאָרגעשטעלט גרויסע שוועריקייטן אָדער געפאַרן.

אַלע צוגרייטונגען זענען נאָך פון פריער געווען פאַרענדיקט, דעריבער זענען די קינדער אַרויסגעפאָרן נאָך דעם זעלבן טאָג מיטן קאַנאַל קיין איזמאַיל, און פון איזמאַיל מיט דער באַן קיין קאַירא, וואו זיי האָבן געזאָלט איבערנעכטיקן און צומאָרגנס האָבן זיי געזאָלט פאָרן קיין מעדי-

נעט. פאַרלאָזנדיק איזמאַיל, האָבן זיי געזען די אָזערע טימסאַה, וועלכע סטאַש האָט נאָך פון פריער געקאָנט, וואָרן דער הער טאַרקאָווסקי, זייענ-דיק אין דער פרייער צייט אַ פאַרברענטער יעגער, פלעגט אים טיילמאָל דאָרט אַהין מיטנעמען צו דער יאַגד אויף וואַסער-פייגל. דערנאָך איז דער וועג געגאַנגען לענגויס וואַדי-טומיליאַט, האַרט באַם קאַנאַל פון זיס וואַסער, וואָס האָט זיך געצויגן פון נילוס קיין איזמאַיל און סועץ. דעמדאָזיקן קאַ-נאַל האָט מען דורכגעגראָבן נאָך פריער פאַרן סועץ-קאַנאַל, וואָרן אַנ-דערש וואָלטן די אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט איבערן גרויסן ווערק פון לעסעפסן, אינגאַנצן נישט געהאַט קיין וואַסער, וואָס זאָל טויגן צום טרינקען. אָבער דאָס אויסגראָבן פון דעמדאָזיקן קאַנאַל האָט געהאַט נאָך אַ גינסטיקע מעלה. דאָס שטיק לאַנד, וואָס איז פריער געווען אַ וויסטע מדבר, האָט אויפסניי אויפגעבליט, ווען עס איז דורכגעגאַנגען דורך דעם דער ריזיקער און דערנערנדער שטראָם פון זיס וואַסער. די קינדער האָבן גע-קאָנט באַמערקן אויף דער לינקער זייט דורך די פענצטער פון די וואַגאָ-נעס אַ ברייטן פאַס מיט גרינקייט, וואָס איז באַשטאַנען פון לאָנקעס, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפּאַשעט פערד, קעמלען און שעפּסן — און פון באַאַרבעטע פעלדער, וואָס האָבן געשימערט מיט קוקוריזע, פּראָסע, אַל-פאַלפע און מיט אַנדערע מיני פּאַשע-געוויקסן. אויפן ברעג פון קאַנאַל האָט מען געזען פאַרשידענע מינים ברונעמס, אין דער פאָרם פון גרויסע רעדער, וואָס זענען געווען פאַרזען מיט עמערס, אָדער אין דער פאָרם פון געוויינלעכע דרענגער, מיט וועלכע מען שעפּט וואַסער, וועלכעס די פעלאַכן האָבן אַרבעטזאַם פונאַנדערגעפירט איבער די בייטן, אָדער גע-פירט אין פעסער אויף וועגעלעך, וואָס בופלאָקסן האָבן געשלעפּט. איבער די גרינע תבואה-גראָזן האָבן אַרומגעשוועבט טויבן, און טיילמאָל האָבן זיך גאַנצע סטאַדעס שפּערלען אַ צעפּלי געגעבן. באַ די ברעגן פון קאַנאַל האָבן זיך בנעימות באַטשאַנעס און לאַבאָנדזשן אַרומגעשפּאַצירט. פונדער-ווייטנס האָבן זיך, איבער די ליימערנע כאַטעס פון די פעלאַכן, אויפגע-הויבן, ווי פעדערבושן, די קרוינען פון די דאַקטילן-פּאַלמעס.

פאַרדעם האָט זיך אויף צפון-זייט פון דער באַן-ליניע געצויגן אַן אמתע מדבר, אָבער וועלכע איז נישט געווען ענלעך צו דערדאָזיקער, וואָס איז געלעגן אויף דער צווייטער זייט פון סועץ-קאַנאַל. יענע האָט אויסגעזען, ווי אַ גלייכע ים-דנאָ, פון וועלכער דאָס וואַסער איז אַנטלאָפן און ס'איז נאָר איבערגעבליבן, אַ געפּאַלדעוועטער זאַמד, דאָ אָבער איז דאָס זאַמד געווען אַ סך געלער, אָנגעשיט ווי גרויסע בערגלעך, באַדעקט

אויף די זייטן מיט קעמפעס פון אַ גרויער געוויקס. צווישן דידאָזיקע בּ[illegible]לעך, וועלכע זענען ערטערווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף הויכע געבּירג, זענען געלעגן רחבותדיקע טאָלן, איבּער וועלכע מ'האָט פון צייט צו צייט געזען דורכגייענדיקע קאַראַוואַנען.

פון די וואַגאָנען־פענצטער האָבּן די קינדער געקענט זען די אָנגעלאָדענע קעמלען, וועלכע זענען געגאַנגען אין אַ לאַנגער רייע, איינס נאָך ס'אַנדערע איבער די זאַמדיקע שטחים. פאַר יעדן קעמל איז געגאַנגען אַן אַראַבּער אין אַ שוואַרץ מאַנטל אָנגעטון און מיט אַ ווייסן טורבּאַן אַרום קאָפּ. דער קלײנער נעל זענען אויפגעשוואומען אין זכּרון בּילדלעך פון דער בּיבּל, וואָס זי האָט בּאַקוקט אינדערהיים, וועלכע שטעלן פאָר, ווי די בּני־ישראל גייען אַריין קיין עגיפּטן פאַר די צייטן פון יוספן. זיי האָבּן פונקט אַזוי אויסגעזען. צום אומגליק האָט זי זיך נישט געקענט גוט צוקוקן צו די קאַראַוואַנען, ווייל לעבּן די פענצטער פון דער זייט וואַגאָן זענען געזעסן צוויי ענגלישע אָפיצירן און האָבּן איר פאַרשטעלט דעם לאַנדשאַפט.

אָבּער קוים האָט זי עס געזאָגט סטאַשן, האָט ער זיך געווענדט מיט זייער אַן ערנסטער מינע צו די אָפיצירן און אויסגערופן, צולייגנדיק אַ פינגער צום קאָפּעלוש:

— דזשענטלמענער, צי וואָלט איר נישט אַזוי גוט געווען און געמאַכט אַן אָרט פאַר דערדאָזיקער קליינער מיס, וועלכע וויל זייער שטאַרק זיך צוקוקן צו די קעמלען?

בּיידע אָפיצירן האָבּן מיט דער זעלבּער ערנסטער מינע אָנגענומען דעם פאָרשלאַג און איינע פון זיי האָט נישט נאָר אָפּגעטרעטן דאָס אָרט דער נייגיריקער מיס, נאָר ער האָט זי נאָך אונטערגעהויבּן און אַרויפגעשטעלט אויפן זיץ־פּלאַץ לעבּן פענצטער.

און סטאַש האָט אָנגעהויבּן צו דערקלערן:

— דאָס איז דאָס אַלטע לאַנד גושן, וואָס פּרעה האָט עס אָפּגעגעבּן יוספן פאַר זיינע בּרידער, די בּני ישראל. אַמאָל, נאָך אין די אַלטע צייטן איז דאָ דורכגעגאַנגען אַ קאַנאַל מיט זיס וואַסער, אַזוי, אַז דערדאָזיקער בּייער איז נאָר אַן איבּעראַרבּעטונג פון אַלטן. אָבּער שפּעטער איז ער חרוב געוואָרן און דאָס לאַנד איז געוואָרן וויסט. אַצינד הייבּט די ערד צוריק אָן צו זיין פּרוכטבּאַר.

— פונוואַנען איז דאָס דעם דזשענטלמען אַזוי בּאַוואוסט? — האָט איינער פון די אָפיצירן געפרעגט.

— אין מיינע יאָרן ווייסט מען שוין אַזעלכע זאַכן, — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט — און אַ חוץ דעם האָט ערשט נישט לאַנג דער פּראָפע־סאָר סטערלינג געהאַלטן אַ לעקציע וועגן וואַדי־טומיליאַט.

הגם סטאַש האָט זייער פליסיק גערעדט ענגליש, פונדעסטוועגן האָט זיין עטוואָס פאַרענדערלעכער אַקצענט צוגעצויגן די אויפמערקאַמקייט פון דעם אַנדערן אָפיציר, וועלכער האָט געפרעגט:

— צי איז דער קליינער דזשענטעלמען נישט קיין ענגלענ־דער?

— קליין איז די מיס נעל, איבער וועלכער דער פאָטער אירער האָט מיך געמאַכט פאַר איר אַפּטרופּוס אויפן וועג, און איך בין נישט קיין ענגלענדער, נאָר אַ פּאָליאַק און אַ זון פון אַן אינזשיניער באַם קאַנאַל.

דער אָפיציר האָט אַ שמייכל געטון, הערנדיק דעם ענטפער פון עזותדיקן בחור׳ל און אויסגערופן:

— איך האַלט זייער פון די פּאָליאַקן. איך געהער צו דעם קאוואַ־לעריע־פּולק, וועלכע האָט זיך אין די צייטן פון נאַפּאָלעאָנען עטלעכע מאָל געשלאָגן מיט די פּוילישע אולאַנער און דידאָזיקע טראַדיציע ווערט ביזן היינטיקן טאָג באַטראַכט אַלס זיין רום און ערע.

— ס׳איז מיר זייער אָנגענעם אייך צו דערקענען — האָט סטאַש געענטפערט.

און דאָס געשפּרעך האָט ווייטער אָנגעהאַלטן, וואָרן די אָפיצירן האָבן זיך, משמעות, גאַנץ גוט געוויילט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי־דע פאָרן זיי אויך פון פּאָרט־סאַיד קיין קאַירא, כדי צו זעען זיך מיטן ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, ווי אויך נאָך לעצטע אינסטרוקציעס, אין שייכות מיט דער לאַנגער רייזע, וואָס האָט זיי אין קורצן דערוואַרט. דער יונ־גערער פון זיי איז געווען אַ מיליטער־דאָקטאָר, דער ווידער, וועלכער האָט אייגעטענהט מיט סטאַשן, קאַפּיטאַן גלען, האָט געזאָלט לויט דער פאַראָרדנונג פון זיין רעגירונג פאָרן פון קאַירא דורכן סועץ קיין מאָמ־באַסאַ און איבערנעמען אין זיין ממשלה דעם גאַנצן קאַנט, וואָס ליגט לעבן דאָזיקן פּאָרט, און וועלכער ציט זיך אַזש ביז דעם אומבאַקאַנטן לאַנד פון סאַמבור. סטאַש, וועלכער פלעגט מיט גרויס ליבע לייענען ריי־זע־באַשרייבונגען איבער אַפריקע, האָט געוואוסט, אַז מאָמבאַסאַ ליגט אויף עטלעכע גראַד נאָכן עקוואַטאָר און אַז דידאָזיקע לענדער, וועלכע ליגן אַרום, הגם זיי זענען שוין פאַררעכנט צו דער ספערע

פון די ענגלישע אינטערעסן, זענען נאָך באמת וויניק באַקאַנט, זיי זענען פולשטענדיק ווילד, פול מיט העלפאַנטן, זשוראַפן, באַזהערנער, בופלאָקסן און כלערליי אַנטילאָפן, מיט וועלכע פאַרשידענע עקספּעדיציעס, סיי מיליטערישע, סיי מיסיאָנערישע, סיי סוחרישע טרעפן זיך שטענדיק. ער האָט טאַקע מיטן גאַנצן האַרץ מקנא געווען דעם קאַפּיטאַן גלען און ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער מוז אים באַזוכן אין מאָמבאַסאַ און גיין מיט אים צוזאַמען אויף יאַגד אויף לייבן אָדער בופלאָקסן.

— גוט, אָבער איך בעט מיר אָפּצושטאַטן אַ וויזיט צוזאַמען מיט דערדאָזיקער קליינער מיס — האָט דער קאַפּיטאַן גלען שמייכלענדיק אָפּגעענטפערט און אָנווייזנדיק אויף נעלן, וועלכע איז אין דעם זעלבן מאָמענט אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער און זיך לעבן אים אַנידערגעזעצט.

— די מיס ראַווליסאָן האָט אַ טאַטן, — האָט סטאַש געענטפערט — און איך בין נאָר אונטערוועגנס איר אפטרופּסות.

דערויף האָט זיך דער צווייטער אָפיציר אומגעדרייט און אין איילעניש אַ פרעג געטון:

— ראַווליסאָן? — צי איז דאָס נישט אַמאָל איינער פון די דירעקטאָרן באַם קאַנאַל און דער, וועלכער ס׳האָט אַ ברודער אין באָמביי?

— אין באָמביי וואוינט מיין פעטערשי — האָט נעל געענטפערט, אויפהייבנדיק אינדערהייך אַ פינגערל.

— אַלזאָ איז דיין פעטער, מיין טייערע, פאַרהייראַט מיט מיינס אַ שוועסטער. איך הייס קלאַרי. מיר זענען קרובים און כ׳בין באמת צופרידן, וואָס כ׳האָב דיך באַגעגנט און דערקענט, קליין, טייער פייגעלע.

און דער דאָקטאָר איז באמת געווען צופרידן. ער האָט אפילו דערציילט, אַז ווי נאָר ער איז אָנגעקומען קיין פאָרט-סאַיד האָט ער זיך געפרעגט אויפן הער ראַווליסאָן, אָבער אין די דירעקציע-ביוראָס האָט מען אים געזאָגט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן אויף די חגאות. ער האָט זייער באַדויערט אויך, וואָס דער דאַמפער, מיט וועלכן ער דאַרף פאָרן צוזאַמען מיט גלענען קיין מאָמבאַסאַ, גייט אָפּ פון סועץ שוין אין עטלעכע טעג אַרום, צוליב וועלכן ער וועט זיך נישט קענען בשום אופן אַראָפּכאַפּן קיין מעדינעט.

ער האָט נאָר געהייסן נעלן גריסן דעם פאָטער און איר צוגעזאָגט

צו שרייבן פון מאָמבאַסאַ. ביידע אָפיצירן האָבן זיך איצט צומיינסט פונאַנדערגעשמועסט מיט נעלן, אַזוי, אַז סטאַש איז איבערגעבליבן אַ ביסל אָן אַ זייט. פאַר דאָס האָבן זיך אויף אַלע סטאַציעס באַוויזן גאַנצע טוצן מיט מאַנדאַרינקעס, פרישע דאַקטילן, און אפילו אויסגעצייכנטע לימאָנאַדע. אַ חוץ סטאַשן מיט נעלן האָט אויך געגעסן פון דעם אַלעם דינה, וועלכע האָט באַ אַלע אירע אייגנשאַפטן, זיך אויסגעצייכנט אויך אַלס אַן אויסערגעוויינלעכע נאַשערין.

אויף אַזאַ אופן איז דער וועג ביז קאַיראָ באַ די קינדער שנעל דורכגעלאָפן. באַם געזעגענען זיך האָבן די אָפיצירן געקושט איר די הענטלעך און דאָס קעפל און געדריקט סטאַשס רעכטע האַנט, דערביי האָט דער קאַפיטאַן גלען, וועלכן דאָס דרייסטע בחורל איז זייער געפעלן געוואָרן, האַלב אין שפאַס, האַלב אין ערנסט אויסגערופן:

— הער אויס, מיין יינגל! ווער ווייסט, וואו, ווען און אין וואָספאַר אַ באַדינגונגען מיר קענען זיך נאָכאַמאָל טרעפן אין לעבן. פונדעסטוועגן זאָלסטו געדענקען, אַז שטענדיק מעגסטו רעכענען אויף מיין גוטן ווילן און הילף.

— אויף קעגנזייטיק! — האָט סטאַש מיט אַ העפלעכן בייג פול ווירדע געענטפערט.

## IV.

סיי דער הער טאַרקאָווסקי. ווי אויך הער ראַווליסאָן, וועלכער האָט זיין קליינע בעל ליב געהאַט ווי דאָס לעבן, האָבן זיך ביידע זייער דערפרייט פון די קינדערס אָנקומען. דאָס יונגע פאָרל האָט אויך מיט שמחה באַגריסט די פאָטערס, אָבער באַלד האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן איבער די געצעלטן, וועלכע זענען שוין פולשטענדיק געווען איינגעאָרדנט אינעווייניק און גרייט אויפצונעמען די ליבע געסט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען פראַכטפולע, געטאָפלטע, אונטערגעשלאָגן טייל מיט בלויע, טייל מיט רויטע פלאַנעל, אויסגעלייגט פון אינטן מיט פילץ און בריוחדיקע, ווי גרויסע סאַלאָנען. די קאָמפאַניע, וועלכער ס׳איז געגאַנגען אין אַרויסבאַקומען אַ גוטע מיינונג פון די הויכע באַאַמטע פון דער-

קאַנאַל-געזעלשאַפט, האָט זיך מיט אַלע כּוחות באמת, אַז ס'זאָל זיין גוט און באַקוועם. הער ראָווליסאָן האָט מתּחילת מורא געהאַט, צי וועט אַ לענגער אויפהאַלטן זיך אין דעם געצעלט נישט אַמאָל פאַרשאַטן דעם געזונט-צושטאַנד פון נעלן, און אויב ער האָט יאָ זיך דערויף באַשלאָסן, איז נאָר דערפאַר, וואָס אין פאַל פון נישט קיין שיין וועטער האָט מען זיך שטענדיק געקענט איבערטראָגן אין אַ האָטעל אַריין. נאָר איצט, אומקוקנ- דיק זיך געענוי צו אַלדינג אויפן אָרט, איז ער געקומען צו דער איבער- צייגונג, אַז די טעג און די נעכט, וואָס מען וועט פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט, וועלן הונדערט מאָל מער האָבן אַ ממשות פאַר זיין בת יחידה, ווי אויפצוהאַלטן זיך אין די דומפּיקע צימערן פון די אָרטיקע האָטעלעכלעך. צום גונסטן איז אויך געווען דאָס הערלעכע וועטער. מע- דינעט, אָדער על-מענידע, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט זאַמד-געבירג פון דער ליבישער מדבר, האָט געהאַט אַ סך אַ בע- סערן קלימאַט פון קאַיראָ און נישט אומזיסט רופט עס זיך אָן „דאָס לאַנד פון רויזן". צוליב דער באַשיצנדער לאַגע און שפע פון פייכטקייט אין דער לופט, זענען די נעכט לחלוטין נישט אַזוי קאַלט, ווי אין די אַנדערע טיילן פון עגיפּטן, וועלכע ליגן אפילו אַ סך ווייטער אויף דרום. דער ווינטער איז פשוט אַ פּרעכטיקער, און פון נאָוועמבער הייבט זיך טאַקע אָן דעמאָלט די גרעסטע אַנטוויקלונג פון די געוויקסן. די דאַק- טילן-פּאַלמעס, איילבירטן, וועלכע זענען בכלל ווינציק פאַרהאַן אין עגיפּטן, פייגנביימער, אָראַנזשן, מאַנדאַרינקעס, די ריזיקע ריצין-ביימער, גראַנאַטן און פאַרשידנערליי אַנדערע דרום-געוויקסן באַדעקן מיט איין וואַלד די- דאָזיקע פּרעכטיקע אָאַזע. די גערטנער זענען פאַרגאָסן ווי מיט אַ ריזי- קער כוואַליע פון אַקאַציעס, בעז און רויזן, אַזוי, אַז באַנאַכט ברענגט מיט יעדער בלאָז פון אַ ווינטל זייער פאַרשיכורנדן ריח. מען אָטעמט אָפּ מיט דער פולער ברוסט און „עס ווילט זיך נישט שטאַרבן", ווי עס זאָגן די אָרטיקע איינוואוינער.

אָן ענלעכן קלימאַט פאַרמאָגט העלואַן, וואָס ליגט אויף דער אַנ- דערער זייט פון נילוס, נאָר באַדייטנד ווייטער אויף צפון, הגם עס פעלט דאָרט דאָסדאָזיקע רייכטום פון געוויקסן.

נאָר העלואַן האָט געהאַט איר נעגאַטיווע באַדייטונג פאַרן הער ראָוו- ליסאָן, מיט איר טרויעריקער דערינערונג, וואָרן דאָרט איז געשטאָרבן נעלס מוטער. צוליב דעם האָט ער שוין גלייכער אויסגעקליבן מעדינעט — קוקנדיק איצט אויף דעם מיידלס צעשטראַלטן פּנימל, האָט ער זיך געגעבן

אין האַרץ דאָס וואָרט צו קויפן דאָ אין קורצן אַ שטיקל גרונט מיט אַ גאָרטן, אויפשטעלן דערויף אַ באַקוועם ענגליש הויז און צו פאַרברענגען אין דידאַזיקע געבענטשטע קאַנטן אַלע אורלויבן, וואָס ער וועט נאָר קאָנען באַקומען, און נאָכן ענדיקן די דינסט באַם קאַנאַל וועט ער זיך אפשר דאָ באַזעצן אויף שטענדיק.

דאָס זענען אָבער געווען פּלענער אויף דער ווייטערער צוקונפט און נאָך נישט אַזוי אײַנגאַנצן אַנטשלאָסענע. דערווײַל האָבן זיך די קינדער פון דער רגע אָן, וואָס זיי זענען געקומען צו פאָרן, אומעטום געדרייט, ווי די פליגן, באַגערנדיק נאָך פאַר מיטאָג צו באַקוקן אַלע געצעלטן, ווי אויך די אייזלען און די קעמלען, וואָס זענען דורך קוקן אויפן אָרט געוואָרן געדונגען. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די בהמות זענען געווען אויף אַ ווייטער פּאַשע, און מען וועט זיי ערשט קענען זען מאָרגן.

פאַר דאָס האָט סטאַש מיט נעלן מיט צופרידנקייט דערזען לעבן הער ראַווליסאָנס געצעלט כאַמיסן, טשאַדיגיס זון, זייער אַלטן גוט-באַקאַנטן פון פּאָרט-סאַיד. ער האָט נישט געהערט צו קוקס דינערשאַפט און הער ראַוליסאָן איז געווען אפילו פאַרוואונדערט, טרעפנדיק אים אין עלמעדינע, נאָר ווײַל ער האָט אים פון שטענדיק אָן באַנוצט צו טראָגן זייַנע מכשירים, האָט ער אים איצט אויך צוגענומען, אַלס אַ שיק-ייִנגל און אויך צו אַנדערע אַרבעטן פון דעם מין.

די אָוונט-סעודה איז געווען אויסגעצייכנט, וואָרן דער אַלטער קאָפּט, וועלכער האָט שוין זינט יאָרן לאַנג דערפילט זיינע פליכטן אַלס קוכער אין קוקס קאָמפּאַניע, האָט זיך געוואָלט דאָס מאָל אויסצייכענען מיט זיין קונסט. די קינדער האָבן דערציילט וועגן דער באַקאַנטשאַפט, וואָס זיי האָבן געשלאָסן אונטערוועגנס מיט די צוויי אָפיצירן, וואָס דאָס האָט באַזונדערס פאַראינטערעסירט דעם הער ראַווליסאָן, וועמענס ברודער רישאַרד, דער פאַרהייראַטער מיט דעם דאָקטאָר קלאַריס שוועסטער, האָט באמת זינט יאָרן לאַנג שוין פאַרברענגט אין אינדיען. ווייל דאָס פּאָרל האָט נישט געהאַט קיין קינדער, דעריבער האָט דער פעטער זייער ליב געהאַט די קליינע ברודערנטאָכטער, וועלכע ער האָט לעולם געקאָנט נאָר פון דער פאָטאָגראַפיע — און ער האָט זיך וועגן איר זאָרגפעלטיק אויסגעפרעגט אין אַלע זיינע בריוו. ביידע פאָטערס זענען ווידער זייער צופרידן געווען פון דער איינלאַדונג, וואָס סטאַש האָט באַקומען פון קאַפּיטאַן גלען קיין מאָמבאַסאַ. דאָס בחורל האָט עס פולשטענדיק געגומען אין ערנסט און ער

האָט באַ זיך פעסט באַשלאָסן, אַז ער מוז אַמאָל באַזוכן זיין נייעם פריינט פון יענער זייט עקוואַטאָר. דער הער טאַרקאָווסקי האָט אים ערשט געמוזט אויפקלערן, אַז די ענגלישע באַאַמטע בלייבן קיינמאָל נישט לאַנג אויף זייער אַמט אין דעם זעלבן אָרט, און דאָס איז צוליב דעם מערדערלעכן קלימאַט פון אַפריקע און אַז איידער ער — סטאַש, וועט אויפוואַקסן, וועט שוין דער קאַפּיטאַן זיין אויפן צענטן פּאָסטן, אָדער ער וועט שוין גאָר לחלוטין אויף דער וועלט נישט זיין.

נאָך מיטאָג איז די גאַנצע געזעלשאַפט אַרויסגעגאַנגען פאַר די געצעלטן, וואו די דינערס האָבן פונאַנדערגעשטעלט לייוונטענע אויפלייגשטולן, און פאַר די עלטערע הערן האָבן זיי אָנגעגרייט סאָפּאָגעס מיט סאָדע־וואַסער און „בראַנד". ס׳איז שוין געווען נאַכט, אָבער אויסערגעווינלעך וואַרעם, און ווייל ס׳איז גראָד געווען האַלב־חודש, איז אינדרויסן געווען העל, ווי באַטאָג. די ווייסע מויערן פון די שטאָטישע בנינים, וואָס זענען געשטאַנען אַקעגנאיבער די געצעלטן, האָבן געלויכטן גרין, די שטערן האָבן געפינקלט אויפן הימל, און אין דער לופט איז זיך צעגאַנגען אַ ריח פון רויזן, אַקאַציעס און העליאָטראָפּן. די שטאָט איז שוין געשלאָפן. אין דער שטילקייט פון באַנאַכט האָט מען נאָר פון צייט־צו־צייט געהערט די הילכיקע קולות פון די לאַבענדזשעס, טשאַפּליעס און פלאַמינגען, וואָס זענען פאַרבייגעפלויגן פון לעבן נילוס אין דער זייט פון דער אָזערע קאַרון. פלוצלינג אָבער האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ טיף, באַסאָווע בילן פון אַ הונט, וואָס דאָס האָט זייער געוואונדערט סטאַשן מיט נעלן, וואָרן ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס קול גייט פון אַ געצעלט, וועלכעס זיי האָבן נאָך נישט געהאַט באַזוכט, און וועלכעס ס׳איז געווען באַשטימט אויף אַ מאַגאַזין פון זאָטלען, כלים און פאַרשידענע וועגס־מכשירים.

— וואָס פאַר אַ ריזיקער הונט דאָס מוז אוודאי זיין. לאָמיר אים גיין אָנקוקן — האָט סטאַש אויסגערופן.

הער טאַרקאָווסקי האָט אָנגעהויבן צו לאַכן, און הער ראַווליסאָן האָט אָפּגעטרייסלט דאָס אַש פון ציגאַר און דעסגלייכן שמייכלענדיק געזאָגט :

— וועל ! ס׳האָט זיך אונז נישט איינגעגעבן דאָס פאַרשליסן.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו די קינדער :

— מאָרגן — מסתמא געדענקט איר — איז ערב יום־טוב און דער ריזיקער הונט האָט געזאָלט זיין אַ סיורפּריז, וואָס איז דורכן הער טאַר־

קאָוסקי באַשטימט געוואָרן פאַרן נעלן, ווייל אָבער דער סיורפּריז האָט אָנגעהויבן צו בילן, בין איך געצוואונגען אים שוין היינט אויסצו־זאָגן.

דערהערנדיק דאָס, האָט זיך נעל אין איין סעקונדע אַ דראַפּע אַרויף־געטון אויף הער טאַרקאָווסקיס קניען און אים אַרומגענומען אַרום האַלז, דערנאָך איז זי איבערגעשפּרונגען אויפן פּאָטערס:

— טאַטעשי, וואָס פאַר אַ גליקלעכע איך בין, וואָס פאַר אַ גליק־לעכע!

צו דעם האַלז און קושן האָט קיין סוף נישט גענומען. ענדלעך האָט נעל, געפינענדיק זיך אויף אירע אייגענע פיס, אָנגעהויבן אַריינצו־קוקן אין הער טאַרקאָווסקיס אויגן:

— מיסטער טאַרקאָווסקי...

— וואָס, נעל?

— וואָרן אויב איך ווייס שוין, אַז ער געפינט זיך דאָרט, צי קען איך אים נאָך היינט אָנקוקן?

— כ׳האָב געוואוסט, — האָט הער ראַווליסאָן אויסגערופן מיט אַ געמאַכטן כעס — אַז דידאָזיקע קליינע פליג וועט זיך נישט לאָזן באַנו־גענען מיט דער בלויזער בשורה.

און הער טאַרקאָווסקי האָט זיך געווענדט צו טשאַדיגיס זון און אויסגערופן:

— כאַמיס, ברענג אַהער דעם הונט.

דער יונגער סודאַנער איז פאַרשוואונדן געוואָרן הינטער דעם קיך־געצעלט און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך ווידער באַוויזן, פירנדיק אַ ריזיקע חיה באַם האַלזבאַנד.

נעל האָט זיך אַזש צוריקגעצויגן.

— אוי! — האָט זי אויסגעשריגן, אָנכאַפּנדיק דעם פאָטער באַ דער האַנט.

סטאַש להפך איז אַריינגעפאַלן אין באַגייסטערונג:

— ס׳איז דאָך גאָר אַ לייב, נישט קיין הונט!

— ער הייסט סאַבאַ (לייב) — האָט הער טאַרקאָווסקי געענט־פערט. — ער געהערט צו דער ראַסע פון די מאַסטיפן, דאָס זענען טאַקע די גרויסע הינט אין דער וועלט. דערדאָזיקער איז ערשט אַלט צוויי

יאָר, אָבער ער איז באמת אַ ריז. האָב נישט קיין מורא, נעל, ער איז ווייך ווי אַ שעפּעלע. נאָר דרייסט. לאָז אים אָפּ, כּאַמיס.

כּאַמיס האָט אָפּגעלאָזט דעם האַלז־באַנד, באַ וואָס ער האָט צוגעהאַלטן דעם הונט, און יענער האָט, דערפילנדיק, אַז ער איז פריי, אָנגעהויבן צו פאָכען מיטן וויידל, לעקן זיך צום הער טאַרקאָווסקי, מיט וועלכן ער האָט זיך שוין געהאַט נאָך פון פריער גוט באַקאַנט און צו בילן פון פרייד.

די קינדער האָבן געקוקט מיט פאַרוואונדערונג, באַ דער שיין פון דער לבנה, אויף זיין מעכטיקן קיילעכדיקן קאָפּ, מיט די אַראָפּהענגענדיקע ליפּן, אויף די דיקע לאַפּעס, אויף דעם מעכטיקן געשטאַלט, וואָס דערמאַנט אינדעראמתן דאָס געשטאַלט פון אַ לייב מיט דעם געלבלעכן קאָליר פון גאַנצן קערפּער. זיי האָבן נאָך אויף זייער לעבן אַזעלכעס נישט געזען.

— מיט אַזאַ הונט וואָלט מען אָן שום געפאַר געקענט דורכגיין גאַנץ אַפריקע — האָט סטאַש אויסגערופן.

— פרעג אים נאָר, צי ער וואָלט געקענט ברענגען צו שלעפּן אַ באָזהאָרן — האָט הער טאַרקאָווסקי אויסגערופן.

סאַבאַ וואָלט, וואָס אַן אמת, אויף דערדאָזיקער פראַגע נישט געקענט ענטפערן, אָבער פאַר דאָס האָט ער געאַרבעט מיטן וויידל וואָס אַמאָל פרייליכער און צוגעטוליעט זיך צו די מענטשן אַזוי האַרציק, אַז נעל האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט מורא צו האָבן און אים אָנגעהויבן צו גלעטן איבערן קאָפּ.

— סאַבאַ, ליבער, טייערער סאַבאַ.

הער ראַווילסאָן האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער אים, אויפגעהויבן זיין קאָפּ צום מיידלס פּנימל און אויסגערופן:

— סאַבאַ, קוק דיך איין אין דערדאָזיקער פריילין. אָט דאָס איז דיין האַרינטע! האָסט זי צו האָרכן און אָפּהיטן — פאַרשטייסט?

— וואָו! — האָט זיך דערויף סאַבאַ מיט אַ באַס אָנגערופן, גלייך ווי ער וואָלט אינדעראמתן פאַרשטאַנען, אין וואָס עס גייט.

אין ר׳האָט נאָך אפילו בעסער פאַרשטאַנען, ווי מ׳האָט זיך גאָר געקענט פאָרשטעלן, וואָרן ער האָט, אויסנוצנדיק דאָס, וואָס זיין קאָפּ האָט זיך געפונען כמעט אויף דער זעלבער הייך, וואָס דעם מיידלס פּנים,

אַ לעק געטון אַלס צייכן פון אונטערטעניקייט מיט זיין ברייטן לעקער איר נעזל און די בעקלעך.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינעם אויסברוך פון געלעכטער. נעל האָט געמוזט אַריינגיין אין געצעלט אַריין, כּדי זיך אַרומצוּוואַשן. אומקערנדיק זיך אין אַ פערטל שעה אַרום, האָט זי דערזעען סאַבען מיט די לאַפּעס פאַרלייגט אַרום האַלדז פון סטאַשן, וועלכער האָט זיך געבויגן אונטער זיין שווערער משא. דער הונט איז מיט אַ קאָפּ העכער געווען פון אים.

ס'איז אָנגעקומען די צייט פון אָפּרוען, אָבער די קליינע האָט זיך אָפּגעבעטן נאָך אַ האַלבע שעה זיך צוּ שפּילן, כּדי בעסער זיך צוּ באַקענען מיטן נייעם פריינט. עפּעס דאָס באַקענען זיך איז צוגעגאַנגען אַזוי לייכט, אַז הער טאַרקאָווסקי האָט זי אין קורצן אַרויפגעזעצט אויפן דאַמישן אופן אויף זיין רוקן, און צוּהאַלטנדיק זי אויס מורא, זי זאָל נישט אַראָפּפאַלן, האָט ער סטאַשן געהייסן פירן דעם הונט באַ דעם האַלזבאַנד. זיי זענען אַזוי אָפּגעפאָרן באַ אַ צען טריט, דערנאָך האָט זיך סטאַש געפּרוּווט אויפזעצן רייטנדיק, אָבער יענער האָט זיך דעמאָלט אַ זעץ אַנידער געטון אויף זיינע הינטערשטע פיס, אַזוי, אַז סטאַש האָט זיך אומגעריכט געפינען אויפן זאַמד לעבן ווידל.

די קינדער האָבן שוין געזאָלט אַוועקגיין זיך לייגן שלאָפן, ווי פון דערווייטנס האָבן זיך אויפן לבנה-שיין-באַלויכטענעם מאַרק-פּלאַץ באַוויזן צוויי ווייסע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך צוגעבענט אין דער ריכטונג פון די געצעלטן.

דער ביז איצט רויקער סאַבאַ האָט אָנגעהויבן טויב און מוראדיק צוּ וואָרטשען, אַזוי, אַז כאַמיס האָט אויף הער ראַוולינסאָנס באַפעל ווידער אים געמוזט אָנכאַפּן באַם האַלז-באַנד. דערווייל זענען די צוויי מענטשן, וואָס זענען געווען אָנגעטון אין ווייסע מאַנטלען, געבליבן שטיין פאַר די געצעלטן.

— ווער איז דאָס? — האָט הער טאַרקאָווסקי געפרעגט.

— די קעמלען-טרייבער — האָט זיך איינער פון די צוקומענדיקע אָנגערופן.

— אַך! — דאָס איז אידריס און געבהר? וואָס ווילט איר?

— מיר זענען זיך געקומען פרעגן, צי וועט מען אונז נישט מאָרגן אַמאָל דאַרפן האָבן?

— ניין. מאָרגן און איבערמאָרגן איז אַ גרויסער יום-טוב, אין אַזאַ

צייט איז אונז נישט דערלויבט צו מאַכן קיין אויספלוגן. קומט איבער־מאָרגן אינדערפרי.

— מיר דאַנקען, עפענדי.

— און קעמלען האָט איר גוטע? — האָט הער ראַווליסאָן אַ פרעג געטון.

— ביסמאַלאַך! — האָט אידריס געענטפערט; — אמתע העגינס (רייט־קעמלען) מיט פעטע הערבן און רויקע, ווי די האַ׳גאַ (שעפסן). אַנדערש וואָלט אונז קוק נישט געווען געדונגען.

— זיי טרייסלען זיך נישט צופיל?

— מ׳קען, האַר, אַרויפלייגן אַ גאָרשטש אַרבעס אויפן רוקן פון יעדן איינציקן פון זיי און קיין שום אַרבעס וועט נישט אַראָפפאַלן אפילו אין שנעלסטן לויף.

— אַז מגזם זיין, איז עס שוין אמת אַראַבישמעסיק — האָט הער טאַרקאָווסקי לאַכנדיק אויסגערופן.

— אָדער ווי די סודאַנער — האָט הער ראַווליסאָן צוגעגעבן.

דערווייל זענען אידריס און געבהר נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי צוויי ווייסע זיילן, אויפמערקזאַם זיך צוקוקנדיק צו סטאַשן און נעלן. די לבנה האָט באַלויכטן זייערע אויסטערליש־טונקעלע פנימער, וועלכע האָבן באַ איר שיין אויסגעזען, ווי אויסגעשניצטע פון בראָנז. די ווייסלען פון זייערע אויגן האָבן פון אונטער די טורבאַנען גרינדלעך אָפּגעגלאַנצט.

— אַ גוטע נאַכט אייך — האָט הער ראַווליסאָן אויסגערופן.

— זאָל אַללאַ האָבן די השגחה איבער אייך, עפענדי, באַטאָג און באַנאַכט.

דאָס אויסרופנדיק, האָבן זיי זיך פאַרנייגט און אַוועקגעגאַנגען. עס האָט זיי נאָר באַגלייט דאָס טויבע, צו ווייטע דונערן ענלעכע, וואָרטשען פון סאַבאַן, וועמען די צוויי סודאַנער זענען, משמעות, נישט געפעלן געוואָרן.

# V.

אין פֿאַרלויף פֿון די פֿאָלגנדע טעג זענען נישט פֿאָרגעקומען קיין שום אויספֿלוגן. פֿאַר דאָס האָט אין דער נאַכט פֿון ערב ווייַנאַכט, ווען אויפֿן הימל האָט זיך דאָס ערשטע שטערנדל באַוויזן, אין געצעלט פֿון דער ראַוולינסאָן אויפֿגעלויכטן אַ ביימעלע מיט הונדערטער ליכטלעך, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר נעלן. דאָס קריסט=ביימל איז געווען געמאַכט פֿון אַ טויאַ, וואָס מען האָט עס אויסגעהאַקט אין איינעם פֿון די גערטנער אין על=מעדינע; נעל האָט אָבער נישט ווינציק מתּנות און נאַשוואַרג צווישן אירע צווייַגלעך געפֿונען, ווי אויך אַ הערלעכע ליאַלקע, וואָס דער פֿאָטער האָט איר געבראַכט פֿון קאַיראָ, און סטאַש האָט געפֿונען זייַן לאַנג באַגערטן ענגלישן שטוצער. פֿון פֿאָטער האָט ער נאָך דערבייַ צובאַקומען לאָדונגען, פֿאַרשידענע יאַגד=מכשירים און אַ זאָטל צום רייַטן. נעל איז שיער נישט צעשפּרונגען געוואָרן פֿון גליק, און סטאַש ווידער האָט זיך געטראַכט, אַז ווער עס באַזיצט אַן אמתן שטוצער, דער דאַרף אויך באַזיצן די געהעריקע ווירדע. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אויסהאַלטן — און אָפּוואַרטנדיק אַ מאָמענט, ווען אַרום געצעלט איז געווען ליידיק — האָט ער אים אַרומגעקרייזט מיטן שטוצער אין דער האַנט. דידאָזיקע קונסט, אויף וועלכער מ'האָט אַ סך אַכט געלייגט אין דער פּאָרט=סאַידער שולע, איז ער פֿולקום באַזיצן און נישט איינמאָל האָט ער דערמיט פֿאַרווײַלט נעלן, וועלכע האָט אים איבעריקנס מיטן גאַנצן האַרץ מקנא געווען.

די ערב=יום=טוב=נאַכט און דער ערשטער טאָג חגא זענען פֿאַר די קינדער אַדורך העלפֿט אויף גאָטעסדינסטן, העלפֿט אויף צו באַקוקן די מתּנות, וואָס זיי האָבן באַקומען און אויף צו דרעסירן סאַבאַן. דער בייַ=ער פֿרייַנט האָט זיך אַרויסגעוויזן איבער אַלע דערוואַרטונגען פֿאַרשטאַנ=דיק צו זייַן. באַלד דעם ערשטן טאָג האָט ער זיך אויסגעלערנט דער=לאַנגען די לאַפּע, צוברענגען דאָס נאָז=טיכל, וועלכעס ער האָט אָבער אַזוי לייכט אָן ווידערשטאַנד נישט אָפּגעגעבן — און ער האָט ענדלעך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס אָפּוואַשן מיטן לעקער נעלס פּנים פּאַסט נישט פֿאַר

קיין הונט — אַ דזשענטעלמען. נעל האָט, האַלטנדיק דאָס פינגערל אויפן נעזעלע, ערטיילט אים פאַרשידענע לערעס, ער ווידער האָט, צושטימענדיק מיט די באַוועגונגען פון וויידל, אויף אַזאַ מין אופן געגעבן צו פילן, אַז ער האָרכט אויס מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט און אַז ער נעמט עס זיך צום האַרץ. אין דער צייט פון די שפּאַצירן איבערן זאַמדיקן שטאָטישן פּלאַץ איז דער רום פון סאַבאַן און מעדינעט געוואַקסן מיט יעדער שעה, און פּונקט ווי יעדער רום, האָט זיך דאָ אויך אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיין נישט אָנגענעמע זייט, וואָרים ער האָט צוגעצויגן גאַנצע מחנות מיט אַראַבישע קינדער. מתחילת האָבן זיי זיך געהאַלטן פונדערווייטנס, דערנאָך אָבער, ווערנדיק אַביסעלע דרייסטער צוליב דער רויקער האַלטונג פון דערדאָזיקער „שרעקלעכער חיה", האָבן זיי זיך וואָס אַמאָל מער דערנענטערט, און צום סוף האָבן זיי אַזוי באַזעצט די געצעלטן, אַז קיינער האָט זיך פריי נישט געקענט קיין ריר טון. און איצט ערשט, צוליב דעם, וואָס די אַראַבישע קינדער נאָגן פון דער פרי ביז נאַכט די צוקער־רערן, האָבן זיך די קינדער דעריבער נאָכגעצויגן גאַנצע מחנות פליגן, וועלכע אַ חוץ דעם, וואָס זיי אַליין זענען לעסטיק, זענען זיי נאָך געפערלעך אויך, וואָרן זיי טראָגן פונאַנדער די אָנשטעקנדע עגיפּטישע אויגן־קראַנקהייט. די דינערשאַפט האָט זיך באַמיט צוליב דערדאָזיקער סיבה פונאַנדערצעטרייבן די קינדער, אָבער נעל האָט זיך פאַר זיי אַרויסגעשטעלט, און נאָך מער, זי האָט צווישן גאָר די ייגגסטע פונאַנדערגעטיילט פאַרשידענע נאַשוואַרג, וואָס דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט צו איר זייער גרויס ליבשאַפט, אָבער פאַר דאָס האָבן זיך זייערע מחנות פאַרמערט.

אין דריי טאָג אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן געמיינזאַמע אויספלוגן, טיילווייז מיט דער שמאָלער באַן, וואָס די ענגלענדער האָבן אָן אַ שיעור אָנגעבויעט אין מעדינעט־על־פאַיום, טיילווייז אויף אייזלען, און טיילמאָל אויך אויף קעמלען. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די אַלע שבחים, וואָס אידריס האָט אויסגערעכנט אויף זיינע קעמלען, איז באמת געווען אָן אַ שיעור גוזמאדיקס, וואָרן נישט נאָר אַרבעס, נאָר אפילו מענטשן איז זיך שווער געווען איינצוהאַלטן אויף די זאָטלען, נאָר ס'איז געווען אַ ביסל אמת אויך. די קעמלען האָבן ווירקלעך געהערט צו דעם מין „הענין", דאָס הייסט, רייט־קעמלען, און ווייל מ'האָט זיי גוט געשפּייזט מיט דוראַ (היימישע אָדער סורישע קוקוריזע), האָבן זיי דעריבער געהאַט פעטע האָרבן און זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסן חשק צום לויפן,

אַז מ'האָט זיי געדאַרפֿן איינהאַלטן. די סודאַנער, אידריס און געבהר, האָבן זיך דערוואָרבן, טראָץ דעם ווילדן גלאַנץ פֿון זייערע אויגן, צוטרויען אין די הערצער פֿון דער געזעלשאַפֿט, און דאָס איז צוליב דער גרויסער געהאָרכזאַמקייט און אויסערגעוויינלעכער זאָרגפֿעלטיקייט פֿאַר נעלן. געבהר האָט כּסדר געהאַט אַ מערדערלעכן און עטוואָס חיהשן אויסדרוק אויפֿן פּנים, אָבער אידריס האָט, דערשנאַפּנדיק שנעל, אַז אָט די קליינע פּערזאָן איז דאָס אויג אין קאָפּ פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, באַ יעדער געלעגנהייט דערקלערט, אַז זי גייט אים אַ סך מער אָן ווי זיין „אייגענע נשמה". דער הער ראַוולינסאָן האָט זיך, וואָס אַן אמת, אָנגעשטויסן, אַז דורך נעלן וויל אידריס טרעפֿן צו זיין קעשענע, אָבער מיינענדיק גלייכצייטיק, אַז ס'איז אויף דער וועלט גאָר נישטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל נישט מוזן ליב קריגן זיין בת־יחידקעלע, איז ער אים פֿונדעסטוועגן דאַנקבאַר געווען און נישט געקאַרגט קיין „באַקשישן".

אין משך פֿון פֿינף טעג האָט די געזעלשאַפֿט באַזוכט די חורבות פֿון דעם אַלטערטימלעכן קראָקאָדילאָ־פּאָליס, וואָס ליגן נאָענט פֿון דער שטאָט, דאָרט, וואו די עגיפּטיאַנער האָבן אַמאָל געדינט צו אַן אָפּגאָט, וואָס מ'האָט אים גערופֿן סעבאַק, וועלכער האָט געהאַט אַ מענטשלעך געשטאַלט, און אַ קאָפּ פֿון אַ קראָקאָדיל. דער פֿאָלגנדער אויספֿלוג איז געווען צו די פּיראַמידן פֿון האַנאַר און צו די איבערבלייבענישן פֿון לאַבירינט. דער לענגסטער אָבער אינגאַנצן אויף קעמלען איז געווען ביז צו דער אָזערע קאַרון. איר צפֿונדיקער ברעג איז אַן אמתע מדבר, אויף וועלכער, אַ חוץ די חורבות פֿון די אַלטע עגיפּטישע שטעט, איז נישט פֿאַרהאַן קיין שום צייכן פֿון לעבן. להיפּך אויף דרום־זייט ציט זיך אַ פֿרוכטבאַר, פּרעכטיק לאַנד, און די ברעגן אַליין, וואָס זענען באַוואַקסן מיט ווזשאָסן און רער־שטעקעלעך, ווימלען פֿון פּעליקאַנען, פֿלאַמינגען, טשאַפּלעס, ווילדע גענז און קאַטשקעס. דאָרט האָט ערשט סטאַש געפֿונען די געלעגנהייט זיך אויסצוצייכענען מיט דער צילבאַרקייט פֿון זיינע שאָסן. פּונקט ווי פֿון אַ געוויינלעכער ביקס, אַזוי אויך די טרעפֿלעכע שאָסן פֿון שטוצער, זענען געווען אַזוי אויסערגעוויינלעך, אַז נאָך יעדער שאָס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס דערשטוינלעכע טשמאָקען פֿון אידריסן און פֿון די אַראַבישע רודערער, און די אַראָפּגעפֿאַלענע פֿייגל אין וואַסער אַריין האָבן באַגלייט די כּסדרדיקע אויסגעשרייען: ביסגאַלאַך און מאַשאַלאַך!

די אַראַבער האָבן פֿאַרזיכערט, אַז אויפֿן קעגנײַבערדיקן וויסטן ברעג זענען דאָ אַ סך וועלף און היענעס, און אַז מען זאָל אונטערוואַרפֿן לעבן

ברעג אַ פגר פון אַ שעפּס, מעג מען כמעט אויף זיכער אַרויסקומען שיסן.
צוליב דידאָזיקע פאַרזיכערונגען, האָט דער הער טאַרקאָווסקי מיט סטאַשן פאַרברענגט צוויי נעכט אין דער מדבר, לעבן די חורבות פון דינע. אָבער דעם ערשטן שעפּס האָבן די בעדוינער, באַלד נאָכן אַוועקגיין פון די שיסערס, צוגענבעט, דער צווייטער ווידער האָט צוגעלאָקט אַ לאָמען שאַקאַל, וועלכן סטאַש האָט אַוועקגעלייגט. די ווייטערדיקע יאַגד האָט גע־מוזט אָפּגעלייגט ווערן, וואָרן פאַר ביידע אינזשיניערן איז אונטערגעקו־מען די צייט פון אַרויספאָרן אויף רעוויזיעס פון די וואַסער־אַרבעטן, וואָס מ'האָט דורכגעפירט לעבן באר־יוסף, לעבן על־לאַהום, אויף דרום־מזרח פון מעדינעט.

הער ראַווליסאָן האָט נאָר געוואַרט אויף דעם אָנקומען פון דער פריילין אָליוויער. צום אומגליק, איז אָנשטאָט איר, געקומען אַ בריוו פון דאָקטאָר, וועלכער איז מודיע, אַז די אַמאָליקע רויז אויפן פּנים האָט זיך באַנייט נאָכן ביס און אַז די קראַנקע וועט אַ לענגערע צייט נישט קענען אַרויספאָרן פון פּאָרט־סאַיד. די לאַגע איז באמת געוואָרן אַ שווערע. פאַר־נעמען מיט זיך די קינדער, די אַלטע דינה, די געצעלטן און די גאַנצע דינערשאַפט איז געווען אוממעגלעך, כאָטש בלויז צוליב דעם אַליין, וואָס די אינזשיניערן האָבן געדאַרפט זיין היינט דאָ, מאָרגן דאָרט, און זיי האָבן געקענט אויך באַקומען אַ פאַראָרדנונג צוצופאָרן אַזש ביז דעם גרויסן קאַנאַל איבראַהים. צוליב דעם פאַל האָט הער ראַווליסאָן, נאָך אַ קורצער באַראַטונג, באַשלאָסן איבערצולאָזן נעלן אונטער דער אויפזיכט פון דער אַלטער דינה מיט סטאַשן, ווי אויך אונטער דעם איטאַליענישן קאָנסוליאַר־אַגענט און דעם אָרטיקן „מודיר" (גובערנאַטאָר), מיט וועלכן ער האָט זיך נאָך פון פריער געהאַט באַקאַנט. ער האָט אויך צוגעזאָגט נעלן, וועלכער עס איז זיך אַ שאַד געווען צו צעשיידן מיטן פאָטער, אַז פון אַלע נעענטערע געגנטן וועלן זיי ביידע, ער מיטן הער טאַרקאָווסקי אַלע מאָל אַריינפאַלן קיין מעדינעט, אָדער, אויב עס וועט זיך טרעפן עפּעס, וואָס איז ווערט מען זאָל עס באַזען, וועלן זיי די קינדער צו זיך אַרויסרופן.

— מיר נעמען מיט זיך מיט כאַמיסן, — האָט ער געזאָגט — וועלכן מען וועט אין דעם פאַל נאָך אייך שיקן. לאָז דינה שטענדיק נעלן באַגלייטן, נאָר ווייל נעל מאַכט מיט איר אַלדינג, וואָס זי וויל נאָר, דע־ריבער זאָלסטו, סטאַש, אַכטונג געבן אויף ביידע.

— איר מעגט זיין זיכער, — האָט סטאַש געענטפערט — אַז איך

וועל נעלן אַזוי אָפּהיטן, ווי אַן אייגענע שוועסטער. זי האָט סאַבאַן, און איך דעם שטוצער, דעריבער זאָל נאָר עמעצער פּרוּוון איר שלעכטס צו טון. . .

— עס גייט נישט אין דעם — האָט הער ראַווליסאַן אויסגערופן. — סאַבאַ מיטן שטוצער וועלן אייך זיכער נישט בייטיק זיין. דו זיי נאָר אַזוי גוט און היט זי אָפּ זי זאָל זיך נישט פאַרמאַטערן, און גלייכצייטיק גיב אַכטונג, אַז זי זאָל זיך נישט פאַרקילן. כ'האָב געבעטן דעם קאָנסול, אַז ער זאָל, אין פאַל, אויב זי זאָל זיך נישט פילן געזונט, באַלד אַרויסרופן פון קאַירא אַ דאָקטאָר. כאַמיסן וועלן מיר אָפט דאָ אַהערשיקן נאָך ידיעות. דער מודיר וועט אייך אויך באַזוכן. איך האָף דערביי, אַז אונזער אָפּוועזנהייט וועט קיינמאָל נישט לאַנג געדויערן.

הער טאַרקאָווסקי האָט אויך נישט געקאַרגט סטאַשן קיין התראות. ער האָט אים געזאָגט, אַז נעל נייטיקט זיך נישט אין זיין באַשיצונג, וואָרן אין מעדינעט, ווי אויך אין דער גאַנצער פּראָווינץ על־פאַיום, זענען נישטאָ נישט קיין ווילדע מענטשן, נישט קיין ווילדע חיות. צו טראַכטן וועגן אַזאַ ענלעכעס וואָלט געווען אַ לעכערלעכע זאַך און נישט ווירדיק פאַר אַ ייִנגל, וואָס ווערט שוין אין קורצן אַלט פערצען יאָר. ער דאַרף דעריבער נאָר זיין זייער זאָרגפעלטיק און אויפמערקזאַם, נישט אונטער־נעמען אויף אייגענער אחריות, און בפרט צוזאַמען מיט נעלן, קיין שום אויספלוגן, באַזונדערס אויף קעמלען, וואָס זייער נסיעה, ווי ס'זאָל נישט זיין, פאַרמאַטערט זי שטענדיק.

נאָר נעל האָט, דערהערנדיק דאָס, געמאַכט אַזאַ טרויעריק מינעלע, אַז הער טאַרקאָווסקי האָט זי געמוזט באַרויקן:

— פאַרקערט, — האָט ער אויסגערופן, גלעטנדיק איר טשופּרינ־קעלע — איר וועט פאָרן אויף קעמלען, נאָר ווען מיר וועלן זיין, אָדער צו אונדז, אויב מיר וועלן שיקן נאָך אייך כאַמיסן.

— און אַליין טאָרן מיר נישט מאַכן קיין שום אויספלוגן כאָטש־ביק אַזעלכע פּיצעלעך, פּיטשיניוניאַלעך? — האָט דאָס מיידל געפרעגט.

און זי האָט אָנגעהויבן ווייזן אויפן פינגערל, וועגן וואָס פאַר אַ קליינע אויספלוגן איר גייט. די טאַטעס זענען סוף כל סוף איינגעגאַנגען מיטן באַדינג, אַז זיי וועלן פאָרקומען אויף אייזלען, נישט אויף קיין קעמלען — און נישט צו די רוינען, וואו מ'קען לייכט אַריינפאַלן ער־גער אין אַ לאָך אַריין, נאָר איבער די וועגן אויף די נאָענטע פעלדער און צו די גערטנער, וואָס ליגן הינטער דער שטאָט. אַ דראַגאָמאַן צו־

זאמען מיט נאָך אַנדערע דינער פון קיקס געזעלשאַפט האָבן זיי געזאָלט שטענדיק באַגלייטן.

נאָך דעם זענען די צוויי הערן אַרויסגעפאָרן, אָבער זיי זענען אַרויסגעפאָרן נאָענט, קיין האַמאַרעט-על-מאַקטאַ, אַזוי, אַז אין צען שעה אַרום האָבן זיי זיך אומגעקערט אויף באַנאַכט קיין מעדינעט. דאָס האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט עטלעכע טעג כסדר, כּל זמן זיי האָבן נישט באַזוכט די מער נענטערע אַרבעטן. דערנאָך, ווען זייער אַרבעט האָט אַרומגענומען ווייטערע, אָבער נישט זייער קיין אָפּגעלעגענע געגנטן, פלעגט באַנאַכט קומען צו זיי כאַמיס און פאַרטאָג מיטנעמען סטאַשן מיט נעלן אין דידאַזיקע שטעטלעך אַריין, אין וועלכע די פּאַטערס האָבן זיי געוואָלט עפּעס מערקווירדיקע זאַכן ווייזן. די קינדער האָבן די גרעסטע טייל פון טאָג פאַרברענגט מיט די טאַטעס, און נאָך זון-פאַרגאַנג האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין מעדינעט, אין די געצעלטן אַריין. ס'פלעגן פונדעסטוועגן פאָרקומען אַזעלכע טעג, אין וועלכע כאַמיס איז נישט געקומען צו פאָרן, און דעמאָלט האָט נעל, טראָץ דער געזעלשאַפט פון סטאַשן און סאַבאַן, אין וועלכן זי האָט וואָס אַמאָל מער מעלות אַנטדעקט, אויסגעקוקט מיט בענקשאַפט אַ שליח. אויף אַזאַ אופן איז אַדורך די צייט ביזן יום-טוב פון די דריי מלכים, אויף וועלכן ביידע אינזשינירן האָבן זיך אומגעקערט קיין מעדינעט.

מיט צוויי טעג שפּעטער זענען זיי אָבער ווידער אַרויסגעפאָרן, פאָרויסזאָגנדיק, אַז זיי פאָרן אַוועק דאָס מאָל אויף אַ לענגערע צייט און אַז זיי וועלן וואַרשיינלעך דערציען ביז בעני-סועף, און פון דאָרטן קיין על-פאַכען, וואו עס הייבט זיך אָן דער קאַנאַל מיט דעם זעלבן נאָמען, וואָס ציט זיך אַוועק ווייט אויף דרום לענגויס דעם נילוס.

ווי גרויס איז דעריבער געווען די פאַרוואונדערונג פון די קינדער, ווען כאַמיס האָט זיך אויפן דריטן טאָג, אַרום עלף אינדערפרי, באַוויזן אין מעדינעט. דער ערשטער האָט אים באַגעגנט סטאַש, וועלכער איז געגאַנגען אויף דער פאַשע צוקוקן זיך צו די קעמלען. כאַמיס האָט איינגעטענהט מיט אידריסן און ר'האָט נאָר אַזוי פיל סטאַשן געזאָגט, אַז ער איז געקומען צו פאָרן נאָך אים און נאָך נעלן און אַז ער וועט תיכּף קומען אין געצעלט אַריין, מודיע צו זיין לויט די פאַראָרדנונג פון די עלטערע הערן, וואוהין זיי האָבן צו פאָרן. דאָס ייִנגל איז באַלד אַוועקגעלאָפן מיט דער גוטער בשורה צו נעלן, וועלכע ער האָט געטראָפן זיך שפּילן מיט סאַבאַן פאַרן געצעלט.

— ווייסט! כאַמיס איז דאָ! — האָט ער נאָך פונדערווייטנס אויסגערופן.

נעל האָט באַלד אָנגעהויבן אונטערצושפּרינגען, האַלטנדיק ביידע פּיסלעך צוזאַמען, ווי עס טוען דאָס די מיידעלעך, בשעת זיי שפּרינגען איבער אַ שנור.

— מיר וועלן פאָרן! מיר וועלן פאָרן!

— יאָ — מיר וועלן פאָרן און ווייט!

— וואוהין? — האָט זי געפרעגט, אַוועקשאַרנדיק מיט די הענטעלעך די טשעפּרינע, וואָס איז איר אויף די אויגן אַראָפּגעפאַלן.

— איך ווייס נישט. כאַמיס האָט געזאָגט, אַז ער וועט דאָ תיכף אַהערקומען און וועט זאָגן.

— פונוואַנען־זשע ווייסטו, אַז ווייט?

— וואָרן כ'האָב געהערט, ווי אידריס האָט געזאָגט, אַז ער מיט געברהן וועלן באַלד אַרויסרירן מיט די קעמלען. דאָס הייסט, אַז מיר וועלן פאָרן מיט דער באַן און מיר וועלן דאָרטן טרעפן די קעמלען, וואו עס וועלן זיין אונזערע טאַטעשיס, און פון דאָרטן וועלן מיר מאַכן געוויסע אויספלוגן.

דאָס טשופּרינקעלע האָט צוליב די כסדרדיקע אונטערשפּרונגונגען ווידער באַדעקט נישט נאָר די אויגן, נאָר אויך נעלס גאַנצע פּנים, און אירע פּיסלעך האָבן זיך אַזוי אָפּגעשלאָגן פון דער ערד, גלייך זיי וואָלטן געווען פון גומי.

מיט אַ פערטל שעה שפּעטער איז געקומען כאַמיס און זיך פאַר ביידע אַ נייג געטון:

— קהאַנאַגע (יונגער הער) — האָט ער אויסגערופן צו סטאַשן — מיר פאָרן אין דריי שעה אַרום מיטן ערשטן צוג.

— וואוהין?

— קיין על־גהאַראַק־על־סולטאַני, און פון דאָרטן צוזאַמען מיט די עלטערע הערן אויף קעמלען קיין וואַדי־ראַיאַן.

דאָס האַרץ האָט סטאַשן אַ קלאַפּ געטון פאַר פרייד, אָבער גלייכצייטיק האָבן אים כאַמיסעס רייד פאַרוואונדערט. ער האָט געוואוסט, אַז וואַדי־ראַיאַן איז אַ גרויסער רינג פון זאַמדיקע געבירג, וואָס שטייגן אויף אין דער ליבייִשער מדבר אויף דרום און אויף דרום־מערב פון מעדינעט, אין דער צייט, וואָס הער טאַרקאָווסקי מיטן הער ראַווליסאָן האָבן אַרויס־

פאַרנדיק גאָר געזאָגט, אַז זיי לאָזן זיך אַוועק פּונקט אין דער פאַרקער־טער ריכטונג, אין דער זייט פון נילוס.

— וואָס איז געשען ? — האָט סטאַש געפרעגט. — איז מיין טאַטע מיטן הער ראַווליסאַן גאָרנישטאָ אין בעני־סועף, נאָר אין על־גהאַראַק ?

— אַזוי איז זיי אויסגעקומען — האָט כאַמיס געענטפערט.

— זיי האָבן דאָך אָבער געהייסן צו זיך שרייבן קיין על־פאַכען.

— אין דעמדאָזיקן בריוו שרייבט דער עלטערער עפענדי, פאַר־וואָס זיי זענען אין על־גהאַראַק.

און ער האָט געזוכט אַ ווײַלע דעם בריוו בײַ זיך, דערנאָך האָט ער אויסגעשריגן :

— אָך, נאַבי ! (נביא) כ׳האָב איבערגעלאָזט דעם בריוו אין דער טאָרבע בײַ די קעמל־טרייבער. כ׳וועל באַלד אַהינלויפן, כל זמן אידריס און געבהר וועלן נישט אָפּפאָרן.

און ער איז אַוועקגעלאָפן צו די קעמל־טרייבער, און דערווייל האָבן זיך די קינדער צונויפגעזאַמלט מיט דינהן אָנגעהויבן צוגרייטן אין וועג אַריין. און ווייל עס האָט זיך פאַרנומען אויף אַ ווייטערן אויספלוג, האָט דינה דעריבער פאַרפאַקט עטלעכע קליידלעך, אַ ביסל וועש און וואַרעמע מלבושים פאַר נעלן. סטאַש האָט אויך אַ טראַכט געטון וועגן זיך, און באַזונדערס האָט ער נישט פאַרגעסן אָן שטוצער און די לאָדונגען, האָפנ־דיק, אַז ער וועט זיך טרעפן אַרום די בערגלעך פון וואַדי־ראַיאַן מיט וועלף און היענעס.

כאַמיס האָט זיך ערשט אומגעקערט אין אַ שעה אַרום, אַזוי דער־שוויצט, אָפּגעיאַכמערט, אַז ער האָט אַ שטיקל צייט דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן.

— כ׳האָב שוין נישט געפונען די קעמל־טרייבער — האָט ער גע־זאָגט — און כ׳האָב זיי נאָכגעיאָגט, נאָר אומזיסט. דאָס שאַדט אָבער גאָר־נישט, וואָרן די בריוו און די עלטערע עפענדיס אַליין וועלן מיר דאָך טרעפן אין על־גהאַראַק. צי פאָרט דינה אויך מיט אונז ?

— וואָס איז דען ?

— אפשר איז גלייכער, אַז זי זאָל איבערבלייבן. די עלטערע הערן האָבן וועגן איר לחלוטין נישט דערמאָנט.

— זיי האָבן אָבער אָנגעזאָגט, אַרויספאָרנדיק, אַז דינה זאָל

שטענדיק באַגלייטן די פריילין, דעריבער וועט זי איצט אויך מיט־פאָרן.

כאַמיס האָט זיך פאַרנייגט, צוליינגנדיק די האַנט צום האַרץ און אויסגערופן:

— לאָמיר זיך צזאיילן, הער, וואָרן אויב נישט, וועט דער קאַטער (צוג) אַוועקגיין.

די זאַכן זענען געווען גרייט, דעריבער האָבן זיי זיך פונקט צו דער צייט געפונען אויף דער סטאַציע. דער מרחק פון מעדינעט ביז גהאַראַק האָלט נישט מער ווי דרייסיק קילאָמעטער, אָבער די שמאָלע באַן, וואָס פאַרייניקט דידאָזיקע ערטער, גייט פאַמעלעך, מיט געדרייטע וועגן און פאַרהאַלט זיך אויף אָן אַ שיעור סטאַציעס. ווען סטאַש וואָלט געווען איי־נער אַליין, וואָלט ער בלי שום ספק בעסער געווען געפאָרן אויף די קעמלען, ווי מיט דער באַן, וואָרן ער האָט אויסגערעכנט, אַז אירדיס מיט געבהרן, וועלכע זענען אַרויסגעפאָרן מיט צוויי שעה פאַרן צוג, וועלן פריער פאַר זיי אָנקומען קיין גהאַראַק. אָבער פאַר נעלן וואָלט דאָס גע־ווען אַ צו ווייטער וועג, דעריבער האָט דער קליינער אפטרופוס, וועלכער האָט זיך זייער צום האַרץ גענומען די התראות פוןביידע טאַטעס, נישט געוואָלט גורם זיין, אַז דאָס מיידעלע זאָל זיך פאַרמאַטערן. איבעריקנס איז ביידע די צייט אַזוי שנעל אַדורך, אַז איידער זיי האָבן זיך אומגע־קוקט, זענען זיי שוין געווען אין גהאַראַק.

דאָס קליינע סטאַציעלע, פון וועלכער די ענגלענדער מאַכן געוויינ־לעך זייערע אויספלוגן קיין וואַדי־ראַיאַן, איז געווען פולשטענדיק ליידיק. זיי האָבן נאָר דאָרט באַגעגנט עטלעכע פאַרשלייערטע פרויען מיט קוישן מאַנדאַרינקעס, צוויי אומבאַקאַנטע קעמל־טרייבער, בעדוינער, ווי אויך אידריסן מיט געבהרן מיט זיבן קעמלען, פון וועלכע איינער איז געווען פעסט באַלאָדנט. פון דעם הער טאַרקאָווסקי אָבער מיטן הער ראַווליסאָן איז אפילו קיין סימן נישט געווען.

אָבער אידריס האָט אויף אַזאַ אופן דערקלערט זייער אָפּוועזנ־הייט:

— די עלטערע הערן זענען אַוועקגעפאָרן אין דער מדבר אַריין, כדי אויפצושטעלן די ביידלעך, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון עטסאַ און זיי האָבן אונז געהייסן הינטער זיך נאָכפאָרן.

— און ווי אַזוי וועלן מיר זיי געפינען צווישן די געבירג? — האָט סטאַש געפרעגט.

— זיי האָבן אונז געשיקט וועגווייזער, וועלכע וועלן אונז פירן.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אָנגעוויזן אויף די בעדווינער. דער עלטערער פון זיי האָט זיך אַ בייג געטון, אויסגעווישט זיך מיטן פינגער איין אויג, וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט און אויסגערופן:

— אונזערע קעמלען זענען נישט אַזוי פעט, אָבער נישט ווינציקער פלינק פון אייערע. אין אַ שעה אַרום וועלן מיר דאָרטן זיין.

סטאַש איז געווען צופרידן, וואָס זיי וועלן די נאַכט פאַרברענגען אין דער מדבר, אָבער נעל האָט געפילט אַ געוויסע אַנטוישונג, וואָרן מתחילת איז זי געווען זיכער, אַז זי וועט טרעפן דעם טאַטעשי אין גהאַראַק.

דערווייל האָט זיך דער נאַטשעלניק פון דער סטאַציע, אַ פאַרשלאָפענער עגיפּטיאַנער אין אַ רויטער פעס און אין טונקעלע ברילן, דערבענטערט, און נישט האָבנדיק עפּעס אַנדערש וואָס צו טון, אָנגעהויבן זיך צוצוקוקן צו די אייראָפּעישע קינדער.

— דאָס זענען די קינדער פון די „אינגליזיס", וועלכע זענען היינט אינדערפרי מיט ביקסן אַוועקגעפאָרן אין דער מדבר אַריין — האָט אידריס אויסגערופן, באַזעצנדיק נעלן אויפן זאָטל.

אַוועקגעבנדיק כאַמיסן דעם שטוצער, האָט זיך סטאַש לעבן איר אַנידערגעזעצט, וואָרן דאָס זאָטל איז געווען אַ בריווחדיקס און ס'האָט געהאַט דאָס געשטאַלט פון אַ פאַלאַנקין, נאָר אָן אַ דאַך. דינה האָט זיך באַזעצט הינטער כאַמיסן, די איבעריקע האָבן פאַרנומען באַזונדערע קעמלען און מ'האָט גערירט פון אָרט.

ווען דער נאַטשעלניק פון דער סטאַציע וואָלט זיי געווען אַביסל לענגער נאָכגעקוקט, וואָלט ער אפשר געווען פאַרוואונדערט, וואָס יענע ענגלענדער, וועגן וועלכע אידריס האָט דערמאַנט, זענען געפאָרן גלייך צו די רוינען אויף דרום, זיי אָבער האָבן זיך מיטאַמאָל אַ פאַרנעם געטון קיין טאַלעי אין דער קעגנזייטיקער ריכטונג. אָבער דער נאַטשעלניק האָט זיך נאָך געהאַט פריער אומגעקערט אַהיים, ווייל קיין שום צוג איז היינט קיין גהאַראַק מער נישט געקומען.

ס'איז געווען פינף אַ זייגער נאָכמיטאָג. אַ הערלעך וועטער. די זון איז שוין געהאַט אַריבערגעגאַנגען איבער דער זייט נילוס און אַראָפּגענידערט איבער דער מדבר, פאַרזונקענדיק אין גאָלדענע און אין פורפורנע שטראַלן, וואָס האָבן געפלאַקערט אויף דער מערבדיקער זייט פון

הימל. די לופט איז אַזוי דורכגעזאַפּט געווען מיט אַ ראָזן בלאַסק, אַז די אויגן האָבן זיך צוליב דער גרויסער שפּע צוגעמרוזשעט. די פעלדער האָבן אָנגענומען דעם שאָטן פון ליליע־קאָליר, און די ווייטע בערג, וואָס האָבן זיך שאַרף געצייכנט אויפן פאָן פון די שטראַלן, האָבן געהאַט די פאַרב פון ריינעם אַמעטיסט. די וועלט האָט אָנגעוואוירן איר רעאַלן אויס־זען און האָט אויסגעזען צו זיין איין שפּיל פון איבערערדישע ליכ־טער.

כל זמן זיי זענען געפאָרן דורך דעם גרינעם און באַאַרבעטן לאַנד, האָט דער וועגווייזער, דער בעדוין, געפירט דעם קאַראַוואַן מיט אַ מעסיקן שריט, מיט דעם מאָמענט אָבער, ווען ס׳האָט אונטער די פיס פון די קעמלען אַ סקריפּ געטון דער האַרטער זאַמד, האָט זיך אַלץ מיט איינמאָל געאַנדערשט.

— יאַללאַ! יאַללאַ! — האָבן פּלוצלינג ווילדע קולות אַ וואָיע געטון.

און גלייכצייטיק האָט זיך געלאָזט הערן אַ סוויסטש פון די בייטשן און די קעמלען האָבן, איבערגייענדיק פון די בייטשן אין גאַלאָפּ, אָנ־געהויבן צו יאָגן, ווי אַ שטורמווינט, פונאַנדערשפּריצנדיק מיט די פיס דאָס זאַמד און פעלזן־ברעקלעך פון דער מדבר.

— יאַללאַ! יאַללאַ!

דער גיכער טריט פון אַ קעמל טרייסלט מער, דער גאַלאָפּ, מיט וועלכן דידאָזיקע חיות לויפן גאַנץ זעלטן, הוידעט מער, דעריבער האָט די קינדער מתחילת געוויילט דאָסדאָזיקע שנעלע פאָרן. אָבער. ווי עס איז אַלעמען באַוואוסט, באַקומט מען אַפילו פון אַ הושטאַויקע, ווען מען הוי־דעט זיך צו שנעל, קאָפּ־פאַרדרייעניש. אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען דער אימפּעט האָט נישט אויפגעהערט, האָט זיך דער קליינער נעל אָנגעהויבן דרייען אין קאָפּ און טונקל ווערן פאַר די אויגן.

— סטאַש, פאַרוואָס לויפן מיר אַזוי שנעל? — האָט זי אויסגע־רופן, ווענדנדיק זיך צו איר חבר.

— איך מיין, אַז זיי האָבן פריער דערלאָזט די קעמלען צופיל זיך פונאַנדערצוויאָגן, איצט קענען זיי זיי נישט פאַרהאַלטן — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט.

אָבער באַמערקנדיק, אַז דעם מיידלס פנים איז עטוואָס בלאַס גע־וואָרן, האָט ער אָנגעהויבן שרייען צו די בעדוינער, וואָס האָבן געיאָגט פאַרויס, אַז זיי זאָלן איינהאַלטן. זיין רופן אָבער האָט נאָר גורם געווען,

אַז ס'האָבן זיך ווידער דערהערט די אויסגעשרייען: „יאַללאַ!" — און די חיות האָבן נאָך שנעלער אָנגעהויבן צו לויפן.

דאָס ייִנגל האָט אין דער ערשטער רגע געטראַכט, אַז די בעדווינער האָבן אים נישט דערהערט, ווען ער האָט אָבער אויף זיין ווייטערדיקן רופן קיין שום ענטפער נישט באַקומען און ווען געבהר, וועלכער איז הינטער זיי געפאָרן, האָט נישט אויפגעהערט צו שמירן דאָס קעמל, אויף וועלכן זייביידע, ער מיט בעלן זענען געזעסן, האָט ער אַ טראַכט געטון, אַז דאָס האָבן נישט די קעמלען אַזאַ טראַג געטון, נאָר אַז די מענטשן איילן זיך אַזוי צוליב עפּעס אַ סיבה, וואָס איז אים אומבאַוואוסט.

עס איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז אפשר זענען זיי געפאָרן מיט אַ שלעכטן וועג און, ווילנדיק זיך אויסשלאָגן די פאַרלוירענע צייט, יאָגן זיי אַצינדערט אויס מורא, כדי די עלטערע הערן זאָלן זיי נישט אויסזידלען פאַר דעם צו שפּעטן קומען. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך באַרעכנט, אַז דאָס קאָן נישט זיין, וואָרן דער הער ראַווליסאָן וואָלט נאָך מער אין כעס געווען פאַר דעם צו פיל אָפּמאַטערן נעלן. וואָס־זשע קאָן דאָס באַדייטן? און פאַרוואָס האָרכן זיי נישט זיינע באַפעלן? דעם ייִנגל האָט אָנגעהויבן אַרומנעמען אַ כעס און אַ מורא צוליב נעלן.

— שטיי! — האָט ער מיטן גאַנצן כוח אַ געשריי געטון, ווענדנ־דיק זיך צו געבהרן.

— אוסקוט (שווייג)! — האָט אַלס ענטפער דער סודאַנער אַ וויע געטון.

און זיי האָבן ווייטער געיאָגט.

די נאַכט פאַלט־צו אין עגיפּטן אַרום זעקס אַ זייגער, דעריבער איז די הימל־רויטקייט אין קורצן פאַרלאָשן געוואָרן, און נאָך אַ געוויסער צייט האָט זיך אויפן הימל אַרויפגעקאָלערט אַ גרויסע, און פון דעם אָפּ־שיין פון דער הימל־רויטקייט, רויטע לבנה און באַלויכטן די מדבר מיט אַ רויקער ליכט.

אין דער שטילקייט האָט מען נאָר געהערט דאָס דערייאַכמערטע אָפּעטעמען פון די קעמלען און דאָס טויבע, שנעלע אָפּקלאַפּן פון זייערע פיס אָן זאמד, און טיילמאָל אַ סווישטש פון די בייטשן. נעל איז שוין אַזוי פאַרמאַטערט געווען, אַז סטאַש האָט זי געמוזט אונטערהאַלטן אויפן זאָטל. יעדע ווײַלע האָט זי זיך געפרעגט, צי זיי וועלן אינגיכן שוין אָנקומען, און ווי עס ווייזט אויס, האָט זי נאָר די האָפנונג פון באַלדיקן זען דעם פאָטער געשטאַרקט. אָבער אומזיסט האָבן זיי זיך ביידע

אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. ס'איז אַדורך איין שעה, דערנאָך די צווייטע: און נישט קיין געצעלטן, נישט קיין פייערלעך האָט מען אין ערגעץ געזען.

דו מאָלס האָבן זיך סטאַשן די האָר אויפן קאָפּ אויפגעשטעלט, וואָרן ער האָט ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז מ'האָט זיי אויפגעכאַפּט.

## VI.

אין די הערן טאַרקאָווסקי און ראַווליסאָן האָבןווירקלעך אָפּגעוואַרט די קינדער, אָבער נישט צווישן די זאַמדיקע געבערג פון וואַדי-ראַיאַן, וואוהין זיי האָבן נישט באַדאַרפן, און אפילו קיין חשק נישט געהאַט צו פאָרן, נאָר אין אַ פולשטענדיק אַנדערער זייט, אין דער שטאָט על-פאַכען, באַם קאַנאַל מיטן זעלבן נאָמען, באַ וועלכן זיי האָבן באַקוקט באַם ענדע יאָר די אויסגעפירטע אַרבעטן. דער מרחק צווישן על-פאַכען און מעדינעט האַלט אין אַ גלייכער ליניע אַן ערך פון פינף און פערציק קילאָמעטער. ווייל ס'איז אָבער נישטאָ קיין דירעקטע פאַרבינדונג און מען דאַרף פאָרן אויף על-וואַסטאַ, וואָס דאָס פאַרטאָפּלט כמעט דעם וועג, איז דעריבער האָט הער ראַווליסאָן, אַדורכקוקנדיק דאָס באַן-רייזע-ביכל, געמאַכט פאָלגנדע אויסרעכנונגען:

— כאַמיס איז אַרויסגעפאָרן אייערנעכטן אין אָוונט — האָט ער געזאָגט צום הער טאַרקאָווסקי — און אין על-וואַסטאַ האָט ער געכאַפּט דעם צוג, וואָס גייט פון קאַיראָ, איז ער אַלזאָ היינט אינדערפרי אָנגעקומען קיין מעדינעט. די קינדער וועלן זיך צייט אַ שעה פאַרפאַקן. ווען ער זאָל אָבער אַרויספאָרן אַרום מיטאָג-צייט, וואָלט ער געמוזט וואַרטן אויפן נאַכט-צוג, וואָס גייט לענגויס דעם נילוס, און צוליב דעם, וואָס איך האָב נישט דערלויבט נעלן צו פאָרן באַנאַכט, וועלן זיי אַלזאָ אַרויספאָרן היינט אינדערפרי און וועלן דאָ זיין תיכף נאָך זון-אונטערגאַנג.

— יאָ, — האָט הער טאַרקאָווסקי אויסגערופן — כאַמיס מוז זיך אַ קאָפּ אָפּרוען, סטאַשן, וואָס אַן אמת, מוז דער קאָפּ פלאַטערן, אָבער

פונדעסטוועגן, ווען עס גייט וועגן נעלן, מעג מען זיך אויף אים פאַר־לאָזן. איבעריקנס, האָב איך אים אויך געשיקט אַ צעטעלע, אַז זיי זאָלן נישט אַרויספאָרן אויף באַנאַכט.

— אַ טיכטיק יינגל און איך פאַרלאָז מיך אויף אים פולשטענדיק — האָט אים הער ראַווליסאָן געענטפערט.

— וואָס אָן אמת — איך אויך. סטאַש פאַרמאָגט באַ אַלע זיינע חסרונות אַן ערלעכן כאַראַקטער און ער וועט קיינמאָל נישט זאָגן קיין ליגנט, וואָרן ער איז מוטיק, און ליגנט זאָגן נאָר פחדנים. קיין ענערגיע פעלט אים אויך נישט און אויב ער וועט זיך מיט דער צייט אויסאַרבעטן אויף אַ מענטש מיט איבערלייגונג, מיין איך, אַז ער וועט זיך אַן עצה געבן אויף דער וועלט.

— אָן שום ספק. וואָס שייך ווידער צו איבערלייגונג, צי ביסטו דען מער באַרעכנט געווען אין זיינע יאָרן?

— כ׳מוז מיך מודה זיין, אַז ניין, — האָט הער טאַרקאָווסקי לאַכנ־דיק געענטפערט — נאָר כ׳האָב אפשר נישט צופיל אַזוי געגלייבט אין זיך, ווי ער.

— דאָס וועט אַריבערגיין. דערווייל מעגסטו זיין גליקלעך, וואָס דו האָסט אַזאַ יינגל.

— און דו, וואָס דו האָסט אַזאַ זיס און טייער באַשעפעניש, ווי נעל.

— זאָל זי זיין געבענטשט פון גאָט — האָט הער ראַווליסאָן מיט געריירטקייט געענטפערט.

ביידע פריינט האָבן זיך אַ דריק געטון די הענט, נאָכדעם האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט איבערצוקוקן די פּלאַנען און פּרייז־אויסרעכנונגען פון די אַרבעטן. מיט דערדאָזיקער באַשעפטיקונג איז זיי אַדורך די צייט ביזן אָוונט.

אַרום זעקס אַ זייגער, ווען די נאַכט איז שוין געהאַט צוגעפאַלן האָבן זיי זיך געפונען אויף דער סטאַציע, און גייענדיק איבערן פּעראָן, האָבן זיי ווייטער פאַרגעזעצט זייער געשפּרעך וועגן די קינדער.

— אַ פּראַכטפולע וועטער, נאָר ס׳איז קיל — האָט זיך הער ראַווליסאָן אָנגערופן. — צי האָט נאָר כאָטש נעל מיטגענומען מיט זיך די וואַרעמע מלבושים?

— סטאַש וועט וועגן דעם געדענקען און דינה אויך.

— פונדעסטוועגן טוט מיר באַנג, וואָס, אַנשטאָט מיר ברענגען זיי דאָ אַראָפּ, זענען מיר אַליין נישט געפאָרן קיין מעדינעט.

— דערמאַן דיך טאַקע, אַז איך האָב דיר אַזוי געעצהט.

— איך ווייס — און ווען נישט דאָס, וואָס מיר דאַרפן פונדאַנען צו פאָרן ווייטער אויף דרום, וואָלט איך געוווען דערויף איינגעגאַנגען. כ׳האָב אָבער סוף כל סוף אויסגערעכנט, אַז דער וועג וואָלט אונז געווען פאַרנומען מער צייט און מיר וואָלטן קירצער פאַרברענגט מיט די קינדער. כ׳וועל מיך דיר איבעריקנס מודה זיין, אַז כאַמיס האָט מיר אויפגעבן דעם געדאַנק, אַז כ׳זאָל זיי דאָ אַהערברענגען. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער בענקט שרעקלעך נאָך זיי און אַז ער וואָלט געווען איינער אַ גליקלעכער, ווען איך וואָלט אים נאָך זיי ביידע געשיקט. איך וואונדער מיך גאָרנישט אויך, וואָס ער האָט זיך צו זיי צוגעבונדן...

דעם ווייטערדיקן געשפּרעך האָבן איבערגעריסן די סיגנאַלן, וואָס האָבן צו וויסן געטון, אַז דער צוג דערנענטערט זיך. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אין דער פינצטערניש באַוויזן די פייערדיקע אויגן פון לאָקאָמאָטיוו, און גלייכצייטיק האָט זיך געלאָזט הערן זיין פאַרשטיקט סאָפּען און פייפן.

אַ רייע פון באַלויכטענע וואַגאָנעס האָבן זיך דורכגערוקט לענגאויס דעם פּעראָן, דער צוג האָט אַ ציטער געטון און איז שטיין געבליבן.

כ׳האָב זיי נישט געזען אין קיין שום פענצטער — האָט הער ראַוואַליסאָן אויסגערופן.

— זיי זיצן אוודאי טיפער און זיי וועלן באַלד זיכער אַרויסקומען.

— די רייזנדע האָבן אָנגעהויבן אויסצושטייגן, אָבער מערסטנטיילס זענען דאָס געווען אַראַבער, וואָרן על־פאַכען האָט נישט געהאַט, אַ חוץ בלויז די שיינע פּאַלמען און אַקאַציע־וועלדער, קיין שום מערקווירדיקס צו זען. די קינדער זענען נישט געקומען צו פאָרן.

— כאַמיס האָט, אָדער ער האָט נישט באַוויזן צו כאַפּן דעם צוג אין על־וואַסטאַ, — האָט זיך הער טאַרקאָווסקי מיט אַ שאָטן פון שלעכטן הומאָר אָנגערופן — אָדער ער איז נאָך דער באַנאַכטיקער רייזע פאַרשלאָפן און זיי וועלן ערשט קומען צו פאָרן מאָרגן.

— גאַנץ מעגלעך, — האָט הער ראַוואַליסאָן מיט אומרויִקייט געענטפערט. — אָבער דאָס האָט אויך געקאָנט געשען, אַז וועלכעס איז שלאָף געוואָרן.

— סטאַש וואַלט אין דעם פאַל געווען טעלעגראַפירט.

— ווער ווייסט, צי מיר וועלן נישט טרעפן קיין דעפּעשע אין האָטעל.

— לאָמיר גיין.

אָבער אין האָטעל האָט זיי נישט דערוואַרט קיין שום ידיעה. הער ראַווליסאָן איז וואָס אַמאָל מער אומרויִקער געוואָרן.

— ווייסט, וואָס נאָך ס'האָט געקאָנט געשען? — האָט הער טאַר־קאָווסקי אויסגערופן. — אָט וואָס, אויב כאַמיס איז פאַרשלאָפן, האָט ער וועגן דעם די קינדער גאָרנישט דערציילט, ער איז ערשט היינט צו זיי געקומען און ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפן מאָרגן פאָרן. פאַר אונדז וועט ער זיך פאַרענטפערן מיט דעם, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען אונזערע באַפעל. יעדנפאַלס וועל איך טעלעגראַפירן צו כטאַשן.

— און איך צום מודיר פון פאַיום.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען געוואָרן אָוועקגעשיקט צוויי דעפּעשן. ס'איז נאָך וואָס אַן אמת, נישט געווען קיין שום סיבות זיך צו באַאומרויִקן, דאָך האָבן די אינזשיניערן אין דערוואַרטונג אויף אַן ענטפער פאַרבראַכט אַ שלעכטע נאַכט און באַלד פאַרטאָג זענען זיי שוין געשטאַנען אויף די פיס.

ענטפער פון מודיר איז ערשט געקומען אַרום צען אַ זייגער און דער אינהאַלט אירער איז געווען פאָלגענדער:

„מ'האָט נאָכגעזוכט אויף דער סטאַציע. די קינדער זענען נעכטן אַרויסגעפאָרן קיין גהאַראַק־על־סולטאַני".

ס'איז זיך לײַכט פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ דערשטוינונג און כעס ס'האָט די טאַטעס אַרומגענומען אויף דערדאָזיקער אומגעריכטער ידיעה. אַ געוויסע צײַט האָבן זיי זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, ווי נישט פאַרשטייענדיק די ווערטער פון דער דעפּעשע. דער הער טאַרקאָווסקי, וועלכער איז געווען אַ נערוועזער מענטש, האָט אַ זעץ געטון מיט דער פויסט אין טיש און אויסגערופן:

— דאָס איז סטאַשס אַ המצאה, אָבער איך וועל אים אָפּגעוויינען פון אַזעלכע המצאות.

— כ'האָב מיך דאָס נישט געריכט אויף אים — האָט נעלס פאָטער געענטפערט.

נאָר נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך אַ פרעג געטון:

— נו, און וואָס איז מיט כאַמיסן?

— אָדער ער האָט זיי נישט געטראָפן און ווייסט נישט, וואָס ער האָט צו טון, אָדער ער איז זיי נאָכגעפאָרן.

— איך מיין אויך אַזוי.

און מיט אַ שעה שפּעטער זענען זיי אַרויסגעפאָרן קיין מעדינעט. אין די געצעלטן זענען זיי געוואויר געוואָרן, אַז די קעמל־טרייבער זענען אויך נישטאָ, און אויף דער סטאַציע האָט מען באַשטעטיקט, אַז כאַמיס איז מיט די קינדער אַרויסגעפאָרן קיין על־גהאַראַק. דער ענין האָט וואָס אַמאָל מער טונקעלער אויסגעזען און ער האָט נאָר געקאָנט באַלויכטן ווערן אין על־גהאַראַק.

ערשט אויף דערדאָזיקער סטאַציע האָט זיך אָנגעהויבן ווי ס׳איז אויפדעקן דער שרעקלעכער אמת.

דער סטאַציע־שעף, דער זעלבער פאַרשלאָפענער עגיפּטיאַנער אין די טונקעלע ברילן מיט דעם רויטן פעס, האָט זיי דערציילט, אַז ער האָט געזען אַ ייִנגל פון בערך אַ פערצן יאָר און אַן אַכטיעריק מיידעלע מיט אַן עלטערער בעגערין, וועלכע זענען אַוועקגעפאָרן אין דער מדבר אַריין. ער געדענקט נישט, צי עס זענען געווען איבעריקע אַכט קעמלען, צי ניין, אָבער ער האָט באַמערקט, אַז אײנער איז געווען באַלאָדנט מיט לעדער־נע זעק, ווי אין אַ וויַיטן וועג אַריין, און די צוויי בעדוינער האָבן אויך געהאַט גרויסע זעק לעבן די זאָטלען — ער דערמאַנט זיך אויך, אַז ווען ער האָט זיך צוגעקוקט צו דעם קאַראַוואַן, האָט אים אײנער פון די קעמל־טרייבער, אַ סודאַנער, געזאָגט, אַז דאָס זענען קינדער פון די ענגלענדער, וועלכע זענען פריער געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין וואַדי־ראַיאַן.

— צי האָבן זיך יענע ענגלענדער אומגעקערט ? — האָט הער טאַרקאָווסקי געפרעגט.

— יאָ. זיי האָבן זיך נעכטן אומגעקערט מיט צוויי דערהרגעטע וועלף — האָט דער סטאַציע־שעף דערציילט — און דאָס האָט מיך אפילו טאַקע געוואונדערט, וואָס זיי קערן זיך נישט אום צוזאַמען מיט די קינ־דער. נאָר כ׳האָב זיי נישט געפרעגט די סיבה דערפון, ווייל דאָס געהערט נישט צו מיר.

דאָס זאָגנדיק, איז ער צוריק אַוועקגעגאַנגען צו זיינע ענינים.

אין דער צייט פון דעמדאָזיקן דערציילן, איז דאָס פנים פון הער ראַווליסאָן געוואָרן ווייס ווי פּאַפּיר. קוקנדיק מיט אַ בלאָנדזשענדן בליק אויף זיין פריינט, האָט ער אַראָפּגענומען דעם הוט, אויפגעהויבן די האַנט

צום דערשוויצטן שטערן און זיך אַ וואַקל געטון, ווי ער וואָלט שיער אומגעפאַלן.

— ראַוווליסאַן, זיי אַ מאַנספאַרשוין! — האָט הער טאַרקאָווסקי אויסגערופן. — אונזערע קינדער האָט מען אויפגעכאַפּט. מ׳דאַרף זיי ראַטעווען.

— נעל! נעל! — האָט דער אומגליקלעכער ענגלענדער איבער־געחזרט.

— נעל מיט סטאַשן! דאָס איז נישט סטאַשס שולד. מ׳האָט זיי ביידע פאַררעטעריש אַהער פאַרנאַרט און אויפגעכאַפּט. ווער ווייסט — צו־ליב וואָס. אפשר צוליב אויסלייז־געלט. כאַמיס געהערט בלי שום ספק צו דערדאָזיקער פאַרשווערונג. אידריס און געבהר אויך.

דאָ האָט ער זיך דערמאַנט, וואָס פאַטמאַ האָט געזאָגט, אַז ביידע קעמל־פירער געהערן צום שבט פון די דאַנגאַלן, אין וועלכן מאַהדי איז געבוירן געוואָרן און פון דעם זעלבן שבט שטאַמט אויך טשאַדיגי, כאַ־מיסעס פאָטער. באַ דערדאָזיקער דערינערונג איז אים דאָס האַרץ אויף אַ רגע אין דער ברוסט אַנטפאַלן, וואָרן ער האָט ערשט פאַרשטאַנען, אַז די קינדער האָבן געקענט ווערן אויפגעכאַפּט נישט, כדי צו קריגן פאַר זיי אויסלייז־געלט, נאָר, כדי זיי אויסצוטוישן פאַר דער משפחה פון סמיינען.

אָבער וואָס וועלן מיט זיי טון די ראַסן־פאַרוואַנדטע פון דעם שרעקלעכן נביא? באַהאַלטן זיך אין דער מדבר, אָדער ערגעץ אויף די ברעגן פון נילוס קענען זיי נישט, וואָרן אין דער מדבר וואָלטן אַלע פון הונגער און פון דורשט אויסגעשטאָרבן, און לעבן נילוס וואָלט מען זיי זיכער געכאַפּט. סיידן זיי וואָלטן מיט די קינדער אַוש צו מאַהדין אַנט־לאָפן.

און דערדאָזיקער געדאַנק האָט דעם הער טאַרקאָווסקי אָנגעפילט מיט שרעק, אָבער דער ענערגישער עקס־סאָלדאַט איז גיך צו זיך גע־קומען און אָנגעהויבן דורכצולויפן מיטן געדאַנק אַלץ, וואָס עס איז געשען, און גלייכצייטיק האָט ער געזוכט פאַרשידענע רעטונגס־מיטלען.

— פאַטמאַ — האָט ער זיך געפרוווט משער זיין מיטן שכל — האָט נישט געהאַט קיין שום גרונד זיך נוקם צו זיין אָן אונז אָדער אָן אונזערע קינדער, דעריבער אויב זיי זענען אויפגעכאַפּט געוואָרן, איז עס, משמעות, צוליב דעם, כדי זיי אַרויסצוגעבן אין סמיינס הענט. אין יעדן

פֿאַל דראָעט זיי נישט קיין טויט. און דאָס איז דאָס גליק אין דעם אומ־גליק, אָבער פֿאַרדאָס דערוואַרט זיי אַ שרעקלעכער וועג, וועלכער קאָן זיין פֿאַר זיי געפֿערלעך.

און ער האָט זיך תּיכּף געטיילט מיט דידאָזיקע געדאַנקען מיט זיין פֿויינט, נאָכדעם האָט ער אַזוי געזאָגט :

— אידריס און געבהר, אַלס ווילדע און נאַרישע מענטשן, מאַלן זיך אויס, אַז מאַהדיס מחנות זענען שוין נישט ווייט, און דערווייל ליגט כאַרטום, צו וועלכן מאַהדי האָט זיך דערנענטערט, ווייט פֿונדאַנען אויף צוויי טויזנט קילאָמעטער. דעמדאָזיקן וועג מוזן זיי דורכמאַכן לענגויס דעם נילוס און נישט דערווייטערן זיך פֿון אים, וואָרים אַנדערש וואָלטן די קעמלען און די מענטשן געפֿאַלן פֿון דורשט. פֿאַר תּיכּף קיין קאַיראָ און פֿאָדער פֿון כעדיוו, אַז מען זאָל אַרויסשיקן דעפּעשן צו אַלע מיליטערישע וואַכן און מען זאָל איינאָרדנען אַ געיעג אויף דער רעכטער און לינקער זייט לענגויס דעם טייך. די שעיקן, וועלכע וואוינען אַרום די ברעגן, זאָג צו אַ גרויסע באַלוינונג פֿאַר כאַפּן די אַנטלאָפֿענע. אין די דערפֿער זאָל מען פֿאַרהאַלטן אַלע יעניקע, וועלכע וועלן זיך דער־נענטערן נאָך וואַסער בעמען. אויף אַזאַ אופֿן מוזן אידריס און געבהר אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון דער מאַכט, און מיר וועלן צוריק באַקומען די קינדער.

הער ראַווליסאָן האָט צוריק באַקומען זיין קאַלטבלוטיקייט.

— איך פֿאָר — האָט ער אויסגערופֿן. — דידאָזיקע מערדער האָבן גאָר פֿאַרגעסן, אַז די ענגלישע אַרמיי פֿון וואָלסעלעי, וועלכע איילט גאָר־דאָגען צו הילף, איז שוין אין וועג און אַז זי וועט זיי אָפּשניידן פֿון מאַהדין. זיי וועלן זיך נישט אַרויסדרייען ! איך שיק תּיכּף ומיד אַרויס אַ דעפּעשע צו אונזער מיניסטער, און דערנאָך פֿאָר איך. וואָס קלערסטו צו טון ?

— איך טעלעגראַפֿיר וועגן אורלויב, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער, לאָז איך מיך אַרויס נאָך זייערע טריט מיטן נילוס קיין נוביען, כּדי אַכטונג צו געבן אויף דעם געיעג.

— אַלזאָ מוזן מיר זיך טרעפֿן, וואָרן איך וועל פֿון קאַיראָ אויך דאָס זעלבע טון.

— גוט ! און איצט צו דער אַרבעט.

— מיט גאָטס זיינער הילף ! — האָט הער ראַווליסאָן געענט־פֿערט.

## VII.

און דערווייל האָבן די קעמלען געיאָגט, ווי אַ הוראַגאַן, איבער די זאַמדן, וואָס האָבן געבלישטשעט פון דער לבנה. ס׳איז צוגעפאַלן אַ טיפע נאַכט. די לבנה, וועלכע איז מתחילת געווען גרויס ווי אַ ראָד און רויט, איז בלאַסער געוואָרן און זיך אַרויפגעקאָלערט הויך. די ווייטע בערג אין דער מדבר זענען באַדעקט געוואָרן מיט אַ מושלין־זילבערנעם נעפל, וועלכער האָט, נישט פאַרשטעלנדיק זייער אָנבליק, פאַרוואַנדלט זיי אין לייכטנדיקע געשפּענסטער. פון צייט־צו־צייט איז פון הינטער די פעלזן, וואָס זענען דאָ און דאָרט געווען פונאַנדערגעשפּרייט, דערגאַנגען אַ יאָמערלעך היילן פון שאַקאַלן.

ס׳איז ווידער אַדורך אַ שעה. סטאַש האָט מיטן אָרעם אַרומגענומען נעלן און זי צוגעהאַלטן, באַמיענדיק זיך אויף אַזאַ אופן צו פאַרלייכטערן די פאַרמאַטערנדיקע אונטערוואָרפן פון דעם ווילדן פאָרן. דאָס מיידעלע האָט אים וואָס אַמאָל אָפטער אָנגעהויבן אויספרעגן, פאַרוואָס זיי יאָגן אַזוי און פאַרוואָס זעט מען נישט קיין געצעלטן, נישט די טאַטעשיס. סטאַש האָט ענדלעך באַשלאָסן איר צו זאָגן דעם אמת, וועלכן זי וועט סיי ווי פריער צי שפּעטער מוזן געוואויר ווערן.

— נעל — האָט ער אויסגערופן — צי אַראָפּ אַ הענטשקעלע און לאָז עס אַראָפּ אומבאַמערקבאַר אויף דער ערד.

— פאַרוואָס, סטאַש?

און ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און איר אָפּגעענטפערט מיט עפּעס אַן אומגעוויינלעכער זאָרגפעלטיקייט:

— טו, וואָס מ׳זאָגט דיר.

נעל האָט זיך מיט איין האַנט צוגעהאַלטן אָן סטאַשן און זי האָט מורא געהאַט אים אָפּצולאָזן, אָבער זי האָט זיך אָן עצה געגעבן אויף אַזאַ מין אופן, וואָס זי האָט אָנגעהויבן מיט די ציינדלעך אַראָפּציען דאָס הענטשקעלע, — פון יעדן פינגער באַזונדער, — און אַראָפּציענדיק ענדלעך אינגאַנצן, האָט זי עס אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

— אין אַ שטיקל צייט אַרום וואַרף אַראָפּ דאָס צווייטע — האָט זיך

ווידער סטאַש אָנגערופן. — איך האָב שוין מיינע אַראָפּגעוואָרפן, אָבער דיינע וועט לייכטער זיין צו באַמערקן, וואָרן זיי זענען העלע.

און זעענדיק, אַז דאָס מיידעלע קוקט אויף אים מיט אַ פרעגנדיקן בליק, האָט ער צו איר ווייטער אַזוי געזאָגט:

— שרעק דיך נישט איבער, נעל... נאָר האָרך אויס... ס׳קאָן גאַנץ מעגלעך זיין, אַז מיר וועלן לחלוטין נישט טרעפן נישט מיינעם און נישט דיין טאַטן... און אַז דידאָזיקע געמיינע ברואים האָבן אונז אויפגעכאַפּט. אָבער האָב נישט קיין מורא... וואָרן אויב עס איז טאַקע אַזוי, וועט נאָך אונז זיכער גיין אַ געיעג. מ׳וועט אונז אָניאָגן און אָן שום ספק אָפּנעמען. דערפאַר האָב איך דיך געהייסן אַראָפּוואַרפן די הענטשקעלעך, כדי די נאָכיאָגערס זאָלן געפינען אַ צייכן. דערווייל קאָנען מיר גאָרנישט עפּעס אַנדערש אויפטון, נאָר שפּעטער וועל איך שוין עפּעס אויסטראַכטן... כ׳וועל אָן שום ספק עפּעס אויסטראַכטן, נאָר האָב נישט קיין מורא און פאַרלאָז דיך אויף מיר...

נאָר דערוויסנדיק זיך, אַז זי וועט נישט זען דעם טאַטעשי און אַז זיי אַנטלויפן גאָר ערגעץ ווייט אין דער מדבר אַריין, האָט נעל אָנגעהויבן זיך צו טרייסלען פון שרעק און צו וויינען, טוליענדיק זיך איינציטיק צו סטאַשן און אויספרעגנדיק מיט אַ כליפּען, פאַרוואָס מ׳האָט זיי אויפגעכאַפּט און וואוהין מען פירט זיי. ער האָט זי געטרייסט, ווי נאָר ער האָט געקאָנט — און כמעט מיט די זעלבע רייד, וואָס זיין טאַטע האָט געטרייסט דעם הער ראַווליסאָן. ער האָט געזאָגט, אַז אי די טאַטעס אַליין וועלן זיי נאָכיאָגן און אי זיי וועלן צו וויסן געבן אַלע וואַכן לענגאויס דעם נילוס. צום סוף האָט ער איר פאַרזיכערט, אַז וואָס נאָר עס זאָל נישט געשען, וועט ער זי קיינמאָל נישט פאַרלאָזן און ער וועט זי שטענדיק באַשיצן.

אָבער אין איר איז די ווייטיק און די בענקשאַפט נאָכן פאָטער געווען גרעסער אפילו פון דער שרעק, דעריבער האָט זי נאָך אַ לאַנגע צייט נישט אויפגעהערט צו וויינען — און אַזוי זענען זיי געלאָפן, ביידע פאַרטרויערטע, אין דער העלער נאַכט, איבער די בלאַסע זאַמדן פון דער מדבר.

סטאַשן האָט אָבער באַם האַרץ פאַרדריקט נישט נאָר פאַר ווייטיק און מורא, נאָר פאַר חרפּה. דאָס, וואָס עס איז געשען, איז ער, וואָס אַן אמת, נישט שולדיק געווען, פאַר דאָס האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אָן זיינע אַמאָליקע באַרימערייען, וואָס דער פאָטער פלעגט אָפט אין אים

טאַדלען. פריער איז ער געווען איבערצייגט, אַז ס׳איז גאָרנישט פאַרהאַן אַזאַ לאַגע, אין וועלכער ער זאָל זיך נישט קענען קיין עצה געבן; ער האָט זיך געהאַלטן פאַר עפּעס אַן אומבאַזיגבאַרן העלד און איז גרייט געווען אַפילו די גאַנצע וועלט אויף אַ קאַמף אַרויסצורופן. איצט אָבער האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז מער נישט, ווי אַ קליין יינגל, מיט וועלכן איטלעכער קען טון, וואָס ער וויל נאָר — און אַז אָט יאָגט ער קייגן זיין ווילן אויף אַ קעמל, נאָר בלויז דערפאַר, וואָס דאָסדאָזיקע קעמל יאָגט אונטער פון הינטן אַ האַלב־ווילדער סודאַנער. ער האָט זיך געפילט צוליב דעם שרעקלעך אַנטמוטיקט, אין ער האָט נישט געזען קיין שום מעגלעכקייט פון אַנטקייגנשטעלן זיך. ער האָט זיך אַליין געמוזט מודה זיין, אַז ער האָט פּשוט מורא — אי פאַר דידאָזיקע מענטשן, אי פאַר דער מדבר, אי אויך פאַר דעם, וואָס זיי ביידע, אים מיט נעלן קען נאָך געשען.

ער האָט אָבער מיטן גאַנצן האַרץ נישט איר, נאָר אַפילו זיך אַליין אויך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער וועט וואַכן איבער איר און זי שיצן, מעג זיין אַפילו מיטן פּרייז פון זיין אייגענעם לעבן.

נעל האָט, זייענדיק אָפּגעמאַטערט פון וויינען און פון דעם ווילדן פאָרן, וואָס געדויערט שוין אַזוי זעקס שעה צייט, אָנגעהויבן ענדלעך צו דרעמלען, און מאָמענטנווייז אפילו פולשטענדיק איינצושלאָפן. וויסנדיק אַז ווער עס פאַלט אַראָפּ פון אַ גאַלאָפּירנדיק קעמל, קען אויפן אָרט געהרגעט ווערן, האָט זי סטאַש צוגעבונדן צו זיך מיט אַ שנור, וואָס ער האָט געפונען אויפן זאָטל. נאָר נאָך עפּעס אַ געוויסער צייט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער אימפּעט פון די קעמלען האָט אויפגעהערט צו זיין אַזוי שנעל, הגם זיי זענען איצט געלאָפן איבער די גלאַטיקע און ווייכע זאַמדן. אין דער ווייטקייט האָט מען געזען שימערירנדיקע געבירג, און אויפן גלייכן לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן, ווי געוויינלעך אין דער מדבר, די באַנאַכטיקע פאַלשע פאָרשטעלונגען. די לבנה האָט געשיינט אויפן הימל, וואָס אַמאָל בלאַסער, און דערווייל האָבן זיך באַוויזן פאַר זיי נידעריק קריכנדע, וואונדערבאַרע, ראָזע וואָלקנדלעך, פולשטענדיק דורכזיכטיקע, פון ליכטשיין נאָר אויסגעוועבטע. זיי האָבן זיך געשאַפן נישט וויסנדיק צוליב וואָס און זיך גערוקט פאָרויס, ווי דורך אַ לייכט ווינטעלע געשטופּט. סטאַש האָט געזען, ווי די מאַנטלען פון די בעדוינער און די קעמלען זענען פלוצלינג ראָז געוואָרן, אַריינפאָרנדיק אין דידאָזיקע באַלויכטענע שטחים, און דערנאָך האָט דעם גאַנצן קאַראַוואַן אַרומ־

גענומען אַ צאַרטער, ראָזער גלאַנץ. טײלמאָל האָבן די וואָלקנדלעך אָנגע־
נומען אַ בלוילעכן קאָליר און אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן אַזש ביז די
בערג.

לעבן די געבירג האָבן די קעמלען אָנגעהויבן נאָך לאַנגזאַמער צו־
גיין. אויפן גאַנצן שטח אַרום האָט מען איצט געזען פעלזן, וואָס האָבן
אַרויסגעשטאַרט פון די זאַמדיקע קופּעס, אָדער וואָס זענען געלעגן צע־
וואָרפן איבער די זאַמדן אין אַ ווילדער אומאָרדנונג. דער גרונט האָט
אָנגעהויבן ווערן אַ שטיינערדיקער. זיי זענען דורכגעפאָרן עטלעכע פאַר־
טיפונגען, וואָס זענען געווען באַזייעט מיט שטיינער און זענען געווען
ענלעך צו אויסגעטרוקנטע געלעגערן פון טייכן. מאָמענטנווייז האָבן זיי
דעם וועג פאַרשטעלט לענגלעכדיקע טאָלן, וועלכע מ׳האָט געמוזט אַרומ־
פאָרן. די חיות האָבן אָנגעהויבן צו שטעלן פאָרזיכטיקע טריט, איבער־
טרעטנדיק ווי אין טאַנץ מיט די פיס צווישן די טרוקענע און האַרטע
קעמפּעס, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך די יריחושע רויזן, מיט וועל־
כע די שטיינער־פאַרזייעטע שטחים און די פעלזן זענען אָן אַ שיעור באַ־
דעקט געווען. יעדע ווײַלע האָט זיך אַ קעמל געשטרויכלט און ס׳איז גע־
ווען באַשיינפערלעך, אַז מ׳דאַרף זיי שוין לאָזן אויסרוען.

די בעדויִנער האָבן זיך ענדלעך פאַרהאַלטן אין אַן איינגעפאַלע־
נעם טאָל, און אַראָפּרוקנדיק זיך פון די זאָטלען, האָבן זיי זיך גענומען
אויפבינדן די זעק. אידריס און געבהר האָבן זיי נאָכגעטון. מ׳האָט אָנגע־
הויבן באַטראַכטן די קעמלען, לויז מאַכן די זאָטל־פּאַסן, אַראָפּנעמען די
זאַפּאַסן לעבנסמיטל און אויסזוכן אַ פלאַך אָרט, וואו מ׳זאָל קאָנען פונאַנ־
דערלייגן אַ פייער. קיין האָלץ, נישט קיין טרוקן מיסט, מיט וועלכן די
אַראַבער באַנוצן זיך, איז נישט געווען, נאָר כאַמיס, טשאַדיגיס זון, האָט
אָנגעריסן יריחושע רויזן און אָנגעלייגט אַ שפּאָרע קופּע, וועלכע ער האָט
אָנגעצונדן. אין משך פון אַ געוויסער צייט, ווען די סודאַנער זענען פאַר־
נומען געווען מיט די קעמלען, האָבן זיך סטאַש, נעל און איר דערציערין,
די אַלטע דינה, געפונען צוזאַמען, אָפּגעזונדערט. דינה אָבער איז נאָך
מער געווען איבערגעשראָקן פון די קינדער און זי האָט נישט געקאָנט
קיין וואָרט אויסרעדן. זי האָט נאָר נעלן אַרומגעוויקלט מיט אַ וואַרעמען
פּלעד, און אַנידערזעצנדיק זיך לעבן איר אויף דער ערד, האָט זי מיט
אַ קרעכצן איר אָנגעהויבן צו קושן אין די הענטלעך. סטאַש האָט תיכּף
אַ פרעג געטון כאַמיסן, וואָס באַדייט דאָס אַלץ, וואָס עס איז געשען,
אָבער יענער האָט אים לאַכנדיק נאָר געוויזן זײַנע ווייסע ציין און איז

ווידער אויסגעגאַנגען אַנקלייבן יריחושע רויזן. דערנאָך האָט אידריס, וועלכן ער האָט דאָס זעלבע געפרעגט, אים קורץ געענטפערט: „ווערסט שוין זען" — און ער האָט אים אַ דראָע געטון מיטן פינגער. ווען דאָס פייער פון די רויזן, וועלכע האָבן זיך מער געטליעט, ווי געפלאַקערט, האָט ענדלעך אויפגעבלישטשעט, האָבן זיי עס אַלע אַרומגערינגלט אין אַ ראָד, אַ חוץ געבהרן, וועלכער איז נאָך איבערגעבליבן בײַ די קעמלען, און זיי האָבן אָנגעהויבן עסן די קוכנס פון קוקוריזע, ווי אויך געטרוקנט שעפּסן און ציגן־פלייש. די קינדער, וועלכע זענען אויסגעהונגערט געוואָרן אין משך פון דער לאַנגער רייזע, האָבן אויך געגעסן, כאָטש בעלן האָבן זיך גלייכצייטיק געקלעפּט די אויגן פון שלאָף. אָבער דערווייל האָט זיך אין דער שוואַכער שיין פון דעם פייער באַוויזן דער טונקלהויטיקער געבהר, און אַ גלאַנץ טוענדיק מיט די אויגן, האָט ער אויפגעהויבן אין דער הייך צוויי קליינע, העלע הענטשקעלעך און אַ פרעג געטון:

— וועמענס איז דאָס?

— מיינע — האָט מיט אַ שלעפעריק און פאַרמאַטערט קול נעל געענטפערט.

— דיינע, קליינע זשמיע? — האָט דער סודאַנער אַ שיפּע געטון דורך די פאַרקריצטע ציין. — הייסט עס, צייכנסטו דעם וועג דערפאַר, כּדי דיין טאַטע זאָל וויסן, דורך וואַנען אונז צו יאָגן?

און אַזוי רעדנדיק, האָט ער איר אַ קלאַפּ געטון מיטן קאַרבאַטש, מיט דער אַראַבישער שרעקלעכער בייטש, וועלכע האַקט אַדורך אַפילו די פעל פון אַ קעמל. נעל האָט, כאָטש זי איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ דיקער פלעד, אַ געשריי געטון פון ווייטיק און פון שרעק, אָבער געבהר האָט נישט באַוויזן איר צום צווייטן מאָל אַ קלאַפּ צו פון, וואָרן סטאַש איז אין דעם מאָמענט אויפגעשפּרונגען, ווי אַ ווילדע קאַץ, אַ זעץ אים געטון מיטן קאָפּ אין דער ברוסט אַריין און דערנאָך אים אָנגעכאַפּט בײַם האַלדז.

דאָס איז אַזוי אומגעריכט געשען, אַז דער סודאַנער איז אַ פאַל געטון אויפן רוקן און סטאַש אויף אים און ביידע האָבן זיך אָנגעהויבן צו טאַרגלען אויף דער ערד. דאָס יינגל איז לויט זיינע יאָרן געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק, דאָך האָט זיך געבהר מיט אים שנעל אַן עצה געגעבן. קודם כּל האָט ער אָפּגעריסן זיינע הענט פון האַלדז, דערנאָך האָט ער אים דאָס פּנים אַריינגעדריקט אין זאַמד אַריין און, צודריקנדיק מיט דער פויסט

דעם קאַרק, האָט ער אים אָנגעהויבן צו שמירן די פּלייצע מיטן קאָר־באַטש.

דאָס געשריי און די טרערן פון נעלן, וועלכע האָט, אָנכאַפּנדיק די־הענט פון דעם בּרא אדם, אים גלייכצייטיק געבעטן, אַז ער זאָל סטאַשן „שענקען", וואָלטן גאָרנישט געווען געהאָלפן, ווען נישט דאָס, וואָס אידריס איז אומגעריכט געקומען דעם ייִנגל צו הילף. ער איז געווען עלטער פון געבהרן, אַ סך שטאַרקער און פון אָנפאַנג אַנטלויפן אָן פון גהאַראַק־על־סולטאַני האָבן זיך אַלע געריכטעט לויט זיינע באַפעלן. איצט האָט ער אַרויסגעריסן דעם קאָרבאַטש פון ברודערס האַנט, און אַוועקוואַרפנדיק אים ווייט, האָט ער אויסגערופן:

— אַוועק, שוטה!

— איך וועל פאַרקאַטעווען דעמדאָזיקן סקאָרפּיאָן! — האָט געבהר געענטפערט, קריצנדיק מיט די ציין.

אָבער דערויף האָט אים אידריס אַ כאַפּ אָן געטון באַם מאַנטל אויף דער ברוסט, און אַריינקוקנדיק אים גלייך אין די אויגן, האָט ער אָנגעהויבן צו אים צו רעדן מיט אַ דראָענדיקער, הגם גאַנץ שטילער שטימע:

— די איידעלע פּאַטמאַ האָט פאַרבאָטן די קינדער וועלכע ס'איז עוולה צו טון, וואָרן זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר איר . .

— כ'וועל אים דערקאַטעווען! — האָט געבהר איבערגעחזרט.

— און איך זאָג דיר, אַז דו וועסט אויף קיינעם פון זיי דעם קאָרבאַטש נישט אויפהייבן. אויב דו וועסט עס יאָ טון, וועל איך דיר פאַר יעדן קלאַפּ אָפּגעבן צען.

און ער האָט אָנגעהויבן מיט אים צו טרייסלען, ווי מיט אַ פּאַלמען־צווייג, באָכדעם האָט ער ווייטער גערעדט:

— דידאָזיקע קינדער זענען איצט דאָס אייגנטום פון סמיינען און אויב זאָל וועלכעס פון זיי נישט דערפאָרן לעבעדיק, וואָלט מאַהדי אַליין (זאָל אים דער אייבערשטער געבן אריכת ימים) דיך געהייסן אויפהענגען, פאַרשטייסט, שוטה!

מאהדיס נאָמען האָט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק געמאַכט אויף זיינע גלויביקע, אַז געבהר האָט תּיכּף אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ווי מיט שרעק אָנגעהויבן איבערצווחזרן:

— אַללאַ אַקבאַר ! — אַללאַ אַקבאַר !*)

סטאַש האָט זיך אויפגעהויבן אַ דריאַכמעטער און אַ צעשלאָגע־נער, ער האָט אָבער געפילט, אַז ווען דער פאָטער זאָל אים קאָנען איצ־טער זען און הערן, וואָלט ער געוועןשטאָלץ מיט אים, וואָרן נישט נאָר, וואָס ער איז אומבאַטראַכטערהייט אויפגעשפּרונגען נעלן צו הילף, נאָר אפילו איצט, הגם די שלעק פון דעם קאַרבאַטש האָבן אים געבּרענט, ווי אַ פייער, האָט ער נישט געטראַכט וועגן זיין אייגענער ווייטיק, נאָר ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו טרייסטן דאָס מיידעלע און אויספּרעגן, צי די קלעפּ האָבן איר נישט אַמאָל געשאַדט.

און נאָכדעם האָט ער אויסגערופן :

— וואָס כ'האָב געקריגן, האָב איך געקריגן, אָבער ער וועט זיך שוין נישט מער צו דיר כאַפּן. אַך, ווען איך וואָלט געהאַט עפּעס אַ שטיקל געווער !

די קליינטשיקע פרוי האָט אים מיט ביידע הענט באַם האַלז אַרומ־גענומען, און פאַרנעצנדיק אים די באַקן מיט אירע טרערן, האָט זי אים געגומען פאַרזיכערן, אַז עס האָט איר נישט זייער ווי געטון און אַז זי וויינט נישט פון ווייטיק, נאָר פון רחמנות אויף אים. דערויף האָט סטאַש צוגענענט זיינע ליפּן צו איר אויער און, שעפּטשענדיק, אויסגערופן :

— נעל, נישט דערפאַר, וואָס ער האָט מיך געשלאָגן, נאָר דער־פאַר, וואָס ער האָט דיר אַ זעץ געטון, שווער איך, אַז כ'וועל אים נישט שענקען.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער אינצידענט. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך געבּהר מיט אידריסן, וועלכע זענען שוין געווען שלום מיט זיך, אויסגעצויגן אויף דער ערד די מאַנטלען און זיך געלייגט אויף זיי, און כאַמיס האָט לויט זייער ביישפּיל באַלד אויך דאָס זעלבע געטון. די בעדוינער האָבן פאַר די קעמלען אָנגעשיט דורא, דערנאָך זענען זיי, אַרויפזעצנדיק זיך אויף צוויי ליידיקע, אַוועקגעפאָרן אין דער ריכ־טונג פון נילוס. נעל האָט אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּעלע אויף דער אַלטער דינהס קניען און איז איינגעשלאָפן. דאָס פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן און אין קורצן האָט מען נאָר געהערט דאָס רייבן פון דער דורא צווישן די ציין פון די קעמלען. אויפן הימל האָבן זיך אַרויפגעקלערט קליינע

---

*) גאָט איז גרויס

וואָלקנדלעך, וועלכע האָבן מאָמענטווייז פאַרדעקט די לבנה, אָבער ס׳איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט. פון הינטער די פעלזן האָט זיך כסדר אָנגערופן דאָס יעמערלעכע היילן פון די שאַקאַלן.

אין צוויי שעה אַרום האָבן זיך די בעדויִנער אומגעקערט מיט די קעמלען, וועלכע האָבן געשלעפּט אויף זיך אָנגעפּוילטע לעדערנע זעק מיט וואַסער. אויפבלאָזנדיק דאָס פייער, האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט אויפן זאַמד און גענומען זיך עסן. זייער אָנקומען האָט אויפגעוועקט סטאַשן, וועלכער האָט שוין פריער געהאַט געכאַפּט אַ דרימל, ווי אויך די צוויי סודאַנער און כאַמיסן, דעם זון פון טשאַדיגי. דעמאָלט האָט זיך לעבן פייער אָנגעהויבן דער פאָלגנדער געשפּרעך:

— מיר קענען פאָרן? — האָט אירדיס געפרעגט.

— ביין, וואָרן מיר מוזן זיך אָפּרוען, — מיר און אויך אונזערע קעמלען.

— צי האָט אייך קיינער נישט געזען?

—קיינער נישט. מיר זענען צוגעקומען צום טייך צווישן צוויי דערפלעך. פונדערווייטנס האָבן נאָר הינט געבילן.

— מ׳וועט שטענדיק דאַרפן פאָרן נאָך וואַסער אַרום האַלבע נאַכט און אָנשעפּן עס אויף ליידיקע ערטער. אַבי מ׳זאָל נאָר אויסמיידן דעם ערשטן „כאַלאַל” (וואַסערפאַל), איז ווייטער זענען שוין די דערפער אַ אַ סך זעלטענער און מער גענייגט צום נביא. מ׳וועט אונז אָן שום ספק באַכיאָגן.

דערויף האָט זיך כאַמיס איבערגעדרייט מיט די פּלייצעס אַרויף, און אונטערשפּאַרנדיק מיט די הענט דאָס פּנים, האָט ער אויסגערופן:

— די מעהענדעסן וועלן קודם כל אָפּוואַרטן די קינדער אין על-פאַכען אַ גאַנצע נאַכט און ביזן נעכסטן צוג, דערנאָך וועלן זיי פאָרן קיין פאַיום, און פון דאָרטן קיין גהאַראַק. דאָרטן וועלן זיי ערשט פאַר-שטיין, וואָס דאָ איז געשען און דעמאָלט מוזן זיי זיך אומקערן קיין מע-דינעט, כדי אַרויסצושיקן ווערטער, וואָס לויפן איבערן קופּערנעם דראָט אין אַלע שטעט אַריין באַם נילוס — און רייטערס אויף קעמלען, וועל-כע וועלן אונז נאָכיאָגן. דאָס אַלץ וועט ווי צום ווינציקסטן פאַרנעמען דריי טעג. פריער פון אַלץ דאַרפן מיר נישט פייניקן אונזערע קעמלען און מיר קענען זיך גאַנץ רויק „טרינקען רויך” פון די ציבוכעס.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַרויסגענומען אַ פלאַקערדיק צווייגעלע פון

אַ יריחו־רויז און פֿאַרייכערט דערמיט די ליולקע, און אידריס האָט אָנגע־הויבן, ווי געוויינלעך די אַראַבער, צו טשמאָקען פֿון צופֿרידנקייט.

— האָסט עס גוט איינגעאָרדנט, זון פֿון טשאַדיגי — האָט ער אויסגערופֿן — אָבער מיר דאַרפֿן אויסנוצן דידאָזיקע צייט און פֿאַרפֿאָרן אין משך פֿון דריי טאָג און דריי נעכט ווי צום ווייטסטן אויף דרום. כ׳וועל ערשט דעמאָלט רויק אָפּעטעמען, ווען מיר וועלן דורכפֿאָרן די מדבר צווישן נילוס און קהאַרגע (אַ גרויסע אָאַזע אויף מערב פֿון נילוס). גאָט זאָל געבן, די קעמלען זאָלן אויסהאַלטן.

— זיי וועלן אויסהאַלטן — האָט זיך אָפּגערופֿן איינער פֿון די בעדוינער.

— מענטשן זאָגן אויך, — האָט כאַמיס איבערגעריסן — אַז מאַה־דיס מיליטער (זאָל אים דער אייבערשטער מאריך ימים זיין) דערנענטערט זיך שוין צו אַסואַן.

דאָ האָט סטאַש, וועלכער האָט קיין איין וואָרט נישט אָנגעוואוירן פֿון גאַנצן געשפּרעך און ער האָט אויך געדענקט, וואָס אידריס האָט פֿריער געזאָגט צו געבהרן, זיך אונטערגעהויבן און אויסגערופֿן:

— מאַהדיס מיליטער געפֿינט זיך הינטער כאַרטום.

— לאַ! לאַ! (ניין, ניין) — האָט כאַמיס אָפּגעווענדט.

— לייגט נישט קיין אַכט אויף זיינע רייד — האָט סטאַש געענט־פֿערט — וואָרן ער פֿאַרמאָגט נישט נאָר קיין טונקעלע הויט, נאָר אַפֿילו אַ טונקעלן מוח. איר זאָלט אַפֿילו יעדע דריי טאָג קויפֿן פֿרישע קעמלען, און זיי אַזוי יאָגן, ווי היינט, וועט איר קיין כאַרטום ערשט אָנקומען אין אַ חודש אַרום. און אפֿשר ווייסט איר דאָס אויך נישט, אַז דעם וועג וועט אייך פֿאַרשטעלן נישט די עגיפּטישע, נאָר די ענגלישע אַרמיי...

דידאָזיקע ווערטער האָבן געמאַכט אַ געוויסן איינדרוק, און באַ־מערקנדיק דאָס, האָט סטאַש ווייטער גערעדט:

— נאָך איידער איר וועט אייך געפֿינען צווישן נילוס און דער גרויסער אָאַזע, וועלן שוין אַלע וועגן אין דער מדבר זיין באַוואַכט דורך אַ רייע מיליטער־וועכטער. האַ! די וועכטער איבערן קופּערנעם דראָט לויפֿן גיכער פֿון די קעמלען! ווי אַזוי וועט איר באַווייזן צו אַנט־לויפֿן?

— די מדבר איז ברייט — האָט איינער פֿון די בעדוינער געענט־פֿערט.

— אָבער איר מוזט אייך האַלטן לעבן נילוס.

— מיר קענען אפילו אַריבערגיין אויך, ווען מען וועט אונז זוכן פון דער זייט, וועלן מיר זיין פון דער אַנדערער זייט.

— די ווערטער, וואָס לויפן איבערן קופערנעם דראָט, וועלן דער־גיין צו די שטעט און דערפער אויף ביידע ברעגן פון טייך.

— מאַהדי וועט אונז אַראָפּשיקן אַ מלאך, וועלכער וועט אַרויפלייגן די פינגער אויף די אויגן פון די ענגלענדער און טערקן (עגיפּטיאַנער), און אונז וועט ער פאַרשטעלן מיט זיינע פליגל.

— אידריס, — האָט סטאַש אויסגערופן — איך ווענד מיך נישט צו כאַמיסן, וועלכנס קאָפּ ס'איז ווי אַ ליידיקע באַניע, און נישט צו געבהרן, וועלכער איז אַ געמיינער שאַקאַל, נאָר צו דיר. איך ווייס שוין, אַז איר ווילט אונז אַוועקפירן צו מאַהדין און איבערגעבן צו סמיינען אין די הענט אַריין. נאָר, אויב איר טוט דאָס צוליב געלט, זאָלט איר וויסן, אַז דער פאָטער פון דערדאָזיקער קליינער „בינט" (מיידעלע) איז רייכער, ווי אַלע סודאַנער צוזאַמענגענומען.

— וואָס זשע וועט דערפון אַרויסקומען ? — האָט אידריס איבער־געריסן.

— וואָס ס'וועט אַרויסקומען ? קערט אייך אום מיטן גוטן ווילן, און דער גרויסער מעהענדעס וועט אייך נישט זשאַלעווען קיין געלט און מיין פאָטער דעסגלייכן.

— אָדער זיי וועלן אונז גאָר אַרויסגעבן דער רעגירונג, וועלכע וועט אונז הייסן אויפהענגען.

— ניין, אידריס. איר וועט אָן שום ספק געהאָנגען ווערן, אָבער אין דעם פאַל, וועט מען אייך כאַפּן בשעת דעם אַנטלויפן. און דאָס וועט זיכער געשען. נאָר אויב איר וועט אייך אַליין אומקערן, וועט איר קיין שום שטראָף נישט באַקומען און אַ הויץ דעם וועט איר ווערן רייכע מענטשן אויפן גאַנצן לעבן. דו ווייסט דאָך, אַז די ווייסע אין איירָאָפּע האַלטן שטענדיק זייער וואָרט. איז אָט גיב איך דיר מיין וואָרט, פאַר ביידע מעהענדעסן, אַז ס'וועט אַזוי זיין, ווי איך זאָג.

און סטאַש איז באמת איבערצייגט געווען, אַז זיין פאָטער און דער הער ראַוולינסאָן וועלן הונדערט מאָל מער וועלן האַלטן זיין צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן, ווי זיי ביידע, בפרט נעלן אויסשטעלן אויף אַזאַ שרעק־לעכע רייזע און אַ נאָך מער שרעקלעך לעבן צווישן די ווילדע און צעיוו־שעטע מאַהדיס האָרדן.

דעריבער האָט ער טאַקע מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ אָפּגעוואַרט אויף

דעם ענטפער פון אידריסן, וועלכער איז פאַרזונקען אין אַ שטילשווייגן און ערשט אין אַ לאַנגער ווײַלע אַרום האָט ער אויסגערופן:

— דו זאָגסט, אַז דער פאָטער פון דער קליינער „בינט״ און דיין פאָטער וועלן אונז געבן אַ סך געלט?

— אַזוי איז עס!

— און צי ווייסט דען דאָס גאַנצע געלט ווייערס אימשטאַנד זיין אונז אויפצופעגענען דאָס טויער אין גן עדן אַריין, וואָס דאָס קאָן נאָר באַווייזן איין מאַהדיס ברכה?

— ביסמאַלאַך! — האָבן דערויף אויסגעשריגן ביידע בעדוינער, צוזאַמען מיט כאַמיסן און געבהרן.

סטאַש האָט אויף איין מאָל אָנגעוויאוירן יעדע האָפנונג, וואָרן ער האָט געוואוסט, אַז הגם די מזרח־מענטשן זענען זייער גיריק און לייכט צום איבערקויפן, איז פונדעסטוועגן, ווען אַן אמתער מאַכמעדאַנער וועט אַ קוק טון אויף עפּעס אַ זאַך מצד דער אמונה, דעמאָלט געפינען זיך שוין גאָרנישט די אוצרות אויף דער וועלט, מיט וועלכע ער זאָל זיך לאָזן איבערקויפן.

אידריס ווידער האָט, ווערנדיק אויפגעמונטערט מיט די אויסגעשרייען, ווייטער גערעדט — און ווי ס׳האָט אויסגעזען, שוין נישט צוליב דעם, כדי צו ענטפערן סטאַשן, נאָר אין דעם זין, כדי צו באַקומען דערמיט אַ גרעסערע אָנערקענונג און שבחים מצד די חברים:

— מיר האָבן נאָר דאָס גליק בלויז צו געהערן צו דעמדאָזיקן שבט, וועלכער האָט פון זיך אַרויסגעגעבן דעם הייליקן נביא, אָבער די איידעלע פאַטמאַ און אירע קינדער זענען זיינע קרובים און דער גרויסער מאַהדי האָט זיי ליב. ווען מיר וועלן אים דעריבער דיך מיט דער קליינער „בינט״ איבערגעבן, וועט ער אייך אויסטוישן פאַר פאַטמאַן מיט אירע זין, און אונז וועט ער בענטשן. זיי וויסן דערפון, אַז אפילו דאָס וואַסער, אין וועלכן ער וואַשט זיך אָפּ אַלע אינדערפרי, לויט די פאָרשריפטן פון קאָראַן, היילט אויס פון אַלע מחלות און פאַרגיט די זינד, און מכל שכן ערשט זיינס אַ ברכה!

— ביסמאַלאַך! — האָבן די סודאַנער און בעדוינער איבערגעחזרט:

נאָר סטאַש האָט זיך נאָך אין דער לעצטער רעטונגס־שטרוי אָנגעכאַפּט און אויסגערופן:

— טאָ נעמט מיך, און די בעדוינער זאָלן זיך אומקערן מיט

דער קליינער „בינט". פאַר מיר וועט מען אַרויסגעבן פּאַטמאַן מיט אירע זין.

— אָבער נאָך זיכערער וועט מען זיי אַרויסגעבן פאַר אייך בײדע.

דערויף האָט זיך דאָס יינגל געווענדט צו כאַמיסן:

— דיין פאָטער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיינע מעשׂים.

— מיין פאָטער איז שוין אין דער מדבר, אויפן וועג צום נביא — האָט כאַמיס אָפּגעענטפערט.

— וועט מען אים אַליין כאַפּן און אויפהענגען.

דאָ האָט אידריס געהאַלטן פאַר נויטיק צוצוגעבן מיט זיינע חברים:

— דידאָזיקע רויב־פייגל — האָט ער אויסגערופן — וועלכע וועלן אַרומפרעסן דאָס פלייש פון אונזערע ביינער, זענען נאָך אפשר פון די אייער נישט אויסגעוואַרעמט געוואָרן. מיר ווייסן גאַנץ גוט, וואָס אונז דראָעט, אָבער מיר זענען נישט קיין קינדער און די מדבר קענען מיר שוין פון לאַנג. דידאָזיקע מענטשן (דאָ האָט ער אָנגעוויזן אויף די בעדוינער) זענען שוין אַ סך מאָל געווען אין בערבעראַ און זיי ווייסן פון אַזעלכע וועגן, מיט וועלכע נאָר גאַזעלן לויפן. דאָרט וועט אונז קיינער נישט געפינען און קיינער וועט אונז נישט יאָגן. מיר מוזן, וואָס אַן אמת, זיך אַראָפּדרייען נאָך וואַסער קיין באַר־על־יוסף, און שפּעטער צום נילוס, אָבער מיר וועלן דאָס טון נאָר באַנאַכט. צי מיינט איר ווייטער, אַז באַם טייך געפינען זיך נישט קיין פאַרבאָרגענע פריינט פון מאַהדין? און איך וועל דיר זאָגן, אַז וואָס ווייטער אויף דרום, אַלץ מער זענען זיי דאָ, אַז אפילו גאַנצע שבטים מיט זייערע שעיקן וואַרטן נאָר אָפּ די געלעגנהייט, כּדי צו כאַפּן זיך צו דער שווערד אין שוץ פאַר דער אמתער אמונה. די־דאָזיקע אַליין וועלן אונז צושטעלן וואַסער, שפּייז, קעמלען — און וועלן אַראָפּפירן פון וועג דאָס געיעג. אמת טאַקע, מיר ווייסן, אַז צו מאַהדין איז ווייט, אָבער מיר ווייסן דאָס אויך, אַז איטלעכער טאָג דערנענטערט אונז צו דעם שעפּסן־בעלעכל, אויף וועלכן דער הייליקער נביא קניט צו די תפילות.

— ביסמאַלאַך! — האָבן צום דריטן מאָל די חברים אויסגעשריגן.

און מ'האָט געקאָנט באַמערקן, אַז דאָס אָנזען פון אידריסן איז צווישן זיי באַדייטנד געשטיגן. סטאַש האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז פאַר־

לוירן, דעריבער האָט ער, וועלנדיק כאָטש ווייניקסטנס אָפּהיטן נעלן פון די סודאַנערס כעס, אויסגערופן:

— נאָך זעקס שעה איז די קליינע פריילין קוים אַ לעבעדיקע דער־פאָרן. ווי אַזוי־זשע קענט איר טראַכטן, אַז זי וועט אויסהאַלטן אַזאַ וועג? אויב אָבער זי וועט שטאַרבן, וועל איך אויך שטאַרבן, און מיט וואָס וועט איר דעמאָלט קומען צו מאַהדין?

איצט האָט אידריס נישט געפונען קיין ענטפער. דאָס זעענדיק, האָט סטאַש ווייטער אַזוי געזאָגט:

— . . . און ווי אַזוי וועט אייך אויפנעמען מאַהדי מיט סמיינען, אַז זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז איבער אייער נאַרישקייט וועט פאַטמאַ מיט אירע קינדער מוזן באַצאָלן מיטן לעבן?

נאָר דער סודאַנער איז שוין געהאַט צו זיך געקומען און געענט־פערט:

— איך האָב געזען, ווי דו האָסט אָנגעכאַפּט געבהרן באַם האַלז. באַ אַללאַ, דו ביסט אַ יינגער לייב און וועסט נישט שטאַרבן, און זי. . .

דאָ האָט ער אַ קוק געטון אויפן קעפּעלע פון דער שלאָפנדיקער נעל, וועלכע איז געווען אָנגעלענט אויף דער קני פון דער אַלטער דינה און ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ מאָדנער ווייכער שטימע:

— פאַר איר וועלן מיר אויספלעכטן אויפן האָרב פון קעמל אַ נעס־טעלע, ווי פאַר אַ פייגעלע, כדי זי זאָל לגמרי נישט פילן קיין פאַרמאַ־טערטקייט און זי זאָל קאָנען שלאָפן אין וועג פונקט אַזוי רויק, ווי זי שלאָפט איצט.

דאָס זאָגנדיק, איז ער צוגעגאַנגען צום קעמל און צוזאַמען מיט די בעדוינער האָט ער אָנגעהויבן אויף איינעם פון די בעסטע איינהאָרביקע קעמלען אויסצובויען אַ געזעס פאַר דעם מיידעלע. זיי האָבן דערביי זייער אַ סך גערעדט און געאַמפּערט זיך אַ ביסל, אָבער ענדלעך האָבן זיי מיט דער הילף פון שטריק, קאָלדרעס, ווי אויך פון באַמבוס־דרענגלעך איינגע־אָרדנט עפּעס אין דעם אַרט פון אַ טיפּן, אומבאַוועגלעכן קויש, אין וועלכן נעל זאָל קענען זיצן אָדער ליגן, נאָר פון וועלכן זי וואָלט נישט געקענט אַראָפּפאַלן. איבער דעמדאָזיקן געזעס, וואָס איז אַזוי ברווחדיק געווען, אַז אפילו דינה האָט זיך דאָרט געקענט אַן אָרט געפינען, האָבן זיי אויסגע־שפּרייט אַ לייוונטן דעכל.

— נו זעסט, — האָט אידריס אויסגערופן צו סטאַשן — שפּערל־

אייער וואָלטן זיך אפילו נישט צעהאַקט אין דעמדאָזיקן פילץ. די אַלטע פרוי וועט פאָרן מיט דער פריילין, כדי זי זאָל זי קענען באַדינען סיי באַטאָג און סיי באַנאַכט... דו וועסט דיך זעצן מיט מיר, אָבער דו קענסט אויך פאָרן מיט איר און אַכטונג געבן אויף איר.

סטאַש איז געווען צופרידן, אַז ער האָט כאָטש אַזוי פיל אויפגעטון. פאַרטראַכטנדיק זיך איבער דער לאַגע, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען וועט זיי צום וואַרשיינלעכסטן כאַפּן, נאָך איידער זיי וועלן באַוויזן צוצופאָרן צו דעם ערשטן וואַסערפאַל און דערדאָזיקער געדאַנק האָט אים צוגעגעבן מוט. דערווייל האָט זיך אים קודם כל געוואָלט שלאָפן, האָט ער דעריבער באַ זיך געטראַכט, אַז ער וועט זיך צובינדן מיט עפּעס אַ שטריק צום זאָטל און ווייל ער וועט דאָך נישט מוזן צוהאַלטן בעלן, וועט ער איינשלאָפן אויף עטלעכע שעה.

די נאַכט איז שוין געוואָרן בלאַסער און די שאַקאַלן האָבן אויפגעהערט צו היילן צווישן די פעלזן־שפּאַלטן. דער קאַראַוואַן האָט זיך שוין געזאָלט באַלד רירן פון אָרט, אָבער די סודאַנער האָבן, דערבליקנדיק דעם שפּראָצענדן פרימאָרגן, זיך אַוועקגעלאָזט הינטער אַ פעלזן, וואָס איז געלעגן עטלעכע טריט ווייטער און דאָרט האָבן זיי, צופּאַסנדיק זיך צו די פאַרשריפטן פון קאָראַן, אָנגעהויבן דאָס פרימאָרגנדיקע אָפּוואַשן זיך, באַנוצנדיק דערביי אָבער זאַמד, אָנשטאָט וואַסער, וועלכעס זיי האָבן זיך באַמיט איינצושפּאָרן. דערנאָך האָבן זיך דערהערט זייערע שטימען, זיי האָבן מתפלל געווען דעם „סובהג", אָדער די ערשטע פרימאָרגן־תפילה. אין דער טיפער שטילקייט האָט מען בפירוש געהערט זייערע ווערטער: „אין נאָמען פון דעם דערבאַרמדיקן און לייטזעליקן גאָט זאָל קומען אַ לויב אויף דעם האַר, דעם באַרמהאַרציקן און לייטזעליקן הערשער פון דער גאַנצער וועלט אין טאָג פון יום הדין. דיך גרייסן מיר און אין דיר האָבן מיר אמונה. דיך בעטן מיר וועגן הילף. פיר אונז אויפן וועג פון דידאָזיקע, וועלכע דו שפּאָרסט נישט קיין גוטס און פיל חסדים, אָבער נישט איבער די סטעזשקעס פון די רשעים, וועלכע האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן דיין צאָרן און וועלכע בלאָנדזשען. אָמן".

און סטאַש האָט, הערנדיק דידאָזיקע שטימען, אויפגעהויבן די אויגן אינדערהייך — און אין דעמדאָזיקן ווייטן לאַנד, צווישן געלע, טויבע זאַמדן האָט ער אָנגעהויבן זאָגן:

— אונטער דיין שוץ גיב איך מיך איבער, האַר פון דער גאַנצער וועלט...

# VIII.

די נאַכט איז בלאַס געוואָרן. די מענטשן האָבן שוין געזאָלט אויפזיצן אויף די קעמלען, האָבן זיי גאָר פלוצלינג דערזען ווי אַ מדבר־וואָלף איז, אַרונטערטוליענדיק דעם ווידל הינטער זיך, דורכגעלאָפן אַ פעלזן־שפּאַלט אויף הונדערט טריט פון דעם קאַראַוואַן, און אַרויסבאַקומענדיק זיך אויף דער קעגנבערדיקער הויך־פּלאַך, געלאָפן ווייטער מיט אַלע באַקאַנטע סימנים פון שרעק, גלייך ער וואָלט אַנטלאָפן פאַר עפּעס אַ שונא. אין די עגיפּטישע מדבריות זענען גאָרנישט פאַרהאַן אַזעלכע ווילדע חיות, פאַר וועלכע אַ וואָלף זאָל פילן אַ פחד און דעריבער האָט דערדאָזיקער אָנבליק אָן אַ שיעור באַאומרויקט די סודאַנער אַראַבער. וואָס האָט דאָס אייגנטלעך געקענט זיין? צי זאָל זיך שוין האָבן דערנענטערט דאָס נאָכיאָגן? איינער פון די בעדויִנער האָט זיך שנעל אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ פעלז, אָבער קוים האָט ער נאָר אַ בליק געוואָרפן, האָט ער זיך נאָך גיכער אַראָפּגעגליטשט:

— באַם לעבן פון נביא! — האָט ער אַ צעמישטער און אַ דערשראָקענער אויסגערופן, — אַ לייב לויפט צו אונז און איז שוין גאָר נאָענט!

— און מיטאַמאָל האָט זיך פון הינטער די פעלזן אָנגערופן אַ באַסאָוועך: „וואָו!”, נאָך וועלכן סטאַש מיט נעל'ן האָבן איינעם אויסגעשריגן:

— סאַבאַ! סאַבאַ!

ווייל אויף אַראַביש מיינט מען דאָס: אַ לייב, דעריבער האָבן זיך די בעדויִנער נאָך מער דערשראָקן, נאָר כאַמיס האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און אויסגערופן:

— איך קען דעמדאָזיקן לייב.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַ לאַנגן פייף געטון — און אין דעם מאָמענט איז דער ריזיקער הונט אַריינגעפאַלן צווישן די קעמלען. דערזעענדיק די קינדער, איז ער אַ שפרונג־צו געטון צו זיי, פון פרייד אַזש אומגעוואָרפן נעלן, וועלכע האָט אויסגעצויגן צו אים די הענט, ער האָט

זיך אַרױפגעכאַפּט אױף סטאַשן, דערנאָך איז ער, הײלנדיק אין בילנדיק, אַרומגעלאָפן עטלעכע מאָל אַרום בײדע, װידער אַמאָל אומגעװאָרפן נעלן, װידער זיך אַרױפגעכאַפּט אױף סטאַשן און ענדלעך האָט ער, אַנידער־לײגנדיק זיך בײַ זײערע פיס, אַרױסגעשטעקט די צונג און אָנגעהױבן שװער צו אָטעמען.

די זײטן זײַנען אים געװען אײַנגעפאַלן, פון דער אַרױסגעשטרעק־טער צונג זײַנען אים אַראָפּגעפאַלן גאַנצע פלאַטן שױם, ער האָט אָבער באַװעגט מיטן װײדל און אױפגעהױבן די אױגן פול מיט ליבשאַפט צו נעלן, גלײַך ער װאָלט איר געװאָלט זאָגן: „דײַן טאַטע האָט מיך גע־הײסן כ׳זאָל דיך היטן, איז אָט בין איך דאָ!״

די קינדער האָבן זיך לעבן אים אַנידערגעזעצט פון אײן זײַט און פון דער צװײטער און אים אָנגעהױבן צו צערטלען. די צװײ בעדױנער, װעלכע האָבן נאָך קײנמאָל נישט געזען אַזאַ מין באַשעפעניש, האָבן גע־קוקט אױף אים מיט פאַרװאונדערונג און כסדר איבערגעחזרט: „אַללאַ! אַ קעלב קאַביר!״ (גאָט, דאָס הײסט אַ גרױסער הונט!) — ער איז זיך אָבער געלעגן די גאַנצע צײַט רױק, דערנאָך האָט ער ענדלעך אױפגע־הױבן דעם קאָפּ, אַרײַנגעצױגן לופט אין זײַן שװאַרצער, צו אַ ריזיקער שװאָם ענלעכער, נאָז, ער האָט דערשמעקט און אַ שפּרונג־צו געטון צום אױסגעלאָשענעם פײַער, לעבן װעלכן עס זײַנען געלעגן איבערבלײַבעכצן פון דער סעודה.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן די ציגן־און שעפּסן־בײנער אָנגע־הױבן קנאַקן און קרישלען זיך, װי שטרױעלעך, אין זײַנע מעכ־טיקע צײן. נאָך אַכט מענטשן, אַרײַנרעכנענדיק אױך די אַלטע דינה מיט נעלן, איז דאָס אפילו גענוג געװען פאַר אַזאַ „קעלב קאַ־ביר״.

די סודאַנער אָבער זײַנען זײער פאַרדאגהט געװען מיט זײַן אָנקו־מען און די צװײ קעמל־טרײַבער האָבן, אַװעקרופנדיק כאַמיסן אָן אַ זײַט, אָנגעהױבן מיט אים אײַנצוטענהן מיט אַ געװיסער אומרויקײט און אפילו מיט אױפרעגונג.

— איבליס*) האָט דאָ אַהערגעבראַכט דעמדאָזיקן הונט! — האָט געבהר אױסגערופן — און אױף װאָס פאַר אַן אופן האָט ער דאָ אַהער־

---

*) דער טײַװל.

געטראָפן צו די קינדער, ווי באַלד זיי זענען קיין גהאַראַק גאָר געקומען מיט דער באַן?

— מסתמא לויט די טריט פון די קעמלען — האָט כאַמיס געענטפערט.

— ס'איז אונז געשען אַ רעה. איטלעכער, ווער ס'וועט אים באַ אונז באַמערקן, וועט זיך נעמען אין זכרון אונזער קאַראַוואַן און וועט אַנ- ווייזן, דורך וואַנען ער איז פאַרבייגעגאַנגען. מ'דאַרף אומבאַדינגט פון אים פטור ווערן.

— אָבער ווי אַזוי? — האָט כאַמיס געפרעגט.

— ס'איז דאָך דאָ אַ ביקס, נעם זי און דערשיס אים.

— ס'איז טאַקע דאָ אַ ביקס, אָבער איך קען נישט פון איר שיסן. סיידן, אַז איר קענט!...

כאַמיס וואָלט שוין אין אַן עת צרה אפשר געקאָנט שיסן, וואָרן סטאַש האָט עטלעכע מאָל פאַר אים אין די אויגן געשפּנט און צוגעמאַכט זיין געווער, נאָר עס איז אים אַ שאַד געווען דער הונט, ווײַלכן ער האָט געהאַט ליב געקריגן, פאַרנעמענדיק זיך מיט אים נאָך איידער די קינדער זענען געקומען קיין מעדינעט. ער האָט אָבער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ביידע סודאַנער האָבן נישט קיין שום השגה, ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט געווער פון נייעסטן סיסטעם און אַז זיי וועלן זיך מיט איר קיין עצה נישט געבן.

— אויב איר קענט נישט, — האָט ער מיט אַ כיטרע שמייכעלע אויסגערופן — וואָלט דעם הונט געקאָנט דערהרגענען נאָר דער קליינער „נוזראַני" (קריסט), אָבער דידאָזיקע ביקס קען אויסשיסן עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד, דעריבער עצה איך נישט אייך אים זי צו געבן אין דער האַנט אַריין.

— זאָל גאָט אָפּהיטן — האָט אידריס געענטפערט. — ער וואָלט אונז אויסגעשאָסן, ווי די וואַכטלען.

— מיר האָבן מעסערס — האָט געבהר באַמערקט.

— פּרווו נאָר, אָבער געדענק, אַז דו פאַרמאָגסט אויך אַ האַלז, וועלכן דער הונט וועט צערייסן, נאָך איידער וועסט אים דערשטעכן.

— וואָס־זשע דען טוט מען?

און כאַמיס האָט געהויבן מיט די פּלייצעס.

— פאַרוואָס ווילט איר דעמדאָזיקן הונט דערהרגענען? ווען איר וואָלט אים אפילו דערנאָך מיט זאַמד צוגעשיט, וועלן אים די היענעס

אויפגראָבן, ווען די יעגערס געפינען זיינע ביינער און זיי וועלן וויסן, אַז מיר זענען נישט אַריבערגעגאַנגען דעם נילוס, נאָר מיר זענען אַנט־לאָפן פון דער זייט. זאָל ער אונז נאָכלויפן. וויפיל מאָל די בעדוינער זאָלן נישט פאָרן נאָך קיין וואַסער, און מיר וועלן זיך באַהאַלטן ערגעץ אין אַ פעלזן־שפּאַלט, מעגט איר זיין זיכער, אַז דער הונט וועט איבער־בלייבן לעבן די קינדער. אַללאַ! ס׳איז בעסער, וואָס ער איז איצט גע־קומען צו לויפן, וואָרן אַנדערש וואָלט ער אָנגעפירט מיטן געיעג נאָך אונזערע טריט אַזש ביז קיין בערבער. קאָרמענען דאַרפט איר אים נישט, וואָרן, אויב עס וועט אים נישט קלעקן דאָס איבערבלייבעכץ נאָך אונז, וועט אים אַ היענע אָדער אַ שאַקאַל צו פּאַקן נישט זיין שווער. לאָזט אים געמאַך, זאָג איך אייך — און זאָלן מיר נישט פאַרלירן קיין צייט אויפן רעדן.

— אפשר ביסטו גערעכט — האָט אידריס אויסגערופן.

— אויב איך בין גערעכט, וועל איך אים אפילו געבן וואַסער אויך, כּדי ער זאָל אַליין נישט לויפן צום נילוס און זיך נישט ווייזן אין די דערפלעך.

אויף אַזאַ אופן איז אַנטשידן געוואָרן דער גורל פון סאַבאַן, וועל־כער האָט, זיך אויסרווענדיק אַ ביסל און אונטערלענענדיק זיך ווי עס גע־הער צו זיין, אויסגעזויפן אין איין אויגנבליק די שיסל וואַסער און מיט פרישע כּוחות זיך נאָכגעלאָזט דעם קאַראַוואַן.

זיי זענען איצט אַרויפגעפאָרן אויף אַ הויכער פלאַך, אויף וועל־כער דער ווינט האָט דאָס זאַמד פונאַנדערגעפאַלדעוועט און פון וועלכער מען האָט אויף ביידע זייטן געקענט זען אַ גרויסן שטח פון דער מדבר. דער הימל האָט אָנגענומען די פאַרב פון פערלמוטער. די לייכטע וואָלקנ־דלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אויפן מזרח, האָבן זיך געמיניעט ווי אַפּאַלן, דערנאָך זענען זיי פלוצלינג באַפאַרבט געוואָרן מיט גאָלד. ס׳האָט אַ שאָס אַרויס געטון איין שטראַל, דערנאָך אַ צווייטער — און די זון איז, ווי געוויינלעך אין די דרום־לענדער, וואו ס׳איז נישטאָ כּמעט קיין בין־השמשות און פאַרטאָג, נישט אויפגעגאַנגען, נאָר אַרויסגעזעצט פון הינטער די וואָלקנס, ווי אַ זייל פייער און מיט אַ העלער ליכט דעם האָריזאָנט פאַר־גאָסן. דער הימל איז פריילעך געוואָרן, די ערד האָט זיך דערפרייט און די אומגעהייערע זאַמדיקע שטחים זענען פאַר די מענטשלעכע אויגן אַנט־פּלעקט געוואָרן.

— מיר דאַרפן יאָגן, — האָט אידריס אויסגערופן — וואָרן פּונ־דאַנען זעט מען אונז פון זייער ווייט.

אָבער די אויסגערוטע און אָנגעטרונקענע קעמלען האָבן געיאָגט מיט אַ שנעלקייט פון אינדן. סאַבאַ איז געבליבן הינטער זיי, אָבער ס'איז נישט געווען קיין שום מורא, ער זאָל פאַרבלאָנדזשעט ווערן און נישט באַוויזן זיך אויפן ערשטן רו־פּלאַץ. דער דראָמאַדער*), אויף וועלכן עס זענען געפאָרן אידריס מיט סטאַשן, איז געלאָפן האַרט לעבן נעלס רייט־קעמל, אַזוי, אַז די קינדער האָבן פריי זיך געקאָנט אויסשמועסן. דאָס געזעס, וואָס די סודאַנער האָבן אויסגעבעט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אויסגעצייכנט און דאָס מיידעלע האָט באמת דערין אויסגעזען, ווי אַ פיי־געלע אין אַ שטייגל. זי האָט נישט געקענט אַראָפּפאַלן, אפילו שלאָפנ־דיק, און דאָס פאָרן האָט זי אַ סך ווייניקער געמאַטערט, ווי באַנ־כט. דאָס העלע ליכט פון באַטאָג האָט ביידע קינדער צוגעגעבן מוט. אין סטאַשס האַרץ איז אַריינגעטרעטן אַ האָפענונג, אַז קוים האָט זיי סאַבאַ גע־קענט דעריאָגן, וועט דאָס געיעג נאָך זיי אוודאי דאָס זעלבע קענען אויפ־טון. מיט דערדאָזיקער האָפנונג האָט ער זיך באַלד געטיילט מיט נעלן, וועלכע האָט צו אים אַ שמייכל געטון ערשט דאָס ערשטע מאָל זינט מען האָט זיי אויפגעכאַפּט.

— און ווען וועט מען אונז דעריאָגן? — האָט זי געפרעגט אויף פראַנצויזיש, כדי אידריס זאָל זיי נישט קענען פאַרשטיין.

— כ'ווייס נישט. אפשר נאָך הייַנט, אפשר מאָרגן, אפשר אין צווי־ אָדער אין דריי טאָג אַרום.

— אָבער צוריקצוועגס וועלן מיר נישט פאָרן אויף קיין קעמלען?

— ניין. מיר וועלן נאָר צופאָרן צום נילוס, און מיטן נילוס קיין על־וואַסטאַ.

— איז גוט — אוי, ווי גוט!

די אָרעמע נעל, וועלכע האָט פריער אַזוי ליב געהאַט דאָס מין פאָרן, האָט עס שוין איצט געהאַט, משמעות, גענוג.

— מיטן נילוס.. קיין על־וואַסטאַ און צום טאַטעשי! — האָט זי מיט אַ שלעפעריק קול געזומען איבער'חזרן.

און ווייל אויף דעם פריערדיקן רו־פּלאַץ האָט זי זיך נישט אויס־

*) איינהאָרביקער קעמל.

געשלאָפן ווי עס געהער צו זיין, איז זי דעריבער איצט ווידער איינגע־שלאָפן, מיט אַ טיפן שלאָף, מיט אַזעלכן, ווי עס שלאָפט זיך נאָך אַ גרוי־סער אָפּמאַטערונג באַלד אינדערפרי. דערווייל האָבן די בעדוינער גע־טריבן די קעמלען אָן אָפּרו און סטאַש האָט באַמערקט, ווי זיי פאַרנע־מען זיך אין דער טיף פון דער מדבר.

ווילנדיק אַזוי אַרום אָפּשוואַכן אין אידריסן זיין זיכערקייט, אַז זיי וועלן באַווייזן צו אַנטלויפן פאַרן געיעג, און גלייכצייטיק אים ווייזן, אַז ער אַליין רעכנט אָן שום ספק דערויף, האָט ער דעריבער אויסגע־רופן:

— איר פאַרט אַוועק פון נילוס און פון באר־יוסף, אָבער דאָס וועט אייך גאָרנישט העלפן, וואָרן מ׳וועט דאָך אייך נישט גיין זוכן באַם ברעג, וואו עס ליגן דערפער אייגס לעבן ס׳אַנדערע, נאָר אין דער טיף.

און אידריס האָט אַ פרעג געטון:

— פונוואַנען ווייסטו, אַז מיר פאָרן אַוועק פון נילוס, ווי באַלד מ׳קען פונדאַנען קיין ברעגן נישט אָנזען?

— וואָרן די זון, וועלכע געפינט זיך אויף מזרח־זייט פון הימל, בריט אונז אין די פּלייצעס, הייסט דאָס, אַז מיר האָבן זיך אָפּגעדרייט אויף מערב.

— ביסט אַ קלוג בחור — האָט אידריס מיט אָנערקענונג אויס־גערופן.

אין אַ ווײַלע אַרום אָבער האָט ער צוגעגעבן:

— וואָס דען, נישט קיין שום געיעג וועט אונז אָניאָגן, נישט דו וועסט אַנטלויפן.

— ניין, — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט — איך וועל נישט אַנט־לויפן... סיידן מיט איר.

און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער שלאָפנדיקער נעל.

ביז מיטאָג האָבן זיי כמעט געיאָגט אָן אָפּרו, אָבער ווען די זון האָט זיך געהאַט הויך אַרויפגעשלאָגן אויפן הימל און אָנגעהויבן צו בראָטן, האָבן די קעמלען, וועלכע שוויצן ווייניק לויט דער נאַטור, פונ־דעסטוועגן זיך באַגאָסן מיט אַ שוויס און זייער אימפּעט איז געוואָרן באַדייטנד לאַנגזאַמער. דעם קאַראַוואַן האָבן ווידער אַרומגערינגלט פעלזן מיט שטיינער־פאַרזייעטע שטחים, די פעלזן־שפּאַלטן, וועלכע ווערן פאַר־וואַנדלט אין דער צייט פון די רעגנס אין שטראָמען, אָדער די אַזוי־גערופענע „קהאָרן“, האָבן זיך וואָס אַמאָל אָפטער באַגעגנט. די בעדויִנער

האָבן זיך סוף כּל סוף פאַרהאַלטן אין איינעם פון זיי, וואָס איז אינ־גאַנצן געווען פאַרבאָרגן צווישן די פעלזן. אָבער קוים, ווי זיי האָבן נאָר באַוויזן פון די קעמלען אַראָפּצוגיין, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און געוואָרפן זיך פאָרויס, וואָס אַמאָל זיך איינבייגנדיק און וואַרפנדיק מיט שטיינער פאַר זיך. פאַר סטאַשן, וועלכער איז נאָך נישט געהאַט אַראָפּגעקראָכן פון זאָטל, האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ מאָדנע בילד: פון צווישן די טרוקענע קושאַקעס, וואָס פאַרוואַקסן די דנאָ פון אַזאַ „קהאָר", האָט זיך נעמלעך אַרויסגערוקט אַ גרויסער שלאַנג, און וויקלענדיק זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ צווישן די אָפּגעקרישלטע שטיקער פעלזן, איז ער אַנטלאָפן אין עפּעס אַ פּאַר אים באַקאַנט באַהעלטעניש. די בע־דואינער האָבן אים עקשנותדיק נאָכגעיאָגט, און זיי צו הילף איז אַ שפּרונג־צו געקומען געבהר מיט אַ מעסער אין דער האַנט. אָבער צוליב דעם, וואָס דער גרונט איז נישט געווען קיין גלייכער, איז פּונקט אַזוי שווער געווען צו טרעפן דעם שלאַנג מיט אַ שטיין, ווי צו דערשטעכן אים מיט אַ מע־סער, — אין קורצן זענען אַלע דריי צוריקגעקומען מיט אַ באַשיינפּער־לעכער שרעק אויף די פּנימער.

און עס האָבן זיך געלאָזט הערן די געוויינלעכע געשרייען בײַ אַראַבער:

— אַללאַ!

— ביסמאַלאַך!

— מאַשאַלאַך!

— דערנאָך האָבן ביידע סודאַנער אָנגעהויבן צו קוקן מיט עפּעס אַ מאָדנעם, גלייכצייטיק פאַרשנדן און פרעגנדיקן בליק אויף סטאַשן, וועלכע האָט לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, אין וואָס דאָ גייט.

דערווייל איז נעל אויך אַראָפּגעשטיגן פון קעמל און הגם זי איז אַ סך ווינציקער געווען אָפּגעמאַטערט, ווי באַנאַכט, פונדעסטוועגן האָט סטאַש אויסגעשפּרייט פאַר איר אַ פּילצענע קאָלדרע אין אַ שאָטן אויף אַ גלייך אָרט און זי געהייסן זיך אַנידערלייגן, כּדי זי זאָל זיך קענען, האָט ער געזאָגט, אויסגלייכן די פיסלעך. די אַראַבער האָבן זיך גענומען צו דער מיטאָג־סעודה, וועלכע איז אָבער נישט מער באַשטאַנען, ווי פון סוכאַרעס און דאַקטילן, ווי אויך אַ שלונג וואַסער. די קעמלען האָט מען נישט געגעבן צו טרינקען, וואָרן זיי האָבן געטרונקען באַנאַכט. די פּנימער פון אידריסן, געבהרן און די בעדויינער זענען נאָך כּסדר אַלץ געווען פאַר־

דאגהט און דאָס רוען איז פאַרגעקומען אין שטילשווייגן. ענדלעך האָט אידריס אַוועקגערופן סטאַשן אָן אַ זייט און אים אָנגעהויבן אויספרעגן מיט אַ געהיימנישפולער און גלייכצייטיק אומרויקער מינע.

— האָסט געזען דעם שלאַנג ?

— כ׳האָב געזען.

— נישט דו האָסט דאָס אָפּגעטון כישוף, ער זאָל זיך אונז באַווייזן ?

— ניין.

— ס׳וועט אונז טרעפן אַן אומגליק, ווייל די שוטים האָבן נישט באַוויזן דעם שלאַנג צו דערהרגענען !

— איר וועט אַלע גיין אויף דער תּליה.

— שווייג. צי איז דיין טאַטע נישט אַמאָל אַ מכשף ?

— ער איז — האָט סטאַש אָן שום וואקלעניש געענטפערט, פאַרשטייענדיק מאָמענטאַל, אַז דידאָזיקע פּראים און אַבערגלויבישע מענטשן באַטראַכטן דאָס באַווייזן זיך פון דער שלאַנג אַלס אַ שלעכטן סימן און פאַר אַן אָנזאָג, אַז דאָס אַנטלויפן וועט זיך זיי נישט איינגעבן.

— האָט דאָס דיין טאַטע אַלזאָ אים אונז אַהערגעשיקט, — האָט אידריס געענטפערט — אָבער ער דאַרף דאָך פאַרשטיין, אַז פאַר זיין כישוף קענען מיר זיך נוקם זיין אָן דיר.

— איר וועט מיר גאָרנישט טון, וואָרן פאַר דערדאָזיקער רעהוואָלטן פאַטמאַס זין באַצאָלט מיטן לעבן.

— האָסטו שוין דאָס אויך פאַרשטאַנען ? אָבער געדענק, אַז ווען נישט איך, וואָלסטו געוועזן מיט בלוט אָפּגעפלאָסן אונטער געבהרס קאַרבאַטש — דו און די קליינע „בינט" דעסגלייכן.

— איך וועל מיך טאַקע דעריבער נאָר פאַר דיר אָננעמען, און געבהר וועט גיין אויפן שטריק.

— דערויף האָט אים אידריס אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי מיט באַוואונדערונג און אויסגערופן :

— אונזער לעבן געפינט זיך נאָך נישט אין דיינע הענט, און דו רעדסט שוין צו אונז, ווי אונזער האַר...

נאָך אַ ווײַלע האָט ער צוגעגעבן :

— ביסט אַ מאָדנע „אולעד" (יינגל) און כ׳האָב נאָך אַזעלכן נישט געזען. כ׳בין טאַקע ביז אַהער גוט געווען צו אייך, אָבער דו האַלט דיך איין און דראָע נישט.

— גאָט באַשטראָפט פאַררעטער — האָט סטאַש געענטפערט.

דאָס איז אָבער געווען אַ באַשיינפּערלעכע זאַך, אַז די זיכערקייט, מיט וועלכער דאָס ייִנגל האָט גערעדט, צוזאַמענגענומען מיט דעם שלעכטן סימן אין דעם געשטאַלט פון דער שלאַנג, וועלכע האָט באַוויזן צו אַנט־לויפן, האָט אין אַ גרויסער מאָס אידריסן באַאומרויקט. זעצנדיק זיך שוין אויפן קעמל, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: „יאָ! איך בין גוט געווען צו אייך!", ווי ער וואָלט געוואָלט על כּל צרה שלא תבא דאָס איינקריצן סטאַשן אין זכרון, און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן איבעררוקן די קרעלעכלעך פון דעם רויזנקראַנץ, וועלכער איז געווען אויסגעאַרבעט פון אַ שאָל פון דער נוס „דום" און תּפילה צו טון.

אַרום צוויי אַ זייגער באַכמיטאָג איז די חמימה, נישט קוקנדיק, וואָס עס איז שוין געווען ווינטער־צייט, געוואָרן אויסערגעוויינלעך. אויפן הימל איז נישט געווען קיין שום וואָלקנדל, אָבער די ראַנדן פון האָריזאָנט זע־נען גרוי געוואָרן. איבערן קאַראַוואַן האָבן זיך דורכגעטראָגן עטלעכע רויב־פייגל וואָס זייערע ברייט־פונאַנדערגעשפּרייטע פליגל האָבן געוואָרפן באַ־וועגלעכע, שוואַרצע שאָטנס אויף די בלאַס־געלבלעכע זאַמדן. אין דער צעגליטער לופט האָט מען געפילט, ווי אַ טשאַד. די קעמלען, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו יאָגן, האָבן אָנגעהויבן עפּעס מאָדנע צו כראַקען. איינער פון די בעדויִנער האָט זיך דערנענטערט צו אידריסן:

— ס'פאַרנעמט זיך אויף עפּעס נישט קיין גוטס — האָט ער אויס־געררופן.

— וואָס מיינסטו? — האָט דער סודאַנער געפרעגט.

— די בייזע רוחות האָבן אויפגעוועקט דעם ווינט, וואָס שלאָפט אויף מערב, און ער האָט זיך אויפגעהויבן פון די זאַמדן און לויפט צו אונדז.

אידריס האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן אויפן זאָטל, אַ קוק געטון אין דער ווייטקייט און אָפּגעענטפערט:

— אַזוי איז. ער גייט פון מערב און פון דרום, אָבער ער איז נישט אַזוי ווילד, ווי דער כאַמסין*).

— פונדעסטוועגן האָט ער מיט דריי יאָר צוריק לעבן אַבו־האַמעל פאַרשיט אַ גאַנצן קאַראַוואַן, און ער האָט אים ערשט צוריק אויפגעבלאָזן

---

*) אַ דרום־מערב ווינט, וואָס בלאָזט נאָר אין פרילינג.

דעם פאַריקן ווינטער. אואַללאַ! ער האָט געניצט כּוח, כּדי צו קענען פאַר־שטאָפּן די נאָזלעכער פון די קעמלען און אויסטרוקענען דאָס וואַסער אין די זעק.

— מען דאַרף יאָגן, כּדי ער זאָל אונדז נאָר מיט איין פליגל פאַר־טשעפּען.

— מיר לויפן אים אין די אויגן אַריין און מיר וועלן אים נישט באַוויזן אויסצומיידן.

— וואָס גיכער ער וועט אָנקומען, וועט ער אַלץ גיכער זיך דורכ־בלאָזן.

דאָס זאָגנדיק, האָט אידריס אַ זעץ געטון דעם קעמל מיטן קאָר־באַטש, און לויט זיין ביישפּיל האָבן אַלע דאָס זעלבע נאָכגעטון. אין משך פון אַ געוויסער צייט האָט מען נאָר געהערט די טעמפּע שלעק פון די גראָבע בייטשן, וואָס זענען ענלעך געווען צו אַ פּאַטשן אין די הענט, און די אויסגעשרייען: „יאַללאַ!"... אויף דרום־מערב־זייט איז דער האָריזאָנט, וואָס איז פריער געווען אַ ביסל ווייסלעך, אינגאַנצן טונקל געוואָרן. די חמימה האָט נאָך אַלץ אַזוי געדויערט און די זון האָט גע־ברענט די קעפּ פון די רייטער. די רויב־פייגל האָבן זיך, משמעות, זייער הויך אַרויפגעשלאָגן, וואָרן די שאָטנס פון זייערע פליגל זענען וואָס אַמאָל קלענער געוואָרן, און ענדלעך זענען זיי לגמרי פאַרשוואונדן געוואָרן.

ס'איז געוואָרן שטיקנד.

די אַראַבער האָבן געשריגן אויף די קעמלען, אַזוי לאַנג ביז וואַנען ס'איז זיי אין די העלזער טרוקן געוואָרן, דערנאָך זענען זיי איינגעשוויגן און ס'איז אַריינגעטרעטן אַ טויטע שטילקייט, וואָס איז איבערגעריסן גע־וואָרן מיט דעם קרעכצן פון די חיות. צוויי קליינע זאַמד־פּיקסן מיט לאַנ־גע אויערן זענען לעבן דעם קאַראַוואַן דורכגעלאָפן, אַנטרינענדיק אין קעגנזייטיקער ריכטונג.

דער זעלבער בעדוינער, וועלכער האָט תּחילת איינגעטענהט מיט אידריסן, האָט זיך ווידער אָנגערופן מיט עפּעס אַ מאָדנער, ווי נישט מיט זיין אייגענער שטימע:

— דאָס וועט נישט זיין קיין געוויינלעכער ווינט. בייזע רוחות יאָגן אונדז נאָך. אין דעם אַלעם איז שולדיק די שלאַנג...

— כ'ווייס — האָט אידריס אָפּגעענטפערט.

— קוק, די לופט טרייסלט זיך. דאָס קומט קיינמאָל נישט פאַר אין ווינטער.

די צעגליטע לופט האָט טאַקע ווי עפּעס אָנגעהויבן צו ציטערן, און צוליב דער פאַלשער פאָרשטעלונג פאַרן אויג, האָט זיך די רייטער אויסגעוויזן, אַז אויך די זאַמדן ציטערן. דער בעדוינער האָט אַראָפּגענו־מען פון קאָפּ דאָס דורכגעשוויצטע מיצל און אויסגערופן:

— דאָס האַרץ פון דער מדבר שלאָגט מיט פּחד.

און פּלוצלינג האָט דער צווייטער בעדוינער, וועלכער איז געפאָרן פאָרויס, אַלס דער פירער פון די קעמלען, זיך אומגעדרייט און אָנגע־הויבן צו רופן:

— ער גייט שוין! — ער גייט!

און ווירקלעך איז דער ווינט אָנגעקומען. אין דער ווייטקייט האָט זיך באַוויזן ווי אַ פינצטערער וואָלקן, וואָס איז פאַר די אויגן אַלץ גרע־סער געוואָרן און דערנענטערט זיך צו דעם קאַראַוואַן. ס׳האָבן זיך אויך אַ באַוועג געטון אַרום די נאָענטע כוואַליעס לופט און פּלוצלינג האָט דאָס אויפבלאָזן אָנגעהויבן ווירבלענדיק צו דרייען מיטן זאַמד. דאָ און דאָרט האָבן זיך געשאַפן ליעקעס, גלייך עמעצער וואָלט מיט אַ שטעקן די אויבערפלאַך פון דער מדבר געבויעט. ערטערווייז זענען אויפגעשטיגן שנעלע ווירבלען, ענלעכע צו זיילן, וואָס זענען דין פון אונטן, און פו־נאַנדערגעשפרייט, ווי פעדערבוישן, אינדערהייך. דאָס אַלץ אָבער האָט געדויערט, מער נישט, ווי איין אויגנבליק. דער וואָלקן, וואָס דער קעמ־לען־פירער האָט דער ערשטער דערזען, איז אָנגעלאָפן מיט אַן אומגע־הייערער שנעלקייט. ס׳האָט אַ שלאָג אָן געטון אָן די מענטשן און אָן די קעמלען, ווי אַ פליגל פון אַ ריזיקן פויגל. אין איין רגע זענען די אויגן און די מיילער פון די רייטער אָנגעפולט געוואָרן מיט זאַמד־שטויב. וואָלקנס שטויב האָבן פאַרדעקט דעם הימל, פאַרדעקט די זון און אויף דער וועלט איז געוואָרן חושך ואפלה. די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן פון אויג צו פאַרלירן, און די נאָענטסטע קעמלען אפילו האָבן אַרויסגעש־שימערט, ווי אונטער אַ נעפּל. נישט קיין גערויש — וואָרן אין דער מדבר זענען קיין ביימער נישטאָ — נאָר אַ געקנאַל פון אַ שטורמווינט האָט פאַרטויבט דאָס שרייען פון דעם קעמלען־פירער און דאָס געריטש פון די חיות. אין דער לופט האָט מען געפילט אַזאַ מין גערוך, ווי עס גיט אַרויס דער טשאַד פון קוילן. די קעמלען זענען געבליבן שטיין, און

אָפּקערנדיק זיך פון ווינט, האָבן זיי אויסגעצויגן די לאַנגע העלזער אַראָפּ אונטן, אַזוי, אַז די נאָזלעכער האָבן כמעט אָנגערירט דאָס זאַמד.

די סודאַנער האָבן אָבער נישט דערלאָזט מען זאָל זיך אָפּשטעלן, וואָרן די קאַראַוואַנען, וועלכע בלייבן שטיין בשעת אַ הוראַגאַן, ווערן אָפט פאַרשיט. צום גלייכסטן איז דאַמאָלס צו יאָגן גלייך מיטן ווינט, אידריס מיט געבהרן האָבן אויך דאָס נישט געקענט טון, וואָרן אויף אַזאַ מין אופן וואָלטן זיי זיך אומגעקערט קיין פאַיום, פונוואַנען זיי האָבן זיך געריכט מען זאָל זיי נאָכיאָגן. דעריבער האָבן זיי, ווען דער ערשטער אָנגריף איז אַדורך, ווידער די קעמלען געטריבן.

ס׳איז אַ ווײַלע געוואָרן שטיל, אָבער די רויטלעכע פינצטערניש האָט זיך זייער לאַנגזאַם פונאַנדערגעפּרישעט, וואָרן די זון האָט זיך נישט געקענט דורכשלאָגן די וואָלקנס שטויב, וואָס זענען אין דער לופט געהאָנגען. די גרעבערע און שווערע קרישעלעך זאַמד האָבן פונדעסטוועגן אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן. זיי האָבן אָבער פאַרפולט אַלע שפּאַלטן און אַלע איינגעפאַלענע ערטער אין די זאָטלען, זיך פאַרהאַלטן אין די קנייטשן פון די מלבושים. סיי די מענטשן, סיי די חיות האָבן מיט יעדן אָטעם־צוג אַרײַנגעצויגן אין זיך שטויב, וועלכער האָט געררייצט זייערע לונגען און געסקריפּעט צווישן די ציין.

דערבײַ האָט זיך אויך דער שטורם אויפסנײַ געקאָנגט אויפרייסן און איבאַנצן די וועלט פאַרשטעלן. סטאַש איז געקומען אויפן רעיון, אַז ווען ער וואָלט אין מאָמענט פון אַזאַ פינצטערניש געפונען זיך אויף איין קעמל, וואָלט ער אים געקאָנט אויסדרייען און גלייך מיט דעם ווינט אַנטלויפן אויף צפון. ווער ווייסט, צי מ׳וואָלט זיי גאָר באַמערקט אין אַזאַ חשכות און אין דעם תוהו ובוהו פון דער נאַטור, און ווען ס׳וואָלט זיי געלונגען צו דערגרייכן נאָר דאָס ערשטע בעסטע דערפל באַם באר־יוסף לעבן נילוס, וואָלטן זיי געווען געראַטעוועט — אידריס מיט געבהרן וואָלטן זיי נישט געוואַגט אפילו נאָכצויאָגן, וואָרן זיי וואָלטן תיכף ומיד אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די אָרטיקע „זאַבטיעס״.

איבערטראַכטנדיק דאָס אַלץ, האָט סטאַש אַ שטויס געטון אידריסן אין אָרעם און אויסגערופן:

— גיב מיר די קרוג מיט וואַסער.

אידריס האָט אים נישט אָפּגעזאָגט, וואָרן, הגם זיי האָבן איבדער־פרי באַדייטנד אָפּגעדרייט זיך אין דער טיף פון דער מדבר און זענען גאַנץ ווייט געווען פון אַ טײַך, האָבן זיי פונדעסטוועגן געהאַט גענוג

וואַסער, און די קעמלען האָבן זיך אויך אין דער צייט פֿון אָפּרוען באַ־נאַכט גענוג אָנגעטרונקען. אַ חוץ דעם האָט ער, אַלס אַ מענטש, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט דער מדבר, גאַנץ גוט געוואוסט, אַז נאָך אַ הוראַ־גאַן קומט געוויינלעך אַ רעגן און פֿאַרוואַנדלט די „קהאַרן" אויף אַ קורצער צייט אין שטראָמען.

סטאַשן האָט זיך ווירקלעך געדורשטן, דעריבער האָט ער אַ גוטן צי געטון פֿון וואַסער, דערנאָך האָט ער, נישט אָפּגעבנדיק די קרוג, ווי־דער אידריסן אַ שטויס געטון אין אָרעם:

— פֿאַרהאַלט דעם קאַראַוואַן.

— צוליב וואָס? — האָט דער סודאַנער געפֿרעגט.

— צוליב דעם, ווייל כ׳וויל מיך איבערזעצן אויפֿן קעמל פֿון דער קליינער „בינט" און איר געבן אַ טרונק וואַסער.

— דינה האָט אַ גרעסערע קרוג פֿון מיינער.

— אָבער זי איז אַ נאַשערין און זי האָט געוויס אויסגעטרונקען. ס׳האָט זיך אויך געמײַזט אָנשיטן אַ סך זאַמד אין דעם געזעס אַריין, וואָס איר האָט עס איינגעאָרדנט ענלעך אויף אַ קויש. דינה וועט זיך מיט דעם נישט קיין עצה געבן.

— דער ווינט וועט זיך אין אַ ווײַלע אַרום אויפֿרייסן און ווידער אַלץ פֿאַרשיטן.

— וועט דאָך די קליינע „בינט" אַוודאי דאַרפֿן האָבן הילף.

אידריס האָט אַ שמיר געטון מיט דער בייטש דאָס קעמל — און זיי זענען אַ ווײַלע געפֿאָרן אין שטילשווייגן.

— פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו נישט? — האָט זיך סטאַש געפֿרעגט.

— ווייל כ׳באַטראַכט מיך, צי וואָלט גלייכער געווען דיך צוצו־בינדן צום זאָטל, צי אַרונטערצובינדן דיר די הענט אויף אַ הינטער.

— ביסט פֿון זינען אַראָפּ!

— ניין. נאָר כ׳האָב מיך אָנגעשטויסן, וואָס דו האָסט געוואָלט טון.

— מ׳וועט אונז סיי ווי דעריאָגן, דעריבער דאַרף איך דאָס נישט צו טון.

— די מדבר איז אין גאָטס האַנט.

זיי זענען ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס גרעבערע זאַמד איז לגמרי אַראָפּגעפֿאַלן; אין דער לופֿט איז נאָר איבערגעבליבן אַ צאַרטער, רויטער שטויב, ענלעך אויף אַ לייכטן נעפּל, דורך וועלכן די זון האָט

דורכגעלויכטן, ווי אַ קופּערנע בלעך. אָבער מ׳האָט שוין געזען פונדערווייטנס. פאַר דעם קאַראַוואַן האָט זיך געצויגן איצט אַ פלאַכלאַנד, אויף וועלכן די שאַרפע אויגן פון די אַראַבער האָבן אויף זיינע ווייטע ראַנדן ווידער דערזען אַ וואָלקן. ער איז געווען אַ סך העכער פון דעם פריערדיקן, און אַ חוץ דעם האָבן פון אים אַרויסגעשאָסן עפּעס אַזעלכע זיילן, ווי עפּעס ריזיקע, אינדערהייך פונאַנדערגעשפּרייטע קוימענס. באַ דעם אָנבליק האָבן די הערצער פון די אַראַבער און בעדוינער אויפגעציטערט, וואָרן זיי האָבן דערקענט, אַז דאָס זענען גרויסע זאַמד-ווירבלען. אידריס האָט אויפגעהויבן די הענט, און צולייגנדיק זיי צו די אויערן, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו בוקן דעם אָנלויפנדיקן שטורמווינט. זיין אמונה אין איינציקן גאָט האָט אים, משמעות, נישט געשטערט צו דינען און מורא צו האָבן פאַר אַנדערע, וואָרן סטאַש האָט בפירוש געהערט, ווי ער האָט געזאָגט:

— האַר! מיר זענען דיינע קינדער, וועסטו בכן אונז נישט אויפפרעסן!

און דער „האַר" איז גראָד טאַקע אָנגעלאָפן און אַ שליידער געטון מיט די קעמלען מיט אַזאַ שרעקלעכער קראַפט, אַז זיי זענען שיער נישט אויף דער ערד אַנידערגעפאַלן. די חיות האָבן זיך איצט צונויפגעשלאָגן אין אַן ענגערע קופּע, מיט די קעפּ אויסגעדרייט אין דער מיטן איינע צו דער אַנדערער. עס האָבן זיך אַ הייב געטון גאַנצע חמרים מיט זאַמד. דעם קאַראַוואַן האָט אַ פינצטערניש אַרומגענומען, נאָך אַ טיפערע, ווי פריער, און אין דערדאָזיקער פינצטערניש זענען לעבן די רייטער פאַרבייגעפלויגן עפּעס נאָך השכותדיקערע, נישט דייטלעכע געגנשטאַנדן, ווי עפּעס ריזיקע פייגל, אָדער דורכן הוראַגאַן פונאַנדערגעטריבענע קעמלען. אַ פחד האָט די אַראַבער אַרומגענומען. עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז דאָס זענען די גייסטער פון מענטשן און חיות, וואָס זענען אונטער די זאַמדן פאַרלוירן געוואָרן. אין דעם געקנאַל און אין דעם וואָיען פון דעם שטורמווינט האָט מען געהערט עפּעס מאָדנע קולות, וואָס זענען ענלעך געווען דאָ צו שלוכצן, דאָ גאָר צו אַ געלעכטער, דאָ צו אַ רוף נאָך הילף. דאָס זענען אָבער נאָר געווען פאַלשע פאָרשטעלונגען. דעם קאַראַוואַן האָט געדראָט אַ טויזנט מאָל מער שרעקלעכע, אמתע געפאַר. די סודאַנער האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אויב ס׳וועט וועלכער פון די גרויסע ווירבלען, וואָס האָבן זיך אָן אויפהער געשאַפן, זיי אַ כאַפּטון אין זיינע אָרעמס, וועט ער די רייטערס אַראָפוואַרפן און די קעמלען

פוּנאַנדערפּרישען, אוּן אויב ער וועט זיך איינבּרעכן אוּן זיך אויף זיי אַרויפלייגן, דעמאָלט וועט ער אין איין אויגנבּליק אָנשיטן אויף זיי אַ ריזיק קבר פוּן זאַמד, אוּנטער וועלכן זיי וועלן אַזוי לאַנג וואַרטן, בּיז עס וועט קומען אַ פרישער הוראַגאַן אוּן זייערע בּיינערדיקע סקעלעטן צוריק אויפבּלאָזן.

סטאַשן האָט זיך געמישט אין קאָפּ, ס'האָט אים אָטעם פאַרפּעלט אין דער בּרוּסט אוּן דאָס זאַמד האָט אים בּלינד געמאַכט. אָבער ס'האָט זיך אים צייטנווייז אויסגעדאַכט, אַז ער הערט דאָס געוויין אוּן רופן פוּן נעלן, האָט ער דעריבּער נאָר וועגן איר געטראַכט. אויסנוּצנדיק דעם מאָמענט, וואָס די קעמלען זענען געשטאַנען אין אַ צוּזאַמענגעשלאָגענער קופּע אוּן וואָס אידריס קאָן נישט אויף אים אַכטוּנג געבן, האָט ער באַשלאָסן שטילערהייט אַריבּערצוּקריכן אויף דעם מיידלס קעמל, אָבער שוין נישט, כּדי צוּ אַנטלויפן, נאָר פּשוּט, כּדי איר צוּ געבן הילף אוּן צוּצוּגעבן מוּט. אָבער קוים ער האָט נאָר בּאַוויזן די פיס אוּנטער זיך צוּ נעמען אוּן אויסצוּציען די הענט, וועלנדיק אָנכאַפּן דעם עק פוּן נעלס זאָטל, האָט אים אידריסעס מעכטיקע פויסט אַ ריס געטון. דער סודאַנער האָט אים געגעבן אַ כאַפּ, ווי אַ פעדערל, אַנידערגעלייגט אים פאַר זיך אוּן אָנגעהויבן צוּ בּינדן מיט אַ פּאַלמען-שטריק. נאָכן צוּבּינדן אים די הענט האָט ער אים אַריבּערגעהאָנגען איבּערן זאָטל. סטאַש האָט די ציין פאַרהאַקט אוּן אַנטקייגנגעשטעלט זיך מיט אַלע כּוחות, אָבער אוּמזיסט. האָבנדיק אַ טרוּקענעם האַלז אוּן אַ פאַרשיט מויל, האָט ער נישט געקאָנט אוּן אויך נישט געוואָלט אידריסן איבּערצייגן, אַז ער האָט נאָר געוואָלט קומען צוּ הילף דעם מיידעלע, נישט אָבער צוּ אַנטלויפן.

נאָך אַ ווײַלע אָבער האָט ער, פילנדיק, אַז ער ווערגט זיך, אָנגעהויבן צוּ שרייען מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— ראַטעוועט די קליינע „בּינט"!... ראַטעוועט די קליינע „בּינט!"

אָבער די אַראַבּער האָבן בּעסער געוואָלט טראַכטן וועגן זייער אייגן לעבן. דאָס בּלאָזן איז געוואָרן אַזוי שרעקלעך, אַז נישט זיי האָבן געקאָנט אויף די קעמלען איינזיצן, נישט די קעמלען האָבן געקענט אויף אַן אָרט איינשטיין. די צוויי בּעדוּינער, ווי אויך כאַמיס מיט געבּהרן זענען אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד, כּדי צוּצוּהאַלטן די חיות בּאַ די שטריקלעך, וואָס זענען געווען צוּגעבּוּנדן צוּם ציימל אוּנטערן אוּנטערשטן קין. אידריס האָט, אַראָפּשטוּפּנדיק סטאַשן אויף דער אוּנטערשטער טייל פוּן זאָטל,

אויף דאָס זעלבע געטון. די חיות האָבן וואָס ברייטער פונאַנדערגעשטעלט די פיס, כּדי זיך צו ווערן קעגן דעם ווילדן שטורעמווינט, אָבער ס'האָט זיי פאַרפעלט כּוחות און דער קאַראַוואַן, וואָס איז געשמירט געוואָרן דורך די גראָבע שטיינער־ברעקלעך, וואָס האָבן זיך אין זיי איינגעגעסן ווי מיט הונדערטער בייטשן און דורך דעם זאַמד, וואָס האָט געשטאָכן, ווי מיט שפּילקעס, האָט אָנגעהויבן דאָ פּאַמעלעכער, דאָ געאײַלטער צו דרייען זיך און אָפּצוטרעטן אונטער דעם דראַנג. מאָמענטווייז האָט דער שטורעם גריבער אויסגעריסן אונטער זייערע פיס, דאָ האָבן ווידער די גראָבע שטיי־נער־ברעקלעך און זאַמד, וואָס האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אָן די זייטן פון די קעמלען, אין איין אויגנבליק געשאַפן אַזעלכע בערגלעך, וואָס האָבן גע־גרייכט זיי ביז די קניען און נאָך העכער.

אויף אַזאַ אופן איז אַדורך אַ שעה נאָך אַ שעה. די געפאַר איז געוואָרן וואָס אַמאָל שרעקלעכער. אידריס האָט ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז די איינציקע רעטונג וועט זיין אויפצוזיצן אויף די קעמלען און צו לויפן מיטן ווינט. אָבער דאָס וואָלט דאָך געהייסן זיך אומקערן קיין פאַיום, וואו עס האָט געוואַרט אויף זיי דאָס עגיפּטישע געריכט און די תּליה.

— האַ! פאַרפאַלן — האָט אידריס אַ טראַכט געטון. — דער הו־דאַגאַן האָט מסתּמא אויך אויפגעהאַלטן דאָס נאָכיאָגן, און ווען עס וועט אויפהערן, וועלן מיר זיך ווידער לאָזן אויף דרום.

און ער האָט אָנגעהויבן שרייען מען זאָל זיך זעצן אויף די קעמלען.

אָבער מיטאַמאָל איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט די גאַנ־צע לאַגע פאַרענדערט.

אַט גאָר פּלוצלינג האָבן זיך די טונקעלע, כּמעט שוואַרצע וואָלקנס זאַמד דורכגעלויכטן מיט אַ בלוילעכער ליכט. דאָס חשכות איז דערנאָך געוואָרן נאָך טיפער, אָבער גלייכצייטיק איז אויפגעשטאַנען דער דונער, וואָס שלאָפט אויף די הויכקייטן און איז אויפגעוועקט געוואָרן דורכן שטורעמווינט. ער האָט זיך אָנגעהויבן דורכצוקייקלען צווישן דער אַראַבי־שער און ליביישער מדבר — אַ מעכטיקער, אַ גרויזאַמער, וואָלסט גע־שוואוירן — אַ צאָרנדיקער. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז בערג מיט פעלזן קאָלערן זיך אַראָפּ פון די הימלען. דאָס פאַרטויבנדיקע קנאַלן האָט זיך וואָס אַמאָל מער געשטאַרקט, געוואַקסן, מיט דער וועלט אויפגעטרייסלט, דעם גאַנצן האָריזאָנט גענומען אַרומרינגלען — ערטערווייז האָט עס

אַרויסגעזעצט מיט אַזאַ שרעקלעכער קראַפט, גלייך ווי דאָס פּונאַנדערגע־פּלאַצטע הימל־געוועלב וואָלט זיך אויף דער ערד אַראָפּגעשיט; — דער־נאָך האָט ער זיך ווידער געקאָלערט מיט אַ טויבן, אומאויפהערלעכן רעש; ווידער אויפגעריסן, ווידער זיך געבראָכן, מיט בליצן געבלענדט, געשלאָגן מיט דונערן, אַראָפּגענידערט, אויפגעהויבן זיך, געררוישט און אַ לאַנגע צייט אַזוי געדויערט.

דער ווינט איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי אַן איבערגעשראָקענער, און ווען עס האָבן זיך נאָך אַ לענגערער ווײַלע ערגעץ אין דער אומגעהייע־רער ווייטקייט די הימל־ריגלען אַ קלאַפּ־צו געטון נאָך אַ דונער, איז אַרײַנגעטרעטן אַ טויטע שטילקייט.

נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אין דערדאָזיקער שטילקייט דער־הערט דאָס קול פון דעם קעמלען־פירער:

— גאָט איז איבער ווינט און שטורם! מיר זענען געראַטע־וועט!

זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. אָבער אַ חושכדיקע נאַכט האָט זיי אַרומגענומען, און הגם די קעמלען זענען געלאָפן נאָענט איינער פון אַנדערן, האָבן זיך די מענטשן נישט געקאָנט זען — און האָבן זיך געמוזט יעדעס מאָל אָפּרופן איינער צום אַנדערן אויפן קול, כדי מ׳זאָל זיך קעגנזייטיק נישט פאַרלירן. פון צייט־צו־צייט האָבן בלענדנדיקע בלויע, אָדער רויטע בליצן די זאַמדיקע שטחים דורכגעלויכטן, אָבער נאָכדעם איז געוואָרן אַזאַ געדיכטע פינצטערניש, אַז ס׳איז פשוט געווען — וימש חושך. טראָץ דעם מוט, וואָס דאָס קול פון דעם קעמלען־פירער האָט אַרײַנגעגאָסן אין די הערצער פון די סודאַנער, האָט זיי די אומרויקייט נאָך נישט געהאַט אָפּגעטרעטן, טאָקע דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך בלינ־דערהייט געדוקט פאָרויס, נישט וויסנדיק באמת, אין וועלכער זייט אַרײַן זיי פאָרן — צי דרייען זיי זיך נישט אַמאָל אַרום און אַרום אויף איין אָרט, צי קערן זיי זיך נישט אַמאָל אום אויף צפון. די חיות האָבן זיך יעדע ווײַלע געשטרויכלט און נישט געקאָנט שנעל לויפן, און דערבײַ האָבן זיי עפּעס אַזוי מאָדנע און אַזוי הילכיק געאָטעמט, אַז די רייטערס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס אָטעמט אַזוי די גאַנצע מדבר פון פחד. ענדלעך זענען אַראָפּגעפאַלן די ערשטע טראָפּנס רעגן, וואָס קומט כמעט שטענדיק נאָך אַ הוראַגאַן, און גלייכצייטיק האָט די שטימע פון דעם קעמלען־פירער פון דער פינצטערניש זיך אָנגערופן:

— אַ קהאָר! . . .

זיי זענען געווען לעבן אַ פעלזן-שפּאַלט. די קעמלען האָבן זיך פאַר־
האַלטן באַם ברעג, דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן פאָרזיכטיק אַראָפּצוּני־
דערן אין טאָל אַריין.

# IX.

דער קהאָר איז געווען ברייט, אוּנטן אויסגעשיט מיט שטיינער,
צווישן וועלכע עס זענען געוואַקסן נידעריקע דאָרן־קוּשאַקעס. די דרום־
וואַנט זיינע זענען געווען הויכע פעלזן, פוּל מיט איינברעכוּנגען און
שפּאַלטן. די אַראַבער האָבן דאָס אַלץ דערזען באַם ליכט פוּן די שטילע,
אָבער וואָס אַמאָל אָפּטערע בליצן. אין קוּרצן האָבן זיי אויך אַנטדעקט
אין דער פעלזיקער וואַנט אַ מין פלאַכע מערה, אָדער בעסער געזאָגט —
אַ ברחבותדיקע הייל, אין וועלכער מענטשן האָבן זיך גאַנץ לייכט גע־
קענט געפינען אַ פלאַץ און אין פאַל פוּן אַ רעגן דאָרט האָבן אַ באַהעל־
טעניש. די קעמלען האָבן אויך געהאַט אַ באַקוועמען פלאַץ אויף דער
לייכטער דערהויכקייט, האַרט לעבן דער הייל. די בעדוּינער און די צוויי
סוּדאַנער האָבן אַראָפּגענוּמען פוּן זיי די משאות און די זאָטלען, כדי זיי
זאָלן זיך קענען גוּט אויסרוּען, און כאַמיס, דער זוּן פוּן טשאַדיגי,
האָט זיך דערווייל פאַרנוּמען מיט אָפּשניידן דאָרן־קוּשאַקעס אויף אַ פייער
צוּ מאַכן. גרויסע, איינצלנע טראָפּנס רעגן זענען כסדר אַראָפּגעפאַלן, אָבער
אַ מבוּל האָט זיך ערשט דאַמאָלס אָנגעהויבן, ווען די מענטשן האָבן זיך
שוין געהאַט פוּנאַנדערגעלייגט אויף נאַכטלעגער. מתחילת זענען דאָס נאָר
געווען ווי שנירלעך וואַסער, דערנאָך ווי גראָבע שטריק, און צוּם סוף
האָט זיך געדאַכט, אַז גאַנצע טייכן גיסן זיך אַראָפּ פוּן די אוּמגעזעענע
כמאַרעס אויף דער ערד. אַזעלכע רעגנס טאַקע, וואָס עס טרעפן זיך איינ־
מאָל אין עטלעכע יאָר, הייבן אויף אַפילוּ אין ווינטער דאָס וואַסער אין
די קאַנאַלן און אין נילוּס, און אין אַדען פילן זיי אָן די ריזיקע באַסיי־
נען, אָן וועלכע די שטאָט וואָלט לחלוּטין נישט געקענט עקזיסטירן.
סטאַש האָט נאָך צייט ער לעבט אַזאַ ענלעכעס נישט געזען. אויף דער
דנאָ פוּן קהאָר האָט אָנגעהויבן רוישן אַ קוואַל, דעם איינגאַנג אין דער
הייל אַריין האָט ווי מיט פוירהאַנגען דאָס וואַסער פאַרשטעלט, אַרוּם

האָט מען נאָר געהערט אַ פּליוך אין דאָס ריזלען. די קעמלען זענען געשטאַנען אויף דער הויכקייט און דער מבול האָט זיי נאָר העכסטנס געקענט אָפּצוואַגן, דאָך האָבן די אַראַבער יעדע ווײַלע ארויסגעבליקט, צי עס דראָעט נישט די חיות קיין געפאַר. די מענטשן, פאַרקערט, איז געווען גאַנץ ליבלעך צו זיצן אין דער הייל, וואָס איז באַשיצט געווען פאַרן רעגן, לעבן העלן פייער פון די צווייגעלעך, וועלכע האָבן נישט באַוויזן נאָס צו ווערן. אויף די פּנימער האָט זיך געצייכנט אַ פרייד. אידריס, וועלכער האָט באַלד נאָכן אָנקומען פונאַנדערגעבונדן סטאַשן די הענט, כּדי ער זאָל קענען עסן, האָט זיך איצט צו אים אומגעדרייט און אויסגערופן, שמייכלענדיק מיט פאַראַכטונג:

— מאַהדי איז גרעסער פון אַלע ווייסע מכשפים. ער האָט דאָס איינגעשטילט דעם הוראַגאַן און אַראָפּגעשיקט דעם רעגן.

סטאַש האָט גאָרנישט געענטפערט, וואָרן ער האָט זיך פאַרנומען מיט נעלן, וועלכע האָט קוים געלעבט. קודם כּל האָט ער אויסגעשאָקלט דאָס זאַמד פון אירע האָר, דערנאָך האָט ער, הייסנדיק דער אַלטער דינהן אויפּפּאַקן די זאַכן, וואָס זי האָט, אין דער איבערצייגונג, אַז די קינדער פאָרן צו די טאַטעס, מיטגענומען פון פאַיום, גענומען אַ האַנטוך, איינגע- נעצט אין וואַסער, און איבערגעווישט דאָס פּנים מיט די אויגן פון מיי- דעלע. דינה האָט דאָס נישט געקענט טון, וואָרן זענענדיק אַזוי אויך שלעכט אויף איין אויג נאָר, איז זי בשעת דעם הוראַגאַן כּמעט אינגאַנצן בלינד געוואָרן און דאָס איבערוואַשן די צעגליטע אויגנלעדלעך האָבן איר דער- ווײַל קיין שום פאַרלייכטערונג נישט געבערענגט. נעל האָט זיך פּאַסיוו אונטערגעגעבן יעדער אַרט באַמיונגען פון סטאַשן, זי האָט נאָר געקוקט אויף אים אַזוי, פּונקט ווי אַ פאַרמאַטערט פייגעלע — און ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט פון איר אַראָפּגעצויגן די שיכלעך, כּדי אַרויסצושיטן פון זיי דאָס זאַמד, און דערנאָך איר אויסגעבעט די קאָלדערע, האָט זי אים פאַרוואָרפן די הענטלעך אַרום האַלז.

און זיין האַרץ איז איבערפולט געוואָרן מיט אַ גרויס רחמנות. ער האָט זיך דערפילט איר אפּטרופּוס, איר עלטערער ברודער און דער איינ- ציקער אין דעם מאָמענט באַשיצער פון נעלן און ער האָט גלייכצייטיק דערפילט, אַז ער האָט דאָס קליינע שוועסטערל אומגעהייער ליב, אַ סך מער, ווי פריער אַמאָל. ער האָט דאָך זי אויך ליב געהאַט אין פּאָרט- סאַיד, אָבער ער האָט זי געהאַלטן פאַר אַ קינדעלע — דעריבער איז אים, למשל, אויפן געדאַנק קיינמאָל נישט געקומען איר אַ קוש צו טון אין

העגטל אַריין באַם זאָגן אַ גוטע נאַכט. ווען ס׳וואָלט אים עמעצער אַזאַ געדאַנק געוועזן אויפגעגעבן, וואָלט ער עס באַטראַכט אויף אַזאַ אופן, אַז אַ בחור, וואָס איז שוין אַלט געוואָרן דרייצען יאָר, איז נישט לפי כבודו און לפי זיינע יאָרן אַזאַ מין זאַך צו טון. אָבער איצט האָט דער געמיינזאַמער גורל אין אים אויפגעוועקט די איינגעשלאָפענע געפילן, דעריבער האָט ער אַ קוש געטון נישט אין איינער, נאָר אין ביידע הענטלעך אַריין פון דעם מיידעלע.

אַנידערלייגנדיק זיך, האָט ער ווייטער אַלץ געטראַכט וועגן איר און ער האָט באַשלאָסן אויסצופירן, כדי זי אַרויסצורייסן פון דער געפאַנגענשאַפט, עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע טאַט. ער איז גרייט געוועזן אויף אַלדינג, אַפילו אויף יסורים און אויפן טויט, נאָר מיט דעם קליינעם פאַרבאָרגענעם תנאי אין דער נשמה, אַז די יסורים זאָלן נישט צו פיל וויי טון, און דער טויט דאַרף נישט דורכויס שוין צו זיין דער אמתער טויט, וואָרן אין דעם פאַל וואָלט ער דאָך נישט געקאָנט זעען דאָס גליק פון דער באַפרייטער נעל. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פאַרטראַכטן איבער די העלדישסטע אופנים ווי אַזוי זי צו ראַטעווען, אָבער די געדאַנקען האָבן זיך אים אָנגעהויבן צו מישן. אַ ווײַלע האָט זיך אים געדאַכט, אַז גאַנצע וואָלקנס מיט זאַמד פאַרשיטן זיי. דערנאָך, אַז אַלע קעמלען שטופּן זיך אים אין קאָפּ אַריין — און ער איז איינגעשלאָפן.

די אַראַבער זענען, נאָך דעם אָפּפאָרען זיך מיט די קעמלען, פאַרמאַטערטע פון קאַמף מיט דעם הוראַגאַן, אויך איינגעשלאָפן מיט אַ האַרטן שלאָף. דאָס פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן; אין דער הייל איז געוואָרן חושך ואפלה. אין קורצן האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס כראָפּען פון די מענטשן, און פון דרויסן איז דערגאַנגען דער פּליעסק פון דעם מבול און דאָס גערויש פון וואַסער, וואָס האָט זיך צעשלאָגן אָן די שטיינער אויף דער דנאָ פון קהאָר. אויף אַזאַ אופן איז אַדורך די נאַכט.

נאָר אַרום פאַרטאָג האָט סטאַש, דערפילנדיק עפּעס אַ קעלט, פון האַרטן שלאָף זיך אויפגעכאַפּט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די שפּאַלטן פון דער פעלזן-איבערפלאַך, האָט זיך ביסלעכווייז אַדורכבאַקומען און אָנגעהויבן ענדלעך טראָפּנווייז דורך עפּעס אַ שפּאַרעלע אַראָפּצורינען אויף זיין קאָפּ. דאָס ייִנגל האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער פּילצענער קאָלדרע און דורך עפּעס אַ געווי-

סער צייט געראַנגלט זיך מיטן שלאָף, נישט קאָנענדיק דערגיין, וואו ער געפינט זיך און וואָס עס טוט זיך מיט אים.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער ענדלעך צו זיך געקומען.

— אַהאַ! — האָט ער אַ טראַכט געטון. — נעכטן איז געווען אַ הוראַגאַן, און מיר זענען געפאַנגען און דאָס איז אַ הייל, וואוהין מיר האָבן זיך פאַרן רעגן באַהאַלטן.

און ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן. קודם כּל האָט ער מיט שטוי־נען באַמערקט, אַז דער רעגן האָט אויפגעהערט — און אַז אין דער הייל איז לחלוטין נישט פינצטער, זי איז באַלויכטן פון דער לבנה, וואָס האָט שוין באַם פאַרגיין און זי געפינט זיך שוין דעריבער נידעריק איבערן האָ־ריזאָנט. באַ אירע בלאַסע שטראַלן האָט מען געזען דעם גאַנצן ברייטן חלל, אָבער פלאַכע אויסהוילונג. סטאַש האָט בפירוש באַמערקט די דער־לעבן ליגנדיקע אַראַבער, און באַ דער צווייטער וואַנט פון דער הייל — דאָס ווייסע קליידל פון נעלן, וועלכע איז געשלאָפן לעבן דינהן.

און ווידער האָט אַ גרויסע זאָרגפעלטיקייט זיין האַרץ באַהערשט.

— זי שלאָפט נעל — זי שלאָפט, — האָט ער צו זיך אַליין גע־רעדט — אָבער איך שלאָף נישט און... כ'מוז זי ראַטעווען.

דערנאָך האָט ער, אַ קוק טוענדיק אויף די אַראַבער, אין האַרץ צוצוגעבן:

— אַך, וואָלט איך געוואָלט דידאָזיקע אַלע אויסוואַרפן...

ער האָט פלוצלינג אַ ציטער געטון.

זיין בליק איז גראָד געפאַלן אויף דעם לעדערנעם פוטליאַר, אין וועלכן ס'האָט זיך געפונען דער שטוצער, וואָס ער האָט באַקומען אַלס מתנה אויף ווײַנאַכטן — און אויף דעם שאַכטל מיט די קוילן, וואָס איז געלעגן צווישן אים מיט כאַמיסן, אַזוי נאָענט, אַז ס'איז גענוג געווען בלויז די האַנט אויסצוציען.

דאָס האַרץ האָט אין אים אָנגעהויבן קלאַפּן, ווי מיט אַ האַמער; ווען ער וואָלט זיך געקאָנט צוכאַפּן צו דער ביקס מיט די לאָדונגען, וואָלט ער דאָך פשוט געוואָרן דער הער פון דער לאַגע. אין אַזאַ פאַל וואָלט נאָר גענוג געווען זיך שטילערהייט אַרויסצורוקן פון דער אויסהוילונג, באַהאַלטן זיך אויף אַן עטלעכע צענדלינג טריט צווישן די פעלזן־שפּאַלטן און פון דאָרטן צו היטן דעם אַרויס־גאַנג.

— די סודאַנער און די בעדווינער — האָט ער געטראַכט — ווען

זיי וועלן זיך אויפכאַפּן און דערזען, אַז איך בין נישטאָ, וועלן זיי אַלע מיטאַמאָל אַרויספאַלן פון דער הייל. אָבער דעמאָלט וועל איך מיט צוויי שאָס אַנידערלייגן די ערשטע צוויי, און איידער די איבעריקע וועלן אונטערקומען, וועט די ביקס שוין ווידער זיין אָנגעלאָדן. וועט נאָר איבערבלייבן כאַמיס, אָבער מיט דעמדאָזיקן וועל איך מיר לייכט אַן עצה געבן.

דאָ האָט ער זיך פאַרגעשטעלט פיר טויטע קערפּערס, וואָס ליגן אין בלוט, און דאָך האָט אים אַ פּחד און אַ מורא באַ דער ברוסט אָנ־געכאַפּט. דערמאָרדן פיר מענטשן! זיי זענען טאַקע, אמת, אויסוואורפן, אָבער יעדנפאַלס, איז דאָס אַ שרעקלעכע זאַך. ער האָט זיך דערמאַנט, ווי ער האָט איינמאָל אין פּאָרט־סאַיד געזען אַן אַרבעטער — אַ פעלאַך, וועלכער איז געהרגעט געוואָרן דורך אַ קאָרבע פון אַ דאַמף־מאַשין, וואָס גראָבט אין דער ערד און וואָס פאַר אַ שרעקלעכן איינדרוק עס האָט אויף אים געמאַכט די צאַפּלדיקע שטיקער פון מענטשלעכן קערפּער אין דער רויטער קאַלוזשע בלוט. און ער האָט באַ דער בלויזער דערינערונג אַ ציטער געטון. און איצט וואָלט מען געדאַרפט גאַנצע פיר שטיק!...

אי ס׳איז אַן עבירה, אי ס׳איז שרעקלעך!... ניין, ניין! ער וועט דאָס קיינמאָל אין לעבן נישט טון.

ער האָט זיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט די געדאַנקען. פאַר זיך וואָלט ער דאָס נישט געטון — דאָס איז זיכער! אָבער דאָ גייט דאָך וועגן נעלן, עס גייט דאָך לשם איר פאַרטיידיקונג, כּדי זי מציל צו זיין, לשם איר לעבן, וואָרים זי וועט דאָך דאָס אַלדינג נישט אויסהאַלטן און זי וועט אָן שום ספק שטאַרבן, אָדער אין וועג, אָדער צווישן די ווילדע צעיושעטע מחנות דערווישן. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דען דאָס בלוט פון אַזעלכע אויסוואורפן לגבי דעם לעבן פון נעלן און צי מעג מען זיך אין אַזאַ מאָמענט וואַקלען?

— פאַר נעלן! פאַר נעלן!...

נאָר פּלוצלינג איז דורך סטאַשס קאָפּ דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, ווי אַ ווינט, פון וועלכן די האָר האָבן זיך אים אויפן קאָפּ אויפגעשטעלט. וואָס וועט זיין, אויב וועלכער פון דידאָזיקע רוצחים וועט צולייגן אַ מע־סער צו נעלס ברוסט און וועט דראָען, אַז ער וועט זי דערמאָרדן, אויב ער — סטאַש — וועט זיך נישט אונטערגעבן און זיי נישט אומקערן די ביקס. וואָס וועט דעמאָלט זיין?

— דעמאָלט — האָט זיך דאָס ייִנגל אַליין געענטפערט — וועל איך מיך תּיכּף אונטערגעבן.

און דערפילנדיק די גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט, האָט ער זיך מאַכט־לאָז צוריק אַנידערגעוואָרפן אויף דער פילצענער קאָלדרע.

די לבנה האָט שוין נאָר אַריינגעבליקט פון דער קרום דורך דער עפענונג פון דער הייל און עס איז געוואָרן אין איר פינצטערער. די אַראַבער האָבן נאָך אַלץ כּסדר געכראָפּעט. סטאַש איז אַ שטיקל צייט אַזוי געלעגן, ווי מיטאַמאָל האָט אים אַ נייער געדאַנק אין קאָפּ אויפגעלויכטן.

און ווען ער זאָל, למשל, אַרויסרוקנדיק זיך מיטן געווער און באַהאַלטנדיק זיך צווישן די פעלזן, די מענטשן נישט דערהרגענען, נאָר ער זאָל גאָר אויסשיסן די קעמלען? ס'איז טאַקע אַ שאָד און אַ רחמנות אויף די חיות — דאָס איז אמת, נאָר וואָס זאָל מען אָבער טון! מענטשן דערהרגענען דאָך חיות נישט נאָר, כּדי לעבנס מציל צו זיין, נאָר גאָר אויף יוכן און געבראָטנס. און דאָס איז דאָך אַ זיכערע זאַך, אַז ווען עס זאָל אים געלונגען צו דערהרגענען פיר, און מכּל שכּן פינף קעמלען, וואָלט די ווייטערדיקע רייזע געוואָרן אוממעגלעך. קיינער פון דעם קאַראַוואַן וואָלט זיך נישט געוואַגט אַרויסצולאָזן אין די דערפלעך, וואָס ליגן בײַם ברעג, כּדי איינצוקויפן פרישע קעמלען. און אין אַזאַ פאַל וואָלט זיי סטאַש אין נאָמען פון זייערע טאַטעס צוגעזאָגט, אַז מען וועט זיי נישט באַשטראָפן און אַפילו אַ געלט־באַלוינונג אויך — און... עס וואָלט זיי נישט איבערגעבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי זיך אומצוקערן.

יאָ, און אויב זיי וועלן אים נישט איבערלאָזן קיין צייט צו געבן דידאַזיקע הבטחות און זיי וועלן אים אין דעם ערשטן מאָמענט פון כּעס דערהרגענען?

איבערלאָזן אים צייט און אויסהערן וועלן זיי מוזן, וואָרן, אַז ער וועט האָבן די ביקס אין דער האַנט, וועט ער זיי קאָנען האַלטן אויף אַ גענוגנדן מרחק פון זיך, כּל זמן ער וועט זיי אַלץ נישט אַרויסזאָגן. אַז ער וועט דאָס האָבן אָפּגעטון, וועלן זיי דעמאָלט פאַרשטיין, אַז זייער איינציקע רעטונג איז, זיך אונטערצוגעבן. דעמאָלט וועט ער זיך שטעלן בראש פון דעם גאַנצן קאַראַוואַן און וועט זיי אָוועקפירן גלייך קיין באר־יוסף און צום נילוס. זיי זענען, וואָס אַן אמת, אין איצטיקן מאָמענט גענוג ווייט פון דאָרטן, אויף אַ מהלך פון אפשר איינעם אָדער צוויי טאָג גאַנג, וואָרן די אַראַבער האָבן זיך צוליב פאָרזיכטיקייט באַדייטנד אַראָפּ־

געדרייט אין דער טיף פֿון דער מדבר. אָבער דאָס שאַדט גאָרנישט; עס װעלן דאָך איבערבלײַבן עטלעכע קעמלען, װעט אויף אײנעם פֿון זײ גנעל אויפֿזיצן. סטאַש האָט זיך אויפֿמערקזאַם אָנגעהויבן צוקוקן צו די אַראַבער. זײ זענען אַלע פֿעסט געשלאָפֿן, װי עס שלאָפֿן געװײנלעך שטאַרק אָפּגעמאַטערטע מענטשן, נאָר אַזױװױ די נאַכט האָט זיך שוין געהאַלטן בײַ ענדיקן, האָבן זײ זיך נאָך געקאָנט אַמאָל באַלד אויפֿכאַפּן. מ׳האָט שוין געדאַרפֿט אָנהײבן נעמען זיך צום טון. צוצונעמען דאָס שאַכטל מיט די לאָדונגען איז נישט געװען פֿון די גרויסע שװעריקייטן, װאָרן עס איז געלעגן באַלד דערלעבן. אַ שװערערער ענין איז געװען מיט דער ביקס, װאָס כאַמיס האָט זי זיך אַנידערגעלײגט בײַ דער אַנדערער זײַט. סטאַש האָט געהאַט אַ האָפֿנונג, אַז עס װעט זיך אים אײַנגעבן זי אַרויסצוגנבֿענען, אָבער ער האָט באַשלאָסן די ביקס אַרויסצובאַקומען פֿון דעם פּוטליאַר און אַרײַנצוװעצן דעם שלאָס מיט די לופֿעס ערשט דעמאָלט, װען ער װעט זײַן מיט עטלעכע צענדליג טריט װײַטער פֿון דער הײל, װאָרן ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס געקלאַנג פֿון אײַזן אָן אײַזן זאָל די שלאָפֿנדיקע נישט אויפֿװעקן.

דער מאָמענט איז אָנגעקומען. דאָס ייִנגל האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער כאַמיסן, און אָנכאַפּנדיק דעם פּוטליאַר בײַם אויער, האָט ער אים אויפֿגעהויבן און אָנגעהויבן איבערטראָגן אין זײַן זײַט אַרײַן. דאָס האַרץ און דער דפֿק האָבן אים שטאַרק געקלאַפּט, עס איז אים פֿינצטער געװאָרן אין די אויגן, אַנגעהויבן שנעל צו אָטעמען, אָבער ער האָט פֿאַרקריצט מיט די צײן און באַמיט זיך צו באַהערשן די אויפֿרעגונג. פֿונדעסטװעגן, װען די פּאַסיקלעך, װאָס נעמען אַרום דעם פּוטליאַר, האָבן לײַכט אַ סקריפּע געטון, זענען אים טראָפּנס קאַלטער שװײס אויפֿן שטערן אַרויסגעטרעטן. דערדאָזיקער מאָמענט האָט זיך אים אויסגעװיזן אַן אײביקייט. אָבער כאַמיס האָט אפֿילו קײן צאַפּל נישט געטון. דער פּוטליאַר האָט באַצײכנט אין דער לופֿט איבער אים אַ בויגן און שטיל געבליבן שטײן לעבן דעם שאַכטל מיט די קוילן.

סטאַש האָט אָפּגעעטעמט. אַ האַלבע אַרבעט איז געװען אָפּגעטון. איצט האָט מען זיך געדאָרפֿן אָן שום גערויש אַרויסרוקן פֿון דער הײל, אָפּלויפֿן עטלעכע צענדליגג טריט, דערנאָך זיך באַהאַלטן אין די פֿעלזןשפּאַלטן, אויפֿעפֿענען דאָס שאַכטל, צוזאַמענלײגן די ביקס, אָנלאָדענען זי און אַרײַנשיטן זיך אין די קעשענעס עטלעכע לאָדונגען. דעמאָלט װאָלט באמת דער קאַראַװאַן אָפּהענגיק געװען אָן זײַן חסד.

סטאַשס שוואַרצער סילועט האָט זיך אַ צייכן געטון אויף דעם העלערן פאָן פון דער הייל־עפענונג. נאָך אַ סעקונדע, און ער וועט שוין זיין אינדרויסן. נאָך אַ מינוט, און ער וועט זיך באַהאַלטן אין די שפּאַלטן פון די פעלזן. און דעמאָלט, ווען ס'זאָל זיך אפילו עמעצער פון די רוצחים אויפכאַפּן, איז איידער ער וועט זיך כאַפּן, וואָס דאָ איז געשען, איידער ער וועט די איבעריקע אויפוועקן — וועט שוין זיין צו שפּעט. דאָס ייִנגל האָט, מורא האָבנדיק, אַז ער זאָל נישט אַראָפּוואַרפן עפּעס אַ שטיין, וואָס זענען אָן אַ שיעור געלעגן אויף דער שוועל פון דער אויסהוילונג, פּאַמעלעך אַרויסגערוקט איין פוס און אָנגעהויבן זוכן מיטן טריט אַ זיכערן באָדן.

און שוין האָט ער אַרויסגעבויגן דעם קאָפּ פון דער עפענונג, ער האָט זיך שוין געזאָלט אינגאַנצן אַרויסרוקן, ווי פּלוצלינג איז געשען עפּעס אַזוינס, פון וועלכן דאָס בלוט אין די אָדערן איז אים אַזש ווי אייז פאַרקילט געוואָרן.

אָט אין דערדאָזיקער טיפער שטילקייט האָט אַ ברום געטון, ווי אַ קנאַלנדער דונער, דאָס פריילעכע בילן פון סאַבאַן, די גאַנצע הייל האָט עס אָנגעפילט און אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע ווידערקולות אין איר. די אַראַבער זענען אויפגעשפּרונגען פון שלאָף, פּונקט ווי איין מענטש און די ערשטע זאַך, וואָס האָט זיי אַ שלאָג געטון אין די אויגן, איז געווען דאָס בילד פון סטאַשן מיט דעם פּוטליאַר אין איינער און מיט דעם שאַכטל קוילן אין דער צווייטער האַנט.

. . . . . . . . . . .

אַך, סאַבאַ, וואָס האָסטו געטון!

# X.

אַלע האָבן זיך אין איין מאָמענט אַ וואָרף געטון אויף סטאַשן מיט אַ שרעקלעך געשריי, אין איין אויגנבליק אים אַרויסגעריסן די ביקס, די קוילן, און אומוואַרפנדיק אים אויף דער ערד, האָבן זיי אים איינגעקרעמפּעוועט די הענט און די פיס מיט שטריק, שלאָגנדיק אים דערביי

און קאָפּענדיק, ביז אידריס האָט זיי ענדלעך אָפּגעטריבן, מורא האָבנדיק פֿאַרן יינגלס לעבן. דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן צו שמועסן צווישן זיך מיט אָפּגעהאַקטע פּראַזן, ווי מענטשן, איבער וועלכע עס איז געהאַנגען אַ שרעקלעכע געפֿאַר און וועלכע אַ צופֿאַל האָט נאָר מציל געווען.

— דאָס איז דער שטן אַליין! — האָט אידריס מיט אַ בלאַס פּנים פֿון שרעק און איופּרעגונג אויסגערופֿן.

— ער וואָלט אונז געווען אַלע אויסגעשאָסן, ווי די ווילדע גענז! — האָט געבהר צוגעגעבן.

— אַך, ווען נישט דערדאָזיקער הונט!

— גאָט האָט אים צוגעשיקט.

— און איר האָט אים געוואָלט דערהרגענען! — האָט כאַמיס אויסגערופֿן.

— קיינער וועט אים שוין פֿון איצט אָן נישט טשעפּען.

— ער וועט שטענדיק האָבן ביינער מיט וואַסער.

— אַלאַך! אַלאַך! — האָט אידריס, נישט קענענדיק זיך אַלץ באַרויקן, איבערגעחזרט — דער טויט האָט שוין געשוועבט איבער אונז. אוף!

און זיי האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף דעם ליגנדיקן סטאַש מיט שנאה, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט אַ געוויסער באַוואונדערונג, אַז איין קליין יינגל וואָלט געקענט זיין די סיבה פֿון זייער מפּלה און פֿאַרטיליקונג.

— באַם נביא — האָט זיך איינער פֿון די בעדוינער אָנגערופֿן — מ'דאַרף דאָס זען פֿאַרהיטן, אַז דערדאָזיקער טייוולאָנישער זון זאָל אונז די קערגער נישט אָפּדרייען. אַ שלאַנג פֿירן מיר צו מאַהדין! וואָס האָט איר איצט בדעה מיט אים צו טון?

— מ'דאַרף אים אָפּהאַקן די רעכטע פֿויסט! — האָט געבהר אויס-געשרוּפֿן.

די בעדוינער האָבן גאָרנישט אָפּגעענטפֿערט, אָבער אידריס האָט נישט געוואָלט איינגיין דערויף. עס איז אים געקומען אויף דער מחשבה, אַז אויב מען זאָל זיי כאַפּן, וואָלט די שטראָף פֿאַר קאַליעטשען דאָס יינגל געווען אַ מער שרעקלעכערע. איבעריקנס, ווער וואָלט דאָס געקאָנט פֿאַרזיכערן, צי סטאַש וואָלט נישט געשטאָרבן נאָך דער אָפּעראַציע? און אין אַזאַ פֿאַל וואָלט נאָר איבערגעבליבן נעל אַליין אויף איבערצוטוישן זי פֿאַר פֿאַטמען מיט די קינדער.

דעריבער האָט אידריס, ווען געבהר האָט אַרויסגענומען דאָס מע-

סער, כדי אויסצופירן זיין דראָונג, אים אָנגעכאַפּט ר״ז דער האַנט און איינגעהאַלטן:

— ניין! — האָט ער אויסגעשריגן. — עס וואָלט געווען אַ חרפה פאַר מאַהדיס פינף קריגסלייט מורא צו האָבן פאַר אַזאַ יונג קריסטלעך הינטל, אַז מען זאָל אים אַזש דאַרפן אָפּשניידן די פויסט. מיר וועלן אים בינדן אויף באַנאַכט, און פאַר דעם, וואָס ער האָט איצט דאָ געוואָלט אָפּטון, וועט ער באַקומען צען קלעפּ מיטן קאָרבאַטש.

געבהר איז תיכף גרייט געווען אויסצופירן דעם פסק־דין, אָבער אידריס האָט אים ווידער אָפּגעשטופּט און ער האָט באַפוילן איינעם פון די בעדוינער צו שלאָגן, איינרוימענדיק אים פריער אין אויער, אַז ער זאָל עס טון מיט רחמים. ווייל כאַמיס האָט, אפשר צוליב דעם, וואָס ער האָט אַ אַ לאַנגע צייט געדינט באַ די אינזשיניערן, און אפשר צוליב אַן אַנדערער סיבה, אין קיין שום זאַך זיך נישט געוואָלט מישן, האָט אַ צווייטער בעדוין סטאַשן אומגעוואָרפן מיטן רוקן אַרויף און די עגזעקוציע האָט זיך שוין געזאָלט אָנהייבן, ווען מיטאַמאָל איז אַריינגעטרעטן אַן אומגערעכטע שטערונג.

אין דער עפנונג פון דער הייל האָט זיך בעמלעך באַוויזן נעל, צוזאַמען מיט סאַבאַן.

כאָטש זי איז געווען פאַרנומען מיט איר ליבלינג, וועלכער האָט זיך באַלד, ווי ער איז נאָר אַריין אין דער הייל, געוואָרפן צו אירע פיסלעך, ז׳אָך האָט זי, וואָס אַן אמת, געהערט די געשרייען פון די אַראַבער, נאָר ווייל אין עגיפּטן קוויטשען סיי די אַראַבער, סיי די בעדוינער, באַ יעדער געלעגנהייט אַזוי, גלייך זיי וואָלטן זיך שוין איינס ס׳אַנדערע געשאָכטן, האָט זי דעריבער נישט געלייגט קיין אַכט דערויף. ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט אַ רוף געטון סטאַשן און נישט באַקומען פון אים קיין ענטפער, איז זי אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טון, צי זיצט ער שוין נישט אַמאָל אויפן קעמל. מיט שטויגען האָט זי דערזען באַ דעם ערשטן בליאַסק פון פרימאָרגן סטאַשן, ווי ער ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד, און איבער אים שטייט אַ בעדוינער מיט אַ קאָרבאַטש אין דער האַנט. דערזעענדיק דאָס, האָט זי אָנגעהויבן מאַכן הימל־שרייענדע קולות און טופּען מיט די פּיסלעך, און ווען דער בעדוין האָט, נישט לייגנדיק קיין אַכט דערויף, אָפּגעמאָסטן דעם ערשטן קלאַפּ, האָט זי זיך אַ וואָרף געטון פאָרויס און מיט זיך דאָס ייִנגל פאַרדעקט.

דער בעדוין האָט זיך אַ וואַקל געטון, וואָרן ער האָט נישט גע-

האַט קיין באַפעל צו שלאָגן דאָס מיידל, און דערווייל האָט זיך צעטראָגן איר שרעקלעכע און פאַרצווייפלטע שטימע:

— סאַבאַ! סאַבאַ!

און סאַבאַ האָט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס דאָ גייט — און מיט איין שפרונג האָט ער זיך שוין געפונען לעבן די קינדער. די האָר האָבן זיך אים אויפגעשטעלט אויפן קאַרק און אויפן רוקן, די אויגן האָבן רויט אויפגעפלאַקערט, אין דער ברוסט און אין דעם מעכטיקן האַלז האָט אַ ברום געטון, ווי אַ דונער.

און דערנאָך האָבן זיך די ליפן פון דעם געקנייטשטן פיסק פאַמעלעך אויפגעהויבן אינדערהייך — און אַ שורה ווייסע ציין אויף אַ צאָל די לענג האָבן זיך אויש ביז די בלוטיקע יאַסלעס באַוויזן. דער ריזיקער הונט האָט אָנגעהויבן איצט אומצודרייען דעם קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי ער וואָלט די סודאַנער און בעדויִנער גוט געוואָלט באַווייזן זיין שרעקלעכן „גאַרניטור" און זיי זאָגן:

— זעטס! אָט, מיט וואָס איך וועל די קינדער באַשיצן.

זיי האָבן זיך טאַקע שנעל אָפּגערוקט, וואָרן זיי האָבן קודם כל געוואוסט, אַז סאַבאַ האָט זיי דאָס לעבן געראַטעוועט, און צווייטנס איז געווען אַ קלאָרע זאַך, אַז ווער עס וואָלט זיך איצט אין דעם מאָמענט דערנענטערט צו נעלן, דעמדאָזיקן וואָלט די צעווילדעוועטע חיה באַלד אַריינגעלאָזט די ציין אין האַלז. דעריבער זענען זיי געבליבן שטיין ראַטלאָז, איבערקוקנדיק זיך מיט אַ נישט זיכערן בליק און ווי איינער וואָלט דעם אַנדערן געפרעגט, וואָס טוט מען איצט.

דאָס וואַקלען זיך האָט אַזוי לאַנג געדויערט, אַז נעל האָט געצייט געהאַט אַהערצורופן די אַלטע דינהן און הייסן איר אָפּשניידן די שטריק באַ סטאַשן. דעמאָלט איז דאָס ייִנגל אויפגעשטאַנען, און האַלטנדיק די האַנט אויף סאַבאַס קאָפּ, האָט ער זיך געווענדט צו די אַנפאַלער:

— איך האָב נישט געוואָלט אייך דערהרגענען, נאָר די קעמלען — האָט ער דורך די פאַרקריצטע ציין אויסגערופן.

אָבער אויך דידאָזיקע ידיעה האָט אַזוי איבערראַשט די אַראַבער, אַז זיי וואָלטן זיך אָן שום ספק ווידער געווען געוואָרפן אויף סטאַשן, ווען נישט די פלאַקערדיקע אויגן און נישט די נאָך שטייענדיקע האָר אויף סאַבאַס פעל. געבהר האָט אפילו געוואָלט זיך אַ וואָרף

טוּן צוּ אים, אָבער איין טויבער וואָרטש האָט אים צוּם אָרט צוּגעשמידט.

ס׳האָט געהערשט אַ ווײַלע שטילשווײַגן, — דערנאָך האָט זיך צעטראָגן די בריומענדיקע שטימע פוּן אידריסן:

— אין וועג אַרײַן! אין וועג אַרײַן!

## XI.

ס׳איז פאַרבײַ אַ טאָג, אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג, און זיי האָבן כסדר נאָך אַלץ געיאָגט קיין דרום, פאַרהאַלטנדיק זיך נאָר טײלמאָל אויף אַ קורצער צײַט אין די קהאָרן, כדי צוּפיל נישט אָפּצומאַטערן די קעמלען, אָנטרינקען זיי, אָנקאָרמען, און גלײַכצײַטיק וואַסער און שפּײַז צווישן זיך אײַנצוטײלן. מורא האָבנדיק מען זאָל זיי נישט נאָכיאָגן, האָבן זיי זיך נאָך מער אָפּגעדרייט קיין מערב, וואָרן וועגן קיין וואַסער האָבן זיי אַ לאַנגע צײַט נישט געהאַט וואָס צוּ דאגהן. דער פלײיך-רעגן האָט, וואָס אַן אמת, געדויערט סך הכּל זיבן שעה, אָבער ס׳האָט אַזוי פיל אָנגעגאָסן, ווי ס׳וואָלטן זיך איבער דער מדבר וואָלקנס אָפּגעריסן, דעריבער האָבן סײַ אידריס, סײַ געבהר, ווי אויך די איבעריקע בעדויִנער גאַנץ גוּט געוואוסט, אַז אויף דער דנאָ פוּן די קהאָרן און אויך אין די ערטער, וואו די פעלזן שאַפן נאַטירלעכע פאַרפּלאַכוּנגען אָדער ברונעמס, וועט זיך געפינען אין משך פוּן עטלעכע טעג אַזוי פיל וואַסער, אַז נישט נאָר עס וועט גענוּג זײַן פאַר זיי און פאַר די קעמלען, נאָר אפילוּ אויך אויף צוּ מאַכן זיך זאַפּאַסן. נאָך דעם גרויסן רעגן האָט זיך געמאַכט, ווי געוויינלעך, אַ הערלעך וועטער. דער הימל איז געווען אַן אַ פּיצל וואָלקן, די לופט אַזוי דורכזיכטיק, אַז דער בליק האָט אויף גרענעצלאָזע ווײַטקייטן געקאָנט גרייכן. באַנאַכט האָט דער פוּל מיט שטערן-באַזייעטער הימל, ווי מיט טויזנטער דימענטן, געפינקלט און געשימערט. פוּן די זאַמדן אין דער מדבר האָט אַ פרישע קילקייט זיך געטראָגן.

די האָרבן פוּן די קעמלען זענען שוין געוואָרן קלענער, אָבער די חיות, ווײַל מ׳האָט זיי גוּט געקאָרמעט, זענען כסדר געווען לויט דעם אַראַבישן אויסדרוק, „האַרטנעקיק", דאָס הייסט, נישט אָפּגעפאַלן פוּן די

כוחות און זענען געלאָפן מיט אַזאַ חשק, אַז דער קאַראַוואַן האָט זיך געריקט פאָרויס, נישט קיין סך לאַנגזאַמער, ווי אין דעם ערשטן טאָג נאָכן אַרויסרירן זיך פון גהאַראַק־על־סולטאַני. סטאַש האָט מיט שטוינען באַמערקט, אַז אין אַ טייל קהאָרן, פעלזן־שפאַלטן, וואָס זענען באַשיצט פאַרן רעגן, געפינען די בעדוינער זאַפאַסן דוראַ און דאַקטילן. ער האָט דערפון זיך אָנגעשטויסן, אַז נאָך פאַר זייער אויפכאַפן האָט מען געמוזט מאַכן דאָ געוויסע פאָרברייטונגען און, אַז דאָס אַלץ איז פון פריער נאָך געפלאַנט געוואָרן צווישן פאַטמאַן, אידריסן און געבהרן פון איין זייט, און מיט די בעדוינער פון דער צווייטער זייט. מ'האָט זיך לייכט אויך געקענט אָנשטויסן, אַז דידאָזיקע צוויי מענטשן זענען געווען אָנהענגער און געגלייבט אָן מאַהדין, וועלכע האָבן זיך געוואָלט צו אים אַהינבאַקומען און דעריבער האָבן זיי זיך געלאָזט אַזוי לייכט אַרייננציען אין דער פאַרשווערונג דורך די סודאַנער. אין די געגנטן פון פאַיום און לעבן גהאַראַק־על־סולטאַני זענען געווען אַ סך בעדוינער, וועלכע האָבן אינײַנעם מיט זייערע קינדער און קעמלען געוואַנדערט איבער דער מדבר און פלעגן אָפט קומען קיין מעדינעט, אָדער צו די באַן־סטאַציעס אויפן פאַרדינסט. דידאָזיקע צוויי אָבער האָט סטאַש פריער קיינמאָל נישט געזען — און זיי האָבן דעסגלייכן אָפט נישט געמוזט זיין אין מעדינעט, ווי באַלד זיי האָבן, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, סטאַבאַן נישט געקענט.

דעם יינגל איז געקומען אויפן רעיון, צי זאָל ער נישט אַמאָל פרוון זיי איבערקויפן, אָבער, דערמאַנענדיק זיך זייערע אויסגעשרייען פול מיט באַגייסטערונג, וויפיל מאָל מ'זאָל נאָר נישט האָבן דערמאַנט פאַר זיי מאַהדיס נאָמען, האָט ער דאָס אָנערקענט פאַר אַן אוממעגלעכע זאַך. דאָך איז ער נישט געבליבן פאַסיוו צו די אַלע געשעענישן, וואָרן אין דעמדאָזיקן יינגלס נשמה איז געלעגן אַ באמת דערשטוינלעכע ענערגיע, און די ביזאַיצטיקע מיסערפאָלגן האָבן זי נאָך מער פאַרשטאַרקט. „דאָס אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט אונטערגענומען, — האָט ער זיך געטראַכט — האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס מ'האָט מיך אָנגעהרגעט. אָבער, ווען ס'זאָל אפילו האַלטן דערבײַ מ'זאָל מיך אַלע טאָג אַזוי מיטן קאָרבאַטש אָנקאַטעווען, און אפילו דערהרגענען, וועל איך נישט אויפהערן צו טראַכטן וועגן אַרויסראַטעווען נעלן און מיך אַליין פון די הענט פון דידאָזיקע אויסוואורפן. אויב מ'וועט זיי כאַפּן, מילא איז דאָך אוודאי גוט, איך אָבער פון מיין זייט וועל מיך כסדר אַזוי פירן, גלייך איך וואָלט

מיך אויף דערדאָזיקער הילף גאָרנישט געריכט". — און באַ דער בלוי־
זער דערינערונג וועגן דעם, וואָס ס׳האָט אים געטראָפֿן, באַם געדאַנק
וועגן דידאָזיקע פֿאַררעטערישע און שרעקלעכע מענטשן, וועלכע האָבן נאָכן
אַרויסרייסן פֿון אים די ביקס, אים באַגלייט מיט די פֿויסטן און געקאָ־
פּעט, האָט דאָס האַרץ אים אויפֿגעשטורעמט און די פֿאַרביסנקייט איז גע־
וואַקסן. ער האָט זיך געפֿילט נישט נאָר אַ באַזיגטער, נאָר אינגאַנצן דורך
זיי אַנטמוטיקט אין זיין שטאָלץ אַלס ווייסער מענטש. קודם כּל האָט ער
פֿונדעסטוועגן דערפֿילט נעלס עוולה — און דאָסדאָזיקע געפֿיל איניינעם
מיט דער ביטערקייט, וואָס איז אין אים אויפֿגעוואַקסן נאָכן לעצטן מי־
סערפֿאָלג, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַרחמנותדיקער שנאה צו
ביידע סודאַנער. ער האָט אמת טאַקע נישט איינמאָל געהערט פֿון פֿאָטער,
אַז די שנאה מאַכט בלינד און אַז נאָר אַזעלכע נשמות גיבן זיך איר אונ־
טער, וועלכע זענען נישט פֿעיק אויף קיין העכערס זיך אַרויפֿצואַרבעטן;
אין דעם איצטיקן מאָמענט אָבער האָט ער זי אין זיך נישט געקאָנט באַ־
זיגן און נישט ביכולת געווען זי צו פֿאַרבאַרגן.

ער האָט אויף אַזוי ווייט נישט געקענט, אַז אידריס האָט עס אַזש
באַמערקט און זיך אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן. ער האָט נעמלעך פֿאַרשטאַ־
נען, אַז אין פֿאַל, אויב מען וועט זיי כאַפּן, קען ער שוין נישט רעכע־
נען דערויף, אַז דאָס יינגל זאָל זיך פֿאַר אים אָננעמען. אידריס איז
שטענדיק גרייט געווען אויף די חוצפּהדיקסטע מעשים, אָבער אַלס אַ
מענטש, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט אַ ביסל שכל, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז
מען דאַרף אַלץ פֿאַרויסזען און אין פֿאַל פֿון אַן אומגליק איבערלאָזן
פֿאַר זיך אַן אָפֿן טירעלע זיך צו ראַטעווען. צוליב דערדאָזיקער סיבה
האָט ער ווי ס׳איז געוואָלט מיט סטאַשן נאָך דעם לעצטן געשעעניש
שלום שליסן און, כּדי דאָס דורכצופֿירן, האָט ער אויפֿן ערשטן רו־פּלאַץ
אָנגעהויבן מיט אים פֿאָלגנדן געשפּרעך:

— נאָך דעם, וואָס דו האָסט בדעה געהאַט אָפּצוטון — האָט ער
אויסגערופֿן — האָב איך דיך געמוזט באַשטראָפֿן, וואָרן אַנדערש וואָלטן
דיך יענע געווען דערהרגעט, אָבער איך האָב פֿאַרבאָטן די בעדויִנער
דיך שטאַרק צו שלאָגן.

און ווען ער האָט קיין שום ענטפֿער נישט באַקומען, האָט ער נאָך
אַ ווײַלע ווייטער אַזוי געזאָגט:

— האָרך אויס, האָסט אַליין געזאָגט, אַז די ווייסע זענען שטענ־
דיק מקיים זייערס אַ שבֿועה, דעריבער, וועסט מיר צושווערן באַ דיין

גאָט און באַם קאָפּ פון דער קליינער „בינט", אַז דו וועסט קעגן אונז שוין גאָרנישט אונטערנעמען, וועל איך דיך אויף באַנאַכט נישט הייסן בינדן.

סטאַש האָט אויך אויף דעמדאָזיקן קיין שום ענטפער נישט געגעבן, נאָר פון גלאַנץ פון זיינע אויגן האָט אידריס דערקענט, אַז ער רעדט צו אים בחנם.

דאָך האָט ער, טראָץ דעם אָנרעדן פון געבהרן מיט די בעדווינער, נישט געהייסן אים בינדן אויף באַנאַכט, און ווען געבהר האָט נישט אויפגעהערט צוצושטיין, האָט ער מיט כּעס אים אָפּגעענטפערט:

— אָנשטאָט צו גיין שלאָפן, וועסטו היינט שטיין אויף דער וואַך. כ'האָב פון איצט אָן טאַקע באַשלאָסן, אַז איינער פון אונז וועט שטענדיק אַכטונג געבן אינדערצייט, וואָס די איבעריקע וועלן שלאָפן.

אוןווירקלעך איז דאָס טוישן פון דער וואַך פון יענעם טאָג אָן איינגעפירט געוואָרן אויף שטענדיק. דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס באַשווערט און צו נישט געמאַכט אַלע סטאַשס פּלענער, ווייל אַלע וועכטער האָבן אויף אים ספּעציעל שטאַרק אַכטונג געגעבן.

דאַקעגן איז די קינדער געגעבן געוואָרן אַ גרעסערע פרייהייט, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך געקאָנט דערנענטערן איינס צום אַנדערן און אָן שום שטערונג איינצוטענהן. אויף דעם ערשטן רו-פּלאַץ האָט זיך טאַקע סטאַש צוגעזעצט לעבן נעלן, ער האָט זיך נעמלעך געאיילט איר צו דאַנקען פאַר דער הילף.

און הגם ער האָט געפילט צו איר אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט, האָט ער דאָך זיך נישט געקאָנט אויסדריקן מיט קיין שיינע ווערטער, נישט מיט געפיל, דעריבער האָט ער איר נאָר אָנגעהויבן ביידע הענטלעך צו שאָקלען.

— נעל! — האָט ער אויסגערופן. — ביסט זייער אַ גוטע און איך דאַנק דיר, און אַ הויך דעם זאָג איך דיר אָפּנהאַרציק, אַז דו האָסט דיך באַנומען, ווי אַ פּערזאָן, וואָס איז צום וויניקסטן דרייצן יאָר אַלט.

אין סטאַשס מויל זענען אַזעלכע ענלעכע רייד שוין געווען דער גרעסטער שבח, דעריבער טאַקע האָט דאָס הערצל פון דער קליינער פרוי אויפגעפלאַמט פון פרייד און שטאָלץ. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן אין דעם מאָמענט, אַז פאַר איר איז גאָר קיין שום אויסערגעוויינלעכס נישטאָ.

— לאָמיך נאָר איינגאַנצן אונטערוואַקסן, וועלן זיי שוין זען! — האָט זי אָפּגעענטפערט, אַ קוק טוענדיק קריגעריש אין דער זייט פון די סודאַנער.

אָבער ווייל זי האָט נאָך לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס דאָס איז געגאַנגען און פאַרוואָס די אַראַבער האָבן זיך אַלע געוואָרפן אויף סטאַשן, דעריבער האָט דאָס יינגל אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי אַזוי ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגנבענען די ביקס, צו דערהרגענען די קעמלען און צווינגען אַלע אומצוקערן זיך צום טייך.

— ווען דאָס וואָלט זיך מיר געווען איינגעגעבן — האָט ער געזאָגט — וואָלטן מיר שוין געווען פריי.

— נאָר זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט? — האָט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ דאָס מיידעלע געפרעגט.

— זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט. דאָס האָט סאַבאַ געטון, ער איז געקומען צו לויפן און אָנגעהויבן אַזוי צו בילן, אַז ער וואָלט אַ טויטן אויפגעוועקט.

דעמאָלט האָט זיך איר גאַנצער כּעס געווענדט קייגן סאַבאַן.

— מיאוסער סאַבאַ! מיאוסער! פאַר דאָס, אַז ער וועט איצט קומען צו לויפן, וועל איך צו אים קיין וואָרט נישט אויסרעדן און כ'וועל אים זאָגן, אַז ער איז אַ שרעקלעך מיאוסער.

דערויף האָט סטאַש, הגם ער איז בכלל איצט נישט געשטימט געווען צום לאַכן, דאָך אַ שמייכל געטון און געפרעגט:

— ווי אַזוי וועסטו דאָס צו אים קיין וואָרט נישט אויסרעדן און גלייכצייטיק קאָנען זאָגן אים, אַז ער איז אַ שרעקלעך מיאוסער.

נעלס ברעמעלעך האָבן זיך אויפגעהויבן אינדערהייך און אויפן פּנים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ פאַרלעגנהייט, ענדלעך האָט זי אויסגערופן:

— ער וועט דאָס לויט מיין מינע דערקענען.

— סיידן. אָבער ער איז נישט שולדיק, וואָרן ער האָט דאָך נישט געקאָנט וויסן, וואָס עס טוט זיך. געדענק דאָס אויך, אַז דערנאָך האָט ער אונז מציל געווען.

דידאָזיקע דערינערונג האָט פאַרגלעט אַ ביסל נעלס כּעס, זי האָט אָבער אויף איינמאָל נישט געוואָלט מוחל זיין דעם פאַרשולדיקטן.

— נו, איז גוט, — האָט זי אויסגערופן — אָבער ווער עס איז

אַן אמתער דזשענטעלמען, דער באַדאַרף נישט צו בילן בעת דער באַגריסונג.

סטאַש האָט ווידער אַ שמייכל געטון:

— אַן אמתער דזשענטעלמען בילט נישט אפילו בעת דעם געזעגענען זיך אויך, סיידן ער איז אַ הונט, און סאַבאַ איז אַזעלכער.

נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט אַ טרויער דעם ייִנגגלס אויגן פאַרנעפּלט — ער האָט אָפּגעזיפצט איין מאָל, דאָס צווייטע מאָל, דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען פון שטיין, אויף וועלכן ער איז געזעסן און אויסגערופן:

צום ערגסטן איז דאָס, וואָס איך האָב דיך נישט געקאָנט באַפרייען.

און נעל האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ פינגערלעך און אים פאַרוואָרפן די הענט אַרום האַלז. זי האָט אים געוואָלט טרייסטן, זי האָט אים געוואָלט פונדערנאָענט, מיטן בעזעלע לעבן זיין פּנים, אַ דאַנק איינרוימען, נאָר ווייל זי האָט די געהעריקע ווערטער נישט געקענט געפינען, דעריבער האָט זי אים נאָך שטאַרקער באַם האַלז צוגעדריקט און אַ קוש געטון אין אויער. פאַרשפּעטיקנדיק זיך כּסדר, — נישט אַזוי פיל צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט באַוויזן נאָכצולויפן די קעמלען, וויפיל דערפאַר, וואָס ער האָט כּסדר אונטערוועגנס געפירט אַ יאַגד אויף שאַקאַלן, אָדער געבילן אויף רויב־פייגל, וואָס זענען געזעסן אויף די שפּיצן פעלזן, איז סאַבאַ דערווייל אָנגעלאָפן נישט מיט קלענערן געטומל, ווי געוויינלעך. די קינדער האָבן באַ זיין אָנבליק וועגן אַלץ פאַרגעסן און טראָץ זייער שווערער לאַגע האָבן זיך אָנגעהויבן די געוויינלעכע פאַרוויילונגען מיטן הונט, ביזוואַנען די אַראַבער האָבן זיי נישט איבערגעריסן. — כאַמיס האָט געגעבן דעם הונט צו עסן און צו טרינקען, דערנאָך זענען אַלע אויפגעזעסן אויף די קעמלען און מיטן גרעסטן אימפּעט זיך אַוועקגעלאָזט אויף דרום.

# XII.

דאָס איז געווען דער לענגסטער עטאַפּ, זיי זענען נעמלעך געפאָרן, מיט אַ קליינער הפסקה נאָר, אַכטצען שעה נאָכאַנאַנד. נאָר אמתע רייטקעמלען און וועלכע האָבן אַ גוטן זאַפּאַס וואַסער אין די מאָגנס, קאָנען אַזאַ וועג אויסהאַלטן. אידריס האָט זיי נישט געשוינט, וואָרן ער האָט אויף אַן אמת מורא געהאַט מען זאָל זיי נישט נאָכיאָגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מ׳האָט זיך שוין לאַנג געמוזט אַרויסלאָזן נאָך זיי, און ער האָט זיך אויך משער געווען, אַז ביידע אינזשינירן געפינען זיך בראש פון דערדאָזיקער עקספּעדיציע און זיי וועלן קיין איבעריקע צייט נישט פאַרלירן. די געפאַר האָט געדראָט פון דער זייט פון טייך, וואָרן דאָס איז געווען אַ זיכערע זאַך, אַז באַלד נאָכן אויפכאַפּן די קינדער זענען געוואָרן פונאַנדערגעשיקט טעלעגראַפישע באַפעלן צו אַלע ברעג־ישובים, אַז די שעיקן זאָלן זיך אַרויסלאָזן אין דער טיף פון דער מדבר אויף ביידע זייטן נילוס און זאָלן אַלע, וועלכע פאָרן אויף דרום, פאַרהאַלטן. כאַמיס האָט פאַרזיכערט, אַז די רעגירונג און די אינזשינירן האָבן געמוזט באַשטימען גרויסע באַלוינונגען פאַרן כאַפּן זיי און צוליב דעם מוז די מדבר מסתמאווימלען פון אָן אַ שיעור זוכערס. די איינציקע עצה דערייבער וואָלט געווען אַראָפּצודרייען זיך וואָס ווייטער קיין מערב; אָבער אויף מערב איז געלעגן די גרויסע אָאַזע קהאַרגע, צו וועלכער עס האָבן אויך געקאָנט דערגיין טעלעגראַמעס, און אַ חוץ דעם, ווען זיי וואָלטן צו ווייט אָפּגעפאָרן פון טייך, וואָלט זיי נאָך עטלעכע טעג פאַרפעלט וואַסער און עס וואָלט זיי אויסגעקומען צו שטאַרבן פון דורשט.

און אויך וועגן שפּייז איז זיי געגאַנגען. די בעדוינער האָבן אין משך פון צוויי וואָכן, איידער מ׳האָט די קינדער אויפגעכאַפּט, וואָס אַן אמת, צוגעגרייט אין זייערע באַקאַנטע באַהעלטענישן זאַפּאַסן דוראַ, סוכאַרעס און דאַקטילן, אָבער נאָר אויף אַ מרחק פון פיר טעג גאַנג פון מעדינעט. אידריס האָט מיט שרעק געטראַכט, אַז עס וועט פאַרפעלן שפּייז, וועט מען דאָך בלית ברירה מוזן אַרויסשיקן מענטשן איינצוקויפן פּראָוויאַנט אין די דערפלעך, וואָס ליגן בײַ די ברעגן, און דעמאָלט וועלן

דידאָזיקע מענטשן, אַ דאַנק דער אויפגעוועקטער וואַכזאַמקייט און צוגע־זאָגטע באַלוינונגען פאַרן כאַפּן די אַנטלאָפענע, לייכט קענען אַריינפאַלן אין די הענט פון די אָרטיקע שעיקן — און אויסגעבן דעם גאַנצן קאַראַוואַן. די לאַגע איז באמת געווען אַ שווערע, כּמעט אַ פאַרצווייפלטע און אידריס האָט מיט יעדן טאָג אַלץ באַשיינפּערלעכער געזען, אויף וואָס פאַר אַ שגעוונדיקער אונטערנעמונג ער האָט זיך געלאָזט.

— אַבי נאָר אַסואַן אויסצומיידן! אַבי נאָר אַסואַן אויסצו־מיידן! — האָט ער מיט שרעק און פאַרצווייפלונג באַ זיך אין האַרץ געטראַכט. ער האָט נישט געהאַט קיין צוטרויען צו כאַמיסן, וועלכער האָט באַהויפּטעט, אַז מאַהדיס קריגסלייט גייען שוין צו קיין אַסואַן, וואָרים סטאַש האָט עס אָפּגעלייקנט, אידריס ווידער האָט שוין פון לאַנג באַמערקט, אַז דער ווייסער „אולעד" ווייסט מער פון זיי אַלע. אָבער ער האָט זיך משער געווען, אַז נאָכן ערשטן וואַסערפאַל, וואו די מענטשן זענען ווילדער און ווינציקער אונטערגעוואָרפן דעם איינפלוס פון די ענגלענדער און עגיפּטישער רעגירונג, וועלן זיך געפינען מער פאַר־באַרגענע אָנהענגער פון נביא, וועלכע וועלן זיי אין דעם געהעריקן פאַל געבן הילף, צושטעלן עסנוואַרג און קעמלען. אָבער אויך קיין אַסואַן איז נאָך געווען, ווי די בעדוינער האָבן אויסגערעכנט, אַן ערך פון פינף טאָג גאַנג, וואָס ווייטער אַלץ מער וויסט; און איטלעכער אָפּרו האָט צוקוקנדיק דעם זאַפּאַס פאַר די חיות און מענטשן פאַרקלע־נערט.

צום גליק האָבן זיי געקענט צואיילן די קעמלען און טרייבן זיי מיט דער גרעסטער שנעלקייט, וואָרן די היצן האָבן זייערע כּוחות נישט אויסגעשעפּט. באַטאָג, אַרום די מיטאָג־שעהן, האָט אפילו די זון גאַנץ שטאַרק געבריט, אָבער די לופט איז כּסדר געווען אַ פרישע און דער־קוויקנדיקע, און די נעכט זענען געווען אַזעלכע קילע, אַז סטאַש האָט זיך איבערגעזעצט מיט דער הסכּמה פון אידריסן, אויף נעלס קעמל, ווילנדיק אַזוי אַרום אַכטונג טון אויף איר געזונט־צושטאַנד און באַשיצן זי פון אַ פאַרקילונג.

אָבער זיין מורא איז געווען אַן אומזיסטע, וואָרן דינה, וועלכער דאָס אויג האָט זיך געהאַט באַדייטנד פאַרבעסערט, האָט מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט איר פריילין אָפּגעהיטן. דעם יינגל האָט דאָס אפילו זייער געוואונדערט, וואָס דער קליינערס געזונט האָט ביז איצט גאָרנישט געשאַדט און וואָס זי האָט דעמדאָזיקן וועג, אָן דער מינדסטער

הכּכקה, כּוּנקט אַזוי גוט אויסגעהאַלטן, ווי ער אַליין. די עגמת נפש, מורא און טרערן, וואָס זי האָט פאַרגאָסן פון בענקשאַפט נאָכן טאַטעשי, האָבן איר, ווייזט אויס, ווייניק וואָס פאַרשאַדט. אפשר איז זי נאָר עטוואָס מאָגער געוואָרן און דאָס העלע פּנימל איז איר געוואָרן שוואַרץ פון ווינט, אָבער אין די ווייטערדיקע טעג פון דער רייזע האָט זי זיך אַ סך ווייניקער געפילט אָפּגעמאַטערט, ווי מתחילת. אמת איז, אַז אידריס האָט איר צוגעגעבן דאָס לייכטסטע טראָגנדיקע קעמל און איר איינגעאָרדנט אַן אויסגעצייכנט געזעס, אַז זי האָט געקאָנט דערין שלאָפן, ליגנדיק. איבערהויפּט אָבער האָט איר די פרישע לופט פון דער מדבּר, וואָס זי האָט טאָג און נאַכט אין זיך אַריינגעאָטעמט, צוגעגעבן כוחות איבערצוהאַלטן די אַלע מאַטערנישן און אומבאַקוועמלעכקייטן.

סטאַש האָט נישט נאָר אַכטונג געגעבן אויף איר, נאָר ער האָט זי בכּיוון אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער ערע, וואָס ער האָט, טראָץ זיין צוגעבונדנקייט צו דעם קליינעם שוועסטערל, לחלוטין צו איר דאָס נישט געפילט. ער האָט אָבער באַמערקט, אַז דאָס טראָגט זיך אויך איבער אויף די אַראַבער און אַז זיי ווערן נישט ווילנדיק וואָס אַמאָל פעסטער איבערצייגט, אַז זיי פירן דאָ עפּעס אַן אויסערגעוויינלעך טייערע זאַך, עפּעס אַן אויסערגעוויינלעך-וויכטיקע געפאַנגענע, מיט וועלכער מען דאַרף זיך באַגיין ווי צום פאָרזיכטיקסטן. אידריס האָט זיך צו דעם נאָך צוגעוויינט אין מעדינעט — דעריבער זענען זיך אויך אַלע מיט איר גוט באַגאַנגען. מען האָט איר נישט געזשאַלעוועט קיין וואַסער, נישט קיין דאַקטילן. דער אכזריותדיקער געבהר וואָלט שוין איצט נישט געוואַגט אויף איר אַ האַנט אויפצוהייבן. אפשר האָט אַ סך דערצו צוגעהאָלפן די אומגעוויינלעכע שיינקייט פון דעם מיידעלע און אויך דאָס, וואָס אין איר האָט זיך געפונען עפּעס פון דעם מין, ווי פון אַ בלימל און ווי פון אַ פייגעלע, און קיינער זיך אפילו די ווילדע און נישט אַנטוויקלטע נשמות פון די אַראַבער נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן. טיילמאָל אויך, ווען זי האָט זיך, בשעת מען האָט גערוט לעבן פייער, וואָס איז אויפגעבלאָזן געוואָרן פון די יריחושע רויזן אָדער דערנער, אַנידערגעשטעלט — אַ ראָזע פון פלאַם און אַ באַזילבערטע פון דער לבנה, האָבן סיי די סודאַנער, סיי די בעדוינער נישט געקאָנט פון איר די אויגן אָפּרייסן, טשמאָקענדיק לויט זייער געוואוינהייט פון באַוואונדערונג און צוברומענדיק: „אַלאַך, מאַשאַלאַך”, אָדער „ביסמאַלאַך”.

אויפן צווייטן טאָג אַרום מיטאָג-צייט נאָך יענעם לאַנגן עטאַפּ, האָבן

זיי בײדע, סטאַש מיט נעלן, װעלכע זענען דאָס מאָל געפאָרן צוזאַמען אויף איין קעמל, געהאַט אַ מאָמענט פֿון פֿרײדיקער אויפהײטערונג. באַלד נאָך זון־אויפגאַנג האָט זיך אויפגעהויבן איבער דער מדבר אַ העלער און דורכזיכטיקער נעפּל, װעלכער איז אָבער באַלד אַראָפּגעפאַלן. דערנאָך, װען די זון האָט זיך העכער אַרויפגעשלאָגן, איז די היץ געװאָרן גרעסער, װי אין די פֿריערדיקע טעג. אין די מאָמענטן, װען די קעמלען האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען נישט געפילט דאָס מינדסטע װינטעלע, אַזוי, אַז סיי די לופט און סיי די זאַמדן האָבן אויסגעזען, װי זיי װאָלטן געשלאָפן אין דער װאַרעם, אין דער ליכט און אין שטילקייט. דער קאַראַװאַן איז גראָד אַרויפגעפאָרן אויף אַ גרויסן, אײנגעשטאַלטיקן שטח, װאָס איז נישט איבערגעריסן געװען מיט קיין קהאָרן, װי פלוצלינג האָט זיך פאַר די אויגן פֿון די קינדער פֿאַרגעשטעלט אַ הערלעך בילד. גאַנצע קעמפּעס פֿון שלאַנקע פּאַלמען און פֿעפֿער־ביימער, מאַנדאַרינען־פּלאַנטאַציעס, װייסע הייזער, אַ קליינער מעטשעט מיט אַן אויפשטייגענדן מינאַרעט, און נאָך נידעריקער — מויערן, װאָס רינגלען אַרום גערטנער. דאָס אַלץ האָט זיך באַװיזן מיט אַזאַ שאַרפקייט און אין אַזאַ נאָענטן מרחק, אַז מ׳האָט געקאָנט מיינען, אַז אין פֿאַרלויף פֿון אַ האַלבער שעה װעט זיך דער קאַראַװאַן געפינען צװישן די ביימער פֿון דער אָאַזע.

— װאָס איז דאָס ? — האָט סטאַש אויסגערופֿן. — נעל ! נעל ! גיב נאָר אַ קוק.

נעל האָט זיך אונטערגעהויבן און אויפן ערשטן בליק איז זי אַנטשװיגן געװאָרן פֿון דערשטוינונג, אָבער נאָך אַ װיילע האָט זי אָנגעהויבן שרייען פֿון פֿרייד :

— מעדינעט ! צום טאַטעשי ! צום טאַטעשי !

און סטאַש איז אַזש בלאַס געװאָרן פֿון געריִרטקייט.

— באמת... אפשר איז דאָס אַמאָל קהאַרגע... אָבער ניין ! דאָס איז אָן שום ספק מעדינעט... איך דערקען דעם מינאַרעט און איך זע אפילו די װינט־פליגל אויף די ברונעמס...

און אינדעראמתן טאַקע, האָבן פונדערװייטנס געבלישטשעט די הויך־אויפגעהויבענע װינט־פליגל פֿון די אַמעריקאַנער ברונעמס, װאָס זענען ענלעך צו גרויסע װייסע שטערן. אויף דעם גרינעם פֿאָן פֿון די ביימער האָט מען זיי אַזוי דייטלעך געזען, אַז סטאַשס שאַרפֿע ראיה האָט געקענט אונטערשיידן די אויף רויט אָפּגעמאָלטע ברעגן פֿון די פליגל.

— דאָס איז מעדינעט !...

סטאַש האָט דאָך אַפילו געוואוסט סיי פון די ביכלעך סיי פון די דערציילונגען, אַז אין דער מדבר עקזיסטירן אַזעלכע פאַרבלענדענישן, וואָס הייסן „פאַטאַמאָרגאַנאַ“ און, אַז נישט איינמאָל קומט אויס די רייזנדע צו זען אָאַזעס, שטעט, קעמפּעס ביימער און אָזיערעס, וואָס זענען נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר אַ פאַרבלענדעניש, אַ ליכט־שפּיל, אַן אָפּשפּיגלונג פון ווירקלעכע ווייטע זאַכן. אָבער דאָס מאָל איז די דערשיינונג געווען אַזוי בפירוש, אַזוי ווי מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן, אַז ער האָט יעדנפאַלס נישט געקענט צווייפלען, אַז ער זעט דאָס אמתע מעדינעט. אָט איז דאָס טורעמל אויפן הויז פון מודיר, אָט איז דער איינגאָרדנטער קיילעכדיקער גאַניק אונטערן סאמע דאַך פון מינאַרעט, פון וועלכן דער מועזין*) רופט תפילה טון, אָט זענען די באַקאַנטע ביימער־גרופּן — און באַזונדערס די ווינט־פליגל! ניין — דאָס מוז זיין די ווירקלעכקייט. דעם יינגל איז געקומען אויפן געדאַנק, אַז אפשר זענען די סודאַנער, באַטראַכטנדיק זיך איבער דער לאַגע, געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זיי וועלן נישט אַנטרינען, און זאָגנדיק אים גאָרנישט, האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין פאַיום. אָבער זייער רויקייט האָט אויף אים די ערשטע ספקות אָנגעיאָגט. ווען דאָס זאָל באמת טאַקע זיין פאַיום, צי וואָלטן זיי אַזוי גלייכגילטיק געקוקט דערויף? זיי האָבן דאָך געזען דידאָזיקע דערשיינונג און זיי האָבן זיך איינער דעם אַנדערן מיט די פינגער געוויזן, אָבער אין זייערע פּנימער איז נישט געווען צו דערקענען די קלענסטע נישט זיכערקייט אָדער גערירטקייט. סטאַש האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטון און אפשר האָט דידאָזיקע גלייכגילטיקייט פון די אַראַבער געווירקט, אַז דאָס בילד האָט זיך אים אויסגעוויזן בלאַסער. ער האָט אויך אַ טראַכט געטון, אַז ווען זיי וואָלטן זיך באמת אומגעקערט, וואָלט זיך דער קאַראַוואַן צונויפגעטוליעט און די מענטשן וואָלטן, פאַר בלויז מורא אַליין, געפאָרן אַלע צוזאַמען. און לסוף גאָר האָט מען די בעדוינער, וועלכע האָבן זיך אויפן באַפעל פון אידריסן, שוין זיבעטלעכע טעג אַרויסגעדוקט באַדייטנד פאָרויס, לחלוטין נישט געזען, — און כאַמיס, וועלכער איז געפאָרן אין דער הינטערשטער וואַך, האָט אויסגעזען אין דער ווייטקייט גרעסער פון אַ באַ דער ערד פליענדיקן רויבפויגל.

— אַ פאַטאַמאָרגאַנאַ! — האָט סטאַש צו זיך אַליין געזאָגט.

---

*) גייסטלעכער.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אידריס צו אים דערנענטערט און אויסגערופן :

— העי, טרייב אונטער דאָס קעמל ! זעסט מעדינעט ?

ער האָט דאָס אַזוי באַשיינפערלעך שפּאַסיק אַרויסגעזאָגט און אין זיין טאָן איז געווען אַזוי פיל להכעיסדיקס, אַז אין דעם ייִנגלס האַרץ איז דער לעצטער שאָטן פון האָפנונג פאַרשוואונדן געוואָרן, צו זען פאַר זיך דאָס אמתדיקע מעדינעט.

און מיט אַ ווייטיק אין האַרץ האָט ער זיך אומגעדרייט צו נעלן, כדי אויך איר פאַרבלענדעניש צו צעשטרייען, ווי אומגעריכט איז געשען אַ צופאַל, וואָס האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אין אַן אַנדערער זייט אַריין.

פריער האָט זיך באַוויזן אַ בעדוין, וועלכער איז מיט אַלע כוחות צו זיי געלאָפן און מאַכנדיק פונדערווייטנס מיט אַ לאַנגער אַראַבישער ביקס, וואָס קיינער פון דעם קאַראַוואַן האָט מתחילת נישט פאַרמאָגט. צופאַלנדיק צו אידריסן, האָט ער מיט אים אויסגערעדט עטלעכע שנעלע ווערטער, נאָך וועלכע דער קאַראַוואַן האָט זיך געשווינד אָפּגעדרייט אין דער טיף פון דער מדבר. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך באַוויזן דער צווייטער בעדוין, וועלכע האָט געפירט נאָך זיך אויף אַ שטריק אַ פעטע קעמלכע מיט אַ זאָטל אויפן האָרב און מיט לעדערנע זעק, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען אויף די זייטן. ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ קורץ געשפּרעך, פון וועלכן סטאַש האָט אָבער גאָרנישט געקענט אויפכאַפּן. דער קאַראַוואַן האָט מיט גרויס אימפּעט געאײַלט זיך כסדר אויף מערב און זיך ערשט דעמאָלט פאַרהאַלטן, ווען מ'האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שמאָלן קהאָר, וואָס איז געווען פול אָנגעוואָרפן מיט פעלזן אין אַ ווילדער אומאָרדנונג און פול מיט שפּאַלטן אין הײלן. איינע פון זיי איז געווען אַזאַ בריווחדיקע, אַז די סודאַנער האָבן אין איר באַהאַלטן די מענטשן מיט די קעמלען. סטאַש, וועלכער האָט פיל ווייניק זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָט זיך אַנידערגעלייגט לעבן אידריסן און געמאַכט זיך שלאָפן מיט דער האָפנונג, אַז די אַראַבער, וועלכע האָבן ביז דער מינוט מיט איינציקע ווערטער זיך נאָר וועגן דער פּאַסירונג אַרויסגעכאַפּט, וועלן איצט וועגן דעם ברייטער זיך פונאַנדערשמועסן. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז די האָפנונג נישט געווען קיין פאַלשע, וואָרן ווי נאָר מ'האָט די קעמלען אָבריק פאַרשיט, האָבן זיך די בעדוינער און די סודאַנער איינעם מיט כאַמיסן זיך אַנידערגעזעצט באַראַטן.

— פון איצט אָן וועלן מיר נאָר קאָנען פאָרן באַנאַכט, און באַטאָג וועלן מיר זיך מוזן פאַרבאָרגן — האָט זיך אָפּגערופן דער איין־אויגיקער בעדוין. — קהאָרן וועלן איצט זיין אַ סך און אין איטלעכן וועלן מיר געפינען אַ זיכערע באַהעלטעניש.

— צי זענט איר זיכער, אַז דאָס איז געווען אַ וועכטער? — האָט אידריס אַ פרעג געטון.

— אַלאַך! מיר האָבן מיט אים געשמועסט. אַ גליק איז, וואָס ער איז נאָר געווען איינער. ער איז געשטאַנען פאַרבאָרגן הינטער אַ פעלזן אַזוי, אַז מיר האָבן אים נישט געקאָנט זען, נאָר מיר האָבן דערהערט פונדערווייטנס די שטימע פון אַ קעמל. דעמאָלט האָבן מיר אָנגעהויבן פאַמעלעכער צו פאָרן און מיר זענען אַזוי שטיל צוגעקומען, אַז ער האָט אונז ערשט דערזען, ווען מיר זענען געווען עטלעכע טריט פון אים. ער האָט זיך זייער דערשראָקן און ער האָט געוואָלט אין אונז אָפּצילן מיט זיין ביקס. ווען ער וואָלט געווען אויסגעשאָסן, הגם ער וואָלט אפשר קיינעם פון אונז נישט דערהרגעט, האָבן אָבער אַנדערע וועכטער דעם שאָס געקאָנט דערהערן, דעריבער האָב איך אין איין אָטעם אויסגעשריגן: „שטיי! מיר יאָגן נאָך די מענטשן, וועלכע האָבן אויפגעכאַפּט צוויי ווייסע קינדער און אין קורצן וועלן דאָ אָנלויפן אַלע נאָכיאָגערס". דער בחור איז געווען נאָך יינג און אַ נאַר, האָט ער דעריבער געגלייבט, ער האָט אונז נאָר געהייסן צושווערן באַם קאָראַן, אַז עס איז אַזוי. מיר האָבן אַראָפּגענידערט פון די קעמלען און צוגעשוואוירן... מאַהדי וועט אונז מוחל זיין...

— און בענטשן — האָט אידריס אויסגערופן. — דערציייל, וואָס האָט איר ווייטער געטון?

— אָט וואָס, — האָט דער בעדוין פאָרטגעזעצט — ווען מיר האָבן אים צוגעשוואוירן, זאָג איך צו דעם בחור אַזוי: „אָבער ווער וועט דאָס אונז פאַרזיכערן, צי דו אַליין געהערסט נישט אַמאָל צו די רוצחים, וועלכע אַנטלויפן מיט דידאָזיקע ווייסע קינדער און אפשר האָבן זיי דיך גאָר דאָ אַנידערגעשטעלט, כדי זאָלסט אויפהאַלטן דאָס נאָכיאָגן". און כ'האָב אים אויך געהייסן צושווערן, ער איז דערויף באַשטאַנען און אונז נאָך מער איצט געגלייבט. מיר האָבן אים אָנגעהויבן אויספרעגן, צי עס זענען אָנגעקומען וועלכע ס'איז באַפעלן דורכן קופערנעם דראָט פון די שעיקן און צי איז דאַס נאָכיאָגן אין דער מדבר גוט אַוועקגעשטעלט. ער האָט געזאָגט, אַז יאָ, אַז מ'האָט זיי צוגעזאָגט גרויסע באַלוינונגען און אַז אַלע

קהאָרן זענען באַוואַכט אויף צוויי טעג גאַנג פון טייך, און איבערן טייך שווימען כסדר אַרום גרויסע „באַבורן" (דאַמפערס) מיט ענגלענדער, מיט מיליטער. . .

— עס וועלן נישט העלפן קיין „באַבורן", נישט קיין מיליטער קייגן דעם כוח פון אַלאַך און פון זיין נביא. . .

— זאָל מקוים ווערן, ווי דו זאָגסט!

— און דו דערצייל מיר, ווי אַזוי האָט איר געענדיקט מיטן בחור?

דער איין-אויגיקער בעדוין האָט אָנגעוויזן אויף זיין חבר.

— אַבו-אַנגאַ — האָט ער אויסגערופן — האָט אים נאָך געפרעגט, צי עס געפינט זיך נישט אין דער נאָענט נאָך אַ וועכטער, און ווען ער האָט געענטפערט אַז ניין, דעמאָלט האָט ער אים אַזוי פלוצלינג אַריינגערוקט דאָס מעסער אין האַלז אַריין, אַז יענער האָט אַ פישטש נישט געטון. מיר האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין אַ טיפן טאָל און פאַרדעקט מיט שטיינער און דערנער. אין דערפֿל וועט מען מיינען, אַז ער איז אַנטלאָפן צו מאַהדין, וואָרן ער האָט אונז דערציילט, אַז עס טרעפט זיך אָפט אַזוי.

— זאָל גאָט בענטשן דידאָזיקע, וועלכע אַנטלויפן, ווי ער האָט אייך געבענטשט — האָט אידריס אָפּגעענטפערט.

— יאָ! ער האָט געבענטשט, — האָט אַבו-אַנגאַ צוגעשטימט — ווארים איצט ווייסן מיר, אַז מיר דאַרפן זיך האַלטן אויף דריי טעג גאַנג ווייט פון טייך, און אַ חוץ דעם האָבן מיר באַקומען אַ ביקס, וואָס אונז האָט געפעלט און אַ מעלקעדיקע קעמלכע.

— די קריגן — האָט דער איינאויגיקער צוגעגעבן — זענען אָנגעפולט מיט וואַסער און אין די זעק איז דאָ שפּאָר פּראָסע, באַר פולווער האָבן מיר ווייניק געפונען.

— כאַמיס פירט עטלעכע הונדערט לאָדונגען צו דעם ווייסן יינגלס ביקס, פון וועלכער מיר קענען נישט שיסן. דער פולווער איז דאָך שטענדיק אַלציינס און ער וועט צונוץ קומען צו אונזער ביקס.

דאָס זאָגנדיק, האָט זיך אידריס פונדעסטוועגן פאַרטראַכט און אַ שווערע דאגה האָט זיך אויף זיין טונקל פּנים אָפּגעשפּיגלט. ער האָט בעמלעך פאַרשטאַנען, אַז קוים איז שוין געפאַלן אַ טויטער היטער ז״י, איז ווען זיי זאָלן איצט אַריינפאַלן צו דער עגיפּטישער רע-

גירונג אין די הענט, וועט זיי שוין אַפֿילו סטאַשס אָננעמען זיך דאָ גאָרנישט העלפֿן און נישט באַשיצן פֿאַרן געריכט און פֿאַר אַ שטראָף.

סטאַש האָט אויסגעהאָרכט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ און מיט אַן אָנגעשטרענגטער אויפֿמערקזאַמקייט. אין דעמדאָזיקן געשפּרעך זענען געווען טרייסטנדיקע זאַכן און נעמלעך דאָס, אַז דאָס נאָכיאָגן איז געווען איינגעאָרדנט, באַלוינונגען צוגעזאָגט און אַז די שעיקן פֿון די שבטים, וואָס וואוינען לעבן די ברעגן האָבן באַקומען באַפֿעלן צו פֿאַרהאַלטן די קאַראַוואַנען, וואָס פֿאָרן אויף דרום. ס'האָט דעם יינגל דערפֿרייט אויך די ידיעה וועגן די דאַמפּערס, וואָס שווימען טייך־אויף און זענען פֿול מיט ענגליש מיליטער. מאַהדיס דערווישן האָבן זיך געקאָנט פֿאַרמעסטן מיט דער עגיפּטישער אַרמיי און אַפֿילו זיך באַזעצן אויך, אָבער מיט די ענגלענדער איז שוין געווען אַן אַנדערער ענין און סטאַש האָט אַפֿילו אויף קיין איין מאָמענט נישט געצווייפֿלט, אַז די ערשטע שלאַכט וועט זיך ענדיקן מיט אַ פֿולשטענדיקער מפּלה פֿון די ווילדע מחנות. דעריבער האָט ער מיט אַ טרייסט אין דער נשמה צו זיך אַליין אַזוי געזאָגט: „ווען זיי זאָלן אונז אַפֿילו דערפֿירן צו מאַהדין, קאָן אויך פּאַסירן, אַז איידער זיי וועלן אונז צופֿירן, וועט שוין נישט זיין נישט קיין מאַהדי, נישט זיינע דערווישן”. נאָר דידאָזיקע טרייסט איז אָבער פֿאַרסמט געוואָרן פֿון דעם געדאַנק, אַז אין אַזאַ פֿאַל דערוואַרט זיי דאָך נאָך גאַנצע וואָכן רייזע, וואָס מוז סוף כּל סוף אויסשעפּן נעלס כּוחות — און איבער דערדאָזיקער גאַנצער צייט דערוואַרט זיי די געזעלשאַפֿט פֿון אויסוואורפֿן און רוצחים. באַ דער דערינערונג פֿון דעמדאָזיקן יינגן אַראַבער, וועלכן די בעדויִנער האָבן געשאָכטן, ווי אַ שעפּס, האָט אים אַ פּחד און אַ ווייטיק אַרומגענומען. ער האָט באַשלאָסן וועגן דעם נעלן נישט צו דערציילן, כּדי זי נישט איבערצושרעקן און נישט צו פֿאַרגרעסערן איר טרויער, וואָס זי האָט געפֿילט נאָכן פֿאַרשוואונדן ווערן פֿון דעם בלענדנדיקן בילד פֿון דער אָאַזע פֿאַיום און פֿון דער שטאָט מעדינעט. ער האָט געזען נאָך איידער זיי זענען אָנגעקומען אין דעם טאָל אַריין, אַז די טרערן זענען איר נישט ווילנדיק אין די אויגן אַריין אָנגעקומען; דעריבער, ווען ער האָט פֿון די דערציילונגען פֿון די בעדויִנער אַלץ זיך דערוואוסט, וואָס ער האָט נאָר פֿאַרלאַנגט, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט זיך אויפֿגעכאַפּט און איז צו איר צוגעגאַנגען. זי איז געזעסן אין אַ ווינקל לעבן דינהן, און עסנדיק דאַקטילן, האָט זי זיי באַטריפֿט קוים מיט טרערן. אָבער,

דערזעענדיק סטאַשן, האָט זי זיך דערמאַנט, אַז ער האָט איר האַלטונג ערשט נישט לאַנג אָנערקענט, אַז זי פּאַסט פּאַר, צום ווייניקסטן, אַ דרייצען־יעריק מיידל, דעריבער האָט זי, נישט ווילנדיק זיך אים ווידער ווייזן אַלס קינד, מיטן גאַנצן כּוח צוגעדריקט מיט די ציינדעלעך אַ קערעלע פון אַ דאַקטיל, אַבי איינצוהאַלטן דאָס שלוכצן.

— נעל, — האָט דאָס ייִנגל אויסגערופן — מעדינעט — דאָס איז געווען אַ פאַלשע פאַרשטעלונג, אָבער איך ווייס אויף געוויס, אַז מען יאָגט אונז נאָך, דעריבער זאָרג דיך נישט און וויין נישט.

דערויף האָט דאָס מיידעלע אויפגעהויבן צו אים די פאַרטערטע אייגעלעך און מיט אַן אָפּגעהאַקט קול אים געענטפערט:

— ניין, סטאַש... איך וויל נישט וויינען... נאָר די אויגן... שוויצן מיר אַזוי...

אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זיך איר דאָס גאָמבעלע אָנגעהויבן צו טרייסלען, פון אונטער די צוגעטוליעטע אויגן־לעדלעך זענען אַפּערגערינען גרויסע טרערן און זי האָט זיך אויף גוט פונאַנדערגעכליפּעט.

און ווייל ס'איז איר אָבער פאָרט אַ בושה געווען דידאַזיקע טרערן און זי האָט דערוואַרט דערפאַר פון סטאַשן אַ שטרענגן פאַרוואורף, דעריבער האָט זי פאַר חרפּה, און אַ ביסל פאַר מורא, באַהאַלטן דאָס קעפּעלע אויף זיין ברוסט, אויסווייקנדיק אים ווי עס געהערט צו זיין די מלבושים.

אָבער ער האָט זי באַלד אָנגעהויבן צו טרייסטן:

— נעל, זיי־זשע נישט קיין פאַנטאַן. האָסט געזען, אַז זיי האָבן צוגענומען באַ עפּעס אַן אַראַבער אַ ביקס און אַ קעמלכע? און צי ווייסטו וואָס דאָס באַדייט? דאָס באַדייט, אַז אין דער מדבר איז פול מיט וועכטערס. איינמאָל איז דידאָזיקע אויסוואורפן געלונגען צו כאַפּן אַ וועכטער, און אַ צווייט מאָל וועט מען זיי אַליין כאַפּן. איבערן נילוס קרייזן אויך אַרום אָן אַ שיעור דאַמפּערס... ווי דען! מיר וועלן זיך אומקערן, נעל, מיר וועלן זיך אומקערן — און דערצו נאָך מיט אַ דאַמפּער. האָב נישט קיין מורא!...

און ער וואָלט זי נאָך אויף אַזאַ אופן געווען לאַנג געטרייסט, ווען זיין אויפמערקזאַמקייט וואָלט נישט געוואָרן צוגעצויגן דורך אַן אויסטערלישן קלאַנג, וואָס איז דערגאַנגען פון דרויסן פון די אָנגעגליטע זאַמדן, וואָס דער לעצטער הוראַגאַן האָט אָנגעבלאָזן אויף דער דנאָ פון טאָל.

דאָס איז געווען עפּעס ענלעכס צו אַ דינער, מעטאַלע:ער שטימע פון אַ ראָר־פּישטשאַלקע. סטאַש האָט איבערגעריסן דאָס געשפּרעך און אָנגעהויבן זיך איינצוהאָרכן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אַ סך אַזעלכע דינע און יעמערלעכע טענער אָפּגערופן פון עטלעכע זייטן מיטאַמאָל. דעם ייִנגל האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז אפשר האָבן דאָס די אַראַבישע וועכטער אַרומגערינגלט דעם טאָל און זיי רופן זיך צוזאַמען מיט דער הילף פון פײַפלעך. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן. ער האָט אַ קוק געטון אויף די סודאַנער איין מאָל, דאָס צווייטע מאָל, מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט אויף זייערע פּנימער דערזען שרעק, אָבער נישט! אידריס, געבהר און די צוויי בעדוינער האָבן רויק געגריזשעט זייערע סוכאַרעס, נאָר כאַמיס האָט עפּעס אויסגעזען צו זיין אַ ביסל דערשטוינט. און די טענער האָבן כסדר געדויערט. נאָך אַ געוויסער צייט איז עפּעס אידריס אויפגעשטאַנען און אַרויסגעקוקט פון דער הייל, דערנאָך האָט ער זיך, אומקערנדיק צוריק, פאַרהאַלטן לעבן די קינדער און אויסגערופן:

— די זאַמדן הייבן אָן צו זינגען.

סטאַש איז אַזוי נײַגיריק געוואָרן, אַז ער האָט אין דעם מאָמענט פאַרגעסן, דאָס ער האָט באַשלאָסן לחלוטין נישט צו רעדן מיט אידריסן און ער האָט אַ פרעג געטון:

— די זאַמדן? וואָס הייסט דאָס?

— אַזוי קומט פאָר, און דאָס באַדײַט, אַז עס וועט לאַנג נישט זיין קיין רעגן. אָבער די היץ וועט אונדז גאָרנישט טון. וואָרן ביז אַסואַן אַזש וועלן מיר נאָר פאָרן באַנאַכט.

און מער האָט מען נישט געקאָנט פון אים געוואויר ווערן. סטאַש מיט נעלן האָבן זיך לאַנג איינגעהאָרכט אין די דאָזיקע אויסטערלישע קלאַנגען, וואָס האָבן אַזוי לאַנג געדויערט, ביז וואַנען די זון האָט נישט אַראָפּגענידערט צו מערב־צו. דערנאָך איז צוגעפאַלן די נאַכט און דער קאַראַוואַן האָט זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַרײַן.

# XIII.

באַטאָג האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין די פֿאַרבאָרגענע און שווער צוגענגלעכע ערטער צווישן פֿעלזן און טאָלן, און באַנאַכט האָבן זיי געיאָגט אָן אָפּרו, ביז וואַנען זיי האָבן נישט אויסגעמיטן דעם ערשטן וואַסערפֿאַל. ביז ענדלעך, ווען די בעדויִנער האָבן לויט דער לאַגע און לויט דעם געשטאַלט פֿון די קהאָרן דערקענט, אַז אַסואַן ליגט שוין הינטער זיי, איז פֿון אידריסעס האַרץ אַ גרויסע משא אַראָפּגעפֿאַלן. מחמת עס האָט זיי שוין געהאַט פֿאַרפֿעלט וואַסער, האָבן זיי זיך דעריבער דערנעענטערט אויף אַ האַלבן טאָג גאַנג פֿון טייך. דאָס האָט אידריס די קומענדיקע נאַכט, באַהאַלטנדיק דעם קאַראַוואַן, אַרויסגעשיקט מיט די בעדויִנער אַלע קעמלען צום נילוס, כּדי זיי זאָלן זיך אויף אַ לענגערע צייט גוט אָנטרינקען. דער פֿרוכטבאַרער פּאַס לענגויס דעם טייך נילוס איז שוין נאָך אַסואַן געווען אַ סך שמעלער. אויף טייל ערטער איז שוין די מדבר דערגאַנגען ביזן סאַמע טייך. די דערפֿער זענען שוין געלעגן אויף אַ באַדייטנדן מרחק איינס פֿון אַנדערן ווייט אָפּגערוקט. די בעדויִנער זענען אַ דאַנק דעם גליקלעך צוריקגעקומען, דורך קיינעם נישט געזען, מיט באַדייטנדע זאַפּאַסן וואַסער. מען האָט נאָר געדאָרפֿן אַ טראַכט טאָן איצט וועגן שפּייז, וואָרן די חיות, וועלכע זענען זייער קאַרג געקאָרמעט געוואָרן, זענען צייט אַ וואָך אויסגעמאָגערט געוואָרן. די העלזער האָבן זיך זיי אויסגעצויגן, די האָרבן זענען איינגעפֿאַלן, און די פֿיס זענען געוואָרן שלאַבעריק. סיי דוראַ און סיי דער פּראָוויאַנט פֿאַר די מענטשן האָט נאָך געקאָנט קוים מיט צרות קלעקן אויף אַ צוויי טאָג. אידריס האָט פֿונדעסטוועגן גערעכנט, אַז אין אַ צוויי טאָג אַרום וועט מען שוין קאָנען, אויב נישט באַטאָג, איז יעדנפֿאַלס באַנאַכט, דערנענטערן זיך צו אַ פּאַשע, וואָס ליגט באַם ברעג, און אפֿשר אויך איינקויפֿן סוכאַרעס און דאַקטילן ערגעץ אין אַ דערפֿל.

סאַבאַן האָט מען שוין לחלוטין קיין עסן נישט געגעבן, נישט קיין טרינקען, נאָר וואָס די קינדער האָבן באַהאַלטן פֿאַר אים די איבערבלייבעכצן פֿון עסן. ער האָט זיך אָבער ווי ס'איז שוין אַן עצה געגעבן אין

בשעת מען האָט גערוט, איז ער אָפּט געקומען צו לויפן מיט אַ פּאַרבלוטיקטער מאָרדע און מיט צייכנס פון ביסן אויפן האַלז און אויף דער ברוסט. צי זענען פון דידאָזיקע קאַמפן אַלס רויב אַריינגעפאַלן שאַקאַלן אָדער היענעס, צי גאָר אפשר זאַמד־פוקסן אָדער אינדן, דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט, גענוג איז, אַז קיין צו שטאַרקן הונגער האָט מען אויף סאַבאַן נישט דערקענט. טיילמאָל פלעגן אויך זיינע שוואַרצע ליפן צו זיין פייכט, ווי ער וואָלט געהאַט געטרונקען. די בעדויִנער האָבן זיך משער געווען, אַז ער האָט געמוזט ערגעץ אויסגראָבן טיפע לעכער אויף דער דנאָ פון אַ טאָל און אויף אַזאַ אופן צובאַקומען זיך צום וואַסער, וואָס ער האָט מיט זיין חוש־הריח אונטער דער ערד דערשמעקט. אַזוי צעגראָבן אויך די דנאָ פון טאָלן פאַרבלאָנדזשעטע רייזנדע. און ווען זיי געפינען אָפּט נישט קיין וואַסער, קריגן זיי זיך כמעט שטענדיק צו צו אַ פייכט זאַמד, און אויסזייגנדיק עס, לעשן זיי אַזוי אַרום זייער פייגלעכן דורשט.

און פונדעסטוועגן איז אויך אין סאַבאַן פאָרגעקומען באַדייטנדע ענדערונגען. אַ ברוסט און אַ קאַרג האָט ער כסדר געהאַט אַ ריזיקן, נאָר די זייטן זענען אים איינגעפאַלן, צוליב וועלכן ער האָט אויסגעזען נאָך העכער. פון זיינע אויגן, מיט די רויטלעכע ווייסלען, האָט אַרויסגעקוקט עפּעס אַ ווילדקייט און אַ גרויזאַמקייט. צו נעלן און צו סטאַשן איז ער פונקט ווי פריער געווען צוגעבונדן און געלאָזט מיט זיך טון, וואָס זיי איז נאָר געפעלן, צו כאַמיסן האָט ער נאָך טיילמאָל אַ שאָקל געטון מיטן ווידל, אָבער אויף די בעדויִנער און אויף די סודאַנער פלעגט ער וואָרטשען, אָדער קלאַפּן מיט זיינע שרעקלעכע ציין, וועלכע האָבן דעמאָלט אָפּגעקלונגען, ווי די שטאָלערנע טשוועקעס. אידריס מיט געבהרן האָבן פשוט אָנגעהויבן פאַר אים מורא צו קריגן און נישט קוקנדיק דערויף, אָס ער האָט זיי אַ סך נוצן געבּרענגט, האָבן זיי אים אויף אַזוי פיל פיינט געקריגן, אַז זיי וואָלטן אים לעולם געווען דערהרגעט מיט דער צוגערויבטער ביקס, ווען נישט דער חשק צו ברענגען סמיינען אַ וואונדערלעכע חיה אַלס מתנה און ווען נישט אויך דאָס, אַז זיי האָבן שוין אויסגעמיטן אַסואַן.

זיי האָבן שוין אויסגעמיטן אַסואַן! סטאַש האָט כסדר וועגן דעם געטראַכט און אין האַרץ האָבן זיך אים אָנגעהויבן צו פאַרגנבענען ספקות, צי מען וועט זיי שוין גאָר כאַפּן. ער האָט, אמת, געוואוסט, אַז נישט נאָר דאָס אייגנטלעכעטע עגיפּטן, וואָס געפינט זיך אויך ערשט נאָך וואַדי־

האלפאַ, דאָס הייסט, נאָך דעם צווייטן וואַסערפאַל, נאָר אפילו גאַנץ נו־ביען געפינט זיך דערוויל ביז איצט אין די הענט פון דער עגיפּטישער רעגירונג. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז נאָך אַסואַן, און בפרט נאָך וואַדי־האַלפאַ וועט דאָס נאָכיאָגן זיין שווערער, און די באַפעלן פון דער רעגירונג וועלן נאָכלעסיקער אויסגעפירט ווערן. ער האָט אָבער נאָך גע־האַט אַ האָפנונג, אַז דער פּאָטער צוזאַמען מיטן הער ראַווליסאָן האָבן זיך, נאָכן איינסדרן דאָס געיעג, אַליין אַוועקגעלאָזט מיטן דאַמפער פון פּאַיום קיין וואַדי־האַלפאַ, און דאָרטן האָבן זיי אויסגעפועלט בא דער רעגירונג זעלנער אויף קעמלען און וועלן זיך באַמיען אָפּצוהאַקן דעם וועג פאַר דעם קאַראַוואַן פון דרום. פאַר דעם יינגל איז קלאָר געווען, אַז אויף זייער אָרט וואָלט ער טאַקע אַזוי געטון און דעריבער האָט ער געדרונ־גען, אַז זיין השערה איז זייער אַ ריכטיקע.

ער האָט אָבער נישט אָפּגעלאָזט דעם געדאַנק וועגן ראַטעווען זיך אויף אייגענער האַנט. די סודאַנער האָבן געוואָלט האָבן פולוער צו דער צוגערויבטער ביקס, האָבן זיי צוליב דעם באַשלאָסן פונאַנדערצודרייען עטלעכע לאָדונגען פון שטוצער, האָט ער זיי אַלזאָ געזאָגט, אַז נאָר ער אַליין קאָן דאָס טון און אויב אַן אַנדערער וועט זיך צו דעם צורירן, נישט וויסנדיק ווי אַזוי, קאָן זיך דעמאָלט די לאָדונג אים אויפרייסן צווישן די פינגער און אָפּרייסן די האַנט. אידריס, וועלכער האָט בכלל מורא געהאַט פאַר אומבאַקאַנטע זאַכן און פאַר ענגלישע דערפינדונגען, האָט ענדלעך באַשלאָסן דידאָזיקע פונקציע איבערצוגעבן דעם יינגל. סטאַש האָט זיך גערן צו דעם גענומען, מתחילת האָט ער עס געטון מיט דער האָפנונג, אַז דער שטאַרקער ענגלישער פולווער וועט באַם ערשטן שאָס צעזעצן די אַלטע אַראַבישע ביקס, און צווייטנס, אַז ער וועט קאָנען באַהאַלטן עטלעכע לאָדונגען. דאָס איז אים אַ סך לייכטער אָנגעקומען, ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט. מכלומרשט האָט מען אים געהיטן בא דער אַרבעט, אָבער די אַראַבער האָבן באַלד אָנגעהויבן צו רעדן צווישן זיך און אין קורצן האָבן זיי זיך שוין מער געהאַט פאַרנומען מיטן גע־שפּרעך, ווי מיטן אַכטונג געבן. סוף כל סוף האָט זייער באַריידעוודיקייט און איינגעבוירענע אָפּגעלאָזנקייט געגעבן סטאַשן די מעגלעכקייט צו באַ־האַלטן הינטערן בוזעם זיבן לאָדונגען. איצט וואָלט ער זיך נאָר באַדאַרפט צובאַקומען צום שטוצער.

דאָס יינגל האָט זיך געטראַכט, אַז נאָך וואַדי־האַלפאַ, דאָס הייסט, נאָכן צווייטן וואַסערפאַל, וועט דאָס נישט זיין פון די איבעריק שווערע

זאַכן, מחמת ער האָט פאַרויסגעזען, אַז די וואַכזאַמקייט פון די אַראַבער וועט זיך, וואָס נענטער זיי וועלן זיין צום ציל, אַלץ מער פאַרקלענערן. בּאַ דעם געדאַנק, אַז ער וועט מוזן דערהרגענען די סודאַנער און די בעדוינער און אפילו אויך כאַמיסן, האָט אים שטענדיק אַ ציטער דורכגענומען, אָבער נאָך דער רציחה, וואָס די בעדוינער האָבן אויסגעפירט, האָט ער זיך שוין פאַר גאַרנישט אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך געטראַכט, אַז דאָ גייט דאָך וועגן פאַרטיידיקן זיך, וועגן דער פרייהייט און לעבן פון נעלן און אַז צוליב דעם קאָן ער זיך נישט רעכענען מיטן לעבן פון זיינע קעגנער, בפרט, אַז זיי וועלן זיך נישט אונטערגעבן און עס וועט קומען צו אַ קאַמף.

ס'איז אָבער נאָר געגאַנגען וועגן שטוצער. סטאַש האָט באַשלאָסן אים אַרויסצוקריגן מיט כיטרעקייט, און ווען עס זאָל זיך נאָר מאַכן די פּאַסיקע געלעגנהייט, וועט ער נישט וואַרטן אַזש ביז וואַדי־האַלפאַ, נאָר ער וועט אויספירן די זאַך ווי צום שנעלסטן.

און ער האָט טאַקע נישט געוואַרט.

ס'זענען שוין געהאַט פאַרביי צוויי טעג, ווי זיי האָבן אויסגעמיטן אַסואַן — און אידריס האָט ענדלעך געמוזט צומאַרגנס פאַרטאָג אַרויסשיקן די בעדוינער נאָך עסנוואַרג, וואָס האָט שוין פולשטענדיק געהאַט פאַרפעלט. אַ דאַנק דער פאַרקלענערטער צאָל קעגנער, האָט סטאַש צו זיך אַליין אַ זאָג געטון: „איצט, אָדער קיינמאָל נישט" — און ער האָט זיך תיכּף אַ ווענד געטון צום סודאַנער מיט דער פאָלגנדער פראַגע:

— אידריס, צי ווייסטו, אַז דאָס לאַנד, וואָס הייבט זיך אָן נישט ווייט פון וואַדי־האַלפאַ, איז שוין נוביען?

— כ'ווייס. איך בין אַלט געווען פיפצען יאָר און געבהר אַכט, ווען דער פאָטער האָט אונז געבּרענגט פון סודאַן קיין פאַיום און איך געדענק, אַז מיר זענען דעמאָלט דורכגעפאָרן אויף קעמלען גאַנץ נוביען. אָבער דאָסדאָזיקע לאַנד געהערט נאָך צו די טערקן (עגיפּטיאַנער).

— יאָ, מאַהדי געפינט זיך ערשט הינטער כאַרטום — זעסטו, ווי נאַריש כאַמיס האָט גערעדט, ווען ער האָט אייך געזאָגט, אַז דאָס חיל פון די דערווישן גייען שוין צו קיין אַסואַן. איך אָבער וויל מיך דאָ פרעגן עפּעס אַנדערש. אָט וואָס: איך האָב געלייענט אין די ביכלעך, אַז אין נוביען זענען פאַרהאַן אַ סך ווילדע חיות און אַ סך גזלנים, וועלכע דינען קיינעם נישט און פאַלן אָן סיי אויף עגיפּטיאַנער, סיי אויך

אויף די, וועלכע זענען טריי מאַהדין. מיט וואָס-זשע וועט איר אייך פאַרטיידיקן, אויב ווילדע חיות, אָדער גזלנים וועלן אייך באַפאַלן.

סטאַש האָט בכיוון מגזם געווען, בשעת ער האָט גערעדט וועגן ווילדע חיות, דאַקעגן רציחות פלעגן זיך אין נוביען זינט ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה זייער אָפט טרעפן, באַזונדערס אין דער דרומדיקער טייל פון לאַנד, וואָס גרענעצט זיך מיט סודאַן.

אידריס האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט איבער דערדאָזיקער פראַגע, וואָס איז אים אומגעריכט געשטעלט געוואָרן, וואָרים ביז איצט האָט ער גאָרנישט געטראַכט וועגן דערדאָזיקער נייער געפאַר — און ער האָט אָפּגעענטפערט:

— מיר האָבן מעסערס און אַ ביקס.

— אַזאַ ביקס איז גאָרנישט ווערט.

— כ'ווייס. דײַנע איז בעסער. אָבער מיר קענען נישט מיט איר שיסן, און דיר אין דער האַנט אַריין וועלן מיר זי נישט געבן.

— אפילו נישט קיין אָנגעלאָדענע?

— יאָ, מחמת זי קאָן אַמאָל זיין פאַרכישופט.

סטאַש האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

— אידריס, ווען דאָס זאָל רעדן געבהר, וואָלט איך מיך נישט געוואונדערט, אָבער וועגן דיר האָב איך געטראַכט, אַז האָסט מער שכל. פון אַ נישט אָנגעלאָדענער ביקס וואָלט אַפילו אייער מאַהדי אַליין אויך נישט אויסגעשאָסן.

— שווייג — האָט אים אידריס שטרענג איבערגעריסן. — מאַהדי קען אפילו פון אַ פינגער אויסשיסן.

— טאָ שיס-זשע דו אויך אַזוי.

דער סודאַנער האָט שאַרף אַ קוק געטון דעם ייִנגל אין די אויגן אַריין.

— צוליב וואָס ווילסטו, מען זאָל דיר געבן די ביקס?

— כ'וויל דיך אויסלערנען מיט איר שיסן.

— צוליב וואָס גייט עס דיר אַזוי אין לעבן?

— צוליב זייער אַ סך טעמים, וואָרים אויב עס וועלן אונז באַפאַלן אַ חברה גזלנים, קאָנען זיי דאָך אונז אַלע אויסהרגענען! אָבער אויב דו האָסט מורא אי פאַר דער ביקס, אי פאַר מיר, איז האָב איך אַן עסק!

אידריס איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט באמת טאַקע מורא געהאַט, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין. דאָך איז אים זייער געגאַנגען אין לעבן צו באַקענען זיך מיט דעם ענגלישן געווער, מחמת דאָס באַזיצן אַזאַ ביקס און קאָנען זיך אומגיין מיט איר וואָלט אָן אַ שיעור אויפגעהויבן זיין פּרעסטיזש אין דער מחנה פון די מאַהדיסטן, — שוין נישט רעדנדיק דערפון, אַז אין פאַל פון עפּעס אַן אָנפאַל, וואָלט אים אַ סך לייכטער געווען זיך צו פאַרטיידיקן.

דעריבער האָט ער נאָך אַ קורצן ישוב הדעת אויסגערופן:

— גוט. זאָל כאַמיס דערלאַנגען די ביקס, און דו נעם זי פונאַנדער.

כאַמיס האָט גלייכגילטיק אויסגעפירט דעם באַפעל, וועלכן געבהר האָט נישט געקאָנט זיך אַנטקייגנשטעלן, מחמת ער איז געווען פאַרנומען פונדערווייטנס מיט די קעמלען. סטאַש האָט אַרויסגענומען מיט די עטוואָס ציטערדיקע הענט דעם שלאָס, די לופעס — און זיי דערלאַנגט אידריסן.

— זעסט, אַז זיי זענען ליידיק. — האָט ער אויסגערופן.

אידריס האָט גענומען די לופעס און האָט דורך זיי אַ קוק געטון אינדערהייך אַרויף.

— אמת, ס'איז אין זיי גאָרנישטאָ.

— איצט, גיב אַכטונג. — האָט סטאַש ווייטער געזאָגט — אַזוי לייגט זיך צוזאַמען אַ ביקס (און דאָס זאָגנדיק, האָט ער צוזאַמענגעלייגט די לופעס מיטן שלאָס), און אָט אַזוי עפנט זי זיך אויף. זעסט? און נעם זי ווידער פונאַנדער, און איצט לייג זי דו צוזאַמען...

דער סודאַנער, וועלכער האָט זיך מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צוגעקוקט צו סטאַשס באַוועגונגען, האָט אָנגעהויבן פּרווון. ס'איז אים נישט באַלד אויף אַמאָל צוגעגאַנגען לייכט, נאָר ווייל די אַראַבער צייכענען זיך בכלל אויס מיט זייער גרויס געשיקטקייט, האָט ער דעריבער אין אַ ווייל אַרום די ביקס צונויפגעלייגט.

— עפן! — האָט סטאַש געקאָמאַנדירט.

אידריס האָט לייכט דעם שטוצער געעפנט.

— פאַרמאַך!

ס'איז נאָך לייכטער געגאַנגען.

— איצט גיב מיר צוויי ליידיקע גילזן. כ'וועל דיך אויסלערנען, ווי אַזוי מען לייגט אַריין די לאַדונגען.

די אַראַבער האָבן באַהאַלטן די אויפגעדרייטע גילזן, מחמת זיי האָבן געהאַט די ווערט פֿאַר זיי אַלס מעש. אידריס האָט אַלזאָ סטאַשן דערלאַנגט אַזעלכע צוויי שטיק, — און דער למוד האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן.

דער סודאַנער האָט אין דער ערשטער מינוט עטוואָס זיך איבער־געשראָקן צוליבן קנאַק פֿון די איבערגעבליבענע קאַפּישאָנען אין די גילזן אָבער סוף כּל סוף האָט ער זיך איבערצייגט, אַז סיי פֿון ליידיקע לופּעס און סיי פֿון ליידיקע לאַדונגען, איז קיינער נישט אימשטאַנד אויסצושיסן. זיין צוטרויען צו סטאַשן האָט זיך דערביי אומגעקערט אויך דערפֿאַר, וואָס דאָס ייִנגל האָט אים יעדע ווײַלע אָפּגעגעבן דאָס געווער אין דער האַנט אַריין.

— יאָ, — האָט סטאַש אויסגערופֿן — קענסטו שוין צוזאַמענלייגן דעם שטוצער, קענסט עפֿענען, צומאַכן און האַלטן באַם פּנים, ווי אויך אַ צי טון באַם צינגל. אָבער מען דאַרף זיך נאָך אויסלערנען צילן. דאָס איז די שווערסטע זאַך. נעם אַ ליידיקע קריג פֿון וואַסער און שטעל זי אַנידער אויף הונדערט טריט ווייטער. . . אָט דאָרט, אויף יענע שטיינער, און דערנאָך קער דיך אום צוריק צו מיר — וועל איך דיר ווייזן, ווי אַזוי מען צילט.

אידריס האָט גענומען די קריג און אָן דער קלענסטער וואַקלעניש איז ער זי אַוועקגעגאַנגען אַנידערשטעלן אויף די אָנגעוויזענע שטיינער. אָבער נאָך איידער ער האָט געמאַכט די ערשטע הונדערט טריט, האָט סטאַש אַרויסגערוקט די ליידיקע גילזן, און אויף זייער אָרט אַרייַנגערוקט פֿולע לאַדונגען. נישט נאָר דאָס האַרץ, נאָר אַפֿילו די שלייפֿן האָבן אים אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז ער האָט געמיינט, דער קאָפּ וועט אים צעזעצט. דער אַנטשיידענער מאָמענט איז אָנגעקומען — דער מאָמענט פֿון פֿרייהייט פֿאַר נעלן און פֿאַר אים — דער מאָמענט פֿון נצחון — גלייכצייטיק אַ שרעקלעכער און אויסגעטרוימטער!

אָט ליגט אידריסעס לעבן אין זיינע הענט. איין צי נאָר באַם צינגל און דערדאָזיקער פֿאַררעטער, וועלכער האָט אויפגעכאַפּט נעלן, וועט פֿאַלן אַ טויטער. אָבער סטאַש, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט אין זיינע אָדערן פּויליש און פֿראַנצויזיש בלוט, האָט פֿלוצלינג דערפֿילט, אַז ער וועט נישט פֿאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט אימשטאַנד זיין צו שיסן צו אַ מענטש, וועלכער איז צו אים אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס. זאָל ער זיך כאָטש ווינציקסטנס אויסדרייען — און זאָל ער קוקן דעם טויט אין

די אויגן אַריין. און וואָס וועט זיין דערנאָך? דערנאָך וועט קומען צו־לויפן געבהר, און נאָך איידער ער וועט אָפּלויפן צען טריט, וועט ער דעסגלייכן מיט די ציין אין זאַמד זיך איינגראָבן. וועט נאָר איבערבלייבן כּאַמיס. אָבער כּאַמיס וועט צעמישט ווערן, און ווען ער זאָל אפילו נישט צעמישט ווערן, וועט נאָך זיין צייט אַריינצוּרוקן נייע לאַדונגען אין די לופעס. ווען די בעדוינער וועלן אָנפאַרן, וועלן זיי טרעפן דריי מתים און זיי וועלן אַליין אויך געפינען דאָס, אויף וועלכן זיי האָבן זיך פאַרדינט. דערנאָך וועט גענוג זיין אָפּצודרייען זיך מיט די קעמלען צום טייך.

דידאָזיקע אַלע געדאַנקען און בילדער זענען דורכגעפלויגן, ווי די ווינטן, דורך סטאַשס קאָפּ. ער האָט געפילט, אַז דאָס, וואָס דאַרף אין עטלעכע מינוט אַרום געשען, איז גלייכצייטיק שרעקלעך און נויטיק. אין דער ברוסט האָט זיך אים צוזאַמענגעקנוילט דער שטאָלץ פון אַ זיגער צוזאַמען מיט אַ געפיל פון שרײַקלעכן עקל צום נצחון. עס איז געווען אַ מאָמענט, וואָס ער האָט זיך אַ וואַקל געטון, אָבער ער האָט זיך דער־מאַנט אָן די אַלע פּיין, וואָס די ווייסע געפאַנגענע האָבן איבערגעטראָגן, אָן דעם פאָטער, אָן דעם הער ראַווליסאָן, אָן נעלן, אָן געבהרן, וועלכער האָט דעם מיידל אַ קלאַפּ געטון מיטן קאַרבאַטש און די שנאה האָט אין אים אויסגעבראָכן מיט אַ פרישער קראַפט. „מ׳דאַרף! מ׳דאַרף!" — האָט ער מיט צונויפגעדריקטע ציין צו זיך אַליין גערעדט און אַן אומברחמנות־דיקער באַשלוס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין פּנים, וועלכעס איז גע־וואָרן, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין.

דערווייל האָט אידריס אַנידערגעשטעלט די לעדערנע קריג אויף דעם שטיין, וואָס איז געלעגן אויף אַ מרחק פון הונדערט טריט און זיך אויסגעדרייט. סטאַש האָט געזען זיין צעשמייכלט פּנים און דאָס גאַנצע הויכע געשטאַלט אויף דעם גלייכן, זאַמדיקן באָדן. צום לעצטן מאָל האָט אים דורכגעבליצט דער געדאַנק, אַז אָט וועט דערדאָזיקער לעבעדיקער מענטש אין אַ סעקונדע אַרום אַנידערפאַלן אויף דער ערד און מיט די פינגער וועט ער אין דער לעצטער גסיסה־קאָנוואולסיע רייסן דאָס זאַמד. אָבער דעם יינגלס וואַקלען זיך האָט זיך געענדיקט — און, ווען אידריס איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען פינפציק טריט, האָט ער פּאַמעלעך אָנגעהויבן אויפצוהייבן דאָס געווער צום אויג.

אָבער נאָך איידער ער האָט זיך צוגערירט מיטן פינגער צום צינגל, האָט זיך פון הינטער די בערגלעך זאַמד, אויף אַ מרחק פון עטלעכע הונ־

דערט טריט, געלאָזט הערן אַ הויכער אויסגעשריי און אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן זיך אַן ערך פון צוואַנציק רייטער אויף פערד און קעמ־לען אַ שיט אַרויס געטון אויף דער פלאַך. אידריס איז אויף זייער אָנ־בליק פאַרשטיינערט געוואָרן, סטאַש איז אויך נישט ווילנדיק דערשטוינט געוואָרן, אָבער באַלד איז די דערשטוינונג אָפּגעטרעטן פאַר דער אוי־סערגעווינלעכער פרייד. אָט איז ענדלעך די דערוואַרטע הילף! יאָ! דאָס קאָן נישט זיין עפּעס אַנדערש! אין דערפּל ווייזט אויס, האָט מען גע־כאַפּט די בעדוינער אין זיי האָבן אָנגעוויזן, וואו עס באַהאַלט זיך דער איבעריקער קאַראַוואַן! דאָס זעלבע האָט אויך אַזוי פאַרשטאַנען אידריס, וועלכער איז, ווערנדיק אַ ביסל אָפּגעקילט, געקומען צו לויפן צו סטאַשן מיט אַן אַש־קאָלירנדיק פנים פון שרעק, און אַנידערקניענדיק לעבן זיינע פיס, האָט ער מיט אַ פאַרשטיקט קול אָנגעהויבן איבערצוחזרן:

— האַר, איך בין געווען גוט צו אייך! כ׳בין געווען גוט צו דער קליינער „בינט" — געדענקט וועגן דעם!...

סטאַש האָט מעכאַניש אַרויסגערוקט די לאָדונגען פון די לופעס — און געקוקט. די רייטערס האָבן געיאָגט אין איין אָטעם אויף די פערד און קעמלען, שרייענדיק פון פרייד און וואַרפנדיק אינדערהייך די לאַנגע אַראַבישע ביקסן, וואָס זיי האָבן אין לויפן מיט אַן אויסערגעווינלעכער געשיקטקייט געכאַפּט. אין דער לויטערער, דורכזיכטיקער לופט האָט מען זיי אויסגעצייכנט געזען. אינדערמיט זענען די צוויי בעדוינער געלאָפן פאָרויס, מאַכנדיק, ווי די משוגעים, מיט די הענט און מיט די בורנוסן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז די גאַנצע באַנדע צוגעפאַלן צום קאַ־ראַוואַן. אַ טייל פון די רייטער זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד און פון די קעמלען; אַ טייל זענען געבליבן זיצן אויף די זאָטלען, יעלהנדיק מיט הימל־שרייענדע קולות. צווישן די אַלע געשרייען האָט מען נאָר גע־קאָנט אונטערשיידן צוויי אויסדרוקן:

— כאַרטום! גאָרדאָן! גאָרדאָן! כאַרטום!

ענדלעך איז איינער פון די בעדוינער — דערדאָזיקער, וועלכן דער חבר זיינער האָט אָנגערופן אַבו־אַנגאַ, צוגעפאַלן צו אידריסן, וועל־כער איז געלעגן איינגעקאָרטשעט באַ סטאַשס פיס און אָנגעהויבן צו שרייען:

— כאַרטום איז גענומען! גאָרדאָן איז דערהרגעט. מאַהדי איז דער זיגער!

אידריס האָט זיך אויסגעגלייכט, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגלייבן.

— און דידאָזיקע מענטשן! — האָט ער מיט ציטערדיקע ליפּן געפרעגט.

— דידאָזיקע מענטשן האָבן אונז געזאָלט כאַפּן, און איצט גייען זיי צוזאַמען מיט אונז צום נביא!

סטאַשן איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן...

# XIV.

און ס'איז ווירקלעך אויסגעלאָשן געוואָרן די לעצטע האָפנונג צו אַנטלויפן אין דער צייט פון דער רייזע. סטאַש האָט שוין איצט געוואוסט, אַז אי זיינע איינפאַלן וועלן שוין דאָ גאָרנישט העלפן, אי די נאָכיאָגערס וועלן זיי שוין נישט כאַפּן און אַז אויב זיי וועלן אויסהאַלטן די שווערי-קייטן פון דער נסיעה, וועלן זיי נאָר צופאָרן ביז צו מאַהדין און וועלן אַרויסגעגעבן ווערן אין סמיינס הענט אַריין. די איינציקע טרייסט זיינע איז נאָר איצט געווען דער געדאַנק, אַז זיי זענען אויפגעכאַפּט געוואָרן נאָר דערפאַר, כּדי סמיין זאָל זיי אָפּגעבן פאַר זיינע קינדער. אָבער ווען וועט דאָס געשען און וואָס קאָן זיי נאָך פריער טרעפן? וואָס פאַר אַ שרעקלעכער גורל דערוואַרט זיי צווישן דער מיט בלוט אָנגעטרונקענער ווילדער מחנה? צי וועט נעל איבערהאַלטן די אַלע שוועריקייטן און אומבאַקוועמלעכקייטן — דערויף האָט קיינער נישט געקאָנט ענטפערן. דאַקעגן, דאָס איז יאָ באַוואוסט געווען, אַז מאַהדי און זיינע דערווישן האָבן פיינט קריסטן און בכלל אייראָפּעער; האָט זיך דעריבער אין האַרץ פון דעם יינגל אויפגעוועקט אַ מורא, צי וועט סמיינס איינפלוס גענוג זיין, אַז ער זאָל זיי ביידע קאָנען באַשיצן פאַר באַליידיקונגען, פאַר קוועלונ-גען, פאַר דער אכזריות און ווילדקייט פון מאַהדיס גלויביקע, וועלכע האָבן געמאָרדעט אפילו מאַכמעדאַנער, וואָס זענען טריי געווען דער רע-גירונג? צום ערשטן מאָל זינט מ'האָט זיי אויפגעכאַפּט האָט סטאַשן אַרומ-גענומען אַ טיפע פאַרצווייפלונג, און גלייכצייטיק אויך אַן אַבערגלויביש געפיל, אַז עס פאַרפאָלגט זיי עפּעס אַ בייז מזל. ס'טייטש, דער בלויזער

איינפּאַל זיי אויפצוכאַפּן אין פּאַיום און אַוועקפירן קיין כאַרטום איז דאָך פּשוט געווען אַ משוגעת, וואָס נאָר אַזעלכעווילדע און נאַרישע מענטשן, ווי אידריס און געבהר, האָבן זיך געקאָנט לאָזן דערויף, נישט פאַרשטייענדיק, אַז זיי מוזן דורכמאַכן טויזנטער קילאָמעטער לאַנד, וואָס איז אונטערגעוואָרפן דער עגיפּטישער רעגירונג, און אייגנטלעך גאָר די ענגלענדער. ווען ס'זאָל אַלץ גיין כשורה, וואָלטן זיי באַלד אויפן צווייטן טאָג געדאַרפט צו זיין געכאַפּט, און דאָך האָט זיך אַלץ אַזוי צוזאַמענגעלייגט, אַז אָט געפינען זיי זיך גאָר באַלד לעבן צווייטן וואַסערפאַל — קיין שום פריערדיקע וואַך האָט זיי נישט אָנגעיאָגט, און די לעצטע, וועלכע האָט זיי געקאָנט פאַרהאַלטן, האָט זיך גאָר מיט זיי פאַראייניקט און וועט זיי נאָך פון איצט אָן זיין צו הילף. צו סטאַשס פאַרצווייפלונג, צו זיין מורא וועגן דער קליינער נעלס גורל, האָט זיך נאָך פאַראייניקט דאָס געפיל פון דערשלאָגנקייט, אַז ער וועט שוין סוף כל סוף מער נישט באַווייזן זיך אַן עצה צו געבן, און נאָך מער — ער וועט שוין נישט אימשטאַנד זיין מער גאָרנישט אויסצוקלערן, מחמת, ווען מען זאָל אים אפילו איצט אָפּגעבן די ביקס מיט די לאָדונגען, קאָן ער דאָך נישט נעמען און אויסשיסן אַלע אַראַבער, פון וועלכע עס באַשטייט דער קאַראַוואַן.

און נאָך מער האָבן אים דידאָזיקע אַלע געדאַנקען געגריזשעט, וואָס די גאולה איז שוין אַזוי נאָענט געווען. ווען כאַרטום וואָלט נישט געווען געפאַלן, אָדער לכל הפחות געווען געפאַלן מיט עטלעכע טעג שפּעטער, וואָלטן דידאָזיקע זעלבע מענטשן, וועלכע זענען איצט איבערגעגאַנגען אויף מאַהדיס זייט, געווען זיי געכאַפּט און איבערגעגעבן אין די הענט פון דער עגיפּטישער רעגירונג. סטאַש האָט, זיצנדיק אויפן קעמל הינטער אידריסן און אויסהערנדיק זייערע געשפּרעכן. זיך איבערצייגט, אַז עס וואָלט אָן שום ספק אַזוי געווען. וואָרן באַלד נאָכן אַרויסרירן זיך אין ווייטערן וועג אַריין, האָט דער ראש פון דער נאָכיאָג-עקספּעדיציע אידריסן אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס זיי האָט אַזוינס גענייגט צו פאַרראַטן דעם כעדיוו. זיי האָבן מתחילת געוואוסט, אַז אַ גרויסע אַרמיי — שוין נישט קיין עגיפּטישע, נאָר אַן ענגלישע — האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף דרום אַנטקייגן די דערווישן אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל וואָלסעלעי. זיי האָבן געזען אָן אַ שיעור דאַמפּערס, וואָס האָבן געפירט די גרויזאַמע ענגלישע זעלנער פון אַסואַן קיין וואַדי-האַלפאַ, פונוואַנען מ'האָט פאַר זיי געבויט אַ באַן ביז אַבו-האַממעד. אין משך פון אַ לאַנגער צייט האָבן אַלע ברעג-שעיקן — סיי די, וועלכע זענען איבערגעבליבן טריי דער רעגי-

רונג און סיי די, וועלכע האָבן אין דער טיפעניש פון זייער נשמה גע־האַלטן מיט מאַהדין, געוועזן זיכער, אַז די מפּלה פון די דערווישן און זייער נביא איז אַן אומפאַרמיידלעכע, מחמת די ענגלענדער האָט נאָך ביז איצט קיינער נישט באַזיגט.

— אַקבאַר אַלאַך! — האָט אידריס איבערגעריסן, אויפ־הייבנדיק די הענט אינדערהייך — און דאָך זענען זיי געוואָרן באַ־זיגט!

— ניין, — האָט דער ראש פון דער נאַכיאַג־עקספּעדיציע אָפּגע־ענטפערט — מאַהדי האָט קייגן זיי אַרויסגעשיקט די שבטים דזשאַלנאַ, באַרבאַכאַ און דאַדזשים, צוזאַמען אַן ערך פון דרייסיק טויזנט פון זייַנע בעסטע קריגסלייט, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט מוסאַ, דער זון פון העלו; הינטער אַבו־קלעאַ איז געקומען צו אַ גרויסער שלאַכט, אין וועל־כער גאָט האָט די נישט גלויביקע געמאַכט זיגן.

— ס׳איז אמת, מוסאַ, דער זון פון העלו איז טאַקע אומגעקומען, און פון זייַנע חילות האָט זיך נאָר אַ קליין רעשטל אומגעקערט צו מאַהדין. די נשמות פון די איבעריקע זענען אין גן־עדן, און די גופים ליגן אין די זאַמדן, וואַרטנדיק אויפן טאָג פון תחית המתים. די ידיעה וועגן דעמ־דאָזיקן האָט זיך שנעל איבערן נילוס פאַרשפּרייט. דעמאָלט האָבן מיר געמיינט, אַז די ענגלענדער וועלן גיין ווייטער אויף דרום און באַפרייען כאַרטום. מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „אַ סוף, אַ סוף!“ און לסוף האָט גאָר גאָט אַנדערש געהייסן.

— וואָס? וואָס איז געשען? — האָט אידריס מיט היץ גע־פרעגט.

— וואָס עס איז געשען? — האָט דער ראש מיט אַ צעשטראַלט פנים געזאָגט. — מאַהדי האָט בעמלעך פאַרנומען דערווייל כאַרטום, און גאָרדאָנען, האָט מען אין דער צייט פון שטורם אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. און ווייל די ענגלענדער איז נאָר געגאַנגען אין גאָרדאָנען, דעריבער האָבן זיי, דערוויסנדיק זיך וועגן זיין טויט, זיך אומגעקערט צוריק אויף צפון. אַלאַך! מיר האָבן ווידער געזען דאַמפערס מיט רייזיקע זעלנער, וואָס זענען געשוואומען טייך־אַפּ, אָבער מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדייט. די ענגלענדער פאַרשפּרייטן נאָר גוטע ידיעות תיכף ומיד, שלעכטע אָבער האַלטן זיי בסוד. אַ טייל פון אונזערע האָבן גע־זאָגט, אַז מאַהדי איז שוין אומגעקומען. אָבער סוף כל סוף איז דער אמת אַרויסגעשוואומען אין דער עפנטלעכקייט. דאָסדאָזיקע לאַנד געהערט

נאָך צו דער רעגירונג. אין וואַדי־האַלפאַ און ווייטער, אזש ביז דעם דריטן, און אפשר ביזן פערטן וואַסערפאַל, געפינען זיך נאָך דעם כע־דיווס חילות. ערשט איצט, נאָכן אָפּטרעטן פון די ענגלענדער, גלייבן מיר שוין, אַז מאַהדי וועט איינגעמען נישט נאָר נוביען און עגיפּטן, נישט נאָר מעקאַ און מעדינאַ, נאָר אפילו די גאַנצע וועלט. דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן, אָנשטאָט אייך צו כאַפּן און איבערגעבן אין די הענט פון דער רעגירונג, צו גיין מיט אייך צוזאַמען צום נביא.

— זענען אַלזאָ געקומען באַפעלן, אַז מען זאָל אונז כאַפּן?

— אין אַלע דערפלעך אַריין, צו אַלע שעיקן, צו די מיליטערישע אָפּטיילונגען. וואו דער קופּערנער דראָט, דורך וועלכן עס פליען דורך באַפעלן פון קאַירא, דערגרייכן נישט, דאָרט אַהין זענען אָנגעקומען „זאַב־טיעס" (זשאַנדאַרמען) מיט אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז ווער עס וועט אייך כאַפּן, וועט באַקומען טויזנט פונט אַ באַלוינונג. מאַשאַלאַך... דאָס איז אַ גרויס עשירות!... אַ גרויס!...

אידריס האָט מיט חשד אַ קוק געטון אויפן רעדנדיקן:

— אָבער איר האָט בעסער אויסגעקליבן מאַהדיס ברכה?

— יאָ. און אַ חוץ דעם האָט ער אָנגענומען אַ סך רויב און אַזוי פיל געלט אין כאַרטום, אַז עגיפּטישע פונטן מעסט ער מיט זעק פון אַבריק און צעטיילט זיי צווישן זיינע גלויביקע...

— פונדעסטוועגן, אויב די עגיפּטישע זעלנער געפינען זיך נאָך אין וואַדי־האַלפאַ און ווייטער, קענען זיי נאָך אונז כאַפּן אויפן וועג.

— ניין. מ'דאַרף זיך נאָר צו איילן, כל זמן זיי וועלן צו זיך נישט קומען. זיי האָבן איצט, נאָכן אָפּטרעטן פון די ענגלענדער, אינגאַנצן די קעפּ פאַרלוירן, — סיי די רעגירונג־טרייע שעיקן, סיי די זעלנער און די זאַבטיעס. אַלע מיינען, אַז מאַהדי וועט אין אַ ליאַדע רגע אָנ־קומען, דעריבער טאַקע אַנטלויפן איצט די יעניקע צווישן אונז, וועלכע אין דער נשמה זענען זיי געווען מיט אים, גאַנץ דרייסט אַהין — און קיינער יאָגט זיי נישט נאָך, מחמת אויף דער הייסער מינוט גיט קיינער נישט אַרויס קיין באַפעלן און קיינער ווייסט נישט וועמען צו האָרכן.

— יאָ — האָט אידריס אָפּגעענטפערט — האָסט טאַקע אמת גע־זאָגט, אַז מען דאַרף זיך צואיילן, כל זמן זיי וועלן צו זיך נישט קומען. וואָרן קיין כאַרטום איז נאָך ווייט...

אין סטאַשן, וועלכער האָט גענוי אויסגעהערט דאָסדאָזיקע גאַנצע געשפּרעך, האָט ווידער אויף אַ מאָמענט אויפגעבליצט אַ שוואַכער שטראַל

פון האָפנונג. אויב די עגיפּטישע זעלנער פאַרנעמען נאָך ביז איצט פאַרשידענע ערטער לענגאויס דעם ברעג און נוביען, מוזן זיי צוליב דעם, וואָס די ענגלענדער האָבן צוגענומען אַלע דאַמפּערס, אָפּטרעטן פאַר מאַהדיס מחנות מיט דער יבשה. און אין אַזאַ פאַל קאָן פּאַסירן, אַז דער קאַראַוואַן זאָל זיך אָנשטויסן אויף אַ וועלכער ס'איז פון די אָפּטרעטנדיקע אָפּטיילונגען און זאָל ווערן אַרומגערינגלט. סטאַש האָט דעסגלייכן אויסגערעכנט, אַז איידער די ידיעה וועגן איינגעמען כאַרטום איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען צווישן די אַראַבישע שבטים, וועלכע וואוינען אויף צפון-זייט פון וואַדי-האַלפאַ, איז בלי שום ספק אָפּגעפלאָסן אַ שפּאָר שטיק צייט, מכל-שכן, אַז די עגיפּטישע רעגירונג און די ענגלענדער האָבן זי געהאַלטן בסוד — האָט ער דעריבער זיך משער געווען, אַז אויך די פונאַנדערשפּאַנונג, וואָס איז אוודאי אין ערשטן מאָמענט אַריינגעטרעטן צווישן די עגיפּטיאַנער, האָט שוין געמוזט פאַרבייגיין. דעם נישט דערפאַרענעם יינגל איז אָבער נישט איינגעפאַלן, אַז יעדנפאַלס וועט דאָס פאַלן פון כאַרטום און דער טויט פון גאָרדאָנען ווירקן אויף די מענטשן, אַז זיי זאָלן אָן אַלעם פאַרגעסן, און אַז די רעגירונגס-טרייעיקן, ווי אויך די אָרטיקע עגיפּטישע מאַכט וועלן איצט האָבן עפּעס אַנדערש צו טון, ווי צו טראַכטן וועגן מציל זיין צוויי ווייסע קינדער.

און ווירקלעך האָבן טאַקע די אַראַבער, וועלכע האָבן זיך פאַרייניקט צום קאַראַוואַן, קנאַפּ-וואָס מורא געהאַט פאַרן נאָכיאָגן. זיי זענען טאַקע, אמת, געפאָרן אין גרויס איילעניש און האָבן נישט געזשאַלעוועט די קעמלען, אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן נאָענט פון נילוס און אָפט זיך באַנאַכט אַראָפּגעדרייט צום טייך, כדי אָנצוטרינקען די חיות און אָנצושעפּן וואַסער אין די לעדערנע זעק אַריין. צייטנווייז האָבן זיי געוואַגט אפילו באַטאָג אַריינצופאָרן אין די דערפלעך. פאַר זיכערקייט וועגן האָבן זיי שטענדיק אַרויסגעשיקט פריער אויסצושפּירן עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן, מכלומרשט אונטערן אויסרייד איינצוקויפן פּראָוויאַנט, זיך אויסגעפרעגט, וואָס עס הערט זיך אין דער געגנט, צי זענען נישטאָ אין דער נאָנט קיין עגיפּטישע זעלנער און צי די איינוואוינער געהערן נישט אַמאָל צו די „טערקן"-טרייע. אויב זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ באַפעלקערונג, וואָס האָט געהיים געהאַלטן מיט מאַהדין, דעמאָלט איז דער גאַנצער קאַראַוואַן פאַרפאָרן אין דאָרף אַריין — און אָפט האָט פּאַסירט, אַז ער האָט עס פאַרלאָזט אַ פאַרגרעסערטער מיט עטלעכע, אָדער גאָר אפילו מיט אַ צענדליג יונגע אַראַבער, וועלכע האָבן אויך געוואָלט אַנטלויפן צו מאַהדין.

אידריס האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז כמעט אַלע עגיפּטישע אָפּטיילונגען שטייען אויף דער זייט פון דער נוביאישער מדבר, אַלזאָ אויף דער רעכטער, מזרחדיקער זייט פון נילוס. כדי נישט זיך מיט זיי צו באַגעגענען, האָט מען זיך נאָר געדאַרפט האַלטן מיטן לינקן ברעג און אויסמיידן די מער באַדייטנדערע שטעטעלעך און ישובים. דאָס האָט, וואָס אַן אמת, פאַרטאָפּלט דעם וועג, מחמת דער טייך האָט, אָנהייבנדיק פון וואַדי־האַלפאַ, געשאַפן אַ ריזיקן בויגן, וואָס האָט אַראָפּגענידערט ווייט צו דרום־צו, און דערנאָך האָט ער זיך ווידער אָפּגעדרייט אויף צפון־מזרח, אַזש ביז אַבו־האַממעד, וואו ער נעמט שוין פולשטענדיק אָן די דרומדיקע ריכטונג. פאַר דאָס אָבער איז דערדאָזיקער לינקער ברעג, באַזונדערס פון דער אָאַזע סעלימאַ אָן, כמעט לגמרי נישט באַוואַכט. דער וועג ווידער איז די סודאַנער, צווישן אַ פאַרגרעסערטער קאָמפּאַניע, און באַ אַ סך וואַסער און פּראָוויאַנט, זייער פריילעך פאַרביי.

אויסמיידנדיק דעם דריטן וואַסערפאַל, האָבן זיי זיך אויפגעהערט אַפילו צו איילן — זיי זענען נאָר געפאָרן באַנאַכט. באַטאָג האָבן זיי זיך באַהאַלטן צווישן די זאַמדיקע געבירג און טאָלן, מיט וואָס די גאַנצע מדבר איז געווען דורכגעשניטן. עס איז געלעגן איצט איבער זיי אויסגעשפּרייט אַ הימל אָן יעדער פּיצל וואָלקן, גרוי אויף די האָריזאָנטן, און דערמיט אויפגעבלאָזן, ווי אַ רייכער קופּאָל, שטיל און רויק. מיט יעדן טאָג אָבער, וואָס מער זיי האָבן זיך פאָרויסגערוקט קיין דרום, איז די היץ געוואָרן אַלץ שרעקלעכער און אַפילו אין די טאָלן, אין דעם טיפן שאָטן, האָט די המימה די מענטשן און די חיות געפּייניקט. די נעכט דאַקעגן זענען געווען זייער קילע, צעפינקלטע פון שעמערירנדיקע שטערן, וואָס האָבן געשאַפן ווי קלענערע און גרעסערע מחנות.

סטאַש האָט באַמערקט, אַז דאָס זענען שוין נישט די זעלבע שטערן־קאָנסטעלאַציעס, וואָס האָבן געלויכטן באַנאַכט איבער פאָרט־סאַיד. ער האָט נישט איינמאָל וועגן דעם געחלומט, אַז ער זאָל ווען עס איז אַמאָל אין זיין לעבן זען דעם דרומדיקן שתי וערב — און ענדלעך האָט ער אים דערזען נאָך על־אָרדע. אָבער אין איצטיקן מאָמענט האָט אים זיין בליאַסק נאָר אומגליק פאָרויסגעזאָגט. ס'האָט זיי שוין זינט עטלעכע וועג אַלע נאַכט צוגעלויכטן די בלאַסע, צעשוואומענע און טרויעריקע מזלות־ליכט, וואָס האָט נאָכן אויסלעשן זיך פון די פאַרנאַכטיקע הימל־

רויטקייטן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין די מערב-זייט פֿון הימל באַזילבערט.

# XV.

צוויי וואָכן נאָכן אַרויספֿאָרן פֿון די געגנטן פֿון וואַדי-האַלפֿאַ איז דער קאַראַוואַן אַריינגעקומען אין דעם לאַנד, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן דורך מאַהדין. זיי זענען שנעל איבערגעקומען די בערגיקע מדבר געזירע און אין דער נאָענט פֿון רענדי, וואו די ענגלענדער האָבן פֿריער פֿולשטענדיק אַ תּל געמאַכט פֿון מוסאַן אולעד פֿון העלו, זענען זיי אַריינגעפֿאָרן אין אַ געגנט, וואָס איז לחלוטין שוין נישט ענלעך געווען צו קיין מדבר. מ׳האָט שוין דאָ נישט געזען נישט קיין זאַמדן, נישט קיין בערגלעך. ווי ווייט ס׳אויג האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן, האָט זיך פֿונאַנדערגעצויגן אַ סטעפּ, וואָס איז טיילווייז פֿאַרוואַקסן געווען מיט גרין גראָז, טיילווייז מיט דזשונגלען, אויף וועלכער ס׳זענען קעמפּעסווייז געוואַקסן שטעכיקע אַקאַציעס, וואָס גיבן אַרויס די באַוואוסטע סודאַנער גומי, און דאָ און דאָרט — איינצלנע ריזיקע באַבאַק-ביימער, אַזעלכע פֿונאַנדערגעשפּרייטע, אַז אונטער זייערע גראָבע צווייגן האָבן הונדערט מענטשן געקאָנט געפֿונען אַ שוץ פֿאַר דער זון. פֿון צייט-צו-צייט האָט דער קאַראַוואַן אויסגעמיטן הויכע, צו זיילן ענלעכע, טערמיטן-בערגלעך*), אָדער טערמיטיערן, מיט וואָס די גאַנצע טראָפּישע אַפֿריקע איז באַזייעט. די גרינקייט פֿון די פּאַשעס און אַקאַציעס האָבן אָנגענעמער צוגעלאָקט דאָס אויג נאָך דער איינפֿאָרמיקער, אומפֿרוכטבאַרער זאַמד-פֿאַרב פֿון דער מדבר.

אין די ערטער, וואו די סטעפּ איז געווען אַ לאָנקע, האָבן זיך געפּאַשעט סטאַדעס קעמלען, וואָס זענען באַוואַכט געווען דורך מאַהדיס באַוואָפֿנטע קריגסלייט. דערזעענדיק דעם קאַראַוואַן, זענען זיי אויפֿגעשפּרונגען, ווי די רויב-פֿייגל צוגעלאָפֿן צו אים, אַרומגערינגלט פֿון אַלע

*) אַזעלכע אינזעקטן.

זייטן, און טרייסלענדיק מיט די שפּיזן, ווי אויך יעלהנדיק מיט הימלשרייענדע קולות, האָבן זיי אויסגעפרעגט די מענטשן, פונוואַנען זיי זענען, צוליב וואָס קומען זיי פון צפון און וואוהין איז זייער ציל? צייטנווייז האָבן זיי אָנגענומען אַזאַ גרויזאַמען כאַראַקטער, אַז אידריס האָט געמוזט מיט דער גרעסטער שנעלקייט ענטפערן אויף די פראַגן, אַבי אויסצומיידן אַן אָנפאַל.

סטאַש, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די איינוואוינער פון סודאַן אונטערשיידן זיך פון אַלע אַראַבער, וואָס באַוואוינען עגיפּטן, נאָר מיט דעם, וואָס זיי גלייבן אין מאַהדין און ווילן נישט אָנערקענען דעם כעדיווס מאַכט, האָט איצט דערזען, אַז ער האָט געהאַט אַ פולשטענדיקן טעות. דידאָזיקע, וועלכע האָבן איצט יעדע ווײַלע פאַרהאַלטן דעם קאַראַוואַן, האָבן מערסטנטיילס געהאַט אַ טונקעלערע הויט אפילו ווי אידריס און געבהר, און אין פאַרגלייך מיט די צוויי בעדויִנער — כמעט אַ שוואַרצע. דאָס נעגערישע בלוט האָט בײַ זיי איבערגעוואויגן דאָס אַראַבישע. די פּנימער זייערע און די ברוסטן זענען געווען טאַטוירט, און די שטאָכן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אָדער פאַרשידענע צייכנונגען, אָדער אויפשריפטן פון קאָראַן. אַ טייל זענען כמעט געווען נאַקעט, אַנדערע האָבן געטראָגן „דזשיובעס", אָדער אָנאַרבלדיקע מאַנטלען פון ווייסן באַנוולגעוועב, אויסגענייט מיט פאַרשידנקאָלירנדיקע לאַטעס. אַ סך האָבן געהאַט צווייגעלעך פון קאָראַלן אָדער שטיקלעך העלפאַנטביין אַדורכגעצויגן דורך די נאָזלעכער, ליפּן און אויערן. די אָנפירערס האָבן באַדעקט זייערע קעפּ מיט ווייסע מיצלעך פון דעם זעלבן געוועב, וואָס דאָס מאַנטל, די פּשוטע קריגסלייט האָבן געהאַט אַנטבלויזטע קעפּ, אָבער נישט אָפּגעגאָלט, אַזוי, ווי די אַראַבער אין עגיפּטן, נאָר, פאַרקערט, פאַרוואַקסן מיט ריזיקע, פאַרדרייטע קודלעס, וואָס זענען געווען אָפּט רויט אָפּגעבערעגט פון קאַלך, מיט וועלכן זיי האָבן די טשופּרינעס זייערע געשמירט אויף צו באַשיצן פאַר פאַרשידענע ווערים. זייער געווער איז באַשטאַנען מערסטנטיילס פון שפּיזן, וואָס האָבן אויסגעזען שרעקלעך אין זייערע הענט, אָבער ס'האָט זיי אויך נישט געפעלט קיין רעמינגטאָן־ביקסן, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין די זיגרייכע שלאַכטן מיט דער עגיפּטישער אַרמיי און נאָכן פאַלן פון כאַרטום. זייער אָנבליק איז בכלל געווען אַן אימהדיקער, און זייער פאַרהאַלטן זיך צום קאַראַוואַן — אַ פיינדלעכער, מחמת זיי האָבן חושד געווען, אַז דאָס זענען עגיפּטישע סוחרים, וועלכע מ'האָט באַלד אין דעם ערשטן מאָמענט נאָך מאַהדיס נצחון פאַרבאָטן אַריינצוקומען קיין סודאַן.

געוויינלעך האָבן זיי, אַרומרינגלענדיק דעם קאַראַוואַן, צווישן געשרייען און דראָונגען צוגעשטעלט זייערע שפּיזן צו די מענטשנס ברוסטן, אָדער האָבן זיך געצילט צו זיי מיט די ביקסן, אויף וועלכן אידריס האָט זיי מיט אַ געשריי אָפּגעענטפערט, אַז ער און זיין ברודער געהערן צום דעם שבט פון די דאַנגאַלן, דעם זעלבן, צו וועלכן עס געהערט מאַהדי אַליין און אַז זיי פירן דעם נביא ווייסע קינדער, אַלס געפאַנגענע. דאָס איינע האָט אויפגעהאַלטן די פּראַים פון געוואַלטטאַטן. צוזאַמענטרעפנדיק זיך ענדלעך מיט דערדאָזיקער מוראדיקער ווירקלעכקייט, איז אין סטאַשן דאָס האַרץ אַנטפאַלן באַם בלויזן געדאַנק, וואָס זיי ביידע דערוואַרט אין די קומענדיקע טעג. אַפילו אידריס, וועלכער האָט פריער לאַנגע יאָרן געלעבט אין אַ ציוויליזירט לאַנד, האָט זיך אַזאַ מעשה נישט פאָרגעשטעלט. ער איז טאַקע זייער צופרידן געווען, ווען ס׳האָט זיי אין אַ געוויסן אָוונט פאַרנומען אַ באַוואָפנטע אָפּטיילונג פון עמיר נור־על־טאַדהיל און זיי געפירט קיין כאַרטום.

נור־על־טאַדהיל איז פריער, איידער ער איז אַנטלאָפן צו מאַהדין, געווען אַן עגיפּטישער אָפיציר אין כעדיווס אַ נעגערישן פּולק. ער איז דעריבער נישט געווען אַזוי ווילד, ווי די איבעריקע מאַהדיסטן און אידריס האָט זיך לייכטער געקאָנט מיט אים פאַרשטענדיקן. אָבער אויך דאָ האָט אים דערוואַרט אַן אַנטוישונג. ער האָט זיך געהאַט פאָרגעשטעלט, אַז זיין אָנקומען מיט די ווייסע קינדער אין מאַהדיס לאַגער אַריין וועט אויפוועקן אַ פאַרוואונדערונג, שוין בלויז נאָר צוליב די אומגעוויינלעכע שוועריקייטן און געפאַרן אויפן וועג. ער האָט זיך געריכט, אַז די מאַהדיסטן וועלן אים אויפנעמען מיט באַגייסטערונג, מיט אָפענע אָרעמס און אַז מען וועט אים מיט טריומף אָוועקפירן צום נביא, און יענער וועט אים אָפּשיטן מיט גאָלד און מיט לויב־ווערטער, ווי אַ מענטש, וועלכער האָט זיך קיין וואָקל נישט געטון זיין קאָפּ איינצושטעלן, אַבי אַרויסצווייזן זיין דינסט־גרייטקייט פאַר זיין קרובהטע פאַטמאַ. דערווייל האָבן גאָר די מאַהדיסטן צוגעלייגט די שפּיזן צו זייערע ברוסטן, און נור־על־טאַדהיל האָט זייער גלייכגילטיק אויסגעהערט די דערציילונגען וועגן דער רייזע, ענדלעך האָט ער אויף דער פראַגע, צי ער קאָן סמיינען, פאַטמאַס מאַן, אויסגערופן:

— ניין, אין אָמדורמאַן און אין כאַרטום געפינען זיך איבער הונדערט טויזנט קריגסלייט, דעריבער איז זיך נישט אַזוי לייכט צו באַגעגענען און נישט אַלע אָפיצירן קאָנען זיך. די מלוכה פון נביא איז אומגע־

היער גרויס, און בכן רעגירן אַ סך עמירן מיט שטעט, וואָס ליגן ווייט איינע פון דער אַנדערער, אין סענאַר, אין קאָרדאָפאַן, אין דאַרפור און לעבן פאַשאָדאַ. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז דערדאָזיקער סמיין, וועגן וועלכן דו פרעגסט דיך, געפינט זיך גאַרנישט אין איצטיקן מאָמענט בײַ דער זייט פון נביא.

אידריס האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם גרינגשעצנדיקן טאָן, מיט וועלכן נור האָט גערעדט וועגן „דעמדאָזיקן סמיין״, דעריבער האָט ער אים אָפגעענטפערט מיט אַ לייכטן שאָטן פון אומגעדולדיקייט:

— סמיין האָט חתונה געהאַט מיט מאַהדיס אַ שוועסטערנטאָכטער, און בכן זענען סמיינס קינדער דעם נביאס קרובים.

נור־על־טאַדהיל האָט אַ הייב געטון מיט די אַקסלען.

— מאַהדי האָט אַ סך קרובים און ער קאָן נישט אָן אַלע גע־דענקען.

אַ צייט זענען זיי געפאָרן אין שטילשווייגן, נאָך וועלכן אידריס האָט ווידער אַ פרעג געטון:

— ווען וועלן מיר אָנקומען קיין כאַרטום?

— פאַר האַלבער נאַכט — האָט טאַדהיל געענטפערט, קוקנדיק אויף די שטערן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויף מזרח־זייט פון הימל.

— צי וועל איך אין אַזאַ שפּעטער שעה קאָנען באַקומען שפּייז און אָבריק? פון לעצטן אָפּרו אָן, מיטאָג־צייט, האָבן מיר נאָך גאַרנישט געגעסן...

— היינט וועל איך אייך לאָזן נעכטיקן און געבן צו עסן בײַ מיר אינדערהיים, אָבער מאָרגן, אין אָמצוּרמאַן, וועסטו דיך אַליין מוזן באַמיען צו באַקומען עסן - און כ׳בין דיך פאָרויס מתרה, אַז עס וועט דיר לייכט נישט אָנקומען.

— פאַרוואָס?

— וואָרן עס איז אַ מלחמה. די מענטשן האָבן זינט עטלעכע יאָר שוין נישט פאַרזייעט די פעלדער און זיך דערנערט בלויז מיט פלייש, דעריבער, ווען ס׳האָט ענדלעך בהמות פאַרפעלט, איז געוואָרן אַ הונגער. אין גאַנץ סודאַן איז אַ הונגער און אַ זאַק דוראַ קאָסט היינט מער, ווי אַ שקלאַף.

— אַלאַך אַקבאַר! — האָט אידריס מיט פאַרוואונדערונג אויסגע־

רופן. — פונדעסטוועגן האָב איך געזען אויף די סטעפעס סטאַדעס קעמ־לען און בהמות.

— דאָס געהערט צום נביא, צו זיינע איידעלע קרובים און צו די קאַליפן... יאָ... די דאַנגאַלן, פון וועמענס שבט עס קומט אַרויס מאַהדי און די באַגאַרן, וואָס דער הויפּט־קאַליף אַבדולאַהי איז זייער ראש, האָבן נאָך אָן אַ שיעור סטאַדעס, אָבער די איבעריקע שבטים ווערט וואָס אַמאָל שווערער צו לעבן אויף דער וועלט.

דאָ האָט נור־על־טאַדהיל זיך אַ פּעטשל געטון איבערן מאָגן און אויסגערופן:

— אין דער דינסט באַם נביא האָב איך אַ העכערע ראַנגע, מער געלט און אַ גרעסערע מאַכט, אָבער אַ בויך אַ גרעסערן האָב איך געהאַט, בשעת כ'האָב געדינט באַם כעדיוו...

אָבער כאַפּנדיק זיך, אַז ער האָט אפשר צו פיל אַרויסגעזאָגט, האָט ער נאָך אַ ווײַלע צוגעגעבן:

— אָבער דאָס אַלץ וועט פאַרביי, ווען די אמתע אמונה וועט מנצח זיין.

אידריס האָט, דערהערנדיק דידאַזיקע רייד, נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטון, אַז פונדעסטוועגן אין פאַיום, בעת ער האָט געדינט באַ די ענג־לענדער, האָט ער קיינמאָל נישט געוואוסט פון קיין הונגער און צו פאַר־דינען איז אים לייכט געווען — איז ער דעריבער זייער אומעטיק געוואָרן.

דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו פרעגן:

— מאָרגן פירסטו אונז איבער קיין אָמדורמאַן?

— יאָ. כאַרטום מוז ווערן לויטן באַפעל פון נביא אָפּגעליידיקט און וויניק־וועד עס וואוינט שוין דאָרטן. מען צעשטערט דאָרט איצט אַלע גרעסערע הייזער און די ציגל צוזאַמען מיט אַנדערן רויב פירט מען אי־בער קיין אָמדורמאַן. דער נביא וויל נישט וואוינען אין קיין שטאָט, וואָס איז פאַרפלעקט געוואָרן דורך די נישט גלויביקע.

— כ'וועל מאָרגן פאַלן צו אים אויפן פנים, וועט ער מיך הייסן באַזאָרגן מיט שפייז און מיט אָבריק.

— מעגלעך! אויב דו געהערסט באמת טאַקע צו די דאַנגאַלן, ווערסטו אפשר ווערן צוגעלאָזט פאַר זיין פנים. אָבער געדענק דעראָן, אַז זיין הויז באַוואַכן טאָג און נאַכט הונדערט מענטשן, וועלכע זענען פאַר־זען מיט קאָרבאַטשן און די לייט קאָרגן נישט קיין קלעפּ יענע, וועלכע

ווילן אָן אַ דערלויבעניש אַריינגיין צו מאַהדין. וואָרן אַנדערש וואָלט דער המון קיין מינוט רו דעם הייליקן מאַן נישט געגעבן... אַלאַך! כ׳האָב אפילו געזען דאַנגאַלן מיט בלוטיקע צייכנס אויף די פּלייצעס.

אידריסן האָט וואָס אַמאָל אַ גרעסערע אַנטוישונג אַרומגענומען.

— זעען אַלזאָ נישט די גלויביקע זייער נביא? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— די גלויביקע זעען אים אַלע טאָג אויפן תּפילה־פּלאַץ, ווען ער הייבט אויף, קניענדיק אויפן שעפּסן־פעלכל, די הענט צו גאָט, אָדער ווען ער לערנט דעם המון און באַפעסטיקט אים אין דער אמתער אמונה. אָבער צוקריגן זיך צו אים און רעדן מיט אים איז שווער — און ווער עס איז זוכה צו אַזאַ גליק, זעען אים אַלע מקנא, מחמת עס פליסט אויף אים אַראָפּ גאָטס חסד, וואָס פאַרגלעטיקט אַלע זיינע פריערדיקע עבירות.

ס׳איז צוגעפאַלן אַ טיפע נאַכט, און צוזאַמען מיט איר איז אויך אָנגעקומען אַ דורכנעמענדיקע קעלט. אין די רייען האָט זיך דערטראָגן אַ פאָרסקען פון די פערד, און דער איבערשפּרונג פון דער באַטאָגיקער היץ צו קעלט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די פעל פון די פערד האָבן אָנגעהויבן צו פאַרען און די אָפּטיילונג איז געפאָרן, ווי אין אַ נעפּל. סטאַש האָט זיך אַריבערגעבויגן פון הינטער אידריסן צו נעלן און געפרעגט:

— ס׳איז דיר נישט קאַלט?

— ניין, — האָט דאָס מיידעלע געענטפערט — נאָר... ס׳וועט אונז שוין קיינער נישט באַשיצן...

און טרערן האָבן אירע ווייטערדיקע רייד פאַרשטיקט.

סטאַש האָט דאָסמאָל נישט געפונען פאַר איר קיין שום טרייסט, וואָרן ער איז אַליין אויך געווען איבערצייגט, אַז ס׳איז נישטאָ פאַר זיי קיין שום רעטונג. אָט זענען זיי אַריינגעפאָרן אין אַ לאַנד פון נויט, הונגער, היהשע גרויזאַמקייטן און בלוט. זיי זענען געווען ווי צוויי שוואַכע בלעטעלעך אין אַ שטורם, וואָס האָט געטראָגן טויט און פאַרניכטונג, נישט נאָר איינצלנע מענטשלעכע קעפּ, נאָר גאַנצע שטעט און גאַנצע שבטים. וואָס־זשע פאַר אַ האַנט וואָלט דאָס געקענט פון אים אַרויסרייסן און באַשירמען די צוויי קליינע, שוצלאָזע קינדער?

די לבנה האָט זיך אַרויפגעקלאָטערט הויך אויפן הימל און פאַר־

וואַנדלט ווי אין זילבערנע פעדערן די צווייגעלעך פון די מימאָזן און אַקציעס. אין די געדיכטע דזשונגלעס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָ און דאָרט אַן אימהדיק, און גלייכצייטיק ווי אַ פריידיק געלעכטער פון די היענעס, וועלכע האָבן אין דעמדאָזיקן בלוטיקן לאַנד אַזש איבער געגוג מענטשלעכע קערפערס געפונען. פון צייט־צו־צייט האָט די אָפטיילונג, וועלכע האָט געפירט דעם קאַראַוואַן, אָנגעטראָפן זיך אויף אַנדערע פאַטרולן און איבערגעוואָרפן זיך מיט אַן אָפּגערעדטן פּאַראָל. זיי זענען ענדלעך צוגעקומען צו די ברעגיקע הויכקייטן און מיט אַ לאַנגן טאָל האָבן זיי זיך צוגעקריגן צום נילוס. די מענטשן, פערד און קעמלען זענען אַרויפגעגאַנגען אויף אַ ברייטן און פלאַכן פּאַראָם און אין קורצן האָבן די שווערע רודערס אָנגעהויבן מיט אַ געמאָסטענער באַוועגונג צו צעשלאָגן און צעברעכן די גלאַטיקע טיפעניש פון טייך, וואָס איז געווען באַזייעט מיט דימענט־שטערן.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבן אויף דרום זייט, וואוהין דער פּאַראָם איז געשוואומען, אויפגעבליצט פייערלעך, וועלכע האָבן, וואָס נענטער דער פּאַראָם איז צוגעקומען צו זיי, אַלץ מער זיך פאַרוואַנדלט אין סנאָפּעס רויטן גלאַנץ, וואָס האָט זיך אויפן טייך אָפּגעלייגט. נור־על־טאַדהיל האָט אַ שטויס געטון אידריסן אין אָרעם, דענאָך האָט ער, אויס־ציענדיק פאַר זיך די האַנט, אויסגערופן:

— כאַרטום!

# XVI.

זיי זענען געבליבן שטיין אין עק שטאָט, אין דעם הויז, וואָס האָט פריער געהערט צו אַ רייכן איטאַליענישן סוחר און נאָך זיין דערמאָרדונג אין דער צייט פון שטורם אין שטאָט אַריין, איז עס אַריינגעפאַלן באַם צעטיילן זיך מיטן רויב צו טאַדהילן. דעם עמירס ווייבער זענען זיך אויף אַ געגוג מענטשלעכן אופן באַגאַנגען מיט דער קוים לעבעדיקער נעלן, וועלכע איז זייער פאַרמאַטערט געווען, און הגם אין גאַנץ כאַרטום האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן אַ מאַנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן, האָבן זיי פונדעסט־

וועגן געפונען פאַר דער קליינער „דזשאַנעט"*) אַ ביסל געטרוקנטע דאַקטילן און אַ ביסל רייז מיט האָניק. נאָכדעם האָבן זיי זי אַרויפגעפירט אויף אַ העכערן שטאָק און געלייגט שלאָפן. סטאַש וועלכער האָט געבעכטיקט אין דרויסן צווישן די קעמלען און די פערד, האָט זיך געמוזט באַגנוגענען מיט איין סוכאַר, דאקעגן האָט אים נישט געפעלט קיין וואַסער, וואָרן דער פאָנטאַן אין גאָרטן איז דורך עפּעס אַ נס נישט רוינירט געוואָרן. טראָץ דער אומגעהייערער אָפּגעמאַטערטקייט, האָט ער אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט איינשלאָפן, מתחילת, צוליב די סקאָרפּיאָנען, וואָס זענען כּסדר אויף דער קאָלדרע, אויף וועלכער ער איז געלעגן, אַרויפגעקראָכן, און צווייטנס, צוליב דער שטערבלעכער מורא, אַז מען וועט אים צעשיידן מיט נעלן און ער וועט נישט קענען אויף איר פּערזענלעך אַכטונג געבן. דידאָזיקע מורא האָט, משמעות, אויך געפילט סאַבאַ, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין שמעקן אַרום זיך, און טיילמאָל האָט ער געהיילט, פאַר וועלכן די זעלנער זענען אויף אים אין כּעס געווען. סטאַש האָט אים באַרויקט, ווי ער האָט נאָר געקאָנט, מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל אים אַמאָל נישט וועלן קיין שלעכטס טון. צום גליק האָט דער ריזיקער הונט אויפגעוועקט אַזאַ פאַרוואונדערונג באַם עמיר אַליין און אַלע זיינע דערווישן, אַז קיינער פון זיי האָט אויף אים די האַנט נישט אויפגעהויבן.

אידריס איז אויך נישט געשלאָפן. פון נעכטיקן טאָג אָן האָט ער זיך עפּעס נישט געפילט געזונט, און דערצו נאָך האָט ער נאָכן געשפּרעך מיט נור-על-טאַדהילן אַ סך שיינע פּאָרשטעלונגען אָנגעוואוירן — און ער האָט געקוקט אויף דער צוקונפט ווי דורך אַ דיקער פוירהאַנג. ער איז געווען צופרידן, וואָס זיי וועלן זיך מאָרגן איבערשיפן קיין אָמדורמאַן, וואָס איז נאָר אָפּגעטיילט געווען בלויז מיט דער ברייטקייט פון ווייסן נילוס. ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט דאָרט געפינען סמיינען, אָבער וואָס וועט זיין ווייטער? אויפן וועג האָט זיך אים אַלץ אויסגעוויזן עפּעס דייטלעכער און אַ סך העכלעכער. ער האָט ערלעך געגלייבט אין נביא און נאָך מער האָט אים זיין האַרץ צוגעצויגן, וואָס זיי שטאַמען ביידע פון איין שבט. אָבער דערביי איז ער געווען, ווי כּמעט איטלעכער אַראַבער, גיריק און ערגייציק. ער האָט געחלומט, אַז מ'וועט אים אָפּשיטן מיט גאָלד און מ'וועט אים ווינציקסטנס מאַכן פאַר אַן עמיר. ער

---

*) שעפּסעלע, נשמהלע.

האָט געחלומט וועגן מיליטערישע עקספּעדיציעס קייגן די „טערקן”, וועגן איינגענומענע שטעט און רויב. צום סוף האָט ער גאָר איצט, נאָכדעם, וואָס ער האָט געהערט פון טאַדהילן, אָנגעהויבן מורא צו קריגן, אַז אַלע זיינע טאַטן זאָלן נישט אַמאָל אַזוי פאַרשווינדן אין פאַרגלייך מיט אַ סך גרעסערע געשעענישן, פּונקט ווי אַ טראָפּן וואַסער ווערט אין ים פאַרלוירן. „אפשר — האָט ער מיט ביטערניש געטראַכט — וועט זיך גאָר קיינער נישט וועלן אומקוקן דערויף, וואָס איך האָב אויפגעטון, און סמיין וועט אפילו נישט זיין צופרידן, וואָס איך האָב אים דידאָזיקע קינדער געבּרענגט”, און ער האָט זיך געגריזשעט באַ דעמדאָזיקן געדאַנק. דער מאָרגנדיקער טאָג האָט געזאָלט צעשטרייען אָדער באַשטעטיקן זיין מורא, האָט ער אים דעריבער אָפּגעוואַרט מיט אומגעדולד.

אַרום זעקס אַזייגער איז די זון איפּגעגאַנגען און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די דערווישן. אין קורצן האָט זיך טאַדהיל באַוויזן און געהייסן זיך זיי צוגרייטן אין וועג אַריין. דערביי האָט ער זיי מודיע געווען, אַז זיי וועלן ביזן איבערשיפן זיך גיין צופיס, לעבן זיין פערד. צו סטאַשס גרויסער פרייד, האָט דינה אַראָפּגעפירט פון אייבערשטן שטאָק נעלן, נאָכדעם האָבן זיי זיך מיטן וואַל, לענגויס דער גאַנצער שטאָט, געלאָזט גיין ביזן אָרט אַזש, וואו עס זענען געשטאַנען די שיפלעך צום איבערפירן. טאַדהיל איז פאָרויס געריטן אויפן פערד, סטאַש האָט נעלן געפירט באַ דער האַנט, נאָך זיי זענען געגאַנגען אידריס, געבהר און כאַמיס מיט דער אַלטער דינהן מיט סאַבאַן, ווי אויך דעם עמירס דרייסיק זעלנער. דער איבעריקער טייל פון קאַראַוואַן איז איבערגעבליבן אין כאַרטום.

סטאַש האָט, אומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, נישט געקאָנט פאַרשטיין, אויף וואָס פאַר אַן אופן די שטאָט איז געפאַלן. זי איז געווען אַזוי שטאַרק באַפעסטיקט און איז געלעגן ווי צווישן צוויי ציין, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן פון ווייסן און בלויען נילוס און אַ חוץ דעם איז זי פון דריי זייטן אַרומגערינגלט מיט וואַסער און נאָר פון דרום קאָן מען צו איר צוקומען. ערשט שפּעטער איז ער פון די קריסטלעכע געפאַנגענע געוואויר געוואָרן, אַז דער טייך איז דעמאָלט גראָד אָפּגעפאַלן און אָפּגעדעקט ברייטע זאַמדיקע שטחים, וואָס האָבן פאַרלייכטערט דעם צוגאַנג צו די וואַלן. דאָס פעסטונג-מיליטער האָט, אָנווערנדיק יעדע האָפנונג אויף הילף און זייענדיק אויסגעמאַטערט פון הונגער, נישט געקאָנט אָפּשטויסן דעם שטורם פון די צעווילדעוועטע פראַים און די שטאָט איז גע-

נומען געוואָרן. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די שחיטה אויף די איינ־וואוינער. די סימנים פון דער שלאַכט, הגם פון דעם שטורם אָן איז שוין פאַרביי אַ חודש, האָט מען נאָך אומעטום לעגגויס דער וואָל געקאָנט זען. אינעווייניק האָבן אַרויסגעשטאַרט די רוינען פון די צעשטערטע הייזער, אויף וועלכע דער ערשטער אימפעט פון די זיגער האָט זיך געוועגדט, און אין גראָבן פון אויסנווייניק איז פול געווען מיט טויטע, וועלכער קיי־נער האָט אפילו נישט אין זינען געהאַט צו באַגראָבן. איידער זיי זענען צו־געקומען צום ברעג, האָט סטאַש אָפּגעציילט איבער פיר הונדערט. זיי האָבן אָבער די לופט נישט פאַרפעסטעט, מחמת די סודאַנער זון האָט זיי אויסגעטרוקנט אויף מומיעס, אַלע האָבן געהאַט די קאָליר פון גרויען פאַרמעט, אַזוי, אַז מען האָט באין אופן נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן די אייראָפּעישע, עגיפּטישע און נעגרישע קערפּער. צווישן די טויטע האָט געווימלט פון קליינע גרויע יאַשטשערקעס, וועלכע האָבן זיך פאַר די אָנ־קומענדיקע מענטשן שנעל באַהאַלטן אונטער דידאָזיקע מענטשלעכע קער־פּער, אָפּטמאָל אין זייערע מיילער אַריין, אָדער צווישן די אויסגעטרוקנ־טע ריפּן.

סטאַש האָט נעלן אַזוי געפירט, כדי ער זאָל פאַר איר פאַרשטעלן דאָסדאָזיקע מוראדיקע בילד און געהייסן איר קוקן אין אַן אַנדערער זייט אַריין, צו דער שטאָט־צו. אָבער אויך פון דער זייט פון דער שטאָט האָבן זיך אָפּגעטון זאַכן, וואָס האָבן אָנגעפילט די אויגן און דאָס האַרץ פון מיידעלע מיט שרעק. דער אָנבליק פון די „ענגלישע" קינדער, וואָס מ'האָט גענומען געפאַנגען און פון סאַבאַן, וועלכן כאַמיס האָט געפירט אויף אַ קייטל, האָט צוגעצויגן אַ המון רב, וועלכער האָט זיך, וואָס ווייטער די פראָצעסיע האָט זיך פאַרויסגערוקט צום ברעג, מיט יעדער מינוט אַלץ מער פאַרגרעסערט. דאָס ענגשאַפט איז נאָך אַ געוויסער צייט געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מ'האָט געמוזט בלייבן שטיין. פון אומעטום האָבן זיך אָפּ־געררופן אויסגעשרייען. שרעקלעכע, טאַטוירטע פנימער האָבן זיך אַריבער־געבויגן איבער סטאַשן און נעלן. אַ טייל פון די פראים האָבן אַרויסגע־זעצט אויף זייער אָנבליק מיט אַ געלעכטער און פון פרייד זיך געקלאַפּט מיט די הענט ... ער די זייטן, אַנדערע האָבן זיי געשאָלטן מיט טויטע קללות, אַ טייל האָבן געריטשעט, ווי דיווילדע חיות, אויסשטשירענדיק די ווייסע ציין און איבערדרייענדיק מיט די אויגן. לסוף האָט מען זיי אויך אָנגעהויבן צו דראָען און צושטעלן צו זיי מעסערס. נעל האָט, קוים אַ לעבעדיקע, מיט שרעק זיך צוגעטוליעט צו סטאַשן, ער ווידער האָט זי

פֿאַרשטעלט, ווי ער האָט נאָר געקענט, זייענדיק איבערצייגט, אַז עס קומט שוין אָן די לעצטע שעה פֿאַר זיי ביידע. צום גליק איז דערדאָזיקער דראַנג פֿון דעם צעווילדעוועטן המון ענדלעך אויך טאַדהילן פֿאַרמיאוסט געוואָרן. אַ צענדליגג זעלנער האָבן אויף זיין באַפֿעל אַרומגערינגלט די קינדער, די איבעריקע ווידער האָבן אומברחמנותדיק אָנגעהויבן צו קאַטעווען מיט די קאָרבאַטשן די וויענדיקע מחנות. דער צוזאַמענגעלויף האָט זיך פֿון פֿאָרנט פֿונאַנדערגעפּרישעט, דאַקעגן האָט דער המון זיך אָנגעהויבן צוזאַמענצוקלייבן הינטער דער אָפּטיילונג, און זי מיט ווילדע יעלות אַזש ביז די שיפֿלעך באַגלייט.

די קינדער האָבן פֿרייער אָפּגעעטעמט בעת דעם איבערשיפֿן זיך. סטאַש האָט געטרייסט נעלן, אַז ווען די דערווישן וועלן זיך צו זיי צוגעווייבען, וועלן זיי דעמאָלט אויפֿהערן אַזוי צו דראָען — און פֿאַרזיכערט, אַז סמיין וועט זיי ביידע, און בפֿרט זי, באַשיצן און פֿאַרטיידיקן, וואָרן, ווען עס זאָל זיי געשען עפּעס שלעכטס, וואָלט ער דאָך נישט געהאַט וועמען אויסצוטוישן פֿאַר זיינע קינדער. דאָס איז געווען אמת, אָבער דאָס מיידעלע האָבן די פֿריערדיקע אָנפֿאַלן אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין סטאַשס האַנט און אויף קיין רגע שוין מער נישט געוואָלט זי פֿאַלאָזן, איבערחזרנדיק כסדר, ווי אין היץ: „כ'האָב מורא! כ'האָב מורא!" ער האָט באמת מיטן גאַנצן האַרץ זיך געוואונטשן, אַז זיי זאָלן שוין וואָס גיכער אָנקומען צו סמיינען אין די הענט אַריין, וואָרן ער האָט זיי געקאָנט פֿון לאַנג און אין פּאָרט-סאַיד האָט ער זיי גרויס פֿריינטשאַפֿט אַרויסגעוויזן, אָדער ווינציקסטנס געמאַכט אַזוי דעם אָנשטעל. יעדנפֿאַלס איז ער נישט געווען אַזאַ ווילדע בריאה, ווי די איבעריקע סודאַנער-דאַנגאַלן און דאָס געפֿאַנגענשאַפֿט בײַ אים אין הויז וואָלט געקאָנט אפֿשר זיין דערטרעגלעכער.

ס'איז נאָר געגאַנגען אין דעם, צי זיי וועלן אים געפֿינען אין אָמדורמאַן. וועגן דעם זעלבן טאַקע האָט אויך אידריס איצט איינגעטענהט מיט נור-על-טאַדהילן, מחמת יענער האָט זיך ענדלעך דערמאַנט, אַז מיט אַ יאָר צוריק האָט ער, ווײַלנדיק לויטן באַפֿעל פֿון קאַליף אַבדולאַהי ווייט פֿון כאַרטום, אין קאָרדאָפֿאַן, געהערט וועגן עפּעס אַ סמיין, וועלכער האָט די דערווישן געלערנט שיסן פֿון האַרמאַטן, וואָס מ'האָט צוגענומען בײַ די עגיפּטיאַנער, און דערנאָך איז ער געוואָרן אַ גרויסער שקלאַפֿן-פֿאַנגער. נור האָט אידריסן אָנגעוויזן דעם פֿאָלגענדן אופֿן, ווי אַזוי צו געפֿינען דעם עמיר:

— ווען דו וועסט נאָכמיטאָג דערהערן דאָס קול פֿון דער אומבאַ־יע*) זאָלסטו זיין צוזאַמען מיט די קינדער אויפֿן תּפֿילה־פּלאַץ, וואוהין דער נביא קומט אַלע טאָג צו גיין, כּדי צו געבן אַ ביישפּיל פֿון פֿרומ־קייט די גלויביקע און צו באַפֿעסטיקן זיי אין דער אמונה. דאָרטן וועסטו, אַ חוץ דער הייליקער פֿערזאָן פֿון מאַהדין, קאָנען זען אַלע „איידעלע", און אויך די דריי קאַליפֿן, ווי אויך די פּאַשאַס און עמירן; צווישן די עמירן וועסטו אָפּגעפֿינען סמיינען.

— און וואָס זאָל איך טון און וואו זאָל איך מיך אַהינטון ביז דער מיטאָג־תּפֿילה?

— וועסט איבערבלייבן צווישן מיינע זעלנער.

— און דו, נור־על־טאַדהיל, פֿאַרלאָזסט אונז?

— איך מוז אַוועק נאָך באַפֿעלן צום קאַליף אַבדולאַהי.

— צי איז דאָס דער גרעסטער פֿון די קאַליפֿן? איך קום פֿון אַ ווייטן קאַנט און הגם די נעמען פֿון די אָנפֿירערס האָבן ווי ס'איז אָפּגע־קלונגען אין מיינע אויערן, פֿונדעסטוועגן קאָנסטו מיך ערשט וועגן זיי גענויער באַוואוסט מאַכן.

— אַבדולאַהי, מיין פֿעלדמייסטער, דאָס איז די שווערד פֿון מאַהדי.

— זאָל אַלאַך אים מאַכן פֿאַרן זון פֿון נצחון.

אין משך פֿון אַ געוויסער צייט זענען די שיפֿלעך געשוואוממען אין שטילשווייגן. מ'האָט נאָר געהערט דאָס ראַצן פֿון די רודערס אָן די ראַנדן פֿון שיפֿל, און טיילמאָל אַ פּליעסק פֿון וואַסער, וואָס אַ קראָקאָ־דיל האָט עס מיטן וויידל אַ פּאַטש געטון. אָן אַ שיעור פֿון דידאָזיקע שרעקלעכע וואַסער־חיות זענען אָנגעשוואוממען פֿון דרום, אַזש ביז הינטער כאַרטום, וואו זיי האָבן געפֿונען שפּייז בשפע, מחמת דער טייך האָט געווימלט פֿון טויטע קערפּערס, נישט נאָר פֿון די מענטשן, וועלכע מען האָט אויסגעמאָרדעט נאָכן איינבעמען די שטאָט, נאָר אויך פֿון געשטאָר־בענע אויף פֿאַרשידענע חולאתן, וואָס האָבן געהערשט צווישן די מאַה־דיסטן, און צומיינסט צווישן זייערע שקלאַפֿן. די באַפֿעלן פֿון די קאַליפֿן האָבן, וואָס אַן אמת, פֿאַרבאָטן „קאַליע צו מאַכן דאָס וואַסער" — אָבער מ'האָט דערויף נישט געלייגט קיין אַכט און די קערפּערס, וואָס די קראָ־

*) אַ גרויסער טראָמפּייט פֿון העלפֿאַנטביין.

קאַזילן האָבן נישט באַוויזן אויפצופרעסן, זענען געשוואומען מיטן וואַסער מיט די פּנימער אַראָפּ ביז דעם זעקסטן וואַסערפאַל און אפילו נאָך ווייטער, אַזש ביז קיין בערבער.

אָבער אידריס האָט איצט געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווידער אויסגערופן:

— היינטיקן פרימאָרגן האָבן מיר גאָרנישט באַקומען צו עסן. צי איז דען אַן אופן מיר זאָלן אַזוי אויסהאַלטן דעם הונגער ביז דער תּפילה־צייט? — און ווער וועט אונז דערנאָך געבן צו עסן?

— ביסט נישט קיין שקלאַף — האָט טאַדהיל אָפּגעענטפערט — און קאָנסט דיר גיין אויפן מאַרק, וואו די סוחרים האַלטן אויסגעלייגט זייערע שפּייז־פּראָדוקטן. — דאָרט וועסטו באַקומען געטרוקנט פלייש און טיילמאָל אויך דאָכנו (פּראָסע), אָבער פאַר גראָב געלט, מחמת, ווי כ׳האָב דיר שוין געזאָגט, הערשט אַ הונגער אין אָמדורמאַן.

— און דערווייל וועלן מיר שלעכטע מענטשן די קינדער צוכאַפּן אָדער דערהרגענען.

— די זעלבער וועלן זיי באַשיצן — און אויב וועסט וועמען געבן געלט, וועט ער דיר מיט פאַרגעניגן גיין נאָך שפּייז.

אידריס אָבער, וועלכער האָט מער חשק געהאַט צו נעמען געלט, ווי זיי עמעצן צו געבן, איז נישט זייער געפעלן געוואָרן דידאָזיקע עצה, אָבער נאָך איידער ער האָט אויסגעזוכט אַ תּירוץ, זענען די שיפלעך צוגעקומען צום ברעג.

אָמדורמאַן האָט זיך פאַר די קינדער אינגאַנצן אַנדערש פאָרגעשטעלט, ווי כאַרטום. דאָרטן זענען געווען געמויערטע שטאָקיקע הייזער, עס איז געווען אַ „מודיריאַ“, דאָס הייסט, אַ גובערנאַטאָר־פּאַלאַץ, אין וועלכן דער העלדישער גאָרדאָן איז אומגעקומען, עס איז געווען אַ קלויסטער, אַ שפּיטאָל, מיסיאָנערישע געביידעס, אַן אַרסענאַל, גרויסע קאַזאַרמעס פאַרן מיליטער און פול מיט גרעסערע און קלענערע גערטנער און מיט פּראַכטפולע טראָפּישע געוויקסן. אָמדורמאַן אָבער האָט געהאַט גיכער אַ פּנים פון אַ גרויסן לאַגער פון פּראים. דער פאָרט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין דער צפונדיקער זייט פון דעם שטעטל, איז לויטן באַפעל פון גאָרדאָנען צעשטערט געוואָרן. איבעריקנס, איז די שטאָט, ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן, באַשטאַנען פון קיילעכדיקע היטלפאָרמיקע שטיבלעך, צוזאַמענגעקלעפּטע פון דאָכנו־שטרוי. שמאָלע דערנערפלעטלעך האָבן אָפּגעטיילט די בוידן איינע פון דער אַנדערער און פון

דער גאַס. ערטערווייז האָט מען אויך געזען געצעלטן, ווייזט אויס, וואָס מ׳האָט צוגענומען באַ די עגיפּטיאַנער. ערגעץ אַנדערש האָבן עטלעכע פאַלמען־מאַטעס אונטער אַן אויסגעשפּרייט ברודיק שטיקל לייוונט, אויף באַמבוס־שטעקנס אָנגעשפּאַרט, פאַרגעשטעלט מיט זיך די גאַנצע וואוינונג. די באַפעלקערונג האָט זיך באַהאַלטן אונטער די דעכער. נאָר בעת אַ רעגן, אָדער אויסערגעוויינלעכע היצן, אַ חוץ דעם אָבער איז מען געזעסן, געברענט פייערן, געקאָכט עסן, געלעבט און געשטאָרבן — אַלץ אין דרויסן. דעריבער איז טאַקע אויף די גאַסן געווען אַזוי געדיכטלעך, אַז אויף טייל ערטער האָט זיך די אָפּטיילונג מיט שוועריקייט קוים אַדורכגעשטופּט דורך דעם המון. אַמדורמאַן איז פריער געווען אַן אָרעם דערפל, איצט אָבער, רעכענענדיק שוין מיט די שקלאַפן, האָט זיך דערין צונויפגענומען צווישן צוואַנציק און דרייסיק טויזנט מענטשן. אפילו מאַהדי מיט די קאַליפן זיינע האָבן זיך באַוואָרנט מיט דעמדאָזיקן אָנגעלויף, וועלכע ס׳האָט געדראָעט פּשוט הונגער און פאַרשידענע חולאתן. האָט מען טאַקע כסדר אַרויסגעשיקט נייע עקספּעדיציעס אויף צפון־זייט, כדי איינצונעמען די קאַנטן און שטעט, וואָס זענען נאָך געטריי געבליבן דער עגיפּטישער רעגירונג.

באַם אָנבליק פון די ווייסע קינדער האָבן זיך דאָ אויך פונאַנדערגעטראָגן פריידלעכע אויסרופן, אָבער דער המון האָט זיי ווייניקסטנס נישט געדראָעט מיטן טויט. אפשר האָבן זיי דאָס נישט געוואַגט צו טון האַרט באַ דער זייט פון מאַהדין, און אפשר זענען זיי שוין מער צוגעוואוינט געוואָרן צו זען געפאַנגענע, וועלכע מ׳האָט אַלע, באַלד נאָכן איינגעמען כאַרטום, איבערגעפירט קיין אָמדורמאַן. סטאַש מיט נעלן האָבן יעדנפאַלס געזען דאָס גיהנום אויף דער ערד. זיי האָבן געזען, ביז בלוט פון קאָרבאַטשן געשלאָגענע, אייראָפּעער און עגיפּטיאַנער, הונגעריקע, דורשטיקע, איינגעבויגענע אונטער די משאות, וואָס מ׳האָט זיי געהייסן שלעפּן, אָדער אונטער עמערס וואַסער. זיי האָבן געזען פרויען און קינדער אייראָפּעישע, וועלכע זענען אַמאָל געוואוינט געווען צו כלערליי תענוגים, ווי זיי האָבן איצט געבעטלט אַ ביסל דורא, אָדער אַ קריש טרוקן פלייש — זיי זענען געווען אָנגעטון אין שמאַטעס, אויסגעדאַרטע, ענלעכע צו געשפּענסטער מיט שוואַרץ־געוואָרענע פנימער פון נויט און וואַנזיניקע בליקן, אין וועלכע עס איז פאַרגליווערט געוואָרן שרעק און פאַרצווייפלונג. זיי האָבן געזען, ווי דאָס ווילדעניש האָט יעדעס מאָל באַ זייער אָנבליק אַרויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער, ווי זיי האָבן זיי אונטערגעשטופּט און געשלאָגן

אויף אַלע גאַסן און געסלעך האָבן נישט געפעלט אַזעלכע בילדער, פון וועלכע די אויגן האָבן זיך מיט עקל און מיט אימה אָפּגעדרייט. אין אָדורמאַן האָט אויף אַ שרעקלעכן אופן געבושעוועט דיזענטעריע און טיפוס, און מער פון אַלעם — פּאָקן. די קראַנקע זענען, באַדעקט מיט געשווירן, געלעגן באַ די איינגאַנגען אין די שטובן אַריין, פאַרפעסטנדיק אַזוי אַרום די לופט. די געפאַנגענע האָבן געשלעפט אויף זיך די פריש געשטאָרבענע מתים, איינגעוויקלטע אין לייוונט, כדי זיי צו באַהאַלטן אין זאַמד הינטער דער שטאָט, וואו מיט זייער אמתער קבורה האָבן זיך ערשט די היענעס פאַרנומען. איבער דער שטאָט האָבן אַרומגעשוועבט טשאַטעס רויב־פייגל, וואָס פון זייערע פליגל זענען אויף די ליכטיקע זאַמדן טרויער־שאָטנס געפאַלן. סטאַש האָט, זעענדיק דאָס אַלץ, אַ טראַכט געטון, אַז צום גלייכסטן וואָלט געווען סיי פאַר אים און סיי פאַר נעלן זיי זאָלן וואָס גיכער שוין שטאַרבן.

פונדעסטוועגן האָט אויך אין דעמדאָזיקן ים פון ליידן און מענטשלעך שלעכטס טיילמאָל אויפגעבליט רחמנות, פונקט ווי אַ בלאַס בלימעלע צעבליט זיך אין אַ פוילן זומפ. אין אָמדורמאַן האָט זיך געפונען אַ הייפעלע גרעקן און קאָפּטן, וועלכע מאַהדי האָט געשוינט, מחמת ער האָט זיי באַדאַרפט האָבן. דידאָזיקע זענען נישט נאָר געווען פריי, נאָר זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט האַנדל און מיט פאַרשידענע ענינים, און אַ טייל, באַזונדערס יענע, וועלכע האָבן מכלומרשט געביטן זייער אמונה, זענען אַפילו געווען באַאַמטע פון נביא און דאָס האָט זיי צוגעגעבן באַ די ווילדע דערווישן אַ באַדייטנדיק אָנזען. איינער פון אַזעלכע גרעקן האָט פאַרהאַלטן די אָפּטיילונג און אָנגעהויבן אויספרעגן די קינדער, פונוואַנען זיי האָבן זיך דאָ אַהער דערנומען. דערוויסנדיק זיך מיט דערשטוינונג, אַז זיי זענען ערשט נאָר־וואָס אָנגעקומען, און אַז זיי זענען אויפגעכאַפּט געוואָרן אַזש אין פאַיום, האָט ער זיי צוגעזאָגט, צו רעדן וועגן זיי מיט מאַהדין און אין דער צוקונפט זיך מיט זיי כסדר צו אינטערעסירן. דערווייל האָט ער נאָר מיט אַ רחמנות צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ איבער נעלן און ביידע געגעבן צו שפּאָרע גאָרשטשן געטרוקנטע ווילדע פייגן און צו זילבערנע טאָלער מיט מאַריאַ טערעזאַס אָפּבילד. דערנאָך האָט ער באַפוילן די זעלנער, אַז זיי זאָלן זיך נישט וואַגן דעם מיידעלע קיין שלעכטס צו טון און איז אַוועקגעגאַנגען, איבערחזרנדיק אויף ענגליש: „Poor litle bird!" (אָרים קליין פייגעלע!)

# XVII.

דורך פאַרשידענע געדרייטע געסלעך זענען זיי ענדלעך אָנגעקומען אין מאַרק אַריין, וואָס האָט זיך געפונען אין דער מיט שטאָט. אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אָפּגעהאַקט צו איינציקע הענט אָדער צו איינציקע פיס. דאָס זענען געווען פאַרברעכער, וואָס האָבן פאַרבאָרגן זייער רויב, אָדער גנבים. די שטראָפן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די קאַליפן און עמירן פאַר נישט פאָלגן זיך, זענען געווען שרעקלעך און אפילו פאַר דעם מינדסטן חטא, ווי למשל פאַר רייכערן טיטון, האָט מען מיט די קאָרבאַטשן געשלאָגן ביז בלוט און חלשות. די קאַליפן אַליין אָבער האָבן זיך נאָר לפנים צוגעפּאַסט צו די פאָרשריפטן, בײַ זיך אינדערהיים האָבן זיי זיך אויף אַלעם דערלויבט, אַזוי, אַז די שטראָפן זענען נאָר געפאַלן אויף די קעפּ פון די אָרימע מענטשן, בײַ וועלכע מען האָט שוין אויך אין איינוועגס דאָס גאַנצע פאַרמעגן צוגערויבט. זיי האָבן נישט געהאַט דערנאָך קיין אַנדערע ברירה, ווי נאָר צו גיין בעטלען, און מחמת דעם, וואָס אין אָמדורמאַן האָט בכלל אויסגעפעלט לעבנס-מיטלען, זענען זיי דעריבער פשוט געשטאָרבן פון הונגער.

האָט טאַקע געווימלט מיט אָן אַ שיעור בעטלערס אַרום די הענדלער מיט לעבנס-מיטלען. די ערשטע זאַך אָבער, וואָס האָט צוגעצויגן די קינדערס אויפמערקזאַמקייט, איז געווען אַ מענטשלעכער קאָפּ, וועלכער איז געווען אַרויפגעשטעקט אויף אַ הויכן באַמבוס-שטעקן, וואָס איז געווען איינגעגראָבן אין דער מיט מאַרק. דאָס פנים פון דעמדאָזיקן קאָפּ איז געווען אויסגעטרוקנט און כמעט שוואַרץ, דאַקעגן די האָר אויפן שעדל און פון דער באָרד זענען געווען ווייס, ווי מילך. איינער פון די זעלנער האָט אידריסן דערקלערט, אַז דאָס איז גאָרדאָנס קאָפּ. סטאַש, ווען ער האָט דאָס דערהערט, האָט אים אָן אומגעווײַנלעך רחמנות אָנגעכאַפּט, אַן אויפרעגונג און אַ ברענענדיק באַגער פון נקמה, און גלײַכצײַטיק האָט אים אַ פחד דאָס בלוט אין די אָדערן קיל געמאַכט. אָט אַזוי האָט אַלזאָ געענדיקט דערדאָזיקער העלד, דער ריטער אָן פּיצל פלעק און פורכט, דערבײַ אַן ערלעכער און גוטער מענטש, וואָס איז אפילו אין סודאַן גע-

ליבט געווען. און די ענגלענדער זענען נישט געקומען מיט הילף צו דער צייט, און דערנאָך האָבן זיי אָפּגעטרעטן, איבערלאָזנדיק זיין טויטן קערפּער אָן קריסטלעכן באַגרעבעניש אויף שאַנד און אויף שפּאָט! סטאַש האָט אין דעם מאָמענט אָנגעוואוירן די אמונה אין די ענגלענדער.

ביז איצט האָט ער נאַיוו געטראַכט, אַז ענגלאַנד איז יעדע מינוט גרייט מלחמה צו פירן מיט דער גאַנצער וועלט פאַר דער קלענסטער עוולה, וואָס ס'איז נאָר אירס אַ בירגער געשען. אין דער טיפעניש פון זיין נשמה איז געווען פאַרבאָרגן אַ האָפנונג, אַז בכדי צו פאַרטיידיקן ראַווליסאָנס טעכטערל, וועלן זיך די גרויזאַמע ענגלישע אָפּטיילונגען, נאָכן דורכפאַל פון דער נאָכיאָג-עקספּעדיציע, אַרויסלאָזן אפילו ביז כאַרטום און נאָך ווייטער. איצט האָט ער זיך איבערצייגט, אַז כאַרטום און דאָס גאַנצע לאַנד אַרום געפינט זיך בא מאַהדין אין דער האַנט און אַז די עגיפּטישע רעגירונג, פונקט אַזוי גוט ווי די ענגלישע, טראַכט בעסער, וויאַזוי צו באַשיצן עגיפּטן פאַר אַ ווייטערדיקער אָקופּאַציע, נישט גאָר וועגן אַרויסקריגן אייראָפּעישע געפאַנגענע פון דעם שונאס האַנט.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי ביידע, ער מיט נעלן, זענען אַריינגעפאַלן אין אַן אָפּגרונט, פון וועלכן ס'איז קיין אויסגאַנג נישטאָ — און דידאָזיקע געדאַנקען צוזאַמענגענומען מיט די שוידערלעכקייטן, וואָס ער האָט אויף די גאַסן פון אָמדורמאַן געזען, האָבן אים שוין די רעשט דערהרגעט. זיין געוויינלעכע ענערגיע איז אויף אַ רגע פולשטענדיק אָפּגעטרעטן דעם פּאַסיוון אונטערגעבן זיך אין דער מורא פאַר דער צוקונפט. דערווייל האָט ער אָנגעהויבן, כמעט גאָרנישט טראַכטנדיק, אומצוקוקן זיך איבערן מאַרק און איבער די הענדלערס, לעבן וועלכן אידריס האָט זיך געדונגען וועגן שפּייז-פּראָדוקטן. די הענדלערס, צום מיינסטן טאַקע די סודאַנער פרויען און די נעגערינס, האָבן דאָ פאַרקויפט דזשיובעס, דאָס זענען אַזעלכע ווייסע לייוונטענע כאַלאַטן, אַרומגענייט מיט פאַרשידנקאָלירטע פלאַטקעס, אַקאַציע-גומע, אויסגעהוילטע דיניעס, גלעזערנע פּאַטשערקעס, שוועבל און כלערליי מאַטעס. סוחרים מיט שפּייז-פּראָדוקטן זענען געווען זייער ווייניק און אַרום אַלע האָבן זיך גאַנצע המונים געשטופּט. די מאַהדיסטן האָבן פאַר הויכע פרייזן צומייסטן געקויפט געטרוקנטע פאַסן בהמה-פלייש, ווי אויך פון בופל-אָקסן, אַנטילאָפּן און זשיראַפן. דאַקטילן, פייגן, מאַניאָק און דוראַ האָט לגמרי פאַרפעלט. אויף אייניקע ערטער האָט מען נאָר פאַרקויפט וואַסער מיט האָניג פון ווילדע בינען און דאָכנו-קערנער, וואָס זענען געוויקסט געוואָרן אין אויפ-

געזאָטענעם זאַפט פון טאַמאַרינדע־פּרוכטן. אידריס איז אַרייַנגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג, ס׳האָט זיך נעמלעך אַרויסגעוויזן, אַז צוליב דידאָזיקע מאַרק־פּרייזן וועט ער גאָר אינגיכן פטרן דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט באַ־קומען אויף עסן פון פאַטמאַ סמיינען, און דערנאָך וועט ער מוזן גיין בעטלען. זיין איינציקע האָפענונג איז איצט געווען אויף סמיינען און מערקווירדיק, אַז סטאַש האָט איצט נאָר אויסגערעכנט אויף סמיינס הילף.

אין אַ שעה אַרום איז נור־על־טאַדהיל צוריקגעקומען פון קאַליף אַבדולאַהי. ווי עס ווייזט אויס, האָט מיט אים דאָרט פּאַסירט נישט זייער קיין אָנגענעמע זאַך, וואָרים ער איז צוריקגעקומען אין אַ שלעכטן הו־מאָר. דעריבער אויך, ווען אידריס האָט אים געפרעגט, צי ער איז עפּעס נישט געוואויר געוואָרן וועגן סמיינען, האָט ער אים חוצפּהדיק אָפּגע־ענטפערט:

— שוטה, צי מיינסטו טאַקע, אַז דער קאַליף און איך האָבן מיר שוין מער נישט וואָס צו טון, ווי נאָר צו זוכן פאַר דיר סמיי־נען?

— וואָס־זשע וועסטו אַלזאָ איצט מיט מיר טון?

— טו דיר, וואָס דו ווילסט. כ׳האָב דיך געלאָזט איבערנעכטיקן באַ מיר אין הויז און כ׳האָב דיר געגעבן עטלעכע גוטע עצות, און איצט וויל איך פון דיר גאָרנישט וויסן.

— נו, גוט, אָבער וואו וועל איך מיך אַהינטון די הייַנטיקע נאַכט?

— ס׳איז מיר אַלצייינס.

און אַזוי רעדנדיק, האָט ער צוגענומען די זעלנער און איז אַוועק־געגאַנגען. אידריס האָט אים קוים אָפּגעבעטן, אַז ער זאָל אים אָפּשיקן די קעמלען מיט דער איבעריקער טייל פון קאַראַוואַן אויפן מאַרק, צוזאַ־מען אויך מיט די אַראַבער, וואָס האָבן זיך אויפן וועג צווישן אַסואַן און וואַדי־האַלפאַ צו זיי פאַרייניקט. דידאָזיקע מענטשן זענען ערשט אָנגעקו־מען נאָכמיטאָג און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע איינעם ווייסן ערשט נישט וואָס מ׳הייבט אָן צו טון. די צוויי בעדוינער האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן מיט אידריסן און געבהרן, טענהנדיק, אַז זיי האָבן זיי צוגעזאָגט גאָר אַן אַנדערע מין אויפנאַמע און אַז באשר בכן זיי האָבן זיי אָפּגענאַרט. נאָך לאַנגע אַמפּערנישן און באַראַטונגען האָבן זיי ענדלעך באַשלאָסן אויפצובויען אין עק שטאָט שאַלאַשן פון צווייגן

און דאָכנו-שטעקעלעך, כדי צו באַוואָרענען פאַר זיך אויף באַנאַכט אַן אָרט, וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, און דאָס איבעריקע איבערצולאָזן אויף גאָטס באַראָט — און וואַרטן.

נאָכן אויפבויען די שאַלאַשן, וואָס דאָס האָט באַ די סודאַנער און נעגערן לחלוטין נישט פאַרנומען קיין סך אַרבעט, האָבן זיי זיך אַלע, אַ חוץ כאַמיסן, וועלכער האָט געזאָלט צוגרייטן דאָס אָוונט-עסן, אַוועק-געלאָזט אויפן פּלאַץ פון די עפנטלעכע תפילות. זיי האָבן גאַנץ לייכט אַהינגעטראָפן, וואָרן עס האָבן געצויגן אַהין המונים פון גאַנץ אָמדורמאַן. דאָס איז געווען אַ בריווחדיקער פּלאַץ, אַרומגעצוימט מיט אַ דערנער-פּלויט, און טיילווייז מיט אַ פּאַרקאַן פון ליים, וואָס מ'האָט ערשט נישט לאַנג אָנגעהויבן קלעבן. אין דער מיט האָט זיך אויפגעהויבן אַ הילצער-נע עסטראַדע. דער נביא איז דעמאָלט אויף איר אַרויפגעגאַנגען, ווען ער האָט געוואָלט לערנען דאָס פאָלק. פאַר דער עסטראַדע איז געווען אויס-געשפּרייט אויף דער ערד שעפּסן-פעלעכלעך פאַר מאַהדין, פאַר די קאַ-ליפן און באַוויאוסטע שעיקן. אין די זייטן זענען געווען אַריינגעשטעקט די פענער פון די עמירן, וואָס האָבן געפלאַטערט אויפן ווינט, מיניענדיק זיך און שפּילנדיק מיט כלערליי פאַרבן, ווי גרויסע בלומען. די פיר זייטן פון פּלאַץ האָבן אַרומגערינגלט געדיכטע רייען פון דערווישן. אַרום האָט מען געזען שטאַרט אַרויס אַן אומצייליקער וואַלד פון שפּיזן, מיט וועל-כע אַלע קריגסלייט זענען געווען באַוואָפנט.

דאָס איז געווען אַן אמת גליק פאַר אידריסן און געבהרן, ווי אויך פאַר די איבעריקע מיטגלידער פון קאַראַוואַן, וואָס ווערנדיק אָנגענומען אַלס די סוויטע פון איינעם פון די עמירן, האָבן זיי זיך געקאָנט צובאַ-קומען צו די ערשטע רייען פון פאַרזאַמלטן המון. דאָס אָנקומען פון מאַהדין האָבן פריער אָנגעזאָגט די שיינע און פייערלעכע קלאַנגען פון דער אומבאַיע, נאָר ווען ער האָט זיך באַוויזן אויפן פּלאַץ, האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן מוראדיקע קולות פון פּישטשאַלקעס, אַ רעש פון פּויקן, אַ געדונערײַ פון שטיינער, וואָס מ'האָט אָנגעוואָרפן אויף די ליי-דיקע דיניעס און אַ געפּייפעריי אויף די פעדערשטע העלפאַנטביין-ציין, און דאָס אַלץ האָט אָנגעמאַכט אַ גיהנומדיקן טומל. דעם המון האָט אַרומגעכאַפּט אַן אומבאַשרייבלעכע התלהבות. אַ טייל האָבן זיך געוואָרפן אויף די קניען, אַנדערע האָבן מיט אַלע כוחות געשריגן: „אָ, פון גאָט געשיקטער! אָ, דו זיגרייכער! אָ, דערבאַרמדיקער! אָ, בעל חסד!‟ דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז וואַנען מאַהדי איז נישט אַרויפגעגאַנגען

אויפן באַלעמער. דעמאָלט איז אַ טויטע שטילקייט אַריינגעטרעטן און ער האָט אויפגעהויבן די הענט, צוגעלייגט די גרויסע פינגער צו די אויערן און אַ געוויסע צייט תּפילה געטון.

די קינדער זענען נישט ווייט געשטאַנען און האָבן זיך אים גוט גע־קאָנט צוקוקן. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אויסער־געוויינלעך דיק, ווי אַן אָנגעשוואָלענער און כמעט אַ שוואַרצער. סטאַש, וועלכער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך שאַרף אויג, האָט באַמערקט, אַז זיין פּנים איז געווען טאַטוירט. אין איין אויער האָט ער געטראָגן אַ גרויס רייפל פון העלפאַנטביין. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ ווייסער דזשיובע און מיט אַ ווייסער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, ער איז געגאַנגען באָר־וועס, ווייל ער האָט, אַרויפשטייגנדיק אויף דער עסטראַדע, אַראָפּגע־וואָרפן די רויטע שיך און זיי איבערגעלאָזט לעבן די שעפסן־פעלעכלעך, אויף וועלכער ער האָט דערנאָך געזאָלט תּפילה טון. אין זיין הלבשה האָט מען נישט אַרויסגעזען דעם קלענסטן איבערפלוס. נאָר מאָמענטנווייז האָט דער ווינט אַ ברענג געטון פון אים אַ שטאַרקן סאַנדאַלן*)־ריח, וואָס די גלויביקע האָבן גיריק מיט די נאָזלעכער אין זיך אַריינגעצויגן, פאַר־דרייענדיק דערביי פון תּענוג די אויגן. בכלל האָט זיך סטאַש אַנדערש פאָרגעשטעלט דעם שרעקלעכן נביא, דעם רויבער און מערדער פון אַזוי פיל טויזנטער מענטשן, און קוקנדיק איצט אויף דעמדאָזיקן פעטן פּנים מיט דעם ווייכן בליק, מיט די פאַרטרערטע אויגן און מיט דעם שמייכע־לע, וואָס איז ווי צו זיינע ליפּן צוגעוואַקסן, האָט ער פּשוט זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן. ער האָט געמיינט, אַז אַזאַ מענטש דאַרף טראָגן אויף זיינע אָרעמס אַ קאָפּ פון אַ היענע אָדער אַ קראָקאָדיל, און ער האָט פאַר זיך גאָר געזען אַן אָנגעבלאָזענע דיניע, וואָס איז ענלעך צו די בילדלעך, וואָס שטעלן פאַר מיט זיך די לבנה אין האַלב חודש.

נאָר דאָ האָט דער נביא אָנגעהויבן זיין לערע. זיין טיפע און קלאַנגפולע שטימע האָט מען זייער אויסגעצייכנט געהערט אויפן גאַנצן פּלאַץ, אַזוי, אַז יעדער וואָרט איז דערגאַנגען צו די אויערן פון די גלויי־ביקע. קודם כל האָט ער גערעדט וועגן די שטראָפן, וואָס גאָט לייגט אַרויף אויף די יעניקע, וועלכע האָרכן נישט מאַהדיס פאַרשריפטן, נאָר זיי פאַרבאָרגן דעם רויב, שיכורן זיך אָן, גנבענען, זענען זיך מרחם אויפן

---

*) סאַנדאַלן־האָלץ, פון וועלכן מען אַרבעט אויס אין מזרח שמע־קעדיקן בוימל.

שונא בשעת דער שלאַכט און רייכערן טיטון. צוליב דידאָזיקע עבירות שיקט אַלאַך אַראָפּ אויף די זינדיקע אַ הונגער און די חולאת, וואָס פּאַרוואַנדלט דאָס פּנים אין אַ האָניק־פּלאַסטער*). דאָס ערדישע לעבן איז געגליכן צו אַ לעכערדיקן זאַק אויפן וואַסער. רייכטום און תענוגים ווערן איינגעזאַפּט אין זאַמד, וואָס פאַרשיט די געשטאָרבענע. נאָר דער איינציקער גלויבן איז געגליכן צו אַ קו, וואָס גיט זיסע מילך. אָבער דאָס גן עדן וועט זיך נאָר אויפעפענען פאַר די זיגערס. ווער עס באַזיגט די שונאים, דער באַקומט אַ ישועה. ווער עס שטאַרבט פאַר דער אמונה, דער וועט אויפשטיין צו תחית המתים. גליקלעך, טויזנט מאָל גליקלעך זענען די, וועלכע זענען שוין אומגעקומען!...

— מיר ווילן שטאַרבן פאַר דער אמונה! — האָט דער גאַנצער המון מיט איין הויך קול אָפּגעענטפערט.

און ס'איז ווידער אויף אַ רגע אויסגעבראָכן אַ גיהנומדיקער טומל. עס האָבן אויפגעשאַלט די טענער פון די אומבאַיעס און פויקן. די קריגס־לייט האָבן זיך צוזאַמענגעקלאַפּט מיט די שווערדן און מיט די שפּיזן. די מלחמה־לוסט האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט, ווי אַ פלאַם. אַ טייל האָבן אויסגערופן: „דער גלויבן איז זיגרייך!" אַנדערע ווידער: „דורך טויט אין גן עדן אַריין!" סטאַש האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דאָס עגיפּטישע מיליטער האָט נישט געקענט ביישטיין דידאָזיקע ווילדע מחנות.

ווען ס'איז עטוואָס שטילער געוואָרן, האָט דער נביא ווידער גע־צומען דאָס וואָרט. ער האָט דערציילט וועגן די זעונגען, וואָס ער האָט און — וועגן דער שליחות, וואָס ער האָט פון גאָט באַקומען. והראיה, אַלאַך האָט אים געהייסן אָפּרייניקן די אמונה און פאַרשפּרייטן זי איבער דער גאַנצער וועלט. ווער עס וועט אים נישט אָנערקענען פאַר אַ מאַהדי, פאַר דעם משיח, דער איז פאַרמשפּט אויף פאַרטיליקונג. דער סוף פון דער וועלט איז שוין נאָענט, אָבער קודם כל איז די פליכט פון די גלוי־ביקע איינצונעמען עגיפּטן, מעקאַ און די אַלע לענדער, אין וועלכע עס לעבן מעבר לים געצנדינער. אַזוי איז גאָטס ווילן און קיין שום זאַך איז עס נישט בכּוח אַנדערש צו מאַכן. אַ סך בלוט וועט נאָך אָפּפליסן, אַ סך קריגסלייט וועלן זיך נישט אומקערן אַהיים צו די ווייבער און

*) פּאָקן.

קינדער אונטער זייערע געצעלטן, אָבער דאָס גליק פון די יעניקע, וואָס קומען אום, איז קיין שום מענטשלעכע צונג נישט אימשטאַנד אַרויס־צוברענגען.

דערנאָך האָט ער אויסגעצויגן די הענט צו די פּאַרזאַמלטע און אַזוי פאַרענדיקט:

— דעריבער טאָקע בענטש איך די הייליקע מלחמה און אייך, קריגסלייט, איך, דער משיח און גאָטס דינער. איך בענטש אייער מי, אייערע וווּנדן, אייער טויט, איך בענטש דעם נצחון און ווין איבער אייך, ווי אַ טאַטע, וועלכער האָט אייך ליב געקריגן...

און ער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט. אַ געריטש און אַ רעש האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן, בשעת ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון בעלעמער. אַלע אָן אויסנאַם האָבן אָנגעהויבן וויינען. אונטן האָבן די צוויי קאַליפן, אַבדולאַהי און אַלי־אולעד־העלו געבומען דעם נביא אונטער די הענט און אַרויפגעפירט אויף די שעפּסן־פעלעכלעך, אויף וועלכע ער האָט אַנידער־געקניט. אין דערדאָזיקער קורצער ווײַלע האָט אידריס פּיבערהאַפּט אויסגעפּרעגט סטאַשן, צי ער האָט אַמאָל סמיינען נישט געזען צווישן די עמירן.

— ניין! — האָט אָפּגעענטפערט דאָס ייִנגל, וועלכעס האָט אומ־זיסט געזוכט מיט די אויגן דאָס באַקאַנטע פּנים. — איך זע אים נישט אין ערגעץ. אפשר איז ער גאָר געפאַלן בשעתן אײַנבעמען כאַרטום.

די תפילות האָבן לאַנג געדויערט. מאהדי האָט בשעת דעם מתפלל זיין געוואָרפן מיט די הענט און די פיס, ווי אַ פּאַיאַץ. אָבער ער האָט אין אַנטציקונג די אויגן אויפגעהויבן, איבערחזרנדיק כסדר: „אָט איז ער! אָט איז ער!" און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַהיימגעגאַנ־גען, האָט שוין די זון אָנגעהויבן צו פאַרגיין. די קינדער האָבן זיך ערשט איצט געקענט איבערציינן, מיט וואָס פאַר אַ יראת הכבוד די דער־ווישן רינגלען אַרום זייער נביא, מחמת גאַנצע מחנות מענטשן האָבן זיך געוואָרפן נאָך זיינע טריט און פונאַנדערגעקראַצט די ערד אויף די ער־טער, ווו זיינע טריט האָבן זיך צוגעריירט. עס איז געקומען דעריבער צו קריגערייען און געשלעגן, און מ'האָט געגלייבט, אַז אַזאַ ביסל ערד באַ־שיצט די געזונטע און מאַכט געזונט די קראַנקע.

דער תפילה־פּאַלאַץ האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעליידיקט. אידריס האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס מיט זיך צו טון און ער האָט שוין גע־

וואָלט צוזאַמען מיט די קינדער און מיט דער גאַנצער סטאַדע זיך אומקערן אויף באַנאַכט צוריק אין די שאַלאַשן און צו כאַמיסן, ווי פּלוצלינג איז געבליבן שטיין פאַר זיי אומגעריכט דער זעלבער גריך, וועלכער האָט אינדערפרי סטאַשן מיט נעלן געגעבן צו טאָלער און צו הויפנס געטרוקנטע דאַקטילן.

— איך האָב געשמועסט ועגן אייך מיט מאַהדין — האָט ער אויסגערופן אויף אַראַביש — און דער נביא וויל אייך זען.

— מיר דאַנקען אַלאַך און דיר, האַר — האָט אידריס אויסגערופן. — צי וועלן מיר דאָרט לעבן מאַהדין קענען אויפזוכן סמייבען?

— סמיין איז אין פאַשאָדאַ — האָט דער גריך געענטפערט.

נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט אין דער ענגלישער שפּראַך צו סטאַשן:

— ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז דער נביא וועט אייך נעמען אונטער זיין שוץ, מחמת איך האָב מיך באַמיט אים דערויף אָנצורעדן. איך האָב אים געזאָגט, אַז דער רום וועגן זיין באַרמהאַרציקייט וועט זיך דעמאָלט פונאַנדערגיין צווישן אַלע ווייסע פעלקער. דאָ געשעען שרעקלעכע זאַכן און אָן זיין שוץ וועט איר בלי שום ספק אומקומען פאַר הונגער, פון די אומבאַקוועמלעכקייטן, פון די חולאתן, אָדער פון די פראַימס הענט. אָבער איר מוזט אים געווינען פאַר זיך און דאָס געווענדט זיך אָן דיר.

— וואָס אַזוינס האָב איך צו טון, האַר? — האָט זיך סטאַש געפרעגט.

— קודם כל, ווען וועסט זיך אַנידערשטעלן פאַר אים, זאָלסטו זיך נ וואָרף טון אויף די קני, און אויב ער וועט דיר דערלאַנגען די האַנט, זאָלסטו זי מיט יראת הכבוד אַ קוש טון און בעט אים, אַז ער זאָל אייך ביידע נעמען אונטער זיינע פליגל.

דאָ האָט דער גריך איבערגעריסן און אַ פרעג געטון:

— צי פאַרשטייט קיינער נישט פון דידאָזיקע מענטשן קיין ענגליש?

— ניין. כאַמיס איז איבערגעבליבן אין שאַלאַש, אידריס און געבהר פאַרשטייען נאָר עטלעכע איינצלנע ווערטער — און די איבעריקע אַפילו דאָס אויך נישט.

— איז גוט. הער-זשע דעריבער אויס ווייטער, וואָרן מען דאַרף

אַלדינג פאַרויסזעען. און אָט וואָס, מאַהדי וועט אייך זיכער אַ פרעג טון, צי דו ביסט גרייט אָנצונעמען זיין אמונה. ענטפער דערויף תיכף ומיד, אַז יאָ — און אַז ווי נאָר דו האָסט אים דערזען, פון ערשטן אויגנבליק אָן, האָט אויף דיר אַ פלייץ געטון אַן אומבאַוווסט ליכט פון חסד. חזר דיר גוט איין: „אַן אומבאַוווסטע ליכט פון חסד!...“ דאָס וועט אים אונטערהנפענען און ער וועט דיך אפשר פאַררעכענען צו די מולאַזעמען, דאָס הייסט, צו די לייב־דינער. דעמאָלט וועט איר האָבן פון אַלעם גוטן און פון אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס ווען אייך פאַרהיטן פאַר אַלע מיני חולאתן... ווען זאָלסט חלילה נישט אַזוי פאָרטרעטן, שטעלסטו איין דיך, דאָס קליינע עופעלע און אפילו אויך מיך, וועלכער וויל אייער גוטס. פאַרשטייסט?

סטאַש האָט פאַרביסן מיט די ציין און האָט גאָרנישט אָפגעענטפערט, נאָר דאָס פנים איז אים פאַרגליווערט געוואָרן און די אויגן האָבן אים פינצטער אויפגעגלאַנצט. דאָס דערזעענדיק, האָט דער גריך ווייטער אַזוי גערעדט:

— איך ווייס, מיין יינגל, אַז דאָס איז אַן אומאָנגענעמע זאַך, אָבער ס'איז נישטאָ קיין שום אַנדערע עצה! די אַלע, וועלכע זענען ניצול געוואָרן נאָך דער שחיטה אין כאַרטום, האָבן אָנגענומען מאַהדיס לערע. עס האָבן נאָר נישט מסכים געווען עטלעכע קאַטאָליקן־מיסיאָנערן און עטלעכע הייליקע שוועסטערן, נאָר דאָס איז עפעס אַנדערש. דער קאָראַן פאַרווערט צו דערמאָרדן גלחים, איז הגם זייער גורל איז זייער שרעקלעך, דראָט זיי וווייניקסטנס נישט קיין טויט. דאַקעגן פאַר וועלטלעכע מענטשן איז נישט געווען קיין אַנדערע רעטונג. איך חזר דיר נאָכאַמאָל איבער, אַז אַלע האָבן אָנגענומען דעם מאַכמעדאַנישן גלויבן: דייטשן, איטאַליענער, קאָפטן, ענגלענדער, גריכן... איך אַליין...

און דאָ האָט ער, הגם סטאַש האָט אים פאַרזיכערט, אַז קיינער צווישן דערדאָזיקער חברה פאַרשטייט נישט קיין ענגליש, פונדעסטוועגן אַראָפגעגידערט זיין קול:

— מען דאַרף דיר דערביי קיין סך נישט ברייען, אַז דאָס הייסט נישט קיין שום אָפזאָגן זיך פון דער אייגענער אמונה, קיין שום פאַרראַט, קיין שום אָפטריניקייט. אין דער נשמה איז איטלעכער איבערגעבליבן דאָס, וואָס ער איז געווען און זעט דאָס... פאַר דער איבערקראַפט מוז מען זיך בייגן, כאָטשביק נאָר לפנים... די פליכט פון אַ מענטש איז צו באַשיצן זיין לעבן — און עס וואָלט געווען אַ משוגעת, און אפילו אַ זינד.

עס איינצושטעלן — צוליב וואָס? צוליב דעם אָנשטעל נאַר, צוליב די-
פּאָר ווערטער, וועלכע דו קאָנסט איינצייטיק באַלד באַ זיך אין האַרץ
אָפּלייקענען! און דו געדענק, אַז באַ דיר אין דער האַנט געפינט זיך
נישט נאָר דיין אייגן לעבן, נאָר אויך דאָס לעבן פון דיין קליינער
חברטאָרין, מיט וועלכן דו טאָרסט נישט באַפעלן. דאָס איז קלאָר, ווי-
דער טאָג!... איך בין דיר מבטיח, אַז אויב וועסט אַמאָל אויסגעלייזט
ווערן פון דידאָזיקע הענט, איז אי דו אַליין וועסט דיר נישט האָבן וואָס
פאַרצוואַרפן, און אויך קיינער וועט דיר קיין שום פאָרוואורף נישט
מאַכן — פונקט אַזוי גוט, ווי אונז אַלעמען.

דער גריך האָט, רעדנדיק אויף אַזא אופן, אפשר אָפּגענאַרט זיין
אייגן געוויסן, אָבער ס'האָט אים אויך אָפּגענאַרט סטאַשס שטילשווייגן,
ער האָט עס געמלעך סוף כל סוף אָנגענומען, אַז דאָס איז צוליב אי-
בערגעשראָקנקייט. דעריבער האָט ער באַשלאָסן דעם יינגל צוצוגעבן אַ
ביסל מוט:

— אָט דאָס זענען מאַהדיס הייזער — האָט ער אויסגערופן. —
ער וויל גלייכער וווינען אין דידאָזיקע הילצערנע בוידן אין אָמדורמאַן,
ווי אין כאַרטום, הגם דאָרטן וואָלט ער געקענט פאַרנעמען גאָרדאָנס
פּאַלאַץ. נו, דרייסט! ווער נישט אָן דעם קאָפּ! אויף אַלע פראַגן ענט-
פער מוטיק. זיי האַלטן דאָ שטאַרק פון מוטיקייט. מיין נישט אויך, אַז
מאַהדי וועט אויף דיר באַלד אַ ריטשע טון, ווי אַ לייב. ניין! ער שמייכלט
שטענדיק — אפילו אויך דעמאָלט, ווען ער האָט גאָר קיין גוטס נישט
אין זינען.

און דאָס זאָגנדיק, האָט ער אָנגעהויבן שרייען צו די מחנות, וואָס
זענען געשטאַנען פאַרן הויז, אַז זיי זאָלן זיך פונאַנדערטרעטן פאַר די
„געסט” פון נביא.

## XVIII.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, איז מאַהדי גע-
לעגן אויף אַ ווייכן טאַפּעטשאַן, אַרומגערינגלט דורך זיינע ווייבער, פון
וועלכע צוויי האָבן אים געפעכלט מיט גרויסע שטרויס-פעדערן, די אַנ-

דערע צוויי האָבן אים לייכט געקראַצט באַ די פּאָדעשוועס. אַ חוץ די ווייבער זענען נאָך אָנוועזנד געווען: דער קאַליף אַבדולאַהי און דער קאַליף שעריף, וואָרן דער דריטער, אַלי־אול־עד־העלו, האָט אין דער זעלבער צייט אַרויסגעשיקט מיליטער אויף צפון, און געמלעך: קיין בערבער און אַבו־האַמעד, וואָס זענען שוין פון פריער דורך די דערווישן געוואָרן איינגענומען. אויפן אָנבליק פון די אַריינגעקומענע האָט דער נביא אָפּגערוקט אָן אַ זייט די ווייבער און זיך אויפגעזעצט אויפן טאַפּשאַן. אידריס, געבהר און די צוויי בעדוינער זענען געפאַלן אויף די פּנימער, און דערנאָך האָבן זיי אַנידערגעקניט מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט. דער גריך האָט אַ ווונק געטון צו סטאַשן, ער זאָל אויך דאָס זעלבע טון, אָבער דאָס יינגל האָט, מאַכנדיק דעם אָנשטעל ווי ער זעט דאָס נישט, זיך נאָר אַ בייג געטון און איז געבליבן שטיין אויסגעגלייכט. דאָס פּנים איז אים בלאַס געוואָרן, אָבער די אויגן האָבן שטאַרק געלויכטן און פון זיין גאַנץ געשטאַלט און זיין שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ אינדערהייך, פון די פאַרביסענע ליפּן האָט מען לייכט געקאָנט דערקענען, אַז עפּעס־וואָס האָט אין אים איבערגעוויגן, אַז די נישט זיכערקייט און די מורא איז פאַרביי, אַז ער האָט אָנגענומען עפּעס אַ פעסטן באַשלוס, פון וועלכן ער וועט פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט נישט אָפּטרעטן. דער גריך האָט, משמות, דאָס פאַרשטאַנען, מחמת אַ גרויסע אומרויִקייט האָט זיך אין די שטריכן פון זיין פּנים אָפּגעשלאָג. מאַהדי האָט אַרומגענומען ביידע קינדער מיט אַ דורכבויערנדיקן בליק, צעשטראַלט זיין פעט פּנים מיט דעם געוויינטלעכן שמייכעלע, נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט פריער צו אידריסן און געבעטן:

— איר זענט אָנגעקומען פון וייטן צפון — האָט ער אויסגערופן.

אידריס האָט אָנגעשלאָגן מיטן שטערן אָן דער ערד.

— אַזוי איז עס, אָ מאַהדי! מיר געהערן צו דעם שבט פון די דאַנגאַלן, דעריבער האָבן מיר אַוועקגעוואָרפן אונזערע הייזער אין פאַיום, כדי אַנידערצוקניען באַ דיינע געבענטשטע טריט.

— כ'האָב אייך געזען אין דער מדבר. אַ שרעקלעכער וועג איז דאָס, אָבער איך האָב געשיקט אַ מלאך, וועלכער האָט אייך אָפּגעהיטן און באַשיצט פון טויט פון די נישט גלויביקע הענט. איר האָט אים נישט געזען, אָבער ער האָט געוואַכט איבער אייך.

— מיר דאַנקען דיר, אויסלייזער.

— און איר האָט סמיינען געבערענגט דידאָזיקע קינדער, כדי ער זאָל זיי אויסטוישן אויף זיינע אייגענע, וועלכע די טערקן האָבן איינגע־שלאָסן צוזאַמען מיט פאַטמען אין פּאָרט־סאַיד.

— דיר האָבן מיר געוואָלט דינען.

— ווער עס דינט מיר, דינט זיין אייגענער אויסלייזונג, איר האָט אייך אַלזאָ געעפנט דעס וועג אין גן עדן אַריין. פאַטמאַ איז מיינס אַ קרובהטע. . . אָבער איך זאָג אייך דעם אמת, אַז ווען איך וועל איינגע־מען גאַנץ עגיפּטן, דעמאָלט וועט מיין קרובהטע און אירע קינדער סיי־ווי די פרייהייט צוריק באַקומען.

— טו־זשע אַלזאָ מיט די קינדער, וואָס דו ווילסט, גאָט גע־בענטשטער ! . . .

מאַהדי האָט אַראָפּגעלאָזט די ברעמען, דערנאָך זיי ווידער גע־עפנט, צעשמייכלענדיק זיך גוטמוטיק און אַ ווונק געטון צו סטאַשן :

— דערנענטער דיך אַהער, יינגל.

סטאַש האָט געמאַכט אייניקע טריט מיט אַן ענערגישן, ווי אין זעלנערישן מאַרש, צום צווייטן מאָל זיך אַ נייג געטון, נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעשטייפט ווי אַ סטרונע, און קוקנדיק מאַהדין גלייך אין די אויגן אַריין, געוואַרט.

— צי זענט איר צופרידן דערמיט, וואָס איר זענט צו מיר געקו־מען צו פאָרן ? — האָט מאַהדי אַ פרעג געטון.

— ניין, נביא. מיר זענען אויפגעכאַפּט געוואָרן קעגן אונזער ווילן, פון אונזערע טאַטעס אַוועק.

דערדאָזיקער גלייכער ענטפער האָט געמאַכט אַ געוויסע ווירקונג — אי אויף דעם חניפה־צוגעוווינטן הערשער, אי אויף אַלע אָנוועזנדע. דער קאַליף אַבדולאַהי האָט צונויפגעצויגן די ברעמען, דער גריך האָט פאַרביסן די וואָנסעס און זיך אָנגעהויבן ברעכן די פינגער, מאַהדי האָט פונדעסטוועגן נישט אויפגעהערט צו שמייכלען.

— אָבער פאַר דאָס — האָט ער אויסגערופן — זענט איר דאָך באַם קוואַל פון אמת. צי ווילסטו דיך אָנטרינקען פון דעמדאָזיקן קוואַל ?

ס'האָט געהערשט אַ ווײַלע שטילשווייגן, דעריבער האָט מאַהדי, מיינענדיק, אַז דאָס יינגל האָט נישט פאַרשטאַנען די פראַגע, איבערגע־חזרט זי בפירושער :

— צי ווילסטו אָננעמען מיין לערע ?

דערויף האָט סטאַש זיך אָנגענומען מיט מוט און אויסגערופן :

— נביא, דיין לערע קען איך נישט, דעריבער, ווען כ'זאָל זי אָננעמען, וואָלט איך עס נאָר געטון פאַר מורא, ווי אַ פּחדן און אַ נידערטרעכטיקער מענטש. און צי גייט דיר טאַקע אַזוי אין לעבן, אַז אין דיין לערע זאָלן גלייבן פּחדנים און נידערטרעכטיקע מענטשן ?

און אַזוי רעדנדיק, האָט ער כּסדר גלייך געקוקט אין מאַהדיס אויגן. ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מ'האָט געהערט דאָס זומען פון די פליגן. אָבער גלייכצייטיק איז געשען אַן אומגעוויינטלעכע זאַך. מאַהדי איז בעמלעך אַזוי צעמישט געוואָרן, אַז ער האָט אויף קיין פאַל נישט געקענט געפינען באַלד קיין ענטפער. דער שמייכל איז אים פאַרשוואונדן געוואָרן פון פּנים, אויף וועלכן ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט פאַרלעגנהייט און ווידערווילן. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט, גענומען די דיניע, וואָס איז אָנגעפולט געווען מיט וואַסער און מיט האָניק און אָנגעהויבן טרינקען, אָבער, משמעות, נאָר דערפאַר, כּדי אַזוי אַרום צו געווינען צייט און כּדי צו פאַרהוילן זיין צעמישטקייט.

און סטאַש איז דערווייל געשטאַנען אומבאַוועגלעך, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און געוואַרט אויפן אורטייל. אויף די אויסגעמאָגערטע, דורך די מדבר־ווינטן אָפּגעברענטע באַקן האָט אים אויפגעבליט אַ העלע רויטקייט, די אויגן האָבן אויפגעבליצט, און דורכן קערפּער איז אים דורכגעגאַנגען אַ ציטער פון באַגייסטערונג. ער האָט זיך געפילט שטאָלץ, וואָס ער איינער, להיפּך פון אַלע, האָט אויסגעהאַלטן און נישט אָנגענומען זיין לערע. און די מורא פאַר דעם, וואָס האָט געקאָנט און געזאָלט געשען, איז אַ ווײַלע אָפּגעטרעטן פון זיין האַרץ, און אָנשטאָט דעם פאַרגאָסן געוואָרן מיט פרייד און שטאָלץ.

דערווייל האָט מאַהדי אַוועקגעשטעלט די דיניע און אַ פרעג געטון :

– וואַרפסטו, הייסט עס, אָפּ מיין לערע ?

— איך בלייב דאָס, וואָס מיין פאָטער האָט מיך געלערנט. . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— ווער עס פאַרשטאָפּט די אויערן פאַר גאָטס קול, — האָט מאַהדי מיט אַ פאַרענדערטער שטימע לאַנגזאַם אויסגערופן — דער איז נאָר האָלץ אויף באַהייצונג.

דערויף האָט דער קאַליף אַבדולאַהי, וועלכער איז באַוווסט צוליב

זיין שטרענגקייט און אכזריות, אַ בליק געטון מיט זיינע ווייסע ציין, ווי אַ ווילדע חיה און זיך אָנגערופן:

— חוצפּהדיק זענען די רייד פון דעמדאָזיקן ייִנגל, דעריבער באַשטראָף אים, האַר, אָדער דערלויב מיר, איך זאָל אים באַשטראָפן.

— אַלץ איז געענדיקט! — האָט סטאַש אַ טראַכט געטון.

אָבער מאַהדי האָט שטענדיק באַגערט, אַז דער רום פון זיין באַרמהאַרציקייט זאָל זיך פונאַנדערגיין נישט נאָר צווישן די דערווישן, נאָר אויך איבער דער גאַנצער וועלט, האָט ער דעריבער זיך באַטראַכט, אַז אַ צו שטרענגער אורטייל, בפרט נאָך אויף אַ קליין ייִנגל, וואָלט געקאָנט נאָך שאַדענען דעמדאָזיקן רום.

אַ ווײַלע האָט ער אַזוי איבערגעקוקט די פּאַטשערקעס פון זיין רויזנקראַנץ און געטראַכט, און דערנאָך האָט ער אַזוי אויסגערופן:

— ניין. דידאָזיקע קינדער האָט מען צוגעכאַפּט פאַר סמיינען, דעריבער דאַרף מען זיי, הגם איך וועל מיך אין קיין שום פאַרהאַנדלונגען מיט די אומגלויביקע נישט אַריינלאָזן, אָפּשיקן סמיינען. אַזוי איז מיין ווילן.

— זאָל־זשע אַזוי געשען — האָט דער קאַליף געענטפערט.

נאָר מאַהדי האָט אים אָנגעוויזן אויף אידריסן, געבהרן און די בעדויִנער:

— דידאָזיקע מענטשן באַלוין אין מיין נאָמען, אָ אַבדולאַהי, וואָרן זיי האָבן אַ לאַנגן און געפערלעכן וועג דורכגעמאַכט, כדי צו דינען גאָט און מיר.

נאָכדעם האָט ער אַ ווונק געטון אַלס צייכן, אַז דער פאַרהער איז פאַרענדיקט, און גלייכצייטיק האָט ער באַפוילן דעם גריך, אַז ער זאָל אויך אַרויסגיין. ווען ער האָט זיך ווידער געפונען אין דער פינצטערניש, אויף דעם תּפילה־פּלאַץ, האָט ער אָנגעכאַפּט סטאַשן פאַרן אָרעם און גענומען מיט אים טרייסלען מיט צאָרן און פאַרצווייפלונג.

— פאַרשאָלטענער! האָסט אומגעברענגט דאָסדאָזיקע אומשולדיקע קינד, — האָט ער געטענהט, אָנווייזנדיק אויף נעלן — האָסט זיך אומגעברענגט, און אפשר אויך מיך.

— איך האָב נישט געקענט אַנדערש — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט.

— האָסט נישט געקאָנט! זיי וויסן, אַז איר זענט פאַרמשפּט אויף

אַ צווייטער רייזע, טויזנט מאָל אַן ערגערער פון דער ערשטער. און דאָס איז דער טויט — פאַרשטייסט ? אין פאַשאָדאַ וועט אייך דער פיבער אין פאַרלויף פון אַ וואָך דערהרגענען. מאַהדי ווייסט גאַנץ גוט, פאַרוואָס ער שיקט אייך אַרויס צו סמיינען.

— אין אָמדערמאַן וואָלטן מיר אויך געשטאָרבן.

— נישט אמת ! איר וואָלט אין מאַהדיס הויז, וואָס איז פול מיט שפע און באַקוועמלעכקייטן, נישט געשטאָרבן. און ער איז גרייט געווען אייך צו נעמען אונטער זיינע פליגל. איך ווייס, אַז ער איז גרייט געווען, האָסט דיך גאַנץ פיין מיר אויך אָפּגעדינט דערפאַר, וואָס כ׳האָב מיך פאַר אייך איינגעשטעלט. נאָר טוט איצט, וואָס איר ווילט ! אַבדולאַהי שיקט אַרויס אַ קעמל-פּאָסט אין אַ וואָך אַרום קיין פאַשאָדאַ, און איבער דער וואָך קענט איר אייך טון, וואָס איר ווילט נאָר ! איר וועט מיך שוין מער נישט זען ! . . .

און דאָס זאָגנדיק, איז ער אַוועקגעגאַנגען, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך צוריק אומגעקערט. ער איז געווען זייער אַ באַרעדעוו-דיקער, ווי אַלע גריכן און ער האָט זיך פּשוט געדאַרפן אויסצורעדן. ער האָט געוואָלט אויסגיסן זיין גאַל, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעקליבן, אויף סטאַשס קאָפּ. ער איז נישט געווען קיין גרויזאַמער און נישט געהאַט קיין שלעכט האַרץ, ער האָט יעדנפאַלס געוואָלט, אַז דאָס ייִנגל זאָל נאָך דייטלעכער פאַרשטיין די שרעקלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, נישט פאָלגנדיק זיינע עצות און התראות.

— ווער וואָלט דאָס דיר פאַרווערט צו בלייבן אין דער נשמה אַ קריסט ? — האָט ער געטענהט. — דו מיינסט אפשר, אַז איך בין דאָס נישט ? אָבער איך בין נישט קיין נאַר. דו ווידער האָסט דיך געוואָלט אויסצייכענען מיט דיין פאַלשער העלדישקייט. איך האָב ביז איצט אַ סך נוצן געברענגט די ווייסע געפאַנגענע, און איצט וועל איך דאָס שוין נישט קענען באַווייזן, וואָרן מאַהדי איז אויך אויף מיר אין כעס. אַלע וועלן אומקומען. און דיין קליינע אח לצרה — אָן שום ספק ! האָסט זי דערהרגעט. אין פאַשאָדאַ פאַלן אויס אפילו דערוואַקסענע אייראָפּעער, ווי די פליגן, און מכל שכן אַזאַ קליין קינד. און אויב מען וועט אייך הייסן גיין צופוס לעבן די פערד און די קעמלען, וועט זי דעם ערשטן טאָג נאָך פאַלן. דאָס האָסטו אַלץ אָנגעמאַכט. פריי דיך איצט. . . דו קריסט ! . . .

ער האָט זיך דערווייטערט, און זיי האָבן זיך אָפּגעדרייט פון דעם

תפילה־פּלאַץ דורך די פינצטערע געסלעך צו די שאַלאַשן. זיי זענען לאַנג געגאַנגען, מחמת די שטאָט איז געווען פונאַנדערגעוואָרפן אויף אַן אומגעהייערן שטח. נעל, וועלכע איז געווען אָפּגעמאַטערט פון דעם אַרומלויפן, פון הונגער, מורא און שרעקלעכע איינדרוקן פון אַ גאַנצן טאָג, האָט אָנגעהויבן אָפּצושטיין. אידריס און געבהר האָבן זי אונטער־געטריבן, אַז זי זאָל גיין גיכער. אָבער נאָך אַ געוויסער צייט זענען די פיס אונטער איר פולשטענדיק פאַרחלשט געוואָרן. דעמאָלט האָט זי סטאַש אָן שום פריערדיקער איבערלייגונג געגומען אויף די הענט און געטראָגן. אויפן וועג האָט ער געוואָלט צו איר רעדן, געוואָלט זיך פאַרענטפערן פאַר איר, אַז ער האָט אַנדערש נישט געקענט מאַכן, אָבער די געדאַנ־קען זענען אים פאַרשטאַרט געוואָרן און ווי אָפּגעשטאָרבן אין קאָפּ, אַזוי, אַז ער האָט נאָר געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „נעל! נעל! נעל!" — און זי געטוליעט צו זיך, נישט קענענדיק מער גאָרנישט זאָגן. נאָך אַן עטלעכע צענדליק טריט איז אים נעל פון פאַרמאַטערטקייט אַנטשלאָפן גע־וואָרן אויף דער האַנט, איז ער דעריבער געגאַנגען און געשוויגן אין דער שטילקייט פון די איינגעשלאָפענע געסלעך, וואָס איז נאָר איבער־געריסן געוואָרן מיט דעם געשפּרעך פון אידריס מיט געבהרן.

זייערע הערצער זענען אָנגעפולט געווען מיט פרייד, און דאָס איז זייער גינסטיק געווען פאַר סטאַשן, וואָרן אַנדערש וואָלטן זיי אים אפשר ווידער געוואָלט באַשטראָפן פאַר די חוצפּהדיקע תּשובות מאַהדין. זיי זע־נען אָבער אַזוי פאַרנומען געווען מיט דעם, וואָס האָט זיי געטראָפן, אַז זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש.

— איך האָב מיך געפילט קראַנק, — האָט אידריס געזאָגט — אָבער דער אָנבליק פון נביא האָט מיך געזונט געמאַכט.

— ער איז ווי אַ פּאַלמע אין דער מדבר און ווי קאַלט וואַסער אין אַ הייסן טאָג, און זייבע רייד זענען ווי צייטיקע דאַקטילן — האָט געבהר געענטפערט.

— נור־על־טאַדהיל האָט ליגנט געזאָגט, דערציילנדיק אונז, אַז ער וועט אונז נישט צולאָזן פאַר זיין געזיכט. ער האָט צוגעלאָזט, געבענטשט און אונז געהייסן אַבדולאַהין דורך מיט מתנות באַשענקען.

— און ער וועט אונז מיט דער פולער האַנט באַשענקען, וואָרן מאַהדיס ווילן איז הייליק.

— ביסמאַלאַך! הלוואי זאָל אַזוי געשען, ווי דו זאָגסט! — האָט זיך איינער פון די בעדוינער אָנגערופן.

און געבהר האָט אָנגעהויבן חלומען וועגן גאַנצע סטאַדעס קעמלען, בהמות, פערד און וועגן פולע זעק מיט פיאַסטערס.

פון דידאָזיקע חלומות האָט אים אידריס אויפגעוועקט, און אָנ־ווייזנדיק אים אויף סטאַשן, וועלכער האָט געטראָגן די איינגעשלאָפענע נעל, געפרעגט:

— און וואָס וועלן מיר טון מיט דעמדאָזיקן גיפט און מיט דער־דאָזיקער פליג?

— האַ! סמיין דאַרף אונז באַזונדער פאַר זיי צו באַלוינען.

— ווי באַלד אָבער דער נביא זאָגט, אַז ער וועט אויף קיין שום אונטערהאַנדלונגען מיט די אומגלויביקע נישט דערלויבן, היינט צו וואָס דאַרף זיי שוין איצט סמיין צו האָבן?

— אויב אַזוי באַדויער איך טאַקע, וואָס זיי זענען נישט אַריינ־געפאַלן אין די הענט פון קאַליף, וועלכער וואָלט דעם קליינעם כּלב שוין אויסגעלערנט, ווי אַזוי אַקעגנצופילן דעם אמת און גאָטס אויסדער־ווילטן.

— מאַהדי איז באַרמהאַרציק — האָט אידריס געענטפערט.

נאָכדעם האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און אויסגערופן:

— יעדנפאַלס וועט סמיין, האָבנדיק ביידע אין זיין האַנט, זיין זיכער, אַז אי די טערקן, אי די ענגלענדער וועלן זיינע קינדער און פאַט־מען נישט דערהרגענען.

— וועט ער אינז, הייסט עס, אפשר באַלוינען?

— יאָ. זאָל זיי אַבדולאַהיס פאָסט פאַרנעמען קיין פאַשאָדאַ, אונז וועט אַראָפפאַלן אַ משא פון קאָפּ. אױן ווען סמיין וועט זיך דאָ אַהער אומקערן, וועלן מיר זיך באַ אים מאָנען, ער זאָל אונז באַצאָלן.

— זאָגסטו, הייסט עס, אַז מיר בלייבן איבער אין אָמדור־מאַן?

— אַללאַך! ס'איז דיר נאָך ווייניק אַזאַ מהלך וועג פון פאַיום ביז כאַרטום. ס'איז שוין געקומען די צייט מען זאָל זיך אָפּרוען!

די שאַלאַשן זענען שוין געווען נישט ווייט. דאָך האָט סטאַש וואָס אַמאָל פאַמעלעכער אָנגעהויבן צו גיין, וואָרן אויך זיינע כּוחות האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשעפּן. נעל האָט אים, ווי גרינג זי זאָל נישט האָבן גע־ווען, אָנגעהויבן וואָס אַמאָל שווערער צו ווערן. די סודאַנער, וועלכע האָבן זיך זייער געאיילט צו גיין שלאָפן, האָבן געשריגן אויף אים, אַז ער זאָל שטעלן גיכערע טריט, און נאָכדעם האָבן זיי אים אָנגעהויבן אונטערצו־

יאָגן, שלאָגנדיק אים מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין. געבהר האָט אים אפילו אַ ווייטיקלעכן שטאָך געטון מיט אַ מעסער אין רוקן־ביין. דאָס יינגל האָט אַלץ איבערגעטראָגן אין שטילשווייגן, אָפּהיטנדיק קודם כּל זיין קליין שוועסטערל און ערשט דאַמאָלס, ווען איינער פון די בעדויִ־נער האָט אים אַזאַ שטויס געטון, אַז ער איז שיער נישט אומגעפאַלן האָט ער צו אים מיט פאַרקריצטע ציין אויסגערופן:

— מיר מוזן לעבעדיקערהייט אָנקומען קיין פאַשאָדאַ.

און דידאָזיקע ווערטער האָבן איינגעהאַלטן די אַראַבער, מחמת זיי האָבן מורא געהאַט עובר צו זיין אויף מאַהדיס באַפעל. נאָך ווירקונגס־פולער יעדנפאַלס האָט זיי דאָס אויך איינגעהאַלטן, וואָס אידריס האָט פלוצלינג באַקומען אַזאַ שטאַרק קאָפּ־שווינדלעניש, אַז ער האָט זיך גע־מוזט אָנשפּאַרן אויף געבהרס אָרעם. אין אַ ווײלע אַרום האָט דאָס שווינ־דלען אים אויפגעהערט, אָבער דער סודאַנער האָט זיך איבערגעשראָקן און אויסגערופן:

— אַללאַך! ס'איז עפּעס נישט גוט מיט מיר! צי כאַפּט מיך אַמאָל נישט אָן עפּעס אַ חולאת?

— האָסט געזען מאַהדין, וועסטו דעריבער נישט קראַנק ווערן — האָט געבהר אָפּגעענטפערט.

זיי זענען ענדלעך צוגעקומען צו די שאַלאַשן. סטאַש, וועלכער האָט פון זיך אַרויסגעיאָגט די לעצטע כּוחות, האָט אָפּגעגעבן די איינגעשלאָ־פענע נעל דער אַלטער דינהן אין די הענט אַריין. הגם זי איז אַליין עפּעס נישט געזונט געווען, דאָך האָט זי פאַר איר אויסגעבעט אַ ווייך געלעגער. די סודאַנער און די בעדויִנער האָבן, אַראָפּשלינגענדיק צו עטלעכע פאַסן רוי פלייש, זיך אַנידערגעוואָרפן, ווי די קלעצער, אויף די פילצענע קאָלדרעס. סטאַשן האָבן זיי גאָרנישט געגעבן צו עסן – באַר די אַלטע דינה האָט אים אַריינגעשטופּט אין דער האַנט אַריין אַ גאָרשטש צעווייקטע דורא, וואָס זי האָט אַרויסגעגנבעט פון די קעמלען. אָבער אים האָט זיך נישט געגלוסט נישט עסן, נישט שלאָפן.

די משא נעמלעך, וואָס האָט זיך אים אויף די פּלייצעס אַרויפ־געלייגט, איז באמת געווען אַ שווערע. ער האָט אָט וואָס געפילט, אַז מיט דעם, וואָס ער האָט אָפּגעוואָרפן מאַהדיס חסד, פאַר וועלכן ער האָט גע־דאָרפן באַצאָלן מיטן פאַרקויפן זיין נשמה, האָט ער געטון, ווי ער איז מחוייב געווען, ער האָט געפילט, אַז דער פאָטער וואָלט געווען שטאָלץ און גליקלעך פון זיין שריט, אָבער איינצייטיק האָט ער געטראַכט, אַז

ער האָט אומגעברענגט נעלן, זיין אח לצרה, דאָס קליינע טייערע שוועסטערל, פאַר וועלכער ער וואָלט גערן אַוועקגעגעבן זיין לעצטן טראָפּן בלוט.

דעריבער האָט אים, ווען אַלע זענען שוין געהאַט אַנטשלאָפן געוואָרן, אָנגעכאַפּט אַ שרעקלעך געוויין — און, ליגנדיק אויף זיין שטיקל קאָלדרע, האָט ער לאַנג געוויינט, ווי אַ קינד, וועלכעס ער איז סוף כּל סוף נאָך געווען.

# XIX.

דער באַזוך בּאַ מאַהדין און דאָס געשפּרעך מיט אים האָט, ווייזט אויס, אידריסן נישט געזונט געמאַכט, מחמת נאָך בּאַנאַכט איז ער שווער קראַנק געוואָרן, אינדערפרי איז ער שוין נישט געווען בּאַם פולן בּאַוווסטזיין. כאַמיס, געבּהר און די צוויי בעדוּיִנער זענען אַרויסגערופן געוואָרן צום קאַליף, וועלכער האָט זיי אָפּגעהאַלטן עטלעכע שעה און אויסגעלויבט זייער מוטיקייט, אָבער זיי האָבן זיך אומגעקערט זייער אין אַ שלעכטן הומאָר און מיט אַ כּעס אין דער נשמה. זיי האָבן זיך בעמלעך געריכט אויף גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ מתנות, און לסוף האָט זיי גאָר אַבּדולאַהי געגעבן אויף יעדן איינציקן צו איין ענגלישן פונט און צו איינציקע פערד.

די בעדוּיִנער האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן מיט געבּהרן און עס איז שיער נישט געקומען צו אַ געשלעג. צום סוף האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי פאָרן מיט צוזאַמען מיט דער קעמל־פּאָסט קיין פאַשאָדאַ, כּדי צו מאָנען זיך בּאַ סמיינען, ער זאָל זיי בּאַצאָלן. כאַמיס האָט זיך אויך צו זיי פאַרייניקט, ער האָט געהאָפט, אַז סמיינס פּראָטעקציע וועט אים אַ סך מער נוצן ברענגען, ווי דאָס פאַרבלייבן אין אָמדורמאַן.

פאַר די קינדער האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואָך פון הונגער און נויט, מחמת געבּהר האָט אפילו נישט אין זינען געהאַט זיי צו געבן עסן. צום גליק האָט סטאַש פאַרמאָגט די צוויי טאָלער מיט מאַריאַ טערעזאַן, וואָס ער האָט באַקומען פון גריך, איז ער טאַקע געגאַנגען אין שטאָט אַריין

קויפן דאַקטילן און רייז. די סודאַנער האָבן אים לחלוטין נישט פאַרווערט צו מאַכן דעמדאָזיקן אויספלוג, וויסנדיק גאַנץ גוט, אַז פון אָמדורמאַן קען ער שוין נישט אַנטלויפן און אַז ער וואָלט אויף קיין שום פאַל נישט איבערגעלאָזט די קליינע „בינט". ס'איז אים פונדעסטוועגן נישט דורכגעגאַנגען אָן שום פאַסירונגען, וואָרן דער אָנבליק פון דעם אייראָפּעיש־געקליידטן ייִנגל, וואָס האָט איינגעקויפט שפּייז אויפן מאַרק, האָט ווידער צונויפגעצויגן גאַנצע מחנות פון האַלב־ווילדע דערווישן, וועלכע האָבן אים אויפגענומען מיט אַ געלעכטער און געוואָיעריי. צום גליק האָבן אַ סך פון זיי געהאַט געזען, אַז ער איז נעכטן געווען בײַ מאַהדין און דידאָזיקע טאַקע האָבן איינגעהאַלטן די איבעריקע, וועלכע האָבן זיך געוואָלט וואַרפן אויף אים. נאָר די קינדער האָבן אויף אים געוואָרפן זאַמד און שטיינער, אָבער ער האָט קיין שום אַכט נישט געלייגט דערויף.

די פּרייזן אויפן מאַרק זענען געווען זייער הויכע. קיין דאַקטילן האָט סטאַש לחלוטין נישט באַקומען, און אַ באַדייטנדע טייל רייז האָט אים געבהר צוגענומען „פאַרן קראַנקן ברודער". דאָס ייִנגל האָט זיך מיטן גאַנצן כּוח אַנטקעגנגעשטעלט. דער סוף איז געווען, אַז עס האָט זיך געענדיקט מיט אַ געריסעריי און אַ געשלעג, פון וועלכן דער שוואַכערער, פאַרשטייט זיך, איז אַרויס מיט אָן אַ שיעור בלויע צייכנס און ביילן. דערבײַ האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן כאַמיסעס אכזריות. ער האָט נאָר אַרויסגעוויזן אַ צוגעבונדנקייט צו סאַבאַן און אים געקאָרמעט מיט רוי פלייש. דאַקעגן אויף דער נויט פון די קינדער, וועלכע ער האָט דאָך פון לאַנג געקענט און וועלכע זענען שטענדיק צו אים גוט געווען, האָט ער געקוקט מיט דער גרעסטער גלייכגילטיקייט. און ווען סטאַש האָט זיך געווענדעט צו אים מיט דער בקשה, אַז ער זאָל כאָטש ווייניקסטנס נעלן אָפּטיילן אַ ביסל שפּייז, האָט ער אָפּגעענטפערט לאַכנדיק:

— גיי בעטלען.

און ס'איז ענדלעך דערצו דערגאַנגען, אַז סטאַש האָט אין די קומענדיקע עטלעכע טעג, וועלנדיק ראַטעווען נעלן פון אַ הונגער־טויט — געבעטלט. נישט שטענדיק איז עס געווען אָן דערפאָלג. טיילמאָל האָט אים עפּעס אַ געוועזענער זעלנער אָדער אַן אָפיציר פון עגיפּטישן כעדיוו געגעבן עטלעכע פּיאַסטער אָדער עטלעכע געטרוקנטע פייגן און צוגעזאָגט אים נאָך אויף מאָרגן צו העלפן. איינמאָל האָט ער אָנגעטראָפן

אויף אַ מיסיאָנער און אַ באַרמהאַרציקער שוועסטער, וועלכע האָבן, אויס־הערנדיק זיין געשיכטע, זיך צעוויינט איבער דעם גורל פון ביידע קינ־דער — און, הגם זיי אַליין זענען געווען אויסגעמאַטערט פון הונגער, האָבן זיי זיך פונדעסטוועגן געטיילט מיט אים מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן גאָר געהאַט. זיי האָבן אים אויך צוגעזאָגט צו באַזוכן זיי אין די שאַ־לאַשן און צומאָרגנס זענען זיי ווירקלעך געקומען מיט דער האָפנונג, אַז אפשר וועט זיך זיי איינגעבן צוצונעמען די קינדער צו זיך ביז דער צייט, ווען די פּאַסט וועט אָפּגיין. אָבער געבהר מיט כאַמיסן האָבן זיי מיט די קאָרבאַטשן אַוועקגעיאָגט. צומאָרגנס האָט זיי אָבער סטאַש ווידעראַמאָל געטראָפן און ער האָט באַקומען פון זיי אַ מעסטל רייז, ווי אויך צוויי פּאַפּירלעך כינין־פּולווער, וועלכע דער מיסיאָנער האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל גוט באַהאַלטן, פאַרויסזעענדיק, אַז אין פּאַשאַדאַ דער־וואַרט זיי אָן שום ספק דער פיבער.

— איר וועט איצט פאָרן — האָט ער געזאָגט — לענגויס דעם אויסגוס פון ווייסן נילוס, אָדער צווישן די אַזוי גערופענע סודראַס. דער טייך, וואָס קאָן נישט פליסן פריי צוליב די שטערונגען, וואָס האָבן זיך געשאַפן פון די געוויקסן און פון די בלעטער, וואָס דער שטראָם ברענגט צו טראָגן און זעצט אָפּ אויף די פלאַכערע ערטער, שאַפט דאָרטן ברייטע און אָנשטעקנדיקע בלאָטעס. דער פיבער שוינט נישט דאָרט אפילו די נעגערס. היט אייך באַזונדערס פון צו נעכטיקן אויף דער גאָלער ערד און אָן פייער.

— מיר וואָלטן שוין בעסער געוואָלט שטאַרבן — האָט סטאַש כמעט מיט אַ קרעכץ אויסגערופן.

דערויף האָט דער מיסיאָנער אויפגעהויבן זיין אויסגעמאָגערט פּנים, אַ ווײַלע תפילה געטון, דערנאָך האָט ער אויסגערופן:

— האָף צו גאָט, ער וועט דיך נישט פאַרלאָזן!

סטאַש האָט געפּרוווט נישט נאָר צו בעטלען, נאָר אויך צו אַר־בעטן. זעענדיק איינמאָל אין אַ געוויסן טאָג אַ מחנה מענטשן, וועלכע אַרבעטן אויפן תפילה־פּלאַץ, האָט ער זיך צו זיי פאַרייניקט און אָנגעע־הויבן טראָגן ליים אויפן פאַרקאַן, מיט וועלכן דער פּלאַץ האָט געזאָלט ווערן אַרומגעצוימט. מ׳האָט פון אים אָפּגעלאַכט און אים געשטויסן, אָבער פאַרנאַכט האָט אים דער אַלטער שעיק, וועלכער האָט אַכטונג געטון אויף דער אַרבעט, געגעבן צוועלף דאַקטילן. סטאַש איז אָן אַ שיעור געווען צופרידן פון דערדאָזיקער שכירות. די דאַקטילן זענען נעמלעך

געווען, אַ חוץ די רייז, די איינציקע געזונטע דערנערונג פאַר נעלן,
און עס איז וואָס אַמאָל דאָס שווערער געווען צו קריגן אין אָמדור-
מ.

ער האָט עס דעריבער מיט שטאָלץ געברענגט דעם קליינעם שוועס-
טערל, וועלכער ער האָט אַלדינג, וואָס ער האָט נאָר באַקומען, אַוועק-
געגעבן, אַליין דערנערנדיק זיך שוין פון אַ וואָך צייט כמעט מיט בלויז
דוראַ, וואָס ער האָט אַוועקגעגנבעט באַ די קעמלען. נעל האָט זיך זייער
דערפרייט באַם אָנבליק פון די באַליבטע פרוכטן, אָבער זי האָט גע-
וואָלט, ער זאָל זיך טיילן מיט איר. האָט זי זיך דעריבער אויפגעשפּיצט
אויף די פינגערלעך, אַרויפגעלייגט אים די הענט אויף די אָרעמס, און
פאַררייסנדיק דאָס קעפּל, האָט זי אים אָנגעהויבן קוקן גלייך אין די אויגן
אַריין און צו בעטן:

— סטאַש! עס אויך אַ העלפט, עס!

אָבער ער האָט דערויף אָפּגעענטפערט:

— כ׳האָב שוין געגעסן, כ׳האָב געגעסן! אָ, כ׳בין אַזוי זאַט!

און ער האָט זיך צעשמייכלט, אָבער באַלד האָט ער אָנגעהויבן
צו פאַרבייסן די ליפּן, כדי ער זאָס זיך נישט פונאַנדערוויינען, וואָרן ער
איז פּראָסט-פּשוט געווען הונגעריק. ער האָט באַ זיך געהאַט אָפּגעמאַכט,
אַז צומאָרגנס וועט ער ווידער גיין אויפן פאַרדינסט. דערווייל איז גע-
שען גאָר עפּעס אַנדערש. אינדערפרי איז געקומען דער מולאַזעם פון
אַבדולאַהין מיט אַ ידיעה, אַז די קעמל-פּאָסט גייט אָפּ באַנאַכט קיין פּאַ-
שאָדאַ — און מיט אַ באַפעל פון קאַליף, אַז געבהר, כאַמיס און די צוויי
בעדוינער זאָלן זיך צוגרייטן צוזאַמען מיט די קינדער אין וועג אַריין.
געבהרן האָט פאַרוווּנדערט און אויפגערעגט דערדאָזיקער באַפעל, דערי-
בער האָט ער מודיע געווען, אַז ער וועט נישט פאָרן, ווייל דער ברו-
דער זיינער איז קראַנק און ס׳האָט אים נישט ווער אָפּצוהיטן, און ווען
ער וואָלט אפילו געווען געזונט, האָבן זיי סיי ווי געהאַט באַשלאָסן אי-
בערצובלייבן אין אָמדורמאַן.

אָבער דער מולאַזעם האָט אָפּגעענטפערט:

— מאַהדי פאַרמאָגט נאָר איין ווילן, און אַבדולאַהי, זיין קאַ-
ליף, און מיין האַר, ענדערט קיינמאָל נישט זיינע באַפעלן. דעם ברו-
דער דיינעם וועט אָפּהיטן אַ שקלאַף, דו אָבער וועסט פאָרן קיין פּאַ-
שאָדאַ.

— טאָ וועל איך גיין אים מודיע זיין, אַז איך וועל נישט פֿאָרן.

— צום קאַליף גייען נאָר אַריין די יעניקע, וועלכע ער אַליין וויל זען. און אויב דו וועסט דיך אַריינרייסן מיט געוואַלט אָן אַ דערלויבעניש, וועט מען דיך אַרויספֿירן — אויף דער תּליה אַרויף.

— אַללאַך אַקבאַר! טאָ זאָג־זשע מיר בפירוש, אַז איך בין אַ שקלאַף.

— שווייג און האָרך די באַפֿעלן! — האָט דער מולאַזעם געענטפֿערט.

דער סודאַנער האָט געזען אין אָמדורמאַן די תּליות, וואָס האָבן זיך געבראָכן אונטער דער משא פֿון די געהאָנגענע, און וועלכע זענען, לויטן אורטייל פֿון דעם אכזריותדיקן אַבדולאַהי, יעדן טאָג באַהאָנגען געוואָרן מיט פֿרישע קערפּער — און ער האָט זיך דערשראָקן. דאָס, וואָס דער מולאַזעם האָט אים געזאָגט, אַז מאַהדי פֿאַרמאָגט נאָר איין ווילן, און אַז אַבדולאַהי באַפֿעלט נאָר איין מאָל — האָבן דאָס זעלבע אַלע דערווישן איבערגעחזרט. ס'איז דעריבער קיין שום אַנדערע עצה נישט געווען — און מ'האָט געמוזט פֿאָרן.

— איך וועל שוין קיינמאָל אידריסן נישט זען! — האָט געבהר געטראַכט.

און אַפֿילו אין דעמדאָזיקן טיגריס־האַרץ האָט פֿונדעסטוועגן געטליעט אַ געוויסע צוגעבונדנקייט צום עלטערן ברודער, מחמת באַם געדאַנק, אַז ער מוז אים קראַנקערהייט פֿאַרלאָזן, האָט אים אַ פֿאַרצווייפֿלונג אַרומגענומען. בחינם האָבן אים די בעדוינער און כאַמיס אויסגערעדט, אַז אין פֿאַשאָדאַ קען אַמאָל זיין אַ סך בעסער, ווי אין אָמדורמאַן און אַז סמיין וועט זיי אָן שום ספק אַ סך רייכער באַלוינען, ווי דער קאַליף האָט דאָס געטון. קיין שום רייד האָבן אים אָבער נישט געקענט טרייסטן און פֿאַרגלעטן די ווייטיק און דעם כּעס פֿון געבהרן, וועלכער האָט זיין צאָרן אויסגעלאָזט באַזונדערס צו סטאַשן.

דאָס איז באמת געווען פֿאַר דעם ייִנגל אַ פֿײַנלעכער טאָג. מ'האָט אים נישט דערלויבט צו גיין אויפֿן מאַרק, האָט ער דעריבער גאָרנישט געקאָנט פֿאַרדינען, נישט אויסבעטלען, און ער האָט געמוזט פֿראַצעווען, ווי אַ שקלאַף באַ די משאות, וואָס מ'האָט צוגעגרייט אין וועג אַריין. דאָס איז אים זייער שווער אָנגעקומען, מחמת ער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן פֿון הונגער און פּיין. ער איז שוין געווען זיכער, אַז ער וועט

שטאַרבן אויפן וועג, אויב נישט אונטער געבהרס קאַרבאַטש, איז פון אויסגעמאַטערטקייט.

צום גליק איז דער גריך, וועלכער האָט געהאַט זייער אַ גוט האַרץ, געקומען פאַרנאַכט באַזוכן די קינדער און זיי אָפּגעזעגענען, און גלייכצייטיק צו באַזאָרגן זיי אויפן וועג. ער האָט זיי אויך מיטגעבראַכט עטלעכע פאַפירלעך כינין, און אַ חוץ דעם עטלעכע גלעזערנע פאַטשערקעס און אַ ביסל שפּייז-פּראָדוקטן. קודם כל האָט ער, געוויר ווערנדיק וועגן אידריסעס חולאת, זיך געווענדט צו געבהרן, ווי אויך צו כאַמיסן און די בעדויִנער.

— זייט וויסן, — האָט ער צו זיי אויסגערופן — אַז איך קום דאָ לויטן באַפעל פון מאַהדין.

און ווען זיי האָבן, דערהערנדיק דאָס, אַנגעקלאַפּט מיטן שטערן אָן דער ערד, האָט ער ווייטער גערעדט:

— איר האָט דידאָזיקע קינדער אויפן וועג צו שפּייזן און גוט מיט זיי זיך צו באַגיין. זיי וועלן אָפּגעבן אַ דין וחשבון סמיינען וועגן אייער אויפפירונג, סמיין וועט ווידער וועט וועגן דעם אָנשרייבן צום נביא. אויב עס וועט דאָ קומען אויף אייך עפּעס אַן אָנקלאַגע, וועט די נעכסטע פּאָסט אייך ברענגען אַ טויט-אורטייל.

אַ כּרישער בייג איז געוואָרן דער ענטפער אויף דידאָזיקע רייד, דערביי האָט געבהר מיט כאַמיסן געהאַט אַ מינע פון הינט, וואָס מ'האָט זיי אָנגעטון אַ מויל-שלאָס.

דער גריך האָט זיי געהייסן זיך אָפּטראָגן אַ ביסל ווייטער, נאָכדעם האָט ער זיך אויף ענגליש צו די קינדער אַזוי אָנגערופן.

— דאָס אַלדינג האָב איך אַליין אויסגעטראַכט, וואָרן מאַהדי האָט לגבי אייך קיין שום בייע באַפעלן נישט אַרויסגעגעבן. נאָר ווייל ער האָט געזאָגט, אַז איר דאַרפט פאָרן קיין פאַשאָדאַ, דעריבער איז בייטיק, אַז איר זאָלט כאָטש אָנקומען אַהין לעבעדיק. איך פאַרלאָז מיך אויך דערויף, אַז קיינער פון דידאָזיקע מענטשן וועט שוין מאַהדין נישט זען פאַרן אַוועקפאָרן.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט בלויז צו סטאַשן:

— איך האָב אויף דיר, יינגל, געהאַט אַ תרעומות, און איך האָב זי נאָך. צי ווייסטו, אַז דו האָסט מיך שיער נישט אומגעבראַכט? מאַהדי האָט זיך אויף מיר אויך געהאַט באַליידיקט — און כדי אַרויסצוקריגן בא אים מחילה, האָב איך אַ באַדייטנדע טייל פון מיין פאַרמעגן געמוזט

אוועקגעבן אַבדולאַהין, און איצט ווייס איך ערשט נישט, צי איך בין זיי שוין אויף לאַנג פּטור. יעדנפאַלס, וועל איך שוין קיין געפאַנגענע מער נישט קענען העלפן, ווי כ'האָב עס ביז אַהער באַוויזן צו טון. נאָר איר זענט מיר אַ שאָד, און באַזונדערס (און דאָ האָט ער אָנגעוויזן אויף נעלן) זי. . . איך האָב אַ מיידעלע אין דער זעלבער עלטער. . . וועלכע איך האָב אַ סך ליבער, ווי מיין אייגן לעבן. . . פאַר איר האָב איך דאָס אַלץ געטון, וואָס איך האָב ביז איצט באַוויזן צו טון. . . זי הייסט דעם זעלבן נאָמען, וואָס דו, מיין קליינע. ווען נישט זי, וואָלט איך אויך געוואָלט גלייכער שטאַרבן, ווי צו לעבן אין אַזאַ מין גיהנום.

און ער איז געוואָרן גערירט. אַ ווײַלע האָט ער שטיל געשוויגן, ענדלעך האָט ער זיך אַ רייב געטון מיט דער האַנט איבערן שטערן און אָנגעהויבן צו רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

— מאַהדי שיקט אייך אַרויס קיין פאַשאָדאַ מיט דעם ציל, אַז איר זאָלט דאָרטן שטאַרבן. אויף אַזאַ אופן וועט ער זיך נוקם זיין אָן אייך, פאַר דיין ווידערשטאַנד, ייִנגל, דאָס האָט אים ביז די טיפענישן אָנגערירט, און דעם רום אַלס „באַרמהאַרציקער" וועט ער נישט אָנווערן. אַזוי איז ער שטענדיק. . . אָבער ווער ווייסט, ווען דער טויט איז פריער אָנגעצייכנט! אַבדולאַהי האָט אים אויפגעגעבן דעם געדאַנק, אַז ער זאָל דידאָזיקע הינט, וואָס האָבן אייך אויפגעכאַפּט, הייסן מיט אייך מיטפאָרן. ער האָט זיי זייער געמיין באַלוינט, און איצט האָט ער מורא, אַז דאָס זאָל זיך נישט פונאַנדערמראָגן. דערביי ווילן זיי אויך ביידע, ער און דער נביא, אַז דידאָזיקע מענטשן זאָלן נישט צעפּלוישן, אַז אין עגיפּטן איז נאָך דאָ מיליטער, האַרמאַטן, געלט און ענגלענדער. . . אַ שווערער און אַ ווייטער וועג וועט דאָס זיין. איר וועט פאָרן דורך אַ וויסט און אומגעזונט לאַנד — דעריבער היט אָפּ, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, דידאָזיקע פאַפּירלעך כינין, וואָס כ'האָב אייך געגעבן.

— זאָג אָן, האַר, נאָכאַמאָל געבהרן, אַז ער זאָל נישט וואַגן צו פאַרהונגערן און שלאָגן נעלן - האָט סטאַש אויסגערופן.

— האָט נישט קיין מורא. איך גיב אייך איבער אויף דער השגחה פון אַלטן שעיק, וואָס פירט די פּאָסט. דאָס איז מיינס אַן אַלטער באַקאַנטער. איך האָב אים געגעבן אַ זייגערל און דערמיט האָב איך אים שוין קונה געווען, ער זאָל אויף אייך אַכטונג געבן.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער זיך מיט זיי אָנגעהויבן צו געזעגנען. ער

האָט גענומען נעלן אויף די הענט, צוגעדריקט זי צו דער ברוסט און עטלעכע מאָל איבערגעחזרט :

— זאָל דיך גאָט בענטשן, מיין קינד !...

דערוויייל איז די זון אונטערגעגאַנגען און ס'איז געוואָרן אַן אויסגעשטערנטע נאַכט. אין דער פינצטער האָט זיך געהערט דאָס פּאָרסקען פון די פערד און דאָס קרעכצן פון די באַלאָדנטע קעמלען.

## XX.

דער אַלטער שעיק האַטים האָט געטריי אָפּגעהיטן זיין צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דעם גריך און ער האָט זיך זאָרגפעלטיק פאַרנומען מיט די קינדער. דער וועג באַרג-אויף דעם ווייסן נילוס איז געווען זייער שווער. זיי זענען געפאָרן דורך קעטאַינאַ, עד-צוצים און קאַנאַ, דערנאָך האָבן זיי אויסגעמיטן אַבבאַ, אַ באַוועלדערט נילוס-אינזל, אויף וועלכן ס'האָט פאַר דער מלחמה געוווינט אין אַ צעקרישלטן בוים, אַלס נזירישער דערוויש, דער היינטיקער מאַהדי. דער קאַראַוואַן האָט אָפּטמאָל געמוזט אַרומרינגלען ברייטע, מיט פּאַפּירוס פאַרוואַקסענע אויסגוסן, אָדער די אַזוי גערופענע סודדאַס, פון וועלכע דער ווינט האָט אַלע מאָל אַ ברענג געטון אַ פאַרסמטן גערוך פון די צעפוילטע בלעטער, וואָס זענען דורכן שטראָם אָנגעטראָגן געוואָרן. ענגלישע אינזשיניערן האָבן אין זיינער צייט געהאַט דורכגעשניטן דידאָזיקע שטערונגען און דאַמפּערס האָבן געקאָנט דעמאָלט גיין פון כאַרטום ביז פאַשאָדאַ און ווייטער. איצט איז אָבער דער טייך ווידער פאַרשטאָפּט געוואָרן און, נישט קאָנענדיק פליסן פריי, האָט ער זיך אויף ביידע זייטן פונאַנדערגעגאָסן. די געגנט אויפן רעכטן און לינקן ברעג איז באַדעקט געווען מיט אַ הויכער דזשונגלע, אויף וועלכער ס'האָבן זיך אויפגעהויבן טערמיטן-הויפנס און איינצלנע ריזיקעביימער. ערטערוויייז האָבן די וועלדער אַזש געגרייכט ביזן טייך. אויף די מער טרוקענע ערטער זענען געוואַקסן וועלדלעך מיט אַקאַציעס. אין די ערשטע פאַר וואָכן האָבן זיי באַגעגנט אַראַבישע שטעטלעך און ישובים, וואָס זענען באַשטאַנען פון הייזער מיט אויסטערלישע באַניקאַרטיקע דעכער, אָפּגעפלאַכטן פון דאָכנו-שטרוי, נאָר נאָך אַבבאַ, פון

דעם ישוב גאָז-אַבו-גומאַ אָן זענען זיי אַריינגעפאָרן אין דעם לאַנד פון די שוואַרצע. דאָס לאַנד איז אָבער פולשטענדיק פוסט געווען, מחמת די דערווישן האָבן כמעט ביזן לעצטן פון דער אָרטיקער נעגרישער באַפעלקערונג אויסגעשאַרט און זיי פאַרקויפט אויף די מערק פון כאַרטום, אָמדורמאַן, דאַראַ, פאַשער, על-אָבעיצו און אַנדערע סודאַנער, דאַרפורער און קאָרדאָפאַנער שטעט. דידאָזיקע איינוווינער, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו באַהאַלטן פאַר דער שקלאַפעריי אין די געדיכטע וועלדער, האָט דער הונגער אויסגעראָטן, אָדער די פאָקן, וואָס האָבן זיך מיט אַ געוואַלטיקער קראַפט פאַרשפרייט לענגויס דעם ווייסן און בלויען נילוס. די דערווישן אַליין האָבן געזאָגט, אַז עס זענען אויף זיי „גאַנצע פעלקער” אויסגעשטאָרבן. די אַמאָליקע פלאַנטאַציעס פון סאָרגאָ, מאַניאָק און באַנאַנעס זענען איצט באַדעקט געווען מיט דזשונגלעס. פאַר דאָס האָבן זיך די ווילדע חיות, וואָס זענען דורך קיינעם נישט פאַרפאָלגט געוואָרן, זייער געמערט. טיילמאָל האָבן די קינדער באַמערקט פונדערווייטנס באַ דער פאַרנאַכטיקער הימל-רויטקייט גאַנצע מחנות העלפאַנטן, וואָס זענען ענלעך געווען צו באַוועגלעכע פעלזן, וואָס האָבן מיט לאַנגזאַמע טריט געצויגן צו זייערע באַקאַנטע וואַסער-פלעצער. אויף זייער אָנבליק האָט האַטים, אַ געוועזענער סוחר פון העלפאַנטביין, געטשמאָקעט מיט די ליפן, אָפגעזיפצט און מיט פאַרטרויען צו סטאַשן זיך אַזוי אָנגערופן:

— מאַשאַלאַך! — וויפיל רייכטום דאָ געפינט זיך! אָבער איצט איז נישט כדאי זיי צו פאַנגען, וואָרן מאַהדי האָט פאַרווערט די עגיפּטישע סוחרים צו קומען קיין כאַרטום און ס׳איז נישטאָ וועמען דעם העלפאַנטביין צו פאַרקויפן, — סיידן די עמירן אויף אומבאַיעס.

אַ חוץ העלפאַנטן האָט מען אויך באַגעגנט זשיראַפן, וואָס זענען, דערזעענדיק דעם קאַראַוואַן, אייליק אַנטלאָפן, מיט שווערע טריט, שאָקלענדיק מיט די לאַנגע העלדזער, ווי זיי וואָלטן געווען לאָם. נאָך גאָז-אַבו-גומאַ האָבן זיך וואָס אַמאָל אָפטער באַוויזן בופלאָקסן און גאַנצע סטאַדעס אַנטילאָפן. די מענטשן פון דעם קאַראַוואַן האָבן, ווען עס האָט זיי אויסגעפעלט פלייש, געמאַכט אַ יאַגד אויף זיי — ס׳איז זיי אָבער כמעט קיינמאָל נישט געלונגען, מחמת די פילבאַרע און פלינקע חיות האָבן נישט געלאָזט צו זיך צוקומען און נישט אַרומרינגלען.

שפּייז-פּראָדוקטן איז בכלל געווען ווייניק, מחמת צוליב דער באַפעלקערונגסלאָזיקייט פון דעם לאַנד האָט מען נישט געקענט באַקומען

יישט קיין פּראַסע, נישט קיין באַנאַנעס, נישט קיין פיש, וואָס אין די אַמאָליקע צייטן פלעגן דאָס צושטעלן די קאַראַוואַנען די נעגערן פון די שבטים שילוק און דינקאַ, גערן אויסטוישנדיק דאָס אַלץ פאַר גלעזערנע פּאַטשערקעס אָדער קופּערנעם דראָט. האַטים האָט אָבער נישט געלאָזט די קינדער שטאַרבן פאַר קיין הונגער, און נאָך מער, ער האָט געבהרן פעסט געהאַלטן אין דער צוים, און ווען יענער האָט איינמאָל אויף אַ נאַכטלעגער אַ קלאַפּ געטון סטאַשן באַם אַראָפּנעמען די זאָטלען פון די קעמלען, האָט ער אים געהייסן אויסציען אויף דער ערד און מיט אַ באַמבוס־שטעקן אַריינצייילן צו דרייסיק קלעפּ אין יעדער פּיענטע. דער אכזריותדיקער סודאַנער האָט דערנאָך צוויי טעג נישט געקענט גיין, נאָר אויף די פינגער. ער האָט פאַרשאָלטן די מינוט, אין וועלכער ער האָט פאַרלאָזט פאַיום און ער האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף דעם יינגן, געשענקטן שקלאַף, מיטן נאָמען קאַלי.

סטאַש איז מתחילת כמעט צופרידן געווען, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס פאַרעיפּושטע אָמדורמאַן און וואָס ער זעט איצט די לענדער, וועגן וועלכע ער האָט שטענדיק געחלומט. זיין שטאַרקער אָרגאַניזם האָט ביז איצט פיין אויסגעהאַלטן די רייזע־שווערקייטן, און די בעסערע נאַרונג האָט אים צוריקגעקערט צו ענערגיע. נישט איינמאָל ווידער האָט ער אויך אין דער צייט פון דער רייזע אָדער אויף די רו־פּלעצער איינגערוימט דעם קליינעם שוועסטערל אין אויער אַריין, אַז אַנטלויפן קען מען אפילו פון לעבן ווייסן נילוס אויך און אַז ער האָט זיך נאָך לחלוטין פון דעמדאָזיקן פּלאַן נישט אָפּגעזאָגט. נאָר איר געזונט צושטאַנד האָט אים באַאומרויקט. אין די גאַנצע דריי וואָכן זינט זיי זענען אַרויסגעפאָרן פון אָמדורמאַן איז נאָך נעל, וואָס אַן אמת, אויף קיין פיבער נישט אַוועקגעפאַלן, אָבער איר פּנים איז אויסגעמאָגערט געוואָרן, און אָנשטאָט אָפּצוברענען זיך, איז זי געוואָרן וואָס אַמאָל מער דורכזיכטיקער, און אירע קליינע הענטלעך האָבן אויסגעזען, ווי אויסגעקנעטן פון וואַקס. עס האָט איר נישט געפעלט קיין פלעגונג, נישט קיין באַקוועמלעכקייטן, וואָס סטאַש מיט דינהן האָבן איר געקאָנט מיט דער הילף פון האַטימען צושטעלן, ס'האָט אָבער געפעלט די געזונטע מדבר־לופט. דער פייכטער און הייסער קלימאַט צו אַמען מיט די רייזע־שווערקייטן האָבן וואָס אַמאָל מער אונטערגעגראָבן די כוחות פון דעם שלאַבעריקן קינד.

סטאַש האָט איר, אָנהייבנדיק פון גאָז־אַבו־גומאַ אָן, געגעבן צו האַלבע פּאַפּירלעך כינין אַ טאָג און ער האָט שטאַרק עגמת נפש געהאַט

באַם געדאַנק, אַז דידאָזיקע רפואה וועט אויף לאַנג נישט קלעקן, און
שפּעטער וועט ער זי שוין אין ערגעץ נישט קאָנען קריגן. אָבער דע-
רויף איז קיין שום עצה נישט געווען, קודם כּל האָט מען נעמלעך גע-
דאַרפן פּאַרהיטן זיך פון דעם פיבער. מאָמענטנווייז האָט אים אָנגעכאַפּט
אַ פאַרצווייפלונג. ער האָט זיך נאָר געטרייסט מיט דער האָפנונג, אַז
אויב סמיין וועט זיי ביידע וועלן אויסטוישן אויף זיינע אייגענע קינדער,
וועט ער דאָך מוזן פאַר זייערטוועגן אויסזוכן אַ געזונטערע געגנט, ווי
פאַשאַדאַ.

אָבער דאָס אומגליק האָט, ווי עס זעט אויס, כּסדר נאָכגעיאָגט
זיינע קרבנות. אַ טאָג פאַרן אָנקומען קיין פאַשאַדאַ האָט דינה, וועלכע
האָט זיך נאָך אין אָמדורמאַן געפילט שוואַך, פּלוצלינג געחלשט באַם
פונאַנדערפּאַקן נעלס זאַכן, וואָס זי האָט מיטגענומען פון פאַיום און זי
איז אַראָפּגעפאַלן פון קעמל. סטאַש מיט כאַמיסן האָבן זי קוים מיט צרות
אָפּגעמינטערט. זי איז אָבער צו זיך נישט געקומען, אָדער בעסער גע-
זאָגט, זי איז ערשט צו זיך געקומען אַרום פאַרנאַכט, נאָר, ווי עס זעט
אויס, צוליב דעם, כּדי זי זאָל זיך קענען מיט טרערן אין די אויגן אָפּ-
געזעגענען מיט דער האַרציקער פריילין און שטאַרבן. געבהר האָט איר
דווקא נאָכן טויט געוואָלט אָפּשניידן די אויערן, כּדי צו ווייזן סמיינען,
אַלס באַשטעטיקונג, אַז זי איז געשטאָרבן אויפן וועג און צו מאָנען זיך
פאַר איר באַזונדער זיין שכר. אַזוי פלעגט מען טון מיט די געשטאָרבע-
נע שקלאַפן אין דער צייט פון דער רייזע. אָבער לויט דער בקשה פון
סטאַשן מיט נעלן, איז האַטים דערויף נישט איינגעגאַנגען, האָט מען זי
דעריבער בכבודיק באַגראָבן, און איר קבר האָט מען פאַרזיכערט פאַר
די היענעס מיט דער הילף פון שטיינער און דערנער, די קינדער האָבן
זיך נאָך איינזאַמער דערפילט, וואָרן זיי האָבן אין איר אָנגעווירן די
איינציקע נאָענטע און צוגעבונדענע נשמה. באַזונדערס איז דאָס געווען אַ
שטאַרקער קלאַפּ פאַר נעלן, האָט טאַקע סטאַש בחינם זיך באַמיט אַ גאַנ-
צע נאַכט און צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג זי איינצונעמען,

סאַ'יז שוין געוואָרן זעקס טעג זיי זענען אַרויסגעפאָרן. צו-
מאָרגנס נאָכמיטאָג איז דער קאַראַוואַן אָנגעקומען קיין פאַשאַדאַ, אָבער
זיי האָבן נאָר געפונען פאַרברענטע גלאָווניעס. די מאַהדיסטן האָבן גע-
לאַגערט אונטערן גאָלן הימל, אָדער אין איילעניש פון גראָז און צווייגן
צונויפגעקלעבטע שאַלאַשן. מיט דריי טעג צוריק איז דאָס שטעטל אינ-
גאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן. עס זענען נאָר איבערגעבליבן מיט רויך

פאַרריסטע ווענט פון די ליימענע קיילעכדיקע הייזלעך און אַ גרויסע הילצערנע שאָפּע, וואָס איז געשטאַנען האַרט באַם וואַסער און וועלכע האָט אין די עגיפּטישע צייטן געדינט אַלס אַ מאַגאַזין פון העלפאַנט־ביין, און איצט האָט אין איר געוווינט דער פירער פון די דערווישן, דער עמיר סעקי־טאַמאַלאַ. דאָס איז געווען אַ באַוווּסטער מענטש צווישן די מאַהדיסטן, אַ באַהאַלטענער שונא פון קאַליף אַבדולאַהי, דאַקעגן אָבער האַטימס אַ פּערזענלעכער גוטער פריינט. דער לעצטער האָט זייער גאַסט־פריינטלעך אויפגענומען דעם אַלטן שעיק צוזאַמען מיט די קינדער, באַלד אָבער באַם אַריינקום האָט ער זיי איבערגעגעבן אַ נישט גינסטיקע ידיעה.

זיי וועלן נעמלעך סמיינען נישט טרעפן אין פאַשאָדאַ. מיט צוויי טעג צוריק איז ער אַוועקגעפאָרן אויף מזרח און אויף דרום־זייט פון ני־לוס אויף אַ שקלאַפן־פאַנג און מען קען נישט וויסן, ווען ער וועט זיך אומקערן, מחמת די נעבטערע געגנטן זענען שוין געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן, אַזוי, אַז מענטשן־סחורה האָט מען געדאָרפן זייער ווייט צו זוכן. נאָנט פון פאַשאָדאַ איז, וואָס אַן אמת, געלעגן אַבעסיניען, מיט וועלכער די דערווישן זענען אויך געווען אין קריגס־צושטאַנד. אָבער סמיין, וועלכער האָט מער נישט פאַרמאָגט, ווי דריי הונדערט מאַן, האָט זיך נישט געקענט וואַגן אַריבערצוטרעטן אירע גרענעצן, וואָס זענען איצט אויפמערקזאַם באַוואַכט געווען דורך די קריגערישע איינוווינער און דורך די זעלנער פון קעניג יאַן.

צוליב דעם טאַקע האָט סעקי־טאַמאַלאַ מיט האַטימען שטאַרק זיך פאַרטראַכט, וואָס צו טון מיט די קינדער. די באַראַטונג איז צום מיינסט אָפּגעהאַלטן געוואָרן בשעת דעם נאַכט־עסן. אויף וועלכן דער עמיר האָט אויך סטאַשן מיט נעלן פאַרבעטן.

— איך — האָט ער געזאָגט צו האַטימען — מוז אין קורצן מיך אַרויסלאָזן מיט אַלע מיינע מענטשן אויף אַ ווייטע מלחמה־עקספּעדיציע אויף דרום, אַנטקעגן עמין־פאַשאַ, וועלכער געפינט זיך אין לאַדאָ און ער באַזיצט דאָרט דאַמפּערס און מיליטער. אַזאַ באַפעל האָסטו מיר, האַטים, געבראַנגט. . . דו מוזסט דיך אומקערן קיין אָמדורמאַן, ווייל דערי־בער אין פאַשאָדאַ נישט איבערבלייבן קיין שום לעבעדיק נפש. צו ווינען דאָ איז נישטאָ ווו, צו עסן איז נישטאָ וואָס און עס גייען אַרום פאַרשידענע חולאתן. וואָס אַן אמת, ווייס איך גאַנץ גוט, אַז ווייסע קרענקען נישט

אויף קיין פּאָקן, אָבער דער פיבער וועט אין משך פון אַ חודש די קינ־
דער דערהרגענען.

— מ׳האָט זיי מיך געהייסן ברענגען קיין פּאַשאָדאַ, — האָט האַ־
טים אָפּגעענטפערט — נו, האָב איך זיי געברענגט און כ׳וואָלט שוין גע־
האַט אַ ברירה מיך מער נישט צו זאָרגן וועגן זיי. אָבער דער פריינט
מיינער, דער גריך קאַליאַפּולי האָט זיי מיר איבערגעענטפערט אין
דער האַנט אַריין, דעריבער וואָלט איך נישט געוואָלט, אַז זיי זאָלן
שטאַרבן.

— און דאָס וועט זיכער געשען.

— וואָס־זשע טוט מען?

— אַנשטאָט זיי איבערצולאָזן אין דעם ליידיקן פּאַשאָדאַ, שיק זיי
בעסער אָפּ צו סמיינען, צוזאַמען מיט דידאָזיקע מענטשן, וועלכע האָבן
זיי געבּרענגט קיין אָמדורמאַן. סמיין איז אַוועק אין דער ריכטונג פון די
בערג, אין אַ טרוקן און אַ הויך לאַנד, וווּ דער פיבער דערהרגעט נישט
אַזוי די מענטשן, ווי באַם טייך.

— ווי אַזוי־זשע וועלן זיי געפינען סמיינען?

— לויט די צייכנס פון פייער. ער וועט אויסברענען די דזשונ־
גלעס, ראשית, צוליב דעם, כּדי צו פאַרטרייבן די חיות אין די פעלזן־
שפּאַלטן אַריין, ווו עס וועט זיי גרינג זיין אַרומצורינגלען און אויסצו־
הרגענען, און צווייטנס, כּדי אַרויסצויאָגן פון געדיכטעניש די געצנדי־
נער, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אין זיי. כּדי זיך צו ראַטעווען...
סמיינען איז נישט שווער צו געפינען...

— צי וועלן זיי אים כאַטש אָניאָגן?

— ער וועט טיילמאָל באַלעמוטשען אויף צו וואָכן אין איין געגנט,
מחמת ער דאַרף פלייש צו רויכערן. אפילו זיי זאָלן אַרויספאָרן אין
צוויי אָדער דריי טעג אַרום, וועלן זיי אים אויך זיכער אָניאָגן.

— אָבער צוואָס דאַרפן זיי אים נאָכיאָגן? ער וועט דאָך סײַווי
מוזן צוריקקומען קיין פּאַשאָדאַ.

— ניין. אויב דער שקלאַפן־פאַנג וועט אים געלינגען, וועט ער
זיי אַוועקפירן אין די שטעט אַריין אויף די מערק אַרויס...

— וואָס־זשע טוט מען?

— געדענק אויך, אַז אויב מיר וועלן ביידע אָפּפאָרן פון פּאַשאָ־
דאַ, וועלן דאָך דאָ די קינדער, אויב אפילו דער פיבער זאָל זיי נישט
דערהרגענען, שטאַרבן פּשוט פון הונגער.

— באַם לעבן פון נביא! ס'איז דאָך טאַקע אמת!

אוןווירקלעך איז קיין שום אַנדערע עצה נישט געווען, ווי אַרויס־צושיקן די קינדער, זיי זאָלן אויפסנייַ וואַנדערן. האַטים, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פולשטענדיק גוטן מענטש, האָט זיך נאָר געזאָרגט וועגן דעם, צי געבהר, וועלכנס אכזריות ער האָט אויף דער רייזע דער־קענט, וועט זיי נישט פאַרמאַטערן. אָבער דער גרויזאַמער סעקי־טאַמאַלאַ, וועלכער האָט אויפגעוועקט אַ פחד אפילו צווישן זיינע אייגענע זעלנער, האָט געהייסן רופן צו זיך דעם סודאַנער און אים מתרה געווען, אַז ער מוז אָפפירן די קינדער צו סמיינען לעבעדיקע און געזונטע, און גלייכ־צייטיק מיט זיי זיך גוט באַגיין, וואָרן אין געגנטייל וועט ער ווערן אויפגעהאָנגען. דער גוטער האַטים האָט נאָך אויסגעבעטן באַם עמיר, אַז ער זאָל שענקען דער קליינער נעלן אַ שקלאַפין, וועלכע זאָל זי באַדי־נען און פאַרנעמען זיך מיט איר אויפן וועג און אויך אין סמיינס לאַגער. נעל האָט זיך זייער דערפרייט מיט דערדאָזיקער מתנה, בפרט, אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שקלאַפין איז אַ יונג מיידל פון דעם שבט דינקאַ, מיט ליבע גערזיכטס־שטריכן און מיט א זיסן אויסדרוק אויפן פנים.

סטאַש האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז פאַשאָדאַ — דאָס איז טויט, דעריבער האָט ער אפילו נישט געפּרוּווט בעטן האַטימען, אַז מען זאָל זיי נישט שיקן אויף קיין נייער, דריטער רייזע. באַ זיך אין האַרץ האָט ער אויך געטראַכט, אַז, פאָרנדיק אין דער ריכטונג פון מזרח און דרום, מוזן זיי זיך שטאַרק דערנענטערן צו די דרומדיקע גרענעצן פון אַבעסי־ניען און עס וועט מעגלעך זיין צו אַנטלויפן. ער האָט געהאָפט, אַז אויף די טרוקענע הויכקייטן וועט נעל ניצול ווערן פון פיבער און צוליב די־דאָזיקע אַלע סיבות האָט ער זיך גערן און פלייסיק פאַרנומען מיט די צוגרייטונגען אין וועג אַריין.

געבהר, כאַמיס און די צוויי בעדוינער זענען אויך נישט געווען דאַקעגן דערדאָזיקער נסיעה, אויסרעכענענדיק אויף דערביי, אַז לעבן סמיינען וועט זיך זיי איינגעבן אָנצופאַנגען אַ שפּאָרע צאָל שקלאַפן, און דערנאָך מיט ריווח זיי פאַרקויפן אויף די מערק. זיי האָבן געוווּסט, אַז די שקלאַפן־הענדלער דערווערבן זיך טיילמאָל צו גרויס עשירות, יעדנ־פאַלס האָבן זיי גלייכער געוואָלט פאָרן, ווי איבערצובלייבן אויפן אָרט אונטער האַטימס און סעקי־טאַמאַלאַס האַנט.

דאָס צוגרייטן זיך האָט אָבער געדויערט אַ שפּאָר שטיק צייט,

בפּרט, אַז די קינדער האָבן זיך געמוזט אָפּרוען. די קעמלען האָבן שוין נישט געקענט באַנוצט ווערן צו דערדאָזיקער רייזע, דעריבער האָבן די אַראַבער, און מיט זיי אויך סטאַש מיט נעלן געזאָלט פאָרן, רייטנדיק אויף פערד, קאַלי אָבער, געבהרס שקלאַף און מעאַ, נעלס באַדינערין — ביין צופוס לעבן די פערד. האַטים האָט אויך אויסגעפועלט אַן אייזל, וועלכעס האָט געטראָגן אַ געצעלט, וואָס איז באַשטימט געווען פאַרן מיידעלע און שפּייז פאַר די קינדער אויף דריי טעג. מער האָט זיי סעקי-טאַמאַלאַ נישט געקענט געבן. פאַר נעלן האָט מען אייננעריכטעט אַ מין ווייבעריש געזעס פון פילץ, פאַלמען-מאַטעס און באַמבוסן.

דריי טעג האָבן די קינדער פאַרבראַכט אויף אָפּצורוען זיך אין פאַשאַדאַ, אָבער די אומגעהייערע צאָל מוקן באַם טייך האָט אומדערטרעגלעך געמאַכט דאָס ווייטערדיקע זיין דאָ. באַטאָג האָבן זיך באַוויזן גאַנצע מחנות בלויע פליגן, וועלכע האָבן, וואָס אַן אמת, נישט געביסן, אָבער האָבן אַזוי געפּלאָגט, אַז זיי זענען אַריינגעקראָכן אין די אויערן, באַזעצט זיך אויף די אויגן, אַריינגעפאַלן אפילו אין נויל. סטאַש האָט באַך אין פּאָרט-סאַיד געהערט, אַז די מוקן און די פליגן טראָגן פונאַנדער דעם פיבער און שטעקן אָן מיט אויגן-אַנטצינדונג. ענדלעך האָט ער אַליין געבעטן סעקי-טאַמאַלאַן, אַז ער זאָל זיי ווי צום גיכסטן אַרויסשיקן, בפּרט, אַז די פרילינגדיקע רעגן-צייט האָט זיך דערנענטערט.

# XXI.

— סטאַש, פאַרוואָס עפּעס פאָרן מיר אַזוי און פאָרן, און סמייבען אזוי ווי מען זעט אים נישט, אַזוי זעט מען אים נישט?

— כ'ווייס נישט. מסתמא גייט ער שנעל פאָרויס, כדי וואָס גיכער צוצוקומען אין די געגנטן, ווו ער וועט קענען וואָס מער בעגערן אָנפּאַנגען. וואָלסט שוין געוואָלט, אַז מיר זאָלן זיך שוין צוזאַמענטרעפן מיט זיין אָפּטיילונג?

דאָס מיידעלע האָט אַ שאָקל געטון מיט איר גאָלדן קעפּעלע אַלס צייכן, אַז עס גייט איר זייער אין לעבן.

— וואָס־זשע גייט דאָס דיר אַזוי שטאַרק אין לעבן ? — האָט סטאַש געפרעגט.

— ווייל אפשר וועט געבהר נישט וואַגן פאַר סמיינען אַזוי מוראדיק צו שלאָגן דעם אָרעמען קאַלי.

— סמיין איז געוויס נישט בעסער. זיי האָבן קיין שומס נישט קיין רחמנות אויף זייערע שקלאַפן.

— אַזוי ?

און צוויי טרערעלעך האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט איבער אירע אויסגעמאָגערטע בעקלעך.

דאָס איז שוין געווען דער ניינטער טאָג פון דער רייזע. געבהר, וועלכער איז איצט געווען דער פירער פון דעם קאַראַוואַן, האָט מתחילת זייער לייכט אָפּגעזוכט די טריט־צייכנס פון סמיינס מאַרש. זיין וועג האָבן אָנגעוויזן די צייכנס פון די אויסגעברענטע דזשונגלעס און די לאַגערפלעצער, וואָס זענען פול געווען מיט אַרומגעגריזשעטע ביינער און פאַרשידענע איבערבלייבעכצן. אָבער נאָך פינף טעג רייזע האָט מען אָנגעטראָפן אויף אַן אומגעהייערן שטח פון אַן אויסגעברענטן סטעפּ, אויף וועלכן דער ווינט האָט דאָס פייער אויף אַלע זייטן צעטראָגן. די צייכנס זענען געוואָרן וואָס אַמאָל בעפלהאַפטער און פאַרדרייטער, מחמת סמיין האָט, ווייזט אויס, פונאַנדערגעטיילט זיין אָפּטיילונג אויף עטלעכע קלעבערע, כדי אַזוי אַרום צו פאַרגרינגערן זיי דאָס אַרומרינגלען די חיות און צושטעלן שפייז־פּראָדוקטן. געבהר האָט נישט געוווּסט וווהין ער האָט צו גיין, און אָפּט האָט זיך געמאַכט, אַז דער קאַראַוואַן האָט נאָך אַ לאַנג אַרומקרייזן זיך אומגעקערט אויפן אייגענעם אָרט, פונוואַנען ער איז אַרויסגעגאַנגען. דערנאָך האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף וועלדער, און ווען זיי זענען איבערגעקומען די וועלדער, זענען זיי אַרייַנגעקומען אין אַ פעלזיק לאַנד, ווו דער באָדן איז באַדעקט געווען מיט פלאַכע פעלזן־שטיקער, אָדער דראָבנע שטיינדעלעך, וואָס זענען אויף גרויסע שטחים אַזוי געדיכט אָנגעוואָרפן געווען, אַז די קינדער האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זען פאַר זיך אַ שטאָטישן ברוק. געוויקסן זענען זייער קנאַפּ געווען. באָר ווו־נישט־ווו זענען אין די פעלזן־שפּאַלטן געוואַקסן עופאָרביעס, סטאַרצעס, מימאָזן, און נאָך שיטערער — שלאַנקע העל־גרינעביימער, וואָס קאַלי האָט זיי אָנגערופן אויף זיין קי־סוואַהילי לשון „מ׳טי“ און מיט זייערע בלעטער האָט מען געקאָרמעט די פערד. אין דערדאָזיקער גאַנצער געגנט אַרום איז לחלוטין קיין טייכלעך און קיין קוואַלן נישט

געוועז, צום גליק האָט פון צייט צו צייט שוין אָנגעהויבן צו רעגע־נען, האָט מען דעריבער אין די טיפלעכע און אויסגעהוילטע פעלזן גע־פונען וואַסער.

די חיות האָבן סמיינס אָפּטיילונגען פאַריאָגט און דער קאַראַוואַן וואָלט פאַר הונגער געוועז אויסגעשטאָרבן, ווען נישט די גרויסע צאָל פאַנטאַרקעס*), וועלכע האָבן זיך יעדע ווײַלע פון אונטער די פערדס פיס אָפּערגעריסן און אַרום פאַרנאַכט־צו האָבן זיי אַזוי געדיכט די ביי־מער באַזעצט, אַז ס'איז נאָר גענוג געוועז אין דער געהעריקער ריכטונג אַ שאָס צו טון, אַז עטלעכע זאָלן אויף דער ערד אַראָפּפאַלן. און דער־ביי זענען זיי לחלוטין גאַרנישט שרעקעוודיק געוועז און זיי האָבן גע־לאָזט צו זיך נאָנט צוגיין, און זיי האָבן זיך אַזוי שווער און פויל פון אָרט אויפגעריסן, אַז סאַבאַ, וועלכער איז געלאָפן פאָרויס פאַר דעם קאַ־ראַוואַן, האָט זיי געכאַפּט און כמעט יעדן טאָג עטלעכע דער־וואָרגן.

כאַמיס האָט זיי אויסגעהרגעט צו צענדליקער אַ טאָג פון אַן אַל־טער קאַפּישאָנען־ביקס, וואָס ער האָט אויסגעשווינדלט בײַ איינעם פון האַטימס דערווישן, בשעת דער רייזע פון אָמדורמאַן קיין פאַשאָדאַ. קיין שרויט האָט ער אָבער מער נישט געהאַט, ווי נאָר אויף צוואַנציק קוילן און ער האָט זיך באַאומרויקט באַם געדאַנק: וואָס וועט זיין, אַז דער גאַנ־צער זאַפּאַס וועט זיך אויסלאָזן. וואָרן סוף כל סוף האָבן זיך, טראָץ דעם פאַריאָגן פון די חיות, באַוויזן טיילמאָל צווישן די פעלזן סטאַדעלעך אַריעלן, שיינע אַנטילאָפּן, וואָס זענען באַקאַנט אין גאַנץ מיטל־אַפריקע, אָבער צו די אַריעלן האָט מען געדאַרפן שיסן מיטן שטוצער, זיי האָבן זיך אָבער מיט סטאַשס ביקס נישט געקענט אומגיין, און געבהר האָט זי אים נישט געוואָלט געטרויען אין דער האַנט אַריין.

דער סודאַנער האָט זיך דעסגלייכן אָנגעהויבן באַאומרויקן פון דעמ־ראָזיקן לאַנגן וועג. עס איז אים מאָמענטנווייז איינגעפאַלן אין קאָפּ אַריין, אַז ער זאָל זיך אומקערן קיין פאַשאָדאַ, וואָרן אין פאַל, ווען זיי זאָלן זיך מיט סמיינען נישט טרעפן, וואָלטן זיי באַך געקענט פאַרבלאָנ־דזשעט ווערן אין דידאָזיקע ווילדע געגנטן, ווו עס האָט זיי געדראָאָט, שוין נישט זאָגנדיק קיין הונגער, נאָר פשוט אַן אָנפאַל פון ווילדע חיות.

---

*) אַזעלכע הינער.

אָדער נאָך ווילדערע נעגערן, וועלכע האָבן געאָטעמט מיט נקמה פאַר די געיעגן, וואָס מ'האָט אויף זיי איינגעאָרדנט. אָבער ווייל ער האָט נישט געוווסט, אַז סעקי-טאַמאַלאַ קלויבט זיך גאָר אַרויסצוטרעטן קעגן עמין-פּאַשאַ, וואָרן דאָס געשפּרעך וועגן דעם איז פאָרגעקומען נישט אין זיין אָנוועזנהייט, האָט אים דעריבער אַ פּחד אַרומגענומען באַם גע-דאַנק, אַז עס וועט אים אויסקומען צו שטיין פּנים אל פּנים מיט דעם מעכטיקן עמיר, וועלכער האָט אים געהייסן אָפּפירן די קינדער צו סמיי-נען און געגעבן צו אים אַ בריוו, מתרה זייענדיק אים דערביי, אַז, אויב ער וועט נישט ווי געהעריק דערליידיקן זיין פונקציע, — וועט ער גיין אויפן שטריקל. דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען, האָט אים אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט פאַרביטערטקייט און כעס. ער האָט אָבער שוין נישט געוואַגט זיך נוקם צו זיין פאַר זיינע אַנטוישונגען אָן סטאַשן מיט נעלן, דאַקעגן אָבער האָבן קאַליס פּלייצעס זיך טאָג טעגלעך באַגאָסן מיט בלוט און-טערן קאַרבאַטש. דער יינגער שקלאַף האָט זיך שטענדיק דערנענטערט צו זיין אכזריותדיקן האַר מיט ציטערניש און מורא. אָבער אומזיסט האָט ער זיינע פיס אַרומגענומען און געקושט אין די הענט, אומזיסט איז ער געפאַלן פאַר אים אויפן פּנים. דאָס שטיינערנע האַרץ האָט נישט גערירט נישט קיין הכנעה, נישט די קרעכצן און דער קאַרבאַטש האָט איבער אַ ליאַדע סיבה און אָפּטמאָל אָן שום סיבה צעריסן דאָס לייב פון דעם אומגליקלעכן יינגל. אויף באַנאַכט האָט מען אים די פיס איינגעקלאַמערט אין אַ הילצערן ברעט מיט לעכער, כדי ער זאָל נישט אַנטלויפן. באַטאָג איז ער געגאַנגען אויף אַ שטריק צוגעבונדן צו געבהרס פערד, און דאָס האָט כאַמיסן זייער געוויילט. נעל האָט זיך מיט טרערן באַגאָסן איבער קאַליס גורל, סטאַשן האָט עס אין האַרץ אויפגערעגט און ער האָט זיך עטלעכע מאָל פאַר אים ענערגיש אָנגענומען, אָבער, ווען ער האָט באַ-מערקט, אַז דאָס גיט נאָך געבהרן צו חשק, האָט ער נאָר פאַרביסן מיט די ציין און געשוויגן.

אָבער קאַלי האָט פאַרשטאַנען, אַז דידאָזיקע צוויי נעמען זיך פאַר אים אָן און ער האָט זיי מיט זיין צעווייטיקט אָרעם האַרץ ליב גע-קריגן.

שוין צוויי טעג זענען זיי געפאָרן אין דעם פעלזן-שפּאַלט מיט הויכע שאַרף אָפּגעהאַקטע פעלזן-ווענט. פון די אָנגעטראָגענע און אָן אַ סדר צעוואָרפענע שטיינער האָט מען לייכט געקענט דערקענען, אַז אין דער צייט פון רעגנס האָט זיך דער טאָל אָנגעפילט מיט וואַסער, אָבער

איצט איז די דנא אינגאנצן טרוקן געווען. בא די ווענט איז אויף ביידע זייטן געוואקסן צו ביסלעך גראז, א סך דערנער, און ערטערווייז אפילו ביימער. געבהר האט זיך דעריבער אריינגעלאזט אין דעם שטיינערנעם האלדז אריין, דערפאר, ווייל ער איז כסדר געגאנגען בארג־ארויף, האט ער זיך דעריבער משער געווען, אז דאס וועט אים צופירן צו עפעס א הויכקייט, פון וועלכער עס וועט אים באטאג לייכטער זיין צו באמערקן א רויך, און באנאכט די פייערן פון סמיינס לאגער. ערטערווייז איז דער טאל אזוי שמאל געווען, אז צוויי פערד האבן געקענט נאר גיין צוזאמען, ערטערווייז האט ער זיך אויסגעברייטערט אין קליינע קייעלעכיקע גריבער, ארומגערינגלט, ווי מיט הויכע שטיינערנע טויערן, אויף וועלכע עס זענען געזעסן גרויסע פאוויאנען*), וואס האבן זיך אליין געשפילט, געבילן און דעם קאראוואן די ציין געוויזן.

עס איז געווען פינף א זייגער נאכמיטאג. די זון האט שוין אראפגענידערט צו מערב־צו, געבהר האט געטראכט וועגן א נאכטלעגער; ער האט זיך נאר געוואלט צוקריגן צו עפעס א קליינעם טאל, אין וועלכן מ׳וואלט געקענט איינארדנען א זעריבא, דאס הייסט, ארומרינגלען די קאראוואנען צוזאמען מיט די פערד מיט א פלויט פון שטעכיקע מימאזן און אקאציעס, וואס באשיצן פאר אנפאלן מצד די ווילדע חיות. סאבא איז געלאפן פארויס, בילנדיק אויף די מאלפעס, וועלכע האבן זיך אויף זיין אנבליק אומרויק געווארפן און ער איז כסדר נאכאנאנד פארשוונדן געווארן אין די אויסקרומונגען פון טאל. דאס ווידערקול האט הויך פובאנדערגעטראגן זיין בילן.

פלוצלינג אבער איז ער אנטשוויגן געווארן, און אין א ווײלע ארום איז ער מיט אן אימפעט געקומען צו לויפן צו די פערד מיט אויפגעשטעלטע האר אויפן רוקן און מיט דעם ווײדל הינטער זיך ארונטערגענומען. די בעדוינער און געבהר האבן פארשטאנען, אז ס׳האט אים געמוזט אוודאי עפעס איבערשרעקן, איבערוואַרפנדיק זיך אבער מיט א בליק און ווילנדיק זיך איבערצייגן, וואס דאס קען זיין, האבן זיי זיך געלאזט ווייטער גיין.

אבער דורכפארנדיק דעם קליינעם טאל־אויסבויג, האבן זיי א האלט-

*) אזעלכע מאלפעס, נישט ענלעכע צו קיין מענטשן.

איין געטון די פערד און זענען אין איין רגע שטיין געבליבן, ווי איינגע־זונקענע, פונם בילד, וואָס האָט זיי אַ שלאָג געטון אין די אויגן אריין.

אויף אַ נישט גרויסן פעלז, וואָס איז געלעגן אין סאַמע מיטן פון ראַוו, וועלכער איז געגעוג ברייט געווען אויף דעם אָרט, איז געלעגן אַ לייב.

עס האָט זיי אָנגעטיילט פון אים העכסטנס הונדערט טריט. דערזע־ענדיק די רייטערס און פערד, האָט זיך די מעכטיקע חיה אויפגעהויבן אויף די פאָדערשטע פיס און אָנגעהויבן קוקן אויף זיי. די זון, וואָס איז שוין געשטאַנען נידעריק האָט באַלויכטן זיין ריזיקן קאָפּ, די קידלאַטע ברוסט — און אין דער רויטער שיין איז ער ענלעך געווען צו איינעם פון יענע ספינקסן, וואָס באַצירן די אריינגענג צו די אוראַלטע עגיפּטישע טעמפּלען.

די פערד האָבן אָנגעהויבן זיך זעצן אויף די הינטנס, דרייען זיך און זיך צוריקציען. די איבערראַשטע און דערשראָקענע רייטערס האָבן נישט געוווסט וואָס צו טון, האָבן דעריבער פון מויל צו מויל זיך אַרי־בערגעטראָגן נאָר שרעקעוודיקע און אומבאַהאָלפענע ווערטער: „אַללאַך! ביסמילאַך! אַללאַך אַקבאַר!”

און דער קעניג פון מדבר האָט געקוקט אויף זיי פונדערהייך, אַזוי־באַוועגלעך, ווי אויסגעגאָסן פון בראָנז.

געבהר און כאַמיס האָבן געהערט פון סוחרים, וואָס פלעגן קומען מיט העלפאַנט־ביין און גומע פון סודאַן קיין עגיפּטן, אַז לייבן לייגן זיך טיילמאָל אויפן וועג פון קאַראַוואַנען, וועלכע מוזן צוליב דעם איינפאַך אָפּדרייען אין אַ זייט. אָבער דאָ איז נישט געווען, וואו זיך אָפּצודרייען. עס איז נאָר אויסגעקומען אויסצודרייען זיך און אַנטלויפן! יאָ! אָבער אין דעם פאַל איז כמעט געווען זיכער, אַז די שרעקלעכע חיה וועט זיך לאָזן אין געיעג נאָך זיי.

האָבן דעריבער אויפסניי זיך דערהערט צעשראָקענע פראַגן.

— וואָס טוט מען?

— וואָס טוט מען?

— אַללאַך! אפשר וועט ער אָפּטרעטן.

— ער וועט נישט אָפּטרעטן.

און עס האָט ווידער אַריינגעטרעטן אַ שטילקייט. עס האָט זיך

בלויז געהערט דאָס כראָפּען פון די פערד און דאָס האַסטיקע עמעמען פון די מענטשן.

— לאָז אַראָפּ קאַלין פון שטריק, — האָט זיך פּלוצלינג אַ רוף אָפּ געגעבן כאַמיס צו געבהרען, — און מיר וועלן אַנטלויפן אויף די פערד, דעמאָלט וועט דער לייב אים צוערשט דעריאָגן און דערהרגענען גאָר אים אַליין.

— טו אַזוי ! — האָבן איבערגעחזרט די בעדויִנער.

אָבער געבהר האָט זיך משער געווען, אַז אין דעם פאַל וועט קאַלי אין איין אויגן־בליק זיך אַרויפדראַפּען אויף דער פעלזן־וואַנט, און דער לייב וועט זיך ווייטער אַ לאָז טון נאָך די פערד, דעריבער איז אים געקומען אויפן רעיון אַן אַנדערער, נאָך שרעקלעכער איינפאַל. ער וועט שעכטן דאָס יינגל און עס וואַרפן פאַר זיך, און דאַן וועט די חיה יאָגני־דיק זיי, דערזעען אויף דער ערד דעם צעבלוטיקטן קערפּער און זיך פאַרהאַלטן, כדי אים אויפצופרעסן.

ער האָט דאַן צוגעצויגן קאַלין מיט שטריק צום זאָטל און שוין אויפגעהויבן דאָס מעסער, ווען אין דער אייגענער רגע האָט סטאַש אים אַ כאַפּ אַן געטון באַם ברייטן אַרבל פון דער דזשובע.

— וואָס טוסטו, אויסוואורף ?

געבהר האָט זיך אָנגעהויבן אויסרייסן, און ווען דאָס יינגל וואָלט אים געווען אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט, וואָלט ער זיך תיכף געווען אויס־געריסן, אָבער מיטן אַרבל איז נישט צוגעגאַנגען אַזוי לייכט, דעריבער האָט ער, רייסנדיק זיך, גענומען אייַנצייטיק כריפּען מיט אַ געשטיקט קול פון רציחה :

— הונט, אויב ער וועט נישט געגוג זיין וועל איך אויך אייך דער־שטעכן ! אַללאַך ! איך וועל דערשטעכן, דערשטעכן !

סטאַש איז שטערבלעך בלייך געוואָרן, ווייל עס איז אים שנעל דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז דער לייב יאָגנדיק זיך קודם־כל נאָך די פערד, קען ווירקלעך אינם גיציג אויסמיידן קאַליס קערפּער, און אין דעם פאַל וועט געבהר אָן שום ספק דערשטעכן זיי ביידע, איינעם נאָכן אַנדערן.

ער האָט ד׳ריבער געצויגן דעם אַרבל מיט אַ פאַרטאָפּלטן כוח, און אַ געשריי געטון.

— גיב מיר די ביקס ! . . . איך וועל דערהרגענען דעם לייב !

דידאָזיקע ווערטער האָבן פאַרוואונדערט די בעדויִנער, אָבער כאַמיס,

װעלכער האָט נאָך אין פּאָרט־סאַיד געזען, װי סטאַש האָט געשאָסן, האָט גלײך אָנגעהױבן שרײַען:

— גיב אים די ביקס, ער װעט דערהרגענען דעם לײב!

געבהר האָט זיך באַלד דערמאַנט, אָן די שאָסן אױף דער אָזיערע קאַראָון, און צוליב דער שרעקלעכער געפֿאַר באַלד אױפֿגעהערט זיך אַקײגנצושטעלן. ער האָט אַפֿילו מיט גרױס אײַלעניש דערלאַנגט דעם ײנגל דעם שטוצער, און כאַמיס האָט כּהרף עין אױפֿגעעפֿנט דאָס שעכטל מיט קױלן, פֿון װעלכן סטאַש האָט אַרױסגענומען אַ פֿולע האַנט.

דערנאָך איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿון פֿערד, אַרײַנגערוקט די קױלן אין דער עפֿענונג אַרײַן און גענומען גײן פֿאָרױס. אין משך פֿון די ערשטע פֿאַר טריט איז ער נעװען װי באַטױבט און האָט געזען נאָר זיך און נעלן מיט דורכגעשניטענע העלזער פֿון געבהרס מעסער. נאָר באַלד האָט די נענטערע און שרעקלעכערע געפֿאַר געמאַכט אים פֿאַרגעסן אָן אַלעם אַנדערן.

ער האָט געהאַט פֿאַר זיך אַ לײב! באַם דערזעען דעם לײב איז אים פֿינצטער געװאָרן אין די אױגן. ער האָט דערפֿילט אַ קעלט אין די באַקן און נאָז, ער האָט דערפֿילט, אַז די פֿיס זענען בײַ אים װי פֿון בלײַ, און אַז עס פֿאַרפֿעלט אים אָטעם. ער האָט פּשוט מורא געהאַט. אין פּאָרט־סאַיד האָט ער בשעת די לעקציעס אַפֿילו געלײענט װעגן יאַגד אױף לײבן, אָבער עפּעס אַנדערש איז געװען דאָס באַטראַכטן די בילד־לעך אין די ביכלעך, און גאָר עפּעס אַנדערש שטײן אױג אױף אױג מיט דער ריזן־חיה, װעלכע האָט איצט געקוקט אױף אים װי מיט פֿאַר־װוּנדערונג, קנײטשנדיק איר ברײטן שטערן, װאָס איז ענלעך געװען צו אַ פּאַנצער.

די אַראַבער האָבן פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם אין די ברוסטן, װאָרים זײ האָבן קײנמאָל אין לעבן נישט געזען עפּעס ענלעכס. פֿון אײן זײַט דאָס קלײנע ײנגל, װאָס האָט צװישן די הױכע פֿעלזן אױסגעזען נאָך קלענער, פֿון דער צװײטער זײַט די מעכטיקע חיה, אַ גאָלדענע אין די זונען־שטראַלן, אַ הערלעכע, אַ דראָענדיקע, — „דער האַר מיטן גרױסן קאָפּ", װי די סודאַנער זאָגן.

סטאַש איז מיטן גאַנצן כּוח פֿון װילן בײַגעקומען די אָנמעכטיקײט פֿון זײַנע פֿיס און האָט זיך אַ רוק געגעבן פֿאָרױס. נאָך אײן רגע האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס האַרץ גײט צו אױס ביז צום האַלז — און

געדויערט האָט עס אַזוי לאַנג, ביזוואַנען ער האָט נישט אויפגעהויבן די ביקס צום פּנים. דעמאָלט האָט מען געמוזט אַ קלאָר טון וועגן עפּעס אַנדערש. צי דערנענטערן זיך מער, צי שוין שיסן? וואו? צילעווען? וואָס קלענער ס'איז דער שטח, אַלץ זיכערער איז דער שאָס... על פּי ווייטער! ווייטער! פּערציק טריט — ס'איז נאָך צו פיל... דרייסיק!... — צוואָנציק!... די לופט דערטראָגט שוין דעם האַרבן ריח פון דער חיה...

דאָס ייִנגל איז שטיין געבליבן.

— אַ קויל צווישן די אויגן, אָדער ס'איז מיין סוף! — האָט ער אַ טראַכט געטון.

און דער לייב האָט זיך אונטערגעהויבן, אויסגעצויגן דעם רוקן און אַראָפּגענידערט דעם קאָפּ. די ליפּן האָבן זיך אים אָנגעהויבן פונאַנדער־צוגיין, די ברעמען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן. דאָס פיצל באַשעפעניש האָט זיך עפּעס געוואַגט צו נאָענט צוצוגיין — דעריבער האָט ער זיך געגרייט אַ שפּרינג צו טון, צוזעצנדיק זיך, ציטערנדיק מיט דער אויבערשטער טייל פון די פיס, אויף די הינטערשטע לאַפּעס...

סטאַש האָט זיך בעסער מיטן אויגנבליק דערזעען, אַז דאָס ציל־שטיפטל פון שטוצער פאַלט גלייך אויפן שטערן פון דער חיה — און ער האָט אַ צי־געטון באַם צינגל.

ס'האָט אַ קנאַל געטון אַ שאָס. דער לייב האָט זיך אַ שטעל געטון אויף די הינטערשטע לאַפּעס, אַזוי, אַז אַ ווײַלע איז ער נאָך געשטאַנען גלייך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הויך, דערנאָך איז ער אַ פאַל געטון אויף אַ הינטער, מיט די פיר לאַפּעס אינדערהייך.

און אין דער לעצטער קאָנוואולסיע האָט ער זיך פון פעלז אויף דער ערד אַראָפּגעקאָלערט.

סטאַש האָט אים נאָך אַ ווײַלע געהאַלטן אונטער דער שיס־גרייטקייט, נאָר זעענדיק, אַז דאָס וואַרפן זיך הערט אויף און אַז דער געלער קערפּער האָט זיך אָנמעכטיק אויסגעשטייפט, האָט ער אויפגעעפנט די ביקס און אַריינגעלייגט אַ פרישע קויל.

די פעלזן־ווענט האָבן נאָך אָפּגעהילכט מיט אַ הויכן ווידערקול. געבהר, כאַמיס און די בעדוינער האָבן מתחילת גאָרנישט געקאָנט זעען, וואָס עס איז געשען, מחמת אַ נאַכט פריער איז געפאַלן אַ רעגן, האָט דער רויך, צוליב דער פייכטקייט פון דער לופט, אַלץ פאַרשטעלט אין דעם ענגן טאָל. ערשט דעמאָלט, ווען דער רויך איז אַראָפּגעפאַלן, האָבן

זיי אַנגעהויבן שרייען פון פּ ייד און האָבן געוואָלט צולויפן צום ייִנגל, אָבער אומזיסט. וואָרן קיין שום קראַפט אין דער וועלט האָט נישט גע-קאָנט צווינגען די פערד, זיי זאָלן שטעלן אַ טריט פאָרויס.

סטאַש האָט זיך אומגעדרייט, אַרומגענומען מיטן בליק אַלע פיר-אַראַבער און איינגעגעסן זיך מיט די אויגן אין געבהרן.

— אַך, געבוּג! — האָט ער אויסגערופן, פאַרקריצנדיק מיט די ציין. — האָסט איבערגעכאַפּט די מאָס. וועסט נישט דערמאָרדן שוין נישט נעלן, נישט קיינעמען מער!

און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז די נאָז און די באַקן הייבן אים ווידער אָן בלוּ‌ס צו ווע ין, אָבער דאָס איז געווען אַן אַנדערע קעלט. וואָס איז געפלאָסן נישט פון מורא, נאָר פון דעם שרעקלעכן, אומברחמנות-דיקן באַשלוס, פון וועלכן דאָס האַרץ אין דער ברוסט ווערט אויף אַ ווייל, ווי אייזן.

— יאָ! דאָס זענען דאָך אויסוואורפן, תּלינים, רוצחים, און נעל גע-פינט זיך אין זייערע הענט!...

— וועסט זי נישט דערמאָרדן! — האָט ער פאַר זיך איבערגע-חזרט.

ער האָט זיך דערנענטערט צו זיי — ווידער זיך אָפּגעשטעלט — און פּלוצלינג האָט ער מיט אַ בליץ-שנעלקייט אויפגעהויבן די ביקס צ ם פּנים.

צוויי שאָס, איינער נאָכן אַנדערן, האָבן אָפּגעהילכט מיט אַ ווידער קול אין טאָל: געבהר איז אַ פאַל אום געטון אויף דער ערד, ווי אַ זאַק זאַמד און כאַמיס האָט זיך אַ בייג געטון אויפן זאָטל און אָנגעקלאַפּט זיך מיטן שטערן אָן קאַרק פון פערד.

די צוויי בעדוּינער האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעך געשריי פון דערשטוינטקייט, און אַראָפּשפּרינגענדיק פון די פערד, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטון צו סטאַשן. דער טאָל-אויסבויג איז הינטער זיי נישט ווייט געווען און ווען זיי וואָלטן געווען דאָרט אַהין אַנטלאָפן, וואָס סטאַש האָט זיך דאָס מיטן גאַנצן האַרץ טאַקע געווונטשט, וואָלטן זיי געקענט האָבן ניצול געוואָרן פון טויט. אָבער זייענדיק פאַרבלענדט פון שרעק און כּעס, האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז זיי וועלן פריער צוקומען צום ייִנגל, נאָך איידער ער וועט באַוויזן צו טוישן די לאָדונגען און זיי וועלן אים דערשטעכן מיט זייערע מעסערס.

נאַראָנים! — זיי האָבן קוים באַוויזן צען טריט אָפּצולויפן, האָט

די ביקס ווידער גרויזאַם אַ קנאַל געטון. דער טאָל האָט אָפּגעהילכט מיט דעם ווידערקול פון די נייע שאָסן און ביידע זענען אַנידערגעפאַלן מיט די פּנימער אויף דער ערד, וואַרפנדיק זיך און קלאַפּנדיק, פּונקט ווי פיש פון וואַסער צרויסגענומען.

איינער, וועלכער איז אין איילעניש שלעכט געשאָסן געוואָרן, האָט זיך נאָך אויפגעהויבן און אָנגעשפאַרט זיך אויף די הענט, אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט האָט אים סאַבאַ פּאַרזונקען זיינע ציין אין קאַרק.

אַ טויטע שטילקייט איז אַריינגעטרעטן.

קאַליס יאָמערן האָט זי ערשט איבערגעריסן. ער האָט זיך געוואָרפן אויף די קני, און אויסציענדיק פאַר זיך די הענט, האָט ער געשריגן זיין אַ צעבראָכענער קי־סוואַהילי־שפּראַך:

— בוואַנאַ קובוואַ! (גרויסער האַר!) האָסט דערהרגענען לייב, דערהרגענען שלעכטע מענטשן, אָבער נישט דערהרגענען קאַלין!

סטאַש האָט אָבער קיין אַכט נישט געלייגט אויף זיין שרייען. אַ געוויסע צייט איז ער געשטאַנען, ווי אַ צעמישטער, דערנאָך, ווען ער האָט דערזען נעלס ווייס־געוואָרענע פּנימל און איר'ע האַלב־באַוואוסטזיניקע, פון שרעק פונאַנדערגעעפנטע אויגן, איז ער צוגעשפּרונגען צו איר:

— נעל! האָב נישט קיין מורא!...

— נעל! מיר זענען פריי!...

. . . . . . . . . . . .

זיי זענען באמת טאַקע פריי געווען, אָבער גלייכצייטיק פאַרבלאָנדזשעט אין אַן אומבאַוואוינטער ווילדעניש, אין דעם אומגעהייערן מויל פון דער „שוואַרצער יבשה".

XX.1.

איידער סטאַש און דער ייִנגער בעגער האָבן צונויפגעשלעפּט אין אַ זייט פֿון טאָל די דערהרגעטע אַראַבער און דעם שווערן קערפּער פֿון לייב, איז די זון דערווייל נאָך מער פֿאַרזונקען און די נאַכט האָט שוין געהאַלטן בײַ צופֿאַלן. ס׳איז אָבער נישט קיין אופֿן געווען צו נעכטיקן אין דער נאָענט פֿון מתים, דעריבער האָט סטאַש, הגם קאַלי האָט, אָנ־ווייזנדיק אויף דער דערהרגעטער חיה, זיך געגלעט איבערן בויך און גע־האַלטן אין איין איבערחזרן, באַלעקנדיק זיך מיט דער צונג: „מסורי ביאַמאַ" (גוט פֿלייש), דאָך אים נישט געלאָזט זיך פֿאַרנעמען מיט דער „ביאַמאַ", דאַקעגן האָט ער אים גראָד געהייסן כאַפּן די פֿערד, וועלכע זענען נאָך די שאָסן אַנטלאָפֿן געוואָרן. דאָס שוואַרצע ייִנגל האָט דאָס זייער געשיקט געמאַכט. אָנשטאָט צו יאָגן זיי נעמלעך איבערן טאָל, — אין דעם פֿאַל וואָלטן זיי געווען וואָס אַמאָל ווייטער אַנטלאָפֿן, — האָט ער זיך גאָר אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן באַרג, און פֿאַרקירצנדיק זיך דעם וועג דורכן אויסמײַדן די פֿאַרשידענע אויסבויגן, פֿאַרלאָפֿן די דערשראָקענע פֿערד דעם וועג פֿון פֿאָרנט. אויף אַזאַ אופֿן האָט ער זייער לײַכט גע־כאַפּט צוויי פֿערד, און נאָך צוויי האָט ער אַרויפֿגעיאָגט אויף סטאַשן. נאָר געבהרס און כאַמיסעס פֿערד האָט מען שוין נישט געקאָנט אָפּזוכן, אָבער ס׳איז אַזוי אויך איבערגעבליבן פֿיר, נישט רעכענענדיק שוין דאָס מיט דעם געצעלט און מיט די זאַכן באַלאָדנטע אייזל, וועלכעס האָט, טראָץ די טראַגישע געשעענישן, אַרויסגעוויזן אַן אמתע פֿילאָזאָפֿישע רויקייט. מ׳האָט עס געפֿונען נאָכן ערשטן טאָל־אויסבויג שטיין און צופּן געמיט־לעך, נישט געאײַלט זיך, דאָס גראָז, וואָס איז געוואַקסן אויף דער דנאָ פֿון טאָל.

די סודאַנער פֿערדלעך זענען בכלל צוגעוואוינט צום אָנבליק פֿון ווילדע חיות, אָבער זיי האָבן מורא פֿאַר לייבן, דעריבער זענען פֿאָרגע־קומען גרויסע שוועריקייטן מיטן אַדורכפֿירן זיי לעבן דעם פֿעלז, לעבן וועלכן עס האָט זיך געשוואַרצט אַ קאַלוזשע בלוט. די פֿערד האָבן גע־כאָרכלט, פֿונאַנדערבלאָזנדיק די נאָזלעכער און אויסציענדיק די העלזער

צו די פאַרבלוטיקטע שטיינער, פונדעסטוועגן, ווען דאָס אייזל, וואָס האָט נאָר עטוואָס אויפגעשפּיצט די אויערן, איז אַדורכגעגאַנגען רויק, זענען זיי שוין אויך אַריבער. די נאַכט איז שוין צוגעפאַלן, פונדעסטוועגן זענען זיי נאָך אָפּגעפאָרן אַן ערך פון אַ קילאָמעטער און זיי האָבן זיך ערשט פאַרהאַלטן אויף דעם אָרט, וואו דער טאָל האָט זיך ווידער אויסגעברייטערט אין אַ קליינעם, אַמפיטעאַטראַלן גרוב, וואָס איז געווען געדיכט פאַרוואַקסן מיט דערנער און מיט קזשאַקעס פון שטעכיקע מימאָזן.

— הער, — האָט דער יינגער נעגער אויסגערופן — קאַלי אָנצינדן אַ פייער, אַ גרויס פייער!

און נעמענדיק די סודאַנישע, ברייטע שווערד, וואָס ער האָט געהאַט אַראָפּגענומען פון געבהרס טויטן קערפּער, האָט ער אָנגעהויבן אָנשניידן מיט איר דערנער, און אפילו גרעסערע ביימלעך. נאָכן אונטערצינדן דאָס פייער האָט ער נאָך כּסדר אַזוי געשניטן, ביזוואַנען ער האָט נישט אָנגעזאַמלט אַזאַ גרויסן זאַפּאַס, אַז ס'האָט געקאָנט קלעקן אויף אַ גאַנצער נאַכט.

דערנאָך האָבן זיי ביידע, ער מיט סטאַשן, אויפגעשטעלט דאָס געצעלטל פאַר נעלן לעבן דער הויכער, גלייך־אַראָפּפאַלנדיקער וואַנט פון טאָל, און דערנאָך האָבן זיי עס אַרומגערינגלט מיט אַ האַלב־קיילעכדיקן, ברייטן און הויכן שטעכיקן פּלויט, אָדער מיט אַן אַזוי גערופענער זעריבאַ. סטאַש האָט געוואוסט לויט די באַשרייבונגען פון די אַפריקאַנישע רייזעס, אַז די רייזנדער באַשיצן זיך אויף אַזאַ אופן פאַר אַן אָנפאַל פון ווילדע חיות. די פערד האָבן אָבער נישט געהאַט קיין פּלאַץ פון יענער זייט פּלויט, דעריבער האָבן זיי די יינגלעך נאָר אויסגעזאָטלט, און אַראָפּנעמענדיק פון זיי די בלעכענע כּלים און זעק, געפּענטעט די פיס, כּדי זיי זאָלן זוכנדיק גראָז אָדער וואַסער, זיך צופיל נישט דערווייטערן. מעאַ האָט, איבעריקנס, אין דער נאָענט געפונען וואַסער אין אַ פעלון־פּאַרטיפונג, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין קליינעם באַסיין, לעבן די קעגניבערליגנדיקע פעלזן. ס'איז געווען דערין גענוג, אַזוי, אַז עס האָט געקלעקט אי פאַר די פערד, אי אויף אָפּצוקאָכן די פּאַנטאַרקעס, וואָס כאַמיס האָט אינדערפרי דערשאָסן. אין די לעדערנע זעק, וואָס דאָס אייזל האָט צוזאַמען מיטן געצעלט געשלעפּט אויף זיך, האָט זיך אויך געפונען אַן ערך פון דריי טעפּ דורע און עטלעכע גאָרשטש זאַלץ, ווי אויך אַ בינטל געטרוקנטע מאַניאָק־וואָרצלען.

ס'איז אַלזאָ גענוג געווען אויף אַ רייכן מאָלצייט. צום מיינסט האָבן אָבער דערפון הנאה געהאַט קאַלי מיט מעאַן. דער יינגער נעגער, וועלכן געבהר האָט אויף אַ שרעקלעכן אופן אויסגעהונגערט, האָט אויפגעגעסן אַזאַ צאָל שפייז, וואָס וואָלט געקאָנט אָנזעטיקן צוויי מענטשן. דערפאַר איז ער אָבער אויך מיטן גאַנצן האַרץ דאַנקבאַר געווען זיינע נייע הערשאַפטן און תיכף נאָכן מאָלצייט איז ער געפאַלן אויפן פנים פאַר סטאַשן מיט נעלן אַלס צייכן, אַז ער ווינטשט זיך אויף זיין גאַנץ לעבן איבערצובלייבן באַ זיי אַלס שקלאַף, און דערנאָך איז ער דעסגלייכן הכנעהדיק געפאַלן אויפן פנים פאַר סטאַשס ביקס, פאַרשטייענדיק, ווייזט אויס, אַז ס'וועט פאַר אים אַ סך זיכערער זיין צו לעבן בשלום מיט אַזאַ שרעקלעכער כלי. דערנאָך האָט ער דערקלערט, אַז בשעת דער „גרויסער האַר" און די „ביבי" וועלן שלאָפן וועט ער, טוישנדיק זיך מיט מעאַן, וואַכן איבער זיי און אָפהיטן דאָס פייער זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן — און ער האָט זיך טשיפקע לעבן זיי אַנידערגעזעצט, צוזינגענדיק זיך אין דער שטיל אַזאַ מין לידל, אין וועלכן עס האָבן זיך אַלע מאָל איבערגעחזרט די ווערטער: „סימבאַ קופאַ! סימבאַ קופאַ!", וואָס דאָס הייסט אויפן קי=סוואַהילי=לשון: דער לייב איז דערהרגעט.

אָבער נישט דעם „גרויסן האַר" און נישט דער קליינער „ביבי" האָט זיך געגלוסט צו שלאָפן. נעל האָט, נאָך פיל בקשות מצד סטאַשן, קוים אַראָפגעשלונגען עטלעכע שטיקלעך פון דער פאַנטאַרקע און עטלעכע קערנדלעך צעקאָכטע דוראַ. זי האָט געטענהט, אַז עס ווילט זיך איר נישט עסן, נישט שלאָפן נאָר טרינקען. סטאַשן האָט אָנגעכאַפט אַ מורא, צי זי האָט נישט אַמאָל באַקומען קיין היץ, אָבער ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זי האָט קאַלטע הענט, און אַפילו שוין צופיל קאַלטע. ער האָט זי פונדעסטוועגן דאָך אָנגערעדט, אַז זי זאָל אַרונטערגיין אונטערן געצעלט, וואו ער האָט געהאַט פאַר איר צוגעגרייט אַ געלעגער, נאָכזוכנדיק פריער אויפמערקזאַם, צי עס געפינען זיך נישט אין גראָז קיין סקאָרפיאָנען. אַליין האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין מיטן שטוצער אין דער האַנט, כדי זי צו באַשיצן פאַר אַן אָנפאַל פון ווילדע חיות, אין פאַל, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס פייער איז נישט קיין גענוגנדע שוץ. עס האָט אים אַרומגענומען אַן אומגעהייערע מידקייט און דערשעפונג. אין האַרץ האָט ער זיך כסדר איבערגעחזרט: „כ'האָב דערהרגעט געבהרן און כאַמיסן, כ'האָב דערהרגעט די בעדויִנער, כ'האָב

דערהרגעט דעם לייב און מיר זענען פריי". אָבער ס'האָט אַזוי אויסגע־ זעען, גלייך ווי דידאָזיקע ווערטער וואָלט אים אַן אַנדערער איינגע־וימט און גלייך ווי ער אַליין וואָלט נישט גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדייט. ער האָט נאָר געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי זענען פריי, אָבער גלייכצייטיק איז געשען אויך עפּעס שרעקלעכס, וואָס האָט אים געמאַכט אָנפילן מיט אומרו און ווי אַ שווערער שטיין באַ דער ברוסט פאַרדריקט. ענדלעך האָבן אים די געדאַנקען אָנגעהויבן פאַרגליווערט צו ווערן. אַ לאַנגע צייט האָט ער געקוקט אויף די גרויסע נאַכט־שמעטערלינגען, וואָס האָבן אַרומגעקרייזט איבערן פלאַץ, און צום סוף האָט ער זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען און אַנדרימלט צו ווערן. קאַלי האָט אויך געדרימלט, אָבער ער האָט זיך יעדע ווײַלע אויפגעכאַפּט און צוגעוואָרפן צווייגן אויפן פײַ־ ער.

ס'איז געוואָרן אַ טיפע נאַכט, און — זעלטן וואָס עס טרעפט זיך אין די טראָפּישע לענדער — זייער אַ שטילע. מ'האָט נאָר געהערט דאָס קנאַקן פון די ברענענדיקע צווייגן און דאָס סיטשען פון פלאַם, וואָס האָט באַלויכטן אין אַ האַלבקרייז די אַראָפּהענגענדיקע פעלזן. די לבנה האָט נישט באַלויכטן די טיפענישן פון טאָל, אָבער אינדערהייך האָבן געשימערט חמרים פון אומבאַקאַנטע שטערן. די לופט איז געוואָרן אַזוי קיל, אַז סטאַש האָט זיך אויפגעכאַפּט, אָפּגעטרייסלט זיך פון דער שלעפעריקער פאַרשטאַרטקייט און אָנגעהויבן זיך זאָרגן וועגן דעם, צי די קעלט דאַקוטשעט נישט אַמאָל דער קליינער נעל.

אָבער ער האָט זיך באַרויקט, דערמאַנענדיק זיך, אַז ער האָט איר איבערגעלאָזט אונטערן געצעלט אויף די פּילצענע קאָלדרעס אַ פלעד, וואָס דינה האָט נאָך מיטגענומען פון פאַיום. ס'איז אים אויך געקומען אויפן געדאַנק, אַז, פאַרנדיק כּסדר פון סאַמע נילוס אָן, אמת טאַקע ביסט אַזוי אָנזעעוודיק, באַרג־אַרויף, האָבן זיי שוין געמוזט פונדעסטוועגן אין משך פון אַזוי פיל טעג פאַרפאָרן זייער הויך, און דעריבער געפינען זיי זיך איצט אין אַ געגנט, וואו דער פיבער דראָט שוין נישט אַזוי, ווי אין דעם נידעריקן טייך־געלעגער. די דורכנעמענדיקע באַנאַכטיקע קעלט האָט אויסגעזעען, ווי צו באַשטעטיקן דידאָזיקע השערה.

און דערדאָזיקער געדאַנק האָט אים צוגעגעבן מוט. ער איז אונ־ טערגעגאַנגען אויף אַ רגע הינטערן געצעלט, כּדי זיך צוצוהערן, צי נעל שלאָפט רויק, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט, אַנידערגעזעצט זיך נעב־

טער לעבן פייער און ווידער אָנגעהויבן צו דרימלען, און אפילו געכאַפּט אַ טיפֿן שלאָף.

פלוצלינג האָט אים סאַבאַס וואָרטשען אויפגעוועקט, ער האָט זיך פריער געהאַט לעבן זיינע פיס אַנידערגעלייגט שלאָפן.

קאַלי האָט אויך געעפנט די אויגן און ביידע האָבן זיך אומרויק גענומען אומקוקן אויפן הונט, וועלכער איז געלעגן אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, אָנגעשטעלט די אויערן, און ציענדיק מיט די נאָזלעכער, האָט ער געשמעקט אין דער זייט אַריין, פונוואַנען זיי זענען אָנגעקומען, איינקוקנדיק זיך גלייכצייטיק אויך אין דער פינצטערניש. די האָר האָבן זיך אים אויפגעשטעלט אויפן קאַרק און אויפן רוקן, און די ברוסט האָט זיך אים אָנגעבלאָזן פון דער לופט, וואָס ער האָט וואָרטשענדיק, אַריינגעצויגן אין די לונגען.

דער ייִנגער שקלאַף האָט שנעל צוגעוואָרפן עטלעכע טרוקענע צווייגן אויפן פייער.

— הער — האָט ער געשעפּטשעט — נעמען די ביקס! נעמען די ביקס!

סטאַש האָט גענומען די ביקס אַרויסגערוקט זיך פאַרן פייער, כדי בעסער צו זען די פינצטערע טיפעניש פון טאָל. דאָס וואָרטשען פון סאַבאַן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּגעהאַקט בילן. אַ לאַנגע ווײַלע האָט מען גאָרנישט געהערט, דערנאָך אָבער האָט זיך צו קאַליס און סטאַשס אויער דערטראָגן פונדערווייטנס אַ טויבער אָפּקלאַנג פון טריט, גלייך ווי גרויסע חיות וואָלטן שנעל געלאָפן אין דער ריכטונג פון פייער. דידאָזיקע טריט האָבן אין דער שטילקייט אָפּגעשאַלט מיט אַ ווידערקול צווישן די פעלזיקע ווענט און זענען געוואָרן וואָס אַמאָל הילכיקער.

סטאַש האָט פאַרשטאַנען, אַז עס דערנעענטערט זיך אַ שרעקלעכע געפאַר. אָבער וואָס האָט דאָס געקענט זיין? אפשר בופלאָקסן, אפשר אַ פּאָר נאָזהערנער, וואָס זוכן אַן אַרויסגאַנג פון טאָל? אין אַזאַ פאַל, אויב דער קנאַל פון אַ שאָס וועט זיי נישט איבערשרעקן און צוריקקערן, וועט שוין גאָרנישט דעם קאַראַוואַן קענען אָפּראַטעווען, ווייל דידאָזיקע חיות, וועלכע זענען נישט ווינציקער בייזע און אָנפאַלנדיקע פון די רויב־חיות, האָבן נישט קיין מורא פאַר קיין פייער — און זיי וועלן צעטראַטעווען אַלץ, וואָס זיי וועלן טרעפן אויפן וועג...

און אפשר איז עס גאָר סמאַינס אַן אָפּטיילונג, וועלכע האָט אַנ־

געטראָפן אויף די טויטע קערפּערס אין טאָל און איצט יאָגט זי זיך נאָך די מערדערס? סטאַש האָט אַליין נישט געוואוסט, וועלכעס עס וואָלט בעסער געווען — אַ גיכער טויט, צי אַ פרישער געפאַנגענשאַפט? דערביי איז אים אַדורך אַ געדאַנק דורכן קאָפּ, אַז אויב סמאַין אַליין וועט זיך געפינען אין דער אָפּטיילונג, וועט ער זיי אפשר שוינען, נאָר, טאָמער איז ער נישטאָ, וועלן זיי די דערווישן אָדער תּיכּף דערמאָרדן, אָדער, וואָס דאָס איז נאָך ערגער, זיי פּאַרפּייניקן פאַרן טויט אויף אַ שרעקלעכן אופן. „אַך, — האָט ער געטראַכט — ווי גיט גאָט, אַז דאָס זאָלן זיין חיות, נישט קיין מענטשן!"

דערווייל איז דער אָפּקלאַנג פון די טריט אַלץ געוואַקסן און פאַרוואַנדלט געוואָרן פּשוט אין אַ געדונעריי פון קאָפּיטעס — ביז עס האָבן זיך ענדלעך אַרויסגעוויזן פון דער פינצטערניש בליצנדיקע אויגן, פונאַנדערגעבלאָזענע נאָזלעכער און פון לויפן צעפלאָשעטע גרשיוועס.

— פערד! — האָט קאַלי אויסגעשריען.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען דאָס געווען געבהרס מיט כאַמיסעס פערד. זיי זענען ביידע געקומען צו לויפן אין אַ ווילדן אימפּעט, געיאָגט, ווייזט אויס פון שרעק, נאָר אַריינפאַלנדיק אין דעם קרייז פון ליכט און דערזעענדיק די געפּענטעטע חברים, האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס, דערנאָך האָבן זיי, פאָרכקענדיק, זיך איינגעגראָבן מיט די קאָפּיטעס אין דער ערד און אַ ווײַלע געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך.

אָבער סטאַש האָט נישט אַוועקגענומען די בליקס פון פנים. ער איז געווען זיכער, אַז הינטער די פערד וועט זיך אַ ליאַדע מינוט באַווייזן דער קודלאַטער קאָפּ פון אַ לייב, אָדער דאָס פלאַכע שעדל פון אַ פּאַנטערע. ער האָט אָבער בחינם געוואַרט. די פערד האָבן זיך ביסלעכווייז באַרויקט, און נאָך מער, סאַבאַ האָט נאָך אַ געוויסער צייט אויפגעהערט צו שמעקן, דאַקעגן האָט ער זיך, אויסדרייענדיק עטלעכע מאָל אויף איין אָרט, ווי עס טוען געוויינלעך הינט, אַנידערגעלייגט, איינגעדרייט זיך אין אַ רעדל און פאַרמאַכט די אויגן. משמעות, אויב וועלכע ס'איז רויב־חיה האָט נאָכגעיאָגט די פערד, האָט זי, דערפילנדיק דעם רויך, אָבער דערזעענדיק דעם אָפּגלאַנץ פון פייער אויף די פעלזן, זיך נאָך פונדערווייטנס אָפּגעטראָגן.

— ס'האָט זיי געמוזט, ווייזט אויס, עפּעס שטאַרק איבערשרעקן, — האָט סטאַש אויסגערופן צו קאַלין — ווי באַלד זיי האָבן נישט קיין

מורא געהאַט דורכצולויפן פאַרביי די טויטע קערפּערס פון די מענטשן און פון לייב.

— העי, — האָט דאָס יינגל אָפּגעענטפערט — קאָלי זיך אָנ־שטויסן, וואָס עס איז געשען. אַ סך, אַ סך היענעס און שאַקאַלן זענען אוודאי אַריינגעקומען אין טאָל אַריין און גייען צו די טויטע קערפּערס. די פערד פאַר זיי אַנטלויפן, אָבער די היענעס זיי נישט נאָכיאָגן, ווייל עסן געבהרן און די איבעריקע דאָ"ט...

— ס'קאָן זיין; אָבער דו גיי איצט, זאָטל אָפּ די פערד, נעם־צו די כּלים און די זעק און ברענג זיי אַהער. האָב נישט קיין מורא, וואָרים די ביקס וועט דיך באַשיצן.

— קאָלי נישט מורא — האָט דאָס יינגל אָפּגעענט־פערט.

און, פונאַנדערגעקוועטשט עטוואָס די דערנער בײַ דעם סאַמע פעלז, האָט ער זיך אַרויסגע־רוקט פון דער זעריבאַ, און דערווייל איז פון געצעלט אַרויסגעקומען נעל.

סאַבאַ האָט זיך תּיכּף אונטערגעהויבן, און אַ שטויס טוענדיק איר מיט דער נאָז, האָט ער זיך בײַ איר געמאָנט די געוויינטלעכע צערטלע. אָבער זי האָט, אויסציענדיק לכתּחילה די הענט, באַלד זיך צוריקגעצויג, ווי מיט עקל.

— סטאַש, וואָס איז געשען? — האָט זי געפרעגט.

— גאָרנישט. יענע צוויי פערד זענען געקומען צו לויפן. צי האָב דיך זייערע טריט אויפגעוועקט?

— כ'האָב מיך נאָך פריער געהאַט אויפגעכאַפּט און כ'האָב אפילו געוואָלט אַרויסגיין פון געצעלט, אָבער...

— אָבער וואָס?

— כ'האָב געמיינט, אַז דו וועסט אין כּעס זיין.

— איך? — אויף דיר?

— און נעל האָט אויפגעהויבן די אויגן און אָנגעהויבן אויף אים קוקן מיט עפּעס אַן אויסטערלישן בליק, מיט אַזעלכן, ווי זי האָט פריער אויף אים קיינמאָל נישט געקוקט. איבער סטאַשס פּנים איז דורכגעלאָפן אַ גרויסע פאַרוואונדערונג, ווייל ער האָט אין אירע רייד און אין איר בליק אַרויסגעלייענט אַ בפירושע מורא.

— זי האָט פאַר מיר מורא! — האָט ער אַ טראַכט געטון.

און אין ערשטן מאָמענט האָט ער דערפילט ווי עפּעס אַ בליץ פון צופרידנקייט. עס האָט אים געחנפעט דער געדאַנק, אַז נאָכדעם, וואָס ער האָט באַוויזן, האַלט אים אַפילו נעל נישט נאָר פאַר אַ פולשטענדיק דערוואַקסענעם מענטש, נאָר אויך פאַר אַ גרויזאַמען קריגס-העלד, וואָס זייעט שרעק אַרום זיך. אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט, וואָרן דער בייזער גורל האָט אין אים אַנטוויקלט דעם פאַרשטאַנד און די באַאַבאַכטונגס-פעיקייט, ער האָט זיך דעריבער געכאַפּט, אַז אין דעם מיידעלעס באַומרויקנדיקע אויגן זעט זיך, אויסער שרעק, ווי אויך עפּעס אַן עקל צו דעם אַלעם, וואָס עס איז געשען, צו דעם פאַרגאָסענעם בלוט און צו דידאָזיקע גרויזאַמקייטן, פון וועלכע זי איז הייגט געווען אַן עדות, — ער האָט זיך איצט דערמאַנט, ווי מיט אַ סעקונדע צוריק האָט זי צוריקגעצויגן די האַנט, נישט ווילנדיק אַ גלעט טון סאַבאַן, וועלכער האָט צודערוואָרגן איינעם פון די בעדוינער. יאָ! — סטאַש אַליין האָט דאָך אויך געפילט ווי ס'וואָלט אים עפּעס געפּרעסט באַ דער ברוסט. גאָר עפּעס אַנדערש איז צו לייענען אין פאָרט-סאַיד וועגן די אַמעריקאַנער טראַפּערן, וואָס האָבן אויפן ווייטן מערב גאַנצע טוצן רויטע אינדיאַנער אויסגעהרגעט, און עפּעס אַנדערש איז אַליין דאָס אויסצופירן און צו זען מענטשן, וועלכע האָבן ערשט מיט אַ סעקונדע צוריק געלעבט, כאָרכלען און וואַרפן זיך אין קאַלוזשעס בלוט. יאָ! נעל האָט אָן שום ספק טיף באַ זיך אין האַרץ פאַר אים מורא, אָבער גלייכצייטיק פילט זי אויך אַ ווידערווילן, וואָס וועט אין איר אויף שטענדיק איבערבלייבן. „זי וועט פאַר מיר מורא האָבן, — האָט סטאַש געטראַכט — אָבער אין דער טיפעניש פון האַרץ וועט זי, נישט ווילנדיק, נישט אויפהערן צו האַלטן דאָס מיר פאַר אַן עוולה און דאָס וועט זיין מיין שכר פאַר דעם אַלעם, וואָס כ'האָב פאַר איר געטון".

באַם דאָזיקן געדאַנק האָט אַ גרויס ביטערקייט דאָס האַרץ אים אָנגעפילט, וואָרן ער האָט זיך גאַנץ גוט אָפּגעגעבן דין וחשבון, אַז ווען נישט נעל, וואָלט ער שוין לאַנג אָדער געהרגעט געוואָרן, אָדער ער וואָלט שוין געהאַט אַנטלאָפן. וואָס ער האָט אַלזאָ געליטן, האָט ער נאָר פאַר איר דאָס אַלץ געליטן — און דידאָזיקע אַלע פּיין און הונגער, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, קומט אים נאָר איצט אַזוי פיל דערויס, וואָס אָט שטייט זי איצט פאַר אים אַן איבערגעשראָקענע, ווי נישט דאָס זעלבע קליינע שוועסטערל און זי הייבט אויף צו אים אירע אויגן, נישט מיט דעם אַמאָליקן צוטרויען, נאָר עפּעס מיט אַ דערשטוינבאַרער שרעק.

סטאַש האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט זייער אומגליקלעך. ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער ערשט פאַרשטאַנען, וואָס עס הייסט אַזוינס זיין צעווייטיקט. טרערן זענען אים נישט ווילנדיק אין די אויגן אַריין אָנגעקומען און ווען נישט דאָס, וואָס עס האָט בשום אופן נישט געפּאַסט פאַר אַ „גרויזאַמען קריגס־העלד" צו וויינען, וואָלט ער אפשר דאָס געווען געטון.

ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן, און ווענדנדיק זיך צום מיידעלע, האָט ער אַ פרעג געטון:

— האָסט מורא, נעל? . . .

און זי האָט שטיל אָפּגעענטפערט:

— עפּעס. . . איז אַזוי שרעקלעך!

דערויף האָט סטאַש געהייסן קאַלין ברענגען די פילצענע קאָלדערעס פון אונטער די זאָטלען, און פאַרדעקנדיק מיט איינע פון זיי דעם שטיין, אויף וועלכן ער האָט פריער געדרימלט, די צווייטע האָט ער אויסגעשפּרייט אויף דער ערד און אויסגערופן:

— זעץ דיך דאָ אַנידער לעבן מיר, באַם פייער. . . אמת, אַ קאַלטע נאַכט? אויב דער שלאָף וועט דיך פּייניקן, לען אָן אויף מיר דעם קאָפּ און וועסט איינשלאָפן.

נעל אָבער האָט נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט:

— עפּעס איז אַזוי שרעקלעך! . . .

סטאַש האָט זי זאָרגפעלטיק אַרומגעהילט מיטן פּלעד און זענען אַזוי אַ שטיק צייט געזעסן אין שטילשווייגן, אָנגעשפּאַרט איינער אָן אַנדערן און באַלויכטן מיט אַ ראָזן גלאַנץ, וואָס איז געקראָכן איבער די פעלזן און שימערירנדיק געפונקלט אויף די דינע פעלזן־הייטלעך, מיט וואָס די שטיינערנע ווענט זענען באַצירט געווען.

פון יענער זייט זעריבאַ האָט מען געהערט דאָס פאַרסקען פון די פערד און דעם גרילץ פון גראָז צווישן זייערע ציין.

— הער אויס, נעל, — האָט זיך סטאַש אָנגערופן — איך האָב דאָס געמוזט טון. . . געבהר האָט געדראָט, אַז ער וועט אונז דערשטעכן, אויב דער לייב וועט זיך נישט באַנוגענען מיט קאַלין און ער וועט זיי ווייטער נאָכיאָגן. האָסט געהערט? . . . דערמאַן דיך נאָר, אַז דאָס האָט ער נישט נאָר מיר געדראָט, נאָר אויך דיר. און ער וואָלט דאָס געווען געטון! איך וועל דיר זאָגן אָפנהאַרציק, אַז, ווען נישט דידאָזיקע דראָונג וואָלט איך צו זיי, הגם איך האָב שוין דערפון לאַנג געטראַכט, נישט

געווען גשאָסן. איך מיין, אַז איך וואָלט עס נישט געקאָנט. . . ער האָט אָבער איבערגעכאַפּט די מאָס. האָסט געזעען, ווי מוראדיק ער האָט גע־גייניקט פריער קאַלין. און כאַמיס? ווי נידערטרעכטיק ער האָט אונז פאַר־קויפט! דערביי, ווייסטו גאָר, וואָס עס וואָלט געווען געשעען, ווען זיי וואָלטן סמאַינען נישט געפונען? געבהר וואָלט אונז נעמלעך פונקט אַזוי אויך אָנגעהויבן צו פייניקן. . . און דיך, ס'איז אַ שרעק גאָר צו טראַכטן, אַז ער וואָלט דיך געווען געשלאָגן מיטן קאַרבאַטש און וואָלט אונז ביי־דע געווען פאַרפייניקט, און נאָך אינזער טויט וואָלט ער זיך געווען אומ־געקערט קיין פּאַשאַדאַ און געזאָגט, אַז מיר זענען געשטאָרבן פון פי־בער. . . איך האָב דאָס, נעל, אויס קיין שום גרויזאַמקייט נישט געטון, כ'האָב אָבער געמוזט טראַכטן וועגן דעם. ווי אַזוי דיך אָפּצוראַטעווען. . . נאָר וועגן דיר איז מיר געגאַנגען. . .

אין זיין קול האָט זיך בפירוש אָפּגעשפּיגלט זיין צעווייטיקטקייט, וואָס האָט אים דאָס האַרץ אָנגעפילט. נעל האָט דאָס, משמעות, פאַר־שטאַנען, מחמת זי האָט זיך צו אים שטאַרקער צוגעדריקט. ער ווי־דער האָט, באַהערשנדיק די מאָמענטאַלע גערירטקייט, ווייטער אַזוי גע־זאָגט:

— איך וועל דאָך נישט ווערן אַנדערש. איך וועל וואַכן איבער־דיר און דיך היטן, פּונקט ווי פריער. כּל־זמן זיי האָבן געלעבט, איז קיין שום האָפענונג נישט געווען זיך צו ראַטעווען. איצט קענען מיר אַנטלויפן קיין אַביסיניען. די אַביסיניער זענען שוואַרצע און ווילדע, אָבער זיי זע־נען קריסטן און שונאים פון די דערווישן. אַבי זאָלסט נאָר געזונט זיין, וועט דאָס אונז שוין געלונגען, וואָרן קיין אַביסיניען איז נישט זייער ווייט. און ווען אַפילו ס'זאָל אונז נישט געלונגען, ווען מיר זאָלן אַפילו אַריינ־פאַלן אין סמאַינס הענט אַריין, זאָלסטו נישט מיינען, אַז ער וואָלט זיך אָן אונז נוקם געווען. ער האָט זינט ער לעבט קיינמאָל נישט געזעען נישט געבהרן, נישט די בעדוינער; ער האָט נאָר געקענט כאַמיסן, אָבער וואָס גייט אים דאָרט אָן כאַמיס! מיר האָבן דאָך אַ ברירה סמאַינען אַפילו נישט צו דערציילן, אַז כאַמיס איז מיט אונז דאָ מיטגעווען. אויב עס וועט זיך אונז איינגעבן אַריבערצוקריגן קיין אַביסיניען, זענען מיר געראַטעוועט, און אויב נישט, וועט דיר אויך אין דעם פאַל נישט זיין ערגער, נאָר בעסער, — וואָרן אַזעלכע אַכזרים, ווי יענע, איז דאַכט זיך מיר, גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. . . האָב נישט קיין מורא פאַר מיר, נעל! . . .

און, ווילנדיק איפּוועקן בײַ איר צוטרויען, און גלייכצייטיק איר

צוגעבן מוט, האָט ער זי אָנגעהויבן צו גלעטן איבערן געלבלעכן קעפעלע. דאָס מיידעלע האָט אויסגעהערט, אויפהייבנדיק נישט דרייסט אויף אים די אויגן. מ׳האָט געזען באַשיינפערלעך, אַז זי וויל אים עפּעס זאָגן, אָבער זי האַלט זיך איין און וואַקלט זיך מיט דער דעה — און זי האָט מורא. ענדלעך האָט זי אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אַזוי, אַז די האָר האָבן איר דאָס גאַנצע פּנים פאַרשטעלט און נאָך שטילער ווי פריער און מיט אַ ביסל אַ ציטערדיק קול זיך אַ פרעג געטון:

— סטאַש...

— וואָס, טייערע?

— זיי וועלן דאָ נישט אַהערקומען?...

— ווער? — האָט סטאַש מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט.

— יענע... די דערהרגעטע?

— וואָס רעדסטו, נעל?..

— כ׳האָב מורא! כ׳האָב מורא!...

און די בלאַסע ליפּן האָבן זיך איר אָנגעהויבן טרייסלען.

ס׳איז אַריינגעטרעטן אַ שטילשווייגן. סטאַש האָט נישט געגלייבט, אַז דערהרגעטע זאָלן קאָנען אויפשטיין תחית המתים, נאָר מחמת ס׳איז געווען באַנאַכט און זייערע קערפּערס זענען נישט ווייט געלעגן, איז אים עפּעס אויסערליש נישט היימלעך געוואָרן: אַ ציטער איז אים דורך די פּלייצעס דורכגעלאָפן.

— וואָס רעדסטו, נעל? — האָט ער איבערגעחזרט. — דאָס האָט דיך דינה אווראי אויסגעלערנט מורא האָבן פאַר גייסטער... געשטאָרבענע קומען נישט מער צוריק...

און ער האָט נישט פאַרענדיקט, וואָרים אין דער זעלבער רגע איז געשען עפּעס שרעקלעכס. עס האָט זיך נעמלעך אין דערדאָזיקער באַנאַכטיקער שטילקייט, אין דער ווייטקייט פון טאָל, פון דער זייט, וואו עס זענען געלעגן די מתים, פּלוצלינג צעטראָגן עפּעס אַן אוממענטשלעך מוראדיק געלעכטער, אין וועלכן עס האָט אויפגעציטערט אי פאַרצווייפלונג, אי פרייד, אי גרויזאַמקייט, אי ווייטיק, אי שפּאָט און אַ שלוכצן — אַן אַדורכנעמענדיק און כפאַזמאַטיש געלעכטער פון משוגעים אָדער פון רוחות.

נעל האָט אַ געשריי געטון און מיטן גאַנצן כוח סטאַשן מיט די

אָרעמס אַרומגענומען. און אים האָבן זיך די האָר אויפגעשטעלט. סאַבאַ האָט זיך אויפגעריסן און אָנגעהויבן צו וואָרטשען.

נאָר קאַלי, וועלכער איז געזעסן דערלעבן האָט רויק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און כמעט פריילעך אויסגערופן:

— דאָס היענעס לאַכן פון געבהרן און פון לייב...

## XXIII.

די גרויסע געשעענישן פון פריערדיקן טאָג און די איינדרוקן פון באַנאַכט האָבן נעלן מיט סטאַשן אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז, ווען דער שלאָף האָט זיי ענדלעך גובר געווען, זענען זיי ביידע פאַרזונקען געוואָרן אין אַ האַרטן שלאָף און דאָס מיידעלע האָט זיך ערשט אַרום מיטאָג-צו באַוויזן פאַרן געצעלט. סטאַש האָט זיך עטוואָס פריער אויפגעהויבן פון דער קאָלדרע, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט לעבן פייער און אין דערוואַרטונג אויף זיין חברטאָרין, האָט ער קאַלין געהייסן זיך פאַרנעמען מיטן פרישטיק, וואָס האָט צוליב דער שפּעטער שעה, געזאָלט שוין פאָרקומען צוזאַמען מיטן מיטאָג.

די העלע ליכט פון באַטאָג האָט פונאַנדערגעטריבן די באַנאַכטיקע שרעק; ביידע האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט נישט נאָר אויסגערוטע, נאָר אויך גייסטיק געשטאַרקטע. נעל האָט בעסער אויסגעזעען און געפילט זיך קרעפטיקער, און ווייל ביידע האָבן געוואָלט האָס ווייטער אַוועקפאָרן פון דעם אָרט, וואו עס זענען געלעגן די דערשאָסענע סודאַנער, דעריבער זענען זיי באַלד נאָכן מאָלצייט אויפגעזעסן אויף די פערד און ווייטער געלאָזט זיך פאָרויס.

אין דערדאָזיקער צייט פאַרהאַלטן זיך אַלע רייזנדער אין אַפריקע אויף מיטאָג-אָפּרו און אפילו די קאַראַוואַנען, וואָס באַשטייען פון בלויז נעגערן, באַשיצן זיך אויך אונטער אַ שאָטן פון גרויסע ביימער, דאָס זענען נעמלעך די אַזוי גערופענע ווייסע שעהן, — די שעהן פון חמימה און שטילשווייגן, אין דערדאָזיקער צייט בראָט די זון אומברחמנותדיק. און אַראָפּקוקנדיק פון דער הייך, זעט אויס, ווי זי וואָלט געזוכט, וועמען צו דערהרגענען. יעדער מין חיה פאַררוקט זיך דעמאָלט אין די גרעסטע

געדיכטעניש, עס הערט אויף דאָס פויגל-געזאַנג, עס הערט אויף דאָס זשומען פון אַלע מינים פליגעלעך און די גאַנצע נאַטור פאַלט אַריין אין אַ שטילקייט, באַהאַלט זיך, ווי וועלנדיק זיך באַשיצן פאַרן אויג פון דעם בייזן גאָט. זיי אָבער זענען כסדר געפאָרן מיטן טאָל, אין וועלכן איין וואַנט האָט געוואָרפן אַ טיפן שאָטן, דעריבער האָבן זיי זיך געקאָנט רוקן פאָרויס, נישט איינשטעלנדיק זיך אָפּגעבראָטן צו ווערן. סטאַש האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם טאָל, קודם כל דערפאַר, מחמת אינדערהייך וואָלטן זיי געקאָנט באַמערקט ווערן פונדערווייטנס דורך סמאַינס אָפּטיילונג, והשנית, ווייל ס'איז לייכטער געווען אין די פעלזן-שפּאַלטן צו געפינען וואַסער, וואָס אין די אָפענע ערטער איז איינגעזאַפּט געוואָרן אין דער ערד, אָדער עס איז אין דאַמף פאַרוואַנדלט געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון די זון-שטראַלן.

דער וועג איז כסדר, הגם נישט אַזוי קענטיק, געגאַנגען באַרג-אַרויף. אויף די פעלזיקע ווענט האָט מען ערטערווייז באַמערקט געלע אָפּגעזעצטע שוועבל-שיכטן. דאָס וואַסער אין די שפּאַלטן איז אויך געווען דורכגענומען מיט דעמדאָזיקן ריח, וואָס דאָס האָט ביידע קינדער אויף זייער נישט קיין ליבן אופן דערמאַנט אָן אָמדורמאַן און אין די מאַהדיסטן, וועלכע האָבן זיך די קעפּ געשמירט מיט אַזאַ פעטיקייט, וואָס איז געווען אויסגעמישט מיט שוועבל-שטויב. אויף אַנדערע ערטער ווידער האָט מען געפילט אַ ריח פון פיזעם-קעץ, און דאָרטן, וואו פון די הויכע אַראָפּהענגנדיקע פעלזן-שטיקער זענען אַראָפּגעפאַלן אַזש ביז אונטן אין טאָל אַראָפּ פּראַכטפולע ליאַנען-קאַסקאַדן, איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַ פאַרשכורנדער גערוך פון וואַניליע. די קליינע וואַנדערער האָבן זיך גערן פאַרהאַלטן אין דעם שאָטן פון דידאָזיקע שווערע פוירהאַנגען, וואָס זענען געווען אויסגעהאַפטן מיט פורפור-און לילאַ-בלומען, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די בלעטער צוגעשטעלט שפּייז פאַר די פערד.

קיין חיות האָט מען נישט געזען, נאָר וואו-נישט-וואו האָט מען אויף די שפּיצן פעלזן געזען זיצן מאַלפּעס. וועלכע זענען אויפן פאָן פון הימלענלעך געווען צו אַזעלכע פאַנטאַסטישע געצנדינערישע געטלעך, וואָס באַצירן אין אינדיען די טעמפּל-ראַנדן. די גרויסע גזשיוועדיקע זכרים האָבן סאַבאַן געוויזן די ציין, אָדער אויסגעצויגן די פיסקלעך, ווי אַ רערלאַלס צייכן פון שטוינונג און צאָרן, אונטערשפּרינגענדיק גלייכצייטיק, מרו-געגדיק מיט די אויגן און קלעטערנדיק אויף די ווענט. אָבער סאַבאַ,

וועלכער איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן זיי כסדר צו זען, האָט זיך פון זייערע דראָונגען ווייניק וואָס געמאַכט.

זיי זענען געפאָרן מונטער. די שמחה פון דער באַקומענער פרייהייט האָט פאַרטריבן פון סטאַשס ברוסט די געשפּענסטער, וואָס האָבן אים באַנאַכט געשטיקט. דער קאָפּ זיינער איז איצט נאָר געווען פאַרנומען מיט דעם געדאַנק, וואָס טוט מען ווייטער, ווי אַזוי פירט מען אַרויס בעלן און זיך פון די געגנטן, וואו עס האָט זיי געדראָט אַ פרישע געפאַנגענשאַפט בא די דערווישן, ווי אַזוי טוט מען זיך אַן עצה אין דער צייט פון דערדאָזיקער לאַנגער רייזע איבער די ווילדענישן, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער און דורשט און ענדלעך: וואוהין גייט מען? ער האָט נאָך דאָס געוואוסט פון האַטימען, אַז פון פאַשאָדאַ ביז דער אַביסינישער גרענעץ איז אין אַ גלייכער ליניע נישטאָ מער, ווי פינף טאָג רייזע — און ער האָט אויסגערעכנט, אַז דאָס מאַכט אויס אַן ערך פון הונדערט ענגלישע מייל. זינט נעמלעך זיי זענען אָבער אַרויסגעפאָרן פון פאַשאָדאַ איז שוין פאַרביי אַן ערך פון צוויי וואָכן, דעריבער איז געווען אַ קלאָרע זאַך, אַז זיי זענען נישט געגאַנגען מיטן קירצסטן וועג, נאָר זוכנדיק סמאַינען, האָבן זיי זיך געמוזט באַדייטנד אַראָפּדרייען אויף דרום. ער האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז אין זעקסטן טאָג פון זייער רייזע זענען זיי דורכגעגאַנגען אַ טייך, וואָס איז נישט געווען דער נילוס, און דערנאָך, נאָך איידער דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבן אויפשטייגן, זענען זיי דורכגעפאָרן דורך עפּעס גרויסע בלאָטעס. אין דער שולע, אין פּאָרט-סאַיד, האָט מען זייער גענוי געלערנט די געאָגראַפיע פון אַפריקע און סטאַשן איז איבערגעבליבן אין זכרון דער נאָמען באַלאָר, וואָס דאָס באַצייכנט די אויסגוסן פון דעם ווייניק באַקאַנטן טייך סאָבאַט, וואָס פאַלט אַריין אין נילוס. ער איז, אמת טאַקע, נישט געווען זיכער, צי זיי האָבן אויסגעמיטן די דאָזיקע אויסגוסן, אָבער ער האָט זיך משער געווען, אַז אַזוי איז עס. עס איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אויך סמאַין, וועלנדיק אָנכאַפּן אַ סך שקלאַפן, האָט זיי נישט געקאָנט זוכן גלייך אויף מזרח פון פאַשאָדאַ, מחמת דאָס לאַנד דאָרטן איז שוין לחלוטין געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן דורך די דערווישן און דורך די פּאָקן, נאָר ער האָט געמוזט גיין אויף דרום, אין די געגנטן, וואָס זענען נאָך ביז איצט דורך קיין שום עקספּעדיציעס נישט באַזוכט געוואָרן. סטאַש האָט דערפון אַרויסגעדרונגען, אַז זיי גייען מיט סמאַינס טריט — און דערדאָזיקער געדאַנק האָט אים לכתחילה איבערגעשראָקן.

האָט ער זיך דעריבער אָנגעהויבן מיישב צו זיין, צי וואָלט מען נישט געדאַרפט אַמאָל פאַרלאָזן דעם טאָל, וואָס האָט זיך וואָס אַמאָל בפירושער אָפּגעדרייט אויף דרום און גיין גלייך קיין מזרח. אָבער נאָך אַ קליינעם ישוב הדעת האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דעמדאָזיקן פּלאַן. אדרבה, נאָכצוגיין טריט בײַ טריט נאָך סמאַינס באַנדע אויף אַ מרחק פון צוויי אָדער דריי טעג, האָט זיך אים אויסגעוויזן אַ סך זיכערער, מחמת ס'איז לחלוטין קיין שום שכל נישט געווען, אַז סמאַין זאָל זיך מיט דער מענטשן־סחורה אומקערן מיט דעם זעלבן אָנלייגנדיקן וועג, אַנשטאָט זיך אָפּצודרייען גלייך צום נילוס. סטאַש האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז קיין אַביסיניען האָט מען זיך נאָר געקאָנט אַדורכקריגן פון דער דרומדיקער זייט, וואו דאָסדאָזיקע לאַנד טרעפט זיך צוזאַמען מיט דער פאַרלאָזטער ווילדעניש. נישט דורך דער מערבדיקער גרענעץ, וואָס איז שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן דורך די דערווישן.

און אַלס פועל יוצא פון דידאָזיקע געדאַנקען, האָט ער באַשלאָסן אַרײַנצולאָזן זיך וואָס ווייטער קיין דרום. מען האָט זיך דאָרט, אמת טאַקע, געקאָנט אָנשטויסן הן אויף נעגערן, הן אויף אַנטלאָפענע פון לעבן די ברעגן פון ווייסן נילוס, הן אויף די אָרטיקע איינוואוינער, אָבער צווישן די צוויי שלעכטע ברירות, האָט סטאַש גלײַכער געוואָלט האָבן צו טון מיט די שוואַרצע, ווי מיט די מאַהדיסטן. ער האָט דערבײַ אויסגערעכנט אויך דערויף, אַז אין פאַל, ווען ער וועט אָנטרעפן אויף אַנטלאָפענע, אָדער אויף אָרטיקע איינוואוינער, קאָנען אים קאַלי מיט מעאַן זיין בײַהילפיק. אויף דער יינגער נעגערין איז נאָר גענוג געווען אַ קוק צו טון, כדי זיך אָנצושטויסן, אַז זי געהערט צום שבט דינקאַ אָדער שילוק, זי האָט נעמלעך געהאַט אומגעהייער לאַנגע און דינע פיס, מיט וואָס עס צייכענען זיך אויס די ביידע שטאַמען, וועלכע באַוואוינען די ברעגן פון נילוס און וועלכע שלעפן זיך אַרום, פונקט ווי די זשוראַוון אָדער באָטשאַנעס, איבער זייער אויסגוסן. דאַקעגן קאַלי, הגם אונטער געבהרס האַנט איז ער געוואָרן מער ענלעך צו אַ סקעלעט, האָט געהאַט פולשטענדיק אַן אַנדער געשטאַלט. ער איז געווען שטאַרק און פעסט געבויט; ער האָט געהאַט שטאַרקע אָרעמס, און די טריט, אין פאַרגלייך מיט מעאַס טריט, זענען פאַרהעלטנישמעסיק געווען קליין.

ווייל ער האָט כמעט לחלוטין נישט געקענט קיין אַראַביש, און זייער שלעכט דאָס קי־סוואַהילי־לשון, מיט וועלכן מ'האָט זיך געקענט אויסשמועסן כמעט אין גאַנץ אַפריקע, און וואָס סטאַש האָט זיך ווי ס'איז

געהאַט אויסגעלערנט פון די זאַנזיבאַרן, וועלכע האָבן געאַרבעט באַם קאַ־באַל, פונדאַנען האָט מען געקענט דעריבער דרינגען, אַז ער האָט געשטאַמט פון עפּעס ווייטע קאַנטן.

סטאַש האָט דעריבער באַשלאָסן אים אויסצופאָרשן, פון וואָס פאַ־אַ קאַנטן ער שטאַמט.

— קאַלי, ווי אַזוי הייסט דיין פאָלק ? — האָט ער געפרעגט.

— וואַ־הימאַ — האָט דער ייִנגער נעגער געענטפערט.

— צי איז דאָס אַ גרויס פאָלק ?

— אַ גרויס, וועלכעס האַלט מלחמה מיט די בייזע סאַמבורו און נעמט זיי צו די בהמות.

— און ווי געפינט זיך דיין דאָרף ?

— ווייט ! ווייט ! . . . קאַלי ווייסט נישט, וואו.

— צי איז אַזאַ לאַנד, ווי דאָס ?

— ניין. דאָרט איז פאַראַן אַ גרויס וואַסער און אַ סך בערג.

— ווי אַזוי רופט איר דאָס וואַסער ?

— מיר רופן עס אָן : דאָס טונקעלע וואַסער.

סטאַש האָט זיך משער געווען, אַז דאָס ייִנגל קומט אוודאי אַרויס פון די געגנטן פון אַלבערט־ניאַנצאַ, וואָס האָבן זיך ביז איצט געפונען אין די הענט פון עמין פאַשאַ, דעריבער האָט ער ווילנדיק זיך איבער־צייגן, צי עס איז אַזוי, אַ פרעג געטון ווייטער :

— צי וואוינט נישט דאָרט אַמאָל אַ ווייסער הויפּטמאַן, וועלכער פאַרמאָגט שוואַרצע רויכערדיקע שיפן און מיליטער ?

— ניין. די אַלטע לייט באַ אונז דערציילן, אַז זיי האָבן געזעען אַמאָל ווייסע מענטשן (דאָ האָט קאַלי פונאַנדערגעשטעלט די פינגער) איינס, צוויי, דריי ! . . . יאָ, ס׳זענען געווען דריי אין לאַנגע ווייסע קליי־דער. זיי האָבן געזוכט העלפאַנטביין. . . קאַלי האָט זיי נישט געזען, וואָרן ער איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, אָבער קאַליס פאָטער זיי אויפגענומען און זיי געבן אַ סך העלפאַנטביין.

— וואָס איז דיין טאַטע ?

— דער קעניג פון די וואַ־הימען.

סטאַשן האָט דאָס אַ ביסל אינטערעסירט, אַז ער האָט אַ פרינץ פאַר אַ קנעכט.

— צי וואָלסטו געוואָלט זען דעם טאַטן ?

— קאַלי ווילן זען די מאַמען.

— און וואָס וואָלסטו געטון, ווען מיר זאָלן באַגעגענען וואַ-הימען און וואָס וואָלטן זיי געטון?

— וואַ-הימאַ פאַלן אויפן פּנים פאַר קאַלין.

— פיר-זשע אונז דאָרט אַהין, וועסטו דאָרט איבערבלייבן מיט זיי און וועסט געוועלטיקן נאָך דיין פאָטער, און מיר וועלן גיין ווייטער, אַזש ביזן ים.

— קאַלי נישט טרעפן צו זיי און גישט איבערבלייבן, ווייל קאַלי האָט ליב דעם גרויסן האַר און די טאָכטער פון דער לבנה.

סטאַש האָט זיך פריילעך אויסגעדרייט צו זיין חברטאָרין און אויס-גערופן:

— נעל, ביסט געוואָרן דער לבנהס אַ טאָכטער.

אַ קוק טוענדיק אָבער אויף איר, איז ער פּלוצלינג טרויעריק גע-וואָרן, עס איז אים נעמלעך געקומען אויפן געדאַנק, אַז דאָס אויסגעמאַ-טערטע מיידעלע מיט איר בלאַסן און דורכזיכטיקן פּנימל זעט באמת אויס מער אויף אַ לבנהדיק, ווי אויף אַן ערדיש וועזן.

דער ייִנגער נעגער איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, דערנאָך האָט ער נאָך אַמאָל איבערגעחזרט:

— קאַלי ליב האָבן דעם בוואַנאַ קובווא, וואָרן דער בוואַנאַ קובווא נישט דערהרגענען קאַלי, נאָר געבהרן, און קאַלי געגעבן אַ סך עסן.

און ער האָט זיך אָנגעהויבן גלעטן איבער דער ברוסט, איבערחזרנ-דיק מיט אַ באַשיינפּערלעכן תענוג:

— אַ סך פלייש, אַ סך פלייש!

סטאַש האָט זיך נאָך געוואָלט דערוויסן, אויף וואָס פאַר אַן אופן דאָס ייִנגל איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דערווישן, אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון דער צייט אָן, זינט מ'האָט אים אין אַ געוויסער נאַכט, בשעתן גראָבן גריבער אויף די זוברעס, אויפגעכאַפּט, איז ער שוין דורכגעגאַנגען דורך אַזוי פיל הענט, אַז פון זיינע ענטפערן האָט מען זיך בשום אופן נישט געקאָנט משער זיין, דורך וואָס פאַר אַ לענדער און דורכוואַנען מ'האָט אים געפירט אַזש קיין פאַשאָדאַ. דאָס האָט נאָר סטאַשן אויפמערקזאַם געמאַכט, וואָס ער האָט דערציילט וועגן דעם „טונקעלן וואַסער", וואָרן ווען ער וואָלט געשטאַמט פון די קאַנטן אַלבערט-ניאַנצאַ, אַלבערט-עדוואַרד-ניאַנצאַ, אָדער וויקטאָריאַ-ניאַנצאַ, לעבן וועלכע עס האָבן זיך געפונען די מלוכות אוגיאָראָ און אוגאַנדאַ,

וואָלט ער אָן שום ספק עפּעס געווען געהערט וועגן עמין פּאַשאַ, וועגן זיין מיליטער וועגן די דאַמף־שיפן, וואָס האָבן אויפגעציעקט דערשטוינונג און אימה צווישן די נעגערן. טאַנגאַניאַקאַ איז צו ווייט געווען, בכן איז נאָר איבערגעבליבן אָן השערה, אַז קאַליס פּאָלק האָט זיין באַזיץ ערגעץ דאָ נעבנטער. צוליב דערדאָזיקער סיבה איז דאָס טרעפן זיך מיט מענטשן פון וואַ הימאַ נישט געווען אינגאַנצן אויסגעשלאָסן.

נאָך עטלעכע שעה פאָרן האָט זיך די זון אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן. די היץ איז באַדייטנד שוואַכער געוואָרן. זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַברייטן טאָל, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען וואַסער און ס׳איז געוואַקסן באַ אַ צענדליגג ווילדע פייגנביימער, האָבן זיי זיך דעריבער פאַרהאַלטן, כּדי צו לאָזן אויסרוען די פערד און אונטערלענען זיך די הערצער מיט די זאַפּאַסן, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט. ווייל די פעלזיקע ווענט זענען אויף דעם אָרט געווען נידעריקער, האָט סטאַש באַפוילן קאַלין, אַז ער זאָל זיך אַרויפכאַפּן אינדערהייך און אַ קוק טון, צי מען זעט נישט אין דער געגנט אַרום קיין רויכן.

קאַלי האָט אויסגעפירט דעם באַפעל און אין איין אויגנבליק האָט ער זיך שוין געפונען אויפן ראַנד פון דעם פעלז. אומקוקנדיק זיך גוט אויף אַלע זייטן, האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט איבער דעם דיקן ליאַנאַשטענגל און מודיע געווען, אַז קיין רויך זעט מען נישט, אָבער ס׳איז דאָ „ניאַמאַ“. מ׳האָט זיך לייכט געקענט משער זיין, אַז דאָס רעדט ער נישט וועגן קיין פאַנטערקעס, נאָר וועגן עפּעס אַ גרעסערער חיה; ער האָט נעמלעך אָנגעוויזן אויף סטאַשס ביקס, דערנאָך האָט ער צוגעלייגט די פינגער צום קאָפּ אַלס צייכן, אַז דאָס איז אַ האָרנדיקע חיה.

סטאַש האָט באַלד נאָך אים אַרויפגעקלעטערט אינדערהייך און, אַרויסבייגנדיק פאָרזיכטיק דעם קאָפּ איבערן ראַנד, האָט ער אָנגעהויבן צו קוקן פאָרויס. ס׳האָט אים קיין שום זאַך גישט פאַרשטעלט דאָס קוקן אין דער ווייטקייט, מחמת די אַמאָליקע הויכע דזשונגלע איז געווען אויסגעברענט, און די פרישע, וועלכע האָט שוין אַרויסגעשפּראָצט פון דער ערד, האָט קוים געהאַט עטלעכע צאָל די הייך. ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן, האָט מען געזען שיטער־וואַקסנדיקע גרויסעביימער, מיט אָפּגעסמאַליעטע שטאַמען דורכן פייער. אונטערן שאָטן פון איינעם פון זיי האָט זיך געפּאַשעט אַ סטאַדעלע גנו־אַנטילאָפּן, וועלכע זענען לויטן קערפּער־געשטאַלט ענלעך צו פערד, און מיט די קעפּ ענ=

לעך צו בופלאָקסן. די זון, וועלכע האָט זיך דורכגעריסן דורך די בלעטער פון באַאָבאַב, האָט געוואָרפן ציטערנדיקע ליכטיקע פלעקן אויף זייערע ברוינע רוקנס. ביין שטיק זענען זיי געווען. דער מרחק האָט מער נישט אויסגעמאַכט, ווי הונדערט טריט, אָבער דער ווינט האָט געבלאָזן פון די חיות צום כאַל-צו, זיי האָבן זיך אַלזאָ געפּאַשעט גאַנץ רויק, נישט חושד זייענדיק קיין שום געפאַר. סטאַש האָט, ווילנדיק פאַרזאָרגן דעם קאַראַוואַן מיט פלייש, אויסגעשאָסן צו דער, וואָס איז געשטאַנען צום נאָענטסטן, זי איז אַ פאַל אַנידער געטון, ווי דורך אַ דונער געשלאָגן, אויף דער ערד. די רעשט פון דער סטאַדע איז זיך צעלאָפן, און צווישן מיט זיי אויך אַ גרויסער בופלאָקס, וועלכן זיי האָבן פריער נישט באַמערקט, מחמת ער איז געלעגן פאַרבאָרגן הינטער אַ שטיין. דאָס ייִנגל האָט, נישט ווייל ער האָט בייטיק געדאַרפן, נאָר צוליב דעם יעגער-אַדערל, וואָס ער האָט אין זיך פאַרמאָגט, אָפּגעקוקט אַ מאָמענט, ווען די חיה האָט זיך עטוואָס אָנגעדרייט מיט אַ זייט, באַלאַגעשיקט אויך נאָך איר אַ קויל. דער בופלאָקס האָט זיך שטאַרק אַ וואַקל געטון נאָכן שאָס, אַ צי געטון מיטן הינטן, אָבער ער איז ווייטער אַנטלאָפן, און איידער סטאַש האָט נאָך באַוויזן אויסצושטויסן די קוילן, איז ער פאַרשוואונדן פון האָריזאָנט.

נאָך איידער דער רויך איז פונאַנדערגעגאַנגען איז קאַלי שוין געזעסן אויפן אַנטילאָפּ און אים צעשניטן דעם בויך מיט געבהרס מעסער. סטאַש איז צו אים צוגעגאַנגען, ווילנדיק זיך נענטער צוקוקן צו דער חיה — און ווי גרויס איז געווען זיין פאַרוואונדערונג, ווען אין אַ ווײַלע אַרום האָט אים דער ייִנגער נעגער דערלאַנגט מיט די פאַרבלוטיקטע הענט די נאָך פאַרעדיקע לונג-און-לעבער פון דעם אַנטילאָפּ.

— צו וואָס גיסט מיר דאָס ? — האָט ער געפרעגט.

— מסורי, מסורי ! בוואַנאַ קובוואַ עסן באַלד.

— עס דיר אַליין אויף ! — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט, אויפרעגנדיק זיך פאַר דערדאָזיקער פּראָפּאָזיציע.

קאַלי האָט נישט געוואַרט, מען זאָל עס אים צוויי מאָל איבערחזרן, נאָר תיכף אָנגעהויבן רייסן מיט די ציין די לעבער און גיריק געשלונגען רויע שטיקער, און זעענדיק, אַז סטאַש קוקט אויף אים מיט עקל, האָט ער נישט אויפגעהערט צווישן איינעם און דעם צווייטן שלינג איבערצוחזרן : „מסורי ! מסורי !“

אויף אַזאַ אופן האָט ער אויפגעגעסן העכער אַ האַלבע לונג-און-לעבער. נאָכדעם האָט ער זיך ערשט גענומען צו רעכט צו מאַכן דעם אַנטילאָפּ. ער האָט דאָס געמאַכט אויסערגעוויינלעך שנעל און מיט פאַרשטענדעניש, אַזוי, אַז עס האָט נישט לאַנג געדויערט, איז די פעל געוואָרן אָפּגעשוונדן און דאָס שענקל אָפּגעטיילט פון רוקן. דעמאָלט האָט ערשט סטאַש, זייענדיק פאַרוואונדערט, וואָס סאַבאַ האָט זיך נישט געפונען באַ דערדאָזיקער מלאכה, אַ פּייף געטון אויף אים, כּדי אים צו פאַרבעטן אויף דער פיינער סעודה פון די פעדערשטע טיילן פון דער חיה.

אָבער סאַבאַ האָט זיך לחלוטין נישט באַוויזן, דאַקעגן האָט קאַלי, וועלכער איז געזעסן אייגגעבויגן איבערן אַנטילאָפּ, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויסגערופן:

— דער גרויסער הונט אַוועקלויפן צום בופלאָקס.

— האָסט געזען? — האָט סטאַש געפרעגט.

— קאַלי זען.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ די לונג-און-לעבער פון דעם אַנטילאָפּ, און די צוויי שענקלעך אויפן אָרעם און געלאָזט זיך גיין צום טאָל. סטאַש האָט נאָך עטלעכע מאָל אַ פּייף געטון און געוואַרט, אָבער זעענדיק, אַז ס'איז אַ בחינמדיקע מעשה, איז ער מיט אים אַוועקגעגאַנגען. אין טאָל איז שוין מעאַ פאַרנומען געווען מיטן אָפּשניידן דערנער אויף דער זעריבאַ. נעל ווידער האָט, דריבלענדיק מיט אירע קליינע פינגערלעך די לעצטע פאַנטאַרקע, זיך געפרעגט:

— צי אויף סאַבאַן האָסטו דאָס געפייפט? ער איז דאָך אייך נאָכגעלאָפן.

— ער איז אַוועקגעלאָפן צום בופלאָקס, וועלכן כ'האָב דערשאָסן כ'בין, זייער אומרויק — האָט סטאַש געענטפערט. — דאָס זענען זיין ער פאַרביסענע חיות, און אַזעלכע קרעפטיקע, אַז אפילו אַ לייב האָט אויף זיי מורא אָנצופאַלן. מיט סאַבאַן קאָן אַמאָל זייער נישט גוט זיין, אויב ער וועט אָנהייבן אַ קאַמף מיט אַזאַ קעגנער.

דערהערנדיק דאָס, האָט זיך נעל שטאַרק באַאומרויקט און זי האָט דערקלערט, אַז זי וועט זיך פריער נישט גיין לייגן שלאָפן, ביז וואַנען סאַבאַ וועט זיך נישט אומקערן. זעענדיק איר עגמת נפש, איז סטאַש בייז געוואָרן אויף זיך אַליין, וואָס ער האָט נישט פאַרבאָרגן פאַר איר די געפאַר און זי אָנגעהויבן צו טרייסטן.

— איך וואָלט זיי נאָכגעגאַנגען מיט דער ביקס, — האָט ער גע-

זאָגט — אָבער זיי מוזן שוין זיין זייער ווייט, און באַלד וועט צופֿאַלן די נאַכט און מען וועט נישט אָנזען קיין טריט־צייכנס. דער בופֿלאָקס איז שטאַרק אונטערגעשאָסן געוואָרן און איך האָף, אַז ער וועט פֿאַלן. יעדנפֿאַלס וועט אים דער בלוט־פֿאַרלוסט אָפּשוואַכן און אויב ער וועט זיך אפֿילו וואַרפֿן אויף סאַבאַן, וועט סאַבאַ באַווייזן צו אַנטלויפֿן... יאָ! ער וועט זיך ערשט אוודאי אומקערן באַנאַכט, נאָר אומקערן וועט ער זיך זיכער.

און, זאָגנדיק דאָס, האָט ער אַליין אויך נישט זייער געגלייבט אין זיינע אייגענע רייד, ער האָט גיכלעך גאַנץ גוט געדענקט, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט וועגן דער אומדערהערטער נקמה־לוסט פֿון אַן אַפֿריקאַנער בופֿלאָקס, ווען ער איז שוין אפֿילו שווער פֿאַרוואונדעט, פֿאַרלויפֿט ער דעם וועג און לאָקערט אויף דער סטעזשקע, דורך וועלכער דער יענער דאַרף פֿאַרבייגיין, און דערנאָך אַטאַקירט ער אים אומגעריכט, כאַפּט אים אויף די הערנער און וואַרפֿט אים אינדערהייך. מיט סאַבאַן האָט זיך אַזאַ מעשה גאַנץ לייכט געקאָנט טרעפֿן, נישט רעדנדיק שוין וועגן אַנדערע געפֿאַרן, וואָס האָבן אים געדראָט צוריקצוועגס — באַנאַכט.

דערווייל איז אין קורצן די נאַכט צוגעפֿאַלן. קאַלי מיט מעאַן האָבן איינגעאָרדנט די זעריבאַ, אָנגעצונדן אַ פֿייער און פֿאַרנומען זיך מיט דעם נאַכטעסן. — סאַבאַ האָט זיך נישט אומגעקערט.

נעל איז וואָס אַמאָל מער באַטריבט געוואָרן און לסוף האָט זי אָנגעהויבן וויינען.

סטאַש האָט זי כמעט ווי געצוואונגען, זי זאָל גיין שלאָפֿן, צוזאָגנדיק איר, אַז ער וועט וואַרטן אויף סאַבאַן, און ווי נאָר עס וועט ליכטיק ווערן, וועט ער אים אַליין גיין זוכן און אים ברענגען צו פֿירן. נעל איז, אמת טאַקע, אַרונטערגעגאַנגען אונטערן געצעלט, אָבער יעדע ווײַלע האָט זי אַרויסגעשטעקט דאָס קעפּל פֿון אונטער זיינע פֿליגל, פֿרעגנדיק, צי דער הונט האָט זיך נישט אומגעקערט. דער שלאָף האָט זי ערשט גובר געווען אַרום האַלבע נאַכט, ווען מעאַ איז אַרויסגעגאַנגען פֿאַרטרעטן קאַלין, וועלכער האָט אַכטונג געגעבן אויפֿן פֿייער.

— פֿאַרוואָס די טאָכטער פֿון דער לבנה וויינען? — האָט דער יונגער נעגער געפֿרעגט סטאַשן, ווען ביידע האָבן זיך אַנידערגעלייגט שלאָפֿן אויף די פֿערד־דערעס. — קאַלי וויל דאָס נישט.

— ס׳איז איר אַ שאָד סאַבאַ, וועלכע דער בופלאָקס האָט געוויס דערהרגעט.

— און אפשר האָט ער נישט דערהרגעט — האָט דאָס שוואַרצע יינגל אָפּגעענטפערט.

נאָכדעם זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן און סטאַש איז טיף איינגעשלאָפן. ס׳איז אָבער נאָך געווען פינצטער, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, מחמת די קילקייט האָט אים אָנגעהויבן צו אַרן. דאָס פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן. מעאַ, וועלכע האָט עס געזאָלט אָפּהיטן, האָט געכאַפּט אַ דרימל און זי האָט פון אַ געוויסער צייט אָן אויפגעהערט צוצוואַרפן דאַרע צווייגן אויף די קוילן.

די קאָלדרע, אויף וועלכער קאַלי איז געשלאָפן, איז געווען ליידיק.

סטאַש האָט אַליין צוגעוואָרפן ברען-מאַטעריאַל, דערנאָך האָט ער אַ רודער געטון די נעגערין און זי געפרעגט:

— וואו איז קאַלי?

אַ ווײַלע האָט זי געקוקט אויף אים ווי צעמישט, דערנאָך האָט זי גוט אויסניכטערנדיק זיך, געענטפערט:

— קאַלי האָט גענומען געבהרס שווערד און איז אַרויסגעגאַנגען פון דער זעריבאַ. כ׳האָב געמיינט, אַז ער וויל אָנשניידן מער צווייגן, אָבער ער איז לחלוטין נישט צוריקגעקומען.

ער איז שוין לאַנג אַרויסגעגאַנגען?

— שוין לאַנג.

סטאַש האָט געוואַרט אַ געוויסע צייט, אָבער ווען מען האָט דעם נעגער נישט צוריק־געזען, האָט ער זיך נישט ווילנדיק אַליין געשטעלט די פראַגע:

— זאָל ער האָבן אַנטלאָפן?

און ס׳האָט אים פאַרדריקט באַם האַרץ מיט אַ נישט אָנגענעם געפיל, וואָס וועקט זיך שטענדיק אויף לגבי מענטשלעכער אומדאַנקבאַרקייט. ער האָט זיך דאָך אָנגענומען פאַר דעמדאָזיקן קאַלי און ער האָט דאָך אים באַשיצט דעמאָלט, ווען געבהר האָט אים טאָג-טעגלעך געפּייניקט, און דערנאָך האָט ער אים דאָס לעבן געראַטעוועט, נעל איז שטענדיק צו אים גוט געווען און געוויינט איבער זיין טרויעריקן גורל, און ביידע זענען זיך דאָך מיט אים באַגאַנגען ווי צום בעסטן. און ער איז גאָר אַנטלאָפן! ער האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט,

אין וועלכער זייט עס געפינט זיך דער ישוב פון די וואַ־הימען און אַז ער איז גאָרנישט אימשטאַנד דאָרט אַהין צו טרעפן, און דאָך איז ער אַנטלאָפן! סטאַשן זענען ווידער געקומען אויפן זכרון די אַפריקאַנישע רייזעס אין פאָרט־סאַיד און די דערציילונגען פון די רייזנדע וועגן דער באַרישקייט פון די נעגערס, וועלכע וואַרפן אַוועק זייערע לאָדונגען און אַנטלויפן אפילו דעמאָלט, ווען דאָס אַנטלויפן דראָט זיי מיט אַ זיכערן טויט. און דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז אויך קאַלי, וואָס זיין גאַנץ געווער איז בלויז באַשטאַנען פון געבהרס סודאַנישער ש״ערד, מוז שטאַרבן פאַר הונגער, אָדער — אויב ער זאָל נאָר נישט אַמאָל ווידער אַריינפאַלן אַלס שקלאַף צו די דערווישן — פון די ווילדע חיות פאַרציקט ווערן.

— אַך! דו אומדאַנקבאַרער און שוטה איינער!

סטאַש האָט דאַן אָנגעהויבן צו פאַרטראַכטן זיך אויך דערויף, אויף וויפיל די רייזע וועט אָן קאַלין ווערן שווערער פאַר זיי און דאגותפולער, און די אַרבעט — מער טרחה. אָנטרינקען די פערד און פענטען זיי אויף באַנאַכט, פונאַנדערנעמען דאָס געצעלט, בויען אַ זעריבאַ, היטן אין דער צייט פון דער רייזע, אַז די זאַפּאַסן שפייז זאָלן נישט פאַרלוירן גיין, אָפּשינדן און פונאַנדערטיילן די דערהרגעטע חיות — דאָס אַלץ האָט איצט, צוליב דעם פעלן פון דעם ייִנגן נעגער, געדאָרפט אַרויפפאַלן אויף זיין קאָפּ, און ער האָט זיך אין האַרץ מודה געווען, אַז וועגן אַ סך מלאכות, ווי למשל, וועגן אָפּשינדן די פעל פון אַ חיה, האָט ער נישט די קלענסטע השגה.

— מילא! פאַרפאַלן, — האָט ער צו זיך אויסגערופן — נישטאָ קיין ברירה!

דערווייל האָט זיך די זון אָפּגערוקט פון אונטערן האָריזאָנט און — ווי עס קומט געוויינלעך פאַר אין די טראָפּישע לענדער — איז טאָג געוואָרן אין איין מאָמענט. אַ ביסעלע שפּעטער האָט דאָס וואַסער צום וואַשן זיך, וואָס מעאַ האָט אויף באַנאַכט אָנגעגרייט פאַר דער פריילין, זיך אָנגעהויבן צו כליאַפּען הינטערן געצעלט, אַ סימן, אַז נעל איז שוין אויפגעשטאַנען און זי טוט זיך אָן. אין קורצן האָט זי זיך באַוויזן שוין אָן אָנגעטוענע, נאָר מיט דער קאַם אין דער האַנט און מיט נאָך אַ צעפלאָשעטער טשופּרינע.

— און סאַבאַ? — האָט זי זיך אַ פרעג געטון:

— ער איז ביז איצט נאָך נישטאָ.

דעם מיידעלעס ליפּן האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן צו טרייס־לען.

— אפשר וועט ער זיך נאָך אומקערן — האָט סטאַש אויסגע־רופן. — געדענקסט, אַז אין דער מדבר פלעגט ער אַמאָל פאַרפאַלן ווערן אויף עטלעכע טעג, און דערנאָך פלעגט ער אונז שטענדיק צו־דעריאָגן.

— האָסט געזאָגט, אַז דו וועסט אים גיין זוכן ?...

— איך קאָן נישט.

— פאַרוואָס, סטאַש ?

— ווארן כ'קאָן נישט איבערלאָזן דיך אַליין מיט מעאַן אין טאָל.

— און קאַלי ?

— קאַלי איז נישטאָ.

און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַליין נישט וויסנדיק, צי זאָל ער איר דערציילן דעם גאַנצן אמת; נאָר מחמת די זאַך האָט מען דאָך סיי ווי נישט געקאָנט פאַרהוילן, דעריבער האָט ער באַשלאָסן, אַז ס'איז גלייכער איר אויפן אָרט אַלס אויסצוזאָגן.

— קאַלי האָט צוגענומען געבהרס שווערד — האָט ער אויסגע־רופן — און איז באַנאַכט אַוועקגעגאַנגען, כ'ווייס נישט וואו־אַהין. ווער ווייסט, צי ער איז נישט אַנטלאָפן. די בעגער'ס טוען אָפּט אַזוי, אפילו פאַר זיך צום שלעכטן. ער איז מיר אַ שאָד... נאָר אפשר וועט ער נאָך פאַרשטיין, אַז ער האָט געטון אַ נאַרישקייט און...

די ווייטערדיקע רייד האָט אים איבערגעריסן דאָס פרייליכע בילן פון סאַבאַן, וואָס האָט פול געשאַכט דעם גאַנצן טאָל מיט זיין רעש. בעל האָט אַוועקגעוואָרפן די קאָם אויף דער ערד און אים גע־וואָלט לויפן אַנטקעגן — די דערנער פון דער זעריבאַ האָבן זי אָבער אויפגעהאַלטן.

סטאַש האָט זיי שנעל גענומען פונאַנדערוואַרפן, איידער אָבער ער האָט געעפנט אַ דורכגאַנג, האָט זיך פריער באַוויזן סאַבאַ, און הינטער אים קאַלי, וועלכער האָט אַזוי געפינקלט און איז נאַס געווען פון טוי, ווי נאָך דעם גרעסטן רעגן.

אַן אומגעהייערע פרייד האָט ביידע קינדער אַרומגעכאַפּט און ווען קאַלי, וועלכער האָט נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן פון אָפּגעמאַטערט־

קייס, האָט זיך געפֿונען פֿון יענער זייט זערבאַ, האָט אים נעל פֿאַר־וואָרפֿן אירע ווייסע הענטעלעך אַרום זיין שוואַרצן האַלז און מיטן גאַנצן כּוח אים צוגעדריקט.

און ער האָט אויסגערופֿן:

— קאַלי וויל נישט זען „ביבי” וויינען, דעריבער קאַלי געפֿינען הונט.

— גוטער קאַלי! — האָט סטאַש אָפּגעענטפֿערט, קלאַפּנדיק אים איבער די פּלייצעס. — און האָסט נישט קיין מורא געהאַט, טאָמער וועט דיך באַגעגענען אַ לייב באַנאַכט, אָדער אַ פּאַנטערע?

— קאַלי מורא האָבן, אָבער קאַלי גיין — האָט דאָס ייִנגל אָפּ־געענטפֿערט.

דידאָזיקע רייד האָבן נאָך מער צוגעבונדן די קינדערס הערצער צו אים. סטאַש האָט אויף נעלס בקשה אַרויסגענומען פֿון איין פּאַק אַ שנירל גלעזערנע פּאַטשערקעס, וואָס דער גריך קאַליאָפּאָלי האָט זיי, אַרויספּאָרנדיק פֿון אָם־דורמאַן, באַזאָרגט און פּראַכטפֿול באַצירט דערמיט קאַליס האַלז. ער ווידער האָט, זייענדיק אָן אַ שיעור גליקלעך מיט דער מתּנה, באַלד אַ קוק געטון מיט שטאָלץ אויף מעאַן און אויסגערופֿן:

— מעאַ נישט האָבן קיין פּאַטשערקעס, און קאַלי האָבן, וואָרן קאַלי איז „אַ גרויסע וועלט”.

אויף אַזאַ אופֿן איז באַלוינט געוואָרן דאָס אָפּערן זיך פֿון דעם שוואַרצן ייִנגל. סאַבאַ דאַקעגן האָט אַריינגעכאַפּט אַ שאַרפֿן פּסק, בשעת וועלכן ער האָט זיך שוין צום צווייטן מאָל, זינט ער דינט בײַ נעלן, דערוואוסט, אַז ער איז אַ מיאוסער און אַז אויב ער וועט נאָכאַמאָל אָפּטון אַזאַ זאַך, וועט מען אים אָנטון אַ שטריקל אויפֿן האַלז, ווי אַ קליין הינטל. ער האָט דאָס אויסגעהערט, שאָקלענדיק אויף אַ גענוג צווייטייטיקן אופֿן מיטן וויידל, נעל אָבער האָט באַהויפּטעט, אַז מען האָט אים אין די אויגן געקאָנט באַמערקן, אַז ער שעמט זיך און אַז ער איז געוואָרן רויט, נאָר מען האָט עס דעריבער נישט געקאָנט זען, מחמת דער פּיסק איז אים באַדעקט מיט אַ פֿעל.

דערנאָך איז געקומען דאָס אָנבייסן, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אויסגעצייכנטע ווילדע פֿייגן און פֿון דער אַנטילאָפּעס רוקן־שטיק. בשעת דעם אָנבייסן האָט קאַלי דערציילט זיינע פּאַסירונגען, סטאַש ווידער האָט נעלן, וועלכע האָט נישט פֿאַרשטאַנען דאָס קי־סוואַהילי־לשון,

איבערגעזעצט אויף ענגליש. דער בופלאָקס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געהאַט ווייט אַנטלאָפן. קאַלין איז שווער געווען צו געפינען עפּעס אַ צייכן, מחמת ס׳איז נישט געווען קיין לבנה־נאַכט. צום גליק איז מיט צוויי טאָג פריער געווען אַ רעגן און די ערד איז נישט זייער האַרט געווען, דעריבער האָבן די קאָפּיטעס פון דערדאָזיקער שווערער חיה אויסגעהאַקט אין איר לעכער. קאַלי האָט זיי אָנגעטאַפּט מיט דער הילף פון די פינגער באַ די פיס און ער איז לאַנג געגאַנגען. דער בופלאָקס איז ענדלעך געפאַלן און ער האָט געמוזט אוודאי פאַלן אַ טויטער, מחמת עס זענען קיין שום סמנים פון קאַמף צווישן אים מיט סאַבאַן נישט געווען. ווען קאַלי האָט זיי געפונען, האָט שוין סאַבאַ געהאַט אויפגעפרעסן די גרעסערע העלפט, אָבער, הגם ער האָט שוין מער נישט געקאָנט עסן, האָט ער פיינדסעליגן בשום אופן נישט צוגעלאָזט צום פלייש צוויי היענעס און באַ אַ צען שטיק שאַקאַלן, וועלכע זענען געשטאַנען אַרום, וואַרטנדיק, ביז די שטאַרקערע רויב־חיה וועט ענדיקן דאָס מאָלצייט און אַוועקגיין.

דאָס ייִנגל האָט זיך פאַרקלאָגט, אַז דער הונט האָט אויך אויף אים געוואַרטשעט, אָבער דעמאָלט האָט ער אים געדראָט מיטן כעס פון דעם „גרויסן האַר" און פון דער „ביבי", דערנאָך האָט ער אים גענומען אויף דער קייט און אַוועקגעצויגן פון בופלאָקס, אָפּגעלאָזט האָט ער אים ערשט אין טאָל.

מיט דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס דערציילן פון קאַליס באַנאַכטיקע פאַסירונגען, נאָכדעם האָבן זיך אַלע אין אַ גוטן הומאָר אויפגעזעצט אויף די פערד און ווייטער געפאָרן.

בלויז די לאַנג־פיסיקע מעאַ, הגם זי איז געווען אַ שטילע און הכנעהדיקע, האָט מיט קנאה געקוקט אויפן האַלזבאַנד פון דעם ייִנגן נעגער און אויף סאַבאַס קייטל און מיט אומעט זיך אין האַרץ געטראַכט:

— זיי ביידע זענען אַ „גרויסע וועלט", און איך האָב נאָר אַ מעשן רייפל אויף איין פוס.

# XXIV.

אין משך פון די קומענדיקע דריי טעג זענען זיי כסדר געפאָרן מיטן טאָל און נאָכאַנאַנד באַרג־אַרויף. די טעג זענען מערסטנטייל געווען הייסע, די נעכט להיפוך — קאַלטע, אָדער דעמפּיקע. ס׳האָט זיך דערנענט׳ערט די רעגן־צייט. פון אונטערן האָריזאָנט אַפער האָבן זיך דאָ און דאָרט אַפּערגערוקט וואָלקנס, ווייס ווי מילך, אָבער טיפע און אַלץ פאַרדעקנדיקע. אין טייל זייטן האָט מען שוין געזען פּאַסמעס רעגן אין ווייטע רעגנבויגנס. אויפן דריטן טאָג, באַלד אינדערפרי, האָט איינער פון אַזעלכע וואָלקנס געפּלאַצט איבער זייערע קעפּ, ווי אַ פּעסל. וואָס די רייף איז פון אים אַראָפּגעפאַלן און זיי באַשפּריצט מיט אַ וואַרעמען און בשפעדיקן, צום גליק אָבער, קורץ־דויערנדיקן רעגן. דערנאָך איז פונדעסטוועגן דאָס וועטער צוריק שיין געוואָרן און זיי האָבן געקענט ווייטער פאָרן. עס האָבן זיך ווידער באַוויזן פּאַנטאַרקעס אין אַזאַ צאָל, אַז סטאַש האָט צו זיי געשאָסן, נישט אַראָפּשטייגנדיק אַפילו פון פערד און אויף אַזאַ אופן האָט ער דערהרגעט פינף שטיק, וואָס אַפילו שוין אַריינרעכענענדיק סאַבאַן, איז עס אויך גענוג געווען אויף איין מאָלצייט. די רייזע איז לחלוטין נישט געווען קיין באַשווערנדע אין דערדאָזיקער אָפּגעפרישטער לופט, און די שפע פון חיות און וואַסער האָט באַזייטיקט די מורא פון הונגער און דורשט. בכלל איז זיי צוגעגאַנגען אַ סך לייכטער, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, דעריבער טאַקע איז סטאַש געווען אין פולן הומאָר, און פאָרנדיק לעבן מיידל, האָט ער מיט איר גאַנץ פריילעך איינגעטענהט, און טיילמאָל אויך אַ שפּאַס געטון:

— ווייסט וואָס, נעל, — האָט ער געזאָגט, ווען זיי האָבן אויף אַ ווײַלע די פערד איינגעהאַלטן אונטער אַ גרויסן ברויט־בוים, פון וועלכן קאַלי מיט מעאַן האָבן אָפּגעשניטן אַזעלכע פירות, וואָס זענען ענלעך געווען צו גרויסע מעלאָנען — טיילמאָל שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין אַ פאַנטאַסטישער ריטער.

— און וואָס איז דאָס אַ פאַנטאַסטישער ריטער? — האָט נעל זיך געפרעגט, אויסדרייענדיק צו אים איר הערלעך קאָפּעלע.

— שוין מיט לאַנגע, לאַנגע יאָרן צוריק, אין מיטלאַלטער, זענען געווען אַזעלכע ריטער, וועלכע זענען אַרומגעפאָרן איבער דער וועלט און געזוכט פאַרשידענע צעשטרייונגען. זיי האָבן געקעמפט מיט ריזן און מיט מחבלים — און ווייסט? — איטלעכער האָט זיך געהאַט זיין דאַמע, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרנומען און גלייכצייטיק באַשיצט.

— בין איך, הייסט עס, אַזאַ דאַמע?

סטאַש האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, דערנאָך אויסגערופן:

— ניין, דו ביסט נאָך צו קליין. יענע אַלע זענען שוין געווען דערוואַקסענע.

און ס׳איז אים אפילו אויף קיין רגע נישט איינגעפאַלן, דאָס ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז קיין שום פאַנטאַסטישער ריטער האָט אַזוי פיל פאַר זיין דאַמע נישט געטון, וויפיל ער פאַר דעמדאָזיקן קליינעם שוועסטערל, — אים האָט זיך גאַנץ פשוט אויסגעוויזן, אַז דאָס, וואָס ער האָט געטון, איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

נעל אָבער האָט זיך געפילט באַליידיקט פון זיינע רייד, האָט זי דעריבער, אַרויסרוקנדיק מיט אַן אָנגעבלאָזן מינעלע די ליפּעלעך, אויסגערופן:

— האָסט דאָך מיר איינמאָל אין דער מדבר געזאָגט, אַז איך האָב מיך באַנומען, פונקט ווי אַ דרייצעניעריקע פּערזאָן? אהאַ!

— נו, איז איינמאָל. אָבער ביסט דאָך פאָ״ט מער נישט אַלט ווי אַכט יאָר.

— וועל איך אין צען יאָר אַרום אַלט זיין אַכטצען!

— אַ גרויסע זאַך! און איך — פיר און צוואַנציק! אין די יאָרן קלערט שוין נישט דער מענטש וועגן קיין שום דאַמעס, וואָרן ער האָט עפּעס אַנדערש צו טון. פאַרשטייט זיך!

— און וואָס וועסטו טון?

— כ׳וועל זיין אַן אינזשיניער, אָדער אַ מאַטראָס, אָדער, אויב עס וועט אין פּוילן זיין אַ מלחמה, וועל איך מיך אַוועקפאָרן שלאָגן, ווי מיין טאַטע.

און זי האָט אומרויק אַ פרעג געטון:

— אָבער וועסט דיך אומקערן קיין פּאָרט-סאַיד?

— קודם כל מוזן מיר ביידע דאָרט פריער אַהינקומען.

— צום טאַטעשי! — האָט דאָס מיידעלע אָפּגעענטפערט.

און די אויגן אירע האָבן זיך פאַרנעפּלט מיט אַ טרויער און אַ בענקשאַפט. צום גליק איז אין דעם מאָמענט אָנגעפלויגן אַ טשאַטע פון הערלעכע פּאַפּוגייען, גרויע, מיט ראָזע קעפּעלעך און מיט אַ ראָזן אונטערשלאַק אונטער די פליגל. די קינדער האָבן תּיכּף פאַרגעסן וועגן פריערדיקן שמועס און אָנגעהויבן נאָכקוקן מיט די אויגן זייער פליען.

— דאָס זענען אַזעלכע פּאַפּוגייען, וואָס לערנען זיך צום לייכטסטן אויס רעדן — האָט סטאַש אויסגערופן. — אַז מיר וועלן זיך ערגעץ אויף אַ לענגערער צייט אָפּשטעלן, וועל איך מיך באַמיען פאַר דיר אַזעלכע צו כאַפּן.

— אָ, סטאַש, איך דאַנק דיר! — האָט נעל מיט פרייד געענטפערט. — זי וועט הייסן דייסי...

דערווייל האָבן מעאַ מיט קאַלי, אָנשניידנדיק פרוכטן פון דעם ברויט-בוים, באַלאָדנט מיט זיי די פערד און דער קליינער קאַראַוואַן האָט זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין. נאָך מיטאָג האָט זיך אָבער ווייטער אָנגעהויבן צו פאַרוואָלקענען און מאָמענטנווייז זענען קליינע רעגנס דורכגעלאָפן, אָנפילנדיק מיט וואַסער אַלע לעכער און פּאַרטיפונגען אין דעם באָדן. קאַלי האָט נביאות געזאָגט אויף אַ גרויסן מבול, איז דעריבער סטאַשן איינגעפאַלן, אַז דער טאָל, וואָס האָט זיך ווידער וואָס אַמאָל אַלץ מער פאַרשמעלט, וועט נישט זיין קיין גענוג זיכערע באַשיצונג אויף באַנאַכט, מחמת ער קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטראָמיקן טייך. צוליב דער דאָזיקער סיבה האָט ער באַשלאָסן צו נעכטיקן אויפן באַרג, און דערדאָזיקער באַשלוס האָט אויך נעלן דערפרייט, בפרט, אַז קאַלי, וועלכן מען האָט אַרויסגעשיקט אויף אויסצושפּירן דאָס אָרט, האָט זיך אומגעקערט און מודיע געווען, אַז נישט ווייט געפינט זיך אַ וועלדל, וואָס באַשטייט פון פאַרשידענע ביימער, און אין דעם וועלדל געפינען זיך אַ סך קליינע מאַלפּעס, נישט אַזעלכע מיאוסע און שלעכטע, ווי די פּאַוויאַנען, וואָס מען האָט ביז איצט באַגעגנט.

און ווען זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַן אָרט, וואו די פעלזן-ווענט זענען געווען נידעריק און לייכט זיך פונאַנדערגעפאַלן, האָבן זיי אַרויסגעפירט די פערד, און איידער ס'איז נאָך פינצטער געוואָרן, האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט דאָס נאַכטלעגער. נעלס געצעלט האָט מען אָנידערגעשטעלט אויף אַ הויך און טרוקן אָרט, לעבן אַ גרויסן טערמיטן-הויפן, וואָס האָט

פולשטענדיק אָפּגעשלאָסן דעם צוגאַנג פון איין זייט און אויף אַזאַ אופן פאַרלייכטערט די אַרבעט פון דער זעריבאַ.

נישט ווייט איז געשטאַנען אַ מעכטיקער בוים, מיט ברייט פונאַנ־דערגעשפּרייטע צווייגן, וואָס איז געדיכט באַדעקט געווען מיט בלעטער און געקאָנט דעריבער זיין אַ גוטע באַשיצונג פאַר אַ רעגן. פאַר דער זעריבאַ זענען געוואַקסן איינצעלנע קעמפּעס ביימער, און אַ ביסל ווייטער אַ צונויפגעשלאָגענער, געדיכטער וואַלד, איבער וועלכן עס זענען הויך אויפגעשטיגן קרוינען פון עפּעס אויסטערלישע פּאַלמעס, וואָס זענען ענלעך געווען צו ריזיקע פעכערס אָדער צו פונאַנדערגעשפּרייטע פּאַווע־ווײדלען.

סטאַש האָט זיך דערוואוסט פון קאַלין, אַז פאַר דער צווייטער רעגנצייט, אַלזאָ אין דאַרבסט, איז געפערלעך צו נעכטיקן אונטער די־דאָזיקע פּאַלמעס, מחמת די דעמאָלט שוין צייטיקע פּרות, וואָס זענען אומגעהייער גרויס, רייסן זיך אומגעריכט אָפּ און פאַלן אַראָפּ פון אַ באַדייטנדיקער הויך מיט אַזאַ קראַפט, אַז זיי קאָנען דערהרגענען אַ מענטש, און אפילו אַ פערד. איצט אָבער האָבן נאָך די פּירות געהאַלטן אין פו־נאַנדערוויקלען זיך און פונדערווייטנס האָט מען, נאָך איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען, געקאָנט באַמערקן אונטער די ביימער־קרוינען היפּנדיקע קליינע מאַלפּעלעך, וועלכע האָבן מיט פרייליכע שפּרונגען זיך קעגנזיי־טיק אַרומגעיאָגט.

סטאַש האָט צוזאַמען מיט קאַלין אָנגעגרייט אַ גרויסן זאַפּאַס האָלץ, אַזוי, אַז עס זאָל קלעקן אויף אַ גאַנצער נאַכט. און מחמת דעם, וואָס צייטנווייז האָט אַ בלאָז געטון אַ שטאַרקער הייסער ווינט, האָבן זיי די זעריבאַ באַפעסטיקט מיט פלעקענער, וואָס דער יינגער נעגער האָט פאַרשפּיצט מיט געבהרס שווערד און אַריינגעשטעקט אין דער ערד אַריין. דידאָזיקע פאָרזיכטיקייט איז לחלוטין נישט געווען אומזיסט, מחמת דער שטאַרקער ווינט האָט געקאָנט פונאַנדערוואַרפן די שטעכיקע צווייגן, פון וועלכע די זעריבאַ איז געווען צונויפגעשטעלט און אַזוי אַרום פאַרלייכ־טערן אַן אָנפאַל מצד די ווילדע חיות.

דער ווינט האָט אָבער באַלד נאָך זון־אונטערגאַנג אויפגעהערט, דאַקעגן איז די לופט געוואָרן דעמפּיק און שווער. פון די בלייזן צווישן די וואָלקנס האָבן מתחילת דאָ און דאָרט אַרויסגעלויכטן שטערן, אָבער דער־נאָך איז די נאַכט פולשטענדיק שוואַרץ געוואָרן, אַזוי, אַז מ׳האָט אויף קיין טריט ווייטער נישט געזען. די קליינע וואַנדערער האָבן זיך צו־

נויפגעזאַמלט אַרום פּייער, איינהאַרכנדיק זיך צו די געשרייען און צו דעם קוואַקען פון די מאַלפּעס, וועלכע האָבן אין נאָענטן וועלדל אָנגע־מאַכט אַן אמתן יאַריד. אונטערגעהאַלטן האָט זיי דאָס היילן פון די שאַ־קאַלן און פאַרשידענע אַנדערע אומבאַקאַנטע קולות, אין וועלכע מ׳האָט אַרויסגעפילט אומרו און אימה פאַר דעם, וואָס עס דראָט אין אַ ווילדעניש אונטער דער דעק פון דער פינצטערקייט יעדער לעבעדיק באַשעפעניש.

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל, ווי מ׳וואָלט מיט מאָן געזייעט, מחמת אין די פינצטערע ווייטקייטן האָט זיך דערטראָגן דאָס קרעכצן פון אַ לייב.

די פערד, וועלכע האָבן זיך געפּאַשעט דאָ דערלעבן אין דער יונגער דזשונגלע, האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צום ליכט, אונטער־שפּרינגענדיק אויף די געפּענטעטע פעדערשטע פיס. דעם געווייטלעך קריגערישן סאַבאַ האָבן זיך די האָר אויפגעשטעלט אויף דער פעל און מיט אַן אַרונטערגעבויגענעם ווידל האָט ער זיך צוגעטוליעט צו די מענטשן, זוכנדיק, משמעות, זייער שוץ.

דאָס קרעכצן האָט זיך ווידער געלאָזט הערן — ס׳האָט זיך אויס־געדאַכט, ווי פון אונטער דער ערד — אַ טיף, שווער, אָנגעשרענגט קרעכצן, ווי די חיה וואָלט דאָס מיט מי פון אירע מעכטיקע לונגען אַרויס־באַקומען. עס האָט זיך געטראָגן נידעריק איבער דער ערד, דאָס קרעכצן האָט זיך כסדר געטוישט, אַמאָל העכער, אַמאָל שטילער, איבערגייענדיק מאָמענטנווייז אין אַ טויבן, אומגעהייער־טריבן מרוטש.

— קאָלי! וואַרף־צו צום פּייער! — האָט זיך סטאַש אָנגערופן.

דער נעגער האָט אַזוי געשיקט צוגעוואָרפן אויפן פּייער גאַנצע אָרעמס האָלץ, אַז פּריער האָבן גאַנצע סנאָפּעס פונקען אַרויסגעזעצט, דערנאָך האָט ערשט אַ שאָס אַרויף געטון אַ גרויסער פלאַם אינדער־הייך.

— סטאַש, דער לייב וועט אויף אונז נישט אָנפאַלן?... אמת? — האָט נעל געשעפּטשעט, אַ צי טוענדיק דעם ייִנגל באַם אַרבל.

— ניין. ער וועט נישט אָנפאַלן. קוק, ווי הויך די זעריבאַ איז.

און זאָגנדיק דאָס, האָט ער באמת געמיינט, אַז עס דראָט זיי נישט קיין געפאַר, אָבער ער האָט זיך געשראָקן פאַר די פערד, וועלכע

האָבן זיך וואָס אַמאָל נענטער צוגעשטופּט צום פּלויט און וואָלטן אים געקענט נאָך צעטראַטעווען.

דערווייל איז דאָס קרעכצן איבערגעגאַנגען אין אַ לאַנגן, אויסגעצויגענעם, דונערנדיקן ריטש, פון וועלכן יעדער לעבעדיק באַשעפעניש האָט אַ צאַפּל געטון, און באַ ־ענטשן, וועלכע ווייסן אפילו נישט פון קיין שרעק, ציטערן אַזוי די נערוון, פונקט ווי עס ציטערן די שויבן פון ווייטע האַרמאַטן־שאָסן.

סטאַש האָט געוואָרפן אַ דורכלויפנדיקן בליק אויף נעלן, און דערזעענדיק איר ציטערנדיק גאַמבקעלע און די פייכטע אויגן, האָט ער אויסגערופן:

— האָב נישט קיין מורא! וויין נישט!

און זי האָט פונקט דאָס זעלבע געענטפערט, ווי אַמאָל אין דער מדבר:

— איך וויל נישט וויינען... נאָר די אויגן... שוויצן מיר! אוי!

דער לעצטער אויסגעשריי האָט זיך איר דעריבער פון מויל אַרויסגעריסן, ווייל אין דעם מאָמענט האָט פון דער זייט פון וואַלד אַ דונער געטון אַ צווייטער ריטש, נאָך אַ מעכטיקערער פון דעם ערשטן, ווייל ער איז געווען נענטער. די פערד האָבן זיך פשוט גענומען שטופן אויף דער זערייבאַ און ווען נישט די לאַנגע און ווי שטאָל האַרטע נאָדלען פון די אַקאַציע־צווייגן, וואָלטן זיי זי געווען דורכגעבראָכן. סאַבאַ האָט געוואָרטשעט און גלייכצייטיק געציטערט, ווי אַ בלאַט, קאַלי ווידער האָט מיט אַן אָפּגעהאַקטער שטימע געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— הער! צווי! ... צווי! ... צווי! ...

און די לייבן האָבן, דערפילנדיק זיך ביידע קייגנזייטיק, נישט אויפגעהערט איצט צו ריטשען און דער שרעקלעכער קאָנצערט האָט אַזוי געדויערט אין דער פינצטערניש אָן אַן אויפהער, מחמת, ווען איין חיה רעה איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט די צווייטע אָנגעהויבן. סטאַש האָט שוין באַלד נישט געקאָנט אונטערשיידן, פונוואַנען זייערע קולות טראָגן זיך, וואָרים דאָס ווידערקול האָט צוריק אָפּגעקלונגען אין טאָל, איין פעלז האָט זיי צו די אַנדערע אָפּגעשיקט, זיי האָבן זיך געטראָגן אויבן און אונטן, זיי האָבן פול געמאַכט דעם וואַלד, די דזשונגלע, זיי האָבן אָנגעזאַפּט די פינצטערניש מיט דונער און אימה.

איין זאַך איז פאַר דעם יינגל נאָר זיכער געווען, און בעמלעך,

אַז זיי דערנענטערן זיך מיט יעדן מאָמענט וואָס אַמאָל מער. קאַלי האָט זיך אויך געכאַפּט, אַז די לייבן רינגלען אַרום דעם לאַגער, אַרומנעמענדיק אים מיט וואָס אַמאָל קלענערע רינגען און אַז זיי האַלטן זיך נאָר אָפּ פון אָנצופאַלן צוליבן גלאַנץ פון פלאַם, מיט דעם ריטשען ווייזן זיי בעמלעך אַרויס זייער אומצופרידנהייט און מורא.

ווייזט אויס, אַז אויך ער האָט געהאַלטן פון דער מיינונג, אַז די געפאַר דראָט בלויז די פערד, מחמת ער האָט, פונאַנדערשטעלנדיק די פינגער, אויסגערופן:

— לייבן דערהרגענען איינס, דערהרגענען צוויי — נישט אַלע! נישט אַלע! ...

— וואַרף־צו האָלץ צום פייער! — האָט סטאַש איבערגעחזרט.

ס'האָט ווידער אַרויסגעזעצט אַ פרישער פלאַם; דאָס ברומען האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט. אָבער קאַלי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און קוקנדיק אינדערהייך, האָט ער זיך אָנגעהויבן איינהאָרכן.

— וואָס איז דאָרט? — האָט סטאַש געפרעגט.

— עס רעגנט? — האָט דער נעגער אָפּגעענטפערט.

סטאַש האָט אויך אויפגעשטעלט די אויערן. די צווייגן פון בוים האָבן פאַרשטעלט דאָס געצעלט און די גאַנצע זעריבאַ, דעריבער איז נאָך אויף דער ערד קיין איין טראָפּן נישט אַראָפּגעפאַלן, אָבער אינדערהייך האָט מען געהערט דאָס גערויש פון די בלעטער. און מחמת קיין דעמפיקע לופט האָט קיין שום ווינטל נישט געקאָנט באַוועגן, האָט מען זיך לייכט געקאָנט אָנשטויסן, אַז דאָס האָט דער רעגן אָנגעהויבן צו פליסטערן אין דער געדיכטעניש.

דאָס גערויש איז מיטן יעדן מאָמענט שטאַרקער געוואָרן און נאָך אַ געוויסער צייט האָבן די קינדער דערזעען טראָפּן וואַסער, וואָס זענען פון די בלעטער אַראָפּגעפאַלן, און וועלכע האָבן אויסגעזען באַם גלאַנץ פון פייער ווי גרויסע ראָזע פערל. ווי קאַלי האָט פאָרויסגעזען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מבול. דאָס רוישן איז געוואָרן שטאַרקער. ס'איז וואָס אַ מאָל מער טראָפּנס אַראָפּגעפאַלן, און ענדלעך האָבן דורך דער געדיכטעניש אָנגעהויבן דורכדרינגען גאַנצע שנירלעך וואַסער.

אַרום פייער־פלאַץ איז פינצטער געוואָרן, אומזיסט האָט קאַלי געהאַלטן אין איין צוואַרפן גאַנצע אָרעמס האָלץ. פון דער הייך האָבן די נאַסע צווייגן זיך נאָר גערויכט, און פון אונטן האָבן די קוילן געסיטשעט —

און דער פלאַם, וואָס ער האָט זיך געפּרוּווט אַ כאַפּ אויף טאָן, איז ער צוריק פאַרלאָשן געוואָרן.

— ווען דער מבול וועט דאָס פייער פאַרגיסן, וועט אונז נאָך באַ־שיצן די זעריבאַ — האָט סטאַש, כּדי נעלן צו באַרויקן, אויסגערופן.

נאָכדעם האָט ער דאָס מיידעלע אַרונטערגעפירט אונטערן געצעלט און זי איינגעטוליעט אין פּלעד, אָבער אַליין איז ער שנעל צוריק אַרויס־געגאַנגען, מחמת קורצע, אָפּגעהאַקטע ברומען האָבן זיך אויפסניי אָנגע־רופן. דאָס מאָל האָבן זיי זיך פון אַ סך נענטער דערטראָגן און אין דעם ברומען האָט ווי אַ פרייד אָפּגעשאַלט.

דער מבול איז מיט יעדן מאָמענט שטאַרקער געוואָרן. דער רעגן האָט געפּויקט איבער די האַרטע נאַבאַק־בלעטער און געפּליעסקעט. ווען דאָס פייער וואָלט נישט געווען אונטער דעם שוץ פון די צווייגן, וואָלט עס באַלד מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן, אָבער סיי ווי האָט זיך נאָר מער נישט ווי אַ רויך אויפגעהויבן, צווישן וועלכן עס האָבן נאָר שמאָלע בלוילעכע פלעמעלעך אויפגעגלאַנצט. קאַלי האָט זיך אונטערגעגעבן און האָט שוין מער קיין דאַרע צווייגן נישט צוגעלייגט. דאַקעגן האָט ער, פאַרוואָרפנדיק אַרום ביים אַ שטריק, אָנגעהויבן דורך אים אַרויפצוקלע־טערן וואָס אַמאָל העכער אויפן שטאַם.

— וואָס טוסטו? — האָט סטאַש אויסגערופן.

— קאַלי אַרויפקריכן אויפן בוים.

— צו וואָס? — האָט דאָס יינגל אַ געשריי געטאָן, ווערנדיק אויפ־גערעגט צוליב דעם נעגערס זעלבסטליבע.

אַ העלער, מוראַדיקער בליץ האָט די פינצטערניש פונאַנדערגעריסן, און קאַליס ענטפער איז פאַרטויבט געוואָרן דורך אַ פּלוצלינגען דונער, וואָס האָט מיטן הימל און מיט דער ווילדעניש אויפגעטרייסלט. גלייכ־צייטיק איז אויסגעבראָכן אַ שטורעמווינט, ער האָט אַ ריס געטאָן די צווייגן פון בוים, אין איין אויגנבליק דאָס פייער אויסגעקערט, אַ כאַפּ געטאָן די נאָך פונאַנדערגעגליטע קוילן פון אונטערן אַש אָפּער און צוזאַמען מיט סנאָפּעס פונקען אין די דזשונגליע פאַרטראָגן.

אַ חושך ואפלה האָט אויף אַ מאָמענט דעם גאַנצן לאַגער אַרומגע־נומען. דער שרעקלעכער טראָפּישער שטורעם האָט זיך צעווילדעוועט אויפן הימל און אויף דער ערד. אַ דונער איז געקומען נאָך אַ דונער, אַ בליץ נאָך אַ בליץ. די בלוטיקע זיגזאַגן פון די דונערן האָבן פונאַנדערגעריסן דעם קרעפּ־שוואַרצן הימל. אויף די נאָענטע פעלזן האָט זיך באַוויזן אַ

וואונדערלעכע, בלויע קויל, וואָס האָט זיך אַ געוויסע צייט געקייקלט איבערן טאַל, און דערנאָך האָט זי אויפגעריסן מיט אַ בלענדנדיק ליכט און געפּלאַצט מיט אַזאַ שרעקלעכן קנאַל, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די פעלזן צעשיטן זיך אויף שטויב פון אויפטרייסלונג.

דערנאָך האָט ווידער אַ פינצטערניש אַרומגענומען.

סטאַש האָט זיך דערשראָקן וועגן נעלן און טאַפּנדיק אין דער פינצטערניש איז ער צוגעגאַנגען צום געצעלט.

דאָס געצעלט, וואָס איז פאַרשטעלט געווען מיט אַ הויפן פון טערמיטן און מיט אַ ריזיקן שטאַם, איז נאָך געשטאַנען, אָבער די ערשטע שטאַרקערע קלעפּ פון שטורמווינט האָבן געקאָנט איבעררייסן די שטריק און פאַרטראָגן עס, גאָט ווייסט וואוהין. און דער שטורעם, דאָ איז ער שוואַכער געוואָרן, דאָ האָט ער זיך ווידער מיט אַ ווילדער קראַפט אויפגעריסן, טראָגנדיק כוואַליעס רעגן און גאַנצע וואָלקנס בלעטער מיט צווייגן, וואָס ער האָט אָנגעבראָכן אין נאָענטן וואַלד. סטאַשן האָט אַ פאַרצווייפלונג אַרומגענומען. ער האָט נישט געוואוסט, צי זאָל ער נעלן איבערלאָזן אין דעם געצעלט, צי זאָל ער זי אַרויספירן. אין ערשטן פאַל האָט זי זיך געקאָנט פאַרפלאָנטערן אין די שטריק און צוזאַמען מיט די ראָלן לייוונט אַוועקגעטראָגן ווערן, אין צווייטן פאַל האָט איר געדראָט אויסגעווייקט צו ווערן און דעסגלייכן צו ווערן אויפגעכאַפּט, וואָרן אפילו סטאַש, הגם ער איז אַ סך קרעפטיקער געווען פאַר איר, האָט ער זיך קוים מיט אָנשטרענגונג אויף די פיס איינגעהאַלטן.

צו דעמדאָזיקן ענין האָט אַ סוף געמאַכט דער שטורעם, וואָס האָט מיט אַ רגע שפּעטער אַראָפּגעריסן דעם דאַך פון געצעלט. די לייוונטענע ווענט האָבן שוין גאָרנישט באַשיצט. ס'איז נישט איבערגעבליבן קיין אַנדערע עצה, ווי אָפּצוואַרטן דעם איבערגאַנג פון שטורעם, אין דער פינצטערניש, אין וועלכער עס האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט צוויי לייבן.

סטאַש האָט זיך משער געווען, אַז זיי האָבן זיך אויך באַהאַלטן אין דעם נאָענטן וואַלד פאַרן שטורעם, אָבער ער איז פולשטענדיק זיכער געווען, אַז נאָך דעם איבערגיין פון ווינט, וועלן זיי זיך צוריק אומקערן. די שרעקלעכקייט פון דער לאַגע איז דערמיט נאָך גרעסער געוואָרן, וואָס דער ווינט האָט פולשטענדיק אַ תל געמאַכט פון דער זעריבאַ.

אַלץ האָט געדראָט אומצוקומען. סטאַשס ביקס האָט דאָ גאָרנישט

געקאָנט העלפן. זיין ענערגיע דעסגלייכן. אַנטקייגן דעם שטורם, דונערן, הוראַגאַן, רעגן, פינצטערניש און אַנטקעגן לייבן, וועלכע זענען געלעגן באַהאַלטן אפשר אויף אַ מרחק פון עטלעכע טריט, האָט ער זיך געפילט שוצלאָז און ראַטלאָז. די לייוונטענע ווענט, וואָס זענען פונאַנדערגעריסן געוואָרן דורכן שטורעמווינט, האָבן זיי פון אַלע זייטן מיט וואַסער אָפּגע־גאָסן, האָט ער דאַן אַרומגענומען נעלן און אַרויסגעפירט זי פון געצעלט, דערנאָך האָבן זיך ביידע צוגעטוליעט צום שטאַם פון דעם באַבאַק, אָפּ־וואַרטנדיק דעם טויט אָדער אויף אַ ישועה פון גאָט.

נאָר פלוצלינג האָט זיך זיי, צווישן איינעם און צווייטן קלאַפּ פון שטורמווינט, דערטראָגן קאַליס קול, וואָס מ׳האָט קוים אַרויסגעהערט פון דעם פליעסק פון רעגן:

— גרויסער האַר, אויפן בוים אַרויף! אויפן בוים אַרויף!

און גלייכצייטיק האָט דער עק פון דעם אַראָפּגעלאָזטן נאַסן שטריק פונדערהייך אָנגערירט דעם ייִנגלס אָרעם.

— צובינדן די „ביבי”, און קאַלי זי אַרויפציען! — האָט דער נעגער ווייטער געשריגן.

סטאַש האָט קיין סעקונדע נישט געטראַכט. ער האָט אַרומגעהילט נעלן מיט דער קאָלדרע, כדי דער שטריק זאָל זיך איר נישט איינשניידן אין לייב, אַרומגעבונדן זי אין דעם גאַרטל, דערנאָך זי אויפגעהויבן אויף די אויסגעצויגענע אָרעמס אינדערהייך און אויסגערופן:

— ציִ!

די ערשטע צווייגן פון בוים זענען געווען גענוג נידעריק אַרויסגעוואַקסן, איז דעריבער די לופט־רייזע פון נעלן גאַנץ לייכט געגאַנגען. קאַלי האָט זי באַלד אַריינגעכאַפּט אין זיינע שטאַרקע אָרעמס און זי אַנידערגעזעצט צווישן שטאַם און אַ ריזיקער צווייג, וואו ס׳איז געווען גענוג אָרט אַפילו פאַר אַ האַלב טוץ אַזעלכע פיצעלעך באַשעפענישן. קיין שום ווינט וואָלט זי פון דאָרט נישט געקאָנט אַראָפּבלאָזן, און אויסער דעם, הגם איבערן גאַנצן בוים איז געפלאָסן וואַסער, האָט דאָך דער גראָבער שטאַם זי ווי־ניקסטנס אָפּגעהיטן פון פרישע כוואַליעס רעגן, וואָס דער ווינט האָט פון דער קרום געברענגט צו טראָגן.

פאַרזיכערנדיק די קליינע „ביבי”, האָט דער נעגער אויפסניי אַראָפּ־געלאָזט דעם שטריק פאַר סטאַשן, אָבער ער האָט, ווי אַ קאַפּיטאַן, וועל־כער בלייבט איבער דער לעצטער אויף דער טרינקענדער שיף, געהייסן פריער פאַר זיך מעאַן אַרויפקריכן.

קאַלי האָט זי לחלוטין נישט געדאַרפן ציִען, וואָרן אין איין סעקונדע האָט זי זיך אַרויפגעדראַפּעט איבערן שטריק און מיט אַזאַ געשיקטקייט און איינגעאיבטקייט, גלייך ווי זי וואָלט געווען אַ געבוירענע שוועסטער פון דעם שימפּאַנס. סטאַשן איז אַ סך שווערער אָנגעקומען, ער איז אָבער דערויף געווען אַ גוטער גימנאַסט, אַז ער זאָל קאָנען גובר זיין די שווערקייט פון זיין אייגענעם קערפּער, ווי אויך פון דער ביקס און העכער צען לאָדונגען, מיט וואָס ער האָט זיך אָנגעפילט די קעשענעס.

אויף אַזאַ אופן האָבן זיך אַלע פיר געפונען אויפן בוים. סטאַש איז אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן צו טראַכטן בײַ יעדער לאַגע וועגן געלן, אַז אויך איצט האָט ער זיך פאַרנומען קודם כל מיטן נאָכזעען, צי עס דראָט איר נישט, זי זאָל אַראָפּפאַלן, צי זי האָט גענוג פלאַץ און צי זי קאָן זיך באַקוועם אַנידערלייגן. ווערנדיק באַרויקט אין דעם פרט, האָט ער זיך אָנגעהויבן ברעכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי צו באַשיצן זי פאַרן רעגן. אָבער דערויף איז קיין שום עצה נישט געווען. אויפצובויען עפּעס אַ מין דעכל איבער איר קאָפּ וואָלט גאַנץ לייכט געווען באַטאָג, אָבער איצט האָט זיי אַזאַ פינצטערניש אַרומגענומען, אַז זיי האָבן זיך לחלוטין איינס דאָס אַנדערע נישט געזעען. וואָלט כאָטש דער שטורם אויפגעהערט און ס׳וואָלט זיך איינגעגעבן אָנצוצינדן אַ פייער, וואָלט מען בעלס קליידער כאָטש געקאָנט אויסטרוקענען! סטאַש האָט מיט פאַרצווייפלונג געטראַכט, אַז דאָס מיידעלע, וועלכע איז ביזן ביין אויסגעווייקט געוואָרן, וועט אָן שום ספק באַקומען צומאָרגנס דעם ערשטן פיבעראַטאַק.

ער האָט מורא געהאַט, אַז באַלד אינדערפרי וועט זיך נאָכן שטורם מאַכן קאַלט, אַזוי ווי עס איז געשעען אין די פריערדיקע נעכט. ביז איצט אָבער, קאָן מען זאָגן, איז דער ווינט געווען מער אַ הייסער און דער רעגן, ווי אָנגעוואַרעמט. עס האָט נאָר סטאַשן געוואונדערט דאָס אויסהאַלטעוודיקייט פון דעם שטורם, מחמת ער האָט געוואוסט, אַז די טראָפּישע שטורמען, וואָס מער זיי ווילדעווען, אַלץ קירצער געדויערן זיי.

ערשט אין אַ שפּאָר שטיק צייט אַרום האָבן די דונערן אויפגעהערט, דער ווינט איז שוואַכער געוואָרן, אָבער גערעגנט האָט נאָך כסדר, אמת, שוין נישט אַזוי פלייצנדיק, ווי פריער, אָבער אַזוי שווער און געדיכט, אַז די נאַבאַק־בלעטער האָבן שוין לחלוטין נישט גע־

קאָנט שיצן. פון אינטן איז דערגאַנגען דאָס גערויש פון וואַסער, גלייך ווי די גאַנצע דזשונגליע וואָלט אין איין אָזיערע פאַרוואַנדלט געוואָרן.

סטאַש האָט איצט געטראַכט, אַז זיי וואָלטן געווען אין טעל אַלע אָן שום ספק דערהרגעט געוואָרן. אַן אומגעהייערער ווייטיק האָט אים אויך אַרומגענומען באַם געדאַנק, וואָס מיט סאַבאַן וועט ווערן — און ער האָט נישט געוואַגט דערפון צו רעדן מיט נעלן. ער האָט פונדעסטוועגן געהאַט אַ שטיקל האָפנונג, אַז דערדאָזיקער פיפיקער הונט וועט שוין פאַר זיך געפינען אַ זיכער באַהעלטעניש ערגעץ צווישן די פעלזן, וואָס שטאַרן אַרויס איבערן טאָל. עס איז אָבער קיין שום אופן נישט געווען צו קומען צו אים מיט וועלכער עס איז הילף.

זענען זיי דעריבער געזעסן איינס לעבן דאָס אַנדערע, צווישן די פונאַנדערגעשפרייטע צווייגן, ווערנדיק דורכגענעצט און וואַרטנדיק ס'זאָל אָנהייבן טאָגן. ס'זענען אַוועק נאָך עטלעכע שעה, האָט די לופט אָנגעהויבן קילער ווערן און דער רעגן האָט ענדלעך אויפגעהערט. דאָס וואַסער איז שוין אויך, ווייזט אויס, געהאַט אָפגעפלאָסן פון די העכערע ערטער אויף די נידעריקע אַראָפ, מחמת מ'האָט שוין נישט געהערט קיין פליעסקען, נישט קיין גערויש.

סטאַש האָט אין די פריערדיקע טעג באַמערקט, אַז קאַלי קאָן אָנצינדן אַ פייער אויך פון נאַסע צווייגן, איז אים דעריבער איינגעפאַלן, אַז ער זאָל דעם נעגער הייסן אַראָפגיין און פרווון, צי עס וועט אים אויך דאָס מאָל נישט געלינגען. אין דעם מאָמענט אָבער, וואָס ער האָט זיך צו אים אַ ווענד געטון, איז געשעען עפּעס אַזוינס, וואָס באַ אַלע פיר איז דאָס בלוט אין די אָדערן פאַרקילט געוואָרן.

אַ פלוצלינגער פערד-געקוויטש האָט די באַנאַכטיקע שטילקייט פונאַנדערגעריסן, דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער, גרויליקער קוויטש, פול מיט ווייטיק, פחד און מיט שטערבלעכער אימה. ס'האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ קורצער כאָרכל, נאָכדעם אַ טויב קרעכצן, אַ כראָפעריי, אַ צווייטער קוויטש פון אַ פערד, נאָך אַ מער גרוילנדיקער, דערנאָך איז אַלץ אַנטשוויגן געוואָרן.

— די לייבן, גרויסער האַר! די לייבן הרגענען פערד! — האָט קאַלי גשעפטשעט.

עפּעס אַזוי פּיל אימהדיקס איז געלעגן אין דעמדאָזיקן באַנאַכטיקן אָנפּאַל, אין דערדאָזיקער איבערמאַכט פון די גרויזאַמע באַשעפענישן און אין דערדאָזיקער פלוצלינגדיקער מערדעריי פון ווערלאָזע חיות, אַז סטאַש איז אַזש אויף אַ רגע אַן אימה באַפאַלן און ער האָט פאַרגעסן אָן דער ביקס. וואָס וואָלט, איבעריקנס, געפועלט דאָס שיסן אין אַזאַ חשכות? סיידן נאָר דאָס, כּדי דידאָזיקע נאַכט־מערדער, אויב דער קנאַל פון שאָס און דאָס פייער וועט זיי איבערשרעקן, זאָלן אַוועקוואַרפן די פערד, וועלכע ליגן שוין געהרגעט, און נאַכלויפן נאָך יענע, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן און אַנטלאָפן פון לאַגער אויף אַזוי ווייט, אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך געווען מיט די געפענטעטע פיס אָפּצולויפן.

סטאַשן איז אַ שוידער דורך אַלע אברים דורכגעלאָפן באַם געדאַנק, וואָס וואָלט געווען, ווען זיי בלייבן אונטן. נעל, וועלכע איז געזעסן צוגע־טוליעט צו אים, האָט אַזוי געציטערט, גלייך עס וואָלט זי שוין דער ער־שטער פיבער־אַטאַק אָנגעכאַפּט, אָבער דער בוים האָט זיי ווייניקסטנס באַ־שיצט פאַר אַן אָנפאַל. קאַלי האָט זיי פשוט דאָס לעבן געראַטעוועט.

דאָס איז יעדנפאַלס אָבער געווען אַ שרעקלעכע נאַכט, — די שרעק־לעכסטע פון דער גאַנצער רייזע.

זיי זענען געזעסן, ווי די אויסגעווייקטע פייגל, אויף די צווייגן, איינהאָרכנדיק זיך, וואָס עס טוט זיך אונטן. און דאָרט האָט אין משך פון אַ געוויסער צייט געהערשט אַ טיף שטילשווייגן, נאָר אין קורצן האָט זיך דערטראָגן אַ שטיל אונטערמרוטשען, דאָס ווידערקול, ווי מ'וואָלט עפּעס געכלעפּטשעט, דאָס קייען פון די אָפּגעריסענע שטיקער פלייש, ווי אויך דאָס כראָפּענדיקע אָטעמען און קרעכצן פון די גרויזאַמע באַשע־פענישן.

דער ריח פון רוי פלייש און בלוט האָט אַזש ביזן בוים דע־גרייכט, מחמת די לייב, האָבן געפּראַוועט זייער מאָלצייט נישט מער, ווי אויף אַ צוואָנציק טריט פון דער זעריבאַ.

און זיי האָבן אַזוי לאַנג זיך געלאָזט וואוילגיין, אַז סטאַשן האָט ענדלעך אַזש אַ כעס אָנגעכאַפּט. ער האָט אַ כאַפּ געטון די ביקס און אויסגעקנאַלט אין דער ריכטונג פון די ווידערקולות.

אָבער אָפּגעענטפערט האָט אים נאָר אַן אָפּגעריסענער, צאָרנדיקער ריטש, דערנאָך האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס קנאַקן פון די צעמאָלע־נע ביינער צווישן זייערע ריזיקע ציין. אין דער ווייטקייט האָבן נאָר

בלוי און רויט אָפּגעגלאַנצט די אויגן פון די היענעס אין שאַקאַלן, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער רייע.

און אַזוי האָבן זיך אָפּגעצויגן די לאַנגע שעהן פון באַנאַכט.

# XXV.

די זון איז ענדלעך אויפגעגאַנגען און באַלויכטן די דזשונגליע, די קעמפּעס ביימער און דעם וואַלד. די לייבן זענען פאַרשוואונדן געוואָרן, נאָך איידער דער ערשטער שטראַל האָט אויפן האָריזאָנט אויפגעבלישטשעט. סטאַש האָט קאַלין געהייסן אָנצינדן אַ פייער און מעאַן — זי זאָל אַרויסנעמען נעלס זאַכן, וואָס זענען אין לעדערנעם זאַק פאַרפּאַקט געווען, אויסטרוקענען זיי און ווי צום גיכסטן דאָס מיידעלע איבערטון. נעמענדיק די ביקס, איז ער אַליין אַוועקגעגאַנגען באַזוכן דעם לאַגער, און גלייכצייטיק אויך באַקוקן דעם שאָדן, וואָס דער שטורם און די צוויי נאַכט-מערדער האָבן אָנגעמאַכט.

באַלד נאָך דער זעריבאַ, פון וועלכער די פלעקענער זענען נאָר איבערגעבליבן, איז געלעגן דאָס ערשטע פערד, אויפגעפרעסן כמעט ביז די העלפט, מיט הונדערט טריט ווייטער דאָס צווייטע, נאָר-וואָס אָנגעהויבן, און באַלד נאָך דעם דאָס דריטע מיט אַן אויפגעריסענעם בויך און מיט אַ צעשמעטערטן קאָפּ. אַלע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שרעקלעך בילד, זיי האָבן נעמלעך געהאַלטן די אויגן אָפן, אָנגעפולט מיט פאַרגליווערטער שרעק און מיט אויסגעשטשירעטע ציין. די ערד איז געווען צעטראַטעוועט, אין די גריבלעך גאַנצע קאַלוזשעס מיט בלוט. סטאַשן האָט אַזאַ כעס אָנגעכאַפּט, אַז אין דער איצטיקער רגע האָט ער זיך כמעט ווי געוואונטשן, אַז עס זאָל זיך פון ערגעץ אַ קעמפּע אַרויסווייזן וועלכן ס'איז מערדערס קודלאַטער קאָפּ, וואָס איז נאָך שווער פון דער נעכטיקער סעודה און ער זאָל אים אין קאָנען אַריינפּאַקן אַ קויל. אָבער ער האָט די נקמה געמוזט אָפּלייגן אויף ווען אַן אַנדערש מאָל, איצט האָט ער נעמלעך געהאַט עפּעס אַנדערש וואָס צו טון.

מ'האָט געדאַרפט אָפּזוכן און כאַפּן די איבערגעבליבענע פערד. דאָס ייִנגל האָט זיך משער געווען, אַז זיי, ווי אויך סאַבאַ, וועלכנס קער-

פער מ׳האָט אין ערגעץ נישט געזעען, האָבן זיך געוויס באַהאַלטן אין וואַלד. די האָפֿנונג, אַז זייער געטרייער אָח לצרה איז נישט געפֿאַלן קיין קרבן פֿון דידאָזיקע רויב־חיות, האָט סטאַשן אַזוי דערפֿרייט, אַז ער האָט זיך אָנגענומען מיט מער מוט, און זיין פֿרייד איז נאָך מער פֿאַרגרעסערט געוואָרן, ווען ער האָט געפֿונען דאָס אייזל. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קלוגער לאַנג־אויעריקער האָט זיך נישט געוואָלט אַפֿילו באַמיען צו ווייט צו אַנטלויפֿן. ער האָט זיך פּשוט פֿאַררוקט אין אַ ווינקל מחוץ דער זעריבאַ, צווישן דעם הויפֿן טערמיטן און דעם בוים — און דאָרטן האָט ער, האָבנדיק באַשיצט דעם קאָפּ און די זייטן, געוואַרט, וואָס וועט ווייטער געשען, זייענדיק גרייט אין דעם לעצטן פֿאַל אָפּצושטויסן דעם אָנפֿאַל מיט דער הילף פֿון העלדישן וויערגן. אָבער די לייבן האָבן אים, משמעות, לחלוטין נישט באַמערקט, האָט ער דעריבער געפֿונען פֿאַר נייטיק נאָכדעם, ווי די זון איז אויפֿגעגאַנגען און דאָס געפֿאַר איז פֿאַרביי, אַנידערצולייגן זיך און אָפּרוען נאָך די באַנאַכטיקע דראַמאַטישע איינדרוקן.

סטאַש האָט, נאָך אַ לאַנגן אַרומפֿאָרען זיך אַרום לאַגער, ענדלעך געפֿונען אויף דער ווייך־געוואָרענער ערד די שפּורן פֿון די פֿערדישע קאָפּיטעס. די צייכנס האָבן געפֿירט אין דער ריכטונג פֿון וואַלד, און דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגעדרייט צום טאָל. דאָס איז געווען אַ גינסטיקע געלעגנהייט, מחמת דאָס כאַפּן די פֿערד אין טאָל האָט מיט זיך נישט פֿאָרגעשטעלט קיין גרויסע שוועריקייטן. מיט אַ צען טריט ווייטער, האָט זיך אָפּגעפֿונען אין גראָז אַ פּענטע, וואָס איינס פֿון די פֿערד האָט בשעת דעם אַנטלויפֿן אַראָפּגעריסן. דאָסדאָזיקע פֿערד האָט געמוזט אַזוי ווייט אַנטלויפֿן, אַז מ׳האָט עס דערווייל געמעגט רעכענען ווי פֿאַרפֿאַלן. דאַקעגן האָט סטאַש די איבעריקע צוויי פֿערד באַמערקט הינטער אַ נידעריקן פֿעלזן, נישט אין סאַמע טאָל, נאָר אויפֿן ברעג. איינס פֿון זיי האָט זיך געטאָרעט אויף דער ערד, און דאָס צווייטע האָט געשטשיפּעט דאָס יינגע, העל־גרינע גראָז. ביידע האָבן אויסגעזען אומגעהייער אָפּגעמאַטערט, ווי נאָך אַ ווייטן וועג. אָבער די ליכט פֿון באַטאָג האָט פֿון זיי פֿאַרטריבן די שרעק פֿון האַרץ, מחמת זיי האָבן סטאַשן באַגריסט מיט אַ קורץ, פֿריינדלעך הירזשען. דאָס פֿערד, וועלכעס האָט זיך געטאָרגלט, איז אַ שפּרונג־אויף געטון אויף די פֿיס, דערביי האָט דאָס יינגל באַמערקט, אַז אויך דאָס פֿערד האָט זיך פֿון די פּענטעס באַפֿרייט, צום

גליק אָבער האָט עס, משמעות, גלייכער געוואָלט איבערבלייבן לעבן חבר, איידער צו אַנטלויפן, וואוהין די אויגן וועלן עס טראָגן.

סטאַש האָט זיי ביידע אַרויסגעלאָזט הינטערן פעלז און איז אַרויפגעגאַנגען אויפן ברעג פון טאָל, כדי זיך איבערצוצייגן, צי איז די רייזע דאָ ווייטער מעגלעך. ער האָט באַלד באַמערקט, אַז דאָס וואַסער איז צוליב דער שטאַרקער משופּעדיקייט שוין אָפּגעפלאָסן און אַז די דנאָ איז כמעט טרוקן. נאָך אַ ווײַלע האָט זיין אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן עפּעס אַ ווייסע זאַך, וואָס איז געווען פאַרפּלאָנטערט אין די בערג־געוויקסן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון דער קייגנאיבערדיקער פעלזן־וואַנט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען דער דאַך פון געצעלט, וואָס דער ווינט האָט אים אַזש דאָ אַהער פאַרטראָגן און אַזוי אין דער געדיכטעניש פאַרשטעקט, אַז דאָס וואַסער האָט אים נישט געקאָנט מיטרייסן. דאָס געצעלט האָט, ווי ס'זאָל נישט זיין, פונדעסטוועגן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ בעסערע באַשיצונג פאַר בעלן, ווי דער אויף אין דער גיך צונויפגעקלעפּטער שאַלאַש פון צווייגן, דעריבער האָט דאָס אָפּגעפינען זיך פון דער אבדה כטאַשן שטאַרק דערפרייט.

אָבער זיין פרייד איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן דערמיט, וואָס פון דער פעלזן־הייל, וואָס איז געווען פאַרבאָרגן עכוואָס העכער אונטער די ליאַנעס, איז אַרויסגעשפּרונגען סאַבאַ, וועלכער האָט געהאַלטן צווישן די ציין עפּעס אַ חיה, וואָס זיין קאָפּ און ווײַדל האָבן אים אַראָפּגעהאָנגען פון ביידע זייטן פּיסק. דער ריזיקער הונט האָט אין איין אויגנבליק זיך אַרויפגעדראַפּעט אינדערהייך און אַנידערגעלייגט צו סטאַשס פיס אַ געשטרייפטע היענע מיט אַ צעשמעטערטן רוקן און מיט אַן אָפּגעגריזשעטן פוס, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו באַוועגן מיטן ווײַדל און מיט שמחה צו בילן, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:

— כ'בין מיך מודה, כ'איז מיך טאַקע באַפאַלן אַ פּחד פאַר די לייבן, אָבער, וואָס אַן אמת, זענט איר דאָך אויך געזעסן אויפן בוים, ווי די פאַנטערקעס. פונדעסטוועגן גיב אַ קוק, אַז כ'האָב די נאַכט אומזיסט נישט פאַרברענגט.

און ער איז אַזוי שטאָלץ געווען פון זיך, אַז סטאַש האָט קוים באַוויזן אים צו צווינגען, אַז ער זאָל דאָ אויפן אָרט איבערלאָזן די שטינקנדיקע חיה און נישט אַוועקטראָגן זי בעלן אַלס מתנה.

ווען זיי האָבן זיך ביידע אומגעקערט, האָט אין לאַגער שוין געברענט אַ פייער, און אין די כלים האָט געזאָטן וואַסער, אין וועלכן עס

האָבן זיך געקאָכט דורא־קערנער, צוויי פּאַנטערקעס און געריכערטע פּאַסן פון דעם אַנטילאָפּס לונג־און־לעבער. נעל איז שוין געווען איבער־געטון אין טרוקענע קליידער, אָבער זי האָט אַזוי שלעכט און בלאַס אויס־געזען, אַז סטאַש האָט זיך וועגן איר שטאַרק דער־שראָקן, און אָנגעמענ־דיק זי בּאַ דער האַנט, כּדי זיך איבערצוצייגן, צי זי האָט נישט אַמאָל קיין היץ, זיך אַ פרעג געטון:

— נעל, וואָס איז דיר?

— גאָרנישט, סטאַש, נאָר עס ווילט זיך מיר זייער שלאָפן.

— איך גלייב דיר! נאָך אַזאַ נאַכט! הענט האָסטו, גאָט זיין דאַנק, קאַלטע. אָך! וואָס פאַר אַ נאַכט דאָס איז געווען! ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, וואָס עס ווילט זיך דיר שלאָפן. מיך אויך! אָבער צי פילסטו דיך נישט אַמאָל קראַנק?

— דער קאָפּ טוט מיר אַ ביסל וויי.

סטאַש האָט איר אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן שטערן. דאָס קעפּל איז פונקט אַזוי קאַלט געווען, ווי די הענט, דאָס האָט אָבער אייגנטלעך דערוויזן די דערשעפּטקייט און אָפּגעשוואַכטקייט, האָט דאָס יינגל דערי־בער אָפּגעזיפצט און אויסגערופן:

— וועסט עפּעס עסן וואַרעמס, דערנאָך וועסטו דיך בּאַלד לייגן שלאָפן און וועסט שלאָפן ביזן אָוונט. היינט איז דאָס וועטער ווייניקסטנס שיין און ס'וועט שוין נישט זיין אַזוי ווי נעכטן.

און נעל האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט שרעק.

— אָבער נעכטיקן וועלן מיר דאָ נישט?

— דאָ נישט, ווייל דאָ ליגן די צעגריזשעטע פערד; מיר וועלן זיך אויסקלויבן ערגעץ אַן אַנדערן בוים, אָדער מיר וועלן אַריינפאָרן אין טאָל אַריין און דאָרט וועלן מיר איינאָרדענען אַזאַ זעריבאַ, וואָס די וועלט האָט עס נאָך נישט געזען. וועסט אַזוי רויק שלאָפן, פונקט ווי אין פּאָרט־סאַיד.

אָבער זי האָט פאַרלייגט די הענטלעך און אָנגעהויבן אים בעטן מיט טרערן און די אויגן, אַז זיי זאָלן ווייטער פאָרן, מחמת אין דעם שרעקלעכן אָרט וועט זי קיין אויג נישט קאָנען צומאַכן און זי וועט זיכער קראַנק ווערן. און זי האָט אים אַזוי געבעטן, אַזוי כּסדר איבערגעחזרט, קוקנדיק אים אין די אויגן אַריין: „נו, סטאַש? — גוט?" — אַז ער האָט שוין אויך אַלץ מסכּים געווען.

— וועלן מיר אַלזאָ פאָרן מיטן טאָל, — האָט ער אויסגע־

רופן — וואָרים דאָרט איז אַ שאָטן. זאָג מיר נאָר צו, אַז, אויב עס וועלן דיר כּוחות פאַרפעלן, אָדער וועסט דיך נישט גוט פילן, זאָלסטו מיר זאָגן.

— עס וועט מיר נישט פאַרפעלן, עס וועט מיר נישט פאַרפעלן! וועסט מיך צובינדן צום זאָטל און כ'וועל אויף אים גאַנץ גוט איינשלאָפן.

— ניין, כ'וועל מיך אויפזעצן אויף דעם זעלבן פערד און וועל דיך צוהאַלטן. קאַלי מיט מעאַן וועלן פאָרן אויפן צווייטן, און דאָס אייזל וועט טראָגן דאָס געצעלט.

— גוט! גוט!

— באַלד נאָכן אָנבייסן מוזסטו דיך אַ ביסל איבערשלאָפן. מיר קאָנען סיידווי פאַר מיטאָג נישט אַרויספאָרן, ווייל ס'איז דאָ אַ סך צו טון. מען דאַרף כאַפּן די פערד, צונויפֿלייגן דאָס געצעלט, אַנדערש איבערלאָדענען די זעק. אַ טייל זאַכן וועלן מיר איבערלאָזן, ווייל מיר האָבן איצט סך-הכּול צוויי פערד. דאָס וועט באַ אונדז פאַרנעמען אַפּאָר שעה, און דו וועסט דיך דערווייל איבערשלאָפן און קומען צו די כּוחות. היינט וועט זיין אַ היץ, אָבער אונטערן בוים וועט קיין שאָטן נישט פעלן.

— און דו — און מעאַ מיט קאַלין? עס איז מיר אַזוי נישט אָנגענעם, וואָס איך אַליין וועל נאָר שלאָפן, און איר מוזט אייך מאַטערן...

— פאַרשטייט זיך, מיר וועלן זיך שוין אויך געפינען צייט. וועגן מיר זאָרג זיך נישט. אין פאָרט-סאַיד פלעג איך אין דער צייט פון די עקזאַמענס אָפט גאַנצע נעכט נישט שלאָפן, וועגן וועלכן אפילו מיין אייגענער טאַטע האָט נישט געוואוסט... די חברים מיינע זענען אויך נישט געשלאָפן, אָבער וואָס אַ מאַנספאַרשוין, איז נישט אַזאַ קליינע פליג, ווי דו. האָסט נישט קיין השגה, ווי דו זעסט היינט אויס... פולשטענדיק ווי אַ גלעזערנע! עס זענען נאָר איבערגעבליבן די אויגן מיט דער טשופּרינע, אָבער קיין פּנים איז לחלוטין נישטאָ.

ער האָט דאָס געזאָגט אין שפּאַס, אָבער באַ זיך אין האַרץ האָט ער באמת מורא געהאַט, וואָרן באַם שטאַרקן טאָג-ליכט האָט נעל געהאַט פּשוט אַ קרענקלעך פּנים און צום ערשטן מאָל האָט ער ערשט

קלאָר פאַרשטאַנען, אַז אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועט דאָס אָרע־מע קינד נישט נאָר אפשר, נאָר זי מוז זיכער שטאַרבן. און בײַ דעם־דאָזיקן געדאַנק זענען אים די פיס ווי אונטערגעהאַקט געוואָרן, מחמת ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז אין פאַל טאָמער שטאַרבט זי, וואָלט ער שוין אויך נישט געהאַט צו וואָס צו לעבן, נישט צו וואָס זיך אומ־צוקערן קיין פאָרט־סאַיד.

— וואָרן וואָס וואָלט איך דעמאָלט געטון? — האָט ער גע־טראַכט.

ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעדרייט, כּדי נעל זאָל נישט באַ־מערקן אין זײַנע אויגן קיין ווייטיק און שרעק, און דערנאָך איז ער אַוועקגעגאַנגען צו די צוזאַמענגענומענע זאַכן אונטערן בוים, אַוועקגענו־מען די קאָלדרע, מיט וועלכער דאָס שאַכטל מיט די קוילן איז געווען אַרומגעוויקלט, עס אויפגעעפנט און אָנגעהויבן דערין עפּעס זוכן.

ער האָט דאָרט געהאַט באַהאַלטן אין אַ קליין גלעזערן פלעשעלע דאָס לעצטע פּאַפּירל כינין און ער האָט עס אָפּגעהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, אויף דער „שוואַרצער שעה", דאָס הייסט, אויפן פאַל, ווען נעל זאָל באַקומען פיבער. אָבער איצט איז ער כמעט ווי זיכער געווען, אַז נאָך אַזאַ נאַכט מוז אָן שום ספק קומען דער ערשטער אַטאַק, דעריבער האָט ער באַשלאָסן אים פריער צו פאַרכאַפּן. ער האָט דאָס געטון מיט אַ שווער האַרץ, טראַכטנדיק דערפון, וואָס וועט ווייטער זיין און ווען נישט דאָס, וואָס אַ מאַנספּערשוין און אַן אַנפירער פון אַ קאַראַוואַן האָט נישט געפּאַסט צו וויינען, וואָלט ער זיך איבער דעם לעצטן פּאַפּירל כינין גע־יועץ פונאַנדערגעוויינט.

דעריבער האָט ער, ווילנדיק פאַרבאָרגן זיין געריריטקייט, אָנגענו־מען זייער אַ שטרענגע מינע, און ווענדנדיק זיך צום מיידעלע, אויסגע־רופן:

— נעל, נעם איין פאַרן עסן די רעשט כינין.

זי האָט אָבער אַ פרעג געטון:

— און אויב דו וועסט באַקומען פיבער?

— וועל איך מיך טרייסלען. נעם, זאָג איך דיר.

זי האָט גענומען אָן שום ווייטערדיקן ווידערשטאַנד, מחמת זינט ער האָט דערהרגעט די סודאַנער, האָט זי פאַר אים אַ ביסל מורא גע־האַט, נישט קוקנדיק אויף די אַלע זײַנע באַמיונגען לגבי איר און אויף

דעם גוטסקייט, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן. דערנאָך האָבן זיי זיך געזעצט עסן אָנבייסן און נאָך דער באַנאַכטיקער פּיין האָט זיי זיי הייסע יויך פון די פּאַנטערקעס אויסגעצייכנט געשמעקט. נעל איז באַלד נאָכן מאָלצייט איינגעשלאָפן און זי איז אַזוי אָפּגעשלאָפן עטלעכע שעה. סטאַש, קאַלי און עמאַ האָבן איבער דער צייט אויסגעסדרט דעם קאַראַוואַן, זיי האָבן געברענגט צו טראָגן פון טאָל דעם דאָך פון געצעלט, געזאָטלט די פערד, באַלאָדנט אויך דאָס אייזל — און די זאַכן, וואָס זיי האָבן לייכט געקענט מיטנעמען, האָבן זיי באַגראָבן אונטער די באַבאַק-וואָרצלען. דער שלאָף האָט זיי בשעת דערדאָזיקער אַרבעט שרעקלעך געפּייניקט, אָבער סטאַש האָט, מורא האָבנדיק, זיי זאָלן נישט פאַרשלאָפן, דערלויבט בלויז פון צייט צו צייט אַ דרימל צו כאַפּן.

ס'איז שוין אפשר געווען צוויי אַ זייגער, ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַריין. סטאַש האָט נעלן געהאַלטן פון פאָרנט, קאַלי מיט מעאַן זענען געפאָרן אויפן צווייטן פערד. זיי זענען אָבער מיטאַמאָל נישט אַראָפּגעפאָרן אין טאָל אַריין, נאָר זיי האָבן זיך פאָרויסגערוקט צווישן דעם ברעג פון טאָל און דעם וואַלד. די ענגע דזשונגליע איז איבער דער אייבער רעגנדיקער נאַכט גאַנץ היפש אונטערגעוואַקסן, דער באָדן אונטער איר איז אָבער געווען שוואַרץ און געטראָגן אויף זיך די צייכנס פון פייער. מ'האָט לייכט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז דאָ אַרום איז אָדער אַדורכגעגאַנגען כמאַין מיט זיין אָפּטיילונג, אָדער אַ פייער, וואָס איז דורכן ווינט פון ווייט אַהער איבערגעטראָגן געוואָרן. דאָס פייער האָט זיך, זעט אויס, פאָרויסגערוקט איבער דער דזשונגליע, און אָנטרעפנדיק ענדלעך אויפן פייכטן וואַלד, האָט עס זיך איבערגערוקט אויף נישט זייער קיין ברייטן פּאַס צווישן דעם וואַלד און דעם טאָל און ווייטער אַוועק. סטאַשן האָט זיך זייער געגלוסט צו דערגיין, צי עס געפינען זיך נישט אַמאָל אויף דעמדאָזיקן פּאַס וועלכע ס'איז סימנים פון סמאַינס לאַגער, אָדער צייכנס פון קאָפּיטעס — און מיט פאַרגעניגן האָט ער זיך איבערצייגט, אַז מ'האָט קיין שום ענלעכס נישט באַמערקט. קאַלי, וועלכער האָט זיך גאַנץ גוט געקאָנט אויף אַזעלכע זאַכן, האָט אַנטשלאָסן פעסטגעשטעלט, אַז דאָס פייער האָט געמוזט פאַרטראָגן ווערן דורכן ווינט און אַז פון יענער צייט אָן איז שוין פאַרביי העכער צען טאָג.

— דאָס באַווייזט אַלזאָ — האָט סטאַש באַמערקט — אַז סמאַין מיט זיינע מאהדיסטן איז שוין ווער ווייסט וואו — און מיר וועלן בשום אופן שוין אין זיינע הענט נישט אַריינפאַלן.

דערנאָך האָבן זיי ביידע, ער מיט נעלן, נייגיריק זיך אָנגעהויבן צוצוקוקן צו די געוויקסן, מחמת ביז איצט איז מען נאָך קיינמאָל נישט אַזוי נאָענט צוגעקומען צו אַ טראָפּישן וואַלד. זיי זענען איצט געפאָרן האַרט בײַ זײַן ראַנד, כּדי צו האָבן דעם שאָטן איבערן קאָפּ. די ערד איז דאָ געווען פייכט און ווייך, פאַרוואַקסן מיט אַ טונקל־גרינלעך גראָז, מיט מאָך און פאַפּראָטן. ערטערווייז זענען געלעגן אַלטע צעקרישלטע שטאַמען, באַדעקט, ווי מיט אַ טעפּיך, מיט העללעכע אָרכידעען פון פאַרשידענע פאַרבן, מיט בלימעלעך ענלעכע צו שמעטערלינגען, מיט פאַרשידנפאַרביקע קריגעלעך אין דער מיט פון דער קרוין. וואוהין די זון איז נאָר צוגעקומען, דאָרט האָט זיך די ערד געגאָלדעט פון פאַרשידענע אַנדערע העללעכע קלייניקע און געלע אָרכידעען, אין וועלכע צווי בלימען־לעפלעך האָבן, אויפהייבנדיק זיך בײַ די זייטן פון אַ דריטס, געבילדעט אַן ענלעכקייט צו אַ קעפּל פון אַ חיהלע מיט גרויסע, שאַרף־פאַרענדיקטע אויערן. ערטערווײַז איז דער וואַלד געווען באַוואַקסן מיט קזשאַקעס פון ווילדע זשאַסמינען, וואָס זענען געווען אַרײַנגעפלאָכטן אין גירליאַנדעס פון דינע וויקלדיקע געוויקסן, וואָס האָבן ראָז געבליט. די פלאַכע טאָלן און פאַרטיפונגען זענען געווען באַוואַקסן מיט פאַפּראָטן, צוזאַמענגעשלאָגן אין אַ נישט דורכדרינגלעכער געדיכטעניש דאָ נידעריקע און פונאַנדערגעשפּרייטע, דאָ הויכע, מיט שטאַמען, וואָס זענען באַוויקלט געווען ווי מיט אַ שפּין־וועבס, וואָס האָט דערגרייכט אַזש ביז די ערשטע צווייגן פון דיביימער, איבער וועלכע זיי האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט אין אַ לייכטער גרינער קרוין. אין דער טיף פון וואַלד זענען נישט געווען קיין ביימער פון ״יין מ״ן, עס זענען געווען: דאַקטילן, ראַפּינען, פעכער־פּאַלמען, סיקאָמאָרן, ברויט־ביימער, עופאָרביען, כּלערליי סענעציעס, אַקאַציעס; ביימער מיט טונקעלע בלעטער, ביימער מיט גלאַנציקע בלעטער, מיט העלע, מיט רויטע ווי בלוט, זענען געוואַקסן לעבן אַנאַנדער, שטאַם לעבן שטאַם, צוזאַמענגעפלאָנטערטע צווייגן, פון צווישן וועלכע עס האָבן אַרויסגעבליצט געלע און פּורפּורענע בלימעלעך, וואָס זענען צו מנורות ענלעך געווען. אויף גרויסע שטחים האָט מען לחלוטין קיין ביימער נישט געזעען, מחמת פון דער ערד ביז די שפּיצן זענען זיי באַדעקט געווען מיט די וויקל־געוויקסן, וואָס האָבן זיך איבערגעוואָרפן פון איין שטאַם אויפן צווייטן, שאַפנדיק אַ געשטאַלט, ווי די גרויסע אותיות M און W, אַראָפּהענגנדיק ווי די פעסטאָנען, פירהאַנגען און גאַנצע דעקעס. די קויטשוק־ליאַנען האָבן פשוט דערשטיקט די ביימער מיט

זייערע טויזנטער געשלענגלטקייטן און זיי פֿאַרוואַנדלט אין פּיראַמידן, וואָס זענען פֿאַרשיט געווען מיט אַ ווייס בליעכץ, ווי מיט שניי. אַרום די גרעסערע ליאַנען האָבן זיך אַרומגעוויקלט קלענערע און דער פֿלאָנטער איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ער איז פּשוט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַנט, דורך וועלכער קיין שום מענטש, נישט קיין חיה וואָלט אימשטאַנד געווען זיך דורכצורייסן. בלויז ערטערווייז וואו די העלפֿאַנטן האָבן זיך געהאַט דורכגעריסן — ווייל קיין שום זאַך איז נישט בכּוח זייער קראַפֿט זיך אַנטקעגנצושטעלן — זענען געווען אויסגעהאַקט אין דער געדיכטעניש, ווי טיפֿע געדרייטע קאָרידאָרן.

קיין געזאַנג פֿון פֿייגל, וואָס מאַכט אַזוי אָנגענעם די אייראָפּעישע וועלדער, האָט מען לחלוטין דאָ נישט געהערט. דאַקעגן האָבן זיך צווישן די שפּיצן־ביימער פֿונאַנדערגעטראָגן אויסטערלישע אויסרופֿן, ענלעכע צו אַ ווידערקול, וואָס אַ זעג גיט אַרויס, דאָ ווי צו אַ קלאַפּן אין אַ קעסל אַריין, דאָ צו אַ גרעגערן פֿון באַטשאַנעס, דאָ צו אַ סקריפּען פֿון אַן אַלטער טיר, דאָ צו אַ פּאַטשן אין די הענט, צו אַ מיאַוקען פֿון קעץ, אָדער אויך צו אַ הילכיק מונטער געשפּרעך פֿון מענטשן. פֿון צייט צו צייט האָט זיך אַ הייב אויף געטון איבער די ביימער די טשאַכע גרויע, גרינע, ווייסע פּאַפּוגייען, אָדער אַ טשאַטעלע העל־באַפּעדערטע טוקאַנען, מיט אַ שטילן, פֿאַליענדיקן פֿלי. אויף דעם שנייאיקן פּאָן פֿון די קוי־טשוק־וויקל־געוויקסן האָבן צייטנווייז געשימערט פּונקט ווי וואַלד־גייסטער, קליינע טרויער־מאַלפּעלעך, פֿולשטענדיק שוואַרצע, אַ חוץ דעם ווייסן ווידל, ווייסע פּאַסן אויף די זייטן און פּונקט אַזעלכע באַקנבערד, וואָס האָבן דאָס קויל־שוואַרצע פּנים פֿוןביידע זייטן אַרומגערינגלט.

די קינדער האָבן געקוקט מיט פֿאַרוואונדערונג אויף דעמדאָזיקן אור־אַלטן וואַלד, אויף וועלכן עס האָבן נאָך אפֿשר קיינמאָל קיין אויגן פֿון אַ ווייסן מענטש נישט געקוקט. סאַבאַ האָט זיך אַלע מאָל פֿאַרנורטעוועט אין דערדאָזיקער געדיכטעניש, פֿונוואַנען עס האָט זיך דערטראָגן זיין פֿריילעך בילן. די קליינע נעל איז אַ ביסל געקרעפּטיקט געוואָרן פֿון דער כּינין, אָנבייסן און אויסרו. דאָס פּנימל אירס האָט אויפֿגעלעבט און באַקומען לייכטע קאָלירן, די אייגעלעך האָבן געקוקט פֿריילעכער. יעדע ווייל האָט זי סטאַשן אויסגעפֿרעגט, ווי עס הייסן די פֿאַרשידענע ביימער און פֿייגל, און ער האָט איר געענטפֿערט, אויף וויפֿיל ער האָט

נאָר געקאָנט. צום סוף האָט זי דערקלערט, אַז זי וויל אַראָפּגיין פון פערד אָנקלויבן זיך אַ סך בלומען.

דאָס יינגל האָט אָבער אַ שמייכל געטון און אויסגערופן:

— די סיאַפּו וואָלטן דיך דאָרט באַלד אויפגעגעסן.

— וואָס איז אַזוינס אַ סיאַפּו? צי נאָך עפּעס ערגערס פון אַ לייב?

— ס'איז יאָ ערגער און נישט ערגער. דאָס זענען אַזעלכע מאָדנע פרעמדע ווערעמס, וואָס בייסן אומגעהייער. זיי זענען פול אויף די צווייגן, פון וועלכע זיי פאַלן אַראָפּ אויף די מענטשלעכע פּלייצעס, ווי אַ פייערדיקער רעגן. זיי קריכן אָבער אויך אויף דער ערד. פּרוּוו, גיי נאָר אַראָפּ פון פערד און שפּאַציר דיך איבער אַ ביסל אין וואַלד אַריין, וועסטו באַלד אָנהייבן אונטערשפּרינגען און פּישטשען, ווי אַ מאַלפּע. אַפילו פון אַ לייב איז זיך לייכטער צו באַשיצן. טיילמאָל גייען זיי אין גאַנצע רייען און דעמאָלט מוז זיי אַלץ פון וועג אָפּטרעטן.

— אָבער דו וואָלסט דיך מיט זיי אַן עצה געגעבן!

— איך? פאַרשטייט זיך!

— און ווי אַזוי?

— מיט דער הילף פון פייער, אָדער זידנדיק וואַסער.

— דו קענסט דיר שטענדיק אַן עצה געבן — האָט זי מיט טיפער איבערצייגונג אויסגערופן.

סטאַש האָבן דידאָזיקע ווערטער שטאַרק אונטערגעחנפעט, דעריבער האָט ער וואוילעריש, אָבער גלייכצייטיק אויך פריילעך אָפּגעענטפערט:

— זאָלסט מיר נאָר זיין געזונט, קאָנסטו שוין מיט דעם איבעריקן זיך אויף מיר פאַרלאָזן.

— מיר טוט שוין אַפילו דער קאָפּ נישט וויי.

— געלויבט צו גאָט, געלויבט צו גאָט!

אַזוי שמועסנדיק, זענען זיי פאַרבייגעפאָרן דעם וואַלד, וואָס האָט זיך נאָר מיט איין זייט געגרענעצט מיטן טאָל. די זון איז נאָך הויך געשטאַנען אויפן הימל און ווי ס'נעהער צו זיין געבראָטן, מחמת דאָס וועטער איז געוואָרן הערלעך־שיין און אויפן הימל איז קיין פּיצל וואָלקנדל נישט געווען. די פערד האָבן זיך אָפּגעגאָסן מיט שווייס, און נעל האָט זיך שטאַרק אָנגעהויבן באַקלאָגן אויף דער היץ. צוליב דערדאָזיקער סיבה האָט סטאַש, אָפּקוקנדיק פריער אַ געהעריק אָרט, זיך אַראָפּגעדרייט אין טאָל אַריין, אין וועלכן די מערב־וואַנט האָט געוואָרפן אַ טיפן שאָטן.

דאָרט איז געווען אַ סך קילער און דאָס וואַסער, וואָס איז נאָכן נעכטיקן מבול איבערגעבליבן אין די פעלזן־לעכער איז אויך פאַרהעלטנישמעסיק קיל געווען. איבער די קעפּ פון די קליינע רייזנדע זענען כסדר דורכ־געפלויגן, פון איין ברעג טאָל צום צווייטן, טוקאַנען מיט פורפורענע קעפּ, בלויע ברוסטן און געלע פליגל, דאָס יינגל האָט דעריבער נעלן אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיי דאָס, וואָס ער האָט געוואוסט פון די ביכלעך.

— ווייסט, — האָט ער אָנגעהויבן — עס זענען דאָ אַזעלכע טו־קאַנען, וואָס בשעת דער צייט פון פייגעלעך־אויסבריען, זוכן זיי אויס אַ לאָך אין אַ בוים; דאָרטן טראָגט די „זי" צוזאַמען די אייער און זעצט זיך אויף זיי אַנידער, און דער „ער" קלעפּט אַרום די עפענונג מיט ליים, אַזוי, אַז מען זעט נאָר איר קאָפּ אַרויס, און ערשט דעמאָלט, ווען די פייגעלעך ברייען זיך אויס, צעברעכט ער מיט זיין גרויסן שנאָבל דאָס ליים און לאָזט אַרויס די „זי" אויף דער פריי.

— און וואָס עסט זי איבער דער גאַנצער צייט?

— דער „ער" קאָרמעט זי. ער פליט כסדר אַרום איר אַרום און ברענגט איר צו טראָגן פאַרשידענע יאַגדעס.

— און ער דערלויבט איר צו שלאָפן אויך? — האָט זי וויטער מיט אַ שלעפעריק קול געפרעגט.

סטאַש האָט זיך צעשמייכלט.

— אויב די מאַדאַם טוקאַנין האָט אַזאַ חשק, ווי דו איצט, אין דעם מאָמענט, דערלויבט ער איר.

אין דעמדאָזיקן קילן טאָל האָט אַ שטאַרקער שלאָף דאָס מיידעלע אָנגעהויבן צו פייניקן, מחמת פון דער פרי אָן ביז מיטאָג האָט זי זיך צו ווייניק אויסגערוט. סטאַש האָט אויך זייער חשק געהאַט איר דאָס זעלבע נאָכצוטון, אָבער ער האָט נישט געקענט, ווייל ער האָט זי געמוזט צו־האַלטן, מורא האָבנדיק, אַז זי זאָל נישט אַראָפּפאַלן. דערביי איז אים זייער אומבאַקוועם געווען צו זיצן מעגעריש־מעסיק אויף דעם פלאַכן און ברייטן זאָטל, וואָס האָטים און סעקי־טאַמאַלאַ האָבן נאָך אין פאַשאָדאַ פאַר דער קליינער איינגעאָרדנט. ער האָט אָבער נישט געוואַגט זיך אַ ריר צו טון און ער האָט געפירט דאָס פערד ווי צום פּאַמעלעכסטן, כדי זי נישט איבערצוּוועקן.

זי האָט דערווייל אין דער צייט, אַריבערבייגנדיק זיך אויף אַ הינ־

טער, אַנגעשפּאַרט איר קעפּעלע אויף זיין אָרעם און ווי עס געהער צו זיין איינגעשלאָפן.

זי האָט אָבער אַזוי גלייכמעסיק און רויק אָפּגעאָטעמט, אַז סטאַש האָט אויפגעהערט צו באַדויערן זיין לעצט פּאַפּירל כינין. ער האָט געפילט, איינהאָרכנדיק זיך צו איר אָטעמען, אַז די געפאַר פון פיבער איז פאָרלויפיק באַזייטיקט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן אַזוי צו טראַכטן:

— דער טאָל גייט כסדר באַרג־אויף, אין איצטיקן מאָמענט אפילו זייער משופּע. מיר געפינען זיך וואָס אַמאָל העכער און די געגנט ווערט וואָס אַ מאָל טרוקענער. מען דאַרף נאָר אָפּזוכן עפּעס אַ הויך אָרט, וואָס זאָל זיין גוט פאַרשטעלט, לעבן אַ שטראָמיק וואַסער, דאָרט זיך איינפונדעווען, לאָזן זיך דער קליינער עטלעכע וואָכן אויסרוען, און אפשר אַמאָל איבערוואַרטן טאַקע די גאַנצע רעגן־צייט. קיין אַנדערע וואָלט נישט אויסגעהאַלטן אפילו קיין צענט חלק פון דידאַזיקע אַלע שוועריקייטן, אָבער אָפּרוען דאַרף זי זיך! נאָך אַזאַ נאַכט וואָלט אַן אַנדערע אויף איר אָרט באַלד באַקומען פיבער, אָבער זי, — ווי דאָס שלאָפט זיך אַזוי רויק!

און דידאָזיקע געדאַנקען האָבן אים אַריינגעבראַכט אין אַ גוטן הומאָר, דעריבער האָט ער טאַקע, אַ קוק טוענדיק פון דער הייך אויף געלס קעפּעלע, וואָס איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויף זיין ברוסט, צו זיך אַליין פריילעך אויסגערופן, אָבער גלייכצייטיק מיט אַ געוויסער פאַרוואונדערונג:

— אַ פלאַדיקע זאַך פונדעסטוועגן, ווי ליב איך האָב דידאָזיקע קליינע פליג! וואָס אַן אמת, האָב איך זי שטענדיק ליב געהאַט, אָבער איצטער וואָס אַמאָל מער!

און נישט וויסנדיק, ווי אַזוי זיך אויסצוטייטשן דידאָזיקע מערקווירדיקע דערשיינונג, איז ער געפאַלן אויף דער פאָלגענדער השערה:

— דאָס מוז זיכער זיין דערפאַר, וואָס מיר האָבן צוזאַמען אַזוי פיל דורכגעלעבט און וואָס זי געפינט זיך אונטער מיין אויפזיכט.

דערווייל האָט ער געהאַלטן דידאָזיקע „פליג" מיט גרויס פאָרזיכטיקייט מיט דער רעכטער האַנט אַרום דער טאַליע, כדי זי זאָל אים פון זאָטל נישט אַראָפּפאַלן און זיך דאָס נעזעלע צעהאַקן. זיי האָבן זיך פאָרויסגערוקט טריט בא טריט און אין שטילשווייגן, בלויז קאַלי האָט זיך צוגעזונגען אונטער דער נאָז אַ לויב־ליד לכבוד סטאַשן:

— דער גרויסער האַר דערהרגענען געבהרן, דערהרגענען לייב און

דעם בופלאָקס ! איאַה ! דער גרויסער האַר נאָך דערהרגענען אַ סך לייבן ! איאַה ! אַ סך פלייש ! איאַה ! איאַה ! . . .

— קאַלי, — האָט סטאַש שטיל אַ פרעג געטאָן — צי מאַכן אַמאָל די וואַ־הימאַ געיעגן אויף לייבן ?

— וואַ־הימאַ מורא האָבן פאַר לייבן, נאָר וואַ־הימאַ גראָבן טיפע גריבער און אויב עס פאַלט אַריין באַנאַכט אַ לייב, וואַ־הימאַ לאַכן.

— וואָס־זשע טוט איר דעמאָלט ?

— וואַ־הימאַ וואַרפן אַ סך שפיזן, ביז דער לייב ווערט ענלעך צו אַ יעזש. דעמאָלט אים אַרויפציִען פון גרוב און אויפעסן. אַ לייב איז גוט.

און ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, אַ גלעט געטאָן זיך איבערן בויך.

סטאַשן איז נישט זייער געפעלן געוואָרן דער אַרט געיעג, דערי־בער האָט ער אים אָנגעהויבן אויספרעגן, וואָס נאָך פאַר אַן אַנדערע חיות עס געפינען זיך אין לאַנד פון די וואַ־הימאַ און זיי האָבן ווייטער איינגעטענהט וועגן אַנטילאָפן, שטרייסן, זשיראַפן און נאָז־הערנער אַזוי לאַנג, ביז וואַנען צו זייערע אויערן האָט זיך נישט דערטראָגן דאָס גע־רויש פון אַ וואַסערפאַל.

— וואָס איז דאָס ? — האָט סטאַש אויסגערופן — צי געפינט זיך אַ טייך פאַר אונז צי אַ וואַסערפאַל ?

קאַלי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַלס צייכן, אַז משמעות עס איז אַזוי.

און אין משך פון אַ געוויסער צייט זענען זיי געפאָרן מיט אַ גיכערן טריט, איינהאָרכנדיק זיך צום גערויש, וואָס איז געוואָרן וואָס אַמאָל שאַרפער.

— אַ וואַסערפאַל ! — האָט סטאַש אַ נייגיריקער איבערגע־חזרט.

אָבער קוים ווי זיי האָבן אויסגעמיטן איינע און די צווייטע וועג־פאַרקרומונג, ווי זיי זענען פלוצלינג געבליבן שטיין פאַר אַ נישט דורכבּרעכבּאַרער שטערונג, וואָס האָט זיי דעם ווייטערדיקן וועג פאַר־שטעלט.

נעל, וועלכע דער פריערדיקער פערד־טריט האָט איינגעשלע־פערט, האָט זיך באַלד אויפגעכאַפּט.

— צי בלייבן מיר שוין דאָ שטיין אויף נאַכטלעגער? — האָט זי אַ פרעג געטון.

— ניין, אָבער גיב נאָר אַ קוק! — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט — אַ פעלז פאַרשטעלט אונז דעם טאָל.

— וואָס זשע וועלן מיר טון?

— אַדורכשטופּן זיך לעבן אים איז אוממעגלעך, וואָרים עס איז דאָ ענג, וועלן מיר זיך דאַרפן דעריבער אַ ביסעלע צוריקקערן, אַרויפֿבאַקומען זיך אויפן באַרג און אויסמיידן די שטערונג, אָבער ביז אַוונט האָבן מיר נאָך סך הכל צוויי שעה, האָבן מיר נאָך דעריבער צייט. זאָלן זיך די פערד אויך אַ ביסל אָפּרוען. הערסט אַ וואַסערפאַל?

— כ הער.

— וועלן מיר דאָ לעבן אים איבערנעכטיקן.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו קאַלין און אים געהייסן זיך אַרויפדראַפּען אויפן ראַנד פון טאָל און אַ קוק טון, צי איז ווייטער די דנאָ פון טאָל נישט פאַרלייגט מיט אַזעלכע ענלעכע שטערונגען, אַליין האָט ער זיך אויפמערקזאַם גענומען באַטראַכטן דעם פעלז און נאָך אַ ווײַלע אויסגערופן:

— ער האָט זיך דאָ נישט לאַנג אָפּגעריסן און אַראָפּגעפאַלן. זעסט, נעל, דאָס אָפּגעבראָכענע שטיק? קוק דיך צו, ווי פריש עס איז. עס געפינען זיך נישט אויף אים נישט קיין שום מאָך, נישט קיין געוויקסן. איך פאַרשטיי שוין — כ׳פאַרשטיי!

און מיט דער האַנט האָט ער אָנגעוויזן דעם מיידעלע אויף דעם באַאָבאַב, וואָס איז געוואַקסן איבערן ראַנד פון טאָל, און זיינע ריזיקע וואָרצלען זענען אַראָפּגעהאַנגען איבער דער וואַנט פון דעם אָפּגעבראָכענעם שטיק פעלז.

— דאָס האָט דערדאָזיקער וואָרצל זיך אַזוי פאַרלאָזט אין אַ שפּאַרע צווישן דער וואַנט און דעם פעלז, און צעוואַקסנדיק זיך, האָט ער ענדלעך אָפּגעשפּאָלטן דעם פעלז. דאָס איז זייער אַ מערקווירדיקע זאַך, וואָרים דער פעלז איז נאָך האַרטער ווי דער בוים, כ׳ווייס יעדנפאַלס אָבער, אַז אין די בערג געשעט עס אָפט אַזוי. זאָל נאָר דערנאָך אַ ליאַדע זאַך אַ שטויס טון דעם פעלז, וואָס האַלט זיך קוים — און דער פעלז רייסט זיך אָפּ.

— אָבער וואָס האָט אים געקאָנט אַ שטויס טון?

— דאָס איז שווער צו זאָגן. אפשר אַן אַמאָליקער שטורם, אפשר דער נעכטיקער.

אין דעם זעלבן מאָמענט איז סאַבאַ, וועלכער איז געהאַט געבליבן הינטערשטעליק הינטער דעם קאַראַוואַן, געקומען אַנצולויפן און פלוצלינג געבליבן שטיין, גלייך ווי ס'וואָלט אים עמעצער אונטן באַם ווײדל אַ צי געטון. ער האָט אַ שמעק געגעבן, דערנאָך זיך אַרײנגעשטופּט אין דעם שמאָלן דורכגאַנג צווישן דער וואַנט און דעם אָפּגעריסענער פעלז, אָבער תיכּף האָט ער זיך אָנגעהויבן צוריקציִען מיט אויפגעשטעלטע האָר אויפן רוקן.

סטאַש איז אַראָפּגעשטיגן פון פערד, כּדי אַ קוק צו טון, וואָס ס'האָט דעם הונט געקענט איבערשרעקן.

— סטאַש, גיי נישט דאָרט אַהין, — האָט נעל געבעטן — דאָרט קען אַמאָל זײַן אַ לייב.

דאָס יינגל אָבער, וועלכע איז געווען אַ ביסל אַ באַרימער און וועלכער האָט פון דער נעכטיקער מעשה אַן געהאַט אַ בייז האַרץ אויף לייבן, האָט אָפּגעענטפערט:

— אַ גרויס עסק מיר אַ לייב — באַטאָג!

אָבער נאָך איידער ער האָט זיך נאָך דערנענטערט צו דעם דורכגאַנג, האָט זיך דערטראָגן פון דער הייך קאַליס קול:

— בוואַנאַ קובוואַ! בוואַנאַ קובוואַ!

— וואָס איז געשען? — האָט סטאַש געפרעגט.

דער נעגער האָט זיך מיטן קוק אַראָפּגעגליטשט איבערן שטענגל פון אַ וויקל־געוויקס. פון פּנים האָט מען אים לייכט געקענט אַראָפּלייענען, אַז ער ברענגט אַ וויכטיק נייעס.

— אַ העלפאַנט! — האָט ער אויסגערופן:

— אַ העלפאַנט?

— יאָ — האָט דער יינגער נעגער אָפּגעענטפערט, מאַכנדיק מיט די הענט. — דאָרטן איז אַ רוישיק וואַסער, און דאָ איז דער פעלז. דער העלפאַנט נישט קענען אַרויסגיין. דער גרויסער האַר דערהרגענען העלפאַנט, און קאַלי אים עסן — אַך עסן, עסן!

און באַ דעם געדאַנק איז אים אַזאַ פרייד באַפאַלן, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו שפּרינגען, קלאַפּן זיך מיט דער האַנט אָן די קניען און צו לאַכן, ווי אַ משוגענער, איבערדרייענדיק דערביי די אויגן, און בלישטשענדיק מיט די ווייסע ציין.

סטאַש האָט מתּחילת נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס קאַלי זאָגט, אַז דער העלפאַנט קאָן נישט אַרויסגיין פון טאָל, דעריבער האָט ער, ווילנדיק אַ קוק טון, וואָס עס איז געשעען, זיך אויפגעזעצט אויפן פערד, און איבערגעגעבן נעלן אונטער מעאַס אויפזיכט, כּדי ער זאָל אין פאַל, ווען מען וועט דאַרפן, האָבן אַ פרייע האַנט צום שיסן. ער האָט קאַלין געהייסן זעצן הינטער זיך, דערנאָך האָבן זיך אַלע אָפּגעדרייט און אָנגעהויבן זוכן אַן אָרט, דורך וועלכן מ'וואָלט זיך געקאָנט אַרויפּבאַקומען אינדערהייך. אויפן וועג האָט זיך סטאַש אויסגעפרעגט, אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט דער העלפאַנט זיך געקאָנט אַהינבאַקומען דאָרט, וואו ער געפינט זיך — און פון קאַליס ענטפער האָט ער זיך פילווייניק אָנגעשטויסן, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

ווי עס זעט אויס, איז דער העלפאַנט דאָ אַרום, דורכן טאָל אַנטלאָפן פאַרן פייער בשעת די דזשונגליע האָט געברענט; אויפן וועג האָט ער זיך שטאַרק אַ רייב געטון אָן דעם גערירטן פעלז, וואָס איז צוליב דעם אַראָפּגעפאַלן און פאַרלייגט אים דעם וועג. דערנאָך האָט ער, צולויפנדיק צום עק פון טאָל, ווידער זיך געפונען באַם ברעג פון אָפּגרונט, אין וועלכן דער טייך איז אַראָפּגעפאַלן און אויף אַזאַ אופן איז ער געבליבן אָפּגעשלאָסן.

נאָך אַ געוויסער צ״ט האָבן די ייִנגע רייזנדע געפונען אַן אַרויסגאַנג, אָבער זייער אַ משופּעדיקן, אַזוי, אַז מ'האָט געדאַרפן אַראָפּגיין פון די פערד און זיי באַכפירן הינטער זיך. און ווייל עס איז, לויט דעם בעגערס פאַרזיכערונגען, צום טייך געווען זייער נאָענט, זענען זיי דעריבער ווייטער שוין געגאַנגען צופיס. ענדלעך זענען זיי צוגעקומען צו אַ הויכן שפּיץ, וואָס איז פון איין זייט געווען אַרומגענומען מיטן טייך, פון דער צווייטער זייט מיטן טאָל, און ווען זיי האָבן אַראָפּגעקוקט אונטן, האָבן זיי דערזעען אויף דער דנאָ פון דעם גרוב אַ העלפאַנט.

די ריזיקע חיה איז געלעגן אויפן בויך און, צו סטאַשס גרויס פאַרוואונדערונג, איז זי באַ זייער אָנבליק נישט אויפגעשפּרונגען, נאָר, ווען סאַבאַ האָט זיך אָנגעהויבן צו צובאַלומען צום ברעג פון גרוב און אָנגעהויבן שטאַרק צו בילן, האָט זי אויף אַ ווײַלע אַ ריר געטון מיט די גרויסע אויערן און אויפגעהויבן די טראָמבע, אָבער זי תּיכּף צוריק אַראָפּגעלאָזט.

די קינדער האָבן, אָנהאַלטנדיק זיך באַ די הענט, לאַנג גע-

קוקט אויף דעם העלפאַנט און שטיל געשוויגן. ערשט קאַלי האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן:

— ער שטאַרבט פון הונגער!

דער העלפאַנט איז באמת אַזוי אויסגעדאַרט געווען, אַז זיין רוקן האָט לענגויס דעם קערפּער אויסגעזען ווי אַן אַרויסשטאַרנדיקע קאַם; די זייטן זענען אים געווען איינגעפאַלן, אונטער דער הויט האָבן זיך, טראָץ זייער גראָבקייט, אַרויסגעזען די ריפּן — און מ'האָט לייכט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז ער שטייט דעריבער נישט אויף, ווייל ער האָט שוין פּשוט נישט קיין כוח.

דער טאָל, וואָס איז באַם איינגאַנג געווען ברייט געווען, האָט זיך וואָס אַמאָל פאַרשמעלערט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרוב מיט פאַרמאַכטע פעלזן-ווענט פון ביידע זייטן און אינעווייניק אויף דער דנאָ זענען געוואַקסן עטלעכעביימער. די דאָזיקע ביימער אָבער זענען געווען צעבראָכן, די קאָרע אויף זיי איז געווען אָפּגעריסן, אויף די צווייגן האָט זיך קיין שום בלעטל נישט געפונען. די וויקל-געוויקסן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די פעלזן, זענען אויך געווען אָפּגעריסן און אויפגעפרעסן געוואָרן, און דאָס גראָז אין דעם גרוב איז געווען ביזן לעצטן זאַנגעלע אָפּגעצופּט.

סטאַש האָט, גוט אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, אָנגעהויבן טיילן זיך מיט נעלן מיט זיינע באַאָבאַכטונגען, אָבער אונטערן איינדרוק פון אומפאַרמיידלעכן טויט פון דער דאָזיקער ריזיקער חיה, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן שטיל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, איר נישט צו שטערן די לעצטע רגעס פון לעבן.

— יאָ, ער שטאַרבט טאַקע אויף אַן אמת פון הונגער. ער מוז שוין דאָ געוויס זיצן אַן ערך פון צוויי וואָכן, דאָס הייסט פון דער צייט אָן, זינט דאָס פייער האָט די אַלטע דזשונגליע אָפּגעברענט. ער האָט אַלץ אויפגעגעסן, וואָס איז נאָר געווען צום עסן, און איצט מאַטערט ער זיך נאָר, מכל שכן, אַז דאָ אינדערהייך וואַקסן ברויט-ביימער און אַקאַציעס מיט גרויסע שויטן, און ער זעט זיי און קען זיך נישט צו זיי צוקריגן.

און אַ ווײַלע האָבן זיי ווייטער שטילשווייגנדיק געקוקט, און דער העלפאַנט האָט אויך פון צייט-צו-צייט געוואָרפן אויף זיי אַ בליק מיט זיינע קליינע זיך אויסלעשנדיקע אייגעלעך — און פון האַלו האָט זיך אַרויסבאַקומען עפּעס אַ מין כאָרכלען.

— באמת, — האָט זיך דאָס ייִנגל אָנגערופן — ס׳וועט אַ סך גלייכער זיין צו פאַרקירצן אים די פּיין.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אויפגעהויבן די ביקס צום פּנים, נעל האָט אים אָבער אַ כאַפּ אָן געטון באַם רעקל, און אָנשפּאַרנדיק זיך אויף ביידע פיסלעך, האָט זי אים מיטן גאַנצן כוח אָנגעהויבן אַוועקציען פון ראַנד באַם טאַל.

— סטאַש, טו דאָס נישט! סטאַש, לאָמיר אים געבן עסן! — ער איז נעבעך אַזוי אָרעם! איך וויל נישט, דו זאָלסט אים דערהרגענען, איך וויל נישט! כ׳וויל נישט!

און, טופּענדיק מיט די פיסלעך, האָט זי אים נישט אויפגעהערט צו ציען. ער האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט גרויס פאַרוואונדערונג, נאָר זעענדיק אירע פאַרטרערטע אויגן, האָט ער אויסגערופן:

— אָבער, נעל...

— איך וויל נישט! איך וועל אים נישט לאָזן דערהרגענען! איך וועל באַקומען פיבער, אויב וועסט אים דערהרגענען!...

פאַר סטאַשן איז גענוג געווען דידאָזיקע דראָונג, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיינע מערדערישע פּלענער — סיי לגבי דעמדאָזיקן העלפאַנט, וועלכן זיי האָבן דאָ געהאַט פאַר זיך, סיי פאַר אַלע אַנדערע אין דער וועלט. אַ ווײַלע האָט ער נאָך שטילגעשוויגן, נישט וויסנדיק, דער קליינער וואָס צו ענטפערן, דערנאָך האָט ער אויסגערופן:

— נו, גוט! גוט!... כ׳זאָג דאָך דיר, אַז גוט! נעל! לאָז מיך אָפּ!

נעל האָט אים באַלד צו זיך צוגעדריקט און איבער אירע פאַרוויינטע אויגן האָט אַ בלישטש געטון אַ שמייכל. איצט איז איר געגאַנגען אין דעם, ווי צום גיכסטן דעם העלפאַנט עסן צו געבן. קאַלי מיט מעאַן האָבן זיך זייער פאַרוואונדערט, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז דער „בוואַנאַ קובוואַ", נישט נאָר, וואָס ער דערהרגעט אים נישט, נאָר זיי גייען גאָר תיכּף פאַר אים אָנרייסן אַזוי פיל מעלאָנען פון ברויט-בוים, אַזוי פיל שויטן פון אַקאַציעס און אַזוי פיל כלערליי גרינוואַרג, בלעטער און גראָז, וויפיל זיי וועלן נאָר קאָנען. געבהרס צוויי-שאַרפיקע שווערד איז קאַלין זייער צונויץ געקומען צו דערדאָזיקער אַרבעט און ווען ניט ער, וואָלט די אַרבעט לייכט נישט געגאַנגען. נעל האָט אָבער נישט געוואָלט וואַרטן ביז זיי וועלן די אַרבעט פאַרענדיקן און, ווען נאָר דער ערשטער מעלאָן איז אַראָפּגעפאַלן פון בוים, האָט זי אים אַ כאַפּ געטון

אין בײדע הענט אַרײַן, און צוטראָגנדיק אים צום טאָל, האָט זי גיך און באַכאַנאַנד איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז ס'זאָל איר אַמאָל קײן אַנדערער די מלאכה גישט ווען אויסכאַפּן:

— איך! איך! איך!

סטאַש האָט אָבער אפילו גאָרנישט אין זינען געהאַט באַ איר דעמדאָזיקן תּענוג אַוועקצונעמען, נאָר פאַר בלויז מורא, זי זאָל אַמאָל פון צופיל התלהבות צוזאַמען מיטן מעלאָן אין גרוב נישט אַרײַנפאַלן, האָט ער זי אָנגעכאַפּט באַ דער טאַליע און אויסגע־רופן:

— וואַרף!

די אומגעהײערע פרוכט האָט זיך אַ קאָלער געטון איבער דער שאַרפער משופּעדיקײט און אַנידערגעפאַלן לעבן די פיס פון העלפאַנט. יענער ווידער האָט אין אײן אויגנבליק אַ ציִ אויס געטון די טראָמבע, גע־כאַפּט דעם מעלאָן, דערנאָך האָט ער זי אײַנגעבויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דעם מעלאָן אונטערן האַלז אַרונטערלײגן — און מער האָבן אים די קינדער שוין נישט געזען!

— ער האָט אויפגעגעסן! — האָט נעל אַ גליקלעכע אויסגע־רופן.

— כ'שטעל מיר פאָר! — האָט סטאַש שמײכלענדיק אָפּגעענט־פערט.

און דער העלפאַנט האָט צו זײ אויסגעצויגן די טראָמבע, ווי ער וואָלט געבעטן אויף נאָך מער און זיך אָנגערופן מיט אַ ריזיקער שטים:

— הררררומף!

— ער וויל נאָך!

— כ'שטעל מיר פאָר! — האָט סטאַש איבערגעחזרט.

דער צווײטער מעלאָן איז נאָכגעגאַנגען נאָכן ערשטן און דעס־גלײַכן אין אײן רגע פאַרשוואונדן געוואָרן, דערנאָך אַ דריטער, אַ פערטער, אַ צענטער, דערנאָך האָבן אָנגעהויבן אַראָפּפאַלן אַקאַציע־שויטן און גאַנצע בינטלעך גראָז און גרויסע בלעטער. נעל האָט זיך פון קײנעם נישט געלאָזט פאַרטרעטן, און ווען אירע קלײנע הענטלעך זענען מיד געוואָרן פון דער אַרבעט, האָט זי מיט די פיסלעך אָנגעהויבן אַראָפּשטופּן וואָס אַמאָל בײַע זאַפּאַסן, דער העלפאַנט פון זײַן זײַט האָט אַלץ פאַר־שלונגען, און אויפהײבנדיק פון צײַט־צו־צײַט די טראָמבע, האָט ער אַרויס־

געדונערט מיט אַ ריזיקן „הררומפף" אַלס צייכן, אַז ער וויל נאָך מער און — ווי נעל האָט זיך אויסגעטייטשט — אַלס צייכן, אַז ער דאַנקט.

קאַלי מיט מעאַן האָבן זיך אָבער ענדלעך פאַרמאַטערט מיט דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן זייער פלייסיק אויסגעפירט, נאָר מיט דעם געדאַנק, אַז דער „בוואַנאַ קובוואַ" וויל פריער דעם העלפאַנט אויספּאַשען, און דערנאָך אים דערהרגענען. ענדלעך אָבער האָט זיי דער „בוואַנאַ קובוואַ" געהייסן אויפהערן, ווארים די זון האָט זיך שוין געהאַט שטאַרק אַראָפּגעלאָזט און ס'איז שוין צייט געווען זיך צו נעמען בויען די זעריבאַ. צום גליק, איז עס נישט געווען קיין שווערע זאַך, מחמת צוויי זייטן פון דעם דרייעקיקן פעלזן-שפּיץ זענען נישט צוטריטלעך געווען, אַזוי, אַז מען האָט נאָר געדאַרפן פאַרצוימען די דריטע זייט. קיין אַקאַציע מיט שרעקלעכע שפּילקעס האָט אויך נישט געפעלט.

נעל האָט אויף קיין רגע פון טאָל נישט אָפּגעטרעטן, און זיצנדיק טשיפּקע באַ זיין ראַנד, האָט זי פונדערווייטנס אַלע מאָל סטאַשן איבערגעגעבן, וואָס דער העלפאַנט טוט, און פון צייט צו צייט האָט זיך דערטראָגן איר ייִנג קולכל:

— ער זוכט עפּעס אַרום זיך מיט דער טראָמבע!

אָדער

— ער באַוועגט מיט די אויערן. ער האָט ריזיקע אויערן!

און ענדלעך:

— סטאַש! סטאַש! — ער שטעלט זיך אויף! אוי!

סטאַש איז שנעל צוגעקומען און אָנגעכאַפּט נעלן באַ דער האַנט. דער העלפאַנט איז באמת אויפגעשטאַנען און ערשט איצט האָבן זיך די קינדער געקאָנט ציקוקן צו זיין ריזיקייט. זיי האָבן שוין פריער געהאַט עטלעכע מאָל געזעען גרויסע העלפאַנטן, וואָס מ'האָט איבערן סועץ קאַנאַל דורכגעפירט אויף שיפן פון אינדיען קיין אייראָפּע, אָבער קיין איינער האָט זיך באמת נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעמדאָזיקן ריז וועלכער האָט באמת אויסגעזען, ווי אַ גרויסער. שוואַרצער פעלז, וואָס גייט אויף פיר פיס. ער האָט זיך אויך אונטערשיידט פון יענע מיט זיינע אומגעהייערע ציין, וואָס האָבן געהאַלטן אַן ערך פיר, פינף אָדער מער פיס די לענג, און ווי נעל האָט שוין דאָס באַמערקט, מיט פשוט לעגענדאַרישע אויערן. זיינע פאָדערשטע פיס זענען געווען זייער הויך

אָבער פאַרהעלטנישמעסיק דין, די סיבה דערפון איז געווים געווען דער לאַנגער תענית.

— אָט אַ ליליפּוט! — האָט כטאַש אויסגערופן. — ווען ער זאָל זיך אויפשטעלן אויף די הינטערשטע פיס און גוט אויסציען די טראָמבע וואָלט ער דיך געקאָנט באַם פיסל אָנכאַפּן.

אָבער דער ריז האָט אפילו נישט געטראַכט וועגן אויפשטעלן זיך, און גישט אָנכאַפּן קיינעם באַ קיין פוס. מיט אַ וואַקלדיקן טריט האָט ער זיך דערנענטערט צום עק פון דעם טאָל, געקוקט אַ ווײַלע אין דעם אָפּגרונט אַריין, וואו עס האָט גערוישט אויף דער דנאָ דאָס וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט, וואָס האָט זיך געפוּנען נענטער צום וואַסערפאַל, אויסגעדרייט אַהין די טראָמבע, און מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט זי אַריינשטעלנדיק, האָט ער אָנגעהויבן טרינקען.

— דאָס איז זיין גליק — האָט סטאַש אויסגערופן — וואָס ער האָט מיט דער טראָמבע געקאָנט דערגרייכן צום וואַסער. אַנדערש וואָלט ער געווען געפּגרט.

דער העלפאַנט האָט אַזוי לאַנג געטרונקען, אַז ענדלעך איז דאָס מיידעלע באַאומרויקט געוואָרן.

— סטאַש, צי עס קאָן אים אַמאָל נישט שאַטן? — האָט זי געפרעגט.

— איך ווייס נישט. — האָט ער, לאַכנדיק, אָפּגעענטפערט — אָבער קוים האָס זי אים גענומען אונטער דיין שוץ, דאַרפסטו אים מתירה זיין.

האָט זיך דעריבער נעל טאַקע אַריבערגעבויגן איבערן ראַנד און אָנגעהויבן רופן:

— גענוג, טייערער העלפאַנט, גענוג!

און דער טייערער העלפאַנט האָט, גלייך ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, באַלד אויפגעהערט צו טרינקען, דאַקעגן אָבער האָט ער זיך אָנגעהויבן באַגיסן מיט וואַסער: פריער האָט ער זיך אָפּגעגאָסן די פיס, דערנאָך דעם רוקן, און נאָכדעם ביידע זייטן.

אָבער דערווייל איז פינצטער געוואָרן, האָט סטאַש דעריבער אָפּגעפירט דאָס מיידעלע אין דער זעריבאַ, וואו עס האָט שוין געוואַרט אויף זיי דאָס נאַכטעסן.

ביידע זענען געווען אין אַן אויסגעצייכנטן הומאָר: נעל דערפאַר, וואָס זי האָט דעם העלפאַנט דאָס לעבן אָפּגעראַטעוועט, און סטאַש דערפאַר, וואָס ער האָט געזען אירע בלישטשענדיקע אויגן, ווי די צוויי שטערנדלעך און איר שיינענדיק פּנימל, וועלכעס האָט אויסגעזען פרישער און געזונטער, ווי ווען עס איז, זינט זיי זענען אַרויסגעפאָרן פון כאַרטום. צום ייִנגלס צופרידנקייט האָט אויך גורם געווען דאָס, וואָס ער האָט פאַר זיך פאָרויסגעזען אַ רויִקע און אויסגעצייכנטע נאַכט. דער נישט צוטריטלעכער פעלזן-שפּיץ פון צוויי זייטן האָט זיי פולשטענדיק פאַרזיכערט פון אַן אָנפאַל, און פון דער דריטער זייט האָט קאַלי מיט מעאַן אויפגעהויבן אַזאַ הויכע וואַנט פון שטעכיקע אַקאַציע-צווייגן, אַז ס'האָט גאָר קיין שום רייד נישט געקענט זיין דערפון, אַז וועלכע ס'איז חיה רעה זאָל זיך קענען דורך איר דורכרייסן. דאָס וועטער איז דערביי געוואָרן זייער שיין און דער הימל איז באַלד נאָך זון-אונטערגאַנג באַשיט געוואָרן מיט חמרים שטערן. און מיט דער קילבלעכער לופט, וואָס האָט צוליב דער נאָענטקייט פון וואַסערפאַל געבלאָזן, און וועלכע איז געווען דורכגעזאַפּט מיט דעם דזשונגליע-ריח און פריש-אָפּגעבראָכענע צווייגן, איז זייער אַ גענעם געווען צו אָטעמען.

— דידאָזיקע פליג וועט קיין פיבער נישט באַקומען! — האָט סטאַש מיט פרייד געטראַכט.

דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן איינטענהן וועגן העלפאַנט, וואָרן נעל איז נישט אימשטאַנד געווען צו רעדן וועגן עפּעס אַנדערש און זי האָט נישט אויפגעהערט צו באַגייסטערן זיך מיט זיין געוואוקסיקייט, מיט דער טראָמבע און ציין, וואָס ער האָט באמת פאַרמאָגט ריזיקע. ענדלעך האָט זי אַ פרעג געטון:

— סטאַש, אמת, ער איז זייער אַ פאַרשטענדלעכער?

— ווי שלמה המלך — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט. — אָבער פונוואַנען דרינגסטו דאָס אַרויס?

— וואָרן ווען כ'האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל שוין מער נישט טרינקען, האָט ער מיך תיכף געהאָרכט.

— אויב ער האָט זיך פריער קיין ענגליש נישט געלערנט, און דאָך האָט ער פאַרשטאַנען, איז עס באמת אַ וואונדערלעכע זאַך.

נעל האָט באַמערקט, אַז סטאַש שפּאַסט פון איר, האָט זי דעריבער אויף אים אַ קוויטש געטון, ווי אַ קעצעלע און אויסגערופן:

— זאָג דיר, וואָס דו ווילסט, און איך בין זיכער, אַז ער

איז זייער אַ פאַרשטענדלעכער און אַז ער וועט שנעל היימיש ווערן.

— צי שנעל, דאָס ווייס איך נישט, אָבער היימיש ווערן קאָן ער. די אַפריקאַנער העלפאַנטן זענען באמת אַ כךווילדער פון די אַזיאַטישע, דאָך מיין איך, אַז, למשל, האַניבאַל האָט זיך באַנוצט מיט אַפריקאַנישע.

— און ווער איז דאָס געווען האַניבאַל?

סטאַש האָט אויף איר אַ קוק געטון וואוילעריש, אָבער גלייכצייטיק מיט באַדויערן.

— אוודאי, — האָט ער אויסגערופן — אין דיינע יאָרן אייגנטלעך דאַרפסטו נאָך אַזעלכע זאַכן נישט וויסן. האַניבאַל איז געווען אַ גרויסער קאַרטאַגאָנישער אַנפירער, וועלכער האָט באַנוצט העלפאַנטן אין דער מלחמה מיט די רוימער, און מחמת דעם, וואָס קאַרטאַגינאַ איז געלעגן אין אפריקע, דעריבער האָט ער געוויס געמוזט באַנוצן אַפריקאַנישע. . .

דעם ווייטערדיקן שמועס האָט זיי איבערגעריסן דער הילכיקער ריטש פון דעם העלפאַנט, וועלכער האָט, זיך אָנטרינקנדיק און אָנעסנדיק, געגומען טרומייטערן, מען קאָן נישט וויסן, צי פאַר פרייד, צי פאַר בענקשאַפט נאָך פולשטענדיקער פרייהייט. סאַבאַ האָט זיך אויפגעריסן און אָנגעהויבן צו בילן, און סטאַש האָט אויסגערופן:

— אָט האָסטו דיר! איצט רופט ער זיך צוזאַמען זיינע חברים. מיר וועלן שיין אויסקוקן, אויב עס וועט דאָ אָנקומען אַ גאַנצע סטאַדע.

— ער וועט זאָגן די איבעריקע, אַז מיר זענען געווען גוט צו אים! — האָט נעל שנעל געענטפערט.

אָבער סטאַש, וועלכער האָט זיך באמת נישט באַאומרויקט, מחמת ער האָט גערעכנט, אַז ווען אפילו אַזאַ סטאַדע וואָלט אָנגעקומען, וואָלט זיי דער גלאַנץ פון פייער איבערשרעקן — האָט להכעיס אַ שמייכל געטון און אויסגערופן.

— גוט! גוט! און אויב די העלפאַנטן וועלן זיך באַווייזן, וועסטו פאַר שרעק נישט וויינען, אָ, ניין! — נאָר די אויגן וועלן דיר אָנהייבן שוויצן, ווי עס איז שוין אַזוי צוויי מאָל געשעען.

— און ער האָט איר אָנגעהויבן נאָכשפעטן:

— איך ווייַן נישט, נאָר עס שוויצן מיר די אויגן...

זעענדיק אָבער זיין פריילעכע מינע, האָט נעל זיך אָנגעשטויסן, אַז עס דראָט זיי נישט קיין שום געפאַר.

— אַז מיר וועלן אים צו זיך צוגעוווינען — האָט זי אויסגערופן — וועלן מיר די אויגן נישט שוויצן, ווען עס זאָלן אפילו צען לייבן ברומען.

— פאַרוואָס?

— וואָרן ער וועט אונז באַשיצן.

סטאַש האָט איינגעשטילט סאַבאַן, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט דעם העלפאַנט אָפצוענטפערן, דערנאָך האָט ער זיך עטוואָס פאַרטראַכט און אַזוי געזאָגט:

— האָסט נאָר נישט אַ טראַכט געטון, נעל, וועגן איין זאַך. מיר וועלן דאָך אייביק דאָ נישט בלייבן זיצן, נאָר מיר וועלן גיין ווייטער. איך זאָג נישט, אַז תיכף... אדרבה: דאָס איז זייער אַ גוט און געזונט אָרט, האָב איך דעריבער דאָ באַשלאָסן צו בלייבן... אפשר אויף אַ וואָך, אפשר אויף צוויי, וואָרן סיי דו, סיי מיר אַלע דאַרפן זיך אויסצורוען. נו, גוט! כל זמן מיר געפינען זיך דאָ, וועלן מיר דעם העלפאַנט קאָרמען, הגם עס איז פאַר אַלע זייער אַ שווערע אַרבעט. אָבער ער איז דאָך אָפּגעשלאָסן און מיר וועלן דאָך אים נישט קאָנען מיט זיך מיטנעמען. וואָס זשע וועט ווייטער זיין? מיר וועלן אַוועקגיין, און ער וועט דאָ בלייבן און ער וועט זיךווידער פייניקן פון הונגער, ביזוואַנען ער וועט נישט פגרן. דעמאָלט וועט ער אונז נאָך מער אַ שאָד זיין...

נעל איז זייער אומעטיק געוואָרן און זי איז אַ געוויסע צייט געזעסן אין שטילשווייגן, נישט ווייסנדיק, משמעות, וואָס צו ענטפערן אויף דער גערעכטער טענה. אין אַ ווײַלע אַרום אָבער האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און אָפּוואַרפנדיק די טשיפּרינקע, וואָס איז איר איבער די אויגן אַראָפּגעפאַלן, האָט זי אירע בליקן פול מיט צוטרוי אויפן ייִנגל געווענדט:

— איך ווייס, — האָט זי אויסגערופן — אַז אויב דו זאָלסט באַוועלן, וועסטו אים אַרויספירן פון טאָל.

— איך?

און זי האָט, אויסציענדיק דאָס פינגערל, אָנגערירט דערמיט סטאַשעס האַנט און נאָכאַמאָל איבערגעחזרט:

— דו.

די קליינע, כיטרע פרוי האָט פאַרשטאַנען, אַז איר צוטרויען וועט דעם ייִנגל אונטערהנפענען און אַז פֿון דער איצטיקער רגע אָן וועט ער אָנהייבן טראַכטן, ווי אַזוי דעם העלפאַנט צו באַפרייען.

# XXVI.

די נאַכט איז אַדורכגעגאַנגען רויק און, הגם אויף דער דרומדיקער זייט פֿון הימל האָבן זיך געהאַט אָנגעזאַמלט אַ סך וואָלקנס, איז דער פרימאָרגן פֿונדעסטוועגן געווען אַ הערלעכער. אויף סטאַשס באַפעל האָבן זיך קאַלי מיט מעאַן באַלד נאָכן אָנבייסן פאַרנומען מיט אָנזאַמלען מע־לאָנען, אַקאַציע־שויטן און פרישע בלעטער, ווי אויך גראָז און כלערליי שפייז־אַרטיקלען פאַרן העלפאַנט, דאָס אַלץ האָבן זיי אַנידערגעלייגט באַם ראַנד פֿון טאָל. ווייל נעל האָט דווקא אַליין געוואָלט קאָרמענען איר בייעם פריינט, האָט דעריבער סטאַש פאַר איר אָפגעשניטן פֿון אַ צע־צווייגטן יונגן פייגנבוים אַזאַ מין ווידלע, כדי ס׳זאָל איר לייכטער זיין דעם פראָוויאַנט אַראָפצושטופן אין טאָל אריין. דער העלפאַנט האָט געטרומיי־טערט פֿון דער פרי אָן, מאָנענדיק זיך, ווייזט אויס, זיין פּאָרציע, און ווען ער האָט אַלזאָ דערזעען אויפן ראַנד דאָס זעלבע ווייסע באַשעפע־נישל, וועלכעס האָט אים נעכטן געקאָרמעט, האָט ער זי באַגריסט מיט אַ פריילעך כאָרכלען און תּיכּף צו איר אויסגעצויגן זיין טראָמבע. באַ דער ליכט פֿון באַטאָג האָט ער זיך די קינדער אויסגעוויזן נאָך אַ סך ריזיקער, ווי נעכטן.

ער איז נאָך זייער מאָגער געווען, אָבער ער האָט שוין אויסגעזעען מונטערער און צו נעלן געווענדט זיינע קליינע שאַרפע אייגעלעך כמעט מיט פרייד. נעל האָט אפילו פעסטגעשטעלט, אַז זיינע פאָדערשטע פיס זענען איבער דער איינער נאַכט דיקער געוואָרן און זי האָט אָנגעהויבן אַראָפּשטופן די שפייז מיט אַזאַ התלהבות, אַז סטאַש האָט זי געמוזט איינהאַלטן. און צום סוף, ווען זי האָט זיך צופיל פאַרמאַטערט, זי פאַר־טרעטן אין דער אַרבעט.

ביידע האָבן זיך אויסגעצייכנט פאַרווילט, און באַזונדערס האָט זיי געווילט דעם העלפאַנטס „גרימאַסן". מתחילת האָט ער אַלץ, וואָס איז

אים צו די פיס אַראָפּגעפּאַלן, אויפגעפּרעסן, נאָר אין קורצן, ווען ער האָט דעם ערשטן הונגער געהאַט איינגעשטילט, האָט ער שוין אָנגעהויבן איבערצוקלויבן. אָנטרעפנדיק אויף אַ געוויקס, וואָס האָט אים ווינציקער געשמעקט, האָט ער זי אָפּגעקלאַפּט אָן די פאָדערשטע פיס, דערנאָך האָט ער עס מיט דער טראָמבע אַרויפגעוואָרפן אינדערהייך, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „עסט אַליין אויף דעם געשמאַקן ביסן". ענדלעך האָט ער, נאָך דעם איינשטילן דעם הונגער און דורשט, זיך גענומען אָפּפּעכלען מיט זייַנע אומגעהייערע אויערן מיט אַ באַמערקבאַרער צופרידנקייט.

— איך בין זיכער, — האָט נעל געזאָגט — אַז ווען מיר זאָלן איצט צו אים אַראָפּנידערן, וואָלט ער אונז קיין שום שלעכטס נישט געטון.

און זי האָט אָנגעהויבן צו אים צו רופן :

— העלפאַנט, טייערער העלפאַנט, אמת, אַז וואָלסט אונז קיין שום שלעכטס נישט געטון ?

און ווען דער העלפאַנט האָט אַלס ענטפער אַ שאָקל געטון מיט דער טראָמבע, האָט זי זיך אַ ווענד געטון צו סטאַשן :

— זעסט ! ער זאָגט, אַז יאָ.

— ס'קען זיין — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט. — דאָס זענען זייער אינטעליגענטע חיות און דער חברה-מאַן האָט שוין אָן שום ספק פאַרשטאַנען, אַז מיר זענען אים ביידע נוצלעך. ווער ווייסט, צי ער פילט אויך נישט אַ ביסל דאַנקבאַרקייט צו אונז ; גלייכער איז דערווייל נאָך נישט צו פּרוּוון, און באַזונדערס זאָל סאַבאַ נישט פּרוּוון, וואָרן אים וואָלט ער זיכער דערהרגעט. אָבער מיט דער צייט, קען זיין, וועלן זיי אויך באַפריינדעט ווערן.

דאָס ווייטערע אַנטציקן זיך מיטן העלפאַנט האָט זיי איבערגעריסן קאַלי, וועלכער האָט, פאַרויסזעענדיק, אַז ער וועט יעדן טאָג מוזן אַרבעטן, כדי צו דערנערן דעמדאָזיקן ריז, זיך דערנענטערט צו סטאַשן מיט אַ חניפהדיק שמייכעלע און אויסגערופן :

— דער גרויסער האַר דערהרגענען דעם העלפאַנט, און קאַלי אים אויפעסן, אָנשטאָט אָנצוקלויבן פאַר אים גראָז און צווייַגן.

אָבער דער „גרויסער האַר" איז שוין געווען הונדערט מייל ווייט פון חשק צו דערהרגענען דעם העלפאַנט, און מחמת ער איז פון

דער נאַטור געווען זייער אַ לעבעדיקער, האָט ער אים אויפן אָרט אָפּ־געענטפערט:

— ביסט אַן אייזל.

צום אומגליק אָבער האָט ער פאַרגעסן, ווי אַזוי מען זאָגט אַן אייזל אויף קי־סוואַהילי־לשון און ער האָט עס געזאָגט אויף ענגליש: „donkey”, קאַלי ווידער האָט, נישט פאַרשטייענדיק קיין ענגליש, משמעות דאָס אָנ־גענומען פאַר עפּעס אַ קאָמפּלימענט, אָדער עפּעס אַ שבח פאַר זיינעט־וועגן, וואָרן מיט אַ ווײַלע שפּעטער האָבן די קינדער דערהערט, ווי ער האָט, ווענדנדיק זיך צו מעאַן, זיך באַרימענדיק, אויסגערופן:

— מעאַ האָבן אַ שוואַרצע הויט און אַ שוואַרצן מוח, און קאַלי איז אַ דאָנקעי.

דערנאָך האָט ער מיט שטאָלץ צוגעגעבן:

— דער גרויסער האַר אַליין האָט דאָס געזאָגט, אַז קאַלי איז אַ דאָנקעי.

דערווײַל האָט סטאַש, אָנזאָגנדיק ביידע, אַז זיי זאָלן די פּרייַלין אָפּהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ און באַים עס וועט געשען עפּעס אַ צופאַל, אָלן זיי אים תּיכף רופן, גענומען די ביקס און אַוועקגעגאַנגען צו יענעם אָפּגעריבענעם פעלז, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן דעם טאָל. צוקומענדיק אויפן אָרט, האָט ער זיך אויפמערקזאַם אומגעקוקט, אויסגעפאָרשט אַלע זיינע שפּאַלטן, אַרייַנגערוקט אַ שטעקן אין אַ שפּאַרע, וואָס ער האָט אויסגע־פונען אין דער אונטערשטער טייל פון פעלז, געענוי אויסגעמאָסטן איר טיפקייט, נאָכדעם האָט ער זיך לאַנגזאַם אומקערט אין לאַגער אַריין, און אויפעפענענדיק דאָס שאַכטל מיט די קוילן, האָט ער זיי אָנגעהויבן אי־בערציילן.

ער האָט אָבער קוים באַוויזן אָפּצוציילן ביז דריי הונדערט, ווי עס האָט זיך פון באַאָבאַב, וואָס איז געוואַקסן אַן ערך פון פינפציק טריט פון געצעלט, דערטראָגן מעאַס קול:

— הער, הער!

סטאַש האָט זיך דערנענטערט צום ריזיקן בוים, וואָס זיין צעקרישלטער שטאַם האָט אויסגעזען ווי אַ טורם און אַ פרעג גע־טון:

— וואָס ווילסטו?

— נישט ווייט פונדאַנען זעט מען אַ סך זעברעס, און ווייטער אַ ביסל פּאַשען זיך אַנטילאָפּן.

— גוט. כ׳וועל נעמען די ביקס און אַהינגיין, וואָרים מען דאַרף אָנ־רייכערן פלייש, אָבער וואָס ביסטו עפּעס אַרויפגעקראָכן אויפן בוים און וואָס טוסטו דאָרט?

ז׳אָס מיידל האָט דערויף אָפּגעענטפערט מיט איר אומעטיקער, זינ־גענדיקער שטימע:

— מעאַ האָט דערזעען אַ נעסט פון גרויע פּאַפּוגייען, האָט זי גע־וואָלט דער יינגער פריילין ברענגען אַ מתנה, אָבער די נעסט איז ליידיק, דעריבער וועט מעאַ נישט באַקומען קיין פּאַטשערקעס אויפן האַלז.

— וועסט באַקומען דערפאַר, ווייל דו האָסט ליב די פריי־לין.

די יינגע נעגערין איז שנעל אַראָפּגעקראָכן איבער דער נישט גלאַטער קאָרע און מיט גלאַנציקע אויגן פון פרייד, האָט זי אָנגעהויבן איבערחזרן:

— אָ, יאָ! יאָ! מעאַ האָט זי זייער ליב — און פּאַטשערקעס אויך!

סטאַש האָט איר ליבלעך אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ, דערנאָך האָט ער גענומען די ביקס, פאַרמאַכט דאָס שאַכטל מיט די קוילן און זיך אַוועקגעלאָזט אין דער זייט אַריין, וואו עס האָבן זיך געפּאַשעט די זעב־רעס. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט אַ ווידערקול פון אַ שאָס זיך דער־טראָגן צום לאַגער און אין אַ שעה אַרום איז דער קליינער יעגער צו־ריקגעקומען מיט אַ גוט נייעס, אַז ער האָט דערהרגעט אַ יינגע זעברע און אַז די געגנט איז פול מיט חיות, וואָרים ער האָט פון דער הויכקייט געזעען אַ חוץ זעברעס און אָן אַ שיעור סטאַדעס אַנטילאָפּן־אַריעלן, אויך אַ סטאַדעלע וואַסער־ציגן, וואָס האָבן זיך געפּאַשעט אין דער נאָענט פון טייך.

נאָכדעם האָט ער קאַלין געהייסן נעמען אַ פערד און אים אַרויס־געשיקט נאָך דער דערהרגעטער זעברע, אַליין האָט ער אָבער גענומ־גענומען באַטראַכטן דעם שטאַם פון באַאָבאַב, אַרומגיין אים פון אַלע זייטן און מיט דער קאָלבע געקלאַפּט אין דער נישט גלאַטער קאָרע אַריין.

— וואָס טוסטו? — האָט נעל געפרעגט.

ער האָט דערויף געענטפערט:

— גיב אַ קוק, וואָס פאַר אַ ריז. פינפצען מענטשן זאָלן זיך אָנ־

נעמען בײַ די הענט, װאָלטן זײ דעם בוים נישט אַרומגענומען, ער מוז נאָך זיכער געדע.קען פּרעהס צײַטן. דער שטאַם אָבער פון אונטן איז צעקרישלט און ליידיק. זעסט די עפענונג, דורך װעלכער עס איז לײַכט אינעװייניק אַרײַנצוקומען? מ׳װאָלט דאָרט געקאָנט אײַנאָרדנען אַ מין גרויסע שטוב, אין װעלכער מיר אַלע װאָלטן געקאָנט װאוינען. דאָס איז מיר געקומען אויפן רעיון, װען כ׳האָב דערזעען מעאַן צװישן די צװײַגן, און דערנאָך, װען כ׳בין געגאַנגען די זעבראַס שיסן, האָב איך שוין כּסדר דערפון געטראַכט.

— מיר זאָלן דאָך אָבער אַנטלויפן קײַן אַבּיסיניען?

— יאָ. מ׳דאַרף דאָך אָבער יעדנפאַלס זיך אויסרוען און כ׳האָב דאָך דיר נעכטן געזאָגט, אַז איך האָב באַשלאָסן דאָ איבערצובלײַבן אַ װאָך צײַט, און אפשר אפילו צװײ. דו װילסט נישט פאַרלאָזן דײַן העלפאַנט און איך װידער האָב מורא צוליב דיר פאַר דער רעגן-צײַט, װאָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן און אין דער צײַט איז אַ זיכערער פיבער. הײַנט איז גראָד אַ שײן װעטער, פונדעסטװעגן זעסטו, אַז עס זאַמלען זיך צונויף װאָס אַמאָל מער געדיכטערע װאָלקנס — און װער װײסט, צי עס װעט זיך נישט נאָך פאַרנאַכט אַראָפּלאָזן אַ גאָס-רעגן. דאָס געצעלט װעט דיך נישט װי געהעריק באַשיצן, אין באַאָבאַב אָבער, אויב ער איז נאָר נישט צעקרישלט ביזן שפּיץ פון שטאַם, קאָנען מיר זיך אויסלאַכן אפילו פון גרעסטן מבול. מיר װאָלטן אין אים אויך זיכערער געװען, װי אין געצעלט. װען מיר זאָלן נעמלעך אַלע פאַרנאַכט פאַרשטעלן מיט דערנער סײ די עפענונג, סײ די פענצטערלעך, װאָס מיר װאָלטן זיך געמאַכט, כּדי ס׳זאָל אונז זײַן ליכטיק, װאָלטן זיך געקאָנט אַרום אונז, װיפיל לײַבן עס װילן נאָר, אַרומשטעלן און ריטשען. די פרילינגדיקע רעגן-צײַט געדויערט נישט לענגער, װי אַ חודש און װאָס אַמאָל טראַכט איך אַלץ מער, אַז מיר װאָלטן זי געדאַרפט איבערװאַרטן. און אויב אַזוי, איז אַ סך בעסער דאָ, װי ערגעץ אַנדערש און ס׳איז אַ סך גלײַכער אין דעמדאָזיקן ריזיקן בוים, װי אונטערן געצעלט.

נעל האָט שטענדיק מסכּים געװען אויף אַלץ, װאָס סטאַש האָט נאָר געװאָלט, דעריבער איז זי איצט אויך באַשטאַנען, מכּל שכּן, אַז דער געדאַנק פון איבערצובלײַבן לעבן העלפאַנט און צו װאוינען אין באַאָבאַב איז איר אויסערגעװײנלעך געפעלן. זי האָט טאַקע באַלד אָנגעהויבן טראַכטן, װי אַזוי זײ װעלן אײַנאָרדענען די סאַלאָנען, װי אַזוי זײ װעלן זיך אויסמעבלירן און װי אַזוי זײ װעלן זיך קעגנזײַטיק פאַרבעטן אויף

„פּייוו אָ׳קלאָקן״*) אין אויף מיטאָגן. צום סוף האָבן זיי זיך ביידע שטאַרק פאַרווילט — און נעל האָט זיך שוין געוואָלט זעען אין דער נייער דירה, אָבער סטאַש, וועלכער האָט מיט יעדן טאָג מער דערפאַרונג און פאַרזיכט אָנגענומען, האָט זי אָפּגעהאַלטן פון תּיכּף זיך אַריינצוציען.

— איידער מיר וועלן זיך דאָרט אַהין אַריינציען — האָט ער אויסגערופן, — מוזן מיר קודם כּל אַרויסבעטן די פריערדיקע איינוואוינער, אויב עס געפינען זיך דאָרט אַזעלכע.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער מעאַן געהייסן אַריינוואַרפן עטלעכע אָנגעצונדענע און שטאַרק רויכנדיקע צווייגן אין דעם חלל פון באַאָבאַב.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער גוט געטון, מחמת דער ריזיקער בוים איז טאַקע געווען באַוווינט און דערצו דורך אַזעלכע באַלעבאַטים, פון וועלכע ער האָט קיין גאַסטפריינדלעכקייט ניט געקענט דערוואַרטן.

## XXVII.

עפנונגען איז אין בוים געווען צוויי: איינע אַ ברייטע, אויף אַ האַלבן מעטער פון דער ערד, די צווייטע אַ קלענערע, די הייך פיל ווייניק פון אַן ערשטן שטאָק אין אַ שטאָטיש הויז. קוים האָט מעאַ אַריינגעוואָרפן אין דער אונטערשטער עפנונג אַן אָנגעצונדענע רויכעדיקע צווייג, האָבן תּיכּף דורך דער העכערער צוגעהויבן אַרויספליען גרויסע פלעדערמייז, און פאַרבלענדט ווערנדיק פון דעם בליאַסק פון דער זון, זענען זיי אַרומגעפלויגן, פּישטשענדיק, ווי די משוגעים, אַרום בוים. אין אַ ווײַלע אַרום אָבער האָט זיך, ווי אַ בליץ פון דער אונטערשטער עפנונג אַרויסגערוקט דער אמתער באַלעבאָס. דאָס איז געווען אַ ריזיקער באָאַ, וועלכער האָט משמעות פאַרצערט דרימלענדיק די שרייַ פון לעצטן מאָלצייט און ערשט דעמאָלט, ווען דער רויך האָט אים אין

*) ז״ע טי.

די באַז־לעכער אַ דריי געטון, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אַ טראַכט געטון וועגן ראַטעווען זיך.

אויפן אָנבליק פון דעם אייזערנעם קערפּער, וואָס איז, ווי אַ משונהדי־קע ספּרענזשינע, אַרויסגעשפּרונגען פון דעם רויכעדיקן לאָך אין בוים, האָט סטאַש אָנגעכאַפּט נעלן בײַ דער האַנט און אָנגעהויבן מיט איר אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון דער אָפענער דזשונגליע. אָבער דאָס קאַלטבלוטיקע באַגעפעניש, וואָס איז אַליין דערשראָקן געוואָרן, האָט זיי גאָרנישט אין זינען געהאַט נאָכצויאָגן. דאַקעגן איז ער, וויקלענדיק זיך צווישן גראָז צווישן די פונאַנדערגעפּאַקטע זאַכן, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון טאָל, ווילנדיק זיך אַזוי אַרום אויסבאַ־האַלטן צווישן די פעלזן־שטיקער און שפּאַרעס. די קינדער האָבן זיך באַ־רויקט. סטאַש האָט נעלן אַנידערגעשטעלט אויף דער ערד און געלאָפן נאָך דער ביקס, נאָכדעם האָט ער זיך אַ לאָז געטון נאָך דער שלאַנג, אין דער ריכטונג צום טאָל, און נעל איז אים נאָכגעלאָפן. נאָך עטלעכע טריט אָבער האָט זיך אַזאַ אויסערגעוויינלעך בילד פאַר זיי פאַרגעשטעלט, אַז זיי זענען ביידע געבליבן שטיין, ווי פאַרשטיינערט.

הויך אין ערן טאָל האָט זיך געמלעך באַוויזן אויף איין אויגנבליק דער קערפּער פון שלאַנג און באַצייכענענדיק אַ זיגזאַג אין דער לופט, איז ער צוריק אַראָפּגעפאַלן אונטן. אין אַ ווייל אַרום האָט ער זיך באַ־וויזן צום צווייטן מאָל און ווידער אַראָפּגעפאַלן. צולויפנדיק צום ראַנד, האָבן די קינדער מיט פאַרוואונדערונג דערזען, אַז דאָס האָט עס דער־גייער פּריינט זייערער, דער העלפאַנט, זיך פאַרשפּילט אויף אַזאַ מין אופן מיטן שלאַנג. אַרויסשיקנדיק אים פריער אויף אַ צווייפאַכיקער לופט־רייזע, האָט ער אים איצט ווי געהעריק צעטרעטן דעם קאָפּ מיט זיין ריזיק, צו אַ קלאָץ ענלעכן, פוס. ענדיקנדיק דידאָזיקע אָפּעראַציע, האָט ער ווידער מיט דער טראָמבע אויפגעהויבן דעם נאָך ציטערדיקן קער־פּער, נאָר דאָס מאָל האָט ער אים שוין נישט געוואָרפן אינדערהייך, נאָר גלייך אין וואַסערפאַל אַריין. נאָך דערדאָזיקער מעשה האָט ער, שאָקלענדיק זיך הין און צוריק אויף ביידע זייטן און, אָפּפעכלענדיק זיך מיט די אויערן, גענומען קוקן שאַרף אויף נעלן, און ענדלעך האָט ער אויפגעהויבן צו איר זיין טראָמבע, ווי מאָנענדיק זיך אַ באַלוינונג פאַר זיין העלדישער און גלייכצייטיק זייער קלוגער טאַט.

נעל איז תיכף אַוועקגעלאָפן אין געצעלט אַריין, און אומקערנדיק זיך צוריק מיט אַ פול פאַרטוך ווילדע פייגן, האָט זי אים אָנגעהויבן

וואַרפן צו עטלעכע מיט אַ מאָל. ער ווידער האָט זיי אויפגעקליבן אין גראָז און איינס נאָכן אַנדערן אַריינגעלייגט אין מויל. די, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די טיפערע שפּאַלטן, האָט ער זיי מיט אַזאַ כוח אַרויסגעבלאָזן, אַז צוזאַמען מיט די פייגן זענען אויך שטיינער, ווי די גרויס פון אַ מענטשלעכער פויסט, אינדערהייך אַרויסגעפלויגן. די קינדער האָבן מיט אַ געפּאַטשעריי אין די הענט און מיט אַ געלעכטער אויפגענומען דידאָזיקע קונצן. נעל האָט זיך עטלעכע מאָל הין און צוריק אומגעקערט נאָך פרישן פּראָוויאַנט, נישט אויפהערנדיק נאָך איטלעכער פייג צו פאַרזיכערן, אַז ער איז שוין היימיש געוואָרן און אַז זי וואָלט געקאָנט, כמעט אפילו אָט שוין, צו אים אַראָפּגיין.

— זעסט, סטאַש, — אָט וועלן מיר האָבן אַ באַשיצער!... וואָרן ער האָט פאַר קיינעם אין דער מדבר קיין מורא נישט: נישט פאַר קיין לייב, נישט פאַר קיין שלאַנג, נישט פאַר קיין קראָקאָדיל. און ער איז זייער אַ גוטער — און ער האָט אונז אָן שום ספק ליב.

— אויב ער וועט היימיש ווערן — האָט סטאַש אויסגערופן — און אויב כ׳וועל דיך קאָנען איבערלאָזן אונטער זיין אויפזיכט, וועל איך באמת ערשט קאָנען מיט דער פולסטער רויקייט גיין אויף יאַגד. וואָרן קיין בעסערן באַשיצער וואָלט איך דיר אין גאַנץ אַפריקע נישט געקאָנט געפינען

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אָבער צוגעגעבן:

— די היגע העלפאַנטן זענען ווילדער, אָבער איך האָב געלייענט, אַז די אַזיאַטישע האָבן אַן אויסטערלישע שוואַכקייט צו קינדער. עס איז נאָך קיינמאָל אין אינדיען נישט פאָרגעקומען, אַז אַ העלפאַנט זאָל שלעכטס טון אַ קינד און אויב ער פאַלט אַמאָל אַריין אין אַ כעס, וואָס קאָן אַמאָל געשען, שיקן די דאָרטיקע איינוואוינער אַרויס זייערע קינדער, זיי זאָלן אים באַרויקן.

— זעסטו שוין, זעסטו שוין!

— יעדנפאַלס האָסטו גאַנץ גלייך געטון, וואָס האָסט מיך נישט געלאָזט אים דערהרגענען.

באַ די ווערטער האָבן נעלס אויגן אויפגעשיינט פון שמחה, ווי צוויי גרינלעכע פייערלעך. אויפשטעלנדיק זיך אויף די שפּיץ-פינגער, האָט זי אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף סטאַשס אָרעמס, און אַרונטערבייגנדיק אויף אַ הינטער דאָס קעפּל, האָט זי, אים קוקנדיק אין די אויגן אַריין, אַ פרעג געטון:

— אַזוי ווי פון וויפיל יאָר אַ מענטש האָב איך פאַרגעטרעטן ? —
זאָג ! — אַזוי פון וויפיל יאָר ?
און ער האָט אָפּגעענטפערט :
— צום ווינציקסטן, ווי פון זיבעציק.
— דו מאַכסט נאָר שטענדיק חוזק.
— בייזער דיך, בייזער דיך ! — און ווער וועט באַפרייען דעם העלפאַנט ?
דערהערנדיק דאָס, האָט זיך נעל באַלד אָנגעהויבן צוצולעקן, ווי אַ קליין קעצעלע.
— דו — און כ׳וועל דיך טאַקע דערפאַר זייער שטאַרק ליב האָבן און ער אויך.
— איך טראַכט וועגן דעם, — האָט סטאַש אויסגערופן — אָבער דאָס וועט זיין אַ שווער שטיקל ארבעט און כ׳וועל עס באַלד אין דער אותו רגע נישט מאַכן, נאָר ערשט ד׳עמאָלט, ווען מיר וועלן זיך גיין אַרויסלאָזן אין וועג אַריין.
— פאַרוואָס ?
— דערפאַר, ווען כ׳זאָל אים באַפרייען, נאָך איידער ער וועט גוט מיט אונז היימיש ווערן און צו אונז זיך צוגעוויינען, וואָלט ער זיך באַלד אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען.
— אָ ! — ער וועט פון מיר נישט אַוועקגיין.
— דו מיינסט, אַז ער איז שוין פונקט אַזוי ווי איך ! — האָט סטאַש מיט אַ געוויסער אומגעדולדיקייט אָפּגעווענדט.
דעם ווייטערדיקן שמועס האָט איבערגעריסן קאַלי, וועלכער האָט געבערענגט צו פירן די דערהרגעטע זעברע און אירע יינגע קינדער, וואָס סאַבאַ האָט צעגריזשעט. דאָס איז געווען אַ גליק פאַרן הונט, וואָס נאָכלויפנדיק נאָך קאַלין, איז ער נישט געווען באַ דעם עסק מיט דער שלאַנג, ער וואָלט אים זיכער געווען נאָכגעיאָגט, און ווען ער כאַפּט אים, וואָלט ער געווען אומגעקומען, נאָך איידער סטאַש וואָלט אים באַוויזן צו קומען צו הילף. פאַרן צעגריזשען אָבער די יינגע זעברעס האָט ער געקריגן אָנגעדרייט די אויערן פון נעלן, וואָס ער האָט זיך עס, איבעריקנס, זייער שטאַרק צום הארץ נישט גענומען, מחמת ער האָט אפילו נישט באַהאַלטן די אַרויסגעהאָנגענע צונג, מיט וועלכער ער איז פון געיעג אָנגעקומען.
סטאַש האָט דערוייל קאַלין מודיע געווען, אַז ער האָט בדעה אייב-

צואָרדנען אַ וואוינונג אין בוים און ער האָט אים דערציילט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען בשעת מען האָט אויסגערויכערט דעם שטאַם, ווי אויך, ווי אַזוי דער העלפאַנט האָט זיך מיטן שלאַנג אַן עצה געגעבן. דער געדאַנק פון אַריינציִען זיך אין באַאָבאַב, וואָס האָט געקאָנט זיין אַ באַשיצונג, נישט נאָר פאַרן רעגן, נאָר אפילו אויך פאַר חיות רעות, איז דעם נעגער זייער געפעלן געוואָרן, דאַקעגן אָבער האָט דעם העלפאַנטס טאַט נישט געפונען קיין חן בײַ אים אין די אויגן.

— דער העלפאַנט איז אַ נאַר, — האָט ער אויסגערופן — דערבײַ האָט ער אַריינגעוואָרפן די ניאָקע (שלאַנג) אין רוישנדיקן וואַסער אַריין, אָבער קאַלי ווייסט, אַז די ניאָקע איז גוט, דעריבער וועט ער זי אין דעם רוישיקן וואַסער אויסזוכן און אָפּבראָטן, וואָרן קאַלי איז קלוג — און אַ דאַנקעי.

— אַלזאָ ביסט אַ דאַנקעי, אָפּגעמאַכט! — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט — אָבער וועסט דאָך נישט גיין עסן קיין שלאַנג?

— אַ ניאָקע איז גוט! — האָט קאַלי איבערגעחזרט.

און אָנווייזנדיק אויף דער דערהרגעטער זעברע, האָט ער צוגעגעבן:

— נאָך בעסער, ווי די ניאַמאַ.

נאָכדעם האָבן זיך ביידע אַוועקגעלאָזט צום באַאָבאַב און זיך פאַרנומען מיטן איינאָרדנען די וואוינונג. קאַלי האָט אויסגעזוכט לעבן טײַך אַ פלאַכן שטיין, די גרייס פון אַ גרויסער זיפּ, און אַריינשטעלנדיק אים אין שטאַם, האָט ער דערויף אַרויפגעשיט אָנגעגליטע קוילן, און דערנאָך האָט ער יעדעס מאָל צוגעשיט פרישע, אַכטונג געבנדיק נ ר, אַז דער האָלץ-שטויב אין חלל פון בוים זאָל זיך נישט אָנכאַפּן און נישט אַרויסרופן קיין שׂרפה אין גאַנצן בוים. ער האָט געזאָגט, אַז ער טוט דאָס דערפאַר, כדי „ס׳זאָל גאָרנישט קאָנען קיין ביס טון דעם גרויסן האַר און דער ביבי”. ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס נישט געווען קיין איבעריקע פאָרזיכטיקייט, מחמת, ווי נאָר דער טשאַד האָט אויסגעפוילט דעם חלל פון בוים און איז זיך צעגאַנגען; אפילו אינדרויסן אַרויס, האָבן פון די קאָרע-שפּאַלטן אָנגעהויבן אַרויסקריכן די פאַרשידנסטע באַשעפעניש: זשוקעס פון שוואַרצער און ווייבשל-קאָליר, — דאָריקע שפּינען — גרויסע ווי די פלוימען, לישאַיעס באַדעקט ווי מיט שפּילקעס, אויף אַ פינגער די גרעב — און אַזעלכע מיאוסע, גלייכצייטיק גיפטיקע סקאָלאָפּענדרעס, וואָס פון זייערס אַ ביס קאָן מען אַמאָל

שטאַרבן. אַנקוקנדיק דאָס, וואָס עס האָט זיך געטון מחוץ דעם בוים, האָט מען זיך שוין לייכט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ צאָל ענלעכע באַשעפענישן עס האָבן געמוזט אומקומען פון דעם קוילן־טשאַד אינעווייניק. דידאָזיקע, וועלכע זענען פון דער קאָרע און פון די בידעריקערע צווייגן אַראָפּגעפאַלן אין גראָז אַריין, האָט קאַלי מיט שטיינער אומברחמנותדיק צעקוועטשט, קוקנדיק דערביי יעדעס מאָל אויף דעם אייבערשטן און דעם אונטערשטן לאָך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אַ ליאַדע רגע, וועט פון איינער פון זיי אַרויסקריכן עפּעס אַ נייע צרה.

— וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי ? — האָט סטאַש געפרעגט — ציי מיינסטו אַמאָל, אַז עס ליגט דאָרט באַהאַלטן נאָך אַ שלאַנג אין בוים ?

— ניין ; קאַלי מורא האָבן פאַרן מזימו.

— וואָס איז דאָס אַזוינס מזימו ?

— אַ בייזער רוח.

— האָסט שוין אַמאָל אויף דיין לעבן געזעען אַ מזימו ?

— ניין, אָבער קאַלי האָט געהערט דעם שרעקלעכן טומל, וואָס די מזימו מאַכט אָן באַ די מכשפים אין די הייזער.

— הייסט עס, אַז אייערע מכשפים האָבן פינדעסטוועגן פאַר אים נישט קיין מורא ?

— די מכשפים קענען אים פאַרשעלטן, און דערנאָך גייען זיי אַרום איבער די שטובן און זאָגן, אַז מזימו איז אין כּעס, טראָגן זיי די בעגער צוזאַמען שעפּסן, האָניק, פּאָמבע*), אייער און פליש, כּדי מיט דעם איבערצובעטן די מזימו.

סטאַש האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

— ס'זעט אויס, אַז באַ אייך איז גוט צו זיין אַ מכשף. אָבער אפשר איז דאָס אַמאָל דער שלאַנג געווען מזימו ?

קאַלי האָט אַ דריי געטון מיטן קאָפּ.

— אין אַזאַ פאַל, וואָלט נישט דער העלפאַנט מזימון דערהרגענען, נאָר מזימו דערהרגענען דעם העלפאַנט, מזימו, דאָס איז דער טויט...

עפּעס אַן אויסטערליש געקנאַקערײַ און אַ גערויש פון בוים־חלל

*) אַ מין ביער, ארו סגעצויגן פון דעם געוויקס כאַ־באַ.

האָט אים פּלוצלינג איבערגעריסן דאָס דערציילן. פון דעם אונטערשטן לאָך האָט אַרויסגעזעצט אַ מאָדנער, רויטלעכער שטויב, נאָכדעם האָט זיך ווידער דערהערט נאָך אַ שטאַרקער קנאַקן ווי פריער.

קאַלי האָט זיך אין איין אויגנבליק אַ וואָרף געטון מיטן פּנים אויף דער ערד און מאוימדיק אָנגעהויבן צו שרייען:

— אַקאַ! מזימו! אַקאַ! אַקאַ! אַקאַ! אַקאַ!

סטאַש איז אין ערשטן מאָמענט אויך צוריקגעטרעטן, אָבער באַלד איז ער צו זיך געקומען און ווען נעל מיט מעאַ זענען אַנגעלאָפן, האָט ער זיי אָנגעהויבן דערקלערן, וואָס דאָ האָט געקענט געשען.

— דאָס איז גאַנץ וואַרשיינלעך — האָט ער געזאָגט — אַז גאַנצע הויפנס האָלץ-שטויב, וואָס זענען צוליב דער היץ אינעווייניק אין שטאַם פונאַנדערגעברייטערט געוואָרן, זענען ענדלעך אונטן אַראָפּגעפאַלן אין פאַרשיט די קוילן. און ער מיינט, אַז דאָס איז מזימו. זאָל מעאַ פונדעסטוועגן עטלעכע מאָל אַ גאָס טון מיט וואַסער אין דער עפענונג, וואָרן אויב די קוילן זענען צוליב דעם מאַנגל פון לופט נישט פאַרלאָשן געוואָרן און דאָס האָלץ-שטויב וועט זיך פון זיי אָנצינדן, קאָן נאָך אַמאָל דער בוים פאַרברענט ווערן.

דערנאָך האָט ער, זעענדיק, אַז קאַלי ליגט נאָך אַזוי אַלץ און הערט נישט אויף איבערצוחזרן מיט שרעק: „אַקאַ! אַקאַ!", גענומען די ביקס, מיט וועלכער ער פלעגט געוויינלעך שיסן אויף פאַנטערקעס, אויסגעקנאַלט אין דער עפענונג אַריין און, אַ שטויס טוענדיק דעם ייִנגל מיט דער קאָלבע, אויסגערופן:

— דיין מזימו איז שוין טויט. האָב נישט קיין מורא.

קאַלי האָט זיך אונטערגעהויבן, אָבער ער איז געבליבן שטיין קניענדיק.

— אָ, דער האַר איז גרויס, זייער גרויס!... דער האַר האָט אפילו נישט קיין מורא פאַר קיין מזימו?

— אַקאַ! אַקאַ! — האָט סטאַש, נאָכשפּעטענדיק דעם נעגער, אויסגערופן.

און ער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

קאַלי איז נאָך אַ געווויסער צייט פולשטענדיק רויִק געוואָרן און ווען ער האָט זיך אַנידערגעזעצט צום עסן, וואָס מעאַ האָט צוגעגרייט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מאָמענטאַלע שרעק האָט אים לחלוטין דעם אַפּעטיט נישט קאַליע געמאַכט, ער האָט אַ חוץ דער פּאָרציע געריכערט

פלייש נאָך אויפגעגעסן רויערהייט די לונג־און־לעבער פון דער יינגער זעברע, שוין נישט רעכענענדיק די ווילדע פייגן, וואָס דער באָנעטער ברויט־בוים האָט בשפע צוגעליפערט. דערנאָך האָבן זיי זיך ביידע אומגעקערט צום בוים, בײַ וועלכן זיי האָבן נאָך געהאַט אַ סך אַרבעט. דאָס אַרויסוואַרפן דעם האָלץ־שטויב, קוילן, אָפּגעפּרעגלטע הונדערטער זשוקעס און גרויסע הונדערטפוסיקעס, ווי אויך בײַ אַ צענדלינג אָפּגעבראָטענע פלעדערמייז האָט בײַ זיי פאַרנומען אַ שפּאָר שטיק צייט.

סטאַשן האָט דאָס אַפילו געוואונדערט, וואָס די פלעדערמייז האָבן געקענט אַזוי וואוינען אין דירעקטער שכנות מיט אַ שלאַנג, ער איז אָבער געפאַלן אויפן שכל, אַז דער ריזיקער שלאַנג האָט, אָדער געמיאוסט זיך מיט אַזאַ מין בריאהלע, אָדער, נישט קענענדיק זיך אין דעם חלל פון שטאַם אַרום עפּעס אַרומוויקלען, נישט ביכולת געווען זיי צו דערגרייכן. די היץ פון די קוילן, וואָס האָט גורם געווען דאָס אַראָפּפאַלן פון דעם האָלץ־שטויב, האָט לגמרי אויסגערייניקט זיין חלל — און דאָס האָט סטאַשן איצט אָנגעפילט מיט פרייד, מחמת די אויסהוילונג איז געווען אַזוי ברייט ווי אַ גרויסע שטוב און זי האָט געקענט זיין אַ באַשיצונג נישט נאָר פאַר פיר, נאָר אַפילו פאַר צען מענטשן. די אונטערשטע עפענונג איז געווען אַ טיר, די אייבערשטע — אַ פענצטער, אַ דאַנק וועלכן עס איז אין דעם ריזיקן שטאַם נישט געווען פינצטער און נישט שטיקנדיק. סטאַשן איז אײַנגעפאַלן פונאַנדערצוטיילן דעם גאַנצן רוים מיט דער הילף פון די שטיקער לייוונט פון געצעלט אויף צוויי צימערן, פון וועלכע ער האָט איינס באַשטימט פאַר נעלן מיט עמאַן, דאָס צווייטע פאַר זיך, פאַר קאַלין מיט סאַבאַן. דער בוים איז נישט געווען צעקרישלט ביזן שפּיץ פון שטאַם, דעריבער האָט קיין רעגן נישט געקענט דורכרינען אינעווייניק אַריין. אָבער פולשטענדיק זיך צו פאַרזיכערן פאַר רעגן, איז גענוג געווען מער נישט, ווי אונטערצוהייבן און אונטערשפּאַרן איבער ביידע עפענונגען די קאָרע אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָלן זיך שאַפן צוויי איבערדעכלעך. די פאַדלאָגע אינעווייניק האָבן זיי באַשלאָסן אויסצושיטן מיט זון־צעגליט זאַמד, וואָס האָט זיך בײַם טייך געפונען און פון אויבן אויסבעטן מיט טרוקענעם מאָך.

די אַרבעט איז באמת געווען אַ שווערע, און בפרט פאַר קאַלין, מחמת ער האָט נאָך געמוזט אַ חוץ דעם אַלעם רויכן דאָס פלייש, אָנטרינקען די פערד און טראַכטן וועגן שפּייז פאַרן העלפאַנט, וועלכער האָט אָן אַן אויפהער געטרומייטערט. אָבער דער יינגער נעגער האָט זיך אַ

נעם געטון אייבאַרדנען די נייע וואוינונג מיט גרויס חשק, מ׳קאָן אפילו זאָגן מיטן גאַנצן ברען. די סיבה דערפון האָט ער נאָך דעם זעלבן טאָג סטאַשן אויף אַזאַ מין אופן פאַרענטפערט:

— ווען דער גרויסער האַר און די ביבי — האָט ער געזאָגט — אָננעמענדיק זיך אונטער די זייטן — וועלן וואוינען אין דעם ביים, וועט קאַלי נישט דאַרפן אויפבויען אויף באַנאַכץ קיין גרויסע זעריבאַ און ער וועט קאָנען יעדן אָוונט אַרומגיין ליידיק.

— האָסטו אַלזאָ ליב אַרומצוגיין ליידיק? — האָט סטאַש גע-פרעגט.

— קאַלי איז אַ מאַנספערשוין, דעריבער האָט קאַלי ליב אַרומצו-גיין ליידיק, וואָרן אַרבעטן דאַרפן נאָר ווייבער.

— דאַך זעסטו, אַרבעט איך פאַר דער „ביבי“.

— אָבער פאַר דאָס, ווען די ביבי וועט אויפוואַקסן, וועט זי מוזן אַרבעטן אויפן גרויסן האַר, — און אויב זי וועט נישט וועלן, וועט זי דער גרויסער האַר זיכער שלאָגן.

סטאַש איז אָבער באַם בלויזן געדאַנק וועגן שלאָגן די „ביבי“, אויפגעשפרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער און מיט כעס אויסגעשריגן:

— שוטה, צי ווייסטו כאָטש, ווער עס איז די „ביבי“?

— איך ווייס נישט — האָט דאָס שוואַרצע ייִנגל מיט שרעק אָפּ-געענטפערט.

— די „ביבי“ איז... זי איז... די גוטע מזימו!

קאַלי איז אויסער זיך געוואָר.

און ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט, האָט ער זיך נישט דרייסט-דערנענטערט צו נעלן, דערנאָך איז ער אַנידערגעפאַלן פאַר איר אויפן פנים און אָנגעהויבן איבערחזרן, אמת טאַקע נישט מיט קיין שרעקעוו-דיקער, נאָר מיט אַ שטימע פון געבעט:

— אַקאַ! אַקאַ! אַקאַ!...

די „גוטע מזימו“ אָבער האָט אויסגעגלאָצט אויף אים אירע הער-לעכע אויגן, וואָס זענען ענלעך געווען צו ים-קאָליר, נישט פאַרשטייענ-דיק לחלוטין, וואָס עס איז געשען און וועגן וואָס קאַלין גייט.

# XXVIII.

די נייע וואוינונג, וואָס סטאַש האָט איר אַ נאָמען געגעבן קראַקע, איז אין משך פון דריי טאָג געוואָרן איינגעאָרדנט. אָבער נאָך פריער האָט מען אין „מענער־צימער” אַריינגעטראָגן די מער נייטיקע זאַכן — און בשעת דעם גרויסן מבול האָט דאָס יינגע פּירלינג געפּיבען אין דעם ריזיקן שטאַם, נאָך איידער די וואוינונג איז אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן, אַן אויסגעצייכנטע באַשיצונג.

די רעגן־צייט האָט זיך אָנגעהויבן, ווי עס געהער צו זיין, אָבער דאָס זענען נישט געווען אונזערע לאַנגע, האַרבסטיקע רעגנס בשעת וועלכע דער הימל ווערט פאַרצויגן מיט פינצטערע וואָלקנס און אַ נודנע, שווער וועטער גערויערט אַזוי אָפּ גאַנצע וואָכן.

דאָ האָט באַ אַ צען מאָל אין טאָג דער ווינט פונאַנדערגעטריבן די אָנגעבלאָזענע וואָלקנס, וואָס האָבן די ערד מיט שפע באַגאָסן, דערנאָך האָט ווידער די זון אויפגעשיינט. אַ העלע, ווי אַ פריש אויסגעבאַדענע און מיט אַ גאָלדענע ליכט באַגאָסן די פעלזן, דעם טייך, די ביימער און די גאַנצע דזשונגליע. דאָס גראָז איז כמעט צוקוקנדיק געוואַקסן. די ביימער האָבן זיך מיט אָן אַ שיעור בלעטער באַדעקט, און נאָך איידער די אַלטע פרוכט איז אַראָפּגעפאַלן, האָבן זיך שוין באַוויזן קנאָספּן אויף נייע. די לופט איז, צוליב די הענגענדיקע נאָדלען וואַסער אין איר, געוואָרן אַזוי דורכזיכטיק, אַז אפילו די ווייטסטע זאַכן זענען פולשטענדיק שאַרף געוואָרן און דער בליק האָט אויף אַן אומגעהייער ווייטן שטח דערגרייכט.

איבערן הימל האָבן זיך הערלעכע, זיבן־קאָלירנדיקע רעגנבויגנס צעהאָנגען, און דער וואַסער־פאַל איז כמעט כסדר געווען באַקליידט מיט זיי. די קורץ־דויערנדיקע פרימאָרגן־און אָוונט־רויטקייטן האָבן געשפּילט מיט טויזנטער אַזעלכע פּרעכטיקע בליאַסקן, אַז אפילו אין דער לובישער מדבר האָבן די קינדער אַזעלכעס נישט געזען. די נידעריקע, צו דער ערד נאָענטע וואָלקנס האָבן זיך מיט ווײנשל־קאָליר געפאַרבט, די העכערע, מער באַלויכטענע, האָבן זיך פונאַנדערגעגאָסן פונקט ווי אָזיערעס

פון פורפור און גאָלד, און די פּיצעלעך, וואָלאַרטיקע וואָלקנדלעך האָבן זיך ווי רובינען, אַמעטיסטן און אָפּאַלן געמיניעט. באַנאַכט האָט די לבנה, צווישן איין כוואַליע רעגן און דער צווייטער, די טראָפּנס טוי, וואָס זענען געהאָנגען אויף די בלעטער פון די מימאָזן און אַקאַציעס אין בריליאַנטן פאַרוואַנדלט, די מזלות־ליכט האָבן אין דער אָפּגעפרישטער לופט העלער געלויכטן, ווי אין די אַנדערע צייטן פון יאָר.

פון די אויסגוסן, וואָס דער טייך האָט נידעריקער פון וואַסערפאַל געשאַפן, האָט זיך דערטראָגן דאָס אומרויקע קוואַקען און די מעלאַנכאָלישע געפלאַפּלערייען פון די זשאַבעס, און די לייכט־פליגעלעך, וואָס זענען ענלעך געווען צו בלאָנדזשענדיקע שטערן, זענען פון איין ברעג צום צווייטן צווישן די באַמבוסן און אַרומען אַרומגעפלויגן.

נאָר ווען די וואָלקנס האָבן מאַמענטנווייז פאַרדעקט דעם אויסגעשטערנטן הימל און ס׳האָט אָנגעהויבן צו רעגענען, איז געוואָרן זייער פינצטער, און אינעווייניק אין באַאָבאַב אַזוי שוואַרץ, ווי אין אַ קעלער. ווענדיק זיך דערמיט אַן עצה געבן, האָט סטאַש געהייסן מעאַן אויסלאָזן דאָס שמאַלץ פון די דערהרגעטע חיות און פון אַ בלעכל האָט ער געמאַכט אַ לעמפּל, וואָס ער האָט אויפגעהאָנגען אונטער דער אייבערשטער עפענונג. וואָס די קינדער האָבן עס אָנגערופן פענצטער. דאָס ליכט, וואָס האָט געשלאָגן דורך דעמדאָזיקן פענצטער און מ׳האָט עס אויף ווי ווייט געזען אין דער פינצטערניש, האָט אָפּגעטריבן די ווילדע חיות, דאַקעגן אָבער, האָט עס צוגעצויגן די פלעדערמייז, און אפילו פייגל, אַזוי, אַז קאַלי האָט ענדלעך געמוזט איינאָרדנען אין דער עפענונג אַזאַ מין באַשיצונג פון דערנער, ענלעך צו דער, מיט וועלכער ער האָט אויף בײַנאַכט פאַרשטעלט די אונטערשטע עפענונג.

פונדעסטוועגן, באַטאָג, ווען דאָס וועטער האָט זיך אויסגעלייטערט, האָבן די קינדער פאַרלאָזט „קראָקע״ און אַרומגעפאָרעט זיך איבערן גאַנצן באַרג־שפּיץ. סטאַש האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף יאַגד אויף אַנטילאָפּן־אַריעלן אין אויף שטרויסן, מיט וועלכע עס איז פול געווען אַרום טייך, און נעל איז זיך געגאַנגען צו איר העלפאַנט, וועלכער האָט מתחילת נאָר געטרומייטערט ווען שפּייז, און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו טרומייטערן אויך דעמאָלט, ווען עס איז אים לאַנגווייליק געווען אָן דער קליינער פריינדין. ער האָט זי טאַקע שטענדיק באַגריסט מיט אַ באַשייַפערלעכער שמחה, און ער האָט תיכף אָנגעשטעלט זיינע ריזיקע אויערן,

ווי ער האָט נאָר פונדערווייטנס איר קול אָדער אירע טריט דער־הערט.

איינמאָל, ווען סטאַש איז אַוועקגעגאַנגען אויף יאַגד און קאָלי האָט געכאַפּט פיש פון יענער זייט וואַסערפאַל, האָט נעל באַשלאָסן צו־צוגיין צום פעלז, וואָס האָט פאַרמאַכט דעם טאָל, כדי אַ קוק צו טון, ווי אַזוי סטאַש וועט זיך מיט אים אַן עצה געבן און צי האָט ער שוין עפּעס באַוויזן אויפצוטון. מעאַ, וועלכע איז געווען באַשעפטיקט מיטן מיטאָג, האָט נישט באַמערקט איר אַוועקגיין. דאָס מיידעלע ווידער האָט, אָנקלויבנדיק אויפן וועג בעגאָניע־בלימעלעך, וואָס זענען אָן אַ שיעור גע־וואַקסן צווישן די פעלזן־שפּיצן, זיך דערנענטערט צו דער משופּע, דורך וועלכער זיי זענען אַנומלט אַרויסגעפאָרן פון טאָל און אַראָפּגייענדיק אונטן, האָט זי זיך געפונען לעבן פעלז. דער גרויסער שטיין, וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעריסן פון זיין לייבלעכן פעלז, האָט פונקט אַזוי גוט ווי פריער אָפּגעשלאָסן דעם טאָל. נעל האָט אָבער באַמערקט, אַז צווישן דעם שטיין און דער וואַנט איז דאָ אַ דורכגאַנג, וואָס איז אויך אַזוי פיל ברייט, אַז אפילו אַ דערוואַקסענער מענטש וואָלט זיך לייכט געקאָנט אַדורכשטופּן.

אַ רגע האָט זי זיך אַ שלאָג געטון מיט דער דעה, דערנאָך איז זי דורכגעגאַנגען און זיך געפונען פון יענער זייט. אָבער דאָרטן האָט זיך אָפּגעדרייט אַ וועג, וואָס מ'האָט געדאַרפט אויסמיידן, כדי צוצוקומען צום ברייטן אַרויסגאַנג, וואָס איז געווען אָפּגעשלאָסן מיטן וואַסערפאַל. נעל האָט זיך אָנגעהויבן מיישב זיין: „איך וועל נאָר צוגיין נאָך אַ ביסעלע ווייטער, כ'וועל אַפּערקוקן פון היִנטערן פעלז, איינמאָל נאָר אַ קוק טון אויפן העלפאַנט, וועלכער וועט מיך לחלוטין נישט באַמערקן און כ'וועל מיך אומקערן". — אַזוי טראַכטנדיק, האָט זי זיך פאָרויסגערוקט טריט באַ טריט וואָס אַמאָל ווייטער, ביז זי איז ענדלעך צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו דער טאָל פאַרברייטערט זיך פּלוצלינג, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גרוב און זי האָט דערזעען דעם העלפאַנט. ער איז געשטאַנען אויס־געדרייט מיטן הינטן צו איר, די טראָמבע האָט ער געהאַלטן אַריינגע־שטעקט אין וואַסערפאַל און געטרונקען. דאָס האָט זי געמאַכט נאָך מער דרייסטער, דעריבער האָט זי, צוטוליענדיק זיך צו דער פעלזן־וואַנט, געמאַכט נאָך עטלעכע טריט — און נאָך עטלעכע — און מיטאַמאָל האָט די ריזיקע חיה, ווילנדיק זיך אָפּגיסן די זייטן, אַ דריי אויס געטון דעם

קאָפּ דערזען דאָס מיידעלע, און דערזעענדיק זי, — האָט ער זיך תּיכּף געלאָזט צו איר גיין.

נעל האָט זיך זייער דערשראָקן, נאָר מחמת ס׳איז שוין נישט געווען קיין צייט צוריקצוציען זיך, האָט זי דעריבער, צודריקנדיק איין פּיסל צום אַנדערן, אַ נייג זיך געטון פאַרן העלפאַנט, ווי זי האָט נאָר געקאָנט צום שענסטן, דערנאָך האָט זי אויסגעצויגן דאָס הענטל מיט די בעגאָניעס און מיט עטוואָס אַ ציטערדיק קולכל זיך אָפּגערופן:

— גוט־מאָרגן, טייערער העלפאַנט. איך ווייס, אַז דו וועסט מ׳ר קיין שום שלעכטס נישט טון, בין איך אַלזאָ געקומען, כּדי דיר צו זאָגן גוט־מאָרגן... און איך האָב מער נישט, ווי אָט די בלימעלעך...

און דער ריז האָט זיך דערנענטערט, אויסגעצויגן די טראָמבע, אַרויסגענומען פון נעלס פינגערלעך דאָס בינטל בעגאָניע, נאָר, ווען ער האָט עס אַריינגעלייגט אין פּיסק אַריין, האָט ער עס באַלד אויף דער ערד צוריק אויסגעשפּיגן, מחמת סיי די האָריקע בלעטער, סיי די בלימעלעך האָבן אים משמעות נישט געשמעקט. נעל האָט איצט דערזען איבער זיך די טראָמבע, וואָס האָט אויסגעזעען ווי אַן אומגעהייערע שוואַרצע שלאַנג, וועלכע האָט זיך אויסגעצויגן און איינגעבויגן; זי אָנגערירט באַ איין הענטל, באַם צווייטן, דערנאָך באַביידע אָרעמס און צום סוף האָט זי זיך, אַראָפּלאָזנדיק אונטן, אָנגעהויבן צו וואַקלען לייכט אויף ביידע זייטן.

— איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט מיר קיין שום שלעכטס נישט טון — האָט דאָס מיידעלע איבערגעחזרט, כאָטש ס׳האָט זי נאָך נישט נאָכגעלאָזט די מורא.

דער העלפאַנט ווידער האָט צוריקגעצויגן אויף אַ הינטער זיינע לעגענדאַרישע אויערן, פאַרוויקלענדיק און פונאַנדערוויקלענדיק נאָכאַנאַנד די טראָמבע און כאָרכלענדיק פ־יילעך, אַזוי, ווי ער האָט שטענדיק געכאָרכלט, ווען דאָס מיידעלע האָט זיך דערנענטערט צום ראַנד פון טאָל.

אין פונקט ווי אַגומלט ס׳אַש מיטן לייב, אַזוי זענען זיי אויך איצט געשטאַנען איינער אַקייגן אַנדערן — ער, אַ ריז, ענלעך צו אַ הויז אָדער אַ פעלז — און זי, אַ פּיצל קרישעלע, וועלכע ער האָט געקאָנט מיט איין באַוועגונג צעקוועטשן, נישט דווקא פאַר כּעס, נאָר גלאַט אַזוי צוליב אומפאַרזיכטיקייט.

אָבער די גוטע און קלוגע חיה האָט נישט געמאַכט קיין שום באַוועגונגען, נישט פאַר כּעס, נישט קיין אומפאַרזיכטיקע און ווי עס האָט אויסגעזען, איז זי זייער צופרידן און גליקלעך געווען מיט דעם אָנקומען פונם קליינעם גאַסט.

נעל איז וואָס אַמאָל אַלץ דרייסטער געוואָרן, און ענדלעך האָט זי אויפגעהויבן די אויגן אינדערהייך, און קוקנדיק אַזוי, ווי זי וואָלט געקוקט אויף אַ הויכן דאַך אַרויף, האָט זי, אויסשטאַרקנדיק דאָס הענטל, אים אַ פרעג געטאָן:

— צי מעג מען דיר אַ גלעט טון איבער דער טראָמבע?

דער העלפאַנט האָט אמת טאַקע קיין ענגליש נישט פאַרשטאַנען, אָבער פון דער באַוועגונג פון איר האַנט האָט ער זיך תּיכּף צוגעשטויסן, וועגן וואָס עס גייט און איר אונטערגערוקט אונטער דער האַנט דעם עק פון זיין צווייטער לאַנגער נאָז.

נעל האָט אָנגעהויבן צו גלעטן די טראָמבע, תּחילת מיט איין האַנט און פאָרזיכטיק, דערנאָך מיט ביידע. און ענדלעך האָט זי אַרומגענומען די נאָז מיט ביידע אָרעמס און זיך צוגעטוליעט צו איר מיט דעם גאַנצן קינדערישן צוטרויען.

דער העלפאַנט האָט איבערגעטרעטן פון איין פוס אויפן אַנדערן און כּסדר געכאָרכלט פאַר פרייד.

אין אַ ווײַלע אַרום אָבער האָט ער מיט דער טראָמבע אַרומגעוויקלט דעם מיידעלעס קליינעם קערפּער, און אויפהייבנדיק זי אינדערהייך, האָט ער לייכט אָנגעהויבן צו וויגן אויף רעכטס און אויף לינקס.

— נאָך! נאָך! — האָט די צעבאַלעוועטע נעל אויסגערופן.

און דאָסדאָזיקע שפּיל האָט לאַנג אַזוי געדויערט, דערנאָך האָט דאָס מיידעלע, זייענדיק שוין פולשטענדיק דרייסט, אויסגעטראַכט זיך אַ נייעם שפּיל. געפינענדיק זיך נעמלעך אויף דער ערד, האָט זי געפּרוווט אַרויפקלעטערן אויפן פאָדערשטן פוס פון העלפאַנט, ווי אויף אַ בוים, אָדער, באַהאַלטנדיק זיך אונטער אים, האָט זי אים געפרעגט, צי ער וועט זי אָפּזוכן. אָבער בשעת דידאָזיקע קונצן האָט זי באַמערקט איין זאַך, און נעמלעך, אַז אין די פאָדערשטע, און בפרט אין די הינטערשטע פיס פון העלפאַנט שטעקן אָן אַ שיעור נאָדלען, פון וועלכע די ריזיקע חיה האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען, ראשית, צוליב דעם, וואָס

זי האָט נישט געקאָנט מיט דער טראָמבע פריי דערגרייכן צו די הינטערשטע פיס, והשנית, וואָס זי האָט משמעות מורא געהאַט זי זאָל זיך נישט צעשטעכן דעם פינגער, מיט וועלכן די טראָמבע איז פאַרענדיקט און אָן וועלכן זי וואָלט אָנגעוואוירן איר גאַנצע פלינקייט און געשיקטקייט. נעל האָט לגמרי דערפון נישט געוואוסט, אַז דידאָזיקע נאָדלען אין די פיס זענען אַן אמתע פלאָג פאַר די העלפאַנטן אין אינדיע, און נאָך מער אין די אַפריקאַנישע דזשונגליעס, וועלכע באַשטייען צום מייסטנס פון שטעכיקע געוויקסן. און מחמת דעם, וואָס עס האָט זי אָנגענומען אַ רחמנות אויף דעמדאָזיקן אָרנטלעכן ריז, האָט זי דעריבער אָן שום ישוב-הדעת זיך אָנידערגעזעצט טשיפּקע לעבן זיין פוס און אים לייכט אָנגעהויבן אַרויסנעמען, פריער די גרעסערע און דערנאָך די קלענערע שפּילקעס, נישט אויפהערנדיק דערביי צו פלוידערן און צו פאַרזיכערן דעם העלפאַנט, אַז זי וועט אים קיין איינע נישט איבערלאָזן. ער האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס עס גייט — און איינבייגנדיק די פיס אין דער קני, האָט ער אויף אַזאַ אופן געוויזן, אַז אויך אין די פּאַדעשוועס צווישן די קאָפּיטעס, וואָס פאַרדעקן די פינגער, שטעקן אָן אַ שיעור שפּילקעס, וואָס פאַרשאַפן אים נאָך אַ גרעסערע ווייטיק.

בינו לבינו איז סטאַש אָנגעקומען פון געיעג און באַלד זיך גענומען אויספרעגן באַ מעאַן, וואו די פריילין געפינט זיך. באַקומענדיק אַן ענטפער, אַז זי מוז זיכער זיין אין בוים, האָט ער שוין געוואָלט גיין אַריינבליקן אין באַאָבאַב, ווי מיטאַמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט איר קול אין דער טיפעניש פון טאָל. נישט וועלנדיק זיך דאָס צוגלייבן, איז ער תיכף אַ לויף צו געטון צום ראַנד, און אַראָפּקוקנדיק אונטן, איז ער געבליבן שטיין, ווי פאַרשטיינערט. דאָס מיידעלע איז געזעסן באַם פוס פון דעם ריז, און יענער איז זיך געשטאַנען אַזוי רויק, אַז ווען נישט די באַוועגונג פון דער טראָמבע און די אויערן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ער איז אויסגעהאַקט פון שטיין.

— נעל! — האָט סטאַש אַ געשריי געטון.

און זי האָט, זייענדיק פאַרנומען מיט איר אַרבעט, אים פריילעך אָפּגעענטפערט:

— באַלד! באַלד!

דערויף האָט דאָס יינגל, וועלכער האָט נישט געהאַט די טבע לאַנג זיך מיישב צו זיין בשעת אַ געפאַר, אויפגעהויבן מיט איין האַנט אינדערהייך די ביקס, מיט דער צווייטער זיך אָנגעכאַפּט באַ אַ קאָרע-

אָפּגעשיילטער, אָפּגעדאַרטער ליאַנאַ־שטאַנג, און אַרומגעמענדיק זי מיט די פיס, האָט ער זיך אין איין אויגנבליק אַראָפּגעלאָזט אויף דער דנאָ פון טאָל.

דער העלפאַנט האָט אומרויק אַ באַוועג געטון מיט די אויערן, אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט איז געל אויפגעשטאַנען, און אַרומגע־מענדיק די טראָמבע, האָט זי אין איילעניש אויסגערופן:

— האָב נישט קיין מורא, העלפאַנט, — דאָס איז דאָך סטאַש!

סטאַש האָט תיכף באַמערקט, אַז זי איז נישט אין קיין שום גע־פאַר, אָבער די פיס האָבן זיך נאָך געטרייסלט אונטער אים, דאָס האַרץ האָט געוואַלטיק געקלאַפּט, און נאָך איידער ער איז צו זיך געקומען פון דעמדאָזיקן איינדרוק, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ פאַרשטיקט קול, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט ווייטיק און כעס צוזאַמען:

— נעל, נעל, ווי אַזוי האָסטו דאָס געקענט טון?!...

זי האָט זיך אָבער אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, אַז זי האָט קיין שלעכטס נישט געטון, וואָרן דער העלפאַנט איז אַ גוטער און פולשטענדיק שוין היימיש; אַז זי האָט נאָר געוואָלט איינמאָל אויף אים אַ קוק טון און אַזמקערן זיך, אָבער ער האָט זי פאַרהאַלטן און זיך אָנגעהויבן מיט איר צו שפילן; אַז ער האָט זי אַזוי פאַרזיכטיק געהוידעט, און אַז, אויב סטאַש וויל, וועט ער אים אויך אַ הוידע טון.

דאָס זאָגנדיק, האָט זי מיט איין הענטל אָנגענומען באַם עק פון דער טראָמבע און דערנענטערט זיך צו סטאַשן, מיט דער צווייטער האַנט ווידער האָט זי אַ מאַך געטון אַ באַוועגונג עטלעכע מאָל אויף רעכטס און אויף לינקס, זאָגנדיק גלייכצייטיק צום העלפאַנט:

— גיב, העלפאַנט, סטאַשן אויך אַ וויג.

די קלוגע חיה האָט פון אירע באַוועגונגען זיך ווידער אָנגע־שטויסן, וואָס זי וויל פון אים — און סטאַש, וועלכער איז אָנגעכאַפּט געוואָרן באַם פאַס פון די הויזן האָט זיך אין איין רגע געפונען אין דער לופט. דערביי האָט אויסגעזעען אַזוי מאָדנע און פאַרוויילנדיק דער קעגנ־זאַץ צווישן דער נאָך צאַרנדיקער מינע אויפן פנים און דעם הוידען זיך איבער דער ערד, אַז די קליינע „מזימו" האָט אָנגעהויבן לאַכן ביז טרערן, צו פּאַטשן אין די הענט און צו שרייען, פּונקט ווי פריער:

— נאָך, נאָך!

נאָר מחמת ס'איז דאָך נישט קיין אופנדיקע זאַך צו פאַרהאַלטן זיך ערנסט און צו פריידיקן מאָראַל דעמאָלט, ווען אַ מענטש הענגט אויפן

שפּיץ פון אַ העלפאַנט־טראָמבע און נישטווילנדיק פירט ער אויס באַוועגונגען, וואָס זענען ענלעך צו דער באַוועגונג פון אַן אומרו, האָט דעריבער דאָס ייִנגל ענדלעך אויך אָנגעהויבן צו לאַכן. אָבער נאָך אַ געוויסער צייט, ווען ער האָט באַמערקט, אַז די באַוועגונגען פון דער טראָמבע ווערן וואָס אַמאָל לאַנגזאַמער און אַז דער העלפאַנט האָט אים שוין בדעה אַנידערצושטעלן אויף דער ערד, איז ער פּלוצלינג געפאַלן אויף אַ נייעם פּלאַן: ער האָט געמלעך, אויסנוצנדיק דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך געפונען אין דער נאָענט פון דעם ריזיקן אויער, אָנגעכאַפּט זיך באַ דעם מיט ביידע הענט, מיט איין אויגנבליק זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן קאָפּ און אַנידערגעזעצט זיך דעם העלפאַנט אויפן קאַרק.

— אַהאַ! — האָט ער פון דער הייך אויסגערופן צו נעלן — זאָל ער פאַרשטיין, אַז ער דאַרף גאָר מיך צו האָרכן.

און ער האָט אים אָנגעהויבן צו פּאַטשן מיט דער האַנט איבערן קאָפּ, מיט אַ מינע פון אַ הערשער און אַ האַר.

— גוט! — האָט נעל פון אונטן אויסגערופן — אָבער ווי אַזוי וועסטו איצט אַראָפּקריכן?

— דאָס איז אַ קנאַפּע דאגה — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט.

און, אַריבערהענגענדיק די פיס איבערן העלפאַנטס שטערן, האָט ער מיט זיי אַרומגענומען די טראָמבע און זיך איבער איר, ווי איבער אַ בוים אַראָפּגעגליטשט.

— אָט, ווי אַזוי איך וועל אַראָפּקריכן.

דערנאָך האָבן זיך ביידע פאַרנומען מיטן אַרויסנעמען די רעשט שפּילקעס פון העלפאַנטס פיס, וואָס ער האָט זיי מיט דער גרעסטער געדולדיקייט אונטערגעהויבן.

בינו לבינו האָבן אָנגעהויבן אַראָפּפאַלן די ערשטע טראָפּנס רעגן, האָט סטאַש דעריבער באַשלאָסן תיכּף אָפּצופירן נעלן קיין „קראָקע" — אָבער דאָ איז פאָרגעקומען אַן אומגעריכטע שווערקייט. דער העלפאַנט האָט פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט נישט געוואָלט זיך מיט איר שיידן און באַ יעדעס מאָל, ווען זי האָט זיך געפּרוווט דערווייטערן, האָט ער זי מיט דער טראָמבע אומגעקערט און צו זיך צוגעצויגן. די לאַגע איז געוואָרן אַ שווערע און די פאַרזיילעכע פאַרווילונג האָט צוליב דער עקשנות פון דער חיה זיך געקאָנט אַמאָל זייער שלעכט פאַרענדיקן. דאָס ייִנגל האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון, מחמת ס'האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער אָנגעהויבן צו רעגענען און ס'האָט געדראָט מיט אַ מבול. ביידע

האָבן אמת עטוואָס צוריקגעטרעטן צום אַרויסגאַנג, אָבער זייער אומבאַ־
דייטנד און דער העלפאַנט האָט זיך זיי נאָכגערוקט.

צום סוף האָט זיך סטאַש אָנידערגעשטעלט צווישן אים מיט נעלן, אָנגעשטעלט אים אין די אויגן אַריין אַ שאַרפן בליק, גלייכצייטיק אָבער האָט ער צו נעלן שטיל אויסגערופן:

— אַנטלויף נישט, נאָר צי דיך כסדר צוריק צום שמאָלן אַדורכ־
גאַנג.

— און דו, סטאַש? — האָט דאָס מיידעלע געפרעגט.

— צי דיך צוריק, — האָט ער אַקצענטירנדיק איבערגעחזרט — וואָרים אַנדערש מוז איך דעם העלפאַנט דערשיסן.

דאָס מיידעלע האָט אונטערן איינדרוק פון דער דאָזיקער דראָאונג געפאָלגט דעם באַפעל, מכל שכן, אַז, האָבנדיק שוין אַ פולשטענדיקן צוטרויען צום העלפאַנט, איז זי געווען זיכער, אַז ער וועט יעדנפאַלס סטאַשן קיין שום שלעכטס נישט טון.

דאָס יינגל איז געשטאַנען אָפּגערוקט פיר טריט פון דעם ריז, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון אים קיין אויג.

אַזוי זענען פאַרביי עטלעכע מינוט. עס איז אַנטשטאַנען פשוט אַ דראָענדיקער מאָמענט. דעם העלפאַנטס אויערן האָבן זיך עטלעכע מאָל אַ באַוועג געטון, די קליינע אייגעלעך האָבן עפּעס מאָדנע אויפגע־
בלישטשעט, און די טראָמבע האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן אינדער־
הייך.

סטאַש האָט דערפילט, אַז ער ווערט בלאַס.

— דער טויט! — האָט ער אַ טראַכט געגעבן.

אָבער דער ריז האָט זיך אומגעריכט אויסגעדרייט צום ראַנד פון נאָל, וואו ער פלעגט זענען געוויינטלעך נעלן און ער האָט אָנגעהויבן אַזוי שמערצלעך צו טרומייטערן, ווי קיינמאָל נאָך נישט.

און סטאַש איז רויק צוגעגאַנגען צום אַרויסגאַנג און הינטערן פעלז האָט ער געטראָפן נעלן, וועלכע האָט אָן אים זיך נישט געוואָלט אומקערן צום בוים.

דאָס יינגל האָט געהאַט אָן אומגעהייערן חשק איר צו זאָגן: „זע, וואָס האָסט אָנגעמאַכט! אַ האָר האָט געפעלט כ'זאָל אומקומען צוליב דיר". אָבער ס'איז נישט געווען קיין צייט אויף קיין פאָרוואורפן, וואָרים דער רעגן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מבול און מען האָט

זיך געדאַרפֿן ווי צום שנעלסטן אומצוקערן. נעל איז דורכגענעצט געוואָרן ביזן לעצטן פֿאָדעם, הגם סטאַש האָט זי מיט זיין אייגן מלבוש אַרומגע-וויקלט.

אינעווייניק אין בוים האָט ער דער נעגערין באַפֿוילן באַלד זי איי-בערצוטאָן — אַליין אָבער האָט ער קודם כּל אָפּגעבונדן אין מענער-צימער סאַבאַן, וועלכן ער האָט תּחילת געהאַט צוגעבונדן, מורא האָבנ-דיק אַז ער זאָל אים נישט נאָכלויפֿן און איבערשרעקן די חיה. דער-נאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן דורכצונישטערן אַלע מלבושים און פּעק-לעך מיט דער האָפֿנונג, אַז אפֿשר וועט ער נאָך געפֿינען אַ שטויבעלע כינין.

ער האָט אָבער גאָרנישט געפֿונען. נאָר אויף דער דנאָ פֿון דעם סלאָיקל, וואָס דער מיסיאָנער אין כאַרטום האָט אים געגעבן, האָט זיך אין די ווינקעלעך געפֿונען אַ ביסעלע כינין-שטויב, אָבער אַזוי ווייניק, אַז עס וואָלט קוים געקלעקט דעם שפּיץ פֿינגער זיך איינצוווייסן. פֿונ-דעסטוועגן האָט ער באַשלאָסן אָנצוגיסן אין דעם פֿלעשעלע קאָכעדיק וואַסער און געבן נעלן אויסצוטרינקען דאָס דאָזיקע שווענקעכץ.

דערנאָך, ווען דער מבול האָט אויפֿגעהערט און די זון האָט ווי-דער אויפֿגעשיינט, איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿון בוים, כּדי אַ קוק צו טון אויף די פֿיש, וואָס קאַלי האָט געברענגט צו טראָגן. דער נעגער האָט אָנגעכאַפּט באַ אַ צענדלינג אויף דער ווענדקע, וואָס איז געווען געמאַכט פֿון דין דראָט. מערסטנטייל זענען דאָס געווען קליינע פֿישעלעך, אָבער דריי שטיק האָבן זיך געפֿונען אויף אַ פֿוס די לענג, מיט זילבער-שיפּן און זענען אויסטערליש לייכט געווען. מעאַ, וועלכע איז אויפֿגעצויגן גע-וואָרן באַ די ברעגעס פֿון בלויען נילוס און זיך געקענט אויף פֿיש, האָט געזאָגט, אַז זיי זענען גוט צום עסן און אַז אַרום אָוונט-צו שפּרינגען זיי אַרויס זייער הויך איבערן וואַסער. באַם צורעכט מאַכן זיי האָט זי אַרויסגעוויזן, אַז די סיבה פֿון זייער לייכטקייט איז, וואָס זיי פֿאַרמאָגן אינעווייניק אומגעהייערע בלאָזן אָנגעפּילטע מיט לופֿט. סטאַש האָט גע-נומען איינע פֿון אַזעלכע בלאָזן, וואָס איז גרויס געווען ווי אַ גרעסערער עפּל און אָוועקגעטראָגן נעלן צו ווייזן.

— קוק, — האָט ער אויסגערופֿן — דאָס געפֿינט זיך אין די פֿיש. פֿון אַ צען אַזעלכע בלאָזן וואָלט מען געקענט מאַכן אַ שויב אין אונזער פֿענצטער.

און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער אייבערשטער עפֿענונג אין בוים.

נאָר, פאַרטראַכנדיק זיך דערנאָך אַ ווײַלע, האָט ער צוגע־
געבן :

— און נאָך עפּעס מער.

— וואָס אַזעלכעס ? — האָט גלײַך אַ בייגיריקע געפרעגט.

— און פייגל.

— אַזעלכע, ווי דו האָסט אַרויסגעלאָזט אין פאָרט־סאַיד ? אַ, גוט ! מאַך !

— כ׳וועל מאַכן. פון צעשניטענע, דינינקע באַמבוסן וועל איך צונויפקלאַפּן רעמלעך, און דידאַזיקע הײַטלעך וועל איך באַנוצן אַנשטאָט פּאַפּיר. דאָס וועט נאָך אפילו זײַן בעסער פון פּאַפּיר, מחמת זיי זענען גרינגער — און קיין רעגן וועט זיי נישט צעווייקן. אַזאַ פויגל קאָן גיין זייער הויך, און בײַ אַ גוטן ווינט קאָן ער אַוועקפליען ווער ווייסט וואו אַהין. . .

דאָ האָט ער זיך פּלוצלינג אַ קלאַפּ געטון אין שטערן :

— ס׳איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק.

— וואָס ?

— וועסט שוין זען. כ׳וועל עס מיר נאָר בעסער פאָרשטעלן, וועל איך דיר זאָגן. דער העלפאַנט ריטשעט איצט אַזוי, אַז מען קאָן זיך אפילו נישט אויסשמועסן. . .

דער העלפאַנט האָט פאַר בענקשאַפט צו נעלן, און אפשר צו ביי־דע קינדער, באמת אַזוי געטרומייטערט, אַז דער גאַנצער טאָל, צוזאַ־מען מיט די אַרומיקע ביימער, האָט זיך געטרייסלט.

— מ׳דאַרף זיך פאַר אים ווייזן, — האָט נעל אויסגערופן — וועט ער זיך באַרויקן.

און זיי זענען אַהינגעגאַנגען צום טאָל. אָבער כטאַש האָט, זייענ־דיק אײַנגעטאַנצן פאַר־כאַפּט פון זײַן געדאַנק, אָנגעהויבן פאַר זיך צו מורמ־לען :

„נעללי ראַוולינסאָן און סטאַניסלאַוו טאַרקאָווסקי פון פאָרט־סאַיד, אַנטלויפנדיק פון פּאַשאַדאַ פון די דערווישן, געפינען זיך. . .“

און פאַרהאַלטנדיק זיך, האָט ער אַ פרעג געטון :

— ווי אַזוי באַצייכנט מען דאָס אָרט ? . . .

— וואָס, סטאַש ?

— גאָרנישט, גאָרנישט! כ׳וויס שוין: „געפינען זיך א חודש גאַנג אויף מזרח פון ווייסן נילוס — און בעטן באַלדיקע הילף...״ ווען דער ווינט וועט בלאָזן אויף צפון, אָדער אויף מזרח, וועל איך אַרויסלאָזן אַזעלכע פייגל צוואַנ־ציק שטיק, פינפציק, הונדערט, און דו, נעל, וועסט מיר העלפן זיי קלעבן.

— פייגל?

— יאָ — און איך וועל דיר נאָר אַזוי פיל זאָגן, אַז זיי קאָנען אונז אַמאָל מער נוצן ברענגען, ווי צען העלפאַנטן.

בינו לבינו זענען זיי צוגעקומען צום ראַנד. און דעמאָלט האָט ערשט דער ריז אָנגעהויבן איבערצוטרעטן פון איין פוס אויפן אַנדערן, צו שאָקלען זיך, באַוועגן מיט די אויערן, צו כאָרכלען און ווידער שמערצ־לעך צו טרומייטערן, ווען נעל האָט זיך נאָר געפרווּוט אויף אַ רגע צו דערווייטערן. צום סוף האָט דאָס מיידעלע געגומען דערקלערן דעם „טײַ־ערן העלפאַנט״, אַז זי קאָן נישט לעבן אים כסדר אַזוי זיצן, וואָרן זי מוז דאָך שלאָפן, עסן, אַרבעטן און פירן די באַלעבאַטישקייט אין „קראַ־קע״. אָבער ער האָט זיך ערשט דעמאָלט באַרויקט, ווען זי האָט אים מיט דער ווידלע אַראָפּגעשטופּט די שפּייז, וואָס קאַלי האָט אָנגע־גרייט — און אַרום אָוונט־צו האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו טרו־מייטערן.

די קינדער האָבן אים טאַקע דעמדאָזיקן אָוונט אַ נאָמען געגעבן: „קינג״*), וואָרן נעל האָט זיך געוואָלט וועטן, אַז איידער ער איז אַרײַנ־געפאַלן אין דעם טאָל, איז ער אָן שום ספק געווען דער קעניג פון אַלע העלפאַנטן אין אפריקע.

*) קעניג.

# XXIX.

אין משך פון עטלעכע טעג האָט נעל פאַרבראַכט אַלע אירע מי־
גוטן, אויב ס'האָט נאָר נישט געדעגנט, באַ קינגן, וועלכער האָט זיך שוין
נישט אַנטקעגנגעשטעלט בשעת איר אַוועקגיין, פאַרשטייענדיק, אַז דאָס
מיידעלע קערט זיך אום צו אים צו עטלעכע מאָל אין טאָג. קאַלי, וועל־
כער האָט בכלל מורא געהאַט פאַר העלפאַנטן, האָט געקוקט דערויף מיט
גרויס חידוש, אָבער סוף־כל־סוף האָט ער זיך איבערצייגט, אַז די מעכטי־
קע „גוטע מזימו" האָט פאַרכישופט דעם ריז און ער האָט אים אויך אָנ־
געהויבן צו באַזוכן. קינג האָט זיך פאַרהאַלטן לגבי אים, ווי אויך לגבי
מעאַן גאַנץ גינסטיק, אָבער נאָר איין נעל האָט מיט אים געקענט מאַכן,
וואָס זי האָט נאָר געוואָלט, אַזוי, אַז נאָך אַ וואָך צייט האָט זי שוין גע־
וואַגט מיט זיך מיטצונעמען אַפילו סאַבאַן. פאַר סטאַשן איז דאָס געווען
אַ גרויסע פאַרלייכטערונג, מחמת ער האָט מיט דער פולסטער רויקייט
געקענט איבערלאָזן נעלן אונטער דער אויפזיכט, אָדער, ווי ער האָט זיך
אויסגעדריקט: אונטער דער טראָמבע פון העלפאַנט — און אָן שום
מורא אַוועקגיין אויף יאַגד, און טיילמאָל אַפילו אויך קאַלין מיטגענומען.
איצט איז ער אויך זיכער געווען, אַז די געטרייע חיה וואָלט זיי שוין
פאַר קיין שום פאַל נישט פאַרלאָזט און ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַר־
טראַכטן, ווי אַזוי זי צו באַפרייען פון דער תּפיסה.

צוריקגעשמועסט, האָט ער שוין פון לאַנג געהאַט אויסגעפונען אַ
מיטל, אָבער עס האָט געפאָדערט אַזאַ קרבן, אַז ער האָט זיך געשלאָגן
מיט דער דעה, צי זאָל ער דאָס מיטל באַנוצן, און דערנאָך האָט ער
עס אַזוי אָפּגעלייגט פון איין טאָג אויפן אַנדערן. מחמת ער האָט נישט
געהאַט וועגן דעם מיט וועמען זיך דורכצושמועסן, האָט ער סוף כל סוף
באַשלאָסן צו טיילן זיך מיט דעם סוד מיט נעלן און איבערגעבן איר
זיינע פּלענער, הגם ער האָט זי באַטראַכט אַלס אַ קינד.

— דעם פעלז קאָן מען אויפרייסן מיט פולווער, — האָט ער אויס־
גערופן — אָבער דערויף דאַרף מען קאַליע מאַכן אַ סך לאָדונגען, דאָס
הייסט, מען דאַרף אַרויסציען די קוילן, אויסשיטן דעם פולווער און מאַכן

דערפֿון איין גרויסע קויל. אזא קויל וואָלט איך אריינגעשטופּט אין דער טיפסטער שפּאַרע, וואָס איך וואָלט מסתמא אינדערמיט פעלן געפֿונען, דערנאָך וועל איך זי פאַרשטאָפּן און אונטערצינדן. דעמאָלט וואָלט דער פעלז צעפאַלן געוואָרן אויף עטלעכע אָדער אויף צענדליקער שטיקער און מ׳וואָלט קיננן געקאָנט אַרויספירן.

— און אויב עס וועט זיין אַ שטאַרקער אויפרייס, צי וועט ער זיך נישט אַמאָל דערשרעקן ?

— זאָל ער זיך איבערשרעקן ! — האָט סטאַש גיך געענטפערט. — דאָס גייט מיך צום ווינציקסטן אָן. מיט דיר לוינט באמת נישט ערנסט איינצוטענהן.

פונדעסטוועגן האָט ער ווייטער גערעדט, אָדער בעסער געזאָגט, ער האָט געטראַכט בקול רם :

— נאָר אויב איך וועל באַנוצן צו ווייניק לאָדונגען, וועט דער פעלז נישט צעפאַלן ווערן און איך וועל זיי בחינם האָבן קאַליע געמאַכט; אויב ווייטער נעמען אַ גענוגנדע צאָל, וועט מיר ווייניק-וואָס איבער-בלייבן. און אויב דאָס זאָל אונז חלילה אונטערוועגנס פאַרפעלן, דראָט אונז פשוט דער טויט. וואָרן מיט וואָס וועל איך גיין אויף יאַגד, מיט וואָס וועל איך דיך באַשיצן אין פאַל פון אַן אָנפאַל ? דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז ווען נישט די ביקס און נישט די לאָדונגען, וואָלטן מיר שוין פון לאַנג געווען אומגעקומען, אָדער פון געבהרס הענט, אָדער פון הונגער. און דאָס איז אַן אמתדיק גליק, וואָס מיר האָבן פערד, וואָרן אַליין וואָלטן מיר נישט געקאָנט דערטראָגן נישט די זאַכן, נישט די לאָדונגען.

דערויף האָט נעל אויפגעהויבן אַ פינגער אינדערהייך און מיט גרויס זיכערקייט זיך אָנגערופן :

— אַז איך וועל קיננן זאָגן, וועט קינג אַלץ אויף זיך פאַר-נעמען.

— וואָס פאַר אַ לאָדונגען וועט ער דאַן פאַרנעמען, אַז עס וועט אונז ווייניק-וואָס איבערבלייבן ?

— וועט ער אונז פאַר דאָס באַשיצן...

— אָבער ער וועט דאָך נישט שיסן אַזוי מיט דער טראָמבע זיינער צו אַ חיה, ווי איך שיס מיטן שטוצער.

— וועלן מיר עסן פייגן און די גרויסע דיניעס, וואָס וואַקסן אויף די ביימער, און קאַלי וועט אונז שטענדיק אָנכאַפּן פיש.

— כל-זמן מיר וועלן בלייבן לעבן טייך. די רעגן-צייט דאַרף מען דאָ איבערוואַרטן, וואָרים דידאָזיקע פּסדרדיקע פּלייץ-רעגנס וואָלטן אויף דיר זיכער אָנגעיאָגט אַ פּיבער. געדענק יעדנפאַלס, אַז דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן אין ווייטערדיקן וועג אַריין און מיר קאָנען נאָך אָנטרעפן אויף אַ מדבר.

— אַזעלכע, ווי סאַהאַראַ? — האָט נעל מיט שרעק אַ פרעג גע-טון.

— ניין; אָבער יעדנפאַלס אויף אַזעלכער, וואו עס געפינען זיך נישט קיין טייכן, נישט קיין פרוכטן-ביימער, נאָר עס וואַקסן נידעריקע אַקאַציעס און מימאָזן. דאָרט קאָן מען נאָר לעבן דערפון, וואָס מען פאַנגט אָן אויף יאַגד. קינג וועט דאָרט געפינען גראָז און איך אַנטי-לאָפּן, אָבער אויב איך וועל נישט האָבן מיט וואָס צו שיסן אויף זיי, וועט זיי קינג נישט כאַפּן.

און סטאַש האָט באמת געהאַט וועגן וואָס זיך צו זאָרגן, מחמת איצט, ווען דער העלפאַנט איז שוין היימיש געוואָרן און זיך מיט זיי אַזוי גוט באַפריינדעט, קאָן מען אים נישט אַזוי איבערלאָזן אין פאַרמשפּטן ער זאָל שטאַרבן פון הונגער; זאָל מען אים ווידער באַפרייען, וואָלט עס געהייסן נעמען און אַ תל מאַכן פון דער גרעסטער טייל אַמוניציע און זיך אַליין אויסשטעלן אויף אַ זיכערן טויט.

דעריבער האָט סטאַש אַזוי אָפּגעלייגט די אַרבעט פון איין טאָג אויפן צווייטן, אַלע אָוונט איבערחזרנדיק דאָס זעלבע באַ זיך אין האַרץ:

— אפשר וועל איך מאָרגן געפינען עפּעס אַן אַנדער מיטל.

און דערווייל איז צו די זאָרג נאָך צוגעקומען אַנדערע. קודם כל, האָבן באַם טייך ווילדע בינען קאַלין שטאַרק צעביסן, צו זיי האָט אים צוגעפירט דער באַוואוסטער נישט גרויסער גרוי-גרינער פויגל אין אַפריקע, וועלכן מען רופט דער בינ-פירער.

דעם שוואַרצן יינגל האָט זיך צוליב פוילקייט נישט געגלוסט זיי ווי עס געהער צו זיין אונטערצורויכן, האָט ער זיך דעריבער אומגעקערט מיט האָניג, אָבער אַ צעשטאָכענער און אַן אָנגעשוואָלענער, אַזוי, אַז ער האָט מיט אַ שעה שפּעטער דאָס באַוואוסטזיין פאַרלוירן. די „גוטע מזימו״ האָט מיט מעאַס הילף גרויסגעצויגן פון אים ביז אָוונט די אַלע גיפטן, און דערנאָך באַלייגט מיט ערד, וואָס סטאַש האָט מיט וואַסער באַגאָסן.

נישט קוקנדיק דערויף האָט מען אינדערפרי שוין געמיינט, אַז דער נעגער גייט אויס. צום גליק האָבן די אַלע באַמיונגען, ווי איך דער שטאַרקער אָרגאַניזם גובר געווען די געפאַר — פולקאָם געזונט איז ער אָבער ערשט געוואָרן אין אַ צען טאָג אַרום.

אַ צווייטע פּאַסירונג האָט געטראָפן מיט די פערד. סטאַש, וועלכער האָט בשעת קאַלי איז קראַנק געווען געמוזט פּענטען די פערד און זיי פירן צום וואַסער, האָט באַמערקט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן שרעקלעך מאָגער צו ווערן. מ'האָט זיך בשום אופן נישט געקענט אויסטייטשן, אַז דאָס זאָל האָבן געשען צוליב מאַנגל אין שפּייז, מחמת צוליבן רעגן איז דאָס גראָז הויך אויפגעוואַקסן און לעבן טייך איז געווען אַן אויסגעצייכנטע פּאַשע. און דאָך זענען די פערד פשוט איינגעגאַנגען. נאָך עט־לעכע טאָג איז די פעל אויף זיי גרוי געוואָרן, די אויגן זענען זיי גע־וואָרן פאַרלאָשן, און פון די נאָזלעכער איז זיי גערונען אַ געדיכטע שליים. צום סוף האָבן זיי לגמרי אויפגעהערט צו עסן, דאָקעגן אָבער האָבן זיי גיריק געטרונקען, גלייך די היץ וואָלט זיי אויסגעצערט. ווען קאַלי איז געזונט געוואָרן, זענען שוין דאָס געווען צוויי סקעלעטן. ער האָט נאָר אָבער אַ קוק געטון אויף זיי און ער האָט תיכף פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז געשען.

— טסע־טסע! — האָט ער אויסגערופן, ווענדנדיק זיך צו סטאַשן. — זיי מוזן פּגרן.

סטאַש האָט דאָס אויך פאַרשטאַנען, מחמת נאָך אין פּאָרט־סאַיד האָט ער נישט איינמאָל געהערט וועגן דער אַפריקאַנישער פליג, וואָס מען רופט זי „טסע־טסע“, וועלכע איז אַזאַ שרעקלעכע פּלאָג אין טייל געגנטן, אַז דאָרט, וואו זי געפינט זיך שטענדיק, פאַרמאָגן די נעגערן לחלוטין נישט קיין בהמות, און דאָרט, וואו זיי האָבן זיך צוליב געוויסע מאָמענטאַלע באַדינגונגען אומגעריכט באַוויזן, קומען־אום די בהמות. אַ פערד, אַן אָקס צי אַן אייזל, וואָס האָט באַקומען אַ שטאָך פון אַ טסע־טסע, הייבט אָן אָפּצופאַלן און פּגרט אַוועק אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג. די אָרטיקע בהמות פאַרשטייען טאַקע דידאָזיקע געפאַר, וואָס עס דראָט זיי פון די פליגן. עס טרעפט זיך נעמלעך, אַז ווען אַ גאַנצע סטאַדע אָקסן, ווען זיי דערהערן בשעת דעם טרינקען באַם טייך זייער זומען, פאַלן זיי אַריין אין אַ ווילדן פּחד און צעלויפן זיך אויף אַלע זייטן.

סטאַשס פערד זענען געווען צעביסן; דידאָזיקע פערד, און צוזאַ־

מען מיט זיי אויך דאָס אייזל, האָט קאָלי איצט איינגעריבן יעדן טאָג מיט אַן אומגעהייער שאַרף־ריחדיקן געוויקס, וואָס איז לויטן געדוך ענלעך געווען צו ציבעלעס, וואָס ער האָט אויסגעפונען אין דער דזשונגליע. ער האָט געזאָגט, אַז זייער געדוך פאַרטרייבט די טסע־טסע, אָבער נישט קוקנדיק אויף דעמדאָזיקן קייגנמיטל, זענען די פערד וואָס אַ טאָג מאָגערער געוואָרן. סטאַש האָט מיט שרעק געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין, אויב די פערד וועלן פאַלן? ווי אַזוי וועט ער דעמאָלט פאַרנעמען די זאַכן, נעלן, די קאָלדרעס, דאָס געצעלטל, די לאַדונגען און אַלע כלים? ס'איז אַזוי פיל יעדנפאַלס געווען, אַז נאָר איין קינג וואָלט באַוויזן דאָס אַלץ צו פאַרנעמען. אָבער כדי צו באַפרייען קינגן, האָט מען געדאַרפט מקריב זיין ווייניקסטנס צוויי דריטל פון די קוילן.

וואָס אמאָל האָבן זיך גרעסערע דאגות איבער סטאַשס קאָפּ פאַרזאַמלט, פונקט ווי די וואָלקנס, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט די דזשונגליעס מיט רעגן אָנצוטרינקען. און גאָר צום סוף איז אָנגעקומען דער ג־עסטער קלאַפּ, אקעגן וועלכן אַלע אַנדערע האָבן ווי אַ גאָרנישט אויסגעזעען: — דער פיבער!

XXX.

איינמאָל האָט נעל באַם נאַכטעסן, אויפהייבנדיק אַ שטיקל געריי־כערט פלייש צום מויל, פּלוצלינג עס אָפּגעשאַרט, ווי מיט עקל — און אויסגערופן:

— איך קאָן היינט נישט עסן.

סטאַש, וועלכער האָט זיך נאָך פריער פון קאָלין געהאַט דערוואוסט, וואָס עס געפינען זיך די בינען און איצט האָט ער זיי טאָג־טעגלעך אונטערגערויכערט, כדי באַ זיי צוצורויבן דעם האָניק, איז געווען זיכער, אַז די קליינע האָט אין משך פון טאָג אויפגעגעסן צו פיל האָניק און דעריבער האָט ער נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר מאַגגל אין אַפּעטיט צום עסן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אויפגעשטאַנען און גיך אָנגעהויבן אַרומצוגיין אַרום פייער, מאַכנדיק וואָס אַמאָל גרעסערע רינגען.

— גיי נישט צו ווייט אַוועק, — האָט דאָס יינגל צו איר אויסגע־רופן — וואָרן עס קאָן דיך נאָך עפּעס אויפכאַפּן.

אינדעראמתן אָבער האָט ער פּאַר גאָרנישט קיין מורא געהאַט, מחמת די אָנוועזנהייט פון העלפאַנט, וועלכן די ווילדע חיות האָבן גע־פילט פון זיין טרומייטערן, וואָס איז צו זייערע פּילבאַרע אויערן דער־גאַנגען, האָט זיי געהאַלטן אויף א נישקשהדיקן מרחק. דאָס האָט פּאַרזי־כערט פון אַ געפאַר סיי די מענטשן, סיי די פערד, מחמת די שרעק־לעכסטע רויב־חיות אפילו אין דער דזשונגליע, ווי למשל דער לייב, די פּאַנטערע און לעמפּערט, וואָלטן גלייכער נישט געוואָלט האָבן צו טון מיט קיין העלפאַנט און צו שטאַרק זיך דערנענטערן צו זיינע ציין און צו זיין טראָמבע.

פונדעסטוועגן, ווען דאָס מיידעלע האָט זיך נישט אויפגעהערט אַרומצודרייען וואָס אַמאָל שנעלער, איז סטאַש צו איר צוגעגאַנגען און זיך געפרעגט:

— העי, קליין נאַכט־שמעטערלינגל! וואָס שפּאַנסטו עפּעס אַזוי אַרום פייער?

— געפרעגט האָט ער נאָך גאַנץ פריילעך, אָבער ע׳ האָט זיך שוין באַאומרויקט, און זיין אומרויקייט איז נאָך מער געוואַקסן, ווען נעל האָט אים געענטפערט:

— איך ווייס נישט. איך קאָן נישט איינזיצן אויף קיין אָרט.

— וואָס איז דיר?

— איך בין עפּעס אַזוי נישט מיט אַלעמען און עס איז מיר אַזוי מאָדנע...

און מיטאַמאָל האָט זי אים אָנגעלענט דאָס קעפּל אויף דער ברוסט, און ווי מודה זייענדיק זיך אין איר שולד, האָט זי מיט א הכנעהדיקער, מיט טרערן פאַרשטיקטער שטימע אויסגערופן:

— סטאַש, דאַכט זיך מיר, כ׳בין שלאָף.

— נעל!!

דערנאָך האָט ער איר אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן שטערן, וועל־כער איז געווען טרוקן און גלייכצייטיק אייז־קאַלט. האָט ער זי אַ כאַפּ געטון אויף די הענט און צוגעטראָגן צום פייער.

— עס איז דיר קאַלט? — האָט ער זי אויפן וועג גע־פרעגט.

— ס'איז מיר אי קאַלט, אי הייס, אָבער מער קאַלט...

זי האָט טאַקע באַלד אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט די ציינד־לעך און כסדר אויפגעשוידערט מיט דעם גאַנצן קערפּערל. סטאַש האָט שוין דעם קלענסטן צווייפל נישט געהאַט, אַז זי האָט באַקומען דעם פֿי־בער.

ער האָט תיכּף מעאַן באַפוילן אַריינצופירן זי אין בוים, אויסטון און אַנידערלייגן, און דערנאָך האָט ער זי אַרומגעדעקט מיט וואָס ער האָט באַר געקאָנט. ער האָט געמלעך גע׳עען אין כאַרטום און אין פאַשאָדאַ, אַז מענטשן, וואָס זענען קראַנק געווען אויף פיבער, האָבן זיך אַרומגע־דעקט מיט שעפסן־פעלעכלעך, כּדי צו שוויצן. ער האָט באַשלאָסן אַ גאַנצע נאַכט אָפּצוזיצן לעבן נעלן און געבן איר צו טרינקען הייס וואַסער מיט האָניק. אָבער זי האָט תּחילת נישט געוואָלט טרינקען. באַ דער שיין פון קאַגאַניק, וואָס איז געהאָנגען אינעווייניק אין בוים, האָט סטאַש באַ־מערקט אירע בלישטשענדיקע אָפּלען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אָנגעהויבן קלאָגן אויף היץ, און גלייכצייטיק האָט זי געשוידערט אונטער דער קאָלדרע און אונטער דעם פעל. די הענט און דער שטערן זענען איר כסדר קאַלט געווען, אָבער, ווען סטאַש וואָלט זיך כאָטש עטוואָס געקאָנט אויף די פיבערדיקע אייגבאַפּלען, וואָלט ער פון אירע אויסערגעוויינלעך אומרויקע באַוועגונגען געווען דערקענט, אַז זי מוז האָבן שרעקלעכע היץ.

מיט שטוינען האָט ער באַמערקט, אַז ווען מעאַ איז אַריינגעקומען מיט הייס וואַסער, האָט דאָס מיידעלע געקוקט אויף איר ווי מיט אַ גע־וויסער פאַרוואונדערונג און אפילו מיט מורא, און ס'האָט אויסגעזעען, ווי זי וואָלט זי נישט דערקענט. מיט אים אָבער האָט זי גאַנץ באַוואוסט־זיניק איינגעטענהט. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי קאָן נישט ליגן און אים געבעטן, ער זאָל איר דערלויבן אויפצושטיין און אַרומלויפן, דאָ האָט זי אים ווידער געפרעגט, צי ער איז נישט בייז אויף איר דערפאַר, וואָס זי איז קראַנק, און ווען ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז ניין, האָט זי מיט די אויגן־לעדלעך צוגעדריקט די טרערן, וואָס זענען איר אין די אויגן אַריין אָנגעקומען און זי האָט מבטיח געווען, אַז מאָרגן וועט זי שוין זיין פולקום געזונט.

דעם זעלבן אָוונט, אָדער בעסער געזאָגט, די זעלבע נאַכט, איז דער העלפאַנט עפּעס אויסטערליש אומרויק געווען און ער האָט כסדר גע־ריטשעט, דאָס ווידער האָט סאַבאַן אָנגערעגט צו בילן. סטאַש האָט באַ־

מערקט, אַז דאָס רייצט זייער די קראַקע. איז ער דעריבער אַרויסגעגאַ־
גען פון בוים, כדי זיי צו באַרויקן. מיט סאַבאַן איז אים לייכט אָנגעקו־
מען, אָבער דעם העלפאַנט איז אַ סך שווערער געווען איינצושטילן, האָט
ער דעריבער גענומען עטלעכע מעלאָנען, כדי אים אַריינצוּוואַרפן און
אַזוי אַרום כאַטש אויף אַ געוויסער צייט אים די טראָמבע צו פאַרשטופּן.
אומקערנדיק זיך, האָט ער בײַ דער שיין פון פייער באַמערקט קאַלין,
וועלכער האָט זיך מיט אַ שטיק געוויכערט פלייש דערווייטערט אין דער
ריכטונג צום טייך.

— וואָס טוסטו דאָרט אין ווהין גייסטו? — האָט ער דעם נעגער
געפרעגט.

דאָס שוואַרצע יינגל האָט זיך אָפּגעשטעלט און, ווען סטאַש האָט
זיך צו אים דערנענטערט, האָט ער מיט אַ געהיימנישפולער מינע אויפן
פּנים געענטפערט:

— קאַלי גיין אונטער אַן אַנדערן בוים, אַוועקלייגן דאָס שטיק
פלייש דעם שלעכטן מזימו.

— צוליב וואָס?

— צוליב דעם, אַז דער שלעכטער מזימו נישט דערהרגענען דעם
גוטן מזימו.

סטאַש האָט געוואָלט דערויף עפּעס ענטפערן, נאָר פלוצלינג האָט
אים אָנגעכאַפּט אַ ווייטיק בײַ דער ברוסט, האָט ער נאָר פאַרדריקט די
ציין און אין שטילשווייגן אַוועקגעגאַנגען.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט צום בוים, האָט נעל געהאַלטן
פאַרמאַכט די אויגן; די הענט, וואָס זענען געלעגן איבער דער קאָלדרע,
האָבן איר, וואָס אַן אמת, שטאַרק געציטערט, אָבער ס'האָט זיך אויס־
געוויזן, אַז זי שלאָפט איין. סטאַש האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן איר,
און מורא האָבנדיק, אַז ער זאָל זי נישט איבערוועקן, איז ער אַ געווי־
סע צייט געזעסן אָן שום באַוועגונג. מעאַ, וועלכע איז געזעסן פון דער
אַנדערער זייט, האָט יעדע ווײַלע זיך פאַראַכטן די שטיקלעך העלפאַנט־
ביין, וואָס האָבן געשטעקט אין די אויערן, כדי צו ווערן זיך אויף אַזאַ
אויפן קעגן שלאָף. ס'איז געוואָרן שטיל, נאָר פון אונטן פון טייך, פון
דער אויסגוס־זייט, האָט זיך דערטראָגן דאָס פּלאַפּלען און טרויעריקע
קוואַקען פון די זשאַבעס.

פלוצלינג האָט זיך נעל אויפגעזעצט אויפן געלעגערן.

— סטאַש!

— כ׳בין דאָ, נעל.

און זי האָט, ציטערנדיק ווי אַ בלאַט אויפֿן ווינט, אָנגע־הויבן זוכן זיין האַנט און געשווינד אָנגעהויבן נאָכאַנאַנד איבער־צוחזרן:

— כ׳האָב מורא, כ׳האָב מורא! גיב מיר די האַנט!

— האָב נישט קיין מורא, כ׳בין דאָך דאָ לעבן דיר.

און ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט, וועלכע איז דאָס מאָל געווען צעגליט, ווי אין אַ פֿייער; נישט וויסנדיק אָבער אַליין, וואָס ער האָט צו טון, האָט ער אָנגעהויבן דאָס אויסגעמאָגערטע, אָפּגעצערטע הענטל צו באַדעקן מיט קושן.

— האָב נישט קיין מורא, נעל, האָב נישט קיין מורא!

דערנאָך האָט ער איר געגעבן צו טרינקען וואַסער מיט האָניק, וואָס איז איבער דער צייט אָפּגעקילט געוואָרן. נעל האָט דאָס מאָל גיריק געטרונקען און זי האָט אים צוגעהאַלטן די האַנט מיט דער כּלי, ווען ער האָט זי געפּרוווט פֿון איר מויל אַוועקנעמען. דער קילער געטראַנק האָט זי, ווייזט אויס, באַרויקט.

ס׳איז געוואָרן שטיל. נאָר אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט זיך נעל ווידער אויפֿגעזעצט אויפֿן געלעגער, און אין אירע ברייט־פֿונאַנדערגע־עפֿנטע אויגן האָט מען אַרויסגעזען אַ שרעקלעכן פּחד.

— סטאַש!

— וואָס איז דיר, טייער קינד?

— פֿאַרוואָס — האָט זי געפֿרעגט מיט אַן אָפּגעהאַקטער שטים — דרייען זיך דאָ אַרום געבהר מיט כאַמיסן אַרום בוים און קוקן אַריין צו מיר?

סטאַשן האָט זיך אין איין מאָמענט אויסגעוויזן, אַז אַ שוידער איז אים אַדורך דורכן גאַנצן לייב.

— וואָס רעדסטו? — האָט ער אויסגערופֿן. — דאָ איז קיינער נישטאָ! קאַלי פֿאַרעט זיך דאָס אַרום בוים.

אָבער זי האָט, קוקנדיק אין דער פֿינצטערער עפֿענונג אַריין, אויס־געשריגן, קלאַפּנדיק אַ צאָן אין אַ צאָן:

— די בעדויִנער אויכעט! פֿאַרוואָס האָסטו זיי אויסגעהרגעט?

סטאַש האָט זי אַרומגענומען מיטן אָרעם און צו זיך צוגע־טוליעט:

— דו ווייסט, פאַרוואָס! קוק נישט דאָרט אַהין! טראַכט נישט דערפֿון. דאָס איז דאָך שוין זייער לאַנג.

— היינט! היינט!

— ניין, נעל, ס'איז שוין לאַנג!...

אמת טאַקע, די זאַך איז שוין לאַנג געשעען, אָבער עס האָט זיך אומגעקערט, ווי אַ כוואַליע פֿון ברעג אָפּגעשלאָגן — און מיט אַ פּחד אָנגעפֿילט די רעיונות פֿון דעם קראַנקן קינד.

אַלע באַרויקונגס-רייד האָבן זיך אַרויסגעוויזן בחינם. נעלס אויגן האָבן זיך וואָס אַמאָל ברייטער פֿונאַנדערגעעפֿנט. דאָס האַרץ האָט אַזוי געוואַלטיק געקלאַפּט, אַז ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט, אָט פּלאַצט עס. דערנאָך האָט זי זיך אָנגעהויבן צו וואַרפֿן, ווי אַ פֿיש פֿון וואַסער אַרויסגענומען און דאָס האָט אַזוי געדויערט כמעט ביז אינדערפֿרי. ערשט אַרום פֿאַרטאָג האָבן זי די כּוחות פֿאַרלאָזט און דאָס קעפּל איז איר אויפֿן קישן אַנידערגעפֿאַלן.

— כ'פֿיל מיך נישט גוט! נישט גוט! — האָט זי איבערגעחזרט. — סטאַש, איך פֿלי ערגעץ אין אַ תּהום אַריין.

דערנאָך האָט זי פֿאַרמאַכט די אויגן.

אין דעם ערשטן מאָמענט האָט זיך סטאַש מוראדיק דערשראָקן. ער האָט נעבעך געמיינט, אַז זי איז געשטאָרבן. אָבער דאָס איז נאָר געווען דער סוף פֿון ערשטן פּאַראָקסיזם פֿון דעמדאָזיקן שרעקלעכן אַפֿריקאַנישן פֿיבער, וואָס ווערט אָנגערופֿן אומבערעכנדיקער, ווייל צווייטע אַטאַקעס קאָנען נאָר געזונטע און קרעפֿטיקע מענטשן אויסהאַלטן; דעם דריטן האָט נאָך ביז איצט קיינער נישט איבערגעהאַלטן. די ריינדע פֿלעגן וועגן דעם אָפּט דערציילן אין פּאָרט-סאַיד בײַ הער ראַוולינסאָנען אין הויז. דער צווייטער אַטאַק פֿלעגט אָנקומען אין עטלעכע אָדער אין צען טאָג שפּעטער, דער דריטער אָבער, אויב ער איז נישט געקומען אין משך פֿון צוויי וואָכן, איז ער שוין נישט געווען שטערבלעך, ווייל ער האָט זיך ווייטער גערעכנט, ווי אַן ערשטער, בײַם איבערחזרן זיך פֿון דער קרענק. סטאַש האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די איינציקע רפֿואה, וואָס וואָלט געקאָנט איבעררייסן אָדער דערווייטערן דעם מרחק פֿון די אַטאַקעס, וואָלטן געווען גרויסע דאָזעס כינין, אָבער ער האָט שוין נישט פֿאַרמאָגט קיין איין אַטאָם.

דערווייל אָבער האָט ער, זעענדיק, אַז נעל עטעמט אָפּ, זיך עטוואָס באַרויקט — און ער האָט אָנגעהויבן מתפּלל זיין פֿאַר איר. בינו

לבינו איז די זון פון הינטער די פעלזן פון טאָל אַפּערגעשפּרונגען און ס'איז געוואָרן טאָג. דער העלפאַנט האָט זיך שוין געמאָכט אָנבייסן, און פון דער אויסגוס-זייט, וואָס האָט געשאַפן דעם טייך, האָבן זיך דערהערט געשרייען פון אַלערליי פייגל. ווילנדיק דערהרגענען עטלעכע פאַנטאַרקעס אויף אַ יויכל פאַר נעלס וועגן, האָט דאָס בחורל גענומען די שרויט-ביקס און איז אַוועקגעגאַנגען לענגויס דעם טייך צו דער קעמפּ פון היכע קזשאַקעס, אויף וועלכער די פייגל פלעגן זיך געוויינלעך אויף באַנאַכט באַזעצן. אָבער ער איז אַזוי געווען נישט אויסגעשלאָפן און זיינע געדאַנקען זענען אַזוי פאַרנומען געווען מיט דעם מיידעלעס שלאָפקייט, אַז אַ גאַנצע טשאַטע פאַנטאַרקעס זענען לעבן אים פאַמעלעך אַדורכגעגאַנגען, איינע נאָך דער אַנדערער, איילנדיק צום טייך זיך אָנצוטרינקען און ער האָט זיי לחלוטין נישט באַמערקט. דאָס איז אויך צוליב דעם געשעען, ווייל ער האָט כסדר מתפּלל געווען. ער האָט געטראַכט וועגן דעם דערהרגענען געבהרן, כאַמיסן, די בעדוינער, און אויפהייבנדיק די אויגן אינדערהייך, האָט ער מיט פאַרשטיקטע טרערן אין האַלז געזאָגט: „איך האָב דאָס פאַר נעלן געטון, רבינו של עולם, פאַר נעלן! — וואָרן אַנדערש וואָלט איך זי נישט געקאָנט באַפרייען, אָבער אויב דאָס איז אַ זינד, זאָלסטו מיך באַשטראָפן, אַז זי זאָל געזונט ווערן!...“

אויפן וועג האָט ער באַגעגנט קאַלין, וועלכער איז געגאַנגען באַקוקן, צי דער שלעכטער מזימו האָט אויפגעגעסן דאָס פלייש, וואָס ער האָט אים נעכטן מקריב געווען. דער יונגער נעגער האָט, ליב האָבנדיק די קליינע „ביבי“, תּפילה געטון פאַר איר, אָבער ער האָט אויף אַן אַנדערן מין אופן מתפּלל געווען. ער האָט נעמלעך געזאָגט דעם שלעכטן מזימו, אַז אויב די „ביבי“ וועט געזונט ווערן, וועט ער אים אַלע טאָג ברענגען אַ שטיקל פלייש, אָבער אויב זי וועט שטאַרבן, וועט ער, הגם ער האָט טאַקע מורא פאַר אים און הגם ער ווייסט, אַז ער וועט דערנאָך אומקומען, אַזוי אים די פעל אויסקיילן, אַז דער שלעכטער מזימו וועט אים אויף אייביק האָבן צו געדענקען. ער האָט יעדנפאַלס אָבער באַקומען מוט, מחמת דאָס שטיקל פלייש, וואָס ער האָט נעכטן אַוועקגעלייגט, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. אמת איז, אַז וועלכער ס'איז שאַקאַל האָט עס געקענט אַוועקכאַפּן. עס האָט זיך אָבער אויך דער מזימו געקענט פאַרשטעלן פאַר אַ שאַקאַל.

קאַלי האָט וועגן דעמדאָזיקן גינסטיקן צופאַל דערציילט סטאַשן,

יענער האָט נאָר אויף אים אַ קוק געטון, גלייך ער וואָלט אים נישט פאַרשטאַנען און איז ווייטער געגאַנגען. אויסמיידנדיק די קעמפע קושטשעס, וואו ער האָט קיין פאַנטאַרקעס נישט געפונען, האָט ער זיך דערנענטערט צום טייך. זיינע ברעגן זענען געווען באַוואַקסן מיט הויכע ביימער, פון וועלכע עס זענען אַראָפּגעהאָנגען, ווי לאַנגע זאַקן, נעסטן פון רעמיזן, הערלעכע געלע פייגעלעך מיט שוואַרצע פליגל. ווי אויך נעסטן פון בינען, וואָס זענען ענלעך געווען צו גרויסע רויזן, אָבער די קאָליר איז געווען פון גרויע ביבולקע. אויף איין אָרט האָט דער טייך געשאַפן אַן אויסגוס אויף עטלעכע צענדליקער טריט די ברייט, וואָס איז טיילווייז געווען באַוואַקסן מיט פאַפּירוסן. אויף דעמדאָזיקן אויסגוס האָט שטענדיק געווימלט פון פייגל. דאָרט זענען געווען באָטשאַנעס מיט גרויסע דיקע שנאָבלען, וואָס זענען געווען פאַרענדיקט, ווי אַ האַקן און אויך אַזעלכע, ווי בײַ אונז אין אייראָפּע און סאַמעט-שוואַרצע פייגל מיט בלוט-רויטע פיס — און פלאַמינגען און יביסן און אַזעלכע ווייסע באָטשאַנעס מיט ראָזע פליגל, וואָס זייערע שנאָבלען זענען ענלעך צו לעפל — און זשוראַוון מיט קרוינען אויף די קעפ און אָן אַ שיעור קוליקן, פאַרשידנקאָלירנדיקע און גרויע ווי די מייז, וואָס לויפן גיך הין און צוריק, פונקט ווי קליינטשיקע וואַלד-גייסטער, אויף זייערע לאַנגע, ווי שטרוי דינע פיס.

סטאַש האָט דערהרגעט צוויי גרויסע קאַטשקעס פון הערלעכן צימרינג-קאָליר, און טרעטנדיק איבער די נישט לעבעדיקע ווייסע שמעטערלינגען, וואָס זענען אין די טויזנטער געלעגן בײַם ברעג אויסגעשפרייט, האָט ער זיך פריער גוט אומגעקוקט, צי געפינט זיך נישט אויף דעם פייכטן זאַמד קיין קראָקאָדילן, דערנאָך איז ער אַריבערגעגאַנגען דאָס וואַסער און אויפגעהויבן דעם פאַנג. דער שאָס האָט ווירקלעך פונאַנדערגעיאָגט די פייגל; עס זענען נאָר איבערגעבליבן צוויי מאַראַבוטן, וואָס זענען געשטאַנען אַ צענדליק טריט ווייטער פאַרטראַכט בײַם וואַסער, זיי זענען ענלעך געווען צו צוויי אַלטע לייט מיט ליסע, אַריינגעדריקטע קעפ צווישן די אָרעמס. זיי האָבן זיך לחלוטין נישט קיין ריר געטון. דאָס בחורל האָט אַ ווײַלע אַ קוק געטון אויף זייערע עקלדיקע פליישזעק, וואָס זענען זיי בײַ דער ברוסט אַראָפּגעהאָנגען, און דערנאָך האָט ער, באַמערקנדיק, אַז די בינען הייבן אָן וואָס אַמאָל געדיכטער לעבן אים אַרומצוקרייזן, זיך אומגעקערט אין לאַגער אַריין.

נעל איז נאָך געשלאָפן, דעריבער האָט ער, פריער איבערגעבנדיק מעאן די קאַטשקעס זיך אויך אַ וואָרף געטון אויף דער קאָלדרע און תיכף ווי אַ שטיין איינגעשלאָפן.

ער האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט נאָך מיטאָג, — ער פריער, נעל שפּעטער. דאָס מיידעלע האָט זיך געפילט עטוואָס קרעפּטיקער, און ווען די געדיכטע און שטאַרקע זופּ האָבן נאָך געשטאַרקט אירע כּוחות, איז זי אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען פון בוים, ווערנדיק אַ קוק טון אויף קינגן און אויף דער זון.

אָבער איצט, בײַ דעם ליכט פון טאָג, האָט מען ערשט דייטלעך געקאָנט זען, וואָס פאַר חורבן די איינע נאַכט היץ האָט אין איר געמאַכט. די פאַרב פון פּנים איז געווען געל און דורכזיכטיק, די ליפּן שוואַרץ, די אויגן אונטערגעהאַקט און דאָס פּנימל איז ווי פאַרעלטערט געוואָרן. אפילו די אַפּלען פון די אויגן האָבן אויסגעזען בלאַסער, ווי געוויינלעך. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז טראָץ די פאַרזיכערונגען, וואָס זי האָט סטאַשן געגעבן, אַז זי פילט זיך גענוג שטאַרק — און טראָץ דעם שפּאָרן טעפּעלע יויך, וואָס זי האָט תיכף נאָכן אויפקומען אויסגעטרונקען, האָט זי קוים געקאָנט מיט אירע אייגענע כּוחות צוגיין צום טאָל. סטאַש האָט מיט פאַרצווייפלונג געטראַכט וועגן צווייטן אַטאַק און אויך וועגן דעם, וואָס ער פאַרמאָגט נישט קיין רפואות, נישט קיין שום מיטלען, מיט וועלכע ער וואָלט דאָס געקאָנט פאַרהיטן.

בינו לבינו האָט דער רעגן צו צענדלינג מאָל אין טאָג די ערד באַגאָסן, פאַרגרעסערנדיק די פייכקייט פון דער לופט.

# XXXI.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע טעג, פֿול מיט שרעקלעכער דערוואַרטונג. דער צווייטער אַטאַק איז ערשט געקומען אין אַ וואָך אַרום — און ער איז נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי דער ערשטער, אָבער נעל האָט זיך דערפֿילט נאָך אים אַ סך שוואַכער. זי איז דאַר געוואָרן און אָפּגעצערט אויף אַזאַ שטופֿע, אַז דאָס איז שוין נישט געווען קיין מיידל, נאָר אַ שאָטן פֿון אַ מיידל. דאָס פֿלעמעלע פֿון איר לעבן האָט אַזוי שוואַך געטליעט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, עס איז גענוג אַ בלאָז צו טון, כּדי עס צו פֿאַרלעשן. סטאַש האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער טויט דאַרף נישט וואַרטן אויפֿן דריטן אַטאַק, כּדי זי צוצונעמען — און ער האָט אים אָפּגעוואַרט אַ ליאַדע טאָג, אַ ליאַדע שעה.

ער איז אַליין אויך אויסגעדאַרט געוואָרן און שוואַרץ, ווייל דאָס אומגליק איז געווען איבער די כּוחות און איבערן פֿאַרשטאַנד. דעריבער האָט ער, קוקנדיק אויף איר וואַקס־פּנימל, אַלע טאָג צו זיך אַליין געזאָגט: „דערויף האָב איך זי געהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, כּדי זי זאָל קיבר צו זיין אין דער דזשונגליע?“ — און ער האָט לחלוטין נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין. טיילמאָל ווידער האָט ער זיך פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז ער האָט זי נאָך נישט גענוג אָפּגעהיטן, אַז ער איז נישט גענוג גוט געווען צו איר, און דעמאָלט האָט אים אַזאַ ווייטיק באַם האַרץ אָנגעכאַפּט, אַז ער האָט זיינע אייגענע פֿינגער געוואָלט בייסן. דאָס אומגליק איז שוין איבער די כּוחות געווען.

נעל איז איצט כּמעט אָן אויפֿהער געשלאָפֿן און ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס האָט זי באַם לעבן דערהאַלטן. סטאַש האָט זי אָבער צו עטלעכע מאָל אין טאָג איבערגעוועקט, כּדי זי צו קרעפּטיקן. דעמאָלט האָט זי אים, אויב ס'האָט נאָר נישט גערעגנט, געבעטן, אַז ער זאָל זי אַרויסטראָגן אויף דער לופֿט, וואָרים זי האָט זיך שוין נישט געקאָנט אויף די אייגענע פֿיס האַלטן. דאָך פֿלעגט זיך אויך טרעפֿן, אַז זי איז

אפילו איינגעשלאָפן אויף זיינע הענט. זי האָט שוין געוואוסט, אַז זי איז זייער שלאַף, און אַז זי קאָן אַ ליאַדע טאָג אָפּשטאַרבן. אין מאָ־מענטן, ווען זי פלעגט מער הייטער זיין, פלעגט זי דערפון רעדן מיט סטאַשן, און שטענדיק מיט געוויין, מחמת זי האָט מורא געהאַט פאַרן טויט.

— איך וועל שוין נישט אַהיימקומען צום טאַטעשי, — האָט זי איינמאָל געזאָגט — אָבער דו זאָג דעם טאַטעשי, אַז ס׳איז מיר אַזאַ שאָד געווען — און בעט אים, אַז ער זאָל דאָ קומען צו מיר צו פאָרן...

— וועסט אַהיימקומען — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט.

און מער האָט ער גאָרנישט געקענט זאָגן, וואָרן ער האָט זיך שיער נישט צעיאָמערט.

און נעל האָט ווייטער גערעדט, קוים וואָס מ׳האָט איר שטימע געהערט:

— דער טאַטעשי וועט קומען און דו וועסט אויך אַמאָל קומען... אמת?

בּאַ דעם געדאַנק האָט אַ שמייכל איר אָפּגעצערט פּנימל צע־שטראַלט, נאָך אַ ווײַלע האָט זי זיך אָבער ווידער אָנגערופן, נאָך שטי־לער:

— אָבער ס׳איז מיר אַזאַ שאָד...

דאָס זאָגנדיק, האָט זי אים אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אויפן אָרעם און אָנגעהויבן וויינען. ער האָט אָבער גובר געווען זיין אייגענע ווייטיק, צוגעטוליעט זי צו דער ברוסט און מונטער אָפּגעענטפערט:

— נעל, אָן דיר וועל איך מיך נישט צוריקקערן און... און כ׳וויים לחלוטין נישט, וואָס כ׳וואָלט אָן דיר אויף דער וועלט געטון.

ס׳איז געוואָרן שטיל, דערווײַל איז נעל ווידער איינגעשלאָפן. סטאַש האָט זי אָוועקגעטראָגן אין בוים אריין, אָבער קוים ער האָט נאָר באַוויזן אַרויסצוגיין, ווי קאַלי איז אָנגעקומען צו לויפן פון שפּיץ באַרג, און מאַכנדיק מיט די הענט, האָט ער אָנגעהויבן צו רופן, מיט אַן אויפ־געגעגט און איבערגעשראָקן פּנים:

— גרויסער האַר! גרויסער האַר!

— וואָס ווילסטו? — האָט סטאַש געפרעגט.

און דער נעגער האָט אויסגעצויגן די האַנט, און אָנווייזנדיק אויף דרום, האָט ער אויסגערופן:

— אַ רויך!

סטאַש האָט אויפגעהויבן די האַנט פאַר די אויגן, און אָנשטרענ־
גענדיק דעם בליק אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג, האָט ער באַ דער
רויטער שיין פון דער אונטערגייענדיקער זון,ווירקלעך דערזען אַ זייל
רויך, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן ווייט אויף די דזשונגליע, צווישן די
שפּיצן פון נאָך ווייטערע צוויי זייער הויכע בערג.

קאַלי האָט אינגאַנצן געציטערט, מחמת ער האָט גאַנץ גוט גע־
דענקט דאָס שרעקלעכע געפאַנגענשאַפט באַ די דערווישן. ער איז געמ־
לעך געווען זיכער, אַז דאָס איז זייערס אַ לאַגער. סטאַשן האָט זיך אויך
אויסגעוויזן, אַז דאָס קאָן נישט זיין עמעץ אַנדערש, ווי נאָר סאַמין און
אין ערשטן מאָמענט האָט ער זיך אויך מוראדיק דערשראָקן. נאָך דאָס
האָט צוגעפּעלט ! צו נעלס שטערבלעכע שלאָפקייט — נאַדיר גאָר דער־
ווישן ! און ווידער געפאַנגענשאַפט און ווידער זיך אומקערן קיין פאַשאָדאַ,
אָדער גאָר קיין כאַרטום, אונטער מאַהדיס האַנט, אָדער אונטער אַבדולאַ־
היס בייטש. אויב זיי וועלן זיי כאַפּן, וועט נעל אין ערשטן טאָג
שטאַרבן, און ער וועט דאָס איבעריקע לעבן בלייבן אַ שקלאַף. און אויב
ער זאָל אפילו וועץ עס איז אַנטלויפן, צו וואָס טויג אים דאָס לעבן,
וואָס טויג אים די פרייהייט אָן נעלן ? ווי אַזוי וואָלט ער געקאָנט קוקן
דעם פאָטער אין די אויגן אַריין, אָדער דעם הער ראַוולינסאָן, ווען די
דערווישן זאָלן זי נאָכן טויט פאַר די היענעס אַרויסוואַרפן. ער וואָלט
זיי אפילו נישט געוואוסט צו זאָגן, וואו איר קבר געפינט זיך.

אַזעלכע געדאַנקען זענען אים דורכגעפלויגן, ווי די בליצן, דורכן
קאָפּ. פּלוצלינג האָט ער דערפילט אַן אומבאַזיגבאַרן חשק אַ קוק צו טון
אויף נעלן און ער האָט זיך געלאָזט גיין צום בוים. אויפן וועג האָט ער
אָנגעזאָגט קאַלין, אַז ער זאָל פאַרלעשן דאָס פייער און ער זאָל נישט
דערוועגן צו ברענגען באַנאַכט, דערנאָך איז ער אינעווייניק אַריינגע־
גאַנגען.

נעל איז נישט געשלאָפן און זי האָט זיך בעסער געפילט. זי האָט
זיך באַלד געטיילט מיט דערדאָזיקער ידיעה מיט סטאַשן. סאַבאַ איז גע־
לעגן לעבן איר און זי דערוואַרעמט מיט זיין אומגעהייערן קערפּער, און
זי האָט אים לייכט געגלעט איבערן קאָפּ, שמייכלענדיק. ווען ער האָט
מיטן פּיסק געכאַפּט די קוים אָנזעבאַרע שטויבעלעך, וואָס האָבן זיך
געדרייט אין דעם ליכטיקן שטרייף, וואָס די לעצטע שטראַלן פון דער
אונטערגייענדיקער זון האָבן אין בוים געשאַפן. זי איז משמעות געווען

גוט געשטימט, וואָרן אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אָנגערופן צו סטאַשן מיט אַ לעבעדיקער מינע:

— און אפשר וועל איך נישט שטאַרבן?

— ווייסט זיכער נישט שטאַרבן — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט. — דערווײַל דו פילסט דיך נאָכן צווייטן אַטאַק קרעפטיקער, וועט שוין דער דריטער לחלוטין נישט קומען.

זי האָט עפּעס אָנגעהויבן צו באַוועגן מיט די אויגנלעדלעך, ווי זי וואָלט זיך פאַרטראַכט איבער עפּעס — און זי האָט אויס־געגרופן:

— ווען איך וואָלט געהאַט אַזאַ ביטערן פּראָשעק, וואָס האָט מיר אַזוי גוט געהאָלפן נאָך יענער נאַכט מיט די לייבן, — געדענקסט? — וואָלט איך קיין רגע אפילו נישט געטראַכט צו שטאַרבן, קיין האָר נישט!

און זי האָט געוויזן אויפן פינגערל, ווי ווייניק גרייט זי וואָלט דעמאָלט אויפן טויט געווען.

— אַך! — האָט זיך סטאַש אָפּגערופן — כ׳וואָלט כ׳ווייס נישט וואָס אָפּגעגעבן פאַר אַ נויקעצל כינין.

ער האָט געטראַכט, ווען ער וואָלט נאָר פאַרמאָגט אין אַ גענוגנ־דער מאָס כינין, וואָלט ער נעלן מכבד געווען אַזש מיט צוויי פּראָשקעס אויף אַמאָל, און דערנאָך וואָלט ער זי אַרומגעהילט מיטן פּלעד, אַנ־ידערגעזעצט לעבן זיך אויפן פערד — און וואָלט זיך תיכּף אַוועקגע־לאָזט אין דער קעגנזייטיקער ריכטונג פון יענער, וואו דער לאַגער פון די דערווישן האָט זיך געפונען.

דערווײַל איז די זון אונטערגעגאַנגען און די דזשונגליע איז פּלוצלינג פאַרזונקען געוואָרן אין אַ פינצטערניש.

דאָס מיידעלע האָט נאָך אַזוי אײַנגעטעטנהט איבער אַ האַלבע שעה, דערנאָך איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן, און סטאַש האָט ווײַטער געטראַכט וועגן די דערווישן און וועגן דער כינין. זײַן פאַרדאגהטער, אָבער אומ־געווײַנלעך־ספּריטנער קאָפּ האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן און שאַפן פּלע־נער, אײַנער דרייסטער און חוצפּהדיקער פון אַנדערן. קודם כּל האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן איבער דעם, צי דערדאָזיקער רויך אויף דרום־זייט שטאַמט ווירקלעך פון סמאַינס לאַגער. דאָס האָבן טאַקע געקאָנט זײַן דערווישן, אָבער דאָס האָבן אויך געקאָנט זײַן אַראַבער פון לעבן די ברעגן באַם אָקעאַן, וועלכע האָבן געמאַכט גרויסע אויספלוגן אין דער

טיף פון לאַנד נאָך העלפאַנט-ביין און נאָך שקלאַפן. דידאָזיקע האָבן קיין שום געמיינזאַמס נישט געהאַט מיט די דערווישן, וועלכע האָבן זיי קאַליע געמאַכט דעם האַנדל. דאָס האָט אויך געקאָנט זיין אַ לאַגער פון אַביסיניער, אָדער עפּעס אַ הינטערבערגיק נעגעריש דערפל, צו וועלכן די כאַפּערס האָבן נאָך נישט דערגרייט. צי וואָלט זיך נישט געלוינט געוואויר צו ווערן וועגן דעם?

די אַראַבער פון זאַנזיבאַר, פון די געגנטן פון באַגאַמאָיאָ, פון וויט און מאָמבאַסאַ, און בכלל פון די ברעגן באַם אָקעאַן, דאָס זענען אַלץ געווען אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן זיך כסדר באַגעגנט מיט ווייסע, דעריבער ווער ווייסט, צי זיי וואָלטן נישט פאַר אַ גרויסער באַלוינונג זיך אונטערגענומען זיי ביידע אַפּצופירן צו וועלכן ס'איז נאָענטן פּאָרט. סטאַש האָט אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז ער קאָן צוזאָגן אַזאַ באַלוינונג און אַז זיי וועלן גלייבן אין זיין צוזאָג. ס'איז אים אויך איינגעפאַלן נאָך אַן אַנדערער געדאַנק, וואָס האָט אים ביז אין דער טיפעניש גערירט. ער האָט נעמלעך געוואוסט, אַז אין כאַרטום זענען אַ סך דערווישן, באַזונדערס אין נוביען, קראַנק געווען צוגלייך מיט די ווייסע אויף פיבער — און דידאָזיקע האָבן זיך געהיילט מיט כינין, וואָס זיי האָבן צוגערויבט באַ די אייראָפּעער, אָדער אָפּגעקויפט פאַר גאָלד באַ די רענעגאַטן — די גרעקן אָדער קאָפּטן. דעריבער האָט מען זיך געקאָנט ריכטן, אַז די אַראַבער פון לעבן אָקעאַן וועלן דאָס אויך זיכער האָבן.

— כ'וועל גיין, — האָט סטאַש באַ זיך באַשלאָסן — כ'וועל גיין פאַר נעלן.

און, פאַרטראַכטנדיק זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער איבער דער לאגע, איז ער ענדלעך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ווען דאָס וואָלט אַפילו געווען סמאַינס אָפּטיילונג, וואָלט ער אויך געדאַרפן גיין. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז צוליב דעם פולשטענדיקן איבעררייסן די באַציונגען צווישן עגיפּט און סודאַן ווייסט מסתמא סמאַין לחלוטין נישט וועגן זייער אויפכאַפּן אין פאַיום. פאַטמאַ האָט זיך נישט געקענט האָבן מיט זיי פאַרשטענדיקט, דאָס אויפכאַפּן איז אַלזאָ נאָר געווען איר אייגענער איינפאַל, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון כאַמיסן, טשאַדיגיס זון, ווי אויך פון געבהרן, אידריסן און די צוויי בעדוינער. דידאָזיקע מענטשן, פאַרשטייט זיך, זענען סמאַינען גאָרנישט אָנגעגאַנגען, פשוט צוליב דעם, ווייל ער האָט נאָר צווישן זיי געקענט איין כאַמיסן, און וועגן יענע האָט ער קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געהערט. בלויז זיינע אייגענע קינדער

מיט פאַטמאַן זענען אים אָנגעגאַנגען. אָבער דאָס איז טאַקע גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט זיך שוין פאַרבענקט אָן זיי און וואָלט זיך זייער גערן געוואָלט צו זיי אומקערן, בפרט, אויב דאָס דינען בא מאַהדין איז אים שוין פאַרמיאוסט געוואָרן. בא מאַהדין האָט ער משמעות קיין גרויסע גליקן נישט געמאַכט, ווי באַלד ער האָט, אָנשטאָט אָנצופירן מיט ריזיקע מיליטער־מחנות, אָדער צו רעגירן מיט אַ רחבותדיק לאַנד, געמוזט גאָר כאַפּן שקלאַפן אַזש ווער ווייסט דאָרט ווי ווייט פון פאַשאָדאַ. — „איך וועל אים אַזוי זאָגן:" — האָט סטאַש געטראַכט — „אויב וועסט אונז אָפּפירן צו וועלכן ס'איז פאָרט לעבן אינדישן אָקעאַן און וועסט זיך אומקערן מיט אונז קיין עגיפּטן, וועט די רעגירונג דיר מוחל זיין אַלע חטאים, וועסט דיך פאַרייניקן מיט פאַטמאַן און מיט די קינדער, און אַ חוץ דעם וועט דיך הער ראָווליסאָן מאַכן פאַר אַן עושר; אויב אָבער נישט, וועסטו די קינדער מיט פאַטמאַן קיינמאָל אין לעבן מער שוין נישט אָנזען".

און ער איז זיכער געווען, אַז סמאַין וועט זיך גוט פריער מישב זיין, איידער ער וועט אַזאַ אָפּמאַך אָפּוואַרפן.

און באמת, איז דאָס אַלץ נישט געווען אַזוי זיכער, ס'האָט זיך געקאָנט אפילו אויסווייזן פאַר זייער געפערלעך, אָבער ס'האָט גלייכצייטיק אויך געקאָנט זיין די שטרוי, וואָס מ'האָט זיך געקאָנט אָן איר אָנכאַפּן און ניצול ווערן פון דערדאָזיקער אַפריקאַנער טיפעניש. סטאַש האָט זיך צום סוף אָנגעהויבן וואונדערן, פאַרוואָס האָט אים תחילת די מעגלעכקייט זיך צו באַגעגענען מיט סמאַינען אַזוי איבערגעשראָקן — און ווייל עס איז געגאַנגען דערין, וואָס גיכער נעלן צו ראַטעווען, האָט ער באַשלאָסן נאָך היינטיקע נאַכט צו גיין.

ס'איז אָבער אַ סך לייכטער געווען צו זאָגן, ווי אויסצופירן. גאַנץ עפּעס אַנדערש איז צו זיצן באַנאַכט אין דער דזשונגליע לעבן אַ גוט פייער, הינטער אַ שטעכיקער זעריבאַ, און עפּעס אַנדערש איז צו לאָזן זיך אין אַזאַ פינצטערניש צווישן די הויכע גראָזן, וואו עס לאָקערט אין דער צייט דער לייב, די פּאַנטערע און דער לעמפּערט, שוין נישט רעדנדיק וועגן קיין היענעס און שאַקאַלן. דאָס בחורל האָט זיך אָבער דערמאַנט אָן די רייד פון דעם יינגן נעגער, דעמאָלט, ווען יענער האָט זיך אַוועקגעלאָזט באַנאַכט זוכן סאַבאַן און אומקערנדיק זיך מיט אים, האָט ער געזאָגט · „קאַלי מורא האָבן, אָבער גיין". און דאָס זעלבע האָט ער זיך איצט איבערגעחזרט: „כ'וועל מורא האָבן, אָבער כ'וועל גיין".

ער האָט פונדעסטוועגן געוואַרט די לבנה זאָל אויפגיין, וואָרן עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך פינצטערע נאַכט, און ערשט דעמאָלט, ווען די דזשונגליע איז באַזילבערט געוואָרן פון איר גלאַנץ, האָט ער צוגערופן קאַלין און אויסגערופן:

— קאַלי, נעם צוויין סאַבאַן אין בוים, פאַרשטעק דעם איינגאַנג מיט דערנער און היט מיר אָפּ מיט מעאַן די פריילין, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, און איך וועל גיין זען, וואָס פאַר אַ מענטשן דאָס זענען עס אין דעם לאַגער.

— דער גרויסער האַר מיטנעמען מיט זיך קאַלין און די ביקס, וואָס דערהרגעט די בייזע חיות. קאַלי נישט איבערבלייבן!

— וועסט יאָ איבערבלייבן! — האָט סטאַש אַנטשלאָסן אויסגערופן — און כ'פּאַרווער דיר מיטצוגיין מיט מיר.

נאָכדעם איז ער אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, און דערנאָך האָט ער זיך מיט עטוואָס אַ טעמפּער שטימע אָנגערופן:

— קאַלי, דו ביסט געטריי און קלוג, דעריבער געטרוי איך דיר, אַז דו וועסט דערפילן אַלץ, וואָס איך וועל דיר זאָגן: אין פאַל, ווען איך זאָל נישט צוריקקומען, און די פריילין וועט שטאַרבן, זאָלסטו זי איבערלאָזן אין בוים, אָבער אַרום בוים זאָלסטו אויפשטעלן אַ הויכע זעריבאַ, און אויף דער קאָרע זאָלסטו אויסשניידן עפּעס אַ צייכן.

דערנאָך האָט ער ווייטער אַזוי געזאָגט:

— אויב אָבער די „ביבי" וועט נישט שטאַרבן, אָבער איך וועל מיך נישט אומקערן, זאָלסטו זי ערלעך האַלטן אין געטרייע דינען, און דערנאָך זאָלסטו זי אַוועקפירן צו דיין פאָלק און זאָלסט זאָגן די קריגס־לייט פון וואַ־הימאַ, אַז זיי זאָלן מיט איר כסדר גיין אויף מזרח־זייט, אַזש ביז דעם גרויסן ים. דאָרטן וועסטו באַגעגענען ווייסע מענטשן, וועלכע וועלן אייך געבן אַ סך ביקסן, פולווער, פאַטשערקעס, דראָט און אַזוי פיל לייוונט, וויפיל איר וועט נאָר קאָנען פאַרנעמען. האָסט פאַרשטאַנען?

דער ייִנגער נעגער אָבער האָט זיך אַ וואָרף געטון פאַר אים אויף די קניען, אַרומגענומען זיינע פיס און יעמערלעך אָנגעהויבן נאָכאַנאַנד איבערצוחזרן:

— אָ בוואַנאַ קובוואַ! זיך אומקערן, אומקערן, אומקערן!

סטאַשן האָט גערירט דידאָזיקע צוגעבונדנקייט פון דעם שוואַרצן

יינגל, האָט ער זיך דעריבער איינגעבויגן, אַנידערגעלייגט אים די האַנט אויפן קאָפּ און אויסגערופן:

— גיי צום בוים, קאַלי און... זאָל דיך גאָט בענטשן.

איבערבלייבנדיק אַליין, האָט ער זיך נאָך אַ ווײַלע מיישב געווען, צי זאָל ער נישט מיטנעמען מיט זיך דאָס אייזל. דאָס איז געווען זיכער, מחמת די לייבן אין אַפריקע, דעסגלייכן אויך די טיגריסן אין אינדיען, בשעת זיי טרעפן אָן אויף אַ מענטש, וועלכער רייט אויף אַ פערד אָדער אויף אַן אייזל, וואַרפן זיך שטענדיק פריער אויף דער חיה, נישט אויפן מענטש. אָבער ער האָט זיך אַליין געשטעלט די פראַגע, ווערזשע וועט אין אַזאַ פאַל טראָגן נעלס געצעלט און אויף וואָס וועט זי אַליין פאָרן? נאָך דערדאָזיקער באַמערקונג האָט ער תיכּף אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק מיטצונעמען מיט זיך דאָס אייזל און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צופוס אין דער דזשונגליע אַרײַן.

די לבנה איז נאָך העכער אויפן הימל אַרויפגעשוואומען, ס'איז דעריבער אַ סך ליכטיקער געוואָרן. דאָך האָבן זיך די שווערקייטן באַלד אָנגעהויבן, ווי נאָר דאָס בחורל האָט זיך פאַרזונקען אין די גראָזן, וואָס זענען שוין אַזוי הויך געהאַט אויפגעוואַקסן, אַז אפילו אַ מענטש אויף אַ פערד וואָלט זיך לייכט אין זיי געקאָנט באַהאַלטן. אפילו באַטאָג האָט מען אויף קיין טריט ווייטער גאָרנישט געקאָנט זען, מכּל שכּן נאָך באַנאַכט, ווען די לבנה האָט נאָר זייערע שפּיצן באַלויכטן, און אונטן איז אַלץ פאַרזונקען געווען אין אַ טיפן שאָטן. אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן מען לייכט פון וועג אַראָפּבלאָנדזשען און האַלטן אין איין אַרומגיין אויף איין אָרט, אָנשטאָט זיך צו רוקן פאָרויס. סטאַש האָט אָבער צוגעגעבן מוט דערדאָזיקער געדאַנק, אַז ראשית, איז דער לאַגער, צו וועלכן ער איז געגאַנגען, געווען אויף אַ מרחק פון דעם באַרג־שפּיץ סך הכּל באַ דריי אָדער פיר ענגלישע מייל, והשנית, וואָס דער רויך האָט זיך באַוויזן צווישן די שפּיצן פון די צוויי הויכע בערג, — דעריבער האָט מען, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון אויג די בערג, בשום אופן נישט געקאָנט פאַרבלאָנדזשען. אָבער די גראָזן, מימאָזן און אַקאַציעס האָבן אַלץ פאַרשטעלט. צום גליק, האָבן זיך יעדע עטלעכע צענדלינג טריט אויפגעהויבן טערמיטן־הויפנס, וואָס זענען טיילמאָל הויך געווען באַ אַ צענדלינג פוס. סטאַש האָט פאַרזיכטיק אַנידערגעשטעלט די ביקס באַ יעדן בערגל, דערנאָך האָט ער אַרויפגעקלעטערט אויף זיין שפּיץ — און, דערזעענדיק די

בערג, וואָס האָבן זיך שוואַרץ געצייכנט אויפן פאָן פון הימל, איז ער אַראָפּגעקראָכן און ווייטער געגאַנגען.

אַ פּחד האָט אים נאָר צערומגענומען באַם געדאַנק, וואָס וועט זיין, אויב די וואָלקנס וועלן פאַרשטעלן די לבנה מיטן הימל, וואָרן דעמאָלט וואָלט ער זיך דאָך געפונען, ווי אונטער אַן אונטערערדישער הייל. אָבער נישט בלויז דאָס איז געווען די איינציקע געפאַר. אין דער דזשונגליע באַנאַכט, ווען מען הערט אין דער שטילקייט יעדן אָפּקלאַנג, איטלעכן טריט און יעדן קלענסטן גערויש, וואָס עס טוען די אינזעקטן וועלכע קריכן איבער די גראָזן, פאַלט פּשוט אָן אַן אימה. אַ פּחד און שרעק טראָגט זיך איבער איר. סטאַש האָט אויף אַלץ געמוזט אַכטונג געבן, זיך איינהערן, וואַכזאַם זיין, אומקוקן זיך אויף אַלע זייטן, האַלטן דעם קאָפּ ווי אויף שרויפן, און די ביקס יעדע רגע גרייט צום שיסן. יעדע ווייַלע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עפּעס וואָס דערנענטערט זיך, גנבעט זיך אונטער, צייעט זיך צו. טייל מאָל ווידער האָט ער געהערט, ווי די גראָזן באַוועגן זיך און פליִצלינגע שנעלע טריט פון אַנטלויפנדיקע חיות. ער האָט פאַרשטאַנען דעמאָלט, אַז ער האָט איבערגעשראָקן אַ מחנה אַנטילאָפּן, וועלכע שלאָפן, טראָץ דער פונאַנדערגעשטעלטער וואַך, זייער וואַכזאַם, זיי ווייסן, אַז נישט איין שרעקלעכער געלעריעגער לאַקערט אויף זיי אין דער פינצטערניש אין דער צייט. אָבער אָט שוואַרצט זיך עפּעס אַ גרויסע זאַך אונטער די שירעם-אַרטיקע אַקאַציעס. אפשר איז דאָס אַ פעלז און אפשר גאָר אַ נאָזהאָרן אָדער אַ בופלאָקס, וועלכער וועט, דערשמעקנדיק אַ מענטש, זיך באַלד אויפכאַפּן פון דרימל און זיך תיכף וואַרפן אויף אַן אַטאַקע. דאָרט ווידער נאָכן שוואַרצן קושאַק זעט מען צוויי בלישטשענדיקע פינטעלעך. העי! די ביקס צום פּנים! דאָס איז אַ לייב! ניין! ... אַן אומזיסטע שרעק! דאָס זענען לייכטפליגעלעך, וואָרן איין פליגעלע הייבט זיך אויף אינדערהייך און פליט איבער די גראָזן, ווי אַ קרום אַראָפּפאַלנדיק שטערנדל. סטאַש פלעגט אַלע מאָל אַרויפקריכן אויף אַ טערמיטן-בערגל, נישט שטענדיק צוליב דעם, כדי איבערצוצייגן זיך, צי ער גייט אין אַ גוטער ריכטונג, נאָר אויך צוליב דעם, כדי אָפּצווישן דעם קאַלטן שוויס פון שטערן, אָפּצוטעמען און איבערצוּוואַרטן, ביז וואַנען דאָס האַרץ, וואָס האָט צו שטאַרק געקלאַפּט, זאָל זיך באַרויקן. דערביי איז ער שוין אַזוי מיד געווען, אַז ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן.

אָבער ער איז כסדר געגאַנגען פאָרויס, מיט דעם געדאַנק, אַז אַזוי

דאַרף מען טון, כדי אָפּצוראַטעווען נעלן. נאָך צוויי שעה איז ער אַרויפֿגעקומען אויף אַ באָדן, וואָס איז געדיכט באַזייעט געווען מיט שטיינער, וואו די גראָזן זענען געווען אַ סך נידעריקער און ס'איז געווען באַדייטנד ליכטיקער. די צוויי אויפשטייגנדיקע בערג האָבן זיך אַלציינס געצייכנט אויף דעם זעלבן ווייטן מרחק, ווי פריער; דאַקעגן אָבער האָט זיך אין דער ברייט געצויגן אַן אָפּגעהאַקט שטיק פעלז, נאָך וועלכן עס איז אויפגעשטיגן אַ צווייטער, נאָך אַ העכערער, ביידע האָבן אָבער, משמעות, אַרומגערינגלט אַ טאָל, אָדער אַ ברייטן גרוב, ענלעך צו דעם, אין וועלכן קינג איז געווען איינגעשלאָסן.

פלוצלינג האָט ער, אויף אַ מרחק פון דריי אָדער פיר הונדערט טריט אויף רעכטס, דערזעען אויף דער פעלזן-וואַנט אַ ראָזן אָפּגלאַנץ פון אַ פלאַם.

און ער איז שטיין געבליבן. דאָס האַרץ האָט אים ווידער אַזוי אָנגעהויבן קלאַפּן, אַז ער האָט עס כמעט געהערט אין דערדאָזיקער שטילקייט פון באַנאַכט. וועמען וועט ער אונטן דערזעען? צי אַראַבער פון די מזרח-בערגן? צי סמאַינס דערווישן, צי גאָר ווילדע נעגערן, וועלכע האָבן, פאַרלאָזנדיק זייערע וואוין-ערטער, זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דערווישן צווישן די נישט צוטריטלעכע באַרג-געוויקסן? צי וועט ער געפינען דאָ דעם טויט, אָדער געפאַנגענשאַפט, צי גאָר אַ רעטונג פאַר נעלן?

מ'האָט זיך געדאַרפן דערין איבערצייגן. צוריקציִען זיך האָט ער שוין נישט געקאָנט און נישט געוואָלט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָנגעהויבן אונטערגנבענען אין דער ריכטונג צום פייער, גייענדיק ווי צום שטילסטן און איינהאַלטנדיק דעם אָטעם אין דער ברוסט. אָפּגייענדיק אַזוי אַן ערך פון הונדערט טריט, האָט ער אומגעריכט דערהערט פון דער זייט פון דער דזשונגליע אַ פאָרכקען פון פערד — און ער איז ווידער שטיין געבליבן.

בײַ דער לבנה-שײַן האָט ער אָפּגעציילט פינף שטיק. ווי פאַר דערווישן וואָלטן דאָס געווען ווייניק, אָבער ער האָט זיך משער געווען, אַז די איבעריקע זענען אפשר באַהאַלטן אין די הויכע גראָזן. ס'האָט אים נאָר דאָס געוואונדערט, וואָס עס געפינט זיך נישט לעבן זיי קיין שום וואַך, וואָס די וואַך-לייט ברענען נישט קיין פייערן אויפן באַרג אויף אָפּצושרעקן די ווילדע חיות. אָבער ער האָט געדאַנקט גאָט דער-

פיר, וואָס עס איז אַזוי געווען, וואָרן אַזוי אַרום האָט ער זיך אומבאַמערקט געקאָנט רוקן פאָרויס.

דער בליאַק אויף די פעלזן איז וואָס אַמאָל שאַרפער געוואָרן. נאָך איידער ס'איז פאַרבײַ אַ פערטל שעה, האָט זיך סטאַש געפונען אויפן אָרט, וואו דער קייגנבערדיקער פעלז איז צום שטאַרקסטן באַלויכטן געווען, דאָס האָט באַוויזן, אַז אים צופיסנס מוז זיך ברענען אַ פייער.

דעמאָלט איז ער, זיך רוקנדיק אויף אַלע פיר, צוגעקראָכן פאַמעלעך צום ראַנד און אַראָפּגעקוקט אונטן.

די ערשטע זאַך, וואָס האָט אים אַ שלאָג געטון אין די אויגן, איז געווען אַ גרויס געצעלט; פאַרן געצעלט איז געשטאַנען אַ לייוונטן פעלדבעטל און אויף דעם איז געלעגן אַ מענטש, אָנגעטון אין אַ ווייס אייראָפּעיש מלבוש.

אַ קליין, אפשר אַ צוועלף־יעריק נעגערל האָט צוגעלייגט טרוקן האָלץ צום פייער, וואָס האָט באַלויכטן די פעלזן־וואַנט און די רייע נעגערס, וואָס זענען לעבן איר געשלאָפן פון ביידע זייטן געצעלט.

סטאַש האָט זיך אין איין אויגנבליק אַראָפּגעגליטשט איבער דער משופּעדיקייט אין טאָל אַריין.

## XXXII.

אַ שטיקל צייט האָט ער פון אָפּגעמאַטערטקייט און גערירטקייט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן און ער איז געשטאַנען, שווער אָטעמענדיק, פאַר דעם ליגנדיקן מענטש אויפן בעטל, יענער האָט אויך געשוויגן און געקוקט אויף אים מיט פאַרוואונדערונג, וואָס האָט זיך כמעט געגרעניצט מיט באַוואוסטלאָזיקייט.

ענדלעך האָט ער אויסגערופן:

— נאַשיבו, ביסט דאָ?

— איך בין דאָ, האַר — האָט דאָס קליינע נעגערל אָפּגעענטפערט.

— צי זעסטו עמעצן און צי שטייט ווער לעבן מיר?

אָבער נאָך איידער דער קלײנער האָט באַוויזן צו ענטפערן, האָט כטאַש באַקומען צוריק דאָס לשון:

— הער, — האָט ער אויסגערופן — איך הייס סטאַניסלאַוו טאַר-קאָווסקי. איך מיט דער קלײנער מיס ראַווליסאָן זענען מיר אַנטלאָפן פון דער געפאַנגענשאַפט באַ די דערווישן און מיר באַהאַלטן זיך אין דער דזשונגליע. אָבער נעל איז זייער שלאַף, בעט איך דיך, אַלזאָ, זאָלסט איר העלפן.

דער אומבאַקאַנטער האָט נאָך אַ ווײַלע געקוקט, מרוגענדיק מיט די אויגן, דערנאָך האָט ער מיט דער האַנט דעם שטערן אָפּגע-ווישט:

— איך הער, נישט נאָר איך זע — האָט ער צו זיך אַליין זיך אָפּ-גערופן — דאָס איז נישט קיין ווידזיע! ... וואָס? הילף? איך אַליין דאַרף האָבן הילף. איך בין פאַרוואונדעט.

פלוצלינג אָבער האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט, ווי פון טרוימערישע זעונגען אָדער פאַרשטאַרטקייט, באַוואוסטזיניקער אַ בליק געטון, און מיט אַ בליץ פון פרייד אין די אויגן האָט ער אויסגערופן:

— אַ ווייס יינגל! ... איך זע נאָך אַ ווייסן! ... כ'באַגריס דיך, ווער דו זאָלסט נאָר נישט זיין. האָסט עפּעס גערעדט וועגן אַ קראַנקער? וואָס פאַרלאַנגסטו פון מיר?

סטאַש האָט איבערגעחזרט, אַז דידאָזיקע קראַנקע איז נעל, די טאָכטער פון הער ראַווליסאָן, איינער פון די קאַנאַל-דירעקטאָרן, אַז זי האָט שוין געהאַט צוויי פיבער-אַטאַקן און אַז זי מוז שטאַרבן, אויב ער וועט נישט האָבן קיין כינין, כדי צו פאַרהיטן פון אַ דריטן.

— צוויי אַטאַקן — איז שלעכט! — האָט דער אומבאַקאַנטער געענטפערט. — אָבער כינין קאָן איך דיר געבן, וויפיל דו ווילסט נאָר. איך האָב עטלעכע סלאָיקעס, וועלכע וועלן מיר שוין אויף גאָרנישט צו-נוץ קומען.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער געהייסן דעם קלײנעם נאָשיבון זיך דערלאַנ-גען דאָס גרויסע בלעכענע שאַכטל, וואָס איז, ווייזט אויס, געוועזן דאָס אַפּטייקל פון דעם רייזענדן. ער האָט פון דאָרט אַרויסגענומען צוויי שפּאָרע סלאָיקעס, אָנגעפּולטע מיט ווייסן פּראָשעק און זיי דער-לאַנגט סטאַשן.

— אָט דאָס איז האַלב פון דעם, וואָס איך פאַרמאָג. דאָס וועט קלעקן אויף אַ גאַנץ פעליק יאָר...

סטאַש האָט חשק געהאַט פשוט אַ געשריי צו טון פון פרייד, האָט ער אים דעריבער אָנגעהויבן צו דאַנקען מיט אַזאַ התלהבות, ווי ס׳וואָלט אים אין זיין אייגענעם לעבן געגאַנגען.

און דער אומבאַקאַנטער האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אויסגערופן:

— גוט, גוט. איך הייס לינדע, כ׳בין אַ שווייצאַר פון ציריך... כ׳האָב מיט צוויי טאָג צוריק געהאַט אַ פאַרפאַל: ס׳האָט מיך שווער פאַרוואונדעט אַ ווילדער נדירי.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צום שוואַרצן בחורל:

— נאַשיבו, פול מיר אָן די ליולקע.

דערנאָך צו סטאַשן:

— באַנאַכט האָב איך שטענדיק מער היץ און עס מישט זיך מיר אַ ביסל אין קאָפּ. אָבער די ליולקע מאַכט מיר לויטערער די געדאַנקען. ס׳יינט מיר, האָסט געזאָגט, אַז איר זענט אַנטלאָפן פון דער געפאַנגענשאַפט בײַ די דערווישן און איר באַהאַלט אייך אויס אין דער דזשונגליע? צי ס׳איז אַזוי?

— אַזוי האָב איך געזאָגט, הער.

— און וואָס רעכנט איר צו טון?

— אַנטלויפן קיין אַביסיניען.

— איר וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מאַהדיסטן, וועלכע שלעפן זיך אַרום אין גאַנצע אָפּטיילונגען לענגאויס דער גרענעץ.

— מיר האָבן אָבער קיין אַנדערע ברירה נישט.

— אַך! נאָך מיט אַ חודש צוריק וואָלט איך אייך געקאָנט העלפן. אָבער איצט בין איך אַליין, אויף גאָטס חסד נאָר און אויף דעם חסד פון אָט דעם שוואַרצן יינגל.

סטאַש האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט פאַרוואונדערונג:

— און דערדאָזיקער לאַגער?

— דאָס איז אַ לאַגער פון טויט.

— און די בעגערן?

— דידאָזיקע בעגערן שלאָפן און וועלן זיך שוין מער נישט אויפכאַפּן.

— איך פאַרשטיי נישט...

— זיי זענען שלאַף אויף דער שלאָף־קרענק. דאָס זענען מענטשן, וועלכע וואוינען באַ די גרויסע אָזיערעס, וואו עס הערשט כסדר דידאָזיקע שרעקלעכע שלאַפקייט — און אַלע זענען אויף איר קראַנק געוואָרן, אַ חוץ יענע, וועלכע זענען פריער אויף פּאָקן אויסגעשטאָרבן. דאָסדאָזיקע איינע יינגל איז מיר נאָר איבערגעבליבן...

סטאַשן איז ערשט איצט אויפּפּאַלנד געוואָרן דאָס, וואָס אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין טאָל אַריין, האָט זיך קיין שום בעגער נישט אַ ריר געטון, נישט אפילו קיין ציטער געטון — און אַז בשעת דעם גאַנצן געשפּרעך זענען אַלע געשלאָפן: טייל מיט די קעפּ אָנגעשפּאַרט אָן די פעלזן, טייל מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ אויף דער ברוסט.

— זיי שלאָפן און וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אויפכאַפּן? — האָט ער געפרעגט, ווי נישט אָפּגעבנדיק זיך נאָך קיין דין וחשבון פון דעם, וואָס ער האָט דאָ געהערט.

און לינדע האָט אָפּגעענטפערט:

— אַך, דאָס איז דאָך אַ מתים־שטוב, דאָס אַפריקע!...

נאָך די ווייטערדיקע רייד האָבן אים איבערגעהאַקט דאָס געטופּעריי פון די פערד, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן, ווייזט אויס, פאַר עפּעס אין דער דזשונגליע און זענען אויף די געפּענטעטע פיס צוגעשפּרונגען צום ראַנד פון טאָל, ווילנדיק זיין נענטער פון מענטשן און פון ליכט.

— דאָס איז גאָרנישט, דאָס זענען פערד! — האָט זיך ווידער דער שווייצאַר אָנגערופן — איך האָב זיי צוגענומען באַ די מאַהדיסטן, וועלכע איך האָב מיט עטלעכע וואָכן צוריק צעשלאָגן. זיי זענען געווען אַן ערך פון דריי הונדערט מאַן, און אפשר נאָך מער. אָבער זיי האָבן מערסטנטייל געהאַט שפּיזן, און מיינע מעגטשן רעמינגטאָנען, וואָס שטייען אָט דאָרט באַ דער וואַנט אָן שום נוצן. אויב עס פעלט דיר אויס געווער, צי קוילן, טאָ נעם דיר, וויפיל דו ווילסט נאָר... נעם אויך אַ פערד: וועסטו דיך גיכער אומקערן צו דיין קראַנקער... ווי אַלט איז זי?

— אַכט יאָר — האָט סטאַש אָפּגעענטפערט.

— איז עס דאָך נאָך אַלזאָ אַ קינד... טאָ זאָל דיר נאַשיבו געבן פאַר אירעטוועגן טיי, רייז, קאַווע און ויין... נעם, וואָס דו ווילסט, פון די זאַפּאַסן, און מאָרגן וועסטו קומען נאָך פרישע.

— כ׳וועל מיך זיכער אומקערן, כדי אייך נאָכאַמאָל מיטן גאַנצן האַרץ דאַנקען און צו העלפֿן, מיט וואָס כ׳וועל נאָר קענען.

און ליגדע האָט אויסגערופֿן:

— גוט איז כאָטש אַ קוק צו טאָן אויף אַן אייראָפּעיש פּנים. אויב דו וועסט באַצײַטנס קומען, וועל איך מער באַם זינען זײַן. איצט כאַפּט מיך ווידער אָן די היץ, וואָרן איך זע דיך, ווי אין צווייען. צי שטייט איר צוויי פערזאָן לעבן מיר? ... ניין! ... איך ווייס, אַז דו ביסט נאָר איינער און אַז דאָס איז מער נישט, ווי די היץ... אַך, דאָס אַפריקע! ...

און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן.

מיט אַ פערטל שעה שפּעטער האָט זיך סטאַש צוריק אומגעקערט פֿון דעמדאָזיקן לאַגער פֿון שלאָף און טויט, אָבער דאָסמאָל רײַטנדיק אויף אַ פערד. ס׳איז נאָך געווען טיפע נאַכט, אָבער ער האָט שוין נישט געקוקט אויף קיין שום געפֿאַרן, אויף וועלכע ער האָט אין די הויכע גראָזן געקאָנט אָנטרעפֿן. ער האָט זיך פֿונדעסטוועגן געהאַלטן אין דער גאָענט פֿון טײַך, זיך משער זײַענדיק, אַז ביידע טאָלן מוזן אוודאי צו אים צוגיין. אומקערן זיך א״ז, איבעריקנס, געווען אַ סך לײַכטער, מחמת אין דער שטילקייט פֿון באַנאַכט האָט זיך דערטראָגן פֿונדערווייטנס דאָס גערויש פֿונם וואַסערפֿאַל, און דערבײַ האָבן זיך אויך די וואָלקנס צעווייעט איבער דער מערבדיקער זייט פֿון הימל, און אַ חוץ דער לבֿנה־שײַן, האָבן אויך שטאַרק געלויכטן די מזלות־ליכט. דאָס בחורל האָט געשטאָכן דעם פערד אין די זייטן אַרײַן מיט די ברייטע אַראַבישע סטרעמענעס און ער איז געפֿלויגן, ווי נאָר דעם קאַרק צו צעברעכן, טראַכטנדיק בײַ זיך אין האַרץ: „ווער מיר דאָרט לייבן און פּאַנטערעס! — איך האָב כינין פֿאַר מײַן קליינער!" און יעדע ווײַלע האָט ער אָנגעטאַפּט די סלאָיקעס מיט דער האַנט, ווי וועלנדיק זיך ריכטיק איבערצייגן, צי ער האָט זיי טאַקע און אַז דאָס אַלץ איז נישט געווען קיין חלום. פֿאַרשידענע געדאַנקען און רעיונות זענען אים דורכן קאָפּ דורכגעפֿלויגן.

ער האָט געזעען דעם פֿאַרוווּנדעטן שווייצאַר, צו וועלכן ער האָט געפֿילט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט און אויף וועלכן ער האָט נאָך מער שטאַרק רחמנות געהאַט דערפֿאַר, וואָס ער האָט אים מתחילת אָנגענומען פֿאַר אַ משוגענעם; ער האָט געזעען דעם קליינעם נאַשיבאָ, מיט דעם קײַלעכדיקן קאָפּ, ווי אַ קויל און די רייען שלאָפֿנדיקע נעגערן און די רעמינגטאָנען־לופֿעס, וואָס זענען אָנגעשפּאַרט געווען אָן די פֿעלזן־

ווענט און האָבן געגלאַנצט אויפן פייער. ער איז כמעט ווי זיכער געווע־ן, אַז די שלאַכט, וועגן וועלכער ליִנדע האָט דערמאָנט, איז פאָרגעקומען מיט סמאַינס אָפּטיילונג — און ס'איז אים עפּעס מאָדנע אויסגעקומען צו טראַכטן, אַז ס'איז גאַנץ מעגלעך, סמאַין זאָל אויך האָבן אומגעקו־מען.

דידאָזיקע אַלע זעונגען האָבן זיך כּסדר געמישט מיט דעם אומ־איַיפהערלעכן געדאַנק וועגן נעלן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי זי וועט בלייבן פאַרגאַפט, דערזעענדיק מאָרגן אַ גאַנצן סלאַויק כּינין, זי וועט אים פּשוט אָננעמען פאַר אַ בעל מופת. „אַך, — האָט ער זיך גע־טראַכט — ווען איך וואָלט געווען מורא געקריגן און נישט געגאַנגען איִבערצייגן זיך, טונוואָנען דער רויך שטאַמט, וואָלט איך מיר דאָס אויף מיין גאַנץ לעבן נישט געשאָנקען".

נאָך אַ שעה צייט האָט דאָס גערויש פון וואַסערפאַל זיך בפירוש שוין געהערט און פון דעם קוואַקען פון די זשאַבעס האָט זיך סטאַש אָנ־געשטויסן, ז.ז ער איז שוין נישט ווייט פון דעם פייַכטן זאַמד באַם טייך, וואו ער האָט פריער געשאָסן די וואַסער־פייגל. באַם לבנה־שיין האָט ער אפילו דערקענט די ביימער, וואָס זענען פונדערווייטנס געשטאַנען לעבן טייך. איצט האָט מען געדאָרפן מער וואַכזאַם זיין, וואָרן דער אויסגוס איז גלייכצייטיק געווען אַן אָרט פון טרינקען, וואוהין אַלע חיות פון דער־דאָזיקער געגנט האָבן דורכויס געמוזט קומען, מחמת ערגעץ אַנדערש איז דער ברעג פון טייך געווען זייער שאַרף אָפּגעהאַקט און ווייניק צוטריט־לעך. אָבער ס'איז שוין שפּעט געווען און די רויב חיות האָבן זיך, ווייזט אויס שוין געהאַט פאַרבאָרגן נאָך דעם נאַכט־געיעג אין די פעלזן־הײלן.

דאָס פערד האָט אַ ביסל געכאַפּעט, דערשמעקנדיק די ערשט ביַנט לאַנגע טריט פון לייבן, צי גאָר פון פאַנטערעס, פונדעסטוועגן איז סטאַש גאַנץ גליקלעך דורכגעפאָרן און מיט אַ רגע שפּעטער האָט ער דערזעען אויף דעם הויכן באַרג־שפּיץ דעם שוואַרצן גרויסן סילועט פון „קראָקע". דאָס ערשטע מאָל האָט ער ערשט אין אַפריקע געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט אַהיימגעקומען צו זיך אין הויז אַריין.

ער האָט גערעכנט, אַז ער וועט אַלע טרעפן שלאָפנדיק, אָבער ער האָט געמאַכט דעם חשבון אָן סאַבאַן, וועלכער האָט אַזוי אָנגעהויבן צו בילן, אַז ער וואָלט געקאָנט טויטע אויפוועקן. קאַלי האָט זיך אויך אין א־ין רגע געפונען פאַרן בוים און אויסגערופן:

— דער בוואַנאַ קובוואַ אויף אַ פערד!

אין זיין שטימע איז אָבער געווען מער פרייד, ווי פאַרוואונדערונג, וואָרן ער האָט אַזוי געגלייבט אין סטאַשס מאַכט, אַז ווען יענער וואָלט געווען אפילו אַ פערד באַשאַפן, וואָלט ער נאָך אויך אַזוי שטאַרק זיך נישט געוואונדערט.

נאָר מחמת דעם, וואָס די פרייד באַ נעגערן דריקט זיך אויס מיט לאַכן, האָט ער זיך דעריבער אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט די הענט איבער די זייטן און לאַכן ווי אַ וואַנזיניקער.

— פענטע דאָסדראָזיקע פערד, — האָט סטאַש אויסגערופן — נעם אַראָפּ פון אים די זאַפּאַסן, צינד אָן פייער און קאָך אויף וואַסער.

דערנאָך איז ער אַריינגעגאַנגען אין בוים. נעל האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט און אים אָנגעהויבן רופן. סטאַש האָט, אָפּבייגנדיק די לייוונטענע וואַנט, דערזעען בא דער שיין פון קאַגאַניק איר בלאַס פּנים און ווייסע מאָגערע הענטלעך, וואָס זענען געלעגן אויפן פּלעד, מיט וועלכן זי איז געווען צוגעדעקט.

— ווי פילסטו דיך, קליינע? — האָט ער פריילעך געפרעגט.

— גוט — און איך בין פעסט געשלאָפן, ביזוואַנען סאַבאַ האָט מיך נישט אויפגעוועקט. אָבער פאַרוואָס שלאָפסטו נישט?

— וואָרן כ'בין גזהאַט אַרויסגעפאָרן.

— וווהין?

— אין אַפּטייק אַריין.

— אין אַפּטייק אַריין?

— יאָ, נאָך כינין.

דעם מיידל האָבן, וואָס אַן אמת, נישט שטאַרק געשמעקט די פּראָשקעס כינין, וואָס זי האָט פריער גענומען, נאָר ווייל זי האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַן אומבאַדינגטע רפואה אויף אַלערליי חולאתן אין דער וועלט, האָט זי דעריבער אָפּגעזיפצט און אויסגערופן:

— איך ווייס, אַז דו האָסט שוין נישט מער קיין כינין.

סטאַש האָט אויפגעהויבן איינעם פון די סלאָיקעס צום קאַגאַנעק און מיט שטאָלץ און פרייד געפרעגט:

— און דאָס וואָס איז?

נעל האָט אירע אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלייבן, ער האָט איר אָבער, איינגאַנצן אַ צעשטראַלטער, גיך געזאָגט:

— ווערסט שוין איצט זיין געזונט! איך וועל באַלד איינוויקלען אַ שפּאָרע דאָזע אין אַ הייטל פון אַ פרישער פייג און מוזסט דאָס אַראָפּשלינגען, און מיט וואָס דו ווערסט פאַרטרינקען, וועט מען שוין זען. וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי אויף מיר, ווי אויף אַ גריבער קאַץ?... יאָ! איך האָב נאָך אַ צווייטן סלאָיק. איך האָב זיי ביידע באַקומען פון אַ ווייסן מענטש, וואָס זיין לאַגער געפינט זיך פיר מייל ווייט פונדאַנען. פון אים קום איך דאָס טאַקע צוריק. ער הייסט לינדע און ער איז פאַרוואונדעט; פונדעסטוועגן האָט ער מיר געגעבן אַ סך גוטע זאַכן. איך האָב מיך אומגעקערט אויף אַ פערד, אָבער צו אים בין איך געגאַנגען צופוס. דו מיינסט, אַז עס איז אַזוי אָנגענעם צו גיין בײַנאַכט איבער אַ דזשונגליע? ברר! דאָס צווייטע מאָל וואָלט איך שוין פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט נישט געגאַנגען, סיידן, ס'זאָל ווידער גיין וועגן כינין!

דאָס זאָגנדיק, האָט ער פאַרלאָזט דאָס דערשטוינטע מיידעלע, אַליין איז ער אַוועקגעגאַנגען אין דער „מענערישער אָפּטיילונג", אַרויסגענומען פון זאַפּאַס פייגן די קלענסטע, אויסגעהוילט זי און אָנגעשיט אינעווייניק אַריין כינין, אַכטונג געבנדיק, אַז די דאָזע זאָל נישט זיין גרעסער פון די פּראָשקעס, וואָס ער האָט באַקומען אין כאַרטום. דערנאָך איז ער אַרויסגעגאַנגען פון בוים, אַריינגעשיט טיי אין אַ כּלי מיט וואַסער און זיך אומגעקערט מיט דער רפואה צו נעלן.

און זי האָט איבער דער צייט זיך פאַרטראַכט וועגן אַלץ, וואָס עס איז געשען. זי איז אומגעהייער בייגיריק געווען, וואָס פאַר אַ מענטש איז ער דאָס דער ווייסער! פונוואַנען האָט זיך סטאַש וועגן אים דערוואוסט? צי וועט ער קומען צו זיי און צי וועלן זיי ווייטער מאַכן די נסיעה צוזאַמען! זי האָט שוין איצט נישט געצווייפלט, אַז קוים האָט סטאַש באַקומען כינין, וועט זי געזונט ווערן. אָבער זעט נאָר דעם סטאַש... ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען בײַנאַכט אין דער דזשונגליע, ווי קיינמאָל גאָרנישט; נעל האָט טראַץ דעם גאַנצן באַוואונדערן אים, ביז אַהער געהאַלטן, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך, איבעריקנס, דערביי קיין סך, אַז אַלדינג, וואָס ער טוט פאַר איר, איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, ווארן ס'איז אַ פּשוטע מעשה, אַז אַן עלטער ייִנגל דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אַ ייִנגער מיידל. דאָך איז איר עפּעס איצט געקראָכן אין קאָפּ אַריין, אַז אָן זיין אַפּוטרופּסות וואָלט זי שוין לאַנג געווען אומגעקומען, אַז ער דאגהט פאַר איר אומגעהייער, אַז ער גיט איר אַלץ נאָך און באַשיצט זי אַזוי, ווי קיין שום אַנדער ייִנגל אין זיינע יאָרן — אי ער וואָלט נישט געוואָלט, אי נישט גע-

קאָנט — דעריבער האָט זיך איר קליין הערצל אָנגעפּולט מיט גרויס דאַנק־
באַרקייט צו אים.

דעריבער האָט זי טאַקע, ווען סטאַש האָט זיך צוריק אומגעקערט
און זיך איינגעבויגן איבער איר מיט דער רפואה, פאַרוואָרפן אַרום זיין
האַלז אירע דינע אָרעמס און האַרציק איס צוגעדריקט:

— סטאַש, דו ביסט זייער גוט צו מיר.

ער האָט אָבער אָפּגעענטפערט:

— נאָר פאַר וועמען דען זאָל איך זיין גוט! אָט דאָס איז אויס־
געצייכנט! נעם איין די דאָזיקע רפואה!

ער איז יעדנפאַלס זייער צופרידן געווען, מהמת די אויגן האָבן
אים געגלאַנצט פון צופרידנקייט און ער האָט ווידער מיט גרויס פרייד
און שטאָלץ אויסגערופן, אומקערנדיק זיך צו דער עפענונג:

— מעא! און איצט דערלאַנג דער „ביבי" טיי!

# XXXII.

סטאַש האָט זיך ערשט צומאַרגנס אַרום מיטאָג־צייט פאַרנומען צו
גיין צו לינדען, ער האָט נעמלעך געמוזט אָפּשלאָפן פאַר דער פריערדי־
קער נאַכט. אויפן וועג האָט ער, פאַרויסזעענדיק, אַז דער קראַנקער קאָן
אַ מאָל דאַרפן האָבן פריש פלייש, דערהרגעט צוויי פאַנטאַרקעס, וועלכע
זענען טאַקע צוגענומען געוואָרן מיט גרויס דאַנקבאַרקייט. לינדע איז
שטאַרק אָפּגעשוואַכט געווען, אָבער פולשטענדיק באַם קלאָרן זינען. באַלד
נאָכן באַגריסן זיך, האָט ער זיך געפרעגט אויף נעלן, דערנאָך האָט ער
סטאַשן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער זאָל די כינין גישט באַטראַכטן
אַלס דאָס פולשטענדיק אַנטשלאָסענע מיטל קעגן פיבער און אַז ער זאָל
די קליינע אָפּהיטן פון דער זון, פון נעץ, פון געפינען זיך באַנאַכט אויף
פלאַכע און פייכטע ערטער און ענדלעך אויך פון שלעכט וואַסער. דער־
נאָך האָט אים סטאַש אויף זיין פאַרלאַנג דערציילט זיין אייגענע, ווי אויך
נעלס געשיכטע, פון אָנהייב אָן, ביז דעם אָנקומען קיין כאַרטום און דעם
באַזוך בא מאַהדין, און דערנאָך פון פאַשאָדאַ ביזן באַפרייען זיך פון
געבהרס הענט און דאָס ווייטערדיקע וואַנדערן. דער שווייצאַר האָט זיך

בשעת זיין דערציילן צו אים צוגעקוקט מיט א וואַקסנדער בייגיריקייט, אָפּט מיט אַ בפירושער באַוואונדערונג, און ווען די געשיכטע האָט שוין געהאַלטן באַם סוף, האָט ער פאַררייכערט די ליולקע, נאָך אַמאָל באַ־טראַכט סטאַשן פון קאָפּ ביז די פיס — און אויסגערופן, ווי פאַרזונקען אין רעיונות:

— אויב אין אייער לאַנד געפינען זיך נאָך אַ סך אַזעלכע ענ־לעכע ייִנגלעך ווי דו, וועט מען זיך מיט אייך אַזוי גיך קיין עצה ניט געבן.

און נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן האָט ער ווייטער אַזוי געזאָגט:

— די בעסטע ראיה, אַז דיינע רייד זענען אמת, איז דאָס, וואָס דו געפינסט דיך דאָ און שטייסט דאָ לעבן מיר. און דו ווייסט, וואָס כ'וועל דיר זאָגן: אייער לאַגע איז אַ שרעקלעכע, דער וועג, אין וועלכער זייט אַריין איר זאָלט אייך נאָר נישט ווענדן, איז דעסגלייכן שרעקלעך, ווער ווייסט אָבער, צי אַזאַ ייִנגל, ווי דו, וועט נישט אַרויסראַטעווען אי זיך, אי יענץ קינד פון דערדאָזיקער טיפעניש...

— אַבי נעל זאָל נאָר געזונט זיין, וועל איך טון, וואָס איך וועל נאָר קאָנען — ה'ט סטאַש אויסגערופן.

— אָבער געדענק, שוין דיך אויך אָפּ, מחמת די אויפגאַבע, וואָס דו האָסט דורכצופירן, איז איבער די כוחות אפילו פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטש. צי גיסטו דיר כאָטש אָפּ אַ רעכנונג דערפון, וואו דו געפינסט דיך איצט?

— ניין. איך געדענק נאָר, אַז נאָכן אַרויסגיין פון פאַשאָדאַ זענען מיר לעבן אַ גרויסן ישוב, מיטן נאָמען דענג, דורכגעגאַנגען עפּעס אַ טייך...

— סאָבאַט — האָט לינדע איבערגעריסן.

— אין דענג איז געווען אָן אַ שיעור דערווישן און נעגערן. אָבער נאָך דעם סאָדאַט זענען מיר אַריינגעקומען אין אַ געגנט פון דזשונגליעס און מיר זענען געגאַנגען גאַנצע וואָכן, ביז וואַנען מיר זע־נען צוגעקומען צו דעמדאָזיקן טאָל, וואו, איר ווייסט שוין, וואָס עס איז געשען...

— כ'ווייס. דערנאָך האָט איר זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער אין דעם טאָל, אַזש ביזן טייך. אָט הער־זשע מיך אויס: ווי עס זעט אויס, האָט איר אייך צוזאַמען מיט די סודאַנער נאָכן אַריבערגיין דעם טייך סאָבאַט, אָראָפּגעדרייט אויף דרום־מזרח, אָבער מער צו דרום־זייט. איר געפינט

איך איצט אין אַ געגנט, וואָס איז קיין שום רייזנדער און געאָגראַף נישט באַקאַנט. דערדאָזיקער טייך, לעבן וועלכן מיר געפינען זיך, פליסט אויף צפון־מערב און פאַלט וואַרשיינלעך אַריין אין נילוס. איך זאָג: וואַרשיינ־לעך, ווײַל איך ווייס אַליין נישט אויף באַשטימט און איבערצייגן קאָן איך מיך שוין נישט, הגם איך האָב מיך אָראָפּגעדרייט פון די קאַראַמאָיאָ־בערג, כדי אויסצופאָרשן זייערע קוואַלן. פון די געפאַנגענע דערווישן נאָך דער שלאַכט האָב איך געהערט, אַז דאָס אָרט רופט זיך אָגעלאָגוצן, אָבער זיי זענען אויך נישט זיכער געווען, ווײַל זיי קומען אין די געגנטן נאָר נאָך שקלאַפן. דידאָזיקע קאַנטן, וועלכע זענען בכלל ווייניק באַוואוינט, פאַרנעמט דער שבט שילוק, אָבער איצט איז דאָס לאַנד פּוסט, מחמת די באַפעלקערונג איז טיילווייז אויסגעשטאָרבן אויף פּאָקן, טיילווייז האָבן זיי די מאַהדיסטן אויסגערוימט, און אַ טייל זענען אַנטלאָפן צו די קאַראַ־מאָיאָ־בערג. אין אַפריקע טרעפט זיך טיילמאָל, אַז אַ קאַנט, וואָס איז היינט געדיכט באַוואוינט, ווערט מאָרגן אַ וויסטעניש. לויט מיינע אויסרעכנונגען, געפינט איר אייך אַן ערך פון דריי הונדערט קילאָמעטער פון לאַדאָ. איר וואָלט געקאָנט אַנטלויפן אויף דרום־זייט צו עמינען, נאָר ווײַל עמין אַליין איז וואַרשיינלעך אַרומגערינגלט דורך די דערווישן, דעריבער איז נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן...

— און קיין אַביסיניען? — האָט סטאַש געפרעגט.

— וועט אויך זיין אַן ערך פון דריי הונדערט קילאָמעטער. יעדנ־פאַלס דאַרף מען געדענקען, אַז מאַהדי האַלט מלחמה מיט דער גאַנצער וועלט, און דעריבער אויך מיט אַביסיניען. איך ווייס דאָס אויך פון די געפאַנגענע, אַז אויף דער מערב און דרומדיקער גרענעץ דרייען זיך אַרום גרעסערע אָדער קלענערע האָרדעס דערווישן, וואָלט איר אַלזאָ לייכט געקאָנט אַריינפאַלן אין זייערע הענט אַריין. אַביסיניען איז אפילו אַ קריסטלעכע רעגירונג, אָבער די דרומדיקע קאַנטן זענען די ווילדע שבטים אָדער געצנדינער, אָדער זיי גלייבן אין איסלאַם — און צוליב דעם האַלטן זיי שטילערהייט מיט מאַהדין... ניין, דאָרט אַרום וועט איר נישט דורכפאָרן.

— וואָס־זשע הייבט מען אָן צו טון און וואוהין גייט מען מיט נעלן? — האָט סטאַש געפרעגט.

— איך האָב שוין געזאָגט, אַז די לאַגע איז אַ שווערע — האָט לינדע אויסגערופן.

דאָס זאַנגדיק, האָט ער זיך פאַרלייגט די הענט אויפן קאָפּ און אַ לאַנגע צייט געלעגן אין שטילשווייגן.

— צום אָקעאַן — האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופן — וועט זיין פונדאַנען איבער צווייהונדערט קילאָמעטער, דורך ווילדע פעלקער, און אפילו דורך מדבריות, וואָרן דאָרט געפינען זיך אַפּנים גאַנצע געגנטן, וואו ס'איז אַ מאַנגל אין וואַסער. אָבער דאָס לאַנד געהערט אונטערן פראָטעקטאָראַט פון ענגלאַנד. מ'קאָן אָנטרעפן אויף טראַנספאָרטן העלפאַנטביין קיין קיסמאַיאַ, קיין לאַמאַ און קיין מאָמבאַסאַ, — אפשר אויף מיסיאָנערישע עקספּעדיציעס... תּופס זייענדיק, אַז צוליב די דערווישן וועל איך נישט באַוויזן אויסצופאָרשן דעם לויף פונם טייך, מחמת ער דרייט זיך אָפּ צום נילוס, האָב איך אויך געוואָלט גיין אויף מזרח, צום אָקעאַן...

— טאַ לאָמיר־זשע זיךביידע אומקערן! — האָט סטאַש אויסגערופן.

— איך וועל מיך שוין נישט אומקערן. דער נדירי האָט מיר אזוי די מוסקולן און די אָדערן צעמזיקט, אַז עס מוז קומען צו אַ בלוט־פאַרגיפטונג. נאָר אַ כירורג וואָלט מיך געקענט ראַטעווען, ווען ער זאָל מיר אָפּשניידן דעם פוס. איצט איז שוין אַלץ פאַרגליווערט און פאַרשטאַרט געוואָרן, אָבער די ערשטע טעג האָב איך מיר די הענט געביסן פאַר ווייטיק...

דאָ זענען אים די אויגן פאַרגאַנגען ווי מיט אַ נעפּל — דערנאָך האָט ער ווייטער אַזוי געזאָגט:

— אָבער איך האָב שוין שלום געמאַכט מיט דעמדאָזיקן געדאַנק, לאָמיר אַלזאָ רעדן וועגן אייך, נישט וועגן מיר. איך וועל דיר געבן איין עצה: אייך בלייבט נאָר איבער דער וועג אויף מזרח, צום אָקעאַן. אָבער איר דאַרפט אייך אויסרוען און אָננעמען כּוחות פאַר דעמדאָזיקן וועג. וואָרן אַנדערש וועט דיר דיין קליינע חברטע צייט עטלעכע וואָכן אָפּשטאַרבן אין דער מיט וועג. ליגט אָפּ אייער רייזע ביזן סוף פון דער רעגן־צייט און אפילו אויף לענגער. די ערשטע זומער־חדשים, ווען עס הערט אויף צו רעגענען און די בלאָטעס זענען נאָך מיט וואַסער באַדעקט, זענען די געזונטסטע. דאָ, וווּ מיר געפינען זיך, איז שוין אַ בערגיק לאַנד, וואָס ליגט אויף זיבנהונדערט מעטער איבער דעם ים־אויבערפלאַך. אויף אַ הויך פון טויזנט דריי הונדערט מעטער עקזיסטירט שוין נישט מער קיין פיבער, און דאָס, וואָס איז איבערגעטראָגן געוואָרן פון די נידעריקערע

ערטער האָט שוין נישט דעם כּוח. נעם צו פונדאַנען די קליינע ענגלענ-
דערין און גיי מיט איר אַוועק אין די בערג...

דאָס רעדן האָט אים, משמעות, זייער אָפּגעמאַטערט, האָט ער דע-
ריבער ווידער איבערגעריסן און אין משך פון אַ געוויסער צייט מיט
אומגעדולד אָפּגעיאָגט פון זיך די גרויסע בלויע פליגן, פונקט אַזעלכע,
וואָס סמאַש האָט געזעען אויף די קופּעס אַש אין פּאַשאָדאַ.

דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו רעדן:

— הער אויפמערקזאַם אויס, וואָס איך וועל דיר זאָגן. אַ טאָג גאַנג
פונדאַנען אויף דרום-זייט שטייגט אויף אַן אָפּגעזונדערטער באַרג, וואָס
איז הויך אַן ערך אַכט הונדערט מעטער. ער זעט אויס, פונקט ווי אַ
ראַנדעל, איבערגעקערט מיט דער דנאָ אַרויף. די זייטן זענען שאַרף אָפּ-
געהאַקט און דער איין און איינציקער צוטריט צו אים באַשטייט פון אַ
פעלזיקן רוקן, וואָס איז אַזוי שמאָל, אַז אויף אַ טייל ערטער קאָנען נאָר
קוים צוויי פערד גיין צוזאַמען. אויף זיין פלאַכן שפּיץ, וואָס האַלט אַ קי-
לאָמעטער, אָדער מער, איז אַמאָל געווען אַ נעגעריש דערפל, אָבער די
מאַהדיסטן האָבן די באַפעלקערונג אויסגעשאָכטן און פאַרנומען. עס איז
גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס האָט עס אָפּגעטון דער סמאַין, וועלכן איך האָב
צעשלאָגן, די שקלאַפן האָב איך אָבער בײַ אים נישט אָפּגענומען, מחמת
ער האָט זיי נאָך פריער אונטער אַ שטאַרקער וואַך צום נילוס אָפּגעשיקט.
באַזעצט אייך אויף דעמדאָזיקן באַרג. דאָרט איז פאַראַן אַ קוואַל מיט
אויסגעצייכנט וואַסער, עטלעכע פעלדער מיט מאַניאָק און אָן אַ שיעור
באַנאַנעס. אין די כאַטעס וועט איר געפינען אַ סך מענטשלעכע ביינער,
אָבער פאַר אַן אָנשטעקונג פון דידאָזיקע טויטע קערפּער זאָלסטו נישט
קיין מורא האָבן, ווייל נאָך די דערווישן זענען דאָרט געווען מאַרעוועקעס,
וועלכע האָבן אונז אויך פון דאָרט אַרויסגעשטופּט. איבעריקנס, האָסטו
דאָרט נישט קיין לעבעדיק נפש! שטעלט אייך אָפּ אין דעמדאָזיקן דערפל
אויף אַ חודש אָדער צוויי. אויף דערדאָזיקער הויכקייט איז נישטאָ קיין
פיבער. די נעכט זענען געוויינלעך קילע. דאָרטן וועט דיין קליינע גע-
זונט ווערן און דו וועסט פרישע כּוחות אָנשעפּן.

— און דערנאָך וואָס טוט מען און וואוהין גייט מען?

— דערנאָך וועט זיין דאָס, וואָס גאָט וועט געבן. איר וועט אייך
באַמיען אָדער דורכצושלאָגן זיך קיין אַביסיניען אין אַזעלכע מקומות,
וואו די דערווישן קומען שוין נישט צו, אָדער איר וועט גיין אויף מזרח...
איך האָב געהערט, אַז די אַראַבער, וועלכע באַוואוינען דעם ברעג, דער-

גייען אַזש צו עפּעס אַן אַזיערע מיטן צוועק צו זוכן העלפאַנטביין, וואָס זיי באַקומען דאָס בײַ די שבטים סאַמבורו און וואַ-הימאַ.

— וואַ-הימאַ? קאַלי קומט דאָך אַרויס פון שבט וואַ-הימאַ.

און סטאַש האָט אָנגעהויבן לינדען צו דערציילן, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער האָט געירשנט קאַלין נאָך געבהרס טויט, ווי אויך דאָס, וואָס קאַלי האָט אים געזאָגט, אַז ער איז אַ זון פון דעם הויפּטמאַנס פון אַלע וואַ-הימען.

לינדע האָט אָבער אַ סך קעלטער דידאַקטיק ידיעה אויפגענומען, ווי סטאַש האָט זיך געריכט.

— איז אוודאי גוט, — האָט ער אויסגערופן — מחמת ער קאָן אייך אַ סך בייהילפיק זיין. עס געפינען זיך אָפּט גאַנץ ערלעכע נשמות צווישן די שוואַרצע, הגם מ׳קאָן בכלל אויף זייער דאַנקבאַרקייט נישט רעכענען: דאָס זענען קינדער, וועלכע פאַרגעסן פון דעם, וואָס נעכטן איז געווען.

— קאַלי וועט נישט פאַרגעסן, אַז כ׳האָב אים מציל געווען פון געבהרס האַנט, כ׳בין זיכער דעריין.

אפשר — האָט לינדע אויסגערופן — און, אָנווייזנדיק אויף נאַשי-בון, האָט ער צוגעגעבן: — דאָס איז אויך אַ גוט קינד. נעם אים צו צו דיר נאָך מיין טויט.

— רעדט נישט און טראַכט נישט וועגן טויט.

— מיין טייערער, — האָט דער שווייצאַר געענטפערט — איך ווינטש מיר דאָס אַליין — אַבי עס זאָל נאָר אָן גרויסע יסורים מיר אָנ-קומען. שטעל דיר נאָר פאָר, אַז איך בין איצט פולשטענדיק שוואַך און ווען עמעצער פון די מאַהדיסטן, וועלכע איך האָב צעשלאָגן, זאָל צופעליק זיך דאָ פאַרבלאָנקען אין דעמדאָזיקן טאָל אַריין, וואָלט ער מיך אייגנער אַליין געקאָנט, ווי אַ שעפּס דערקוילענען.

דאָ האָט ער אָנגעוויזן אויף די שלאָפנדע נעגערן:

— יענע וועלן זיך שוין מער נישט אויפכאַפּן, אָדער בעסער גע-זאָגט: איטלעכער פון זיי וועט זיך אויף אַ קורצע ווײַלע פאַרן טויט אויפ-כאַפּן און וואַנזיניק אַנטלויפן אין דער דזשונגליע, פון וועלכער ער וועט זיך שוין מער נישט אומקערן... פון צוויי הונדערט מענטשן זענען מיר איבערגעבליבן זעכציק. אַ סך זענען אַנטלאָפן, אַ סך זענען אויס-געשטאָרבן אויף פּאָקן, און אַ טייל זענען אין אַנדערע טאָלן איינגע-שלאָפן געוואָרן.

סטאַש האָט מיט רחמנות און אימה אָנגעהויבן זיך צוקוקן צו די שלאָפנדיקע. די לײַבער זייערע זענען געווען פון אַש־קאָליר, בײַ די נעגערן באַדײַט דאָס בלאַסקייט. אַ טייל האָבן געהאַט צוגעמאַכטע אויגן, טייל האַלב־אָפענע, אָבער אויך דידאָזיקע זענען אין אַ טיפן שלאָף פאַרזונקען געווען, מחמת זייערע אויגן־אַפּלען זענען נישט פילבאַר געווען אויף דער ליכט. טייל האָבן געהאַט אָנגעשוואָלענע קניען. אַלע זענען שרעקלעך דאַר געווען, אַז דורך דער הויט האָט מען זיי געקאָנט די ריפּן איבערציילן. די הענט און די פיס זייערע האָבן אומאויפהערלעך זייער שנעל געציטערט. און דידאָזיקע בלויע גרויסע פליגן האָבן זיך געדיכט באַזעצט אויף זייערע אויגן און ליפּן.

— צי איז קיין שום רעטונג פאַר זיי נישטאָ? — האָט סטאַש געפרעגט.

— ס׳איז נישטאָ. לעבן דער וויקטאָריאַ־ניאַנצאַ האָט דידאָזיקע שלאָפקייט גאַנצע דערפער אויסגעליידיקט. טיילמאָל איז זי זייער גרויזאַם, טיילמאָל אַ ביסל שוואַכער. צום מײַנסטנס פאַלן אויף איר אַוועקמענטשן פון די דערפלעך, וואָס ליגן אין די געוויקס־געדיכטענישן בײַ די ברעגעס.

די זון האָט זיך שוין געהאַט אַריבערגערוקט אויף מערב־זײַט פון הימל, אָבער לינדע האָט נאָך פאַרן צופאַל פון אָוונט סטאַשן דערציילט זײַנע פאַסירונגען.

ער איז געווען אַ סוחרס אַ זון פון ציריך. זײַן משפחה האָט געשטאַמט פון קאַרלסרוהע, אָבער זינט דעם יאָר 1848 האָט זי זיך איבערגעטראָגן קיין שווייצאַריע. זײַן פאָטער האָט געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן אין האַנדל מיט זייד. ער האָט אויסגעבילדעט זײַן זון אַלס אַן אינזשיניער. אָבער דעם ייִנגן הענריק איז נאָך פון דער יוגנט אַן געפעלן געוואָרן רײַזעס צו מאַכן. נאָכן ענדיקן דאָס פּאָליטעכניקום האָט ער, ירשנדיק נאָכן פאָטער דאָס גאַנצע פאַרמעגן, אונטערגענומען די ערשטע רײַזע קיין עגיפּטן. דאָס זענען נאָך געווען יענע צײַטן פאַר מאַהדין, ער איז דעריבער צוגעפאָרן אַזש ביז כאַרטום און צוזאַמען מיט די דאַנגאַלן געגאַנגען אויף יאַגד אין סודאַן. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער געאָגראַפיע פון אַפריקע און ער איז געוואָרן אין איר אַזאַ בקיא, אַז אַ סך פון די געאָגראַפישע געזעלשאַפטן האָבן אים פאַררעכנט צווישן דער צאָל פון זייערע מיטגלידער. דידאָזיקע לעצטע רײַזע, וואָס איז באַשערט געווען זי זאָל זיך ענדיקן פאַר אים אַזוי פאַטאַל, האָט ער אָנגעהויבן פון זאַנזי־

באַר. ער איז צוגעקומען צו די גרויסע אָזיערעס און ער האָט געהאַט בדעה זיך דורכצורייסן דורך די ביז איצט אומבאַקאַנטע בערג קאַראַמאָיאָ קיין אַביסיניען, און פון דאָרטן צו די ברעגן פון אָקעאַן. אָבער די זאַניזבאַרן האָבן ווייטער נישט געוואָלט גיין. צום גליק, אָדער גאָר צום אומגליק, האָט זיך דעמאָלט געפירט אַ מלחמה צווישן דעם קעניג פון אוגאַנדע און אונ־אָראָ. לינדע האָט געטון באַדייטנדע טובות דעם קעניג פון אוגאַנדע, וועלכער האָט אים דערפאַר באַשאָנקען מיט איבער צוויי הונדערט נעגערן. דאָס האָט אים פולשטענדיק פאַרלייכטערט די רייזע און דאָס באַטראַכטן די בערג קאַ־אַמאַיאָ, אָבער דערנאָך האָבן זיך אין זיינע רייען באַוויזן די פאָקן, און נאָך זיי איז געקומען די שרעקלעכע שלאָף־קראַנקייט — און דער ענדגילטיקער חורבן פון דעם קאַראַוואַן.

לינדע האָט פאַרמאָגט באַדייטנדע זאַפאַסן פון פאַרשידנערליי קאָנסערוון, אָבער מורא האָבנדיק פאַר פאַרשידענע חולאתן, וואָס קאָנען דערפון אַרויסקומען, איז ער יעדן טאָג געגאַנגען אויף יאַגד, כדי צו באַקומען פריש פלייש. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער שיסער, אָבער נישט קיין איבעריק פאָרזיכטיקער יעגער. און ס'איז געשען אַזאַ מעשה, אַז מיט עטלעכע טאָג צוריק האָט ער זיך לייכטזיניק דערנענטערט צו אַ געשאָסענעם ווילדן נדירי, די חיה איז אויפגעשפרונגען און שרעקלעך אים דעם פוס צעביסן, און נאָכדעם אים די אונטערשטע טייל פון רוקן צעטראַטעוועט. דאָס איז פאָרגעקומען האַרט לעבן לאַגער און אין נאַשיבוס אויגן. יענער האָט באַלד צעריסן זיין אייגן העמד און, מאַכנדיק דערפון אַ באַנדאַזש, האָט ער באַוויזן צו פאַרהאַמעווען דאָס בלוט, וואָס איז שטאַרק געפלאָסן און אָפּצופירן דעם פאַרוואונדעטן אין געצעלט אַריין. אין פוס האָבן זיך אָבער, צוליב דעם אינעווייניקסטן בלוט־אויסגוס, געשאַפן פאַרגליווערטע שטיקער און דעם קראַנקן האָט געדראָט צו באַקומען אַ גאַנגרענע.

סטאַש האָט אים דווקא געוואָלט באַטראַכטן און ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט אָדער צוקומען צו אים יעדן טאָג, אָדער, כדי נישט איבערצולאָזן נעלן בלויז אונטער דער אויפזיכט פון די צוויי שוואַרצע, וועט ער אים איבערפירן אויף פונאַנדערגעשפרייטע קאָלדרעס צווישן צוויי פערד אויפן באַרג־שפּיץ קיין „קראַקע”.

לינדע האָט מסכים געווען ער זאָל אים נאָר בלויז באַטראַכטן, אָבער אויף איבערצופירן אים איז ער נישט באַשטאַנען.

— איך ווייס, — האָט ער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף זיינע נעגערן — אַז דידאָזיקע מענטשן מוזן שטאַרבן, אָבער כּל זמן זיי שטאַרבן נישט, קאָן איך דערויף נישט דערלויבן, אַז זיי זאָלן לעבעדיקערהייט צעריסן ווערן דורך די היענעס, וואָס בלויז דאָס פייער באַנאַכט האַלט זיי נאָך פונדערווייטנס.

און ער האָט פיבערהאַפט אָנגעהויבן איבערצוחזרן:

— איך קאָן נישט, איך קאָן נישט, איך קאָן נישט!

טרערן האָבן אים אָנגעהויבן רינען פון די אויגן און, אָנווייזנדיק סטאַשן אויפן רויט-צעפלאַמטן הימל, האָט ער קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— לאָמיך כאָטש צוזאַמען מיט מיינע איבעריקע מענטשן אַוועקגיין אין יענעם ווייטן וועג אַריין...

סטאַש האָט זיך צעוויינט, ווי אַ ביבער.

# XXXIV.

צומאָרגנס איז סטאַש ווידער געקומען. די נעגערן זענען נאָך אַלץ אַזוי געלעגן פאַרזונקען אין זייער אייביקן שלאָף. דער הימל איז דעם טאָג געווען ריין, אָן וואָלקנס, הויך, גרויליך-בלוי און עפּעס אַזוי אוימעטיק.

לינדע איז נאָך געווען באַם פולן זינען, אָבער ער איז וואָס אַמאָל שוואַכער געוואָרן. נאָכן איבערבינדן די וואונד האָט ער סטאַשן איבערגעגעבן פּאַפּירן, וואָס זענען געווען פאַרמאַכט אין אַ בלעכערנעם פוטעראַל, ער האָט דאָס איבערגעלאָזט אונטער זיין השגחה און מער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט שוין נישט געקאָנט מער עסן, אָבער דער דורשט האָט אים שרעקלעך געפּייניקט. אַ שטיק נאָך פאַר זון-אונטערגאַנג האָט ער שוין אָנגעהויבן צו רעדן פון היץ. ער האָט גערופן, ווי אויף קינדער עפּעס, אַז זיי זאָלן נישט צו ווייט אַוועקשווימען אויף דער אָזיערע, צום סוף האָט ער זיך אָנגעהויבן וואַרפן אין אַ שוידער און דעם קאָפּ מיט ביידע הענט אַרומגענומען.

אויפן צווייטן טאָג האָט ער שוין סטאַשן לחלוטין נישט דערקענט,

און אין דריי טאָג שפּעטער איז ער פּונקט מיטאָג־צייט געשטאָרבן, נישט קומענדיק שוין מער צום באַוואוסטזיין. סטאַש האָט אים האַרציק באַווינט, דערנאָך האָבן זיי אים ביידע, ער מיט קאַלין, אַוועקגעטראָגן אין אַ שמאָלער הייל, וואָס האָט זיך אין דער נאָענט געפונען און די עפנונג פאַרלייגט מיט דערנער און מיט שטיינער.

דעם קליינעם נאַשיבו האָט סטאַש צוגענומען צו זיך קיין „קראָקע״, קאַלין אָבער האָט ער געהייסן היטן אויפן אָרט די זאַפּאַסן און באַנאַכט ברענען אַ גרויס פייער לעבן די שלאָפנדיקע. אַליין האָט ער זיך כסדר אַרומגעפּאָרעט צווישן די צוויי טאָלן, איבערפירנדיק די פּעק, דאָס געווער, באַזונדערס אָבער די לאָדונגען צו די רעמינגטאָנען, פון וועלכע ער האָט אַרויסגענומען דעם פּולווער און צוגעגרייט אַ מינע אויפצורייסן דעם פעלז, וואו קינג איז געווען פאַרמאַכט. צום גליק איז נעלן נאָכן טאָג־טעגלעכן איינגעמען די כינין באַדייטנד בעסער געוואָרן, און די פאַרשידנאַרטיקע שפּייזן האָבן געשטאַרקט אירע כוחות. סטאַש האָט זי פונדעסטוועגן נישט גערן און מיט מורא שטענדיק איבערגעלאָזט, און אָפּפאָרנדיק, האָט ער איר נישט דערלויבט אַרויסצוגיין פון בוים און ער האָט פאַרמאַכט די עפענונג מיט שטעכיקע אַקאַציע־צווייגן. ער האָט זי אָבער געמוזט, צוליב די אָן אַ שיעור באַשעפטיקונגען, וואָס זענען אויף אים אַרויפגעפאַלן, איבערלאָזן אונטער מעאַס, נאַשיבוס און סאַבאַס השגחה. צום מערסטן האָט ער זיך אָבער פאַרלאָזט אויף סאַבאַן. ער האָט גלייכער געוואָלט צו עטלעכע מאָל אין טאָג פאָרן נאָך די פּעק אין לינדעס לאַגער אַריין, ווי איבערצולאָזן דאָס מיידעלע איינע אַליין אויף אַ לענגערער צייט. ער האָט זיך טאַקע שרעקלעך אָפּגעהאָרעוועט, אָבער זיין אייגן געזונט האָט אַלע שווערִיקייטן איבערגעטראָגן. יעדנפאַלס זענען ערשט אין צען טאָג אַרום די פּעק געוואָרן פונאַנדערגעטיילט, די ווייניקער נויטיקע האָט ער באַגראָבן אין היילן, די מער גויטיקערע זענען געוואָרן איבערגעפירט קיין „קראָקע״, — די פערד זענען אויך אַרויפגעבריינגט געוואָרן אויפן באַרגשפּיץ, און אויף די פערד האָט מען געבריינגט צו פירן אַ שפּאָרע צאָל רעמינגטאָנען, וואָס קינג האָט דאָס געזאָלט טראָגן.

אין משך פון דער צייט האָט זיך אין לינדעס לאַגער יעדעס מאָל ווער פון די שלאָפנדיקע נעגער אויפגעכאַפּט פאַר דער לעצטער גסיסה, אַנטלאָפן אין דער דזשונגליע און שוין מער נישט צוריקגעקומען. ס'זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וואָס זענען באַלד אויפן אָרט געשטאָרבן, און אַ טייל האָבן זיך, לויפנדיק בלינדערהייט, צעשמעטערט די קעפּ אָן די

פעלזן-וועגט אין לאַגער אַליין, אָדער אין דער נאָענט פון לאַגער. דידאָזיקע האָט שוין קאַלי געמוזט באַגראָבן. נאָך צוויי וואָכן איז שוין אײבערגעבליבן נאָר אײנער, אָבער אויך דער איז באַלד אין שלאָף — פון אָפּגעצערטקייט — געשטאָרבן.

ענדלעך איז אָנגעקומען די צייט אויפצורייסן דעם פעלז און צו באַפרייען קינגן. ער איז שוין אַזוי היימיש געווען, אַז ער האָט אויפן באַפעל פון סטאַשן אים אַ כאַפּ געטון אויף דער טראָמבע און צו זיך אויפן קאַרג אַרויפגעזעצט. ער איז אויך צוגעוואוינט געוואָרן צו טראָגן אויף זיך משאות, וואָס קאַלי האָט מיט דער הילף פון אַ באַמבוס-לייטער אויפן רוקן אים אַרויפגעצויגן. נעל האָט באַהויפּטעט, אַז מען באַלאַדנט אים צו פיל, אָבער אינדעראמתן האָט דאָס אַלץ פאַר אים אויסגעמאַכט ווי אַ פליג, די פעק, וואָס זענען געבליבן נאָך לינדען, האָבן ערשט דעמאָלט געקאָנט זיין אַ גישקשהדיקע משא. מיט סאַבאַן, פאַר וועלכן ער האָט מתחילת באַם דערזעען אים אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אומרויקייט, האָט ער זיך שוין ביסלעכווייז געהאַט באַפריינדעט און געשפּילט זיך מיט אים אויף אַזאַ אופן, וואָס ער האָט אים מיט דער טראָמבע אומגעוואָרפן אויף דער ערד, און סאַבאַ האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט אים געביסן. טיילמאָל אָבער האָט ער דעם הונט אומגעריכט מיט וואַסער אָפּגעגאָסן, וואָס יענער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ שפּאַס, אָבער פון זייער אַ שלעכטן מין.

צום מיינסטנס האָט די קינדער געפרייט דאָס, וואָס די פאַרשטענדיקע און ערנסט-דענקנדיקע חיה האָט פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס מ׳האָט פון איר פאַרלאַנגט און זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון נישט נאָר פון איטלעכן באַפעל, נאָר אויך פון איטלעכער פאַראָדנונג, פון יעדןווינק אַפילו. אין דעם פּרט שטייגן די העלפאַנטן אָן אַ שיעור איבער אַלע אַנדערע שטוב-חיות, און קינג האָט אומפאַרגלייכלעך איבערגעשטיגן סאַבאַן, וועלכער האָט אויף אַלע נעלס התראותן אַ דריי געטון מיטן וויידל, און דערנאָך האָט ער זיך געטון, וואָס ער האָט געוואָלט. קינג האָט נאָך עטלעכע וואָכן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז, למשל, די פערזאָן, וועלכער מען דאַרף אַלץ פאָלגן, איז סטאַש, און די פערזאָן, וועגן וועלכער אַלע דאגהנען אַזוי — איז נעל. האָט ער דעריבער צום פינקלעכסטן אויסגעפירט סטאַשס באַפעלן, און צום מיינסטנס ליב געהאַט נעלן. פון קאַלין האָט ער זיך ווינציק וואָס געמאַכט, און מעאַן האָט ער לגמרי גרינגגעשעצט.

סטאַש האָט נאָכן צוגרייטן די מינע זי אַריינגעשטופּט אין דעם
טיפסטן שפּאַלט, נאָכדעם האָט ער דעם שפּאַלט געגעצלעך פאַרקלעפּט
מיט ליים, איבערלאָזנדיק נאָר אַ קליינע עפענונג, דורך וועלכער עס האָט
אַראָפּגעהאָנגען אַ שנור, וואָס איז געווען אָפּגעפּלאָכטן פון טרוקענע פּאַל־
מען־פעדעם און איינגעריבן מיט צעמאָלענעם פולווער. די אַנטשלאָסענע
רגע איז ענדלעך אָנגעקומען: סטאַש אַליין האָט אָנגעצינדן דעם באַפּיל־
ווערטן שנור, דערנאָך איז ער אַנטלאָפן, וויפיל כוח ער האָט נאָר אין
די פיס פאַרמאָגט, צום בוים, אין וועלכן ער האָט פריער אַלע געהאַט
פאַרמאַכט. נעל האָט זיך געזאָרגט, צי קינג וועט זיך אַמאָל נישט צו פיל
איבערשרעקן, אָבער דאָס בחורל האָט זי באַרויקט קודם כל דערמיט,
וואָס ער האָט אויסגעקליבן אַ טאָג, אין וועלכן עס איז אינדערפרי גע־
האַט געווען אַ שטורעם מיט דונערן, והשנית, מיט דער פאַרזיכערונג, אַז
די ווילדע העלפאַנטן הערן נישט איינמאָל דעם קנאַל פון דונערן, ווען
די נאַטור־כוחות צעווילדעווען זיך איבער דער דזשונגליע. זיי זענען פונ־
דעסטוועגן געזעסן מיט קלאַפּעדיקע הערצער, ציילנדיק אַ מינוט נאָך אַ
מינוט. אַ מוראדיקער קנאַל האָט ענדלעך אויפגעטרייסלט מיט דער לופט,
אַזוי, אַז דער ריזיקער באַאָבאַב האָט אַ ציטער געטון פון אויבן ביז
אַראָפּ, און דער איבעריקער נישט אויסגעקראַצטער האַלץ־שטויב האָט זיך
זיי אויף די קעפּ אַרויפגעשיט. סטאַש איז אין דער זעלבער סעקונדע
אַרויסגעשפּרונגען פון בוים, און אויסמיידנדיק די טאָל־פאַרקרימונגען, איז
ער אַוועקגעלאָפן צום דורכגאַנג.

די רעזולטאַטן פון דעם אויפרייס זענען געווען אומגעהייערע. איין
העלפט פון דעם קאַלך־פעלז האָט זיך צעשיט אויף פּיצ־פּיצלעך, די
צווייטע העלפט האָט געפּלאַצט אויף עטלעכע גרעסערע און קלענערע
שטיקער, וועלכע דער כוח פון דער עקספּלאָזיע האָט זיי צעוואָרפן אויף
אַ געננג באַדייטנדן שטח.

דער העלפאַנט איז געווען פריי.

דאָס דערפרייטע בחורל איז איצט אַ שפּרונג־צו געטון צום ברעג
פון ראַנד, וואו ער האָט שוין געטראָפן דאָרטן נעלן צוזאַמען מיט מעאַן
און מיט קאַלין. קינג האָט זיך פונדעסטוועגן אַ ביסל איבערגעשראָקן,
און צוריקטרעטנדיק אויפן סאַמע ברעג פון טאָל, איז ער געבליבן שטיין
מיט אַן אויפגעהויבענער טראָמבע, קוקנדיק אין דער זייט אַריין, פונוואַ־
נען עס האָט זיך דערטראָגן דערדאָזיקער אומגעהייערער קנאַל. אָבער,
ווען נעל האָט אים אָנגעהויבן צו רופן, האָט ער באַלד אויפגעהערט צו

באַוועגן מיט די אויערן, און ווען זי איז צו אים אַראָפּגעגאַנגען דורך דעם שוין אָפּענעם דורכגאַנג, האָט ער זיך פֿולשטענדיק באַרויִקט. מער אָבער פֿאַר קינגן האָבן זיך גאָר דערשראָקן די פֿערד, פֿון וועלכע צוויי זענען אַנטלאָפֿן געוואָרן אין דער דזשונגליע, אַזוי, אַז קאַלי האָט זיי ערשט פֿאַרן סאַמע זון אונטערגאַנג אָפּגעפֿונען.

דעם זעלבן טאָג נאָך האָט נעל אַרויסגעפֿירט קינגן „אויף דער וועלט אַרויס". דער ריז איז איר, ווי אַ קליין הינטל, געהאָרכזאַם נאָכגעגאַנגען. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעבאָדן אין טייך און אַליין שוין אַ טראַכט געטון וועגן זיין אָוונט־עסן, און נעמלעך אויף אַזאַ מין אופֿן, וואָס ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן אַ גרויסן סיקאָמאָר, צעבראָכן אים, ווי אַ שוואַך שטעקעלע, און דערנאָך האָט ער זאָרגזאַם אַרומגעגעסן אַלע זיינע פּירות מיט די בלעטער.

פֿאַרנאַכט איז ער אָבער צוריקגעקומען צום בוים, און אַריינשטעקנדיק יעדע ווײַלע דורך דער עפֿענונג זיין ריזיקע נאָז, האָט ער אַזוי עקשנותדיק און נישט אָפּטרעטנדיק געזוכט נעלן, אַז סטאַש האָט אים סוף כּל סוף געמוזט געבן אַ נישקשהדיקן זעץ איבער דער טראָמבע.

צום מיינסטנס איז אָבער פֿון דעם רעזולטאַט פֿון הייַנטיקן טאָג צופֿרידן געווען קאַלי, מחמת ס'איז אים אַראָפּ אַן עול פֿון קאָפּ צונויפֿצוזאַמלען שפּייז פֿאַר דעמדאָזיקן ריז, וואָס דאָס איז לגמרי נישט געווען קיין לייכטע זאַך. סטאַש מיט נעלן האָבן אים טאַקע געהערט, ווי ער האָט, אָנצינדנדיק דאָס פֿייער צום נאַכט־עסן, געזונגען אַ נייעם פֿריידיקן הימן, וואָס איז באַשטאַנען פֿון די פֿאָלגנדע ווערטער:

— דער גרויסער האַר דערהרגענען מענטשן און אַ לייב! איאַה, איאַה! דער גרויסער האַר צעקרישלען פֿעלזן, איאַה! דער העלפֿאַנט אַליין ברעכן צווייגן און קאַלי אַרומגיין ליידיק און עסן — איאַה! איאַה!

די רעגן־צייט, אָדער די אַזוי גערופֿענע „מאַסיקאַ", האָט שוין געהאַלטן באַם סוף. עס פֿלעגן נאָך זיין כּמורנע און מבולדיקע טעג, אָבער ס'פֿלעגן שוין אויך זיין שיינע ווֶעטערן. סטאַש האָט באַשלאָסן זיך איבערצוטראָגן אויף דעם באַרג, וואָס לינדע האָט אים אָנגעוויזן און דעם באַשלוס האָט ער דורכגעפֿירט באַלד נאָכן באַפֿרייען קינגן. נעלס געזונט־צושטאַנד איז שוין נישט געשטאַנען אין וועג, מחמת זי האָט זיך געפֿילט באַדייטנד בעסער.

האָט ער, אויסקלויבנדיק דעריבער אַ שיינעם פֿרימאָרגן, זיך אַוועק־
געלאָזט אויף דרום. זיי האָבן שוין איצט נישט קיין מורא געהאַט פֿאַר־
בלאָנדזשעט צו ווערן, וואָרום דאָס בחורל האָט געירשנט נאָך ליגדען,
צווישן די אָן אַ שיעור אַלערליי זאַכן, אַ קאָמפּאַס און אַן אויסגעצייכנטן
שפּאַקטיוו, דורך וועלכן מ׳האָט לייכט געקאָנט דערזעען די ווייטסטע
געגנטן אַפילו. אַ חוץ סאַבאַן מיטן אייזל, זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען
פֿינף באַלאָדנטע פֿערד און דער העלפֿאַנט. דערדאָזיקער האָט, אַ חוץ די
פּעק אופֿן רוקן, נאָך געטראָגן אויפֿן קאַרג נעלן, וועלכע האָט אויסגע־
זעען צווישן זיינע אומגעהייערע אויערן, ווי זי וואָלט געזעסן אין אַ
גרויסן פֿאָטעל. סטאַש האָט אָן שום ווייטיק אין האַרץ פֿאַרלאָזט דעם
באַרג־שפּיץ, וואָס איז בײַם טייך געשטאַנען און דעם באַאָבאַב, מחמת
דאָס האָט אים דערינערט אָן נעלס קרענק. דאַקעגן דאָס מיידעלע האָט
מיט אומעטיקע אויגן געקוקט אויף די פֿעלזן, אויפֿן בוים, אויפֿן וואַסער־
פֿאַל און זי האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז זי וועט זיך נאָך דאָ אַמאָל
אומקערן, אַז זי וועט זיין אַ „גרויסע”.

נאָך אומעטיקער אָבער איז געווען דער קליינער באַשיבו, וועלכער
האָט בתמימות ליב געהאַט זיין אַמאָליקן האַר — און איצט האָט ער
רייטנדיק אויפֿן אייזל הינטער דעם קאַראַוואַן, יעדע ווײַלע מיט טרערן
אין די אויגן זיך אומגעקוקט אין דער זייט אַריין, וואו דער אָרעמער
לינדע איז איבערגעבליבן אַזש ביזן טאָג פֿון גרויסן יום הדין.

אַ ווינט האָט געבלאָזן פֿון צפֿון און ס׳איז אַן אומגעווייניטלעך קי־
לער טאָג געווען. אַ דאַנק דעם האָבן זיי נישט געדאַרפֿן איבערוואַרטן
פֿון צען אַ זייגער ביז דריי, כּל זמן עס וועט נישט אַריבערגיין די גרע־
סערע היץ — און זיי האָבן מער וועג געקאָנט אָפּמאַכן, ווי עס מאַכן גע־
וויינטלעך אַנדערע קאַראַוואַנען. עס איז נישט געווען קיין ווייטער וועג,
ווייל נאָך עטלעכע שעה פֿאַר זון־אונטערגאַנג האָט סטאַש שוין דערזעען
דעם באַרג, צו וועלכן זיי האָבן געצילט. אין דער ווייטקייט האָט זיך
אויפֿן פֿאָן פֿון הימל געצייכנט אַ לאַנגער פּאַס פֿון אַנדערע בערג־שפּיצן,
און דערדאָזיקער באַרג האָט זיך אויפֿגעהויבן נענטער און באַזונדער,
פּונקט ווי אַן אינזל צווישן אַ ים פֿון דזשונגליעס. ווען זיי זענען נענטער
צוגעקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיינע שאַרף־אָפּגעהאַקטע זייטן
זענען אַרומגעגאָסן מיט דעם זעלבן טייך, לעבן וועלכן זיי זענען פֿריער
געזעסן. דער שפּיץ איז געווען אָפּגעהאַקט, פֿולשטענדיק פֿלאַך, און פֿון
אונטן געזען, האָט ער זיך אויסגעוויזן צו זיין באַדעקט מיט איין גע־

דיכטן וואַלד. סטאַש האָט אויסגערעכנט, אַז, ווי באַלד יענער באַרג=שפּיץ, אויף וועלכן עס איז געוואַקסן זייער באַאָבאַב האָט זיך געפֿונען אויף אַ הייך פֿון זיבן הונדערט מעטער, און דער באַרג האַלט אַכט הונדערט, וועלן זיי אַלזאָ וואוינען אויף אַ הייך פֿון טויזנט פֿינף הונדערט מעטער, קומט אויס, הייסט עס, אין אַ קלימאַט, וואָס איז נישט קיין סך היי=סער פֿון עגיפּטישן. דערדאָזיקער געדאַנק האָט אים צוגעגעבן מוט און חשק ווי צום גיכסטן צו פֿאַרנעמען דאָסדאָזיקע נאַטירלעכע פֿעס=טונג.

דעם איינציקן פֿעלזן=רוקן, וואָס האָט געפֿירט צו דעם באַרג, האָבן זיי לייכט געפֿונען און זיי האָבן אָנגעהויבן איבער אים אַרויפֿקלעטערן. אין אַנדערטהאַלבן שעה אַרום זענען זיי געווען אויפֿן שפּיץ. דערדאָזיקער וואַלד, וואָס זיי האָבן פֿון אונטן געזעען, איז באמת טאַקע געווען אַ וואַלד, אָבער פֿון באַנאַנען. דערזעענדיק דאָס, האָבן זיך אַלע אויסערגע=ווייניטלעך דערפֿרייט, אַפֿילו קינג אויך, אָבער באַזונדערס איז צופֿרידן געווען סטאַש, ער האָט נעמלעך געוואוסט, אַז ס׳איז גאָרנישט דאָ אין אַפֿריקע קיין נאַרהאַפֿטערע, געזונטערע און פֿון יעדער מין קרענק אָפּהיטנדיקע שפּייז, ווי דאָס מעל פֿון געטרוקנטע באַנאַנען-פֿרוכטן. און ס׳איז געווען אַזוי פֿיל, אַז ס׳האָט געקענט קלעקן אַפֿילו אויף אַ גאַנץ יאָר.

צווישן די ריזיקע בלעטער פֿון דידאָזיקע געוויקסן זענען געווען פֿאַרבאָרגן די נעגערישע הייזלעך, טייל זענען געוואָרן פֿאַרברענט בעת דעם אָנפֿאַל, אַנדערע רוינירט — אַ טייל אָבער זענען געבליבן גאַנץ. אינדערמיטן איז געשטאַנען דאָס גרעסטע הויז, וואָס האָט אַמאָל געהערט צום קעניג פֿון דעם דערפֿל. עס איז געווען שיין אויסגעקלעפּט פֿון ליים, מיט אַ ברייטן דאַך, וואָס האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַרום די ווענט ווי אַ מין וועראַנדע. פֿאַר די הייזלעך זענען דאָ און דאָרט געלעגן ביינער און גאַנצע מענטשלעכע סקעלעטן, ווייסע ווי קרייד, מחמת זיי זענען אָפּ=געריייניקט געוואָרן דורך די מאָרעוועקעס, וועגן זייער איבערפֿאַל האָט טאַ=קע לינדע דערמאַנט. זינט דעמדאָזיקן איבערפֿאַל זענען שוין געהאַט פֿאַרביי שיינע עטלעכע וואָכן, פֿונדעסטוועגן האָט זיך נאָך אין די הייז=לעך געשפּירט דער זויערער גערוך פֿון די מאָרעוועקעס און מען האָט אין דידאָזיקע הייזלעך נישט געזעען לחלוטין קיין שום קאַראַקולן, וואָס ווימ=לען שטענדיק אין די נעגערישע ליים=וואוינונגען, נישט קיין שפּינען, נישט קיין סקאָרפּיאָנען, נישט קיין שום אַנדערע קלענערע אינזעקטן. דאָס

אַלץ האָבן אויפגערוימט די שרעקלעכע „סיאַפּו". מען האָט געקענט דע־ריבער גאַנץ זיכער זיין, אַז אויף דעם גאַנצן באַרג־שפּיץ געפינט זיך נישט קיין איין שלאַנג, וואָרן אפילו די באַאַס פאַלן אַ קרבן פון דידאָזיקע היציקע קליינע קריגס־לייט.

נאָכן אַריינברענגען נעלן מיט מעאַן אין דעם הויפּטמאַנס הייזל, האָט סטאַש אַרויסגעגעבן אַ באַפעל קאַלין מיט נאַשיבון אָפּצורוימען דעם פּלאַץ פון די מענטשלעכע ביינער. די שוואַרצע בחורים האָבן דעם באַ־פעל אויסגעפירט אויף אַזאַ מין אופן, אַז זיי האָבן גענומען און אַריינ־געוואָרפן די ביינער אין טייך, וואָס האָט זיי ווייטער פאַרטראָגן. בשעת דעררדאָזיקער אַרבעט האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז לינדע האָט געהאַט אַ טעות, מיינענדיק, אַז זיי וועלן אויפן באַרג קיין שום לעבעדיק נפש נישט טרעפן. די שטילקייט, וואָס האָט דאָ געהערשט נאָכן אויספּאַנגען די מענטשן דורך די דערווישן און דער אָנבליק פון די באַנאַנען האָט דאָ צוגעצויגן אַ שפּאָרע סטאַדע שימפּאַנסן, וועלכע האָבן אויף די העכ־סטע ביימער זיך אפילו איינגעאָרדנט אַזעלכע מיני פּאַראַסאָלן אָדער דעכ־לעך צו באַשיצן זיך פון רעגן. סטאַש האָט זיי נישט געוואָלט דער־הרגענען, אָבער ער האָט באַשלאָסן זיי אַרויסצויאָגן און צוליב דעם האָט ער אויסגעשאָסן אין דער לופט. דאָס האָט אַרויסגערופן בײַ זיי אַן אַל־געמיינע מהומה, וואָס האָט זיך דערמיט נאָך מער פאַרגרעסערט, ווען נאָכן שאָס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס באַסאָווע בילן פון סאַבאַן אין ווען קינג, וועלכער איז פון דעם גערודער אויפגעהייטערט געוואָרן, האָט אימהדיק אַ טרומייטער געטון. די מאַלפּעס אָבער האָבן, כדי אויס־צופירן דעם ריקצוג, נישט געדאַרפן זוכן דעם פעלד־רוקן. אָנכאַפּנדיק זיך בײַ די פעלזן־שטיקער, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט צום טייך און צו די ביימער, וואָס זענען לעבן אים געוואַקסן מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז סאַ־באַס ציין האָבן קיין איינע נישט באַוויזן אויפצוכאַפּן.

די זון איז פאַרגאַנגען. קאַלי מיט נאַשיבון האָבן אָנגעהייצט אַ פייער אָפּצוקאָכן דאָס נאַכטעסן. סטאַש האָט, נאָכן אויפפּאַקן די נויטיקע זאַכן אויף באַנאַכט, זיך אַוועקגעלאָזט אין דעם קעניגס הייזל אַריין, וואָס נעל האָט פאַר ומען. אין דעם הייזל איז געווען ליכטיק און פרייליך, מחמת מעאַ האָט אָנגעצונדן נישט דעם קאַגאַניק, וואָס האָט באַלויכטן דעם חלל פון דעם באַאָבאַב, נאָר דעם גרויסן וועגס־לאָמפּ, וואָס זיי האָבן געפירשנט נאָך לינדן. נעל האָט זיך לחלוטין נישט געפילט פאַרמאַטערט פון דעם וועג אין אַזאַ קילן טאָג און זי איז אַריינגעפאַלן אין אַן אויס־

געצייכנטן הומאָר, בפרט נאָך, ווען סטאַש האָט איר מודיע געווען, אַז די מענטשלעכע ביינער, פאַר וועלכע זי האָט אַזוי מורא געהאַט, זענען אָפּגערוימט געוואָרן.

— ווי גוט דאָ איז, סטאַש! — האָט זי אויסגערופן. — קוק, אפילו די פּאָדלאָגע איז אויך מיט זשיוויצע אויסגעגאָסן. ס'וועט דאָ אונז זיין אויסגעצייכנט.

— מאָרגן וועל איך ערשט געבוי באַקוקן אונזער קאָלאָניע — האָט ער אָפּגעענטפערט — אורטיילנדיק אָבער בלויז פון דעם, וואָס כ'האָב היינט געזען, קאָן מען דאָ אַלע יאָרן אָפּלעבן.

— ווען אַזוי מיט די טאַטעשעס צוזאַמען, וואָלט מען געקאָנט. אָבער ווי אַזוי וועט די קאָלאָניע הייסן?

— דער באַרג דאַרף הייסן אין דער געאָגראַפיע דער לינדע־באַרג, און דאָסדאָזיקע דערפל זאָל אַזוי הייסן, ווי דו: נעל.

— וועל איך, הייסט עס, אויך זיין אין דער געאָגראַפיע? — האָט זי מיט גרויס שמחה אויסגערופן.

— וועסט זיין, וועסט זיין — האָט סטאַש מיט דער פולסטער ערנסטקייט געענטפערט.

## XXXV.

אויפן צווייטן טאָג האָט אַ ביסל גערעגנט, נאָר מחמת עס זענען אויך געווען שעהן, וואָס דאָס וועטער איז געווען שיין, האָט זיך סטאַש באַלד אינדערפרי אַרויסגעלאָזט באַקוקן זיין גוט און ביז מיטאָג האָט ער אַלע ווינקעלעך שוין פולשטענדיק געהאַט באַזעען. דער איבערזיכט איז בכלל אויסגעפאַלן זייער גינסטיק. קודם כל, וואָס שייך אַ זיכער אָרט, איז דער לינדע־באַרג, קאָן מען זאָגן, געווען דאָס אויסדערוויילטסטע אָרט אין גאַנץ אַפריקע. די זייטן זיינע האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין צוטריטלעך סיידן נאָר פאַר שימפּאַנסן. לייבן און אַנטילאָפּן האָבן בשום אופן נישט געקאָנט אַרויפקלעטערן אויף דערדאָזיקער הויכער פלאַכקייט. וואָס שייך ווייטער דעם פעלזיקן רוקן, איז נאָר גענוג געווען אַוועקצושטעלן באַם איינגאַנג קינגן, כדי מען זאָל זיכער קאָנען אויף ביידע אויערן שלאָפן. סטאַש איז

געקימען צו דער איבערצייגונג, אַז ער וואָלט זיך אפילו געקאָנט דאָ קלענערע אָפּטיילונגען פון דערווישן אַנטקייגנשטעלן, מחמת דער וועג, וואָס האָט געפירט אויפן באַרג אַרויף, איז אַזוי שמאָל געווען, אַז קינג איז קוים דורך אים דורכגעגאַנגען — אין אַ גוט באַוואָפנטער מענטש וואָלט קיין שום לעבעדיק נפש געקענט נישט אַדורכלאָזן. אינדערמיט פון דעם „אינזל” האָט געשלאָגן אַ קוואַל פון קאַלט און ווי קריסטאַל ריין וואַסער, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטראָם און, פליסנדיק געשלענגלט צווישן די באַנאַנען-וועלדלעך, איז ער ענדלעך פון דעם שאַרף-אָפּגעהאַקטן פעלזן אַראָפּגעפאַלן אין טייך אַריין, שאַפנדיק אַ שמאָלן, צו אַ ווייסער באַנד ענלעכן וואַסערפאַל. אויף דער דרומדיקער זייט פון „אינזל” זענען געלעגן פעלדער, וועלכע זענען געדיכט געווען באַדעקט מיט לאַניאַק, וואָס זיינע וואָרצלען זענען געווען די באַליבסטע שפּייז פון די נעגערן. נאָך די פעלדער האָבן זיך אויפגעהויבן גרופּעס אומגע-הייער-ריזיקע קאָקוס-פּאַלמען מיט קרוינען, וואָס זענען ענלעך געווען צו הערלעכע פעדערבושן.

דאָס „אינזל” איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ים פון דזשונגליעס און זען האָט מען געקאָנט פון אים זייער ווייט. פון מזרח-זייט האָט זיך געבלויט דער פּאַס פון די קאַראַמאַיאַ-בערג. אויף דרום-זייט האָט מען אויך געזען באַדייטנדע הויכקייטן, וואָס זענען, אורטיילנדיק לויט זייער טונקעלן קאָליר, וואַרשיינלעך געווען באַדעקט מיט וועלדער. דאַקעגן אויף מערב-זייט איז דער בליק געלאָפן אַזש ביז דער האָריזאָנט-גרעניץ, וואו די דזשונגליע האָט זיך צוזאַמענבאַהאָפטן מיטן הימל. סטאַש האָט פונדעסטוועגן מיט דער הילף פון לינדעס שפּאַקטיוו דערזען אָן אַ שיעור טאָלן און שיטער-פונאַנדערגעוואָרפענע מעכטיקע ביימער, וואָס האָבן זיך ווי די טורעמס איבער די גראָזן אויפגעהויבן. אין די ערטער, וואו דאָס גראָז איז נאָך נישט געהאַט אַזוי הויך אויפגעוואַקסן, האָט מען אפילו מיטן בלויזן אויג געקאָנט זען גאַנצע סטאַדעס אַנטילאָפּן און זיעברעס, אָדער מחנות העלפאַנטן און בופלאָקסן. דאָ און דאָרט האָבן זשיראַפן דורכגעשניטן די גרוי-גרינע אויבערפלאַך פון דער דזשונגליע, פונקט ווי די דאַמפערס שניידן דורך די אויבערפלאַך פון ים. האַרט לעבן טייך האָבן זיך עטלעכע וואַסער-ציגן געשפּילט, און אַנדערע האָבן יעדע ווייל אַרויסגעשטעקט זייערע באַהאָרנטע קעפּ פון דער טיפעניש. דאָרט, וואו דאָס וואַסער איז געווען רויק, זענען יעדע ווייל אַרויסגעשפּרונגען פיש, פון וועלכע קאָלי האָט געכאַפּט און, שימערירנדיק ווי זילבערנע

שטערן אין דער לופט, זענען זיי צוריק אין וואַסער אַריינגעפאַלן. סטאַש האָט באַ זיך געהאַט באַשלאָסן, אַז ווען דאָס וועטער וועט זיך איינשטעלן, וועט ער אַהערברענגען נעלן, כדי צו ווייזן איר דידאָזיקע גאַנצע מענאַזשעריע.

אויפן „אינזל" דאַקעגן זענען קיין שום גרעסערע חיות נישט געווען, דערפאַר אָבער איז געווען אָן אַ שיעור שמעטערלינגען און פייגל. גרויסע שניי־ווייסע פאַפוגייען, מיט שוואַרצע שנאָבלען און געלע קעפּלעך זענען דורכגעפלויגן איבער די קוֹשאַקעס גאָיאַוון; קליינינקע, הערלעך באַפּעדערטע „אַלמנות"*) האָבן זיך געוויגט אויף די דינע שטענגעלעך פון מאַניאָק, שימערנדיק און בלישטשענדיק, ווי די טייערע שטיינער, און פון די הויכע קאָקאָסן האָבן זיך דערטראָגן קולות פון אַפריקאַנישע קוקאַווקעס און האַרציקע, צו יאָמערן ענלעכע, קוואַקערייען פון טע־קלטויבן.

סטאַש האָט זיך אומגעקערט פון דעם איבערזיכט מיט אַ פרייד אין האַרץ: „די לופט איז געזונט, — האָט ער זיך געטראַכט — פולשטענדיקע זיכערקייט, שפּייז לרוב און פרעכטיק, ווי אין גן עדן!" ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין נעלס הייזל אַריין, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז אויפן אינזל האָט זיך פונדעסטוועגן אָפּגעזוכט אַ גרעסערע חיה, און אפילו צוויי, מחמת דער קליינער נאַשיבו האָט אין דער באַנאַנען־געדיכטעניש אַנטדעקט אַ ציג מיט אַ ציגעלע, וואָס די דערווישן האָבן נישט באַוויזן צוצורויבן. די ציג איז שוין געווען אַ ביסל פאַרווילדעט, דאָס ציגעלע אָבער האָט זיך באַלד באַפריינדעט מיט נאַשיבון, וועלכער איז אָן אַ שיעור צופרידן געווען פון זיין אַנטדעקונג און אויך דערפון, וואָס צוליב אים וועט די „ביבי" איצט האָבן יעדן טאָג אויסגעצייכנטע, פרישע מילך.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— וואָס וועלן מיר איצט טון, סטאַש? — האָט נעל אין אַ געוויסן טאָג, ווען זיי האָבן זיך שוין פיין געהאַט איינגעפונדעוועט אויף דעם „אינזל" אַ פרעג געטון.

*) אוּעלכּע שמעטערלינגען.

— צו טון איז דאָ אַ סך — האָט דאָס בחורל אָפּגעענטפערט. דערביי האָט ער, פונאַנדערשטעלנדיק די פינגער פון איין האַנט, אָנגעהויבן אויסרעכענען אויף זיי אַלע אַרבעטן, וואָס וואַרטן אויף זיי.

— קודם כל, דאַרף מען קאַלין, מעאַן און נאַשיבון אָנהייבן לערנען און אויסבילדן. והשנית, דאַרף מען אָנרויכערן פלייש אויף דער קומענדיקער רייזע, און דעריבער דאַרף איך גיין אויף יאַגד; דריטנס, אַזוי ווי איך פאַרמאָג אַ סך געווער און קוילן, וויל איך קאַלין אויסלערנען שיסן, כדי מיר זאָלן זיין צוויי מאַן צום פאַרטיידיקן זיך; און פערטנס, צי האָסטו פאַרגעסן דען אָן די פאַפירענע פייגל?

— אָן די פאַפירענע פייגל?

— יאָ, און וועלכע דו אַליין וועסט טאַקע צוזאַמענקלעבן, אָדער, נאָך בעסער, צוזאַמענניִיען. און דאָס וועט זיין דיין באַשעפטיקונג.

— איך וויל נישט בלויז זיך שפּילן.

— דאָס וועט לחלוטין נישט זיין קיין שפּילעכל, נאָר אַן אַרבעט, און אפשר די נוצלעכסטע פון אַלע אַרבעטן. מיין נישט ווייטער, אַז מיט איין פויגל איז די אַרבעט געענדיקט, דו וועסט דאַרפן צוגרייטן אַ פינפציק שטיק, אָדער אפשר נאָך מער.

— אָבער צו וואָס אַזוי פיל? — האָט דאָס פאַראינטערעסירטע מיידעלע געפרעגט.

דענטסמאָל האָט סטאַש אָנגעויבן פאַר איר פונאַנדערצווויקלען זיינע פּלענער און האָפענונגען. זיי וועלן נעמלעך אויף יעדן פויגל אויפשרייבן ווי אַזוי זיי הייסן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די דערווישן, וואו זיי געפינען זיך און וואוהין זיי גייען. ער וועט אויך אויפשרייבן, אַז זיי בעטן הילף און אויך איבערצושיקן אַ דעפּעשע קיין פּאָרט-סאַיִד. דערנאָך וועט ער כסדר נעמלעך לאָזן די פייגל נאָר דעמאָלט, ווען דער ווינט וועט בלאָזן פון מערב קיין מזרח.

— אַ סך פון זיי — האָט ער געזאָגט — וועלן טאַקע אַראָפּפאַלן אויף נישט קיין ווייטן מרחק, אַ סך וועלן די בערג פאַרהאַלטן, אָבער זאָל נאָר איינער דערפליען צום ברעג און אַריינפאַלן אין אייראָפּעישע הענט — דעמאָלט זענען מיר געראַטעוועט!

נעל איז אַנטציקט געווען פון דעמדאָזיקן פּלאַן און זי האָט דערקלערט, אַז מיט סטאַשס חכמה קאָן זיך אפילו קינג נישט פאַרגלייכן. זי-

איז פוּלשטענדיק זיכער געווען, אַז אַ גרויסע צאָל פייגל וועלן דער־פליען אפילו צו די טאַטעשיס — און זי האָט מבטיח געווען זיי צו־קלעבן פון דער פרי אָן ביז באַנאַכט. איר פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז סטאַש האָט, מורא האָבנדיק, אַז זי זאָל קיין היץ נישט באַקומען, געמוזט האַמעווען איר התלהבות.

און פון דעמאָלט אָן האָבן זיך די אַרבעטן, וועגן וועלכע סטאַש האָט גערעדט, אָנגעהויבן ווי עס געהער צו זיין. קאַלי, וועלכן מ'האָט געהייסן אָנכאַפּן ווי צום מיינסטן פון די שפּרונגענדיקע פיש, האָט זיי שוין אויפגעהערט צו פאַנגען מיט אָן אַנגעל, דאַקעגן אָבער האָט ער פון דינע באַמבוסן איינגעאָרדנט אַ הויכן פּלויט, אָדער בעסער געזאָגט, אַזאַ מין קראַטע — און דידאָזיקע וואַנט האָט ער פאַרצויגן אין דער ברייט פון טייך. אין דער מיט פון דער קראַטע איז געווען אַ גרויסע עפענונג, דורך וועלכער די פיש האָבן דווקא דאָ אַרום געמוזט אַדורכ־שווימען, וועלנדיק זיך אַרויסבאַקומען אויפן פרייען וואַסער. דידאָזיקע עפענונג האָט קאַלי פאַרשטעלט מיט אַ שטאַרקער נעץ, וואָס איז געווען אָפּגעפלאָכטן פון פאַלמע־שנירלעך; אויף אַזאַ מין אופן האָט ער זיך פאַרזיכערט אַ טאָג־טעגלעכן רייכן פיש־פאַנג.

אָנגעטריבן ווידער די פיש אין דער פאַררעטערישער נעץ אַריין האָט ער מיט דער הילף פון קינגן, וועלכן ער האָט אַריינגעפירט אין וואַסער אַריין און יענער האָט עס צעמישט און אַזוי שטאַרק אויפגעשטו־רעמט, אַז נישט נאָר יענע זילבערנע שפּרינגערלעך, נאָר אפילו די אַלע אַנדערע באַשעפענישן זענען אַנטלאָפן, ווי ווייט זיי האָבן נאָר געקאָנט, אין דעם נישט צעמישטן וואַסער־טיפעניש. ציליב דעם האָט ער אויך גורם געווען אַ סך היזקות, מחמת די אַנטלויפנדיקע קראָקאָדילן האָבן עט־לעכע מאָל די קראַטע איבערגעדרייט, און טיילמאָל האָט דאָס קינג אַליין געמאַכט, ער האָט נעמלעך געפילט צו די קראָקאָדילן עפּעס אַן איינגע־בוירענע שנאה, האָט ער זיי דעריבער נאָכגעיאָגט. ווען די קראָקאָדילן האָבן זיך שוין געפונען אויף דעם פלאַכן וואַסער, האָט ער זיי אויפגע־כאַפּט מיט דער טראָמבע, אַרויסגעוואָרפן אויפן ברעג און עקשנותדיק זיי צעטראַטעוועט.

אין דער נעץ האָבן זיך אויך אָפט געפינען שילדקרעטן, פון וועל־כע די קליינע נע־ונדניקעס האָבן זיך אָפּגעקאָכט אַן אויסגעצייכנטע זופּ. קאַלי האָט אָפּגעשאָבן די פיש, דאָס פלייש געטרוקנט אויף דער זון, און די בלאָזן האָט ער אוועקגעטראָגן צו נעלן, וועלכע האָט זיי צעשניטן,

אויסגעצויגן אויף אַ ברעט און זיי פאַרוואַנדלט ווי אין פערטלעך פּאַפּיר, וואָס זענען געווען אַזוי גרויס, ווי צוויי האַנט-פלאַכן.

דערין האָט איר צוגעהאָלפן סטאַש מיט מעאַן, מחמת די אַרבעט איז לגמרי נישט געווען קיין לייכטע. די הייטלעך זענען, וואָס אַן אמת, געווען גרעבער, ווי די בלאָזן פון אונזערע טייך-פיש, נאָכן אויסטרוקענען אָבער זענען זיי געוואָרן זייער מערביק. סטאַש איז ערשט נאָך אַ געוויסער צייט דערגאַנגען, אַז מען דאַרף זיי טרוקענען אין שאָטן. מאָמענטנווייז האָט ער אָנגעוואוירן דאָס געדולד און אויב ער האָט דעם פּלאַן פון מאַכן די פייגל פון בלאָזן נישט אוועקגעוואָרפן, איז עס נאָר געווען דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז זיי זענען לייכטער פון פּאַפּירענע און מער אויסהאַלטעוודיקער אויפן רעגן. עס האָט זיך שוין, אמת, דערבענטערט די טרוקענע צייט פון יאָר, ער איז אָבער נישט זיכער געווען, צי עס רעגנט נישט אַמאָל אויף זומער-צייט, באַזונדערס אין די בערג.

ער האָט פונדעסטוועגן אויך געקלעבט פייגל פון פּאַפּיר, וואָס ער האָט אין אַ גרויסער צאָל געפונען צווישן לינדעס זאַכן. דער ערשטער, וואָס איז געווען גרויס און לייכט, איז אַוועקגעלאָזט געוואָרן מיטן מערב-ווינט. ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ שלאָג אַרויף געטון זייער הויך, און ווען סטאַש האָט איבערגעשניטן דאָס שנירל, איז ער אַוועקגעפלויגן, ווערנדיק אויפגעכאַפּט פון שטאַרקן לופט-שטראָם, צו דער קייט פון די קאַראַמאָיאָ-בערג. סטאַש האָט אַזוי לאַנג נאָכגעשפּירט זיין פליען מיט דער הילף פון שפּאַקטיוו, כל זמן ער איז נישט געוואָרן אַזוי קליין, ווי אַ שמעטערלינג, ווי אַ פליגעלע און כל זמן ער איז נישט ענדלעך פאַרשמאָלצן געוואָרן אין דער בלאַסער בלויקייט פון הימל. אויפן צווייטן טאָג האָט ער אַוועקגעלאָזט אַן אַנדערן, וואָס איז שוין געמאַכט געוואָרן פון די פיש-בלאָזן. דערדאָזיקער האָט זיך נאָך שנעלער אינדערהייך אַרויפגעשלאָגן, אָבער ער איז, צוליב דער דורכזיכטיקייט פון די הייטלעך אוודאי, אין קורצן פולשטענדיק פון אויג פאַרשווינדן געוואָרן.

נעל האָט אָבער אויסערגעוויינלעך פלייסיק געאַרבעט, אַז אירע פינגערלעך האָבן זיך לסוף אַזוי איינגעאַרבעט און געשיקט געוואָרן, אַז סיי סטאַש, סיי מעאַ האָבן איר נישט געקענט נאָכקומען אין דער אַרבעט. קיין כוחות האָבן איר איצט נישט געפעלט. דער געזונטער קלימאַט פון דעם לינדע-באַרג האָט זי פּשוט געמאַכט ווי ניי געבוירן. דער טערמין אין וועלכן ס'האָט געקענט אָנקומען דער דריטער, שטערבלעכער פ[illegible]

אַטאַק, איז אָן שום ספֿק אַדורך. סטאַש האָט זיך דעם טאָג טיף פֿאַרבאָרגן אין דער באַנאַנען גערדיכטעניש און געוויינט פֿון פֿרייד. נאָך צוויי וואָכן אָפּזיין אויפֿן באַרג האָט ער באַמערקט, אַז די „גוטע מזימו" זעט גאָר לגמרי אַנדערש אויס, ווי זי האָט אויסגעזעען אונטן אין דער דזשונגליע. די בעקלעך זענען איר פֿולער געוואָרן; די פֿאַרב פֿון פּנים איז פֿון געל און דורכזיכטיקייט צוריק ראָז געוואָרן; און פֿון אונטער דער געדיכטער טשופּרינע האָבן פֿ יילעך אויף דער וועלט אַפּערגעקוקט אַ פּאָר אויגן פֿול מיט גלאַנץ. דאָס בחורל האָט געבענטשט די קילע נעכט, דאָס דורכזיכטיקע קוואַל-וואַסער, דאָס מעל פֿון די געטרוקנטע באַנאַנען — און קודם כּל לינדען.

אַליין איז ער אויסגעמאָגערט און שוואַרץ געוואָרן, דאָס איז געווען אַ באַווייז, אַז דער פֿיבער נעמט זיך אין אים נישט אָן, מחמת די, וואָס זענען קראַנק אויף דעם, ברענען זיך נישט אָפּ אויף דער זון, אָבער פֿאַר דאָס איז ער צוגעוואַקסן און מענערישער געוואָרן. די באַוועגונג און די פֿיזישע אַרבעט האָבן אין אים פֿאַרשטאַרקט די מוטיקייט און דעם כּוח. די מוסקולן פֿון זיינע הענט און די פֿיס זענען געוואָרן ווי שטאָל. ער איז שוין באמת געווען אַ פֿאַרהאַרטעוועטער אַפֿריקאַנער רייזנדער. גייענדיק יעדן טאָג אויף יאַגד און שיסנדיק נאָר מיט קוילן, איז ער אויך געוואָרן אַן אומפֿאַרגלייכלעכער שיסער, פֿאַר קיין ווילדע חיות האָט ער שוין לחלוטין נישט קיין מורא געהאַט, מחמת ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז פֿאַר די קודלאַטע און געפֿלעקטע יעגערס אין דער דזשונגליע איז אַ סך געפֿערלעכער זיך מיט אים צו טרעפֿן, ווי אים מיט זיי. איינמאָל האָט ער מיט איין שאָס דערהרגעט אַ גרויסן נאָזהאָרן, וועלכער האָט, ווערנדיק אויפֿגעוועקט פֿון זיין דרימל היגטער אַן אַקאַציע, זיך אומגעריכט אויף אים געוואָרפֿן. פֿון די אָנפֿאַלנדיקע אַפֿריקאַנער בופֿלאָקסן, וועלכע צעיאָגן טיילמאָל גאַנצע קאַראַוואַנען, האָט ער זיך גאָר נישט געמאַכט.

אַ חוץ דעם קלעבן פֿון די פֿייגל און אַנדערע טאָג-טעגלעכע אַרבעטן האָבן זיי ביידע, ער מיט נעלן, זיך פֿאַרנומען אויך מיט לערנען און ציוויליזירן קאַלין, מעאַן און נאַשיבון, אָבער דאָס איז זיי אַ סך שווערער אָנגעקומען, ווי זיי האָבן זיך עס פֿאָרגעשטעלט. דאָס שוואַרצע דריילינג האָבן זייער גערן אויסגעהערט די לימודים, אָבער זיי האָבן עס פֿאַרשטאַנען לויט זייער בנעגערישער אויפֿפֿאַסונג. ווען סטאַש האָט זיי דערציילט וועגן דעם באַשאַפֿן די וועלט, וועגן גן עדן און וועגן שלאַנג,

איז נאָך געווען מיטצודערליידן, אָבער ווען ער איז צוגעקומען צו דעם אָרט, ווי קין דערהרגעט הבלען, האָט זיך קאַלי נישט ווילנדיק אַ גלעט געטון איבערן בויך און מיט דער פולסטער רויקייט זיך אַ פרעג געטון:

— און צי האָט ער אים דערנאָך אויפגעגעסן?

דאָס שוואַרצע בחורל האָט, וואָס אַן אמת, שטענדיק באַהויפּטעט, אַז די וואַ־הימאַ עסן קיינמאָל נישט קיין מענטשן, אָבער אין זכרון איז זיי דאָס, משמעות, איבערגעבליבן אַלס אַ באַציאַנאַלע טראַדיציע.

ער האָט דעסגלייכן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס גאָט האָט נישט דערהרגעט דעם שלעכטן מזימו — און נאָך אַזעלכע ענלעכע זאַכן. אַ באַגריף וועגן גוטס און שלעכטס האָט ער אויך געהאַט אַן עכט אַפריקאַנישן, צוליב וועלכן טאַקע עס איז איינמאָל צווישן לערער און שילער געקומען צו אַזאַ מין שמועס:

— זאָג מיר, האָט סטאַש געפרעגט — וואָס הייסט דאָס אַ שלעכטער טאַט?

— אויב עמעץ באַ קאַלין צונעמען אַ קו, — האָט ער נאָך אַ קורצן ישוב הדעת געענטפערט — הייסט דאָס אַ שלעכטער טאַט.

— אויסגעצייכנט! — האָט סטאַש אויסגערופן — און אַ גוטער?

דאָס מאָל איז דער ענטפער געקומען אָן שום איבערלייגונג:

— אַ גוטער, איז ווען קאַלי באַ אַן אַנדערן צונעמען די קו.

סטאַש איז נאָך צו יינג געווען, כדי־תּופס צו זיין, אַז אַזעלכע אויפפאַסונגען וועגן גוטע און שלעכטע טאַטן דרשנען אויך אין אייראָפּע — נישט נאָר קיין פּאָליטיקער, נאָר גאַנצע פעלקער אפילו.

פונדעסטוועגן איז ביסלעכווייז אין די שוואַרצע קעפּ קלאָר געוואָרן, און דאָס, וואָס די קעפּ האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן האָבן עס די הייסע הערצער אויפגעכאַפּט. סטאַש און נעל האָבן, אַלס קריסטן, זיי אָפּגעשמדט. דידאַזיקע צערעמאָניע איז פאָרגעקומען זייער פייערלעך. די טויף־עלטערן האָבן איטלעכן פון די קינדער געשאָנקען

בײַ פיר דאַטיס*) ווייסן פערקאַל און צו בייטשן בלויע פאַטשערקעס. מען האָט זיך יעדנפאַלס געפילט אַ ביסל ווי אַבֿרהם אָבֿינו, מחמת זי האָט צוליב איר נאַיוקייט געמיינט, אַז נאָכן שמד וועט די הויט אויף איר תּיכף ווייס ווערן און ווי גרויס איז געווען איר פאַרוואונדערונג, ווען זי האָט דערזען, אַז זי איז געבליבן די זעלבע שוואַרצע, וואָס פריער.

# XXXVI.

סטאַש האָט אויך קאַלין געלערנט שיסן פון אַ רעמינגטאָן-ביקס, און מיט דעמדאָזיקן לימוד איז אַ סך לייכטער געגאַנגען, ווי מיט דעם לימוד פון רעליגיע. נאָך אַ צען-טאָגיקן שיסן צום ציל און צו קראָקאָדילן, וועלכע פלעגן שלאָפן אויף די ברעגיקע זאַמדן פון טייך, האָט דער ייִנגער נעגער דערהרגעט אַ גרויסן אַנטילאָפּ, דערנאָך עטלעכע אַריעלן, און צום סוף אַ ווילדן נדירי. דידאָזיקע באַגעגעניש אָבער האָט זיך שיִער נישט געענדיקט מיט דעם זעלבן צופאַל, וואָס האָט זיך געטראָפן לינדען, מחמת דער דערשאָסענער נדירי, צו וועלכן קאַלי איז פאָרזיכטיק צוגעגאַנגען, האָט זיך אַ ריס געטון און געוואָרפן זיך אויף אים מיט דעם אויפגעשטעלטן ווײדל אינדערהייך**). קאַלי האָט, אַוועקוואַרפנדיק די ביקס, זיך באַהאַלטן אויף אַ בוים און ער איז אויף אים אַזוי לאַנג געזעסן, ביז וואַנען ער האָט מיט אַ געשריי צוגערופן סטאַשן, וועלכער האָט אָבער דעם ווילדן נדירי שוין געטראָפן אַ נישט לעבעדיקן. אויף בופלאָקסן, לייבן און נאָזהערנער האָט סטאַש דעם ייִנגל נאָך נישט דערלויבט צו גיין אויף יאַגד. צו העלפאַנטן, וועלכע פלעגן יעדע נאַכט קומען זיך אָנטרינקען באַם טייך, האָט ער אַליין אויך נישט געשאָסן, וואָרן ער האָט

*) די זעלבע מאָס כמעט, וואָס אַ פּוילישע איל.

**) די נדיריס פאַררייסן בשעת דעם אָנפאַל דעם ווײדל אינדערהייך.

צוגעזאָגט נעלן, אַז ער וועט קיינמאָל נישט קיין שום העלפאַנט דער־הרגענען.

ווען ער פלעגט אָבער אינדערפרי, אָדער אין די נאָכמיטאָג־שעהן פון באַרג אַראָפּ דורכן שפּאַקטיוו דערזעען אַ סטאַדע זעברעס, בופלאָקסן, אַריעלן אָדער ווילדע ציגן, וואָס האָבן זיך אין דער דזשונגליע געפּאַשעט, האָט ער קאַלין מיט זיך מיטגענומען. בעת דידאַזיקע אויספלוגן פלעגט ער זיך אים אָפט אויספרעגן וועגן די פעלקער פון וואַ־הימאַ און סאַמבורו, מיט וועלכע זיי וואָלטן זיך אַן שום ספק געמוזט באַגעגענען, אויב זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין אויף מזרח זייט צו די ברעגן פון אָקעאַן.

— ציִ ווייסטו דערפון, קאַלי — האָט ער אים איינמאָל אַ פרעג געטון — אַז אין צוואָנציק טאָג אַרום, און אויב אויף פערד איז נאָך גיכער, וואָלטן מיר געקענט צוקומען אין דיין לאַנד אַריין?

— קאַלי ווייסט נישט, וואו וואַ־הימאַ וואוינען — האָט דער יינ־גער נעגער אָפּגעענטפערט, אַ טרייסל טוענדיק טרויעריק מיט דעם קאָפּ.

— אָבער איך ווייס; זיי וואוינען אין דער זייט, וואו די זון גייט אויף אינדערפרי, לעבן עפּעס אַ גרויס וואַסער.

— יאָ, יאָ! — האָט דאָס בחור׳ל מיט דערשטוינונג און פרייד אויסגערופן. — באַסאַ־נאַראָק! — דאָס הייסט אויף אונזער לשון אַ גרויס און שוואַרץ וואַסער. דער גרויסער האַר ווייסן אַלץ.

— נישט אַלץ, ווייל כ׳ווייס נישט, ווי אַזוי די וואַ־הימאַ וואָלטן אונז אויפגענומען, ווען מיר זאָלן צו זיי אַהינקומען.

— קאַלי וואָלט זיי געהייסן פאַלן אויף די פּנימער פאַר דעם גרויסן האַר און פאַר דער גוטער מזימו.

— זיי וואָלטן דען דיך געהאָרכט?

— קאַליס טאַטע טראָגט אַ לעמפּערט־פעל און קאַלי אויך.

סטאַש האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס הייסט, קאַליס פאָטער איז אַ קעניג, און ער אַליין איז דער עלטסטער פון זיינע זין און דער צוקונפ־טיקער הערשער פון די וואַ־הימען.

האָט ער דעריבער ווייטער געפרעגט:

— האָסט מיר געהאַט געזאָגט, אַז עס זענען באַ אייך געווען ווייסע רייזנדע און אַז די עלטערע מענטשן געדענקען זיי?

— יאָ, און קאַלי האָט אויך געהערט, אַז זיי האָבן געהאַט אויף זייערע קעפּ אַ סך פערקאָל.

— אַהאַ! — האָט סטאַש אַ טראַכט געטון — זענען דאָס אַלזאָ נישט געווען קיין אייראָפּעער, נאָר אַראַבער, וועלכע די נעגערן האָבן צוליב זייער העלערער קאָליר און די ווייסע מלבושים אָנגענומען פאַר ווייסע. . .

ווייל קאַלי האָט זיי אָבער נישט געדענקט און נישט געקאָנט געבן וועגן זיי קיין גענויערע דערקלערונגען, האָט אים סטאַש געשטעלט אַן אַנדערע פראַגע:

— צי האָבן די וואַ-הימאַ נישט דערהרגעט קיין שום פון דידאָזיקע ווייס-אָנגעטויענע מענטשן?

— ניין, סיי די וואַ-הימאַ, סיי די סאַמבורו טאָרן דאָס נישט טון.

— פאַרוואָס?

— ווייל זיי זאָגן, אַז ווען זייער בלוט זאָל איינזאַפּן אין דער ערד, וואָלט אויפגעהערט צו גיין רעגן.

— איך בין זייער צופרידן, וואָס זיי גלייבן אַזוי — האָט סטאַש ווידער אַ טראַכט געטון.

דערנאָך האָט ער אים נאָך געפרעגט:

— צי וואָלטן די וואַ-הימאַ מיט אונז מיטגעגאַנגען אַזש ביזן ים, ווען איך זאָל זיי צוזאָגן אַ סך פּערקאַל, פּאַטשערקעס און ביקסן?

— קאַלי גיין און וואַ-הימאַ אויכעט, אָבער דער גרויסער האַר פריער איינעמען די סאַמבורו, וועלכע זיצן פון יענער זייט וואַסער.

— און ווער זיצט נאָך די סאַמבורו?

— נאָך די סאַמבורו זענען נישטאָ קיין בערג, נאָר אַ דזשונגליע און אין איר זענען דאָ לייבן.

דערמיט האָט זיך דאָס געשפּרעך פאַרענדיקט. סטאַש האָט איצט אָפּטער געטראַכט וועגן אַ גרויסער רייזע אויף מזרח, געדענקנדיק, וואָס לינדע האָט געזאָגט, אַז מען קאָן דאָרטן באַגעגענען אַראַבער, וועלכע וואוינען באַ די ים-ברעגעס און האַנדלען מיט העלפאַנטביין, און אפשר אויף מיסיאָנערישע עקספּעדיציעס. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מיט אַזאַ רייזע שטייט פאַר פאַר נעלן אַ רייע פון שרעקלעכע פאַרמאַטערונגען און בייע געפאַרן, ער האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז זיי קאָנען דאָך נישט דאָס גאַנצע לעבן פאַרבלייבן אויפן לינדע-באַרג און אַז מען וועט

דאַרפֿן זיך אין קורצן לאָזן אין וועג אַריין. די צייט נאָך די רעגנס, ווען דאָס וואַסער באַדעקט די פֿאַרפֿעסטעטע בלאָטעס און אַ"יין פֿעלט עס אויך אין ערגעץ נישט אויס, איז געווען די אַנטשפּרעכנסטע. די היצן האָבן זיך אויף דעם הויכן באַרג־שפּיץ נאָך נישט געגעבן שטאַרק צו פֿילן; די נעכט זענען געווען אַזעלכע קילע, אַז מען האָט זיך געדאַרפֿן גוט צודעקן. אָבער אונטן אין דער דזשונגליע איז שוין געווען אַ סך הייסער און מען האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אינגיכן וועלן זיין גרויסע היצן. עס האָט איצט שוין גאַנץ זעלטן גערעגנט און די וואַסער־איבערפֿלאַך אין טייך איז טאָג־טעגלעך נידעריקער געוואָרן. סטאַש האָט זיך משער געווען, אַז זומער־צייט מוז ער זיכער פֿאַרוואַנדלט ווערן אויף אײנעם פֿון אַזעלכע „קהאַרן", מיט וועלכע ער האָט זיך אָן אַ שיעור אין דער מדבר אָנגעזען און אַז נאָר אין דער סאַמער מיט פֿון זיין געלעגער פֿליסט אַ שמאָל פּאַסיקל וואַסער.

פֿונדעסטוועגן האָט ער די רייזע פֿון טאָג צו טאָג אָפּגעלייגט. אויפֿן לינדע־באַרג איז אַלעמען אַזוי גוט געווען, סיי די מענטשן, סיי די בהמות! נעל איז דאָ, נישט נאָר דעם פֿיבער, נאָר אויך דאָס בלוטלאָזיקייט פּטור געוואָרן, סטאַשן האָט קיינמאָל דער קאָפּ נישט ווי געטון; די הויט האָט אויף קאַלין מיט מעאַן אָנגעהויבן צו גלאַנצן, ווי שוואַרצער אַטלאַס, נאַשיבו האָט אויסגעזעען ווי אַ מעלאָן, וואָס גייט אויף דינע פֿיסלעך, און קינג האָט זיך אויך נישט ווינציקער פֿון די פֿערד מיט דעם אייזל אויסגעפּאַשעט. סטאַש האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז נאָך אַזאַ מין „אינזל", צווישן אַ ים מיט דזשונגליעס, וועלן זיי שוין ביזן סוף פֿון זייער רייזע נישט געפֿינען.

און ער האָט מיט מורא געקוקט אין דער צוקונפֿט, איצט האָבן זיי קודם כּל געהאַט הילף אין שוץ מצד קינגן.

אויף אַזאַ אופֿן איז, נאָך איידער זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צוגרייטן אין וועג אַריין, דערווייל אַוועק נאָך אַ וואָך. אין די פֿרייע מינוטן, ווען זיי האָבן זיך נישט געפּאַקט, האָבן זיי פֿונדעסטוועגן נישט אויפֿגעהערט צו לאָזן די פֿייגל מיט דער ידיעה, אַז זיי גייען קיין מזרח, צו עפּעס אַן אָזיערע און צום אָקעאַן. און אַוועקגעלאָזט האָבן זיי די פֿייגל דעריבער, ווייל עס איז אָנגעקומען אַ שטאַרקער מערב־ווינט, וואָס איז טייל־מאָל ענלעך געווען צו אַ הוראַגאַן. דערדאָזיקער ווינט האָט די פֿייגל אויפֿגעכאַפּט און אַ טראָג געטון ווייט, ווייט צו די בערג און איבער די בערג אַריבער. כּדי נעלן צו באַשיצן פֿון דער חמימה, האָט סטאַש גע-

מאַכט פֿון די רעשטלעך געצעלט אַ פּאַלאַנקין, אין וועלכן דאָס מיידעלע האָט געזאָלט פֿאָרן אויפֿן העלפֿאַנט. קינג האָט זיך, נאָך עטלעכע פּראָבעס, צוגעוואוינט צו דערדאָזיקער נישט שווערער משא, ווי אויך צו דעם צופּעסטיקן אים דעם פּאַלאַנקין אויפֿן רוקן מיט דער הילף פֿון שמאַרקע פּאַלמען־שטריק. דידאָזיקע לאָדונג איז, איבעריקנס, געווען ווי אַ פֿעדערל אין פֿאַרגלייך צו די אַנדערע, מיט וועלכע מען האָט אים ערשט געזאָלט באַלאָדענען; מיטן פֿונאַנדערטיילן און איינפּאַקן דידאָזיקע פּעק טאַקע זענען געווען פֿאַרנומען קאַלי מיט מעאַן.

דער קליינער נאַשיבו האָט באַקומען אַן אויפֿטראַג צו טרוקענען באַנאַנעס און צו צערייבן זיי צווישן צוויי פּלאַכע שטיינער אויף מעל. אין אָפּרייסן די שווערע פֿרוכט־הענגלעך האָט אים אויך קינג צוגעהאָלפֿן, דערביי האָבן זיי זיך ביידע אַזוי איבערגעגעסן, אַז ס'האָט אין קורצן אין דער נאָענט פֿון די הייזלעך פֿולשטענדיק אויסגעפֿעלט באַנאַבעס און זיי האָבן געמוזט גיין צו אַן אַנדערער פּלאַנטאַציע, וואָס האָט זיך געפֿונען אויפֿן קייגניבערדיקן ראַנד פֿון דעם באַרג־פּלאַך. סאַבאַ, וועלכער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טון, האָט זיי אָפּט באַגלייט אין דידאָזיקע אויספֿליגן.

נאַשיבו אָבער האָט פֿאַר זיין פֿלייסיקייט שיער נישט באַצאָלט מיטן לעבן, אָדער ווינציקסטנס מיט אַן אייגנאַרטיקער געפֿאַנגענשאַפֿט. עס האָט נעמלעך אַזוי פּאַסירט, אַז איינמאָל, ווען ער האָט צונויפֿגעקליבן באַנאַנעס באַם ברעג פֿון אַ פֿעלזן־אָפּהאַנג, האָט ער פּלוצלינג אין אַ שפּאַלט דערזעען אַ שרעקלעך פּנים, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ שוואַרצער פֿעל. דאָס פּנים האָט צו אים געוואונקען מיט די אויגן, אויסשטשירענדיק די ווייסע ציין, ווי עס וואָלט געשמייכלט, דאָס ייִנגל איז אין ערשטן מאָמענט ווי פֿאַרשטיינערט געוואָרן פֿון שרעק, און דערנאָך האָט ער מיט אַלע כּוחות אָנגעהויבן צו אַנטלויפֿן. איידער אָבער ער איז אָפּגעלאָפֿן באַ אַ צענדליק טריט, האָט אים אַ האָריקע לאַפּע אַרומגענומען, אויפֿגעהויבן אינדערהייך און דאָס נאַכט שוואַרצע באַשעפֿעניש האָט אָנגעהויבן מיט אים צו אַנטלויפֿן אין טאָל אַריין.

צום גליק, האָט די ריזיקע מאַלפּע, ווען זי האָט אויפֿגעכאַפּט דאָס ייִנגל, נישט געקאָנט מער לויפֿן נאָר ווי אויף צוויי פֿיס, צוליב דעם טאַקע האָט זי סאַבאַ, וועלכער האָט זיך געפֿונען אין דער נאָענט, לייכט אָנגעיאָגט און פֿאַרזונקען זיינע ציין אין אירע פּלייצעס.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער קאַמף, אין וועלכן דער הונט

וואַלט, טראַץ זיין מעכטיקן וואוקס און כּוח, זיכער באַזיגט געוואָרן, מחמת אַ גאָריל איז מנצח אפילו אַ לייב. די מאַלפּעס האָבן אָבער בכלל נישט די טבע אַרויסצולאָזן זייער רויב, ווען ס׳זאָל זיי אפילו גיין אין זייער פרייהייט אָדער אין לעבן. דערביי האָט דער גאָריל, וועלכער איז אָנגע־כאַפּט געוואָרן פון הינטן, אַזוי לייכט סאַבאַן נישט געקאָנט דערגרייכן, י דנפאַלס האָט ער אים, אָנכאַפּנדיק באַם קאַרק מיט דער לינקער האַנט, שוין געוואָלט אויפהייבן אינדערהייך, ווי מיטאַמאָל האָט די ערד אונטער די שווערע טריט אויפגעציטערט — און קינג איז געקומען אָנצו־לויפן.

ס׳איז נאָר געווען גענוג געווען איין לייכטער קלאַפּ מיט דער טראָמבע, אַז דער שרעקלעכער „וואַלד־טייוול״, ווי די נעגערן רופן אָן די גאָרילן, זאָל בלייבן ליגן מיט אַ צעשמעטערטן מוח און קאַרק. קינג האָט אים אָבער אויס גרעסערער פאַרזיכטיקייט, אָדער צוליב דער איינגעבוירענער היציקייט, נאָך צוגענאָגלט מיט די ציין צו דער ערד, און אויך דערנאָך האָט ער אַזוי לאַנג נישט אויפגעהערט צו נעמען אָן אים קיין נקמה, ביז וואַנען סטאַש, וועלכער איז באַזמרויקט געוואָרן פון דעם ריטשען און וואָיען, איז געקומען צו לויפן מיט דער ביקס און אים נישט גע־הייסן אויפהערן.

דער גאָריל איז איצט געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט, וואָס סאַבאַ האָט געזשלאָקעט און וואָס האָט זיך געראָטלט אויף קינגס ציין — אַ ריזיקער, מיט איבערגעדרייטע אויגן־ווייסלען און מיט אויסגעשטשירעטע ציין, און איז נאָך אַלץ געווען אַזוי מוראדיק, הגם ער האָט שוין נישט געלעבט.

דער העלפאַנט האָט טריומפירנדיק געטרומייטערט, און נאַשיבו, וועלכער איז אַש־גרוי געוואָרן פון שרעק, האָט סטאַשן דערציילט, וואָס עס איז געשען. יענער האָט אַ ווײַלע זיך מיישב געווען, צי ער זאָל ניט אַהערברענגען נעלן און איר ווייזן די שרעקלעכע מאַלפּע, ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעמדאָזיקן פּלאַן, מחמת אַ פּלוצלינגע שרעק האָט אים אַרומגעכאַפּט.

נעל האָט דאָך אָפּט אַליין אַרומגעשפּאַצירט איבערן „אינזל״ — האָט דאָך דעריבער מיט איר אויך אַזאַ ענלעכס געקאָנט פּאַסירן.

האָט זיך, הייסט עס, אַרויסגעוויזן, אַז דער לינדע־באַרג איז נישט אַזאַ זיכער באַהעלטעניש, ווי עס האָט זיך מתּחילת פאָרגע־שטעלט.

סטאַש האָט זיך אומגעקערט אין דעם הייזל אַריין און בעלן דער־ציילט וועגן דעם פּאַרפאַל, זי האָט דאָס אויסגעהערט מיט נייגיריק־ייט און מיט מורא, פונאַנדערפּעפּענדיק ברייט די אויגן און כסדר פאַר זיך איבערגעחזרט:

— זעסט, וואָס וואָלט געווען אָן קינגן?

— אמת! — מיט אַזאַ ביאַניע דאַרף מען זיך שוין וועגן קינד נישט שרעקן, זאָלסטו טאַקע געדענקען, כּל זמן מיר וועלן נישט אָפּפאָרן פונדאַנען, זאָלסטו קיין טריט אָן אים נישט אַרויסגיין.

— און ווען פאָרן מיר אָפּ?

— די זאַפּאַסן זענען צוגעגרייט, די לאָדונגען פונאַנדערגעטיילט, דאַרף מען נאָר אַלזאָ באַלאָדענען די חיות און מען קען שוין אַפילו מאָרגן זיך אַרויסלאָזן אין וועג אַריין.

— צו די טאַטעשים!

— מיט גאָטס הילף — האָט סטאַש ערנסט אָפּגעענטפערט.

# XXXVII.

פונדעסטוועגן זענען זיי ערשט אַרויסגעפאָרן אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעמדאָזיקן געשפּרעך. אַרויסגעריוט האָבן זיי מיטן טאָג צו־גלייך אַרום 6 אַ זייגער אינדערפרי. פאָרויס איז רייטנדיק געפאָרן סטאַש און פאַר אים איז געלאָפן סאַבאַ. נאָך סטאַשן איז ערנסט נאָכגעגאַנגען קינג, באַוועגנדיק מיט די אויערן און טראָגנדיק אויף זיין מעכטיקן רוק דעם לייוועטנטענעם פּאַלאַנקין, און אין פּאַלאַנקין — נעלן צוזאַמען מיט מעאַן; דערנאָך זענען געגאַנגען, איינער נאָכן אַנדערן, ליגנדעס פערד, וועלכע זענען געווען צוזאַמענגעבונדן מיט אַ לאַנגן פּאַלמע־שטריק און האָבן געטראָגן פאַרשידענע לאָדונגען, און גאָר צום סוף איז געריטן דער קליינער נאַשיבו אויף דעם, פונקט ווי ער אַליין אויסגעפּאַשעטן, אייזל.

צוליב דער פריער שעה האָט זיך די היץ נישט געלאָזט אַזוי פילן, הגם דער טאָג איז געווען זייער אַ לויטערער און פון הינטער די קאַראַ־מאָיאָ־בערג האָט זיך אויפגעהויבן אַ הערלעכע, מיט קיין פּיצל וואָלקן

נישט פֿאַרשטעלטע זון. אַ מזרח-ווינטל האָט אָבער געמילדערט די היץ פֿון אירע שטראַלן. מאָמענטנווייז האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אַ שטאַרקער ווינט, וואָס אונטער זיין בלאָז האָבן זיך די גראָזן געלייגט און די גאַנצע דזשונגליע האָט זיך געכוואַליעט, ווי אַ ים. נאָך די שפּעדיקע רעגנס זענען אַלע מיני געוויקסן אויסגעוואַקסן אַזוי געדיכט, אַז אין די גראָזן, באַזונדערס אין די נידעריקערע ערטער, האָבן זיך נישט נאָר די פֿערד, נאָר אפֿילו קינג האָט זיך פֿאַרן אויג אויסבאַהאַלטן, אַזוי, אַז מען האָט איבער דער צעוויגטער גרינער אויבערפֿלאַך געקאָנט זען נאָר דעם ווייסן פֿאַלאַנקין, וואָס האָט זיך גערוקט פֿאָרויס, ווי אַ דאַמפֿער איבער דער אָזיערע.

נאָך אַ שעה רייזע אויף נישט קיין גרויסער טרוקענער הויכקייט, וואָס איז אויפֿגעשטיגן אויף מזרח-זייט פֿון דעם לינדע-באַרג, האָבן זיי אָנגעטראָפֿן אויף ריזיקע בריעכצן, וואָס זייערע שטענגלען זענען גראָד געווען ווי די ביימער-שטאַמען, און יעדע בלום איז אַזוי גרויס געווען, ווי אַ מענטשן-קאָפּ. אויף די זייטן פֿון אַ טייל בערג, וואָס האָבן פֿונדערווייטנס אויסגעזען אומפּרוכטבאַר, האָבן זיי איצט באַמערקט הויכע ווזשאָסן אויף אַכט מעטער די הייך. אַנדערע מיני געוויקסן, וואָס אין אייראָפּע געהערן זיי צו די קלענסטע, האָבן דאָ אָנגענומען אַזעלכע גרייסן, וואָס זענען אַנטשפּרעכנד געווען צו די ווזשאָסן אָדער צום בריעכץ, און די ריזיקע איינצלנע ביימער, וואָס האָבן זיך איבער דער דזשונגליע אויפֿגעהויבן, האָבן באמת אויסגעזעען, ווי די טורעמס, באַזונדערס די פֿייגנביימער, די אַזוי גערופֿענע „דאַראַ”, וואָס זייערע אַראָפּהענגענדיקע צווייגן, ווען זיי קימען זיך צונויף מיט דער ערד, ווערן אויפֿסניי פֿאַרוואַנדלט אין שטאַמען, האָבן גאַנצע שטחים באַדעקט, אַזוי, אַז איטלעכער בוים האָט פֿאַר זיך ווי אַ באַזונדער וועלדל געשאַפֿן.

דידאָזיקע געגנט האָט פֿונדערווייטנס אויסגעזען, ווי איין וואַלד; פֿון דער נאָענט אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גרויסע ביימער וואַקסן אויף אַ צענדליק און טיילמאָל אויף עטלעכע צענדליק טריט ווייט איינער פֿון אַנדערן. אין דער צפֿונדיקער זייט האָט מען זיי אפֿילו גאַנץ ווייניק געזען און די געגנט האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ באַרג-סטעפּ, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ גלייכער דזשונגליע, איבער וועלכער עס האָט זיך נאָר אויפֿגעהויבן פּאַראַסאָל-אַרטיקע אַקאַציעס. דאָס גראָז איז דאָרט אַ סך גרינער געווען, קלענער און, ווייזט אויס,

בעסער אַלס פּאַשע, מחמת נעל האָט פון קינגס רוקן, און סטאַש האָט פון דער הויכקייט, אויף וועלכער ער איז אַרויפגעפאָרן, געזען אַזעלכע גרויסע סטאַדעס אַנטילאָפּן, וואָס זיי האָבן נאָך אין ערגעץ ביז איצט נישט באַגעגנט. זיי האָבן זיך טיילמאָל געפּאַשעט אָפּגעזונדערט, טיילמאָל אויסגעמישט צוזאַמען; גנו, פּופּו, אַריעלן, קי־אַנטילאָפּן, בובאַלן, שפּרינגענדיקע ציגן און גרויסע קודו. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין זעברעס און זשיראַפן. די סטאַדעס האָבן, דערזעענדיק דעם קאַראַוואַן, זיך אויפגעהערט צו פּאַשען, אויפגעהויבן די קעפּ און, אויסשפּיצנדיק די אויערן, האָבן זיי געקוקט אויף דעם ווייסן פּאַלאַנקין מיט אַן אויסערגעוויינלעך שטוינען, דערנאָך זענען זיי אין איין מאָמענט פאַרשוואונדן געוואָרן.

אַפּלויפנדיק אַזוי עטלעכע הונדערט טריט, האָבן זיי זיך ווידער אָפּגעשטעלט, ווידער זיך צוגעקוקט צו דערדאָזיקער פאַר זיי נאָך אומבאַקאַנטער זאַך, ביז ענדלעך זיי האָבן, אָנזעטיקנדיק זייער נייגיריקייט, ווידער רויק זיך אָנגעהויבן צו פּאַשען. פון צייט צו צייט האָט זיך מיט אַ געברום און ברעכעריי אויפגעריסן אַ נאָזהאָרן פאַר דעם קאַראַוואַן, אָבער ער איז, טראָץ זיין היציקער נאַטור און גרייטקייט צו אַטאַקירן אַלץ, וואָס עס קומט אים פאַר די אויגן, מיט בושה פאַרשוואונדן פאַרן אָנבליק בלויז פון קינגן, וועמען סטאַש האָט נאָר מיט זיין באַפעל איינגעהאַלטן אים נישט נאָכצויאָגן.

אַן אַפריקאַנער העלפאַנט האָט נעמלעך פיינט אַ נאָזהאָרן, און אויב ער געפינט זיינס אַ פרישן צייכן, דעמאָלט פאַרלאָזט ער זיך שוין אויף זיין איבערמעכטיקן כוח, לויפט אים נאָך אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער געפינט נישט זיין קעגנער און פאַרפירט נישט מיט אים אַ קאַמף, אין וועלכן דער נאָזהאָרן פאַלט כמעט שטענדיק אַ קרבן. קינגן, וועלכער האָט אוודאי שוין נישט איינעם געהאַט אויף זיין געוויסן, איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען אָפּצוזאָגן זיך פון זיין אַלטער געוואוינהייט, אָבער ער איז שוין געהאַט אַזוי היימיש געוואָרן און אַזוי שוין צוגעוואוינט געוואָרן סטאַשן צו האַלטן פאַר זיין הערשער, אַז, ווי נאָר ער האָט דערהערט זיין שטימע און דערזען זיין שטרענגן בליק, וואָס האָט אויף אים געקוקט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין אויפגעהויבענע טראָמבע, פאַרלייגט אויף זיך די אויערן און ווייטער רויק געגאַנגען. סטאַש האָט אפילו, וואָס אַן אמת, זייער חשק געהאַט צו זען אַ קאַמף צווישן די צוויי ריזן, ער האָט זיך אָבער געשראָקן וועגן נעלן. ווען דער העלפאַנט וואָלט זיך אַ לאָז גע-

טון מיטן גאַנצן אימפעט, האָט דער פאַלאַנקין זיך געקאָנט אַמאָל פונאַנדערפאַלן, און נאָך ערגער, די ריזיקע חיה האָט געקאָנט מיט אים זיך פאַרטשעפען אין דער ערשטער בעסטער צווייג, און דעמאָלט וואָלט נעלס לעבן געווען אין אַ שרעקלעך געפאַר, סטאַש האָט געוואוסט פון די יעגער־באַשרייבונגען, וואָס ער האָט נאָך געלייענט אין פאָרט־סאַיד, אַז די יעגערס אויף טיגערן אין אינדיען האָבן נאָך מער, ווי פאַר טיגערן, מורא פאַר דעם, אַז דער העלפאַנט זאָל נישט בשעת אַ מהומה אָדער בשעת מען יאָגט אים נאָך, פאַרטשעפען זיך אָן אַ בוים מיט זיין באָז. איבעריקנס, אפילו דער בלויזער אימפעט פון דעם ריז איז אַזוי שווער, אַז אַזאַ מין רייזע וואָלט קיין שום מענטש, אָן שאָדן פאַר געזונט, לאַנג נישט אויסגעהאַלטן.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָט די אָנוועזנהייט פון קינגן אַ סך געפאַרן פאַרהינדערט. די בייזע און חוצפהדיקע בופלאָקסן, וועלכע זיי האָבן אין דעם זעלבן טאָג באַגעגנט און האָבן געאיילט צו אַ קליינער אָזיערע, וואו אַלע מיני חיות פון דער גאַנצער געגנט פאַרזאַמלען זיך געוויינלעך פאַרנאַכט זיך אָנצוטרינקען, זענען אויף זיין אָנבליק פאַרשוואונדן געוואָרן, און אַרומקרייזלענדיק די גאַנצע אָזיערע, האָבן זיי געטרונקען אויף דער צווייטער זייט. באַנאַכט האָט קינג, ווערנדיק צוגעבינדן באַם הינטערשטן פוס צו אַ בוים, געהיטן דאָס געצעלט, אין וועלכן נעל איז געשלאָפן; דאָס איז נעמלעך געווען אַזאַ זיכערע וואַך, אַז סטאַש, וועלכער האָט, וואָס אַן אמת, געהייסן אָנצינדן אַ פייער, אָבער ער האָט אָנערקענט פאַר אַן איבעריקע זאַך אַרומצורינגלען דעם לאַגער מיט אַ זעריבע, הגם ער האָט געוווסט, אַז אין אַ געגנט, וואָס איז באַוואוינט מיט אַזאַ צאָל סטאַדעס אַנטילאָפן, פעלן אוודאי אויך נישט קיין לייבן. און אין דער זעלבער נאַכט טאַקע האָט פאַסירט, אַז עטלעכע שטיק האָבן אָנגעהויבן צו ריטשען צווישן די ריזיקע יאַלאָווע־ביימער, וואָס זענען געוואַקסן אויף די באַרג־זייטן. נישט קוקנדיק אויף דעם ברענענדיקן פייער, האָבן די לייבן, דערפילנדיק דעם ריח פון פערד, זיך דערנענטערט צום לאַגער. ווען קינגן איז אָבער ענדלעך מיאוס געוואָרן צו הערן זייערע קולות און ווען עס האָט זיך פלוצלינג פון דער שטילקייט אַרויס פונאַנדערגעטראָגן ווי אַ דונער זיין אימהדיקער ריטש — זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן, פאַרשטייענדיק, משמעות, אַז מיט אַזאַ מין פאַרשוין איז גלייכער זיך נישט אַריינצולאָזן אין קיין שום דירעקטע עסקים. די קינדער זענען טאַקע די נאַכט אַדורכגעשלאָפן אויסגעצייכנט און ערשט,

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן זיי זיך געלאָזט אין ווייטערן וועג אַריין.

פאַר סטאַשן האָבן זיך אָבער ווידער אָנגעהויבן פרישע דאגות און עגמת נפשן. קודם כל האָט ער באַמערקט, אַז זיי פאָרן צו לאַנגזאַם און אַז זיי וועלן נישט קענען מער מאַכן ווי צען קילאָמעטער אַ טאָג. פאַרויס־רוקנדיק זיך אויף אַזאַ מין אופן, וואָלטן זיי, אמת טאַקע, אין אַ חודש אַרום צוגעקומען צו דער אַביסינישער גרענעץ, מחמת אָבער סטאַש האָט באַשלאָסן אין אַלעמען צו פאָלגן לינדעס עצה, און לינדע האָט אַנטשלאָסן באַהויפּטעט, אַז קיין אַביסיניען וועלן זיי זיך בשום אופן נישט קענען דורכרייסן, דעריבער איז זיי נאָר איבערגעבליבן דער איינציקער וועג צום אָקעאַן. אָבער, לויט דעם שווייצאַרס אויסרעכנונגען, האָט זיי פון אָקעאַן אָפּגעטיילט נאָך אַ מרחק פון טויזנט קילאָמעטער — און דאָס, פאַרשטייט זיך, אין אַ גלייכער ליניע, וואָרן קיין מאָמבאַסאַ, וואָס איז געלעגן מער אויף דרום, איז אַ סך ווייטער געווען, דעריבער וואָלט נאָך די גאַנצע נסיעה געדאַרפן דויערן איבער דריי חדשים. סטאַש האָט מיט שרעק געטראַכט, אַז דאָס זענען דריי חדשים פון היצן, פאַרמאַטערונגען און געפאַרן מצד די בעגער־שבטים, אויף וועלכע זיי האָבן זיך געקענט אָנשטויסן. זיי זענען נאָך דערוייל געווען אין אַ פּוסט לאַנד, פון וועלכן די באַפעלקערונג איז אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך די פּאָקן און דורך די ידיעות וועגן די שחיטות פון די דערווישן, אַפריקע אָבער איז בכלל גע־בוג באַוואוינט, זיי האָבן אַלזאָ געמוזט פריער צי שפּעטער אַריינקומען אין אַ געגנט, וואָס איז באַוואוינט דורך אומבאַקאַנטע שבטים, וואָס ווערן רע־גירט, ווי געוויינלעך, דורך ווילדע און אַכזריותדיקע מלכימלעך. עס איז דעריבער נישט געווען אַזאַ לייכטע אויפגאַבע פון אַזעלכע שווערע באַדינ־גונגען אַרויסצוגיין גאַנץ מיט דער פרייהייט און מיטן לעבן.

סטאַש האָט פשוט דערויף אויסגערעכנט, אַז אויב זיי וועלן אָנ־טרעפן אויפן פאָלק פון די וואַ־הימען, וועט ער איינאיבן עטלעכע צענד־ליגג קריגסלייט אין שיסן, און דערנאָך וועט ער זיי מיט גרויסע הבטחות איבעררעדן, אַז זיי זאָלן אים באַגלייטן ביזן אָקעאַן. קאַלי האָט אָבער קיין שום אָנונג נישט געהאַט וועגן דעם, וואו עס וואוינען די וואַ־הימאַ, און לינדע, וועלכער האָט יאָ עפּעס פון זיי געהערט, האָט אויך נישט גע־קאָנט אָנווייזן דעם וועג צו זיי, נישט באַצייכענען גענוי דאָס אָרט, וואָס איז דורך זיי פאַרנומען. לינדע האָט עפּעס דערמאַנט וועגן אַ גרויסער אָזיערע, וועגן וועלכער ער האָט נאָר געוואוסט פון די דערציילונגען, און

קאַלי האָט מיט זיכערקייט באַהויפּטעט, אַז אויף איין זייט פון דערדאָזי=
קער אָזיערע, וואָס ער האָט אָנגערופן באַסאַ-נאַראָק, וואוינען די וואַ-הי=
מאַ, אויף דער צווייטער זייט די סאַמבורו. סטאַשן האָט נאָר דאָס גע=
עגבערט אין מוח, וואָס אין דער געאָגראַפיע פון אפריקע, וואָס מען האָט
אין דער שול אין פאָרט-סאַיד זייער גענוי געלערנט, איז מיט קיין שום
וואָרט נישט דערמאַנט געוואָרן וועגן דערדאָזיקער אָזיערע. ווען בלויז
קאַלי וואָלט אים נאָר דערפון געזאָגט, וואָלט ער זיך משער געווען, אַז
דאָס איז וויקטאָריאַ-ניאַנצאַ, אָבער לינדע וואָלט דאָך אויף אַזאַ אופן
נישט געקאָנט האָבן קיין טעות, וואָרן ער איז דאָך טאַקע געגאַנגען פון
וויקטאָריאַ קיין צפון, לענגויס די בערג קאַראַמאָיאָ און פון די ידיעות,
וואָס ער האָט באַקומען מצד די איינוואוינער פון דידאָזיקע בערג, איז
ער געקומען צום באַשלוס, אַז דידאָזיקע געהיימנישפולע אָזיערע ליגט
ווייטער אויף מזרח און צפון. סטאַש האָט נישט געוואוסט, וואָס איבער=
צוקלערן וועגן דעם אַלעם, דאַקעגן אָבער האָט ער זיך געשראָקן, אַז
אפשר וועט ער גאָר בײַ דער אָזיערע לחלוטין קיין וואַ-הימאַ נישט בײַ=
געגענען; ער האָט זיך אויך געשראָקן פאַר ווילדע שבטים, נישט באַ=
וואַסערטע דזשונגליעס, נישט דורכגאַנגבאַרע בערג, פאַר די פליגן „טסע=
טסע", וואָס דערהרגענען אפילו חיות, ער האָט מורא געהאַט פאַר דער
שלאָף-קראַנקייט, פאַרן פיבער פאַר נעלן, פאַר די היצן און פאַר דידאָ=
זיקע אומגעהייערע שטחים, וואָס טיילן זיי נאָך אָפּ פון אָקעאַן.

נאָכן פאַרלאָזן אָבער דעם לינדע-באַרג, איז זיי שוין קיין אַנדערע
עצה נישט געבליבן, ווי נאָר צו גיין פאָרויס, כסדר אויף מזרח און אויף
מזרח. לינדע האָט, וואָס אַן אמת, געזאָגט, אַז דאָס איז אַ רייזע איבער
די כוחות אַפילו פאַר אַ דערפאַרענעם און ענערגישן רייזנדער, סטאַש האָט
אָבער שוין געהאַט אָנגענומען גענוג דערפאַרונג. און וואָס שייך צו ענער=
גיע, איז ווייל עס איז דאָך געגאַנגען וועגן נעלן, האָט ער באַשלאָסן
אויסצונוצן פון זיך אַזוי פיל קרעפטן, וויפיל עס וועט נאָר נייטיק זיין.
דערווייל איז אים געגאַנגען אין דעם, וואָס מער צו שאַנעווען דעם מיי=
דעלעס כוחות, האָט ער דעריבער באַשלאָסן נאָר צו רייזן פון זעקס אינ=
דערפרי ביז צען פאַר מיטאָג. דעם צווייטן עטאַפּ אָבער, פון דריי אַ זייגער
ביז זעקס פאַרנאַכט, דאָס הייסט, ביז זון-פאַרגאַנג, צו מאַכן נאָר דעמאָלט,
ווען עס וואָלט אויף דעם ערשטן אָפּרו-אָרט נישט געווען קיין וואַ=
סער.

דערווייל האָבן זיי אָבער, מחמת דעם, וואָס אין דער צייט פון

דער „מאָסיקאָ״ האָט זייער אַ סך אָנגערעגנט, אומעטום געפֿונען וואַסער. די קליינע אָזיערעס, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן דורך די כּסדרדיקע גאָס־רעגנס אין די טאָלן, זענען נאָך גענוג אָנגעפֿוילט געווען, פֿון די בערג זענען דאָ און דאָרט געפֿלאָסן שטראָמען קאַלט און ריין וואַסער, ווי קריסטאָל, אין וועלכן עס איז אויסגעצייכנט געווען זיך צו באָדן און גלייכצייטיק לחלוטין נישט געפֿערלעך, מחמת די קראָקאָדילן געפֿינען זיך נאָר אין די גרעסערע וואַסערן, אין וועלכע עס פֿעלן נישט קיין פֿיש, דאָס איז נעמלעך זייער געוויינלעכע נאַרונג.

סטאַש האָט פֿונדעסטוועגן נישט דערלויבט דעם מיידעלע צו טרינקען קיין רוי וואַסער, מחמת ער האָט געירשנט נאָך לינדען אַן אויסגעצייכנטן פֿילטער, וואָס זיין טעטיקייט האָט שטענדיק קאָלין מיט מעאַן מיט שטויגען אָנגעפֿוילט. זעענדיק, ווי דער פֿילטער, וואָס מ׳האָט אַריינגעשטעקט אין מוטנע, ווייסלעכן וואַסער, לאָזט דורך אין באַסיין אַריין בלויז ריינס און דורכזיכטיקס, זענען זיי ביידע שיער נישט צעזעצט געוואָרן פֿון געלעכטער און זיי האָבן זיך געקלאַפּט מיט די הענט איבער די קניען, אַלס צייכן פֿון באַוואונדערונג און פֿרייד.

בכלל איז די נסיעה מתחילת צוגעגאַנגען גאַנץ לייכט. זיי האָבן געהאַט פֿון לינדען אַ שפּאָרן זאַפּאַס קאַווע, טיי, צוקער, בוליאָן, פֿאַרשידענע קאָנסערוון און כּלערליי רפֿואות. סטאַש האָט נישט געדאַרפֿן שוינען די לאָדונגען, ער האָט זיי נעמלעך געהאַט איבערגענוג, עס האָבן דעסגלייכן נישט געפֿעלט כּלערליי מכשירים, געווער פֿון פֿאַרשידענעם קאַליבר און ראַקעטן, וואָס וואָלטן באַם צוזאַמענטרעפֿן זיך מיט די נעגערן געקענט זייער צונוץ קומען. די געגנט איז געווען אַ גאַנץ פּרוכטבאַרע; היות און בכן פּריש פֿלייש, איז אומעטום געווען בשפֿע. פּרוכטן דעסגלייכן. ערטערווייז, אין די נידעריקע פֿלאַכן, האָבן זיך באַגעגנט בלאָטעס, אָבער זיי זענען נאָך באַדעקט געווען מיט וואַסער, און צוליב דעם האָבן זיי נישט פֿאַרפּעסטעט די לופֿט מיט שעדלעכע אויסדאַמפֿונגען. קיין מוסיקיטן, וועלכע פֿאַרפֿלאַנצן דעם פֿיבער אין בלוט, זענען דאָ לחלוטין נישט געווען. די היץ איז אמת נאָך צען אַ זייגער געוואָרן אומדערטרעגלעך, אָבער די קליינע רייזנדע האָבן זיך בשעת די אַזוי גערופֿענע „ווייסע שעה,״ פֿאַרהאַלטן אין די טיפֿע שאָטנס פֿון די גרויסע ביימער, וואָס דורך זייער געדיכטקייט האָט זיך קיין שום זונען־שטראַל נישט דורכגעריסן. דאָס געזונט האָט נעלן, סטאַשן און די נעגערן אויסגעצייכנט געדינט.

# XXXVIII.

אויפֿן פֿינפֿטן טאָג פֿון דער רייזע איז סטאַש מיט נעלן געפֿאָרן צוזאַמען אויף קינגן, זיי האָבן געמלעך אָנגעטראָפֿן אויף אַ ברייטן פּאַס פֿון אַקאַציעס, וואָס זענען אַזוי געדיכט געוואַקסן, אַז די פֿערד האָבן נאָר געקאָנט נאָכגיין מיטן וועג, וואָס דער העלפֿאַנט האָט אויסגעטרעטן. ס׳איז נאָך געווען זייער פֿרי, אַ שטראַליקער און טרייקער פֿרימאָרגן. די קינדער האָבן איינגעטעטנהט וועגן דער רייזע און אויך וועגן דעם, וואָס איטלעכער טאָג דערנעענטערט זיי צום אָקעאַן און צו די טאַטעס, נאָך וועלכע ביידע האָבן כּסדר נישט אויפֿגעהערט צו בענקען. דאָס איז געווען, זינט מען האָט זיי אויפֿגעכאַפּט אין פֿאַיום, אַן אומדערשעפּלעכער ענין פֿאַר אַלע זייערע געשפּרעכן, וואָס האָבן זיי שטענדיק גערירט ביז טרערן. און זיי האָבן כּסדר געהאַלטן אין איין איבערחזרן: אַז די טאַטעשיס מיינען, אַז זיי לעבן שוין נישט, אָדער, אַז זיי זענען אויף אייביק שוין פֿאַרפֿאַלן געוואָרן — און ביידע האָבן זיי עגמת נפש און האָפֿנונגלאָזיקן זיי כּסדר אַרויס צּראַבער קיין כאַרטום נאָך ידיעות, און זיי זענען שוין אָט אַזוי ווייט, נישט נאָר פֿון כאַרטום, נאָר אפֿילו פֿון פֿאַשאָדאַ, און אין פֿינף טעג אַרום וועלן זיי זיין נאָך ווייטער, ביז זיי וועלן ענדלעך צוקומען צום אָקעאַן, אָדער, נאָך פֿריער, ערגעץ אין אַן אָרט אַריין, פֿונוואַנען זיי וועלן קאָנען איבערשיקן אַ דעפּעשע. די איינציקע פֿערזאָן אין גאַנצן קאַראַוואַן, וועלכע האָט געוואוסט, וואָס זיי דערוואַרט נאָך אַלץ, איז געווען סטאַש, — נעל דאַקעגן איז טיף איבערצייגט געווען, אַז עס איז גאָרנישט פֿאַרהאַן אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס „סטעס" זאָל זי נישט קאָנען דורכפֿירן און זי איז פֿולשטענדיק זיכער געווען, אַז ער וועט זי צופֿירן ביזן ברעג. דעריבער האָט זי, טרעפֿנדיק פֿאָרויס, וואָס עס וועט געשען, פֿאַרגעשטעלט זיך אין קליינעם קעפּעלע, וואָס וועט דעמאָלט זיין, ווען עס וועט קומען די ערשטע ידיעה וועגן זיי — און פֿישטשענדיק ווי אַ פֿייגעלע, האָט זי וועגן דעם סטאַשן דערציילט. „זיצן זיך — האָט זי געזאָגט — די טאַטעשיס אין פּאָרט־סאַיד אין ווייבען — און דאָ פּלוצלינג גיט אַ קום אַריין דער „באָי" מיט אַ דע־

פּישע. וואָסי? מיינער אָדער דיין טאַטעשי עפנט אויף, גיט אַ קוק אויפן אונטערשריפט און לייענט איבער: „סטאַש און נעל". אָ, דעמאָלט וועלן זיי זיך דאָס דערפרייען! זיי וועלן זיך דאָס אַ כאַפּ אויף טון, כדי אונז אַנטקעגן צו פאָרן! דאָס וועט שוין איינמאָל זיין אַ פרייד אין דער גאַנצער שטוב — אי די טאַטעשיס וועל זיך דערפרייען און אַלע וועלן זיך דערפרייען — און דיך וועלן זיי ליבן — און איך וועל דעם טאַטעשי שטאַרק אַרומנעמען אַרום האַלז און דערנאָך וועלן מיר שוין שטענדיק זיין צוזאַמען... און..."

און דערמיט האָט עס זיך געענדיקט, וואָס דאָס גאָמבעלע האָט זיך איר אָנגעהויבן צו טרייסלען, די שיינע אייגעלעך זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוויי פאָנטאַנען, און צום סוף האָט זי אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף סטאַשס אָרעם און געוויינט, גלייכצייטיק פון ווייטיק, בענקשאַפט און פרייד באַם געדאַנק פון דער קומענדיקער באַגעגעניש. און סטאַש האָט מיט זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט, אַוועקלויפנדיק ווייט אין דער צוקונפט, שוין פאָרויסגעטראָפן, אַז דער פאָטער וועט זיין שטאָלץ פון אים, אַז ער וועט אים זאָגן: „האָסט דיך אויסגעצייכנט, ווי עס פאַסט פאַר אַ ריטער" — און אַן אומגעהייערע געררטקייט האָט אים דורכגענומען, אין האַרץ האָט אים אויפגעוואַכט אַ בענקשאַפט, אַ התלהבות און ווי אַ שטאָל אַן אומבויגזאַמע מוטיקייט. „איך מוז — האָט ער זיך געטראַכט — אַרויסראַטעווען נעלן, איך מוז צו אַזאַ מאָמענט דערלעבן". און דעמאָלט האָט זיך אים אויך אויסגעוויזן, אַז עס זענען גאָרנישט פאַרהאַן אַזעלכע געפאַרן, וואָס ער זאָל זיי נישט אימשטאַנד זיין צו באַזיגן, און אַזעלכע שטערונגען, וואָס ער זאָל זיי נישט קאָנען דורכברעכן.

אָבער ביז צום ענדגילטיקן זיג איז נאָך גאַנץ ווייט געווען. דערווייל האָבן זיי זיך דורכגעריסן דורכן אַקאַציע־וואַלד. די לאַנגע נאָדלען פון דידאָזיקעביימער האָבן אפילו אויף קינגס פעל ווייסע צייכנס געמאַכט. ענדלעך האָט דער וואַלד אָנגעהויבן שיטערער צו ווערן, און דורך די צווייגן פון די פונאַנדערגעוואָרפענע ביימער האָט מען ווייטער געזען אַ גרינע דזשונגליע. סטאַש האָט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די היץ האָט זיך שוין געלאָזט פילן, זיך אַרויסגערוקט פון פאַלאַנקין און באַזעצט זיך אויפן קאַרק פון העלפאַנט, כדי צו קאָנען זען, צי עס באַמערקן זיך נישט אויפן האָריזאָנט קיין סטאַדעס אַנטילאָפּן אָדער זעברעס, ער האָט נעמלעך באַשלאָסן צו דערפרישן דעם זאַפּאַס פלייש.

פלוצלינג האָט ער אויף דער רעכטער זייט דערזען אַ קליינע

סטאַדע אַריעלן, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע שטיק, און צווישן זיי צוויי שטרויסן; נאָר ווען זיי האָבן אויסגעמיטן די לעצטע קעמפּע בײמער און דער העלפאַנט האָט זיך אַ נעם געטאָן לינקס, האָט אַן אַנדער בילד אַ שלאָג געטאָן דעם ייִנגל אין די אויגן: אויף אַ מרחק פון אַ האַלבן קילאָמעטער האָט ער באַמערקט אַ רחבותדיקע בייט פון מאַניאָק, און אויפן ראַנד פון דער בייט עטלעכע שוואַרצע געשטאַלטן, וואָס זענען, ווייזט אויס, פאַרנומען געווען מיט דער אַרבעט אין פעלד.

— נעגערן! — האָט ער אויסגערופן, ווענדנדיק זיך צו נעלן.

און דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן צו קלאַפּן. אַ ווײַלע האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער זיך נישט אַמאָל פאַרקירעווען און צוריק זיך באַהאַלטן אין די אַקאַציעס. עס איז אים אָבער געקומען אויפן געדאַנק, אַז אין דעם באַפעלקערטן לאַנד וועט דאָך אים פריער צי שפּעטער מוזן אויסקומען זיך צו טרעפן מיט די אײנוואוינער און אײנגײן מיט זיי אין באַציונגען און אַז דערפון, ווי אַזוי די באַציונגען וועלן זיך אײנשטעלן, איז אפשר אָפּהענגיק דער גורל פון זייער גאַנצער רייזע, דעריבער האָט ער נאָך אַ קורצן ישוב הדעת אַ קירעווע געטאָן דעם העלפאַנט צום פעלד־צו.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זיך קאַלי דערנענטערט, און אָנווייזנדיק אויף דער קעמפּע בײמער, האָט ער אויסגערופן:

— גרויסער האַר, אָט דאָרטן איז אַ נעגעריש דאָרף, און דאָ אַרבעטן פרויען באַם מאַניאָק. צי זאָל איך צו זיי צופאָרן?

— מיר וועלן צוזאַמען צופאָרן — האָט סטאַש געענטפערט — און דאַן זאָלסטו זיי זאָגן, אַז מיר קומען אָן אַלס פריינט.

— איך ווייס, גרויסער האַר, וואָס זיי צו זאָגן — האָט דער ייִנגער נעגער מיט גרויס זיכערקייט אויסגערופן.

און אויסדרייענדיק זיך מיטן פערד צו די אַרבעטנדיקע, האָט ער צוזאַמענגעלייגט די דלאָניעס לעבן מויל און אָנגעהויבן צו שרייען:

— יאַמבאָ, הע! יאַמבאָ סאַנאַ!

אויף דעמדאָזיקן געשריי האָבן זיך די פרויען, וועלכע זענען פאַרנומען געווען מיטן אַרומגראָבן דעם מאַניאָק, אויפגעריסן און געבליבן שטיין, ווי פאַרבליפטע. אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט איין אויגנבליק, דערנאָך האָבן זיי נעמלעך, אַוועקוואַרפנדיק פון גרויס מהומה די מאָ=

טיקעס און די קיישעלעך, אָנגעהויבן צו אַנטלויפן מיט אַ געשריי צו יענע ביימער, צווישן וועלכע דאָס דאָרף איז געווען פאַרבאָרגן.

די קליינע רייזנדע האָבן זיך לאַנגזאַם און רויק דערנענטערט. אין דער געדיכטעניש האָט זיך צעטראָגן אַ געוואָיערײַ פון עטלעכע הונדערט קולות, דערנאָך איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן. ענדלעך איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ טויבן, אָבער הילכיקן דונער פון אַ פּויק, וואָס האָט שוין אויך שפּעטער אויף קיין רגע נישט אויפגעהערט.

דאָס איז, ווייזט אויס, געווען אַ רוף צום קאַמף פאַר די קריגסלייט, מחמת איבער דריי הונדערט מאַן האָבן זיך פּלוצלינג אַ רוק אַרויס געגעבן פון דער געדיכטעניש. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער רייע פאַרן דאָרף. סטאַש האָט פאַרהאַלטן קינגן אויף אַ מרחק פון הונדערט טריט און זיך אָנגעהויבן אין זיי איינקוקן. די זון האָט באַלויכטן זייערע שיין־געוויקסיקע געשטאַלטן, ברייטע ברוסטן און שטאַרקע אָרעמס. זיי זענען געווען באַוואָפנט מיט בויגנס און מיט שפּיזן. אַרום די לענדן האָבן זיי געהאַט קורצע ספּודניצעס פון ווזשאָסן, און אַ טייל — פון מאַלפּע־פעל. די קעפּ זייערע זענען באַצירט געווען מיט שטרויס־פעדערן, מיט פעדערן פון פּאַפּוגייען, אָדער מיט גרויסע פּערוקן, וואָס זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן פון די קעפּ פון פּאַוויאַנען*). זיי האָבן אויסגעזעען קריגעריש און מוראדיק, אָבער זיי זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך און אין שטילשווייגן, מחמת זייער שטויבונג איז פּשוט געווען אָן אַ גרענעץ און ס'איז זיי אָפּגענומען געוואָרן דער חשק צום קאַמף. אַלעמענס אויגן זענען ווי צוגעקלעבט געוואָרן צו קינגן, צום ווייסן פּאַלאַנקין און צום ווייסן מענטש, וועלכער איז געזעסן אויפן קאַרק פון העלפאַנט.

יעדנפאַלס אָבער איז דער העלפאַנט נישט געווען פאַר זיי קיין אומבאַקאַנטע חיה. אדרבה! זיי האָבן כסדר געלעבט אונטער דער שטענדיקער איבערמאַכט פון העלפאַנטן, וועלכע פלעגן גאַנצע סטאַדעסווייז נאַכט בײַ נאַכט פאַרניכטן זייערע מאַניאָק־פעלדער, ווי אויך די באַנאַנען־פּלאַנטאַציעס און דום־פּאַלמען. ווייל די שפּיזן און די פיילן האָבן נישט געקאָנט דורכקלאַפּן די פעל פון אַ העלפאַנט, האָבן די אָרעמע נעגער בעבעך געקעמפט מיט דידאָזיקע מזיקים מיט דער הילף פון פייער, מיט

---

*) אזעלכע מאַלפּעס.

דער הילוך פֿון געשרייען, פֿון נאָכמאַכן די קולות פֿון הענער, פֿון קאָפּען גריבער און איינאָרדענען פּילאַפּקעס פֿון ביימער־שטאַמען. אָבער דאָס, אַז אַ העלפֿאַנט זאָל ווערן דעם מענטשס אַ שקלאַף און זאָל לאָזן זיצן זיך אויפֿן קאַרק האָט נאָך קיינער פֿון זיי קיינמאָל נישט געזען און קיינעם האָט זיך אַזאַ ענלעכע זאַך נישט געחלומט. דעריבער טאַקע איז דאָסדאָזיקע בילד, וואָס זיי האָבן פֿאַר זיך געהאַט, אַזוי ווייט איבערגעשטיגן זייערע השגות און פֿאַנטאַזיעס, אַז זיי האָבן אַליין נישט געוואוסט, וואָס זיי האָבן צו טון: צי זאָלן זיי קעמפֿן, צי אַנטלויפֿן, וואו די אויגן וועלן טראָגן, ווען ס׳זאָל זיי אפֿילו אויסקומען אַלץ איבערצולאָזן אויפֿן גאָטס באַראָט.

דעריבער האָבן זיי נאָר מיט אומזיכערקייט, שרעק און פֿאַרוואונדערונג קעגנזייטיק געשעפּטשעט צו זיך:

— אָ מאַמע! וואָס פֿאַר אַ באַשעפֿענישן קומען דאָס אָן צו אונדז און וואָס דערוואַרט אונדז פֿון זייערע הענט?

און דערווייל איז קאַלי, וועלכער איז אונטערגעפֿאָרן צו זיי אויף אַ מרחק פֿון אַ שפּיז־וואָרף, געבליבן שטיין אין די זאָטל־אייזנס און אָנגעהויבן צו רופֿן:

— מענטשן, מענטשן! הערט אויס די שטימע פֿון קאַלין, דעם זון פֿון פּומבאַ, דעם מעכטיקן קעניג פֿון די וואַ־הימען פֿון לעבן די ברעגן באַסאַ־נאַראָק — אָ הערט אויס, הערט אויס! און אויב איר פֿאַרשטייט זיין לשון, גיט אַכטונג אויף איטלעכעס וואָרט זיינס!

— מיר פֿאַרשטייען! — האָט אָפּגעשאַלט דער ענטפֿער פֿון דריי הונדערט מיילער.

— זאָל אַרויסטרעטן אייער קעניג, זאָל ער זאָגן זיין נאָמען און זאָל ער עפֿענען מויל און אויערן, כּדי ער זאָל בעסער קאָנען הערן!

— מ׳רואַ! מ׳רואַ! — האָבן אָן אַ שיעור קולות אָנגעהויבן צו רופֿן.

מ׳רואַ האָט זיך אַרויסגערוקט פֿאַר דער שערענגע, אָבער נישט מער, ווי אויף דריי טריט. דאָס איז געווען שוין אַן אַלטער נעגער, אַ הויכער און פֿעסט געבויטער, נאָר, ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך נישט געהאַט צו באַרימען מיט קיין איבעריקער מוטיקייט, מחמת די לידקעס האָבן אונטער אים אַזוי געציטערט, אַז ער האָט געמוזט

אַריינשטעכן דעם שפּיץ פֿון דער שפּיז אין דער ערד און אָנשפּאַרן זיך אויפֿן הענטל, כּדי ער זאָל זיך קאָנען איינהאַלטן אויף די פּיס.

לויט זיין ביישפּיל האָבן אויך די איבעריקע קריגסלייט אַריינגע־שטעקט זייערע שפּיזן אין דער ערד אַלס צייכן, אַז זיי ווילן רויק אויס־הערן די רייד פֿון דעם אָנגעקומענעם.

און קאַלי האָט ווידער זיין קול אויפֿגעהויבן:

— מ'רואַ און איר, מ'רואַס מענטשן! איר האָט געהערט, אַז צו אייך רעדט דער זון פֿון דעם קעניג פֿון די וואַ־הימען, וועמענס קי עס באַדעקן אַזוי געדיכט די בערג לעבן באַסאַ־נאַראָק, ווי די מוראַשקעס באַדעקן דעם קערפּער פֿון אַ דערהרגעטער זשיראַפֿע. און וואָס זאָגט דאָס קאַלי, דער זון פֿון קעניג פֿון די וואַ־הימען? ער זאָגט אייך אָן נעמלעך אַ גרויסע און גליקלעכע בשורה, אַז אין אייער דאָרף אַריין קומט אָן — די גוטע מזימו!

דערנאָך האָט ער נאָך העכער אויסגערופֿן:

— אַזוי איז עס. די גוטע מזימו! אָאָאָ!

לויט דער שטילקייט, וואָס איז אַריינגעטרעטן, האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, וואָס פֿאַר אַן אומגעהייערן איינדרוק קאַליס רייד האָבן געמאַכט.

אַ כוואַליע פֿון קריגסלייט האָט זיך אַ וויג געטון, מחמת אַ טייל האָבן זיך אויס ביי גירי קייט פֿאָרויסגערוקט אויף עטלעכע טריט, אַנדערע האָבן פֿאַר פּחד צוריקגעטרעטן. מ'רואַ האָט זיך מיט ביידע הענט אָנ־געשפּאַרט אויף דער שפּיז — און אַ געוויסע צייט האָט געהערשט אַ טויט־שטילשווייגן. אין אַ ווײַלע אַרום ערשט איז אַ געפּליסטער דורך אַלע שערענגעס דורכגעלאָפֿן און איינצלנע שטימען האָבן אָנגעהויבן איבער־צוחזרן: „מזימו!" „מזימו!" און דאָ און דאָרט האָבן זיך געשרייען אָנגערופֿן: „יאַנציג, יאַנציג!" וואָס האָט גלייכצייטיק אויסגעדריקט ערע און באַגריסונג.

קאַליס שטימע האָט אָבער ווידער באַהערשט די געפּליסטערן און געשרייען:

— קוקט און פֿרייט אייך! אָט זיצט דאָרט די גוטע מזימו אין דעמדאָזיקן ווייסן הייזל, אויפֿן רוקן פֿון דעם מעכטיקן העלפֿאַנט, און דער מעכטיקער העלפֿאַנט האָרכט זי, פּונקט ווי אַ שקלאַף האָרכט זיין

באַלעבאָס און ווי אַ קינד האָרכט זיין מוטער. אָ! נישט אייערע טאַטעס, אויך נישט איר האָט נאָך אַזאַ מין ענלעכס געזעען...

— מיר האָבן נישט געזעען! יאַנציג! יאַנציג!...

און אַלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדט צו דעם „הייזל", אָדער צום פּאַלאַנקין.

און קאַלי, וועלכער איז בשעת דער לעקציע פון רעליגיע אויפן לינדע-באַרג געוואויר געוואָרן, אַז די אמונה מאַכט בערג באַוועגן און ער איז טיף איבערצייגט געוועזן, אַז די תפילה פון דער ווייסער „ביבי" קאָן אַלץ פּועלן באַם רבונו של עולם, האָט ער ווייטער מיט דער גרעסטער תמימות דערציילט וועגן דער גוטער מזימו:

— הערט אויס! הערט אויס! די גוטע מזימו פּאָרט אויפן העלפאַנט אין דער זייט אַריין, אין וועלכער די זון שטייגט אויף פון הינטער די בערג פון וואַסער; דאָרטן וועט די גוטע מזימו זאָגן דעם גרויסן גייסט, אַז ער זאָל אייך שיקן וואָלקענעס, און די וואָלקענעס וועלן אין דער צייט פון אַ טרוקעניש באַגיסן מיט רעגן אייער פּראָסע, אייער מאַניאָק, אייערע באַנאַנען און דאָס גראָז אין דער דזשונגליע, כדי איר זאָלט האָבן אַ סך עסנוואַרג און אייערע קי זאָלן האָבן גוטע פּאַשע און זאָלן געבן געדיכטע און פעטע מילך. צי ווילט איר אַ סך עסנוואַרג און מילך, אַ מענטשן

— העי! מיר ווילן, מיר ווילן!

— ... און די גוטע מזימו וועט זאָגן דעם גרויסן גייסט, אַז ער זאָל אייך שיקן דעם ווינט, וואָס וועט אַרויסבלאָזן פון אייער דאָרף די שלאַפקייט, וואָס פאַרוואַנדלט דעם קערפּער אין אַ פליטע וואַקס, צי ווילט איר, אַז ער זאָל דאָס אייך אַרויסבלאָזן, אַ מענטשן?

— הע! זאָל ער זי אַרויסבלאָזן!

— ...און דער גרויסער גייסט וועט אייך, אויף דער גוטער מזימוס בקשה, באַשיצן פון אַלע מיני אָנפאַלן און פון שקלאַפעריי און פון היזקות אין אייערע פעלדער... און פון לייב און פון דער פּאַנטערע און פון שלאַנג און פון היישעריק...

— זאָל ער אַזוי טון!...

— איצט הערט-זשע דעריבער נאָך אויס און זעט, ווער עס זיצט פאַרן הייזל, צווישן די אויערן פון דעם שרעקלעכן העלפאַנט. אָט זיצט דאָרט נעמלעך דער בוואַנאַ קובוואַ — דער ווייסער האַר — דער גרויסער און שטאַרקער, פאַר וועמען דער העלפאַנט האָט מורא...

— הע!
— ...וועלכער האָט אין זיין האַנט דעם דונער און דערהרגעט מיט אים די שלעכטע מענטשן...
— הע!
— ...וועלכער דערהרגעט לייבן...
— הע!
— ...וועלכער לאָזט אַרויס פייערדיקע שלאַנגען...
— הע!
— ...וועלכער ברעכט פעלזנשטיינער...
— הע!
— ...וועלכער וועט אייך אָבער קיין שום שלעכטס נישט טון, אויב איר וועט באַערן די גוטע מזימו!
— יאַנציג! יאַנציג!
— און אויב איר וועט אים אָנטראָגן טרוקן מעל פון באַנאַנען, הינערנע אייער, פרישע מילך און האָניק.
— יאַנציג! יאַנציג!
— דערנענטערט-זשע אייך און פאַלט אויפן פנים פאַר דער גוטער מזימו.

מ׳רווא און זייבע קריגסלייט האָבן זיך אַ ריר געטון און, נישט אויפהערנדיק צו „יאַנציגירן״ אויף קיין רגע, האָבן זיי זיך אַ רוק געטון אויף אַ צענדליק טריט פאָרויס. זיי האָבן זיך אָבער פאָרזיכטיק דערנענטערט, מחמת סיי דער אַבערגלויבישער פחד פאַר דער מזימו און די פּשוטע מורא פאַרן העלפאַנט האָבן זייערע טריט געהאַמעוועט. דער אָנבליק פון סאַבאַן האָט זיי אויפסניי איבערגעשראָקן, ווייל זיי האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ „וואַבאַ״, דאָס הייסט, פאַר אַ גרויסן געלן לעמפּערט, וועלכער באַוואוינט יענע געגנטן, ווי אויך דרום-אַביסיניען, און פאַר וועלכן די אָרטיקע איינוואוינער האָבן מער מורא, ווי פאַר אַ לייב, מחמת מענטשלעך פלייש האָט ער אַ סך ליבער, ווי אַלע אַנדערע און מיט אַן אומדערהערטער דרייסטקייט פאַלט ער אָן אפילו אויף באַוואָפנטע מאַנספּערשוינען. זיי האָבן זיך אָבער באַרויקט, זעענדיק, אַז דאָס קליינע ביכיקע נעגערל האָלט דעם שרעקלעכן „וואַבאַ״ אויף אַ שטריק. אָבער פאַר דאָס האָבן זיי געקריגן נאָך מער פאַרשטעלונג וועגן דער מאַכט פון דער גוטער מזימו, דעסגלייכן אויך וועגן ווייסן האַר, און וואַרפנדיק אַ בליק

דאָ אויפן העלפאַנט, דאָ אויף סאַבאַן, האָבן זיי זיך קעגנזייטיק איבערגעשעפּטשעט:

„אויב זיי האָבן פאַרכישופט אפילו אַ „וואַבאַ". טאָ ווער־זשע אין דער וועלט וועט זיך זיי אַנטקעגנשטעלן?"

דער פייערלעכסטער מאָמענט איז אָבער ערשט דעמאָלט אַנטשטאַנען, ווען כטאַש האָט, אויסדרייענדיק זיך צו נעלן, פריער טיף זיך אַנגעבויגן, און דערנאָך האָט ער פונאַנדערגערוקט די ווענט פון פּאַלאַנקין, וואָס זענען אייַנגעאָרדנט געווען ווי פאָרהאַנגען — און ער האָט פאַר די אויגן פון די פאַרזאַמלטע באַוויזן די גוטע מזימו. מ'רואַ און אַלע קריגסלייט זענען געפאַלן אויף די פּנימער, אַזוי, אַז זייערע קערפּער האָבן געשאַפן אַ לאַנגע לעבעדיקע בריק. קיינער האָט נישט געוואַגט זיך אַ ריר צו טון, און די שרעק אין אַלע הערצער איז דערמיט נאָך גרעסער געוואָרן, ווען קינג האָט, צי אויף סטאַשס באַפעל, צי גלאַט אַזוי פון אייגענעם חשק, אַ הייב אויף געטאָן אינדערהייך די טראָמבע און מעכטיק אַ ריטש געטאָן, און נאָך זיין בייַשפּיל האָט זיך אויך סאַבאַ מיט זיין טיפסטן באַס, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט באַווייזן, אָנגערופן. דאַן האָט זיך פון אַלעמענס ברוסטן אַרויסגעריסן ענלעך צו אַ קרעכצנדיק בעטן: „אַקאַ! אַקאַ! אַקאַ!" — און דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז וואַנען קאַלי האָט ווידער נישט אָנגעהויבן צו רעדן:

— אָ, מ'רואַ טון איר מ'רואַס קינדער! איר האָט אָפּגעגעבן ערע דער גוטער מזימו, שטייט־זשע אַלזאָ אויף, קוקט און פילט אָן מיט איר אייערע אויגן, מחמת ווער עס וועט דאָס טון, וועט רוען אויף אים די ברכה פון גרויסן גייסט. טרייבט אויך אַרויס דעם פּחד פון אייערע ברוסטן און פון אייערע בייכער און וויסן זאָלט איר זיין, אַז דאָרט, וואו עס געפינט זיך די גוטע מזימו, טאָר קיין מענטשלעך בלוט נישט פאַרגאָסן ווערן.

באַ דידאָזיקע ווערטער, און בפרט צוליב דער דערקלערונג, אַז אין דער אָנוועזנהייט פון דער גוטער מזימו קען קיינעם דער טויט נישט טרעפן, האָט זיך מ'רואַ אויפגעהויבן, און נאָך אים די איבעריקע קריגסלייט און אָנגעהויבן קוקן, נישט דרייסט, אָבער גיריק, אויף דער גוטמוטיקער געטלעכקייט. זיי וואָלטן געמוזט ווי ס'איז מודה זיין, ווען קאַלי זאָל זיך געווען באַ זיי אַ צווייט מאָל אַ פרעג טון, אַז נישט זייערע טאַטעס, נישט זיי אַליין האָבן נאָך ווען עס איז אַזעלכעס געזעען. זייערע אויגן זענען נעמלעך צוגעוואוינט געווען צו ליאַלקע־אַרטיקע, פון האָלץ און פון האָרי-

קע קאָזאָס-ניס אויסגעאַרבעטע גענץ-געשטאַלטן, און איצט איז פֿאַר זיי געשטאַנען אויפֿן רוקן פֿון העלפֿאַנט אַ לויטער, מילד, זיס און שמייכלענדיק געטל, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ ווייסן פֿויגל און גלייכצייטיק צו אַ ווייסער בלום. דעריבער איז אויך די מורא פֿון זיי אַוועק; די ברוסטן האָבן פֿרייער אָפּגעאָטעמט, די גראָבע ליפּן האָבן אָנגעהויבן שמייכלען, און די הענט האָבן זיך נישטווילנדיק אויסגעצויגן צו דעם צויבערלעכן געשטאַלט.

— אָ, יאַנציג! יאַנציג! יאַנציג!

דערווייל האָט די גוטע מזימו, הגם זי איז געווען אין אַ גרויס פֿאַרלעגנהייט צוליב דער ראָלע פֿון אַ געטין, אויסגעצויגן אויף סטאַשס פֿאַראָרדנונג איר קליין הענטל און אָנגעהויבן צו באַגריסן די נעגערן. די שוואַרצע קריגסלייט האָבן מיט פֿרייד נאָכגעפֿאָרשט מיט די אויגן איטלעכע באַוועגונג פֿון דעמדאָזיקן קליינעם הענטל, גלייבנדיק טיף, אַז אין דעם ליגט באַהאַלטן אַ מעכטיקער „כּישוף", וואָס וועט זיי אָפּהיטן און באַשיצן פֿון אַ סך מפּלות. אַ טייל האָבן אויך, קלאַפּנדיק זיך אין דער ברוסט און איבער די לענדן, אַזוי געזאָגט: „אָ מאַמע! איצט ערשט וועלן מיר זיך גוט פֿילן — מיר און אונזערע קי!" מ'רואַ, פֿילנדיק זיך שוין פֿולשטענדיק דרייסט, האָט זיך דערנענטערט צום העלפֿאַנט, נאָך אַ מאָל אַ פֿאַל געטון מיטן פּנים פֿאַר דער גוטער מזימו, און דערנאָך האָט ער, בוקנדיק זיך פֿאַר סטאַשן, אויף אַזאַ אופֿן זיך אָפּגערופֿן:

— צי וועט דער גרויסער האַר, וועלכער פֿירט אויפֿן העלפֿאַנט די ווייסע געטין, באַווילקן אויפֿצועסן אַ שטיקל פֿון מ'רואַ און צי וועט ער מסכּים זיין דערויף, אַז מ'רואַ זאָל אויפֿעסן זיינס אַ שטיקל און אַז זיי זאָלן ווערן ברידער, צווישן וועלכע עס איז נישטאָ קיין פֿאַלשקייט און פֿאַרראַט?

קאַלי האָט תּיכּף איבערגעטייטשט דידאָזיקע רייד, נאָר זעענדיק פֿון סטאַשס פּנים אַראָפּ, אַז ער האָט נישט דעם מינדסטן חשק צו אַ „שטיקל" פֿון מ'רואַן, האָט ער זיך געווענדט צום אַלטן נעגער און אויסגערופֿן:

— אָ, מ'רואַ! צי מיינסטו טאַקע באמת, אַז דער ווייסער האַר, וועלכער האַלט אין זיין האַנט דעם דונער, וועלכער דערהרגעט לייבן, צו וועמען דער „וואָבאָ" בייגט זיך מיטן ווידל, וועלכער לאָזט אַרויס פֿייערדיקע שלאַנגען און ברעכט פֿעלזן, קאָן שליסן אַ בלוט-ברודערשאַפֿט מיט אַבי וועלכן-ס'איז קעניג? גיב נאָר אַ טראַכט מ'רואַ, צי וואָלט דיך

נישט דער גרויסער גייסט באַשטראָפט פאַר דער חוצפּה אַז צי וועט פאַר דיר נישט גענוג כּבוד זיין, אויב דו וועסט אויפעסן אַ שטיקל פון קאַלין, דעם זון פון פּומבאַן, דער הערשער פון די וואַ־הימען און אויב קאַלי, דער זון פון פּומבאַן, וועט אויפעסן דיינס אַ שטיקל?

— ביסטו, הייסט דאָס, נישט קיין שקלאַף? — האָט מ'רואַ געפרעגט.

— דער גרויסער האַר האָט קאַלין נישט אויפגעגעבאַפּט, און אויך נישט געקויפט, נאָר דאָס לעבן אים מציל געווען, דעריבער פירט קאַלי די גוטע מזימו און דעם האַר אין דעם לאַנד פון די וואַ־הימען, כּדי די וואַ־הימען און פּומבאַ זאָלן זיי אָנטון כּבוד און שענקען גרויסע מתּנות.

— זאָל־זשע זיין אַזוי, ווי דו זאָגסט און זאָל מ'רואַ אויפעסן אַ שטיקל פון קאַלין, און קאַלי אַ שטיקל פון מ'רואַן.

— זאָל זיין אַזוי! האָבן די קריגסלייט איבערגעחזרט.

— וואו איז דער מכשף? — האָט דער קעניג געפרעגט.

— וואו איז דער מכשף? וואו איז דער מכשף? וואו איז קאַמבאַ? — האָבן אָן אַ שיעור שטימען אָנגעהויבן צו רופן.

און פּלוצלינג איז עפּעס אַזעלכעס פאָרגעקומען, וואָס האָט געקאָנט די גאַנצע סיטואַציע איבעראַנדערשן, צו נישט מאַכן די פריינטלעכע באַציונגען און מאַכן די נעגערן פאַר שונאים פון די פריש־אָנגעקומענע געסט. פון דעם אָפּגעזונדערטן הייזל נעמלעך, וואָס איז אַרומגערינגלט געווען מיט אַ פּלויט פון אַריינגעשטעקטע פלעקענער אין דער ערד, האָט זיך פּלוצלינג פונאַנדערגעטראָגן אַ גיהנומדיק גערויש. דאָס האָט אויסגעזעען ווי עפּעס אַ ריטשען פון אַ לייב, ווי אַ דונער, ווי אַ קנאַלן פון אַ פּויק, ווי אַ געל,כטער פון אַ היענע, אַ וואָיען פון אַ וואָלף און ווי אַ מוראדיק סקריפּען פון פאַרזשאַווערטע אייזערנע טיר־נעגל. קינג האָט, דערהערנדיק דידאָזיקע שרעקלעכע קולות, אָנגעהויבן צו ריטשען, סאַבאַ צו בילן, דאָס אייזל, אויף וועלכן נאַשיבו איז געזעסן, צו הירזשען. די קריגסלייט זענען אויפגעשפּרונגען, ווי אָפּגעבריטע און האָבן אַרויסגעריסן די שפּיזן פון דער ערד. ס'איז געוואָרן אַ מהומה. צו סטאַשס אויערן זענען דערגאַנגען אומרויקע אויסגעשרייען: „אונזער מזימו! אונזער מזימו!" די פאַרערונג און גוטוויליקייט, מיט וואָס מען האָט גע-

קוקט אויף די אַנגעקומענע. איז אין איין רגע פאַרשוואונדן געוואָרן. די אויגן פון די פרעים האָבן אָנגעהויבן צו וואַרפן פאַרדעכטיקע און פיינט־לעכע בליקן. דראָענדע געפּליסטערן האָבן זיך אָנגעהויבן אויפהייבן צווישן הכּוון, און דאָס שרעקלעכע גערויש אין דער איינזאַמער שטוב איז וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן.

קאַלי האָט זיך דערשראָקן, און צוריקגעדיק זיך שנעל צו סטאַשן, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ פאַרהאַקטער און ריידנדער שטימע:

— האַר, דאָס האָט דער מכשף אויפגעוועקט די שלעכטע מזימות, וועלכע האָט מורא, אַז זי וועט נישט באַקומען קיין מתנות און זי ריי־טשעט דעריבער פאַר כּעס. באַרויק, האַר, דעם מכשף און די שלעכטע מזימות מיט גרויסע מתנות, מחמת אַנדערש וועלן זיך דידאָזיקע מענטשן אַ נעם טון קייגן אונז.

— באַרויקן זיי? — האָט סטאַש געפרעגט.

און פּלוצלינג האָט אים אַרומגענומען אַ כּעס אויף דער כיטרעקייט און גיריקייט פון דעם מכשף, און די אומגעריכטע געפאַר האָט אים ביז דער נשמה אויפגעטרייסלט. זיין שלאַנק פּנים איז פולשטענדיק אַזוי פאַר־ענדערט געוואָרן, פונקט ווי דעמאָלט, ווען ער האָט דערשאָסן געבהרן, כּאַסיסן און די צוויי בעדוינער. די אויגן האָבן אים צאַרניק אויפגעבליש־טשעט, די ליפּן און די פויסטן האָבן זיך אים פאַרהאַקט, און די באַקן זענען אים בלאַס געוואָרן.

— אַך, איך וועל זיי באַלד באַרויקן! — האָט ער אויסגעש־ריפן.

און אָן שום ישוב הדעת האָט ער אַ טרייב געטון דעם העלפאַנט צום הייזל.

קאַלי, נישט ווילנדיק אַליין איבערבלייבן צווישן די נעגערן, איז נאָך אים נאָכגעגאַנגען. פון די ברוסטן פון די ווילדע קריגסלייט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי — מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן, צי פון שרעק, צי פון כּעס, נאָר, איידער זיי זענען נאָך צו זיך געקומען, האָט שוין געקנאַקט און צעשמעטערט געוואָרן אונטערן דרוק פון העלפאַנטס קאָפּ דער פּלויט, און נאָך אין אַ ווײַלע אַרום האָט מ׳רואַ מיט זייער מענטשן דערזען די שוואַרצע טראָמבע, וואָס איז געווען אויפגעהויבן אינדערהייך, און אויפן עק פון דער טראָמבע — דעם מכשף קאָמ־באַ.

און סטאַש האָט, באַמערקנדיק אויף דער פּאָדלאָגע אַ גרויסע פּויק, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַן אויסגעקרישלטן שטאָם און באַצויגן מיט אַ מאַלפּע־פעל, האָט ער קאַלין געהייסן זי זיך דערלאַנגען, און אויס־דרייענדיק זיך, איז ער געבליבן שטיין פּנים אל פּנים צו די דערשטוינ־טע קריגסלייט.

— מענטשן, — האָט ער מיט אַ שאַלנדער שטימע אויסגערופן — נישט אייער מזימו ריטשעט דאָס, נאָר דערדאָזיקער אויסוואורף טומלט אַזוי אויף דער פּויק, כּדי אויסצונאַרן פון אייך מתּנות, און איר האָט אַזוי מורא, ווי די קינדער!

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אָנגעכאַפּט באַ דעם שטריק, וואָס איז גע־ווען דורכגעצויגן דורך דער אויסגעטרוקנטער פעל אין דער פּויק און אָנגעהויבן מיט איר מיטן גאַנצן כּוח צו דרייען. די זעלביקע קולות, וואָס האָבן פריער די נעגערן אַזוי איבערגעשראָקן, האָבן זיך איצט אויך אַזוי געלאָזט הערן, און אפשר נאָך מוראדיקער, מחמת זיי זענען נישט פאַרשטיקט געוואָרן צווישן די ווענט פון דעם הייזל.

— אָ, ווי נאַריש מ׳רוּאַ מיט זיינע קינדער זענען! — האָט קאַלי אויסגעשריגן.

סטאַש האָט אים איבערגעגעבן די פּויק, און קאַלי האָט מיט איר אָנגעהויבן אַזוי צו טומלען, אַזוי צו פּויקן, מיט אַזאַ ברען, אַז אַ געווי־סע ווילע האָט מען קיין וואָרט נישט געקאָנט הערן. ביז וואַנען ער האָט שוין ענדלעך געהאַט גענוג, האָט ער אַ וואָרף געטון די פּויק צו מ׳רוּאַס פיס:

— אָט דאָס איז אייער מזימו! — האָט ער מיט אַ גרויס געלעכ־טער אויסגערופן.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן, ווי דער שטייגער איז באַ די נע־גער, אַרויסצושיטן אַ ים מיט רייד צו די קריגסלייט, נישט קאַרגנדיק דערביי לחלוטין קיין חוזק־ווערטער פון זיי אַלע און פון מ׳רוּאַ. ער האָט זיי אָפן דערקלערט, אָנווייזנדיק אויף קאַמבאַן, אַז „דערדאָזיקער גנבֿ אין שטשורע־היטל" האָט זיי באַשווינדלט אין משך פון אַן אַ שיעור רעגנדי־קע און טרוקענע צייטן, און זיי האָבן אים געפּאַשעט מיט ביינער, מיט ציגעלעך און האָניק. צי איז דען נאָך פאַראַן אַ צווייטער, נאָך אַזאַ נאַ־רישער קעניג און אַזאַ נאַריש פאָלק אויף דער וועלט?

זיי האָבן געגלייבט אין דער מאַכט פון אַן אַלטן שווינדלער און אין זיין כּישוף, זאָלן זיי דעריבער איצט זען, ווי דערדאָזיקער גרויסער

מכשף הענגט אויף דער טראָמבע פון העלפאַנט און שרייט; „אקאַ!“, כּדי צו דערוועקן רחמנות באַם ווייסן האַר. וואו איז זיין מאַכט? וואו איז זיין כּישוף? פאַרוואָס ריטשעט נישט איצט קיין שום שלעכטער מזימו, כּדי אים צו ראַטעווען? אַך! וואָס איז דען דידאַזיקע מזימו זייערע? אַ פלאַכטע פון מאַלפּע־פעל און אַ שטיק צעקרישלטער שטאַם, וואָס דער העלפאַנט האָט עס צעטרעטן? באַ די וואַ־הימען וואָלטן אפילו ווייבער און קינדער נישט קיין מורא געהאַט פאַר אַזאַ מזימו, און מ׳רוּאַ מיט זיינע מענטשן האָבן מורא פאַר איר. איין אמתע מזימו איז באַר פאַרהאַן און איין אמתער גרויסער און שטאַרקער האַר — זאָל מען דעריבער זיי אָפּגעבן כּבוד און זאָל מען אָנטראָגן ווי צום מיינסטנס מתּנות, וואָרן אַנדערש וועלן זיך אויף זיי אַ שיט טון אַזעלכע מפּלות, וועגן וועלכע זיי האָבן נאָך ביז איצטער נישט געהערט.

פאַר די נעגער האָט מען אפילו דידאַזיקע רייד נישט געדאַרפן, וואָרן דאָס אַליין שוין, וואָס דער מכשף, צוזאַמען מיט זיין שלעכטער מזימו האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַ סך שוואַכער פון דער נייער, ווייסער געטין און פון ווייסן האַר, איז פאַר זיי פולשטענדיק גענוג געווען, אַז זיי זאָלן אים פאַרלאָזן און באַדעקן מיט חרפּה. האָבן זיי דעריבער אויפסניי אָנגעהויבן צו „יאַנציגירן“, מיט נאָך מער אונטערטעניקייט אפילו און מיט מער פליסיקייט. און ווייל זיי זענען אויף זיך אין כּעס געווען, וואָס אין משך פון אַזוי פיל יאָרן האָבן זיי זיך געלאָזט פון קאַמבאַן באַשווינדלען, האָבן זיי אים דעריבער דווקא געוואָלט דערהרגענען. מ׳רוּאַ אַליין האָט סטאַש געבעטן, אַז ער זאָל אים דערלויבן צו בינדן און אים אַזוי לאַנג האַלטן, ביז וואַנען זיי וועלן נישט אויסקלערן פאַר אים אַ געבוּג אכזריותדיקן טויט. נעל האָט אָבער באַשלאָסן צו שענקען אים דאָס לעבן, און מחמת דעם, וואָס קאַלי האָט פריער אויסגערופן, אַז דאָרטן, וואו די גוטע מזימו געפינט זיך, טאָר קיין מענטשלעך בלוט נישט פאַרגאָסן ווערן, דעריבער האָט נאָר סטאַש דערלויבט אויף אַרויסצוטרייבן בלויז דעם אומגלויבלעכן מכשף פון דאָרף.

קאַמבאַ, וועלכער האָט זיך געריכט, אַז ער וועט שטאַרבן אין די אויסטערלישסטע פיין, איז געפאַלן אויפן פּנים פאַר דער גוטער מזימו, און שלוכצנדיק, האָט ער איר געדאַנקט פאַר דער רעטונג. פון איצט אָן האָט שוין קיין שום זאַך די פייערלעכקייט נישט געשטערט. פון הינטערן פלויט האָבן זיך אָפּערגעשיט ווייבער און קינדער, מחמת די ידיעה וועגן דעם אָנקומען פון די אויסטערלישע געסט האָט זיך איבערן גאַנצן דאָרף

צעטראָגן און דער חשק צו זען די ווייסע מזימו האָט גובֿר געווען דעם פחד. סטאַש מיט נעלן האָבן צום ערשטן מאָל געזען אַ ישוב פון אמתע ווילדע, צו וועלכע די אַראַבער זענען אפילו נישט דערגאַנגען. דימלבושים פון דידאָזיקע נעגערן זענען באַשטאַנען נאָר פון ווזשאָסן אָדער פון אַ פעל, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן אַרום די לענדן. אַלע זענען געווען טאַטוירט. סיי די מאַנספּערשוינען, סיי די פרויען האָבן געהאַט דורכגעלעכערטע אויערן און אין דידאָזיקע לעכער — שטיקלעך האָלץ אָדער העלפאַנטביין, וואָס זענען געווען אַזוי גרויס, אַז די אויסגעצויגענע אויערן-לעפּלעך האָבן געגרייכט ביז די אָרעמס. אין די אונטערשטע ליפּ האָבן זיי געטראָגן אַ „פּעלעלע", דאָס איז אַזאַ הילצערן אָדער ביינערן רייפל, וואָס איז אַזוי גרויס געווען, ווי אַ טעצעלע צו פּיליזשאַנקעס. די מער באַוואוסטע קריגסלייט און זייערע ווייבער האָבן געהאַט אויף די העלזער קעלנער פון אייזערנעם אָדער מעשענעם דראָט, וואָס זענען אַזוי הויך און שטייף געווען, אַז זיי האָבן קוים מיט די קעפּ געקאָנט באַוועגן.

זיי האָבן אויך, ווייזט אויס, געהערט צו דעם שטאַם פון די שילוקן, וועלכע ציען זיך אַוועק ווייט אויף מזרח, מחמת קאַלי מיט מעאַן האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען זייער לשון, און סטאַש — אַ ביסל. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט אַזעלכע לאַנגע פיס, ווי זייערע מיטברידער, וועלכע וואוינען בײַ די אויסגוסן פון נילוס, זיי זענען געווען ברייטער אין די אָרעמס, נישט אַזוי הויך און בכלל נישט אַזוי ענלעך צו די בראָדזשענדיקע פייגל. די קינדער האָבן אויסגעזען ווי די פלייעלעך, און נישט זייענדיק נאָך פאַרהעסלעכט דורך די „פּעלעלע", זענען זיי אומפאַרגלייכלעך אַ סך שענער געווען פון די עלטערע.

די פרויען, וועלכע האָבן זיך פריער פונדערווייטנס גוט אָנגעקוקט מיט דער גוטער מזימו, האָבן אויף געוועט מיט די קריגסלייט איר אָנגעהויבן צוצוטראָגן מתנות, וואָס זענען באַשטאַנען פון ציגעלעך, הינער, אייער, שוואַרצע בוינען און ביער, פון פּראָסע אויפגעקאָכט. דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז וואַנען סטאַש האָט נישט אײַנגעהאַלטן דעמדאָזיקן צופלוס פון זאַפּאַסן, און ווייל ער האָט זיי פאַר דעם אַלעם רייך באַצאָלט מיט פּאַטשערקעס און קאָלירטן פּערקאַל, און נעל האָט צווישן די קינדער פונאַנדערגעטיילט בײַ אַ צענדלינג שפּיגעלעך, וואָס זיי האָבן נאָך לינדען געירשנט, דעריבער איז די פרייד געווען אומגעהייער גרויס אין גאַנצן דאָרף און אַרום דעם געצעלט, אין וועלכן די קליינע רייזנדע האָבן זיך באַהאַלטן. עס האָבן זיך כסדר פונאַנדערגעטראָגן פריילע-

כע אויסגעשרייען פֿול מיט צוזאַמעניִקונג. דערנאָך האָבן די קריגסלייט אויס־געפירט לכּבוד די געסט אַ קריגס־טאַנץ און אָפּגעהאַלטן אַ מכּלומרשטע שלאַכט, און צום סוף איז מען צוגעטרעטן שליסן אַ בלוט־ברודערשאַפט צווישן קאַלין און מ׳רואַן.

אַזוי ווי קאַמבאַ, וועלכער איז דורכויס נויטיק געווען צו דערדאָ־זיקער צערעמאָניע, איז נישט געווען, האָט אים דעריבער פאַרטרעטן אַן אַלטער נעגער, וואָס האָט אויסגעצייכנט געקאָנט די השבעותן. דער זעלבער האָט, דערהרגנדיק אַ ציגעלע, אַרויסגענומען דערפון די לע־בער און זי צעטיילט אויף עטלעכע שפּאַרע שטיקער, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו דרייען מיט דער האַנט און מיטן פוס עפּעס אַ מין שפּין־ראָד, און קוקנדיק דאַ אַמאָל אויף קאַלין, דאָ אויף מ׳רואַן, האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ פייערלעכער שטימע:

— קאַלי דער זון פון פּומבאַ, צי ווילסטו אויפעסן אַ שטיקל פון מ׳רואַ, דעם זון פון מ׳קולי — און דו, מ׳רואַ, דער זון פון מ׳קולי, צי ווילסטו אויפעסן אַ שטיקל פון קאַלי, דעם זון פון פּומבאַ?

— מיר ווילן — האָבן זיך די צוקונפטיקע ברידער אָנגע־רופן.

— צי ווילט איר, אַז קאַליס האַרץ זאָל זיין מ׳רואַס, און מ׳רואַס האַרץ דאָס האַרץ פון קאַלין?

— מיר ווילן.

— אי די הענט, אי די שפּיזן, אי די קי?

— אי די קי!

— און אַלץ, וואָס איטלעכער האָט אָדער וועט האָבן?

— וואָס האָט און וועט האָבן!

— און עס זאָל נישט פאַרקומען צווישן אייך קיין פאַלשקייט, נישט קיין פאַרראַט און נישט קיין שנאה?

— און נישט קיין שנאה!

— און אַז איינער זאָל דעם אַנדערן קיינמאָל נישט באַגנבע־נען?

— קיינמאָל נישט!

— און אַז איר זאָלט זיין ברידער?

— יאָ!

דאָס שפּין־ראָד האָט זיך וואָס אַמאָל גיכער געדרייט. די פאַרזאַמל־

טע קריגסלייט אַרום האָבן וואָס אַמאָל מיט אַ גרעסערער פאַרטועקייט נאָכגעפּאָרשט זיינע באַוועגונגען.

— אָאָ! — האָט דער עלטער נעגער אויסגערופן — נאָר אויב איינער פון אייך זאָל דעם צווייטן אָפּנאַרן, ווען ער זאָל אים פאַרראַטן, ווען ער זאָל אים באַגנבענען, ווען ער זאָל אים פאַרסמען, ווען ער זאָל אים דערהרגענען, זאָל ער זיין פאַרשאָלטן!

— זאָל ער זיין פאַרשאָלטן! — האָבן אַלע קריגסלייט נאָכגעזאָגט.

— און אויב ער איז אַ ליגנער און גרייט־צו אַ פאַרראַט, זאָל ער נישט אַראָפּשלינגען דאָס בלוט פון זיין ברודער און זאָל ער עס פאַר אונז אין די אויגן אָװעקוואַרפן!

— אַר, פאַר אונז אין די אויגן!

— און ער זאָל שטאַרבן!

— ער זאָל שטאַרבן!

— זאָל אים אַ „וואָבאָ" צערייסן!

— אַ וואָבאָ!

— אָדער אַ לייב!

— אָדער אַ לייב!

— זאָל אים אַ העלפאַנט און אַ נאָזהאָרן און אַ בופלאָקס צעטראַשעווע.

— אָ! און אַ בופלאָקס — האָט דער כאָר נאָכגעזאָגט.

— און זאָל אים אַ שלאַנג אַ ביס טון!

— אַ שלאַנג.

— און זיין צונג זאָל ווערן שוואַרץ!

— שוואַרץ.

— און די אויגן זאָלן אים אין קאָפּ פאַרזינקען!

— אין קאָפּ פאַרזינקען.

— און זאָל ער גיין מיט די פיס אַרויף!

— האָ! מיט די פיס אַרויף.

נישט נאָר סטאַש, נאָר אפילו אויך קאַלי האָט זיך די ליפּן געביסן, כדי נישט אַרויסצושיסן מיט קיין געלעכטער, און דערווייל האָבן

זיך די השבועותן וואָס אַ מאָל שרעקלעכער איבערגעחזרט, און דאָס שפּינראַד האָט זיך אַזוי שנעל געדרייט, אַז די אויגן האָבן נישט געקאָנט דערכאַפּן. דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, כּל זמן דער אַלטער נעגער האָט דעם כּוח און דעם אָטעם נישט אָנגעוואוירן.

דעמאָלט האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד און אין משך פון אַ געווויסער צייט אין שטילשווייגן געוואָרפן מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן. אין אַ ווײַלע אַרום אָבער איז ער אויפגעשטאַנען, און נעמענדיק אַ זעסער, האָט ער איינגעשניטן די הויט פון קאַליס אָרעם, און אָנשמירנדיק מיט זיין בלוט אַ שטיקל ציגן-לעבער, האָט ער עס אַרייַנגערוקט אין מ׳רוּאַס מויל, דאָס צווייטע שטיקל, וואָס איז איינגעשמירט געווען אין קעניגס בלוט, אין קאַליס מויל. ביידע האָבן עס אַזוי שנעל אַראָפּגעשלונגען, אַז די קעלן זייערע האָבן אַזש אַ שלוקעכץ געטון, און די אויגן זענען זיי אינדערהייך אַרויסגעקראָכן, דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט בײַ די הענט, אַלס צייכן פון געטרייער און אייביקער פריינטשאַפט.

די קריגסלייט ווידער האָבן מיט פרייד אָנגעהויבן צו שרייען:

— ביידע האָבן אַראָפּגעשלונגען, קיינער האָט נישט אָוועקגעוואָרפן, זענען זיי אַלזאָ אָפנהערציק און ס׳איז נישטאָ קיין פאַרראַט צווישן זיי!

סטאַש האָט בײַ זיך אין האַרץ געדאַנקט קאַלין, וואָס ער האָט אים פאַרטרעטן אין דער צערעמאָניע, מחמת ער האָט געפילט, אַז בײַם אַראָפּשלינגען „מ׳רוּאַס שטיקל" וואָלט ער זיכער געווען אַרויסגעוויזן אַ באַווייז פון נישט אויפריכטיקייט און פאַרראַט.

פון דער איצטיקער מינוט אָן אָבער האָט באמת די קליינע רייזנדע נישט געדראָט מצד די ווילדע קיין שום פאַרראַט, קיין שום אומגעריכטער איבערפאַל, זיי זענען, פאַרקערט גאָר, געווען אַרומגערינגלט מיט דער גרעסטער גאַסטפריינדלעכקייט און כמעט מיט געטלעכער פאַרערונג. דידאָזיקע פאַרערונג איז דערמיט נאָך מער געוואַקסן, ווען סטאַש האָט, באַמערקנדיק אַ גרויסע אַראָפּנידערונג פון באַראָמעטער, וואָס ער האָט פון לינדען געירשנט, זיי פאָרויסגעזאָגט אַ רעגן און ווען ס׳איז טאַקע דעם זעלבן טאָג אַראָפּגעפאַלן אַ גרויסער רעגן, גלייך די „מאַסיקאַ", וואָס איז שוין לאַנג געהאַט אַדורך, וואָלט נאָך געוואָלט אויסקוועטשן די רעשט זאַפּאַסן זיינע אויף דער ערד. די נעגערן זענען איבערצייגט גע-

וועָן, אַז געשאָנקען דעמדאָזיקן מבול האָט זיי די גיטע מזימות און די דאַנקבאַרקייט זייערע פֿאַר נעלן האָט גאָרנישט געהאַט קיין גרע-בעץ.

סטאַש האָט געשפּאַסט פֿון איר, אַז אַזוי ווי זי איז געוואָרן אַ נעגעריש געטל, וועט ער זיך דעריבער נאָר אײַנער אַליין לאָזן אין ווײַ-טערדיקן וועג אַרײַן, און זי וועט ער איבער־לאָזן אין מ'רואַ דאָרף, וואו די נעגער וועלן אויפבויען פֿאַר איר אַ טעמפּל פֿון העלפאַנטביין און וועלן איר צוטראָגן בויגען מיט באַנאַנען.

אָבער נעל איז אַזוי זיכער געווען מיט אים, אַז זי האָט, אויפ-שטעלנדיק זיך אויף די שפּיץ-פינגער, אים אײַנגערוימט, ווי איר שטיי-גער איז געווען, אין אויער אַרײַן, נאָר דריי ווערטער: „וועסט נישט איבער־לאָזן!” — דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן אונטערצוטאַנצן פֿאַר פֿרייד, זאָגנדיק, אַז ווי באַלד די נעגער זענען אַזעלכע גוטע, וועט זיי די גאַנצע רייזע, אַזש ביז צום אָקעאַן, גיין לייכט און שנעל. דאָס איז פֿאָרגעקומען פֿאַרן געצעלט און פֿאַר די אויגן פֿון המון, דעריבער האָט דער אַלטער מ'רואַ, זעענדיק די אונטערטאַנצנדיקע מזימות, אויך באַלד אָנגעהויבן אונטערצוטאַנצן, ווי הויך ער האָט נאָר געקאָנט מיט זײַנע קרומע פֿיס, זייענדיק איבערצייגט, אַז דערמיט גיט ער אַ באַווײַז פֿון גאָטספֿאָרכטיקייט.

לויט זײַן בײַשפּיל האָבן זיך די מיניסטאָרן געלאָזט אין אַ האָפּקע, נאָך זיי די קריגסלייט, נאָך זיי די פֿרויען און קינדער, מיט איין וואָרט, דאָס גאַנצע דאָרף האָט אין משך פֿון אַ געוויסער צייט אַזוי געטאַנצט, גלייך ווי אַלע וואָלטן פֿון זינען אַראָפּ.

סטאַשן האָט דער בײַשפּיל, וואָס די געטין האָט געגעבן, אַזוי געווײַלט, אַז ער איז שיער נישט צעזעצט געוואָרן פֿון געלעכטער. פֿונ-דעסטוועגן האָט ער באַנאַכט אויף אַן אמת און דויערהאַפֿטיק זיך אָפּגע-דינט דעם גאָטספֿאָרכטיקן קעניג און זײַנע אונטערטאַנען, וואָרן, ווען די העלפאַנטן זענען אָנגעפאַלן אויף די באַנאַנען-פעלדער, איז ער אַהינגעריטן צו זיי אויף קינגן און אַרײַנגעלאָזט צווישן דער סטאַדע עטלעכע ראַקעטן.

די מהומה, וואָס די „פֿײַערדיקע שלאַנגען” האָבן אַרײַנגעברענגט, איז געווען אין לשער. די ריזיקע חיות, וועלכע זענען אַרומגעכאַפּט גע-

וואָרן מיט אַ שגעון פֿון פּחד, האָבן אָנגעפּילט די גאַנצע דזשונגליע מיט אַ געריטש און געטופּעריי, און אַנטלויפֿנדיק בלינדערהייט, האָבן זיי זיך איבערגעקערט און איינס דאָס אַנדערע געטראַטעוועט. דער מעכטיקער קינג האָט נאָכגעיאָגט די אַנטלויפֿנדיקע חברים מיט אַן אויסערגעוויינלעכן חשק, נישט קאַרגנדיק זיי קיין קלעפּ מיט דער טראָמבע און מיט די ציין. נאָך אַזאַ נאַכט האָט מען געקאָנט זיין זיכער, אַז אַ לאַנגע צייט וועט זיך קיין שום העלפֿאַנט נישט ווייזן אין די באַנאַנען-פּלאַנטאַציעס, וואָס געהערן צום דאָרף פֿון אַלטן מ׳רואַ.

אין דאָרף האָט טאַקע געהערשט אַ גרויסע פֿרייד און די נעגערן האָבן אַ גאַנצע נאַכט פֿאַרבראַכט אויף טענץ, אויף טרינקען ביער פֿון פּראָסע און פּאַלמען-וויין. קאַלי האָט זיך פֿונדעסטוועגן פֿון זיי דערוואויסט אַ סך וויכטיקע זאַכן. עס האָט זיך נעמלעך אַרויסגעוויזן, אַז אַ טייל פֿון זיי האָבן געהערט וועגן עפּעס אַ גרויס וואַסער, וואָס ליגט אויף מזרח-זייט און איז אַרומגערינגלט מיט בערג. פֿאַר סטאַשן איז דאָס געווען אַ באַווייז, אַז יענע אָזיערע, וועגן וועלכער ער האָט נישט געלערנט אין דער געאָגראַפֿיע, עקזיסטירט אויף אַן אמת, און צווייטנס, אַז גייענדיק אין דער ריכטונג, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעקליבן, וועלן זיי ענדלעך זיך אָנשטויסן אויפֿן פֿאָלק פֿון די וואַ-הימען. דרינגענדיק דערפֿון, וואָס דאָס לשון פֿון מעאַן און קאַלין האָט זיך כמעט נישט אונטערשיידט פֿון מ׳רואַס לשון, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער נאָמען „וואַ-הימאַ איז וואַרשיינלעך דער נאָמען פֿון עפּעס אַן אָרט און אַז די פֿעלקער, וועלכע וואוינען באַם באַסאַ-נאַראָק, געהערן צום גרויסן שילוקן-שטאַם, וועלכער הייבט זיך אָן לעבן נילוס, און ציט זיך אַוועק ווער ווייסט ווי ווייט קיין מזרח.

# XXXIX.

די גאַנצע באַפעלקערונג האָט די גוטע מזימו ווייט אַרויס באַגלייט און אָפּגעזעגנט זי מיט טרערן אין די אויגן, בעטנדיק זייער שטאַרק, אַז זי זאָל באַווייליקן באַכאַמאָל ווען ס'איז צו קומען צו מ'רואַ און צו געדענקען וועגן זייערע מענטשן. סטאַש האָט זיך אַ ווײלע אַ וואַקל געטון אין דער דעה, צי זאָל ער די נעגער נישט אָנווייזן דעם טאָל, וואו ער האָט באַהאַלטן די סחורות און זאַפּאַסן, וואָס ער האָט פון לינדען געירשנט און וואָס ער האָט צוליב דעם, וואָס ער האָט זיי נישט געקאָנט פאַרנעמען, איבערגעלאָזט. אַ טראַכט טוענדיק אָבער, אַז דאָס באַזיצן פון אַזעלכע אוצרות וואָלט נאָך געקאָנט באַ זיי אַרויסרופן קנאה־שנאה פון איינעם צום אַנדערן, דערוועקן די גיריקייט און באַאומרויקן זייער לעבן, האָט ער דעמדאָזיקן פּלאַן פאַרוואָרפן, דאַקעגן אָבער האָט ער דערשאָסן אַ גרויסן בופלאָקס און זיי איבערגעלאָזט דאָס פלייש אויף אַ געזעגנונגס־מאָלצייט. דער אָנבליק פון אַזאַ היפּשער פּאָרציע „ניאַמאַ" האָט זיי אָן אַ שיעור דערפרייט.

די פאָלגנדע דריי טאָג איז דער קאַראַוואַן ווידער געגאַנגען אין אַ וויסט לאַנד. 'ס זענען געווען שרעקלעכע היצן, פאַר דאָס אָבער זענען די נעכט צוליב דער הויכקייט פון דער געגנט געווען אַזעלכע קאַלטע, אַז סטאַש האָט מעאַן באַפוילן נעלן צוצודעקן מיט צוויי קאָלדרעס. זיי זענען איצט אָפטער דורכגעפאָרן דורך באַרג־טאָלן, וואָס זענען ערטערווייז געווען נאַקעט און פעלזיק, און ערטערווייז מיט אַזעלכע געדיכטע געוויקסן באַדעקט, אַז מען האָט זיך מיט דער גרעסטער מי געדאַרפן דורך זיי דורכרייסן. אויף די ראַנדן פון דידאָזיקע טאָלן האָבן זיי געזען גרויסע מאַלפּעס, און צייטנווייז אויך לייבן און פּאַנטערעס, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די פעלזיקע היילן. סטאַש האָט אויף קאַליס בקשה איינע פון זיי דערהרגעט. ער האָט זיך דערנאָך אין איר פעל אָנגעטון, כדי די נעגערן זאָלן תיכף דערקענען, אַז זיי האָבן צו טון מיט אַ פּערזאָן פון קעניגלעך בלוט.

נאָך די טאָלן, אויף אַ הויכער פלאַך, האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן נעגערישע דערפלעך. אַ טייל זענען געלעגן נאָענט איינע לעבן די אַנדערע, אַ טייל — דערווייטערט פון זיך אויף אַ טאָג צי צוויי טאָג גאַנג. אַלע זענען געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע פלעקענער אויף צו באַשיצן זיך פאַר לייבן און זיי זענען אַזוי פאַרוויקלט געווען מיט די וויקל-געוויקסן, אַז אַפילו פון דער נאָענט האָבן זיי אויסגעזען, ווי קעמפעס אור-וועלדער. פון די רויכן, וואָס האָבן זיך פון דער מיט אויפגעהויבן, האָט מען ערשט געקאָנט באַמערקן, אַז דאָרט וואוינען מענטשן. דעם קאַראַוואַן האָט מען אומעטום פיל-ווייניק אַזוי אויפגענומען, ווי אין מ׳רוּאַס דאָרף, דאָס הייסט, תּחילת מיט מורא און מיט אומצוטרוי, און דערנאָך מיט שטוינען, באַוואונדערונג און כּבוד. איינמאָל האָט נאָר פּאַסירט, אַז דאָס גאַנצע דערפל איז אויפן אָנבליק פון העלפאַנט, סאַבאַן, די פערד און די ווייסע מענטשן אַנטלאָפן געוואָרן אין דעם נאָענטן וועלדל אַריין, אַזוי, אַז ס׳איז גאָרנישט געווען מיט וועמען קיין וואָרט אויסצורעדן. יעדנפאַלס איז קיין איין שפּיז קעגן די רייזנדע נישט אויפגעהויבן געוואָרן, ווייל די נעגערן, כּל זמן דער מאַהאָמעטאַניזם פלאַנצט אין זיי נישט איין קיין שנאה און אכזריות צו די נישט גלויביקע, זענען זיי פּחדנותדיק און מילד. מערסטנטייל איז דעריבער פאָרגעקומען אַזוי, אַז קאַלי האָט אויפגעגעסן „אַ שטיקל" פון דעם אָרטיקן קעניג און דער אָרטיקער קעניג „אַ שטיקל" פון קאַלין, דערנאָך זענען די באַציונגען געוואָרן זייער פריינטלעכע, און דער גוטער מזימו האָט מען אומעטום דערלאַנגט באַווייזן פון אונטערטעניקייט און גאַסטפרײַנדלעכקייט אין געשטאַלט פון הינער, אייער און האָניק, וואָס מ׳האָט אַרויסגעקריגן פון די קלעצלעך האָלץ, וועלכע זענען געווען אויפגעהאָנגען מיט פאַלמענשטריק אויף די צווייגן פון די גרויסע ביימער. „דער גרויסער האַר", דער הערשער פון העלפאַנט, דונערן און פייערדיקע שלאַנגען, האָט מערסטנטייל אויפגעוועקט אַ מורא, וועלכע איז אָבער באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דאַנקבאַרקייט, ווען מ׳האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין פרייגיביקייט איז פּונקט אַזוי גלייך ווי זיין מאַכט. דאָרט, וואו די דערפלעך זענען געלעגן נענטער איינס פון אַנדערן, האָבן איינע די אַנדערע געגעבן צו וויסן וועגן אָנקומען פון די אויסערגעוויינלעכע געסט מיט דער הילף פון קלאַפּן אין די פויקן, די נעגערן קאָנען נעמלעך אַלץ אַרויסזאָגן מיט דער הילף פון פויקן. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג

איז אַרויסגעקראָכן אַקעגן, זייענדיק פּאַרויס זייער פריינטלעך גע־שטימט.

אין איין דאָרף, וואָס האָט געציילט ביז טויזנט נפשות, האָט דער אַרטיקער הערשער, וועלכער איז איינצייטיק געווען אי מכשף, אי קעניג, מסכּים געווען צו ווייזן זיי דעם „גרויסן פעטיש", וועלכן מען האָט אָן אַ שיעור כּבוד אָפּגעגעבן און פאַר אים מורא געהאַט. אַזוי, אַז צו דעם העבּאַן־טעמפּל האָבן מענטשן נישט געוואַגט זיך צו דערנענטערן און די קרבּנות זייערע האָבן זיי געאָפּפערט צו אים אויף אַ מרחק פון פינפצק טריט. דער קעניג האָט דערציילט וועגן דעמדאָזיקן פעטיש, אַז ער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק אַראָפּגעפאַלן פון דער לבנה, אַז ער איז געווען ווייס און ער האָט געהאַט אַ ווײַדל. סטאַש האָט דערקלערט, אַז ער האָט דאָס טאַקע אויפן באַזעל פון דער גוטער מזימה אים אַרויסגע־שיקט, און זאָגנדיק דאָס, האָט ער לחלוטין קיין ליגנט נישט געזאָגט, מחמת עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער „גרויסער פעטיש" איז פּשוט געווען איינער פון די פּאַפּירענע פייגל, וואָס מען האָט אַוועקגעלאָזט פון לינדע־באַרג. זיי האָבן זיך ביידע, ער מיט נעלן, זייער דערפרייט מיטן געדאַנק, אַז אויך אַנדערע האָבן בײַ גינסטיקן ווינט געקאָנט נאָך ווייטער דערפליען און זיי האָבן באַשלאָסן ווייטער כּסדר די פייגל אַרויסצולאָזן. סטאַש האָט אויסגעפּאַרטיקט און איינעם נאָך דער זעלביקן אָוונט אַוועק־געלאָזט. דאָס האָט שוין די נעגערן פולשטענדיק איבערצײַגט, אַז סיי די גוטע מזימה און סיי דער ווייסער האַר זענען דעסגלײַכן פון דער לבנה דאָ אַהער אַראָפּגעקומען און אַז זיי זענען געטער, צו וועל־כע, ווי אונטערטעניק מען זאָל צו זיי נישט דינען, איז אַלץ ווייניק.

אָבער נאָך מער פון די אונטערטעניקייטס־באַווייזן און הכנעה האָט סטאַשן דערפרייט די ידיעה, אַז באַסאַ־נאַראָק ליגט נאָר סך הכּול צוועלף טעג גאַנג פונדאַנען און אַז די איינוואוינער פון דעמדאָזיקן דאָרף, וואו זיי האָבן זיך אין איצטיקן מאָמענט אָפּגעשטעלט, באַקומען טײלמאָל פון די דאָרטיקע קאָנטן זאַלץ אויסגעטוישט פאַר ווײַן פון דום־פּאַלמען. דער אַרטיקער קעניג האָט אפילו געהערט וועגן פומבאַן, ווי וועגן אַ הערשער פון מענטשן, וואָס מען רופט זיי „דאָקאָ" — קאַלי האָבן באַ־שטעטיקט, אַז די וועלטלעכע שכנים רופן אַזוי אָן די וואַ־הימען מיט די סאַמבורן, ווייניקער פרײַלעכע ידיעות זענען געווען די, וואָס לעבן די ברעגן פון דעם גרויסן וואַסער בושעוועט אַ מלחמה און אַז מען דאַרף

גיין צום באָסאַ-נאַראַק דורך אומגעװיינלעך װילדע בערג און שאַרף-אָנגעפּאַקטע בערג-טאָלן, װאָס זענען פול מיט חיות-רעות. מיט די חיות-רעות אָבער האָט זיך סטאַש שוין זייער װייניק װאָס געמאַכט, און די בערג, מעגן זיי זיין די װילדסטע, האָט ער שוין גלייכער געװאָלט, װי די נידעריקע פלאַכן, װאו עס לאָקערט אויף די רייזנדע דער פיבער.

מיט אַ גוטער שטימונג האָבן זיי זיך דעריבער אַװעקגעלאָזט אין װייטערדיקן װעג אַריין. נאָך דעמדאָזיקן באַפעלקערטן דאָרף האָבן זיי שוין נאָר געטראָפן איין קאָלאָניע, זייער אַ געמיינע און זי איז װי אַ בעסט געהאָנגען אויפן ראַנד פון אַ פעלז. נאָכדעם האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ באַרג-אַרויף, װאָס איז ערטערװייז געװען דורכגעשניטן מיט טיפע טאָלן. אויף מזרח האָט זיך אויפגעהויבן אַ טונקעלע קייט פון באַרג-שפּיצן, װאָס האָבן אויסגעזען פונדערװייטנס כמעט אינגאַנצן שװאַרץ. דאָס איז געװען אַן אומבאַקאַנט לאַנד, װאוהין זיי זענען טאַקע געגאַנגען, נישט װיסנדיק, װאָס עס קאָן זיי דאָרט באַגעגענען, איידער זיי װעלן דערגיין צו פּומבאַס גיטער. אויף די הויכע שפּיצן, דורך װעלכע זיי זענען דורכגעגאַנגען, האָבן נישט געפעלט קיין ביימער, אָבער אַ חוץ די אַקאַציעס, װאָס האָבן אַרויסגעשטאַרט אָפּגעזונדערט, זענען זיי געשטאַנען קעמפּעסװייז, שאַפנדיק װי קליינע װעלדלעך. די רייזנדע האָבן זיך אָפּגעשטעלט צװישן דידאָזיקע קעמפּעס, כדי די הערצער זיך צו דערכאַפּן און זיך אָפּצורוען, װי אויך צוליב דעם געדיכטן שאָטן.

צװישן די ביימער האָט געװימלט פון פייגל. כלערליי מינים טויבן, גרויס-שנאָבלדיקע, װעלכע סטאַש האָט אָנגערופן טוקאַנען, פיל-קאָלירנדיקע שפּאַקן און אָן אַ שיעור הערלעכע „בענגאַליס", האָבן זיך געדרייט אין דער געדיכטעניש פון בלעטער, אָדער זענען איבערגעפלויגן פון איין קעמפּע אויף דער צװייטער, איינציקװייז אָדער סטאַדעסװייז, שימערירנדיק װי אַ רעגנבויגן. טייל ביימער האָבן פונדערװייטנס אויסגעזען, װי זיי װאָלטן מיט פאַרשידנקאָליריקע בלומען באַדעקט געװען. נעל איז באַזונדערס אַנטציקט געװאָרן פונעם אָנבליק פון די גן-עדן-פייגל און פון די שװאַרצע מיט פאָנס פון אונטן, שפּאָרע פייגל, װעלכע האָבן געשפּילט מיט אַ שטימע פון אַ פאַסטוך-פייפערל. די הערלעכע בינען-פאַנגערס, װעלכע זענען פון אויבן ראָז און פון אונטן העל-בלוי, האָבן פלינק געהיפּערט אין דעם זונען-גלאַנץ, כאַפּנדיק אין פליען בינען און פעלד-גרילן. אויף די שפּיצן ביימער האָבן זיך געטראָגן געשרייען פון די גרינע פּאַפּו-

גייען, און טיילמאָל איז צו די אויערן דערגאַנגען אַ שטימע ווי פון זילבערנע גלעקעלעך, מיט וואָס די קליינע גרין-גרויע פייגעלעך, וואָס זענען געווען פאַרבאָרגן אונטער די בלעטעלעך פון די אַדאַסאָנען, האָבן זיך קעגנזייטיק באַגריסט.

פאַר זון-אויפגאַנג אין נאָך זון-אונטערגאַנג זענען פאַרבייגעלאָפן אַ סטאַדע אָרטיקע שוועלבעלעך, אַזאַ מחנה, אַז ווען נישט דאָס געטשוויטשעריי און גערויש פון די פליגעלעך, וואָלט מען זיי געקאָנט אָננעמען פאַר וואָלקנס. סטאַש האָט זיך משער געווען, אַז דאָס קלינגען אַזוי די רויטשנאָבלדיקע, פונאַנדערשפרייטנדיק זיך באַטאָג איבער די איינצלנע קעמפעס.

אָבער מיט נאָך אַ גרעסערער פאַרוואונדערונג און אַנטציקונג האָבן ביידע קינדערס הערצער אָנגעפילט די אַנדערע פייגעלעך, וועלכע זענען געפלויגן אין קליינע טשאַטעלעך און האָבן אָפּגעגעבן אמתע קאָנצערטן. איטלעכעס טשאַטעלע איז באַשטאַנען פון פינף אָדער זעקס „זי"ען און איין „ער", וואָס האָט געגלאַנצט מיט זיינע מעטאַל-פעדערן. זיי האָבן זיך באַזעצט באַזונדערס אויף די איינצלנע אַקאַציעס אויף אַזאַ מין אופן, אַז ער האָט זיך אויכגעפונען אין אָרט אויף אַ שפּיץ בוים, און זיי אַ ביסל נידעריקער — און נאָך די ערשטע טענער, וואָס האָבן אויסגעזעען, ווי זיי וואָלטן די העלזלעך געסטראָיעט, האָט ער אָנגעהויבן דאָס געזאַנג, און זיי האָבן אין שטילשווייגן אויסגעהערט. ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט געענדיקט, האָבן זיי מיט אַן איינטאָניקן כאָר איבערגעחזרט די לעצטע סטראָפע פון זיין געזאַנג. נאָך אַ קליינער הפסקה האָט ער ווידער ?נגעהויבן און פאַרענדיקט, זיי האָבן ווידער איבערגעחזרט, נאָכדעם איז דאָס גאַנצע טשאַטעלע איבערגעפלויגן מיט אַ כוואַליעדיקן, לייכטן פלי אויף דעם פאָלגנדן, באַענטסטן אַקאַציע-ביימל אין דער קאָנצערט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ סאָליסט מיט אַ כאָר, האָט זיך ווידעראַמאָל געלאָזט הערן אין דער מיטאָגדיקער שטילקייט. די קינדער האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט זאַט אָנהערן. נעל האָט אויפגעכאַפּט דעם הויפּט-מאָטיוו פון קאָנצערט און צוזאַמען מיטן כאָר פון די „זי"ען האָט זי מיט איר דין שטימעלע אויסגעזונגען די לעצטע טענער, וואָס האָבן אָפּגעשאַלט, ווי די שנעל-איבערגעחזרטע קלאַנגען: „טוי, טוי, טוי, טוי, טווילינג-טינג! טינג!"

איינמאָל זענען די קינדער, נאָכגייענדיק אַזוי פון בוים צו בוים נאָך די באַפליגלטע מוזיקער, אָפּגעגאַנגען פון דעם לאַגער אויף אַ קילאָ-

מעטער, איבערלאָזנדיק דאָרט די דריי נעגער, קינגן און סאַבאַן, וועלכן סטאַש האָט, קלויבנדיק זיך שוין אין איין וועגס אויך אויף יאַגד, נישט געוואָלט מיטנעמען, כּדי ער זאָל אים מיט זיין בילן די חיות נישט פאַרטריַאגן. ווען דאָס טשאַ עלע איז ענדלעך אַריבערגעפלויגן פון דער לעצטער אַקאַציע אויף דער אַנדערער זייט פון דעם ברייטן טאָל, איז דאָס ייִנגל געבליבן שטיין און אויסגערופן:

— איצט וועל איך דיך אָפּפירן צו קינגן, און דערנאָך וועל איך אַ קוק טון, צי אין דער הויכער דזשונגליע זענען נישטאָ קיין אַנטילאָפּן, אָדער זעברעס, וואָרן קאַלי זאָגט, אַז דאָס געדויכערטע פלייש וועט שוין מער נישט קלעקן ווי אויף צוויי טאָג.

— איך בין דאָך שוין אַ גרויסע, — האָט נעל אָפּגעענטפערט, ווייל איר איז שטענדיק געגאַנגען אין לעבן צו ווייזן, אַז זי איז שוין נישט קיין קליין קינד — איך וועל אַליין אַהיימגיין. דעם לאַגער זעט מען פונדאַנען אויסגעצייכנט אין דעם רויך אויך.

— כ׳האָב מורא, וועסט פאַרבלאָנדזשעט ווערן.

— כ׳וועל נישט פאַרבלאָנדזשען. אין אַ הויכער דזשונגליע וואָלט איך אפשר פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, אָבער דאָ, גיב אַ קוק, ווי דאָס גראָז איז נידעריק.

— עס וועט נאָך עפּעס אויף דיר אָנפאַלן.

— האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז די לייבן און פּאַנטערעס לאָזן זיך באַטאָג נישט אַרויס אויף קיין יאַגד, דערצו נאָך העכסטנס, ווי קינג טרומייטערט פאַר בענקשאַפט צו אונז. וועלכער לייב וואָלט זיך דאָס דערוועגט אַרויסצולאָזן אויף יאַגד דאָרטן, וואוהין עס דערגייט קינגס שטימע?

און זי איז עקשנותדיק צוגעשטאַנען:

— סטאַש מיינער, כ׳וועל אַליין גיין, ווי אַן אַנדערער דערוואַקסענער.

סטאַש האָט זיך אַ ווײַלע געשלאָגן מיט דער דעה, אָבער לסוף האָט ער מסכּים געווען. דעם לאַגער און דעם רויך האָט מען ווירקלעך געזען. קינג, וועלכער האָט געבענקט נאָך נעלן, האָט יעדע ווײַלע געטרומייטערט. אין דעם נידעריקן גראָז האָט נישט געדראָט זי זאָל פאַרבלאָנדזשען, וואָס שייך ווייטער לייבן, פּאַנטערעס און היענעס, האָט וועגן דעם פּשוט קיין שום רייד נישט געקאָנט זיין, מחמת די דאָזיקע חיות זוכן זייער רויב נאָר בײַנאַכט. דאָס בחורל האָט, איבעריקנס, גאַנץ גוט גע-

וואוסט, אַז ער וועט דעם מיידעלע קיין גרעסערן תענוג נישט קאָנען פאַרשאַפן, ווי ער וועט איר ווייזן, אַז ער האַלט זי נישט פאַר קיין קליין קינד.

— נו גוט, — האָט ער אויסגערופן — גיי אַליין, אָבער גיי גלייך און שטעל דיך נישט אָפּ אויפן וועג,

— און צי מעג איך בלויז אָנרייסן דידאָזיקע בלומען ? — האָט זי זיך געפרעגט, אָנווייזנדיק אויף אַ קושאַק קוסאָ*), וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַן אומגעהייערער צאָל ראָזע בליעכץ.

— מעגסט.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער זי אויסגעדרייט, נאָכאַמאָל איר פאַר זי־כערקייט וועגן געוויזן די קעמפע ביימער, פון צווישן וועלכע עס איז אַרויסגעגאַנגען אַ רויך פון לאַגער און פון צווישן וועלכן עס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס טרומייטערן פון קינגן, נאָך דעם האָט ער זיך אַ לאָז אַריין געטון און דער הויכער דזשונגליע, וואָס איז געוואַקסן אויפן ברעג פון טאָל.

ער איז אָבער נאָך נישט געהאַט אָפּגעגאַנגען קיין הונדערט טריט, און אַן אומרויקייט האָט אים שוין אַרומגענומען. „דאָס איז דאָך נאַריש פון מיין זייט, — האָט ער אַ טראַכט געטון — וואָס כ'האָב געלן דער־לויבט איינע אַליין צו גיין איבער אַפריקע — נאַריש ! — נאַריש ! דאָס איז נאָך אַ קינד ! איך האָב זי נישט באַדאַרפן אויף קיין טריט אָפּצו־לאָזן, סיידן, אַז קינג געפינט זיך לעבן איר. ווער ווייסט, וואָס איר קאָן פאַסירן ! — ווער ווייסט, צי אונטער דעמדאָזיקן ראָזן קושאַק זיצט נישט אַמאָל עפּעס קיין שלאַנג, גרויסע מאַלפּעס קאָנען דאָ פון טאָל אַרויסקו־מען און זי אויפכאַפּן אָדער אַ ביס טון, זאָל גאָט אָפּהיטן ! — כ'האָב אָנגעטון אַ שרעקלעכע נאַרישקייט !"

און זיין אומרו איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כעס אויף זיך אַליין, און גלייכצייטיק אין אַ שרעקלעכן פּחד. נישט לאַנג זיך מיישב זייענדיק, האָט ער זיך אומגעקערט, ווי ס'וואָלט אים עפּעס אַ שלעכטס פאָרגעפּיל אין האַרץ אַ קלאַפּ געטון. גייענדיק זייער שנעל, האָט ער

---

*) א פרעכטיק געוויקס, וואָס זייגע קערנדלעך זענען א באוואוסטע תרופה קעגן ווערם. וואקסט מערסטנטייל אין אביסיניען.

מיט דער אומגעהייערער געשיקטקייט, וואָס ער האָט זיך שוין געהאַט אויסגעאַרבעט פון זיין טאָג־טעגלעכן גיין אויף יאַגד, געהאַלטן גרייט די ביקסן נאָר אויסצושיסן און ער האָט זיך פאַרויסגערוקט צווישן די שטעכיקע מימאָזן אָן פיצל גערויש, פונקט ווי אַ פּאַנטערע, ווען זי גנבעט זיך אונטער באַנאַכט צו אַ סטאַדע אַנטילאָפּן. אין אַ ווייל אַרום האָט ער אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון די הויכע גראָזן, אַ קוק געטון — און ווי פאַרשטיינערט געוואָרן.

נעל איז געשטאַנען אונטער אַ קושאַק קוסאָ מיט אויסגעצויגענע הענטלעך פאַר זיך; די ראָזע בלומען, וואָס זי האָט פון שרעק אַראָפּגעלאָזט, זענען געלעגן באַ אירע פיס, און אויף אַ מרחק פון עטלעכע און צוואַנציק טריט איז אַ גרויסע געל־גרויע חיה געקראָכן צו איר צווישן די נידעריקע גראָזן.

סטאַש האָט בפירוש געזעען זיינע גרינע אויגן, וואָס זענען געווען פאַרזונקען אין דעם מיידעלעס ווייסן פנים ווי קרייד, זיין פאַרשמעלטן קאָפּ מיט די צוגעפלאַטשטע אויערן, זיינע אינדערהייך אויפגעהויבענע לאָפּאַטקעס, זיין לאַנגן קערפּער און נאָך לענגערן וויידל, וואָס זיין עק האָט זיך גערירט מיט אַ לייכטער קאַצן־באַוועגונג. נאָך איין מאָמענט — איין שפרונג און ס'וואָלט געווען נאָך נעלן.

אויף דעמדאָזיקן אָנבליק, האָט דאָס פאַרהאַרטעוועטע און צו געפאַרן צוגעוואוינטע בחורל אין איין אויגנבליק פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וועט דאָ נישט אויסנוצן זיין קאַלטבלוטיקייט, אויב ער וועט נישט בלייבן רויק, באַם באַוואוסטזיין, אויב ער וועט שלעכט שיסן און דעם אָנפאַלער נאָר פאַרוואונדן, מעג זיין אפילו שווער פאַרוואונדן, מוז דאָס מיידעלע אומקומען, ער האָט זיך אָבער אויף אַזאַ שטופּע שוין געקאָנט באַהערשן, אַז זיינע הענט און פיס זענען אונטער דעם איינפלוס פון דידאָזיקע געדאַנקען פלוצלינג געבליבן רויק, ווי שטאָלערנע כפרענזשינעס. מיט איין בליק האָט ער דערזעען אַ טונקעלן פלעק לעבן דער חיהס אויער — מיט איין לייכטער באַוועגונג אָנגעווענדט צו אים די ביקס און אויסגעשאָסן.

דער קנאַל פון דעם שאָס, נעלס געשריי און דער קורצער כראָפּענדיקער ריטש האָבן זיך אין דעם זעלבן מאָמענט געלאָזט הערן. סטאַש איז צוגעלאָפן צו נעלן, און פאַרשטעלנדיק זי מיט זיין אייגענעם קערפּער, האָט ער נאָכאַמאָל אָפּגעצילט צו דעם אָנפאַלער.

דער צווייטער שאָס איז צָבער לגמרי שוין געווען איבעריק, וואָרן

די שרעקלעכע קאַץ איז צעפּלאַטשט געוואָרן און געלעגן ווי אַ שטיק שמאַטע, מיט דער נאָז צו דער ערד, די נעגל איינגעקלאַמערט אין גראָז, כּמעט שוין קיין ציטער נישט געטון. די פּלאַצנדיקע קויל האָט אים אָפּגעשפּאָלטן די הינטערשטע טייל פֿון קאָפּ צוזאַמען מיטן האַלז־נאַקן. איבער די אויגן האָבן זיך אים געווייסלט די בלוטיקע, צעריסענע שטיקער מאַרך.

און דער קליינער יעגער צוזאַמען מיט נעלן זענען אַ ווײַלע געשטאַנען, קוקנדיק דאָ אויף דער דערהרגעטער חיה, דאָ אויף זיך, נישט קענענדיק קיין וואָרט אויסרעדן. דערנאָך אָבער איז געשען אַ וואונדערלעכע ז״ך. און נעמלעך, דער זעלבער סטאַש, וועלכער האָט מיט אַ רגע צוריק געמאַכט שטוינען מיט זיין קאַלטבלוטיקייט און רויקייט פֿון די אויסגעהאַלטנסטע שיסער אין דער וועלט, איז פּלוצלינג בלאַס געוואָרן, די פּיס האָבן זיך אים אָנגעהויבן טרייסלען, פֿון די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן רינען טרערן, און דערנאָך האָט ער זיך אַ כאַפּ אָן געטון מיט די הענט באַם קאָפּ און אָנגעהויבן איבערצוחזרן:

— אָ נעל, נעל! ווען איך וואָלט מיך נישט געווען אומגעקערט!...

און עס האָט אים באַהערשט אַזאַ מין שרעק, עפּעס אַזאַ מין פֿאַרשפּעטיקטע פֿאַרצווייפֿלונג, אַז איטלעכעס אָדערל האָט אין אים געציטערט, גלייך ער וואָלט באַקומען פֿיבער. נאָך אַן אויסערגעוויינטלעכער אָנשטרענגונג פֿון ווילן און פֿון אַלע כּוחות פֿון דער נשמה און קערפּער איז אויף אים אָנגעפֿאַלן אַ רגע פֿון שוואַכקייט און נאָכגיביקייט. פֿאַר די אויגן האָט זיך אים פֿאַרגעשטעלט דאָס בילד פֿון דער שרעקלעכער חיה, ווי זי רוט מיט אַן אויסגעבלוטיקטער מאָרדע ערגעץ־וואו אין אַ הייל און זי צערייסט אויף שטיקלעך נעלס קערפּער. און עס האָט דאָך געקאָנט אַזוי זיין און אַזוי וואָלט טאַקע געשען, ווען ער וואָלט זיך נישט געווען אומגעקערט! איין מינוט, איין סעקונדע מער — און עס וואָלט שוין געווען צו שפּעט. דעמדאָזיקן געדאַנק האָט ער פּשוט נישט געקאָנט איבערטראָגן.

דערמיט האָט עס זיך ענדלעך געענדיקט, וואָס נעל האָט, אָפּקילנדיק זיך פֿון דער איבערראַשונג, געמוזט אים טרייסטן. דאָס קליינע, ערלעכע באַשעפעניש האָט אים פֿאַרוואָרפֿן ביידע הענטלעך אויפֿן האַלז און ווײַנענדיק אויך, האָט זי אים אָנגעהויבן אַזוי הויך צו רופֿן, ווי זי וואָלט אים געוואָלט פֿון שלאָף אויפוועקן:

— סטאַש! סטאַש! ס׳איז מיר גאָרנישט! נאַ, זע, אַז ס׳איז מיר גאָרנישט. סטאַש! סטאַש!

ער איז אָבער ערשט צו זיך געקומען און זיך באַרויִקט אין אַ שפּאָרע ווײַלע אַרום. באַלד דערנאָך איז אָנגעקומען קאַלי, וועלכער, דער־הערנדיק אַ שאָס נישט ווײַט פון לאַגער און ווייסנדיק גאַנץ גוט, אַז דער „בוואַנאַ קובווא“ שיסט קיינמאָל נישט בחינם, האָט געבערענגט מיט זיך צו פירן דאָס פערד, כּדי צוצונעמען די דערשאָסענע חיה. דער ייִנגער נעגער האָט, אַ קוק טוענדיק אויף דער דערהרגעטער חיה, זיך פּלוצלינג צוריקגעצויגן און דאָס פּנים איז אים מיט איינמאָל געוואָרן ווי אַש־קאָליר.

— אַ וואַבאַ! — האָט ער אַ געשריי געטון.

די קינדער האָבן זיך ערשט איצט דערנענטערט צו דעם שוין פאַרשטייפטן טויטן קערפּער, סטאַש האָט נעמלעך ביז איצט קיין שום אַנונג נישט געהאַט, וואָס פאַר אַ חיה רעה אייגנטלעך ס׳איז פון זיין שאָס געפאַלן. דעם בחורל האָט זיך אויפן ערשטן בליק אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַן אויסנעמלעך גרויסער סערוואַל*). דאָך האָט ער נאָך אַ נענ־טער צוקוקן זיך דערקענט, אַז ס׳איז נישט אַזוי, מחמת די דערהרגעטע חיה איז מיט איר גרייס איבערגעשטיגן אפילו אַ לעמפּערט. איר געלבלע־כע פעל איז באַזייעט געווען מיט פלעקן פון קאַשטאַן־קאָליר, נאָר אַ קאָפּ האָט זי געהאַט אַ שמעלערן פון אַ לעמפּערט, און דאָס האָט זי עפּוואָס ענלעך געמאַכט צו אַ וואָלף, די פיס זענען געווען העכער, ברייטערע לאַפּעס און ריזיקע אויגן. איין אויג האָט די קויל פּלאַטשענדיק געהאַט אַרויסגעזעצט, דאָס צווייטע, אַ שרעקלעכס אַן אומבאַוועגלעכס, האָט נאָך געקוקט אויף די קינדער. סטאַש איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז עפּעס אַזאַ מין פּאַנטערע, וועגן וועלכן די זאָאָלאָגיע האָט פּונקט אַזוי נישט געוואוסט, ווי די געאָגראַפיע וועגן דער אָזיערע באַסאַ־נאַראָק.

קאַלי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף דער אויסגעצויגענער חיה מיט אומגעהייערן פּחד, איבערהערנדיק מיט אַ שטיל קול, ווי מורא האָבנדיק, ער זאָל זי נישט איבערוועקן:

---

*) אַ גרויסע חיה און בעהערט צו דער קאַץ־משפּחה.

— אַ וואָבאָ!... דער גרויסער האַר האָט דערהרגעט אַ וואָבאָ.

סטאַש אָבער האָט זיך אומגעדרייט צום מיידעלע, אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קעפּל, ווי וועלנדיק זיך פולשטענדיק איבערצייגן, אַז דער וואָבאָ האָט זי נישט אויפגעכאַפּט, דערנאָך האָט ער אויסגערופן:

— זעסט, נעל, זעסט, ווען זאָלסט שוין אפילו זיין אינגאַנצן אַ גרויסע, טאָרסטו אויך איבער דער דזשונגליע אַליין נישט גיין.

— אמת, סטאַש — האָט נעל מיט אַ מינע פון חרטה אָפּגעענטפערט. — אָבער מיט דיר, אָדער מיט קינגן מעג איך?

— זאָג מיר, ווי דאָס איז געווען? צי האָסטו דערהערט ווי ער האָט זיך דערנענטערט?

— ניין... נאָר פון די בלומען איז אַרויסגעפלויגן אַ גרויסע גאָלדענע פליג, האָב איך מיך דעריבער אויסגעדרייט צו איר, האָב איך אים דערזעען, ווי ער איז אַרויסגעקראָכן פון טאָל.

— נו, און וואָס!

— און ער איז געבליבן שטיין און אָנגעהויבן אויף מיר צו קוקן.

— לאַנג האָט ער געקוקט?

— לאַנג, סטאַש. ערשט דעמאָלט, ווען כ'האָב אַראָפּגעלאָזט די בלומען און זיך פאַרשטעלט פאַר אים די אויגן מיט די הענט, האָט ער זיך אָנגעהויבן צוצושאַרן צו מיר...

סטאַשן איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ווען נעל זאָל געווען זיין אַ נעגערין, וואָלט זי באַלד צעריסן געוואָרן און אַז איר ניצול ווערן האָט זי אויך צו דאַנקען דער פאַרוואונדערונג פון דער חיה, וועלכע, דערזעענדיק צום ערשטן מאָל אַן אומבאַקאַנט וועזן, האָט זי אין ערשטן מאָמענט נישט געוואוסט, וואָס זי האָט צו טון.

און אַ קעלט איז ווידער אַדורך דעם יינגל איבער די ביינער.

— אַ גליק, באמת אַ גליק, וואָס כ'האָב מיך אומגעקערט!...

דערנאָך האָט ער ווייטער געפרעגט:

— וואָס האָסטו דיר געטראַכט אין דעם מאָמענט?

— כ'האָב דיך געוואָלט אַ רוף טון און... כ'האָב נישט געקאָנט... נאָר...

— נאָר וואָס?

— נאָר כ'האָב געטראַכט, אַז דו וועסט מיך באַשיצן... כ'וויים אַליין נישט...

דאָס זאָגנדיק האָט זי אים ווידער פאַרוואָרפן די קליינע אָרעמס אויפן האַלז, און ער האָט אָנגעהויבן צו גלעטן איר טשופּרינקעלע.

— האָסט שוין נישט קיין מורא?

— ניין.

— מיין קליינע מזימו! מיין מזימו! — זעסט, וואָס ס'איז אַזוינס אַפריקע!

— יאָ, אָבער דו וועסט דערהרגענען יעדע שרעקלעכע חיה.

— כ'וועל דערהרגענען.

ביידע האָבן זיך ווידער געגומען צוקוקן צו דער חיה רעה. סטאַש האָט, ווילנדיק באַהאַלטן אויף אַן אָנדענק איר פעל, געהייסן קאַלין זי אָפּשינדן, אָבער יענער האָט פאַר מורא, אַז אַ צווייטער וואָבאָ זאָל צו אים נישט אַרויסקריכן פון טאָל, געבעטן, אַז זיי זאָלן אים אַליין נישט איבערלאָזן. אויף דער פראַגע, צי ער האָט באמת מער מורא פאַר אַ וואָבאָ, ווי פאַר אַ לייב, האָט ער אויסגערופן:

— אַ לייב ברומען באַנאַכט און נישט אַריבערשפּרינגען איבער אַ פּלויט, און אַ וואָבאָ יאָ אַריבערשפּרינגען אינמיטן העלן טאָג און דער־הרגענען אַ סך נעגער אינמיטן דאָרף, און דערנאָך איינעם אָוועקכאַפּן און אויפעסן. פאַר אַ וואָבאָ קען מען זיך מיט קיין שפּיז נישט פאַרטיי־דיקן, און נישט מיט קיין בויגן, נאָר מיט כּישוף, וואָרן אַ וואָבאָ קען מען נישט דערהרגענען.

— נאַרישקייטן! — האָט סטאַש אויסגערופן. — קוק דיך נאָר גוט צו צו דעמדאָזיקן, צי איז ער נישט גוט דערהרגעט?

— דער ווייסער האַר דערהרגענען אַ וואָבאָ, אַ שוואַרצער מענטש נישט דערהרגענען! — האָט קאַלי אָפּגעענטפערט.

דערמיט האָט עס זיך געענדיקט, וואָס מען האָט די ריזיקע קאַץ צו־געבונדן מיט אַ שנור צום פערד — און דאָס פערד האָט זי צוגעשלעפּט צום לאַגער. סטאַשן איז אָבער נישט געלונגען צו באַהאַלטן איר פעל, און דאָס איז געשעען צוליב קינגן, וועלכער איז, משער זייענדיק זיך ווייזט אויס, אַז דער וואָבאָ האָט געוואָלט אויפכאַפּן זיין פריילין, אריינגעפאַלן אין אַזאַ ווילדן צאָרן, אַז אפילו סטאַשס באַפעלן האָבן אים נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. אַ כאַפּ טוענדיק מיט דער טראָמבע די דערה־געטע חיה, האָט ער זי צוויי־מאָל אַ וואָרף געטון אינדערהייך, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן מיט איר צו שלאָגן אָן אַ בוים, און צום סוף נאָך צוגעטראָטעוועט זי מיט די פיס.

און פאַרוואַנדלט זי אין אַ מין אומגעשטאַלטיקער מאַסע, וואָס האָט דערמאָנט אָן מאַרמעלאַד. סטאַשן איז נאָר געלונגען מציל צו זיין די קינבאַקן, וואָס ער האָט מיט די איבערבלייבעכצן פון קאָפּ אַנידערגעלייגט אויפן וועג לעבן אַ הויפן מוראַשקעס. יענע ווידער האָבן אין משך פון אַ שעה אַזוי פיין אָפּגערייניקט די ביינער, אַז עס איז אויף קיין שום פון זיי אפילו קיין אַטאָם פלייש אָדער בלוט נישט איבערגעבליבן.

# XL.

מיט פיר טעג שפּעטער האָט זיך סטאַש פאַרהאַלטן אויף אַ גרעסערן אָפּרו אויף אַ באַרג, וואָס איז עטוואָס ענלעך געווען צום לינדע-באַרג, נאָר אַ ביסל קלענער און שמעלער. דעם זעלבן אָוונט האָט סאַבאַ נאָך אַ שווערן קאַמף איינגעביסן אַ גרויסן פּאַוויאַן, אַן „ער", וועלכן ער איז באַפאַלן אין דעם מאָמענט, ווען יענער האָט זיך געשפּילט מיט די איבערבלייבענישן פון אַ פאַפּירענעם פויגל, דעם צווייטן לויט דער רייע פון די אַלע, וואָס די קינדער האָבן אַרויסגעלאָזט איידער זיי האָבן זיך אַרויסגערירט צום אָקעאַן. סטאַש מיט נעלן האָבן, אויסנוצנדיק דעם אָפּרו, באַשלאָסן כסדר צו קלעבן אַלץ נייע אַזעלכע פייגל און זיי אַרויסלאָזן נאָר דעמאָלט, ווען אַ שטאַרקער מוסאָן וועט בלאָזן פון מעריב קיין מזרח. סטאַש האָט אויסגעשטעלט דערויף, אַז אויב עס וועט כאָטש איינער אַריינפאַלן אין אייראָפּעישע אָדער אַראַבישע הענט, וועט ער אָן שום ספק ציען אויף זיך די אויסערגעוויינלעכסטע אויפמערקזאַמקייט און וועט צוהעלפן דערצו, אַז מען זאָל ספּעציעל פאַר זיי אַרויסשיקן אַ רעטונגס-עקספּעדיציע. כדי וואָס מער זיכערער צו זיין, האָט ער לעבן די ענגלישע און פראַנצויזישע אויפשריפטן צוגעגעבן אויך די אַראַבישע, וואָס איז אים אָן שום שוועריקייט אָנגעקומען, מחמת ער האָט די אַראַבישע אויסגעצייכנט געקענט.

קורץ נאָכן אַרויסרירן זיך פון אָפּרו-פּלאַץ האָט קאַלי מודיע געווען, אַז ער דערקענט אין דער באַרג-קייט, וואָס זיי האָבן געזען אויף מזרח-זייט, עטלעכע שפּיצן, וואָס רינגלען אַרום דאָס גרויסע שוואַרצע

וואַסער, אָדער דעם באַסאַ־נאַראָק, יעדנפאַלס איז ער נישט איבעריק זי־
כער געווען אין דעם, מחמת אָפּהענגיק דערפון, פון וואָס פאַר אַן אָרט זיי
האָבן געקוקט, האָבן די בערג אָנגענומען פאַרענדערלעכע געשטאַלטן.
נאָכן איבערגיין נישט קיין איבעריק גרויסן טאָל, וואָס איז פאַרוואַקסן
געווען מיט קוסאָ־קושאַקעס און וואָס האָט אויסגעקוקט, ווי איין ראָזע
אָזיערע, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ הייזל פון איינזאַמע יעגער. עס
זענען אינעווייניק געווען צוויי נעגער. פון זיי איינער אַ געביסענער פון
אַ פאָדעם־שלאַנג*) און איינער אַ קראַנקער. אָבער ביידע זענען אַזוי ווילד
געווען און נאַריש, און דערביי אַזוי איבערגעשראָקן מיט דעם דערשיי־
נען פון די אומגעריכטע געסט און אַזוי זיכער זייענדיק, אַז זיי וועלן
דערמאָרדעט ווערן, אַז אין די ערשטע מינוטן איז אוממעגלעך געווען
זיך עפּעס פון זיי צו דערוויסן. עטלעכע שטיק געווויכערט פלייש האָבן
ערשט אויפגעבונדן די צונג דעם, וועלכער איז נישט נאָר קראַנק געווען,
נאָר אויך אויסגעהונגערט, מחמת דער חבר זיינער האָט אים זייער קאָרג
שפּייז צוגעטיילט. פון אים האָבן זיי זיך אַלזאָ דערוואוסט, אַז אויף אַ
טאָג גאַנג פונדאַנען ליגן שיטער פונאַנדערגעוואָרפענע דערפלעך, וואָס
ווערן רעגירט דורך קעגנזייטיק־אומאָפּהענגיקע קעניגלעך, און ווייטער אָך
דעם שאַרף־אָפּגעהאַקטן באַרג הייבן זיך אָן פּימבאַס נחלאות, וואָס
שפּרייטן זיך פונאַנדער אויף מערב און דרום פון גרויסן וואַסער. ווען
סטאַש האָט דאָס דערהערט, איז אים אַ שווערע משא פון האַרץ אַראָפּ־
געפאַלן, און אַ נייע נשמה איז אין אים אַריינגעזעצט געוואָרן. ווי עס
זאָל נישט זיין, זענען זיי שוין ווי כמעט געווען אויף דער שוועל פון
לאַנד פון די וואַ־הימען.

ווי דער וועג וועט ווייטער גיין, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך שווער
געווען פאָרויסצוזאָגן, דאָך האָט דאָס בחורל יעדנפאַלס געקאָנט האָפן,
אַז ער וועט נישט זיין שווערער, און אפילו נישט לענגער פון יענעם
שרעקלעכן וועג פון די נילוס־ברעגן אָן, וואָס ער האָט פינדעסטוועגן
דורכגעמאַכט אַ דאַנק זיין אויסערגעוויינלעכער ראַטגיביקייט און אין דער
זעלבער צייט אויך אָפּגעהיטן נעלן פון אומקומען. עס איז בא אים קיין

*) אַ דינער וואָרעם, ווי אַ פאָדעם, העכער אַ מעטער די לענג. פון זיינס אַ ביס באַקומט מען טיילמאָל גאַנגרענע.

שום צווייפל נישט געווען, אַז אַ דאַנק קאַלין וועלן זיי די וואַ־הימען ווי צום גאַסטפריינדלעכסטן אויפנעמען און זיי אין אַלעמען אַרויסהעלפן. איבעריקנס, האָט ער שוין די נעגערן גאַנץ גוט דערקענט, ער האָט גע־וואוסט, ווי אַזוי מען דאַרף זיך מיט זיי באַגיין און ס׳איז כמעט ווי זי־כער געווען, אַז ער וואָלט זיך מיט זיי אפילו אָן קאַלין ווי ס׳איז שוין אַן עצה געגעבן.

— דו ווייסט, — האָט ער געזאָגט צו נעלן — אַז פון פּאַשאָדאַ זענען מיר שוין אָפּגעגאַנגען מער, ווי די העלפט וועג, און בשעת דעם מהלך, וואָס מיר דאַרפן נאָך דורכצומאַכן, וועלן מיר אפשר באַגעגענען זייער ווילדע נעגערן, אָבער קיין דערווישן וועלן מיר שוין נישט באַגע־גענען.

— איך וויל בעסער נעגערן — האָט דאָס מיידעלע אָפּגעענט־פערט.

— יאָ, כל זמן דו גייסט אָן פּאַר אַ געטל. אין פּאַיום האָט מען מיך אויפגעכאַפּט צוזאַמען מיט אַ פריילין, וועלכע האָט געהייסן נעל, און אָפּפירן וועל איך גאָר עפּעס אַ מזימו. איך וועל זאָגן דעם טאַטן און דעם הער ראַווליסאָן, אַז מען זאָל דיך שוין קיינמאָל אַנדערש נישט רופן.

און א רע אויגן האָבן באַלד אָנגעהויבן צו לייכטן און צו שמייכ־לען.

— אפשר וועלן מיר זען די טאַטעשיס אין מאָמבאַסאַ?

— אפשר. ווען נישט די מלחמה בא די ברעגן פון באַסאַ־נאַראָק, וואָלטן מיר שנעלער דאָרט געווען. פומבאַ האָט זיך נייטיק געדאַרפן דערין אַריינצולאָזן!

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַ וואונק געטון צו קאַלין:

— קאַלי, צי האָט דער קראַנקער נעגער געהערט וועגן דער מלחמה?

— ער האָט געהערט. זיין אַ גרויסע מלחמה, זייער אַ גרויסע, — פומבאַ מיט די סאַמבורו.

— וואָס־שע וועט זיין? ווי אַזוי וועלן מיר דורכפאָרן דאָס לאַנד פון די סאַמבורו?

— די סאַמבורו אַנטלויפן פאַרן גרויסן האַר, פּאַר קינגן און פּאַר קאַלין.

— פּאַר דיר אויך?

— פאַר קאַלין אויך, וואָרים קאַלי האָט אַ ביקס, וואָס דונערט און דערהרגעט.

סטאַש האָט זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן איבער דעם אָנטייל, וואָס קאָן אים אויסקומען צו נעמען אין די קאַמפן צווישן דעם שבט פון די וואַ־הימען און די סאַמבורו און ער האָט באַשלאָסן צו קירעווען מיט דעם ענין אויף אַזאַ אופן, אַז די מלחמה זאָל נישט באַשווערן זייער רייזע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זייער אָנקומען וועט זיין אַ פולשטענדיק אומגע־ריכטער צופאַל, וואָס וועט מיט איינמאָל פאַרזיכערן פומבאַן די איבער־מאַכט. מען וואָלט נאָר געדאַרפן ווי עס געהער צו זיין אויסצונוצן דעם פאָרויסגעזעענעם נצחון.

אין די דערפלעך, וועגן וועלכע דער קראַנקער יעגער האָט גע־רעדט, האָבן זיי באַקומען פרישע ידיעות וועגן דער מלחמה. זיי זענען וואָס אַמאָל געווען געניטער, אָבער נישט גינסטיק פאַר פומבאַן. די קליינע רייזנדע האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער האָט נאָר געפירט אַ פאַרטיידי־קונגס־קאַמף און אַז די סאַמבורו האָבן אונטער דער אָנפירונג פון זייער קעניג, מיטן נאָמען מאַמבאַ, שוין פאַרנומען אַ באַדייטנדן שטח פון לאַנד פון די וואַ־הימען און דעראָבערט אַ גרויסע צאָל בהמות. מ'האָט אויך דערציילט, אַז די מלחמה פלאַקערט צום מייסטנס אויפן דרום־ראַנד פון גרויסן וואַסער, וואו עס געפינט זיך אויף אַ הויכן און ברייטן פעלז פום־באַס גרויסע „באַמאַ"*).

די דאָזיקע ידיעות האָבן קאַלין גרויס עגמת נפש פאַרשאַפט, ער האָט דעריבער טאַקע סטאַשן געבעטן, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער אַריבער־קומען דעמדאָזיקן באַרג, וואָס טיילט זיי אָפּ פון די געגנטן, וואָס זענען אַרומגענומען מיט דער מלחמה־שרפה, האָפנדיק, אַז ער וועט באַווייזן צו געפינען אַ וועג, דורך וועלכן ער וועט נישט נאָר די פערד, נאָר אויך קינגן אַדורכפירן. ער איז שוין געווען אין די קאַנטן, וואָס ער האָט זיי־ער גוט געקאָנט און איצט האָט ער שוין מיט דער פולסטער זיכערקייט אונטערשיידט די פון דער יוגנט נאָך באַקאַנטע באַרג־שפּיצן.

דאָך איז דער איבערגאַנג נישט אַזוי לייכט געווען, און ווען נישט

---

*) דאָס איז דאָס זעלבע, וואָס אין סודאַן: אַ זעריבע. אַ גרויסע באָמאַ קאָן מען אויך מיינען אַ מין באַפעסטיקטן לאַגער אָדער אַ פעסטונג.

די הילף פון די איינוואוינער פון לעצטן דערפל, וועלכע מען האָט מיט מתּנות דערוואָרבן, וואָלט מען פאַר קינגן געמ׳זט זוכן אַן אַנדערן וועג. יענע האָבן, זעט אויס, נאָך בעסער פון קאַלין געקאָנט די טאָלן, וואָס זענען געלעגן פון דער זייט באַרג און נאָך צוויי טעג פאַרמאַטערנדיקער רייזע, בשעת וועלכער גרויסע קעלטן האָבן אין די נעכט געפייניקט, האָבן זיי ענדלעך גליקלעך דורכגעפירט דעם קאַראַוואַן אויפן באַרג־אַי־בערגאַנג, און פון באַרג־איבערגאַנג אין טאָל, וואָס איז שוין געלעגן אין לאַנד פון די וואַ־הימען.

סטאַש האָט זיך אינדערפרי פאַרהאַלטן אויף אָפּרו אין דעמדאָזיקן ווילדן און מיט געוויקסן אַרומגערינגלטן טאָל, קאַלי ווידער, וועלכער האָט געבעטן, מען זאָל אים דערלויבן רייטנדיק אַרויסצופאָרן אויף אויסצושפּירן אין דער ריכטונג פון פאָטערס באָמאַ, וואָס איז געלעגן אויף אַ מרחק פון אַ טאָג גאַנג, האָט זיך ווייטער נאָך אין דער זעלבער נאַכט אַוועקגעלאָזט. סטאַש מיט נעלן האָבן אים אַ גאַנצן מעת־לעת מיט דער גרעסטער אומרויקייט אָפּגעוואַרט — און זיי האָבן שוין געטראַכט, אַז ער איז אומגעקומען אָדער אַרייַנגעפאַלן אין די הענט פון די פּיינט, ווי ער האָט זיך ענדלעך באַוויזן אויף אַן אויסגעמאָגערט און צעשוימט פערד, אַליין איז ער אויך געווען אָפּגעמאַטערט און אַזוי דערשלאָגן, אַז ס׳איז אַ רחמנות געווען אויף אים צו קוקן.

ער איז תּיכּף אַ פאַל געטון צו סטאַשס פיס און אָנגעהויבן אים בעטן וועגן הילף.

— אַ גרויסער האַר! — האָט ער געזאָגט — די סאַמבורו מנצח זיין פומבאַס חיל, דערהרגענען זיי אַן אַ שיעור און די, וואָס נישט דערהרגענען, צעטרייבן, און פומבאַן באַלאַגערן אין דער גרויסער באָמאַ אויפן באַרג באָקאָ, פומבאַ מיט זיין חיל נישט האָבן וואָס צו עסן אין דער באָמאַ און אומקומען, אויב דער גרויסער האַר נישט דערהרגענען מאַמבאַן און אַלע סאַמבורו צוזאַמען מיט מאַמבאַן.

אַזוי בעטנדיק, האָט ער אַרומגענומען סטאַשס קניען, און יענער האָט דעם שטערן געראַנצלט און טיף זיך פאַרטראַכט איבער דעם, וואָס ער זאָל טון, מחמת עס איז אים, ווי שטענדיק און אומעטום, נאָר וועגן נעלן געגאַנגען.

— וואו געפינט זיך — האָט ער ענדלעך אַ פרעג געטון — פומבאַס חיל, וואָס די סאַמבורו האָבן פונאַנדערגעטריבן?

— קאַלי האָט זיי געפֿונען — און זיי װעלן באַלד דאָ זײַן־קו־
מען.

— װיפֿיל זענען זיי ?

דער ייִנגער נעגער האָט בײַ אַ צען מאָל באַװעגט מיט די פֿינגער
פֿון ביידע הענט און די פֿיס, אָבער, זעט אויס, ער האָט גענוי נישט גע־
קענט באַשטימען די צאָל, פּשוט דערפֿאַר, װאָס ער האָט נישט געקענט
מער רעכענען, װי ביז צען און איטלעכע גרעסערע צאָל האָט זיך אים
נאָר פֿאָרגעשטעלט אַלס „װענגי", דאָס הייסט: אָן אַ שיעור.

— אַלזאָ אויב זיי װעלן דאָ אַהערקומען, שטעל דיך בראש
פֿון זיי און זיי דעם טאַטן צו הילף — האָט סטאַש אויסגע־
רופֿן.

— זיי האָבן מורא פֿאַר די סאַמבורו און זיי װעלן מיט לאַלין
נישט גיין, אָבער מיטן גרויסן האַר װעלן זיי יאָ גיין און דערהרגענען
„װענגי, װענגי" סאַמבורו.

סטאַש האָט זיך װידער פֿאַרטראַכט.

— ניין, — האָט ער ענדלעך אויסגערופֿן — אי איך קאָן נישט
מיטנעמען די ביבי אין דער שלאַכט אַריין, אי נישט אַליין זי אי־
בערלאָזן — און איך װעל דאָס פֿאַר קיין שום זאַך אין דער װעלט
נישט טון.

דערויף האָט זיך קאַלי אויפֿגעשטעלט, און פֿאַרלייגנדיק די הענט,
האָט ער אָנגעהויבן איינמאָל נאָכן אַנדערן איבערצוחזרן:

— לועלאַ! לועלאַ! לועלאַ!

— װאָס איז דאָס אַזוינס לועלאַ? — האָט סטאַש גע־
פֿרעגט.

— אַ גרויסע באָמאַ פֿאַר די פֿרויען פֿון װאַ־הימאַ און סאַמבורו —
האָט דער ייִנגער נעגער אָפּגעענטפֿערט.

און ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן אומגעװיינלעכע זאַכן. פּומבאַ
מיט מאַמבאַן האָבן נעמלעך געפֿירט צװישן זיך פֿון יאָרן לאַנג אָן
כסדרדיקע מלחמות. מען האָט זיך קעגנזײַטיק אַ תּל געמאַכט פֿון די
פּלאַנטאַציעס און צוגערויבט די בהמות. אָבער אויפֿן דרומדיקן ברעג
פֿון דער אָזיערע איז געװען אַ פּלאַץ, װאָס מען האָט אים גערופֿן לועלאַ,
װאוהין עס זענען זיך אפֿילו בשעת די פֿאַרביטערטסטע קאַמפֿן צו־
זאַמענגעקומען די פֿרויען פֿון ביידע פֿעלקער אויפֿן מאַרק אין פֿולשטענ־
דיקער זיכערקייט.

דאָס איז געווען אַ הייליק אָרט. די מלחמה האָט זיך נאָר אָפּגעשפּילט צווישן די מאַנסלייט, קיין שום מפּלה אָדער נצחון האָט נישט געקאָנט האָבן קיין שום איינפֿלוס אויפֿן גורל פֿון די פֿרויען, וועלכע האָבן אין לועלאַ, הינטער דער ליימענער פֿאַרצוימונג, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם ברייטן מאַרק־פּלאַץ, געפֿונען אַ פֿולשטענדיקע, זיכערע היים. אַ סך האָבן זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן אין דער צייט פֿון אַזעלכע אומרוען צוזאַמען מיט די קינדער און מיטן האָב און גוטס. אַנדערע זענען אַפּילו פֿון ווייטסטע דערפֿלעך געקומען, אָנטראָגנדיק גערויכערט פֿלייש, אַרבעס, פּראָסע, מאַניאָק און פֿאַרשידענע אַנדערע זאַפּאַסן. די קריגסלייט איז פֿאַרבאָטן געווען אָפּצוהאַלטן שלאַכטן אויף אַזאַ מרחק פֿון לועלאַ, אויף ווי ווייט עס האָט דערגרייכט דאָס קרייען פֿון אַ האָן. עס איז זיי אויך נישט דערלויבט געווען איבערצוטרעטן דעם ליימענעם וואַל, מיט וועלכן דער מאַרק איז געווען אַרומגערינגלט. זיי האָבן נאָר געקאָנט בלייבן שטיין פֿאַרן וואַל, און דעמאָלט האָבן זיי די פֿרויען אַריבערדערלאַנגט זאַפּאַסן שפּייז, וואָס זענען געווען צוגעבונדן צו לאַנגע באַמבוסן. דאָס איז געווען אַ מנהג פֿון דור־דורות און עס האָט זיך קיינמאָל נישט געטראָפֿן, אַז וועלכער ס׳איז צד זאָל אים ברעכן. די זיגערס איז שטענדיק אויך געגאַנגען אין דעם, אַז זיי זאָלן אָפּשניידן די באַזיגטע דעם וועג צו לועלאַ און נישט דערלאָזן זיי זיך צו דערנענטערן צום הייליקן אָרט אויף אַזאַ מרחק, פֿונוואַנען מ׳האָט געקאָנט דערהערן דאָס קרייען פֿון אַ האָן.

— אָ גרויסער האַר! — האָט קאַלי געבעטן, אַרומנעמענדיק ווידער סטאַשס קניען — דער גרויסער האַר אַוועקפֿירן די ביבי צו דער לועלאַ, און אַליין וועט ער נעמען קינגן, נעמען קאַלין, נעמען די ביקסן, נעמען די פֿייערדיקע שלאַנגען און צעשלאָגן די ווילדע סאַמבורו.

סטאַש האָט געגלייבט אין די אַלע רייד פֿון דעם יינגן נעגער, מחמת ער האָט נאָך פֿון פֿריער געהאַט געהערט, אַז אין אַ סך ערטער אין אַפֿריקע נעמט די מלחמה נישט אַרום קיין פֿרויען. ער האָט נאָך געדענקט ווי אין פּאָרט־סאַיד האָט אַמאָל אַ געוויסער יינגער דייטשער מיסיאָנער דערציילט, אַז אין די געגנטן פֿון דעם ריזיקן באַרג קילימאַ־נדזשאַראָ היט דער אומגעהייער קריגערישער שבט מאַסאַי הייליק אָפּ דעם דאָזיקן מנהג, אויפֿן גרונט פֿון וועלכן די פֿרויען פֿון די קעמפֿנדע צדדים קומען זיך פֿולשטענדיק פֿריי צוזאַמען אויף דעם אָנגעצייכנטן מאַרק־פּלאַץ און זענען קיינמאָל נישט אונטערגעוואָרפֿן קיין אָנפֿאַל. דאָס עקזיסטירן פֿון

דעמדאָזיקן מנהג אויף די ברעגן פון באַסאַ־נאַראָק האָט סטאַשן שטאַרק דערפרייט, מחמת ער האָט געקענט זיכער זיין, אַז נעלן דראָט נישט קיין שום געפאַר צוליב דער מלחמה. ער האָט בדעה געהאַט טאַקע תּיכּף זיך אָוועקצולאָזן מיט דעם מיידעלע אומבאַדינג קיין לועלאַ, בפרט, אַז מען האָט פאַרן פאַרענדיקן זיך פון דער מלחמה סיי ווי נישט געקענט טראַכטן וועגן אַ ווייטערדיקער רייזע, צו וועלכער ס'איז נייטיק געווען די הילף נישט נאָר פון די וואַ־הימען, נאָר אויך פון די סאַמבורן.

זייענדיק צוגעוואוינט צו שנעלע באַשלוסן, האָט ער שוין געוואוסט, וואָס ער האָט צו טון. באַפרייען פומבאַן, צעשלאָגן די סאַמבורן, אָבער נישט צו דערלויבן די וואַ־הימען אויף קיין צו בלוטיקער נקמה, און דערנאָך איינצושטעלן רו און שלום מאַכן צווישן די קעמפנדע צדדים. האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר אַ דורכויס נויטווענדיקע זאַך און נישט נאָר פאַר אים, נאָר אויך פאַר די נעגערן זייער נוצלעך. „אַזוי זאָל זיין — און אַזוי וועט געשען!" — האָט ער צו זיך אין האַרץ אויסגערופן, און דערווייל האָט ער, וועלנדיק טרייסטן דעם יינגן נעגער, אויף וועלכן עס איז אים אַ רחמנות געווען, אים מודיע געווען, אַז ער זאָגט אים נישט אָפּ אין דער הילף.

— ווי ווייט איז פונדאַנען קיין לועלאַ? — האָט ער געפרעגט.

— אַ האַלבן טאָג־גאַנג.

— הער־זשע אויס: מיר וועלן דאָרט תּיכּף אַהינפירן די „ביבי", דערנאָך וועל איך אַוועקרייטן אויף קינגן און אָפּטרייבן די סאַמבורו פון דיין פאָטערס באָמאַ. דו וועסט מיטפאָרן מיט מיר און וועסט מיט זיי קעמפן.

— קאַלי וועט זיי מיט דער ביקס דערהרגענען!

און, איבערגייענדיק מיטאַמאָל פון צווייפל ביז פרייד, האָט ער אָנגעהויבן צו שפרינגען, צו לאַכן און סטאַשן מיט אַזאַ התלהבות צו דאַנקען, גלייך ווי ס'וואָלט שוין געווען נאָכן נצחון. די ווייטערדיקע אויסברוכן פון דאַנקבאַרקייט און פרייד זענען אָבער איבערגעריסן געוואָרן מיטן אָנקומען פון די קריגסלייט, וועלכע ער האָט צוזאַמענגעקליבן בשעת זיינע אויסשפּירונגען און וועלכע ער האָט באַפוילן זיך צו שטעלן פאַרן פּנים פון ווייסן האר. זיי זענען געווען אַ מאַן דרייהונדערט, באַוואָפנט מיט שילדן פון היפּאָפּאָטאַם־פעל, מיט שפּיזן, בויגנס און מעסערס. די קעפּ זענען געווען אויסגעצירט מיט פעדערן, מיט פאַוויאַן-

גזשיוועס און מיט פּאַפּיראָסן. אויפן אָנבליק פון העלפאַנט אין דער דינסט בא אַ מענטש, אויפן אָנבליק פון די ווייסע פּנימער, טאַבאַן און די פערד, האָט זיי אַרומגענומען אַזאַ פּחד און גלייכצייטיק פּונקט אַזאַ פאַרוואונדערונג, ווי די נעגער אין די דערפלעך, דורך וועלכע דער קאַראַוואַן איז פריער דורכגעגאַנגען. אָבער קאַלי האָט זיי פאָרויס מתרה געווען, אַז זיי וועלן דערזען די גוטע מזימו און דעם מעכטיקן האַר, „וועלכער דערהרגעט לייבן, וועלכער האָט דערהרגעט אַ וואַבאָ, פאַר וועמען עס האָט מורא דער העלפאַנט, וועלכער צעברעכט פעלזן, לאָזט אַרויס פייערדיקע שלאַנגען" א. א. וו. — דעריבער האָבן זיי, אַנשטאָט צו אַנטלויפן, זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער רייע אין שטילשווייגן, פול מיט באַוואונדערונג, בלישטשענדיק נאָר מיט די ווייסלען פון די אויגן, נישט זיכער זייענדיק, צי זאָלן זיי קניען, צי זאָלן זיי פאַלן אויפן פּנים, אָבער גלייכצייטיק זענען זיי פול געווען מיט גלויבן, אַז אויב דידאָזיקע אויסערגעוויינלעכע וועזנס וועלן זיי העלפן, וועלן זיך גיך פאַרענדיק די נצחונות פון די סאַמבורו. סטאַש איז פאַרבייגעפאָרן לענגאויס דער רייע אויפן העלפאַנט, פּונקט ווי אַ פעלדמאַרשאַל, וואָס קוקט איבער זיין מיליטער, דערנאָך האָט ער קאַלין געהייסן איבערחזרן זיי זיין הבטחה, אַז ער וועט באַפרייען פומבאַן און אַרויסגעבן אַ באַפעל אַרויסצולאָזן זיך קיין לוועלאַ.

קאַלי איז מיט עטלעכע קריגסלייט אַרויסגעפאָרן פאָרויס, כדי מודיע צו זיין די פאַרזאַמלטע פרויען פון ביידע שבטים, אַז זיי וועלן האָבן דאָס אויסערגעוויינלעכע און אומדערהערטע גליק צו זען „די גוטע מזימו", וועלכע וועט קומען צו פאָרן אויף אַ העלפאַנט. דידאָזיקע זאַך האָט בא זיי אַזוי קראַטיש אויסגעזען, אַז אפילו די פרויען, וועלכע האָבן אַלס וואַהימינס, דערקענט אין קאַלין דעם פאַרלוירענעם טראָנפאָלגער, האָבן געמיינט, אַז דעם קעניגס יינגער זון שפּאַסט פון זיי און האָבן זיך געוואונדערט, וואָס אים גלוסט זיך נאָך צו וויצלען אין אַזעלכע שווערע צייטן פאַר דעם גאַנצן שבט און פאַר פומבאַן. ווען זיי האָבן אָבער אין עטלעכע שעה אַרום דערזען דעם ריזיקן העלפאַנט, וואָס האָט זיך ערנעסטערט צו די וואַלן, און אויף אים געפינט זיך אַ ווייסער פאַלאַנקין, זענען זיי אַריינגעפאַלן אין אַ שגעון פון פרייד און האָבן אויפגענומען די גוטע מזימו מיט אַזעלכע אויסגעשרייען און מיט אַזאַ געוואַיערײ, אַז סטאַש האָט אין ערשטן מאָמענט דידאָזיקע קולות אָנ-

געגומען אַלס אויסברוך פון שנאה, און בפרט, אַז די אויסערגעוויינלעכ־
מיאוסקייט פון די נעגערינס האָט זיי ענלעך געמאַכט צו מכשפות.

אָבער דאָס זענען געווען דערשיינונגען פון אויסערגעוויינלעכער באַ־
ערונג. ווען מ'האָט נעלס געצעלט אויפגעשטעלט אין עק פון דעם מאַרק־
פלאַץ, אונטערן שאָטן פון צוויי געדיכטע ביימער, האָבן עס די וואַ־הי־
מינס צוזאַמען מיט די סאַמבורינס באַשלייערט מיט גירלאַנדן און קראַנצן
פון בלומען, דערנאָך האָבן זיי אָנגעטראָגן אַזוי פיל שפייז, אַז דאָס
וואָלט געקלעקט אויף אַ גאַנצן חודש, נישט נאָר פאַר דער גאַטהייט
אַליין, נאָר אפילו פאַר איר גאַנצער סוויטע. די אַנטציקטע פרויען האָבן
זיך געבוקט אפילו פאַר מעאַן, וועלכע איז אויסגעשלייערט געווען אין
ראָזן פערקאַל און אין עטלעכע שנירן בלויע פאַטשערקעס און האָט זיך
זיי אויסגעוויזן, ווי אַ דינערין פון דער מזימו, אַ באַשעפעניש, וועלכע
שטייט אַ סך העכער פון די געוויינלעכע נעגערינס.

נאַשיבו איז צוליב זיין קינדערישער עלטער אויך הינטערן וואָל
אַריינגעלאָזט געוואָרן און ער האָט באַלד געגעסן פון די אַלע מתנות,
וואָס מען האָט געבראַכט פאַר נעלן אַזוי געוויסנהאַפט, אַז שוין נאָך אַ
שעה צייט איז זיין בייכל ענלעך געווען צו אַן אַפריקאַניש קריגס־
פייקל.

XLI.

סטאַש האָט אָבער נאָך אַ קורצן אָפרוען זיך הינטער די וואַלן פון
לועלאַ זיך אַרויסגעלאָזט צוזאַמען מיט קאַלין נאָך פאַר זון־אונטערגאַנג
בראש פון די דריי הונדערט קריגסלייט צו פומבאַס באָמאַ. ער האָט נעמ־
לעך געוואָלט אָנפאַלן אויף די סאַמבורו באַנאַכט, אויסשטעלנדיק דערויף,
אַז אין דער פינצטערניש וועלן די „פייערדיקע שלאַנגען“ אָנמאַכן אַ
גרעסערן רושם. דער וועג פון לועלאַ צום באַרג באָקאָ, אויף וועלכן
פומבאַ האָט זיך פאַרטיידיקט, האָט אויסגעמאַכט, אַריינרעכנדיק שוין מיט
די אָפרוען, ניין שעה, אַזוי, אַז צו דער פעסטונג זענען זיי ערשט אָנ־
געקומען צרום דריי נאָך האַלבע נאַכט. סטאַש האָט פאַרהאַלטן די קריגס־
לייט, און אָנזאָגנדיק זיי ביז אַ געוויסער צייט דאָס טיפסטע שטילשווייגן,

האָט ער זיך אָנגעהויבן אומצוקוקן אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך. דער שפּיץ באַרג, וואו די פאַרטיידיקער זענען געלעגן פאַרבאַרגן, איז געווען פינצטער, דאַקעגן די סאַמבורו האָבן אָן אַ שיעור פייערן געברענט. זייער שיין האָט באַלויכטן די משופּעדיקע ווענט פון דעם פעלז און די ריזיקע ביימער, וואָס זענען בײַ זייגע פיס געוואַקסן. פונדערווייטנס האָט זיך שוין דערטראָגן דער טויבער רעש פון די פויקן, ווי אויך די געשרייען און געזאַנגען פון די קריגסלייט, וועלכע האָבן, ווי ס'זעט אויס, נישט געזשאַלעוועט זיך קיין „פּאָמבע"*), ווילנדיק פייערן דעם נאָענטן שוין לעצטן נצחון.

סטאַש האָט זיך בראש פון זיין אָפּטיילונג ווייטער פאָרויסגערוקט, אַזוי, אַז עס האָט זיי שוין צום סוף מער נישט אָפּגעטיילט, ווי הונדערט שריט פון די לעצטע פייערן. פון קיין פעלד-וואַכן איז קיין שום סימן נישט געווען, און די נישט לבנהדיקע נאַכט האָט די ווילדע נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו באַמערקן קינגן, וועלכער איז דערביי אויך פון די געוויקסן פאַרשטעלט געווען. סטאַש, וועלכער איז געזעסן אויף זיין קאַרק, האָט שטילערהייט אַרויסגעגעבן די לעצטע באַפעלן, נאָך וועלכע ער האָט קאַלין געגעבן אַ צייכן, אַז ער זאָל אונטערצינדן איינע פון די צוגעגרייטע ראַקעטן. אַ רויטע סטענגע איז שיפּענדיק אַרויסגעפלויגן, הויך אונטערן פינצטערן הימל, דערנאָך איז זי מיט אַ קנאַל צעשיט געוואָרן אין אַ בוקעט פון רויטע, בלויע און גאָלדענע שטערן. אַלע קולות זענען אַנטשוויגן געוואָרן און ס'איז אַנטשטאַנען אַ מאָמענט פון טויבער שטילקייט. מיט עטלעכע סעקונדן שפּעטער זענען ווי מיט אַ גיהנומדיקן כּיכאָטשען נאָך צוויי פייערדיקע שלאַנגען אַרויסגעפלויגן, אָבער איצט זענען זיי גלייך אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דעם לאַגער פון די סאַמבורן, און גלייכצייטיק האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דער ריטש פון קינגן און דער געטומל פון די דריי הונדערט וואַ-הימען, וועלכע האָבן זיך, זייענדיק באַוואָפנט מיט אַסאַגאַיען**), גראָבע שטעקנס און מעסערס, מיט אַן אומאיינגעהאַלטענעם אימפּעט אַ וואָרף געטון פאָרויס.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלאַכט, וואָס איז דערמיט נאָך שרעק-

---

*) ביער פון פּראָסע, מיט וועלכן די נעגער שיכּורן זיך אָן.

**) נעגערישע שפּיזן.

לעכער געווען, וואָס זי א[illegible] פאַרגעקומען אין דער פינצטערניש, מחמת אין דער מהומה זענען תיכּף אַלע פייערן צעטראַטעוועט געוואָרן. אָבער באַלד פון אָנפאַנג איז אויף די סאַמבורן באַם אָנבליק פון די פייערדיקע שלאַנגען אַ בלינדער פּחד אָנגעפאַלן. דאָס, וואָס ס'איז געשען, איז פולשטענדיק איבערגעשטיגן זייער שכל. זיי האָבן נאָר געוואוסט, אַז עס זענען אויף זיי אָנגעפאַלן עפּעס שרעקלעכע ברואים און אַז עס דראָט זיי אַ שרעקלעך און אומפאַרמיידלעך אומקומען. די גרעסטע טייל פון זיי איז זיך פונאַנדערגעלאָפן, נאָך איידער עס האָבן זיי דערגרייכט די שפּיזן און די שטעקנס פון די וואַ־הימען. הונדערט און זעכציק קריגסלייט, וועלכע מאַמבאַ האָט באַוויזן אַרום זיך צו פאַרזאַמלען, האָבן געשטעלט אַ העפטיקן ווידערשטאַנד; ווען זיי האָבן אָבער באַ די בליצן פון די שאָסן דערזעען די ריזיקע חיה, און אויף איר דעם ווייס־געקליידעטן מענטש און ווען אין זייערע אויערן האָט אָפּגעשאַלט דער קנאַל פון דעם געווער, פון וועלכן קאַלי האָט געהאַלטן אין איין שיסן. זענען אויך באַ זיי די הערצער אַנטפאַלן.

פומבאַ ווידער, דערזעענדיק אויפן באַרג די ערשטע ראַקעטע, וואָס האָט געפּלאַצט אין די הויכקייטן, איז אויך אַנידערגעפאַלן פאַר פּחד אויף דער ערד און איז אין משך פון עטלעכע מינוט געלעגן ווי אַ מת. אָבער קומענדיק צו זיך, האָט ער פון דעם פאַרצווייפלטן יאָמער פון די קריגסלייט פאַרשטאַנען נאָר איין זאַך, און נעמלעך: אַז עפּעס גייסטער ראָטן אויס אונטן די סאַמבורן. דעמאָלט האָט אים אויפגעבליצט אין קאָפּ אַ געדאַנק, אַז אויב ער זאָל נישט קומען צו הילף דידאַזיקע גייסטער, קאָן נאָך אַמאָל זייער כּעס זיך אַ ווענד טון אויך אויף אים. און ווייל די אויסראָטונג פון די סאַמבורן איז פאַר אים פּשוט געווען אַ דערלייזונג, האָט ער דעריבער, צוזאַמענעמענדיק אַלע זיינע קריגסלייט, זיך אַרויסגערוקט מיט אַ זייטיקן, פאַרבאָרגענעם אויסגאַנג פון דער באַמאַ און דעם גרעסטן טייל אַנטלויפנדיקע אָפּגעהאַקט דעם וועג.

די שלאַכט איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שחיטה. די פויקן פון די סאַמבורן האָבן אויפגעהערט צו טומלען. אין דער פינצטערניש, וואָס איז נאָר פונאַנדערגעריסן געוואָרן דורך די רויטע בליצן, וואָס זענען פון קאַליס ביקס אַרויסגעפלויגן, האָט זיך צעטראָגן דאָס געהייל פון די געמאָרדעטע, די טויבע קלעפּ פון די שטעקנס אָן די שילדן און דאָס געקרעכצעריי פון די פאַרוואונדעטע. קיין רחמנות האָט קיינער נישט געבעטן, מחמת די נעגערן ווייסן דערפון נישט.

קאַלי האָט, מורא האָבנדיק, אַז ער זאָל אין דער פינצטערניש און אין דער מהומה זיינע אייגענע מענטשן נישט פאַרוואונדן, אויפגעהערט ענדלעך צו שיסן און, אַ כאַפּ טוענדיק געבהרס שווערד, האָט ער זיך געוואָרפן אויף די רייען פון שונא. די סאַמבורן האָבן איצט געקאָנט אַנטלויפן פון די בערג צו זייערע גרעניצן נאָר מיט איין ברייטן טאָל, נאָר ווייל דערדאָזיקער טאָל אָבער איז דורך פומבאַס קריגסלייט געווען אָפּגעשלאָסן, זענען דעריבער פון דעם גאַנצן שונאס אָפּטיילונג נאָר יענע ניצול געוואָרן, וועלכע האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויף דער ערד און געלאָזט זיך לעבעדיקערהייט נעמען, הגם זיי האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז עס דערוואַרט זיי אַ שרעקלעכע געפאַנגענשאַפט, אָדער אפשר גאָר אַ באַלדיקער טויט פון די זיגערס הענט. מאַמבאַ האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט, ביז וואַנען אַ גראָבער שטעקן האָט אים נישט דעם מוח צעשמעטערט. זיין יינגער זון פאַרו איז אַרייגעפאַלן אין פומבאַס הענט אַריין. ער האָט אים געלאָזט בינדן אַלס צוקונפטיקן קרבן פאַר די גייסטער, וועלכע זענען אים געקומען צו הילף.

דעם שרעקלעכן קינגן האָט סטאַש נישט געטריבן אין שלאַכט אַריין, ער האָט אים נאָר געלאָזט ריטשען, כדי אָנצוואַרפן אַ מורא אויף דעם שונא, אַליין האָט ער אפילו קיין איין מאָל אויך נישט אויסגעשאָסן פון זיין שטוצער אויף די סאַמבורן, מחמת, ראשית האָט ער מבטיח געווען דער קליינער נעל, בשעת ער האָט פאַרלאָזט די לועלאַ, אַז ער וועט קיינעם נישט דערהרגענען, והשנית, האָט ער גלאַט נישט קיין חשק געהאַט צו דערהרגענען מענטשן, וועלכע האָבן אים, נישט נעלן קיין שום שלעכטס נישט געטון. גענוג איז געווען, אַז ער האָט די וואַהימען פאַרזיכערט אַ נ חון און באַפרייט פומבאַן פון דער באַלאַגערונג אין דער גרויסער באָמאַ.

ער האָט תיכף נאָכדעם, ווי קאַלי איז געקומען צו לויפן מיט דער ידיעה וועגן ענדגילטיקן נצחון, אים געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אָפּשטעלן די שלאַכט, וואָס האָט נאָך געפלאַקערט צווישן די געוויקסגעדיכטענישן און אין די פעלזן-שפאַלטן און וועלכע האָט זיך נאָך פאַרצויגן צוליב דער עקשנות פון אַלטן פומבאַ.

איידער אָבער קאַלי האָט נאָך באַוויזן זי איינצוהאַלטן, איז דערווייל געוואָרן טאָג. די זון איז, ווי געוויינלעך אין די טראָפּישע לענדער, שנעל אָפּערגעקראָכן פון הינטער די בערג און מיט אַ העלער ליכט באַגאָסן דאָס שלאַכטפעלד, אויף וועלכן עס זענען געלעגן איבער צוויי

הונדערט טויטע סאַמבורן, וועלכע זענען דורכגעשטאָכן געוועז פון שפּיזן אָדער צעקלאַפּט פון די גראָבע שטעקנס. אין אַ שטיקל צייט אַרום, ווען די שלאַכט האָט שוין געהאַט אויפגעהערט, בלויז דאָס פריידיקע געהייל פון די וואַ־הימען האָט די פרימאָרגן־שטילקייט געשטערט, האָט זיך ווידער קאַלי באַוויזן, אָבער מיט אַזאַ באַטריבט און טרויעריק פּנים, אַז מ׳האָט שוין פונדערווייטנס געקאָנט דערקענען, אַז עס איז אים געשען עפּעס אַן אומגליק.

ווען ער איז ענדלעך געבליבן שטיין פאַר סטאַשן, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט די פויסטן איבערן קאָפּ און יעמערלעך צו שרייען:

— אָ, גרויסער האַר — פּומבאַ קופּאַ! פּומבאַ קופּאַ! (דערהרגעט)!

— דערהרגעט? — האָט סטאַש איבערגעחזרט.

קאַלי האָט דערציילט, וואָס עס איז געשעען, און פון זיינע רייד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סיבה פון דעם פאַרפאַל איז געווען פּומבאַס עקשנות. ווען די שלאַכט האָט נעמלעך שוין געהאַט אויפגעהערט, האָט ער נאָך געוואָלט צודערהרגענען צוויי סאַמבורן און פון איינעם פון זיי האָט ער באַקומען אַ קלאַפּ מיט אַ שפּיז.

די ידיעה האָט זיך אין איין אויגנבליק פונאַנדערגעטראָגן צווישן אַלע וואַ־הימען און עס איז געוואָרן אַ צוזאַמענגעלויף אַרום קאַלין, אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זעקס קריגסלייט אויף די שפּיזן געבראַכט צו טראָגן דעם אַלטן קעניג, וועלכער איז נישט געווען דערהרגעט, נאָר שווער פאַרוווּנדעט און פאַרן טויט האָט ער נאָך געוואָלט אָנקוקן דעם מעכטיקן, אויפן העלפאַנט זיצנדיקן האַר, דעם אמתן זיגער איבער די סאַמבורן.

אַן אויסערגעוויינלעך שטוינען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע אויגן, וואָס דער טויט האָט זיי מיט אַ פינצטערניש באַדעקט, און די בלאַסע, אויסגעצויגענע ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט:

— יאַנציג! יאַנציג! . . .

אָבער באַלד נאָכדעם איז אים דער קאָפּ אויף אַ הינטער אַראָפּגעפאַלן, דאָס מויל האָט זיך אים ברייט פונאַנדערגעעפנט — און ער איז אָפּגעשטאָרבן.

קאַלי, וועלכער האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, האָט זיך מיט אַ געוויין געוואָרפן אויף זיין ברוסט. צווישן די קריגסלייט האָבן זיך אַ

טייל אָנגעהויבן שלאָגן אין די קעפּ, אַ טייל אויסצורופן קאַלין אַלס קעניג און צו „יאַנציגירן” לכבוד אים. אַנדערע זענען געפאַלן פאַרן ייִנגן הערשער אויפן פּנים. ס'האָט זיך נישט געהערט קיין איין קעגן־שטימע, וואָרן די ממשלה האָט קאַלין געהערט, נישט נאָר לויטן געזעץ, אַלס דעם עלטסטן זון פון פּומבאַן, נאָר אויך אַלס זיגער.

דערווייל האָבן זיך אין די הייזלעך פון די מכשפים אין דער באַמאַ אויפן שפּיץ באַרג אויפגעהויבן ווילדע קולות פון דער שלעכטער מזימה, פּונקט די זעלבע, וואָס סטאַש האָט געהערט אין דעם ערשטן בענעדישן דערפל, אָבער דאָס מאָל זענען זיי נישט געווען געווענדט קעגן אים, נאָר זיי האָבן געפאָדערט טויט פאַר די געפאַנגענע פאַרן דערהרגענען פּומבאַן. די פויקן האָבן אָנגעהויבן צו רעשן. די קריגסלייט האָבן זיך אויסגעפאָרמירט אין אַ לאַנגער מחנה, צו דריי מענטשן אין אַ רייע און אָנגעהויבן אַ קריגס־טאַנץ ארום סטאַשן, קאַלין און פּומבאַס טויטן קערפּער.

— אָאַ, אָאַ! יאַך, יאַך! — האָבן אַלע שטימען איבערגעחזרט. די קעפּ האָבן זיך געשאָקלט מיט אייַנטאָניקע באַוועגונגען אויף רעכטס און אויף לינקס, עס האָבן געגלאַנצט די ווייסלעך פון די אויגן, און די שאַרפן פון די לאַנצן האָבן זיך געמיניעט אין דער פרימאָרגנזון.

קאַלי האָט זיך אויפגעשטעלט און, ווענדנדיק זיך צו סטאַשן, האָט ער אויסגערופן:

— דער גרויסער האַר ברענגען די ביבי אין דער באָמאַ און זי וועט וואוינען אין פּומבאַס הויז. קאַלי זיין דער קעניג פון די וואַ־הימען, און דער גרויסער האַר דער קעניג פון קאַלין.

סטאַש האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אַלס צייכן פון איינשטימיקייט, אָבער ער איז נאָך איבערגעבליבן אויף עטלעכע שעה, מחמת סיי ער, סיי קינג האָבן זיך געדאַרפט אויסרוען.

ער איז ערשט אַרויסגעפאָרן אַרום אָוונט. אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט זענען די קערפּער פון די געפאלענע סאַמבורן געוואָרן אויפגערוימט און אַרייַנגעוואָרפן אין דעם נאָענטן טיפן אָפּגרונט, איבער וועלכן עס זענען זיך באַלד צונויפגעפלויגן אַ מחנה רויב־פייגל. די מכשפים האָבן זיך גענומען צוגרייטן צו פּומבאַס לוויה, און קאַלי האָט איבערגענומען די ממשלה אַלס דער אייַנציקער באַלעבאָס פון לעבן און טויט איבער אַלע זיינע אונטערטאַנען.

— צי ווייסטו, ווער עס איז אַזוינס קאַלי? — האָט סטאַש אַ פרעג געטון דאָס מיידעלע צוריקצווועגס פון לוזעלאַ.

נעל האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג.

— דאָס איז דיין באַי*).

— אוודאי! אַ באַי! קאַלי — איז דער קעניג פון אַלע וואַ־ה׳מען!

נעל האָט זיך אומגעהייער דערפרייט מיט דערדאָזיקער ידיעה. די־דאָזיקע פלוצלינגדיקע פאַרענדערונג, אַ דאַנק וועלכער דער אַמאָליקער שקלאַף פון אכזריותדיקן געבהר, און דערנאָך דער אונטערטעניקער דינער פון סטאַשן, איז געוואָרן אַ קעניג, האָט זיך איר אויסגעוויזן פאַר עפּעס אומגעוויינלעכס און גלייכצייטיק האָט עס זי אָן אַ שיעור גע־ווילט.

יעדנפאַלס האָט זיך לינדעס באַמערקונג, אַז די בעגער זענען פונקט ווי די קינדער, וועלכע זענען נישט פעיק צו געדענקען, וואָס געכטן איז געווען, וואָס שייך קאַלין אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק, מחמת, ווי נאָר סטאַש מיט נעלן זענען געבליבן שטיין צופיסנס דעם באַרג באַקאָ, איז זיי דער יינגער מאַנאַרך אין איילעניש אַנטקעגנגעלאָפן. ער האָט זיי באַ־גריסט מיט די געוויינלעכע אויסדרוקן פון אונטערטעניקייט און פרייד און ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט די זעלבע רייד, וואָס ער האָט שוין פריער געהאַט אַרויסגעזאָגט:

— קאַלי זיין דער קעניג פון די וואַ־הימען, און דער גרויסער האַר דער קעניג פון קאַלין.

און ער האָט זיי ביידע אַרומגערינגלט כּמעט מיט אַ געטלעכן כּבוד, און באַזונדערס האָט ער זיך אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן פאָלק גע־בוקט פאַר נעלן, ער האָט געמלעך געוואוסט פון דער דערפאַרונג, וואָס ער האָט דערוואָרבן, בשעת דער רייזע, אַז דער גרויסער האַר זאָרגט מער וועגן דער קליינער „ביבי“, ווי וועגן זיך אַליין.

אַרויספירנדיק זיי פייערלעך אויפן שפּיץ אין דער רעזידענץ־באַמאַ, האָט ער זיי אָפּגעגעבן פּומבאַס הייזל, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ גרוי־סער, אויף עטלעכע קאַמערן צעטיילטער שאָפּע. די וואַ־הימינס, וועלכע

*) אַ שיק־יינגל.

זענען צוזאַמען מיט זיי געקומען פון דער לועלאַ און וועלכע האָבן זיך זאַט נישט געקענט אָנקוקן אויף דער גוטער מזימו, האָט ער באַפוילן אָנצושטעלן אין דער ערשטער קאַמער דזשיזשעס מיט האָניג און זויערע מילך; ווען ער האָט זיך אָבער דערוואוסט, אַז די „ביבי", אַן אָפּגעמאַטערטע פון וועג, איז איינגעשלאָפן, האָט ער אַלע איינוואוינער פאַרזאָגט די טיפסטע שטילקייט, אונטער דער שטראָף אָפּצושניידן די צונג. ער האָט אָבער באַשלאָסן זיי נאָך פייערלעכער צו באַערן און צוליב דעם האָט ער זיך, ווען סטאַש איז נאָך אַ קורצן אָפּרוען זיך אַרויסגעגאַנגען פאַר דער שאַפּע, צו אים דערנענטערט און, אָפּגעבנדיק אים זיין באַגריסונג, אויסגערופן:

— מאָרגן קאַלי הייסן באַגראָבן פומבאַן און אָפּהאַקן אַזוי פיל קעפּ פון די געפאַנגענע פאַר פומבאַן און פאַר קאַלין, וויפיל ביידע פאַרמאָגן פינגער באַ די הענט. פאַר דער ביבי אָבער און פאַר'ן גרויסן האַר קאַלי הייסן דעם קאָפּ אָפּהאַקן פון פאַרו, מאַמבאַס זון און פון „וועגגי, וועגגי" אַנדערע סאַמבורן, וועלכע די וואַ־הימען האָבן גענומען געפאַנגען.

סטאַש האָט אָבער פאַרצויגן דעם שטערן און אָנגעהויבן קוקן מיט זיינע שטאָלענע אויגן אין די אויגן פון קאַלי, דערנאָך האָט ער אים אָפּגעענטפערט:

— איך פאַרווער דיר דאָס צו טון.

— האַר, — האָט דער ייִנגער נעגער מיט אַן אומזיכער קול אויסגערופן — די וואַ־הימען שטענדיק אָפּהאַקן די קעפּ באַ די געפאַנגענע. דער עלטער קעניג שטאַרבן — אָפּהאַקן; דער ייִנגער קעניג אָנקומען — אָפּהאַקן. ווען קאַלי נישט הייסן זיי אָפּהאַקן די קעפּ, וואָלטן די וואַ־הימען געמיינט, אַז קאַלי איז נישט קיין קעניג.

סטאַש האָט וואָס אַמאָל שטרענגער געקוקט.

— נו וואָס? — האָט ער אַ פרעג געטון. — ציי האָסטו דיך להלוטין גאָרנישט אויסגעלערנט אויפן לינדע־באַרג און ציי ביסטו נישט קיין קריסט?

— איך בין, אָ גרויסער האַר....

— האָרך זשע אויס! די וואַ־הימען האָבן שוואַרצע מוחות, אָבער דיינער איז מחויב צו זיין ווייס. ווי באַלד דו ביסט געוואָרן זייער קעניג, ביסטו זיי מחויב אויסצובילדן און אויסצולערנען דאָס, וואָס האָסט דיך אויסגעלערנט פון מיר און פון דער „ביבי". זיי זענען פונקט ווי די

שאַקאַלן און היענעס — מאַך פון זיי מענטשן. זאָג זיי, אַז געפאַנגענע טאָר מען נישט אָפּהאַקן די קעפּ, וואָרים פאַר אומשולדיק בלוט שטראָפט דער גרויסער גייסט, צו וועלכן איך און די „ביבי״ זענען מתפלל. די ווייסע מאָרדן נישט קיין געפאַנגענע, און דו ווילסט צו זיי זיין נאָך ערגער, ווי געבהר איז צו דיר געווען — דו, אַ קריסט! שעם דיך, קאַלי, טויש אויס דיינע אַלטע, מיאוסע מנהגים פון די וואַ-הימען אויף גוטע, און דערפאַר וועט דיך גאָט בענטשן און די „ביבי״ וועט נישט זאָגן, אַז קאַלי איז אַ ווילדער, אַ נאַר און אַ בייזער בעגער.

אימהדיקע געריטשן אין די שטובן פון די מכשפים האָבן פאַרטויבט זיינע רייד. סטאַש האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און ווייטער גערעדט:

— איך הער, דאָס וויל אייער „שלעכטע מזימו״ דאָס בלוט און די קעפּ פון די געפאַנגענע. אָבער דו ווייסט דאָך, וואָס דאָס באַטייט — און דיך שרעקט דאָך דאָס נישט איבער. אַלזאָ וועל איך דיר אַזוי זאָגן: נעם אַ באַמבוס, גיי אַרום צו יעדן אין שטוב אַריין און שנייד אַ לעדער די מכשפים אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זיי וועלן נישט אָנהייבן צו ריטשען נאָך העכער פון זייערע פויקן. און די פויקן וואַרף פונאַנדער איבער דער באָמאַ, כדי אַלע וואַ-הימען זאָלן זען און פאַרשטיין, ווי אַזוי די דאָזיקע שווינדלערס נאַרן זיי אָפּ. גלייכצייטיק זאָג דיינע נאַרישע וואַ-הימען דאָס, וואָס האָסט אַליין געפּריידיקט צווישן מ׳רואַס מענטשן, אַז דאָרטן, וואו די גוטע מזימו געפינט זיך, טאָר קיין מענטשלעך בלוט נישט פאַרגאָסן ווערן.

דעם יינגן קעניג האָבן, ווייזט אויס, סטאַשס רייד געטראָפן אין פינטל אַריין, וואָרן ער האָט אויף אים עטוואָס דרייסטער אַ קוק געטון און אויסגערופן:

— קאַלי אויסהרגענען, אַך, אויסהרגענען אַלע מכשפים! אַרויסוואַרפן אַלע פויקן און זאָגן די וואַהימען, אַז דאָרטן, וואו עס געפינט זיך די גוטע מזימו, טאָר מען נישט קיינעם דערהרגענען. אָבער וואָס זאָל קאַלי טון מיט פאַרו און די סאַמבורן, וועלכע האָבן פומבאַן דערהרגעט?

סטאַש, וועלכער האָט באַ זיך אין געדאַנק דעם גאַנצן פּלאַן שוין געהאַט פאַרטיק און וועלכער האָט נאָר געוואַרט אויף דערדאָזיקער פראַגע, האָט תיכף אָפּגעענטפערט:

— דיין טאַטע איז אומגעקומען און זיין טאַטע איז אומגעקומען,

איז אַלזאָ אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ. וועסט שליסן מיט דעם ייִנגן פּאַרו אַ אַ פרידן פון בלוט, נאָך וועלכן די וואַ־הימען און די סימבורן וועלן שוין לעבן בשלום, וועלן רויק באַאַרבעטן דעם מאַניאָק און גיין אויף יאַגד. דו וועסט פאַרון דערציילן וועגן גרויסן גייסט, וועלכער איז דער פאָטער פון אַלע ווייסע און שוואַרצע מענטשן, און פּאַרו וועט דיך ליב באַקומען, ווי אַ ברודער.

— קאַלי האָט איצט אַ ווייסן מוח! — האָט דער ייִנגער נעגער אָפּגעענטפערט.

און דערמיט האָט זיך דאָס געשפּרעך פאַרענדיקט. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך ווידער דערטראָגן ווילדע געריטשען, אָבער שוין נישט פון דער שלעכטער מזימו, נאָר פון ביידע מכשפים, וועלכע קאַלי האָט געשניטן אַ לעדער, וויפיל עס איז נאָר אַריין. די קריגסלײַט, וועלכע האָבן אונטן נאָך אַלץ געהאַט אַרומגענומען קינגן מיט אַ פאַרמאַכטן רינג, זענען געקומען צו לויפן אין איין אָטעם אויפן באַרג אַרויף, כדי צו זען, וואָס עס טוט זיך און זיי האָבן זיך אויפן אָרט סיי מיט די אייגענע אויגן, סיי פון די מכשפימס דערקלערונגען איבערצייגט, אַז די שלעכטע מזימו, פאַר וועלכער זיי האָבן ביז איצט אַזוי געציטערט, איז נישט מער ווי אַן אויסגעהוילטער שטאַם מיט אַ מאַלפּע־פעל איבערגעצויגן.

און דער ייִנגער פּאַרו, ווען מ׳האָט אים מודיע געווען, אַז נישט נאָר מען וועט אים נישט דעם קאָפּ צעשמעטערן לכבוד דער גוטער מזימו און דעם גרויסן האַר, נאָר אַז קאַלי זאָל נאָר אויפעסן אַ שטיקל פון זײַנעם, און ער אַ שטיקל פון קאַליס, האָט ער זײַנע אייגענע אויערן נישט געוואָלט צוגלייבן. און דערנאָך, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, וועמען ער האָט דאָס לעבן צו פאַרדאַנקען, האָט ער זיך אַנידערגעלייגט מיטן פּנים אויף דער ערד פאַרן אײַנגאַנג פון פּומבאַס שטוב און אַזוי לאַנג געלעגן, ביז וואַנען נעל איז צו אים נישט אַרויסגעגאַנגען און נישט געהייסן אים אויפשטיין. דעמאָלט האָט ער מיט זײַנע שוואַרצע הענט איר קליין פיסל אָנגענומען און צו זיך אויפן קאָפּ אַרויפגעשטעלט אַלס צייכן, אַז ער וויל אויפן גאַנצן לעבן איר שקלאַף בלייבן.

די וואַ־הימען האָבן זיך זייער געוואונדערט אויף די באַפעלן פון דעם ייִנגן קעניג, אָבער די אָנוועזנהייט פון די אומבאַקאַנטע געסט, וועלכע זיי האָבן אָנגענומען פאַר די מעכטיקסטע מכשפים אין דער וועלט, האָט געווירקט, אַז קיינער האָט זיך נישט געוואַגט אַנטקעגנצושטעלן.

די אַלטע לייט אָבער זענען נישט צופרידן געווען פון די בייע מנהגים, און די צוויי מכשפים האָבן, פאַרשטייענדיק, אַז די גוטע צייטן האָבן זיך פאַר זיי איינמאָל פאַר אַלע מאָל געענדיקט, צוגעשוואוירן בּאַ זיך אין האַרץ שרעקלעך זיך נוקם צו זיין אָן דעם קעניג און זיינע געסט.

דערווייל אָבער האָט מען פּומבּאַן פייערלעך קובר געווען צופיסנס בּאַם פעלז פון דער בּאָמאַ. קאַלי האָט אויף זיין קבר אויפגעשטעלט אַ מצבה פון בּאַמבּוסן, די נעגער ווידער האָבן אַנידערגעשטעלט עטלעכע כּלים מיט פּומבּע און געריכערט פלייש, „כּדי ער זאָל נישט בּאַומרויקן און שרעקן בּאַ נאַכט".

מאַמבּאַס קערפּער האָט מען, נאָכן שליסן דאָס בלוט-ברודערשאַפט צווישן קאַלין און פאַרון, אָפּגעגעבן די סאַמבּורן.

# XLII.

— נעל, צי ווייסטו קאָנען זויסרעכענען אונזערע נסיעות פון בּאיום? — האָט סטאַש געפרעגט.

— כ'וועל קאָנען.

דאָס זאָגנדיק, האָט דאָס מיידעלע אויפגעהויבן די אויגן אינדער־הייך און אויף די פינגערלעך אָנגעהויבן צו רעכענען.

— בּאַלד. פון פאַיום ביז כאַרטום — איז איינע; פון כאַרטום ביז פאַשאָדאַ — די צווייטע; פון פאַשאָדאַ ביז יענעם פעלזן־שפּאַלט, וואו מ'האָט געפונען קינגן — די דריטע; און פון לינדע־בּאַרג ביז דער אָזיע־רע — איז די פערטע.

— יאָ. ס'איז, דאַכט זיך מיר, נישטאָ אויף דער וועלט נאָך אַזאַ פליג, וואָס זאָל אַזאַ שטיק אַפריקע דורכפליען.

— שיין וואָלט דידאָזיקע פליג אָן דיר אויסגעזעען!

ער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן.

— אַ פליג אויף אַ העלפאַנט! אַ פליג אויף אַ העלפאַנט!

— אָבער נישט קיין טסע־טסע? אמת, סטאַש? — נישט קיין טסע־טסע?

— ניין, — האָט ער אָפּגעענטפערט — אַזוי זיך אַ גאַנץ ליבלעכע פליג!

זייענדיק צופרידן פון דעם לויבן, האָט זיך אים נעל אָנגעשפּאַרט מיטן נעזל אויף זיין אָרעם, און אים זיך געפרעגט:

— און ווען וועלן מיר זיך לאָזן אויף דער פינפטער נסיעה?

— ווען דו וועסט זיך אויסרוען און איך וועל אויסלערנען אַ ביסל שיסן דידאַזיקע מענטשן, וועלכע קאַלי האָט אים צוגעזאָגט צו געבן.

— און לאַנג וועלן מיר אַזוי פאָרן?

— אוי! לאַנג נעל — לאַנג! ווער ווייסט, צי דאָס וועט אַמאָל נישט זיין די לענגסטע נסיעה.

— אָבער דו וועסט דיר שוין, ווי שטענדיק, אַן עצה געבן!

— כ׳מוז.

סטאַש האָט זיך שוין ווי ס׳איז אַן עצה געגעבן, אָבער דידאַזיקע פינפטע נסיעה האָט געפאָדערט אַן אַ שיעור פאַרברייטונגען. זיי האָבן זיך ווידער געזאָלט אַריינלאָזן אין אומבאַקאַנטע געגנטן, וואו עס האָבן זיי געדראָט פאַרשידענע געפאַרן. דעריבער האָט זיך דאָס ייִנגל געוואָלט נאָך בעסער פאַרזיכערן, ווי ער האָט דאָס באַוויזן ביז אַהער צו טון. צוליב דעם צוועק האָט ער פּערציק וואַ־הימען איינגעאיבט אין שיסן פון רע־מינגטאָנען. זיי האָבן דאָס געזאָלט זיין די באַוואָפנטע הויפּט־קראַפט און אַזוי צו זאָגן די גוואַרדיע פון נעלן. מער קיין שיכערס האָט ער נישט געקענט האָבן, מחמת קינג האָט נאָר געקענט שלעפּן אויף זיך פינף און צוואַנציק ביקסן, און אויף די פערד איז אויסגעקומען פינפצען. די אַי־בעריקע אַרמיי האָט געזאָלט באַשטיין פון הונדערט וואַ־הימען און הונ־דערט סאַמבורן באַוואָפנט מיט שפּיזן און בויגנס, וואָס פאַרו האָט מבטיח געווען צוצושטעלן. די שפּע פון דעם אַלעם האָט באַזייטיקט אַלע רייזע־שוועריקייטן דורך דער רחבותדיקער און זייער ווילדער געגנט, וואָס איז באַוואוינט געווען דורך די שבטים פון די סאַמבורן. סטאַש האָט נישט אָן אַ געוויסן שטאָלץ געטראַכט, אַז אַנטלויפנדיק אין דער צייט פון דער רייזע פון פאַשאַדאַ בלויז מיט נעלן און מיט די צוויי נעגער אָן שום מיטלען, קען איצט אָנקומען צו די ברעגן פון אָקעאַן אין דער שפּיץ פון צוויי הונדערט באַוואָפנטע מענטשן מיט אַ העלפאַנט און מיט פערד. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, וואָס עס וועלן דערויף זאָגן די ענגלענדער,

וועלכע שאַצן אָפּ אַזוי הויך די ראַטזאַמקייט, אָבער קודם כּל, וואָס וועט זאָגן זיין פאָטער און דער הער ראַזוליסאָן. דער געדאַנק וועגן דעם האָט אים זיס געמאַכט יעדער אַרט שווערקייט.

דאָך איז ער לחלוטין נישט אינגאַנצן רויק געווען וועגן זיין אייגענעם און נעלס גורל. גוט! ער וועט שוין זיכער לייכט אַדורכקומען דעם ישוב פון די וואַ־הימען און די סאַמבורן, אָבער וואָס וועט דערנאָך זיין? אויף וואָס נאָך פאַר אַ שבטים וועט ער אָנטרעפן, אין וואָס פאַר אַ געגנטן וועט ער אַריינקומען און וויפיל וועג וועט אים נאָך איבערבלייבן צו גיין? לינדעס אָנווייזונגען זענען צו אַלגעמיין געווען. סטאַש האָט דאָס זייער באַטריבט, ווייל אייגנטלעך האָט ער נישט געוואוסט, וואו ער געפינט זיך, מחמת די טייל אַפריקע האָט אויסגעזען אויף די מאַפּעס, פון וועלכע ער האָט זיך געלערנט געאָגראַפיע, ווי איין שטיק ווייסע קאַרטע. ער האָט אויך קיין שום השגה נישט געהאַט, וואָס עס איז אַזוינס די אָזיערע באַסאָ־נאַראָק און ווי גרויס זי איז. ער האָט זיך געפונען אויף איר דרומדיקן ראַנד, לעבן וועלכן די ברייטקייט פון דעם אויסגוס האָט געקאָנט אויסמאַכן העכער צען קילאָמעטער. אָבער ווי ווייט די אָזיערע האָט זיך געצויגן אויף צפון, דאָס האָבן אים נישט געקאָנט זאָגן נישט די וואַ־הימען, נישט די סאַמבורן. קאַלי, וועלכער האָט ווי ס'איז געקענט דאָס קי־סוואַהילי לשון, האָט אויף אַלע פראַגן בלויז אָפּגעענטפערט: „באַלי! באַלי!" דאָס הייסט: ווייט! ווייט! — און דאָס איז געווען אַלץ, וואָס סטאַש האָט נאָר געקאָנט פון אים אַרויסקריגן

אַזוי ווי די בערג אויף צפון זייט האָבן, אָפּשליסנדיק דעם האָריזאָנט, זיך אויסגעוויזן צו זיין זייער נאָענט, האָט ער זיך דעריבער משער געווען, אַז דאָס מוז זיין עפּעס נישט זייער קיין רחבותדיקע ביטערע אָזיערע, פון די, וואָס מען געפינט זייער אַ סך אין אַפריקע. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ גראָבן טעות ער האָט געהאַט*). פאַרלויפיק איז אים אָבער נישט אַזוי ווייט געגאַנגען צו

*) דאָס איז געווע׳ אַ גרויסע אָזיערע, וואָס אין יאָר 1883 האָט זי אַנטדעקט דער באַוואוסטער רייזנדער טעלעקי און איר אַ נאָמען געגעבן רודאָלף־אָזיערע.

באַקענען זיך גענוי מיט דעם שטח פון באָסאַ־נאַראָק, ווי בלויז דאָס, צי עס פליסט נישט אַרויס פון איר עפּעס אַ טייך, וואָס פאַלט דערנאָך אַריין אין אָקעאַן. די סאַמבורן, פּראָוס אונטערטאַנען, האָבן באַהויפּטעט, אַז אויף מזרח־זייט פון זייער לאַנד ליגט עפּעס אַ גרויסע אומבאַוואַ־סערטע מדבר, וואָס קיינער האָט זי נאָכנישט דורכגעמאַכט. סטאַש, וועל־כער האָט געקאָנט די נעגערן פון די דערציילונגען פון רייזנדערס, פון לינדעס פּאַסירונגען, און טיילווייז אויך פון זיינע אייגענע דערפאַרונגען, האָט געוואוסט, אַז ווען עס וועלן זיך אָנהייבן גערפאַרן און שוועריקייטן, וועלן אַ סך פון זיינע מענטשן צוריק אַנטלויפן אַהיים, און עס קאָן אים אַמאָל קיין איינער נישט איבערבלייבן. אויף אַזאַ אופן וואָלט ער זיך געפונען צווישן ווילדעניש און מדבריות בלויז מיט נעלן, מיט מעאַן און דעם קליינעם נאַשיבו. קודם כל האָט ער אָבער פאַרשטאַנען, אַז צוליבן מאַנגל אין וואַסער וואָלט דער קאַראַוואַן תיכף זיך פונאַנדערגעלאָפן און דערפאַר האָט ער זיך אַזוי שטאַרק באַכגעפרעגט וועגן אַ טייך. גייענדיק מיטן לויף פון אַזאַ טייך, וואָלט מען אָן שום ספק געקאָנט אויסמיידן די־דאָזיקע שרעקלעכקייטן, אויף וועלכע רייזנדע זענען אין אומבאַוואַסער־טע געגנטן אויסגעשטעלט.

די סאַמבורן האָבן אים אָבער קיין שום זיכערס נישט געקענט צו־זאָגן, אַליין ווידער האָט ער זיך נישט געקענט דערלויבן אויף אַ לענגערן אויספלוג לענגויס דעם מזרחדיקן ברעג פון דער אַזיערע, מחמת אַנדע־רע באַשעפטיקונגען האָבן אים פאַרהאַלטן אויפן באַרג באַקאָ. ער האָט אויסגערעכנט, אַז פון די אַלע געקלעבטע פייגל, וואָס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון לינדע־באַרג און אויך אויפן וועג פון די נעגערישע דערפ־עך, איז וואָרשיינלעך קיין שומס נישט דורכגעפליגן איבער דער קייט פון די באַרג־שפּיצן, וואָס רינגלען אַרום דעם באָסאַ־נאַראָק. צוליב דער־דאָזיקער סיבה האָט מען געדאַרפט קלעבן און אַרויסלאָזן נייע, מחמת דידאָזיקע וואָלט ערשט דער ווינט געקענט ווייט פאַרטראָגן איבער דער פלאַכער מדבר — אפשר ביזן אָקעאַן. אָט טאַקע אויף דערדאָזיקער אַר־בעט האָט ער פערזענלעך געמוזט אַכטונג געבן; נעל האָט נעמלעך אויס־געצייכנט געקאָנט צוזאַמענקלעבן די פייגל, און קאַלי האָט זיך אויסגע־לערנט זיי אַוועקלאָזן — קיינער פון זיי איז אָבער נישט אימשטאַנד גע־ווען אויף זיי אויפצושרייבן דאָס אַלץ, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אויפשרייבן. סטאַש האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ זאַך פון גרויסער באַדייטונג, וואָס מען טאָר עס בשום אופן נישט פאַרנאַכלעסיקן.

די דאָזיקע אַרבעטן האָבן בײַ אים דעריבער אַזוי פֿיל צײַט צוגענו־
מען, אַז דער קאַראַוואַן איז ערשט אין דרײַ וואָכן אַרום פּאַרטיק געוואָרן
אין וועג אַרײַן. אָבער ערב דעמדאָזיקן טאָג, אין וועלכן מ׳האָט געזאָלט
פּאַרטאָג זיך אַוועקלאָזן, האָט זיך דער ייִנגער קעניג פֿון די וואַ־הימען
אַנידערגעשטעלט פֿאַר סטאַשן, און טיף זיך פֿאַרבײַגנדיק פֿאַר אים, אויס־
גערופֿן:

— קאַלי מיטגײַין מיטן האַר און מיט דער ביבי אַזש ביזן וואַסער,
איבער וועלכן עס שווימען גרויסע שיפֿן פֿון די ווײַסע מענטשן.

סטאַשן האָט געריִרט דערדאָזיקער באַווײַז פֿון צוגעבונדנקייט,
פֿונדעסטוועגן האָט ער גערעכנט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט מיטצו־
נעמען מיט זיך דאָס ייִנגל אין אַזאַ ווײַטן וועג אַרײַן, פֿון וועלכן דער
צוריקקער איז פֿאַר אים זייער נישט זיכער געווען.

— פֿאַרוואָס ווילסטו מיט אונז מיטגײַין? — האָט ער גע־
פֿרעגט.

— קאַלי האָט ליב דעם גרויסן האַר און די ביבי.

סטאַש האָט אים אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן געקרײַזלטן
קאָפּ.

— איך ווייס, קאַלי, דו ביסט אַן ערלעך און גוט ייִנגל. אָבער
וואָס וועט ווערן מיט דײַן קעניגרײַך און ווער וועט פֿאַר דיר רעגירן מיט
די וואַ־הימען?

— מ׳טאַנאַ, דער ברודער פֿון קאַליס מוטער.

סטאַש האָט געוואוסט, אַז אויך צווישן די נעגער קומען פֿאָר
קאַמפֿן וועגן דער ממשלה און אַז דאָס רעגירן לאָקט זיי פּונקט אַזוי
גוט, ווי די ווײַסע, דעריבער האָט ער זיך פֿאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע און
אויסגערופֿן:

— ניין, קאַלי. איך קאָן דיך נישט מיטנעמען. דו מוזסט
איבערבלײַבן מיט די וואַ־הימען, כּדי זיי צו מאַכן פֿאַר גוטע
מענטשן.

— קאַלי צו זיי זיך אומקערן.

— מ׳טאַנאַ האָט אַ סך זין, וואָס־זשע וועט אַלזאָ זײַן, אויב ער
אַליין וועט ווערן קעניג און די מלוכה מאַכן ירשנען צו זײַנע
זין, און די וואַ־הימען וועט ער צוגרעדן, זיי זאָלן דיך אַרויס־
טרײַבן?

— מ׳טאַנאַ איז אַ גוטער. ער דאָס נישט טון.

— און אויב ער וועט דאָס יאָ טון ?

— וועט קאַלי ווידער גיין צום גרויסן וואַסער, צום גרויסן האַר און צו דער ביבי.

— מיר וועלן שוין דאָרט נישט זיין.

— וועט זיך קאַלי אַנידערזעצן באַם וואַסער און וועט וויינען פאַר בענקשאַפט.

אַזוי רעדנדיק, האָט ער פאַרלייגט די הענט אויפן קאָפּ — אין אַ ווײַלע אַרום אָבער האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט :

— קאַלי זייער ליב האָבן דעם גרויסן האַר און די ביבי, — זייער.

און צוויי גרויסע טרערן האָבן אים אין די אויגן אויפגע־לויכטן.

סטאַש האָט זיך אַ וואַקל געטון, נישט געוואוסט ווי דאָ פאַרצו־טרעטן. קאַלי איז אים זייער אַ שאַד געווען, פונדעסטוועגן האָט ער באַלד ב״ה מסכים געווען צו זיין בקשה. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז — נישט רעדנדיק שוין וועגן די געפאַרן בשעתן אומקערן זיך — אויב מ׳טאַ־נאַ אָדער די מכשפים וועלן צעבונטעווען די נעגערן, דעמאָלט דראָט דעם יינגל נישט נאָר פון לאַנד אַרויסגעטריבן צו ווערן, נאָר אויך דער טויט.

— פאַר דיר וועט גלייכער זיין איבערצובלייבן, — האָט ער אויס־גערופן — אַ סך גלייכער !

אָבער אין דער זעלבער צייט, ווי ער האָט דאָס געזאָגט, איז אַריינגעקומען נעל, וועלכע האָט דורך דער דינער מאַטע, וואָס האָט פאַ־נאַנדערגעטיילט דאָס צימער, אויסגעצייכנט געהערט דאָס גאַנצע געשפּרעך, און דערזעענדיק איצט טרערן אין קאַליס אויגן, האָט זי זיי מיט די פינ־גערלעך אויסגעווישט פון זיינע אויגנלעדלעך, און דערנאָך האָט זי זיך געווענדט צו סטאַשן.

— קאַלי וועט מיט אונז מיטגיין — האָט זי מיט פעסטער אַנט־שלאָסנהייט אויסגערופן.

— אַהאַ ! — האָט סטאַש עטוואָס באַליידיקט אויסגערופן — דאָס איז נישט געווענדט אָן דיר.

— קאַלי וועט מיט אונז מיטגיין ! — האָט זי איבערגעחזרט.

— אָדער נישט מיטגיין.

פּלוצלינג האָט זי אַ טופּע געטון מיטן פיסל.

— איך וויל!

און זי האָט זיך אַליין האַרציק צעוויינט.

סטאַש האָט זי אָנגעקוקט מיט דער גרעסטער פאַרוואונדערונג, ווי נישט פאַרשטייענדיק, וואָס עס איז געשעען דעם שטענדיק אַזוי גוטן און זאַנפטן מיידל. זעענדיק אָבער, אַז זי האָט ביידע פויסטעלעך אין די אויגן אַריינגעזעצט, און מיטן אָ־עפֿענעם מויל כאַפּט זי לופט, ווי אַ פייגעלע, האָט ער מיט גרויס איילעניש אָנגעהויבן צו שרייען:

— קאַלי וועט מיטגיין מיט אונז! — ער וועט מיטגיין! מיטגיין! וואָס וויינסטו? וואָס פאַר אַן אומדערטרעגלעכע! ער וועט מיטגיין! ווי בלאַס זי איז מיר געוואָרן! — ער וועט מיטגיין — הערסט דאָך!

. . . . . . . . . . .

און אַזוי איז געשעען. סטאַש האָט זיך אַזש ביז אָוונט געשעמט פאַר זיין שוואַכקייט צו דער „גוטער מזימו", און די גוטע מזימו איז, אויספירנדיק אירס, געווען אַזוי שטיל, מילד און געהאָרכזאַם, ווי שטענדיק.

## XLIII.

דער קאַראַוואַן האָט צומאָרגנס פאַרטאָג אַרויסגערירט. דער יינגער בעגער איז געווען פרייליך, די קליינע דעספּאָטין כּסדר אַזוי מילד און געהאָרכזאַם, און סטאַש איז געווען פול מיט ענערגיע און בטחון. מיט זיי זענען מיטגעגאַנגען הונדערט סאַמבורן און הונדערט וואַ־הימען — פון זיי פערציק באַוואָפנט מיט רעמינגטאָנען, מיט וועלכע זיי האָבן ווי ס'איז געקאָנט שיסן. דער ווייסער אָנפירער, וועלכער האָט זיי דאָס אין משך פון דריי וואָכן איינגעאיבט, האָט אייגנטלעך געוואוסט, אַז אין דעם געזיואונטשענעם מאָמענט וועלן זיי אָנמאַכן אַ סך מער טומל, ווי שאָדן, אָבער ער האָט געטראַכט, אַז באַ די באַגעגענישן מיט די ווילדע שפּילט דער טומל נישט קיין קלענערע ראָלע פון קוילן און ער איז צופרידן

געווען פון זיין גוואַרדיע. מ'האָט מיטגענומען גרויסע זאַפּאַסן מאַניאָק, קוכנס, אָפּגעבאַקענע פון גרויסע און פעטע מוראַשקעס, גוט-אויסגעטרוקנטע און צעמאָלענע אויף מעל, ווי אויך אַ גרויסע צאָל געריכערט פלייש, מיט דעם קאַראַוואַן זענען אויך מיטגעגאַנגען באַ אַ צענדליגג פרויען, וואָס האָבן געטראָגן פאַרשידענע גוטע זאַכן פאַר נעלן און זעק פון אַנטילאָפּן-פעל אויף וואַסער. סטאַש האָט פון דער הייך אַראָפּ פון קינגס רוקן געהיטן די אָרדנונג, אַרויסגעגעבן באַפעלן — אפשר נישט אַזוי פיל ווייט צוליב דעם, וואָס זיי זענען נויטיק געווען, ווי בלויז צוליב דעם, וואָס עס האָט אים פאַרשיכורט די ראָלע פון אַן אָנפירער — און מיט שטאָלץ האָט ער אַראָפּגעקוקט אויף זיין קליינער אַרמיי.

— ווען כ'זאָל וועלן, — האָט ער זיך געטראַכט — וואָלט איך דאָ געקאָנט איבערבלייבן קעניג איבער אַלע פעלקער פון באָקאָ — פונקט אַזוי, ווי בעניאָווסקי אין מאַדאַגאַסקאַר!

און אין קאָפּ איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, צי וואָלט נישט גוט געווען זיך אַמאָל דאָ אומצוקערן, איינצונעמען אַ גרויסן שטח לאַנד, ציוויליזירן די נעגערן, פאַרלייגן אין די קאַנטן אַ ניי פוילן, אָדער גאָר אַמאָל זיך אַוועקצולאָזן בראש פון די שוואַרצע איינגעאיבטע מחנות אין דעם אַלטן פוילן. נאָר ווייל ער האָט אָבער געפילט, אַז אין דעם געדאַנק איז פאַראַן עפּעס לעכערלעכס און ווייל ער האָט געצווייפלט, צי דער פאָטער וואָלט אים געגעבן די הסכמה צו שפּילן די ראָלע פון אַן אַלעקסאַנדער מוקדון אין אַפריקע, דעריבער האָט ער זיך מיט זיינע פלענער נישט פאַרטרויט פאַר נעלן, וועלכע איז בלתי ספק געווען די איינציקע פּערזאָן אין דער וועלט, וואָס איז גרייט געווען זיי צו באַשטעטיקן.

אָבער קודם כל האָט מען, פאַרן איינגעמען דידאָזיקע קאַנטן אין אַפריקע, געדאַרפט זיך פונדאַנען אַרויסקריגן, דעריבער האָט ער זיך פאַרנומען מיט נעענטערע ענינים. דער קאַראַוואַן האָט זיך פונאַנדערגעצויגן אין אַ לאַנגער שנור. זיצנדיק אויף קינגס קאַרק, האָט סטאַש באַשלאָסן נאָכצופאָרן פון הינטן, כדי צו האָבן אַלע און אַלץ אויפן אויג.

דעריבער האָט ער טאַקע, ווען די מענטשן זענען איינער נאָכן אַנדערן דורכגעגאַנגען פאַר אים, נישט אָן פאַרוואונדערונג דערזען, אַז די צוויי מכשפים, מ'קוניע און מ'פּוע, די זעלבע, וועלכע האָבן באַ-

קומען שלעק פון קאַלין, געהערן צום קאַראַוואַן און מיט די פּעקלעך אויפן קאָפּ לאָזן זיי זיך גלייך מיט אַלע אין וועג אַריין.

האָט ער זיי דעריבער פאַרהאַלטן און געפרעגט:

— ווער האָט אייך געהייסן גיין?

— דער קעניג — האָבן ביידע אָפּגעענטפערט, בוקנדיק זיך מיט הכנעה.

אָבער אונטערן מאַנטל פון הכנעה האָבן זייערע אויגן אַזוי ווילד אויפגעבליצט, און אויף די פּנימער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַזאַ רשעות, אַז סטאַש האָט זיי אין ערשטן מאָמענט געוואָלט אַוועקטרייבן און אויב ער האָט דאָס נישט געטון, איז עס נאָר בלויז צוליב דעם, כּדי נישט אונטערצוגראָבן קאַליס אָנזעען.

פונדעסטוועגן האָט ער אים תּיכף צוגערופן.

— צי דו האָסט עס געהייסן די מכשפים מיט אונדז מיטגיין? — האָט ער געפרעגט.

— קאַלי הייסן, ווייל קאַלי איז אַ קלוגער.

— אַלזאָ פרעג איך דיך נאָכאַמאָל, פאַרוואָס האָט זיי דיין קלוגשאַפט נישט איבערגעלאָזט אינדערהיים?

— וואָרן ווען מ׳קוניע און מ׳פוּאַ איבערבלייבן, דאַן וואָלטן ביידע אָנגערעדט די וואַ־הימען, אַז די וואַ־הימען נאָכן צוריקקומען דערהרגענען קאַלין, אָבער אויב זיי גייען מיט מיט אונדז, וועט קאַלי אויף זיי קוקן און אָפּהיטן.

סטאַש האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און אויסגערופן:

— מעגלעך, אַז דו ביסט גערעכט, יעדנפאַלס גיב גוט אַכטונג אויף זיי בײַטאָג און בײַנאַכט, וואָרן פון די אויגן קוקט זיי קיין גוטס נישט אַרויס.

— קאַלי האָבן אַ באַמבוס — האָט דער ייִנגער נעגער אָפּגעענטפערט.

דער קאַראַוואַן האָט געצירט. סטאַש האָט אין דער לעצטער רגע באַפוילן, אַז די באַוואָפנטע גוואַרדיע מיט רעמינגטאָנען זאָלן צושליסן דעם צוג, וואָרן דאָס זענען געווען מענטשן דורך אים אָפּגעקליבענע. אויסדערוויילטע און די זיכערסטע. בשעת די איבונגען מיטן געווער, וואָס דאָס האָט זייער לאַנג געדויערט, האָבן זיי זיך אין אַ געוויסער מאָס צוגעבונדן צו זייער ייִנגן אָנפירער, און גלייכצייטיק האָבן זיי זיך אַלס די באַוואַנטסטע פון זיין הויכווירדיקער פּערזאָן, געהאַלטן פאַר עפּעס בעסערע

פֿון די איבעריקע. אין איצטיקן מאָמענט האָבן זיי געזאָלט וואַכן איבער דעם גאַנצן קאַראַוואַן און כאַפּן איטלעכן איינציקן, וועלכן ס׳וואָלט אָנגעקומען אַ חשק צו אַנטלויפֿן. עס איז געווען פּאָרויסצוזען, אַז ווי נאָר עס וועלן זיך אָנהייבן שוועריקייטן און געפֿאַרן, וועט אויך נישט פֿעלן קיין אָפּטריניקעס.

אין ערשטן טאָג אָבער איז אַלץ געגאַנגען כּשורה. די נעגערן מיט די משאות אויף די קעפּ, איטלעכער איינציקער באַוואָפֿנט מיט אַ שפּיז און עטלעכע קלענערע שטילעטלעך, אָדער אַזוי גרעסערע אַסאַגאַיען, האָבן זיך אין אַ לאַנגער קייט פֿונאַנדערגעצויגן איבער דער דזשונגליע. אין משך פֿון אַ געוויסער צייט האָבן זיי זיך פּאָרויסגערוקט מיט דעם דרומדיקן ברעג פֿון דער אָזיערע איבער דער פֿלאַכקייט. ווייל אָבער די אָזיערע איז געווען אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט הויכע באַרג־שפּיצן, האָבן זיי דעריבער, ווען זיי האָבן זיך אַראָפּגעדרייט צו מזרח־צו, געמוזט קלעטערן באַרג־אַרויף. די אַלטע סאַמבורן, וועלכע האָבן געקאָנט די געגנטן, האָבן באַהויפּטעט, אַז דער קאַראַוואַן וועט מוזן דורכגיין איבער הויכע בערג־איבערגענג, וואָס מ׳האָט זיי גערופֿן קולאַל און ינראַ, דערנאָך וועט מען אַריינקומען אין דעם לאַנד עבענע, וואָס ליגט אויף דרום פֿון באָראַני. סטאַש האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מען קאָן נישט גיין גלייך אויף מזרח, ער האָט נעמלעך געדענקט, אַז מאָמבאַסאַ ליגט מיט עטלעכע גראַדוסן הינטערן עקוואַטאָר, און דעריבער באַדייטנד דערווייטערט פֿון דער אומבאַקאַנטער אָזיערע אויף דרום אַוועק. באַזיצנדיק עטלעכע קאָמפּאַסן געשענקטע נאָך לינדען, האָט ער יעדנפֿאַלס נישט קיין מורא געהאַט, אַז ער וועט פֿאַרבלאָנדזשען פֿון וועג אַראָפּ.

דאָס ערשטע נאַכטלעגער איז זיי אויסגעקומען אויף אַ באַוואַלדערטן באַרג. צוגלייך מיטן אָנקומען פֿון דער נאַכט, האָבן אויפֿגעפֿלאַטערט עטלעכע צענדליגער פֿייערלעך. לעבן וועלכע די נעגערן האָבן געבראָטן דאָס טרוקענע פֿלייש און געגעסן דאָס טייג פֿון מאַניאָק־וואָרצלען, אַרויסגראַבלענדיק עס מיט די פֿינגער פֿון די כּלים. נאָכן איינשטילן דעם הונגער און דורשט האָבן זיי צווישן זיך אָנגעהויבן שמועסן, וואוהין עס פֿירט זיי דער „בוואַנאַ קובוואַ“ און וואָס זיי וועלן פֿון אים דערפֿאַר באַקומען. אַ טייל האָבן געזונגען, זיצנדיק די פֿיס פֿאַרלייגט און גראַבלענדיק אין פֿייער, די איבעריקע ווידער האָבן אַזוי לאַנג און אַזוי

הויך גערעדט, אַז סטאַש האָט זיי ענדלעך געמוזט באַפעלן צו שווייגן, כדי נעל זאָל קאָנען שלאָפן.

די נאַכט איז געווען זייער קיל, אָבער צומאָרגנס, ווען די ע־שטע זון־שטראַלן האָבן באַלויכטן די געגנט, האָט זיך די לופט תיכף דערוואַרעמט. בשעת זון־אויפגאַנג האָבן די קליינע רייזנדע דערזעען אַ וואונדערלעכע דערשיינונג. זיי האָבן זיך גראַד דערנענטערט צו אַ קליינער אָזיערע, וואָס האָט זיך אַוועקגעצויגן אויף צוויי קילאָמעטער, אַדער, בעסער געזאָגט, צו אַ גרויסער קאַלוזשע, וואָס איז אַנטשטאַנען צוליב די רעגנס אין דעם באַרג־טאָל, ווי סטאַש האָט פלוצלינג, זיצנדיק אַזוי צוזאַמען מיטן מיידעלע אויף קינגן און אומקוקנדיק זיך דורך אַ לאָרנעטע איבער דער געגנט, אויסגערופן:

— זע נאָר, נעל, העלפאַנטן גייען צום וואַסער.

אויף אַ מרחק פון אַ האַלבן קילאָמעטער האָט מען טאַקע דערזען אַ סטאַדעלע, וואָס איז באַשטאַנען פון פינף שטיק, וואָס האָבן זיך לאַנגזאַם, איינער נאָכן אַנדערן דערנענטערט צו דער קליינער אָזיערע.

— דאָס זענען עפּעס מאָדנע העלפאַנטן — האָט סטאַש אויסגערופן איינקוקנדיק זיך אין זיי כסדר מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. — זיי זענען קלענער פון קינגן, אויערן האָבן זיי אויך אַ סך קלענערע און כ'זע לחלוטין נישט קיין ציין.

דערווייל זענען די העלפאַנטן אַריינגעגאַנגען אין וואַסער, נאָר זיי האָבן זיך אָבער נישט פאַרהאַלטן לעבן ברעג, ווי קינג פלעגט געווײנלעך דאָס טון און אויך נישט אָנגעהויבן מיט די טראָמבעס זיך צו באַגיסן מיט וואַסער, נאָר גייענדיק כסדר פאָרויס, זענען זיי וואָס אַמאָל אַלץ טיפער פאַרזונקען, אַזוי, אַז צום סוף האָבן נאָר זייערע שוואַרצע רוקנס אַרויסגעשטאַרט איבערן וואַסער, פונקט ווי די שוואַרצע פעלזן.

— וואָס איז דאָס? זיי טיקן זיך אונטער! — האָט סטאַש אויסגערופן.

דער קאַראַוואַן האָט זיך באַדייטנד דערנענטערט צום ברעג, און ענדלעך זענען זיי שטיין געבליבן האַרט לעבן אים. סטאַש האָט אים אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן מיט גרויס דערשטוינונג צו קוקן דאָ אויף נעלן, דאָ אויף דער אָזיערע.

די העלפאַנטן האָט מען שוין לחלוטין נישט אַרויסגעזען, נאָר

אויף דער גלאַטיקער אויבערפלאַך האָט מען מיטן בלויזן אויג אַפילו גע־קענט אונטערשיידן פינף אַזעלכע קיילעכדיקע רויטע בלומען, וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרט איבער דער אויבערפלאַך און מיט אַ לייכטער באַוועגונג זיך געוויגט.

— זיי שטייען אויפן גרונט, און דאָס זענען די עקן פון די טראָמ־בעס — האָט זיך סטאַש אָנגערופן, נישט גלייבנדיק זיינע אייגענע אויגן.

דאַן האָט ער זיך אָנגערופן צו קאַלין:

— קאַלי! האָסט געזעען?

— יאָ, האַר, קאַלי זען, דאָס זענען וואַסער־העלפאַנטן*) — האָט דער יינגער נעגער רויק אָפּגעענטפערט.

— וואַסער־העלפאַנטן?

— קאַלי שוין אַמאָל זיי געזעען.

— און זיי לעבן אין וואַסער?

— באַנאַכט גייען זיי אַרויס אין דער דזשונגליע און פּאַשען זיך, און באַטאָג וואוינען זיי אין דער אָזיערע, פּונקט אַזוי ווי די קיבאָקאָס (היפּאָפּאָטאַמען). זיי ערשט אַרויסגיין נאָך זון־אונטערגאַנג.

סטאַש האָט אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקענט באַרויקן פון פאַרוואונ־דערונג, און ווען נישט דאָס, וואָס ער האָט זיך זייער געאײַלט אין וועג אַריין, וואָלט ער געוועוען פאַרהאַלטן דעם קאַראַוואַן ביז אָוונט, כדי זיך בעסער צוצוקוקן צו דידאָזיקע מאָדנע חיות. עס איז אים אָבער איינגעפאַלן אין געדאַנק, אַז די העלפאַנטן קענען זיך אַמאָל אַרויסבאַקומען אויף דעם צווייטן ברעג פון דער אָזיערע, און ווען זיי זאָלן אַפילו ערגעץ־וואו נעג־

*) אַפריקע באַזיצט זייער אַ סך אומאויסגעפאָרשטע געהיימנישן. די קלאַנגען וועגן וואַסער־העלפאַנט האָבן זיך נאָך פון לאַנג דערטראָגן צו די אויערן פון די רייזנדע, אָבער מ׳האָט נישט געוואָלט דערין גלייבן. לעצטנס האָט דאָס מוזעום פאַר נאַטור־געשיכטע אין פּאַריז אַרויסגעשיקט דעם ה. לע פּעטי, וועלכער האָט געזעען די וואַסער־העלפאַנטן אין קאָנ־גאָ לעבן ברעג פון דער לעאָפּאָלד־אָזיערע. דערפון טיילט מיט די דייטשע צייטשריפט „קאָסמאָס“ נום. 6.

טער אַרויסקומען, וועט אויך שווער זיין אין דער פינצטער זיך אין זיי איינצוקוקן.

האָט ער דעריבער געגעבן אַ צייכן אָפּצופאָרן, אָבער אויפן וועג האָט ער געזאָגט צו נעלן:

— נו! מיר האָבן אַזעלכעס געזען, וואָס קיין שום איראָפּעיש אויג האָט דאָס נאָך קיינמאָל נישט געזען. און דו ווייסט, וואָס איך טראַכט? — אַז אויב מיר וועלן גליקלעך צוקומען צום אָקעאַן, וועט אונז קיינער נישט וועלן גלייבן, ווען כ'וועל זיי זאָגן, אַז אין אַפריקע געפינען זיך וואַסער־העלפאַנטן.

— און ווען זאָלסט אַזוי איינעם פון זיי כאַפּן און מיטנעמען מיט זיך צום אָקעאַן? — האָט נעל אויסגערופן, זייענדיק איבערצייגט, ווי תמיד, אַז סטאַש קאָן אַלץ באַווייזן.

# XLIV.

נאָך צען טאָג רייזע איז דער קאַראַוואַן ענדלעך איבערגעגאַנגען די בערג־דורכגענג און אַריינגעקומען אין אַ פאַרענדערטער געגנט. דאָס איז געווען אַ רחבותדיק פלאַכלאַנד, ערטערווייז נאָר מיט בערגלעך געפאַלדעוועט, אָבער מערסטנטייל פלאַך. די געוויקסן האָבן זיך פולשטענדיק געענדערט. עס זענען נישט געווען די גרויסע ביימער, וואָס שטייגן אויף איינצלנע אָדער צו עטלעכע איבער דער כוואַליענדיקער אויבערפלאַך פון די הויכע גראָזן. וואו־נישט־וואו האָבן נאָר אַרויסגעשטאַרט, באַדייטנד דערווייטערט איינער פון דער אַנדערער, אַקאַציעס, וואָס גיבן פון זיך אַרויס גומע, מיט שטאַמען פון קאָראַלן־קאָליר אָדער שירעם־אַרטיקע, אָבער זייער שיטער באַבלעטערט און מיט ווייניק שאָטן. צווישן די טערמיטן־הויפנס איז דאָ און דאָרט אויפגעשטיגן אינדערהייך אַן אויפאָרביע, מיט צווייגן ענלעך צו די אָרעמס פון אַ מנורה. אונטערן הימל האָבן אַרומגעשוועבט רויב־פייגל, און נידעריקער זענען איבערגעפלויגן פון איין אַקאַציע אויף דער אַנדערער פייגל פון דער ראָבן־משפּחה, שוואַרץ און ווייס באַפעדערט. די גראָזן זענען געווען געל און די זאַנגען, פונקט ווי צייטיק קאָרן. און פונדעסטוועגן האָט דידאָזיקע טרוקע־

נע דזשונגליע, ווי עס זעט אויס, בשפע צוגעליפערט שפייז פאַר דער גרויסער צאָל חיות, מחמת עטלעכע מאָל אין טאָג האָבן די רייזנדע באַגעגנט סטאַדעס גנו־אַנטילאָפּן, בופאַלן און באַזונדערס זעבּרעס. די היצן זענען אויף דער האַרטער און אומבאַבוימערטער פלאַך געוואָרן אומדע־טרעגלעך. דער הימל איז געווען אָן וואָלקנס, חכימהדיקע טעג, און די נעכט האָבן אויך קיין איבעריקע רו נישט געבּרענגט.

די רייזע איז מיטן יעדן טאָג געוואָרן שווערער. אין די דערפלעך, אויף וועלכע דער קאַראַוואַן האָט אָנגעטראָפן, האָט אים די אומגעהייער ווילדע באַפעלקערונג אויפגענומען מיט שרעק, אָבער מערסטנטייל נישט גערן און ווען נישט די באַדייטנדע צאָל באַוואָפנטע נעגערן, ווי דעסגלייכן ווען נישט דער אָנבליק פון די ווייסע פּנימער, קינגן און סאַבּאַן, וואָלט די רייזנדע אַ גרויס געפאַר געדראָט.

סטאַשן איז געלונגען מיט דער הילף פון קאַלין געוואויר צו ווערן, אַז ווייטער זענען שוין לחלוטין קיין דערפלעך נישטאָ און אַז די געגנט איז אומבאַוואַסערט. ס'איז שווער געווען דערין צו גלייבן, מחמת די אומצייליקע סטאַדעס, וואָס מ'האָט אויפן וועג אָנגעטראָפן, האָבן דאָך געמוזט ערגעץ־וואו טרינקען. יעדנפאַלס האָבן די מעשות וועגן דער מדבר, אין וועלכער עס זענען נישטאָ נישט קיין טייכן, נישט קיין קאַלוזשעס, איבערגעשראָקן די נעגערן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פונאַנדערלויפן.

די ערשטע האָבן געגעבן דעם ביישפּיל מ'קוניע און מ'פּוא. צום גליק האָט מען דאָס אַנטרינען־ווערן פריצייטיק באַמערקט און דאָס נאָכיאָגן אויף פערד האָט זיי פאַרהאַלטן נישט ווייט נאָך פון לאַגער. ווען מען האָט זיי געבּרענגט צו פירן, האָט זיי קאַלי מיט דער הילף פון אַ באַמבוס פאַרגעשטעלט די גאַנצע צוועקלאָזיקייט פון זייער טאַט. צוזאַמענקלויבנדיק אַלע נעגערן, האָט סטאַש פאַר זיי געהאַלטן אַ רעדע, וואָס דער ייִנגער נעגער האָט איבערגעזעצט אויף דער אָרטיקער שפּראַך. אויסנוצנדיק דאָס, וואָס אויפן פריערדיקן רו־פּלאַץ האָבן אַ גאַנצע נאַכט לייבן געבּרומט, האָט סטאַש זיך באַמיט איבערצוצייגן זיינע מענטשן, אַז ווער עס וועט אַנטלויפן, דער וועט אָן שום ספק פאַלן אַ קרבן פון זיי, און ווען אַפילו ער זאָל נעכטיקן אויף אַקאַציעס, וועט ער דאָרט געפינען דעם נאָך שרעקלעכערן „וואָבּאָ". ער האָט דאַן ווייטער גערעדט, אַז וואו עס לעבן אַנטילאָפּן, דאָרט מוז זיך אויך געפינען וואַסער. אויב אָבער

זיי וועלן אין ווייטערדיקן וועג אָנטרעפן אויף ערטער, וואו קיין וואַסער איז נישט פאַראַן, קאָן מען דאָך מיט זיך מיטנעמען אויף אַ צוויי אָדער דריי טעג אין זעק, אויפגעגנייט פון אַנטילאָפּן־פעל. די נעגערן האָבן, אויסהערנדיק זײַנע רייד, יעדע ווײַלע איינער דעם אַנדערן איבערגעחזרט: „אָ, מאַמע, ווי אמת דאָס איז!" אָבער די קומענדיקע נאַכט זעגען אַנטלאָפן פינף סאַמבורן און צוויי וואַ־הימען, און דערנאָך איז שוין יעדע נאַכט עמעץ אַנטקומען.

מ׳קוניע און מ׳פּוּאַ האָבן אָבער צום צווייטן מאָל שוין נישט געפּרוּווט מער זייער מזל, פּשוט דערפאַר, וואָס קאַלי האָט זיי יעדן טאָג נאָך זון־אונטערגאַנג געהייסן בינדן.

יעדנפאַלס איז דאָס לאַנד געוואָרן וואָס אַמאָל מער טרוקענער, און די זון האָט אויסגעברענט די דזשונגליע. מ׳האָט אפילו קיין אַקאַציעס נישט געזעען. סטאַדעס אַנטילאָפּן האָבן זיך נאָך כּסדר אַלץ באַוויזן, אָבער שוין נישט אין אַזאַ צאָל. דאָס אייזל און די פערד האָבן זיך נאָך געפונען זייער שפּייז, מחמת אונטער דעם הויכן אויסגעטרוקנטן גראָז איז אין אַ סך ערטער געווען פאַרבאָרגן נידעריקער, מער גרינער און ווייניקער אויסגעטרוקנט גראָז. אָבער קינג, הגם ער האָט נישט איבערגעקליבן — איז פונדעסטוועגן מאָגער געוואָרן. ווען ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַקאַציעס, האָט ער זיי מיטן קאָפּ צעבראָכן און זאָרגפעלטיק אַרומגעגעסן די בלעטער און שויטן, אפילו פאַריעריקע. דער קאַראַוואַן האָט, וואָס אַן אמת, ביז איצט אָנגעטראָפן יעדן טאָג אויף וואַסער, אָבער אָפט אויך אויף שלעכטס, וואָס מ׳האָט עס געדאָרפן פילטרירן, אָדער אויף געזאַלצנס, לחלוטין נישט טויגבאַר צום טרינקען. דערנאָך האָט עטלעכע מאָל פּאַסירט, אַז די פאָרויס אַרויסגעשיקטע מענטשן דורך סטאַשן האָבן זיך אונטער דער אָנפירונג פון קאַלין אומגעקערט, נישט געפינענדיק נישט קיין קאַלוזשע, נישט קיין קוואַל, וואָס זאָל ליגן פאַרבאָרגן ערגעץ אין אַ פעלזן־שפּאַלט און קאַלי האָט מיט אַ באַטריבטער מינע דערקלערט: „מאַדי אַפּאַנאַ" (נישטאָ קיין וואַסער).

סטאַש האָט פאַרשטאַנען, אַז דידאָזיקע לעצטע גרויסע רייזע וועט לחלוטין נישט זײַן קיין לייכטערע פון די פריערדיקע און ער האָט זיך אָנגעהויבן באַאומרויקן פאַר נעלן. מחמת אויך אין איר זענען פאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען. איר פּנימל, אָנשטאָט זיך אָפּצוברענען אויף דער זון און אויפן ווינט, איז מיט יעדן טאָג געוואָרן בלאַסער, און די אויגן האָבן אָנגעוואוירן דעם געוויינלעכן גלאַנץ. אויף דעם טרוקענעם פלאַכלאַנד,

וואָס איז פֿרײַ געווען פֿון מיקן, האָט אמת נישט געדראָט קיין פֿיבער, אָבער מ'האָט באַשײַנפּערלעך געזען, אַז די שרעקלעכע היצן נעמען צו די כּוחות בײַ דעם מײדעלע. דאָס ייִנגל האָט איצט מיט רחמנות און מורא געקוקט אויף אירע קלײנע הענטלעך, וואָס זענען געוואָרן אַזוי ווײַס, ווי פּאַפּיר און ער האָט זיך ביטער פֿאַרגעוואָרפֿן, וואָס ער האָט פֿאַרלירנדיק צו פֿיל צײַט אויף די פֿאַרברײטונגען און אויף די איבונגען פֿון די נעגער אין שיסן, אויסגעשטעלט זי אויף דער רײזע אין אַזאַ הײַסער צײַט.

מיט דערדאָזיקער מורא איז דערווײַל אָפּגעפֿלאָסן אַ טאָג נאָך אַ טאָג. די זון האָט וואָס אַמאָל גיריקער און אומרחמנותדיקער אויסגעזייגט די פֿײַכקייט און דאָס לעבן פֿון דער ערד. די גראָזן האָבן זיך אײַנגעקאָרטשעט און אויף אַזוי פֿיל אויסגעטרוקנט געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך געקרישלט אונטער די טריט פֿון די אַנטילאָפּן, אַזוי, אַז די דורכלויפֿנדיקע סטאַדעס, הגם נישט אין קיין גרויסער צאָל, האָבן גאַנצע וואָלקנס שטויב אויפֿגעהויבן. דאָך האָבן די רײַזנדע נאָך אײנמאָל אָנגעטראָפֿן אויף אַ טײַכעלע, וואָס זיי האָבן נאָך פֿונדערווײַטנס דערקענט לויט די לאַנגע שורות ביימער, וואָס זענען בײַם ברעג געוואַקסן. די נעגערן האָבן זיך אויף געוועט אַ לאָז געטאָן צו די ביימער און, צופֿאַלנדיק צום ברעג, האָבן זיי זיך ווי אַ בריק אויף אים אַנידערגעלייגט, אָטטינקענדיק די קעפּ און טרינקענדיק אַזוי גיריק, אַז זיי האָבן ערשט דעמאָלט אויפֿגעהערט, ווען אַ קראָקאָדיל האָט אײנעם פֿון זיי אָנגעכאַפּט בײַ אַ האַנט. אַ טייל האָבן זיך געוואָרפֿן ראַטעווען זייער חבר און אין איין מאָמענט האָבן זיי אַרויסגעצויגן פֿון וואַסער דעם מיאוסן עגדיש, וועלכער האָט אָבער נישט געוואָלט אָפּלאָזן דעם מענטשס האַנט, הגם מען האָט אים מיט דער הילף פֿון שפּיזן און מעסערס דעם פּיסק אויפֿגעעפֿנט. דעם ענין האָט ערשט פֿאַרענדיקט קינג, וועלכער האָט, אַרויפֿשטעלנדיק אויף אים דעם פֿוס, צעקוועטשט אים אַזוי לײַכט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פֿאַרפֿוילטע שוואָם.

ווען די מענטשן האָבן ענדלעך געלאָשן זייער דורשט, האָט סטאַש באַפֿוילן צו מאַכן אויף דעם פֿלאַכן וואַסער פֿון הויכע באַמבוסן אַ קײלעכדיקע פֿאַרצוימונג מיט איין אײַנגאַנג נאָר פֿון ברעג, כּדי נעל זאָל זיך אין פֿולשטענדיקער זיכערקייט קאָנען אויסבאָדן. און דערצו נאָך האָט ער בײַם אײַנגאַנג אַנידערגעשטעלט קינגן. דאָס באָדן זיך האָט אָן אַ שיעור

אויפגעפריש׳ט דאָס מיידעלע, און דאָס אויסרוען זיך האָט איר אומגע־קערט אַ ביסל די כּוחות.

צו דער גרעסטער פרייד פון דעם גאַנצן קאַראַוואַן איז נעלן האָט דער „בוואַנאַ קובוואַ" באַשלאָסן איבערצובלייבן אויף צוויי—דריי טעג באַ דעמדאָזיקן וואַסער. באַ דערדאָזיקער ידיעה זענען די מענטשן אַריינ־געפאַלן אין אַן אויסערגעוויינלעכן הומאָר און האָבן תּיכּף פאַרגעסן אָן די אַלע דורכגעגאַנגענע שוועריקייטן. נאָכן איבערשלאָפן זיך און אונ־טערלענען דאָס הארץ האָבן זיך אַ טייל נעגער אָנגעהויבן צו שלאָנדערן צווישן די ביימער לעבן טייך, אויסזוכנדיק פאַלמעס, אויף וועלכע עס זענען געוואַקסן ווילדע דאַקטילן און די אַזוי גערופענע טרערן פון היאָבאַ, פון וועלכע מען מאַכט האַלוו־בענדער. עטלעכע פון זיי האָבן זיך אומגע־קערט אין לאַגער אַריין פאַר זון־אונטערגאַנג, טראָגנדיק מיט זיך עפּעס אַזעלכע קוואַדראַטע ווייסע קעגנשטאַנדן, אין וועלכע סטאַש האָט דערקענט זיינע איי־ענע פאַפּיר־פייגל.

איינער פון דידאָזיקע פאַפּיר־פייגל האָט געטראָגן דעם נומער 7, וואָס דאָס איז געווען אַ באַווייז, אַז ער איז נאָך אַראָפּגעלאָזט געוואָרן פון לינדע־באַרג, וואָרים די קינדער האָבן פון דאָרטן אַוועקגעלאָזט עט־לעכע צענדליגג שטיק. סטאַשן האָט דידאָזיקע זאַך זייער דערפרייט און ס׳האָט אים צוגעגעבן מוט.

— כ׳האָב מיך נישט גערירכט, — האָט ער געזאָגט צו נעלן — אַז די פאַפּיר־פייגל זאָלן קאָנען דורכפליען אַזאַ מהלך. כ׳בין זיכער געווען, אַז זיי וועלן איבערבלייבן אויף די שפּיצן פון קאַראַמאָיאָ און כ׳האָב זיי נאָר אַרויסגעלאָזט אָט גלאַט אַזוי ווי עס זאָל זיך נישט מאַכן. אָבער איצט זע איך, אַז דער ווינט קאָן זיי פאַרטראָגן, וואוהין ער וויל נאָר און איך בין בטוח, אַז די, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעלאָזט פון די בערג, וואָס רינגלען אַרום דעם באַסאַ־נאַראָק און איצט די פון וועג, וועלן דערפליען אַזש ביזן אָקעאַן.

— זיי וועלן זיכער דערפליען — האָט נעל אָפּגעענטפערט.

— הלוואַי! — האָט דאָס ייִנגל צוגעשטימט, טראַכטנדיק וועגן די געפאַרן און שוועריקייטן פון ווייטערדיקן וועג.

דער קאַראַוואַן האָט אַוועקגערירט פון טייכל ערשט אויפן דריטן טאָג, מיטנעמענדיק מיט זיך אין די לעדערנע זעק אַריין גרויסע זאַפּאַסן וואַסער. נאָך איידער ס׳איז געוואָרן נאַכט, זענען זיי ווידער אַריינגעקו־מען אין אַ געגנט, וואָס איז דורך דער זון פאַרברענט געווען, אין וועל־

כער עס זענען אפילו קיין אַקאַציעס נישט געוואַקסן און די ערד איז אויף טייל ערטער אַזוי גאָל געווען, ווי אַ ליימיקער באָדן. טיילמאָל נאָר האָבן זיי באַגעגנט פּאַסיפלאָרן מיט פּאַרטיפּטע שטאַמען אין דער ערד. וואָס האָבן אויסגעזעען ווי אומגעוויינלעכע דיניעס, ביז צוויי איילן די דורכשניטלעכע גרעב. פון דידאָזיקע ריזיקע קוילן זענען אַרויסגעוואַקסן אַזעלכע ווי שנירלעך דינע ליאַנעס, וואָס האָבן, קריכנדיק אַזוי איבער דער ערד, באַדעקט גוואַלטיקע שטחים, שאַפנדיק אַזאַ מין געדיכטעניש, אַז אפילו אַ מויז איז שווער געווען זיך דורך זיי דורכצוקריגן. אָבער כראָץ דער שיינער גרינער קאָליר פון דידאָזיקע געוויקסן, וואָס האָבן דערמאַנט אָן די אייראָפּעישע קזשאַקעס פון בריעכץ, איז אין זיי אַזוי פיל נאָדלען געווען, אַז כיי קינג און סיי די פערד האָבן נישט געקאָנט געפונען דאָרט פאַר זיך קיין שפּייז. בלויז דאָס אייזל האָט זיי געציפּט, אָבער אויך זייער פאָרזיכטיק.

אָבער כיילמאָל האָבן זיי אויף אַ מהלך פון עטלעכע ענגלישע מייל וועגס גאָרנישט געזעען, אַ חוץ דאָס האַרטע גידעריקע גראָז און די בידעריקע, צו די „אומשטערבלעכע" ענלעכע געוויקסן, וואָס האָבן זיך באַם בלויזן צורירן געקרישלט. נאָכן ערשטן נאַכטלעגער איז צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג פּשוט געפאַלן פייער פון הימל. די לופט האָט געציטערט, ווי אין דער ליביאישער מדבר. אויפן הימל איז קיין פּיצל וואָלקן נישט געווען. די ערד איז אַזוי פאַרגאָסן געווען מיט ליכט, אַז אַלץ האָט זיך אויסגעוויזן ווייס און קיין שום קול, אפילו דאָס זומען פון פליגעלעך האָט דידאָזיקע טויטע, מיט גרויליקן בליאַסק דורכיעזאַפּטע שטילקייט נישט איבערגעריסן.

די מענטשן האָבן זיך מיט שווייס באַגאָסן. טיילמאָל פלעגן זיי צוזאַמענלייגן אין איין גרויסער קופּע די אַלע פּעק מיט געטרוקנטן פלייש און די שילדן, כדי צו געפינען אונטער זיי אַ ביסעלע שאָטן. סטאַש האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז מען זאָל זיין שפּאָרזאַם מיטן וואַסער, אָבער די נעגער זענען פּונקט ווי די קינדער, וועלכע טראַכטן נישט וועגן מאָרגן. כוף כל סוף האָט מען געמוזט אַרומשטעלן מיט אַ וואַך די יעניקע, וועלכע האָבן געטראָגן די זאַפּאַס-זעק און אויסטיילן איטלעכן באַזונדער אַ ביסל וואַסער. קאַלי האָט זיך דערמיט זייער געוויסנהאַפט פאַרנומען, אָבער דאָס האָט זייער אַ סך צייט צוגערויבט און איינגעהאַלטן דעם גאַנג, צוליב דעם אויך די מעגלעכקייט צו געפינען עפּעס אַ פרייען קוואַל. די סאַמבורן האָבן זיך דערביי באַקלאָגט.

אַז די וואַ=הימען באַקומען מער וואַסער, און די וואַ=הימען, אַז די סאַמ=
בורן באַקומען מער. די לעצטע האָבן אָנגעהויבן צו דראָען, אַז זיי וועלן
זיך אומקערן, אָבער סטאַש האָט זיי מתרה געווען, אַז פאַרו וועט זיי
לאָזן די קעפ אָפּהאַקן, אַליין ווידער האָט ער זיינע שיסער, וועלכע זע=
נען געווען באַוואָפנט מיט רעמינגטאָנען, געהייסן אַרויסטרעטן און באַ=
פוילן קיינעם נישט אַוועקצולאָזן.

דאָס אַנדערע נאַכטלעגער איז אויסגעקומען אויף אַ גאָלער פלאַך.
מען האָט נישט אויפגעבויט קיין באָמעס, מחמת ס'איז נישט געווען פון
וואָס. די לאַגער=וואַך איז באַשטאַנען פון קינגן מיט סאַבאַן. דאָס איז
געווען פולשטענדיק גענוג, אָבער קינג, וועלכער האָט באַקומען מיט צען
מאָל וויניקער וואַסער, וויפיל ער האָט באַדאַרפן, האָט געטרומייטערט
צוליב דעם ביז זון=אויפגאַנג, און סאַבאַ האָט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער
צונג געווענדט זיינע אויגן אויף סטאַשן מיט נעלן און שטום געבעטן
כאָטש איין טראָפּן וואַסער. דאָס מיידעלע האָט געוואָלט, אַז סטאַש זאָל
אים געבן עטוואָס צו טרינקען פון דער גומענער פלאַש, וואָס זיי האָבן
געירשנט פון לינדען און וואָס סטאַש האָט זי אויף אַ שנירל אי=
בערן אָרעם געטראָגן, אָבער ער האָט דאָסדאָזיקע ביסל באַהאַלטן
פאַר דער קליינער אויף דער שוואַרצער שעה, האָט ער איר דעריבער
אָפּגעזאָגט.

אויפן פערטן טאָג אַרום אָוונט=צו, איז שוין מער נישט איבערגע=
בליבן ווי פינף קליינע זעק מיט וואַסער, דאָס הייסט, אַז אויף יעדן
מענטש איז אויסגעקומען נישט קיין גאַנץ האַלב גלעזל. צוליב דעם
אָבער, וואָס די נעכט זענען, ווי ס'זאָל נישט זיין, קילער פון די טעג
און דער דורשט פייניקט נישט אַזוי שטאַרק, ווי אונטער די ברענענדיקע
זון=שטראַלן און צוליב דעם אויך, וואָס די מענטשן האָבן נאָך אינדער-
פרי באַקומען צו ביסלעך וואַסער, האָט דעריבער סטאַש געהייסן דידאָ=
זיקע זעק באַהאַלטן אויף מאָרגן. די נעגער האָבן געמורמלט אויף דער=
דאָזיקער פאַראָרדנונג, אָבער די מורא פאַר סטאַשן איז נאָך צו גרויס
געווען, דעריבער האָבן זיי נישט געוואַגט זיך צו וואַרפן אויף דעמדאָ=
זיקן לעצטן זאַפּאַס, בפרט, אַז עס זענען געשטאַנען לעבן זיי אַ וואַך פון
צוויי באַוואָפנטע מענטשן מיט רעמינגטאָנען, וועלכע האָבן זיך געזאַלט
בייטן איטלעכע צוויי שעה.

די וואַ=הימען און די סאַמבורן האָבן אָפּגענאַרט דעם דורשט, אויס=
רייסנדיק די זאַנגען פון דעם נישטיקן גראָז און קייענדיק זייערע וואָרצ=

לען, ס'איז אָבער אין זיי כמעט קיין שום פייכטקייט נישט געווען, מחמת די אומברחמנותדיקע זון האָט זי אויסגעזויגן אפילו פון די טיפענישן פון דער ערד*).

דער שלאָף, הגם ער האָט דעם דורשט נישט געלאָשן, האָט ער וויניקסטנס געמאַכט פאַרגעסן אָן אים, דעריבער, ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן זענען די מענטשן, מידע און אויסגעמאַטערטע פון אַ גאַנצן טאָג גאַנג, וואו איינער איז נאָר געשטאַנען, אַנידערגעפאַלן, ווי אַ טויטער און טיף איינגעשלאָפן. סטאַש איז אויך אַנדרימלט געוואָרן, אָבער אין דער נשמה האָט ער צו פיל דאגות און אומרו געהאַט, אַז ער זאָל קאָנען רויק און לאַנג שלאָפן. אין עטלעכע שעה אַרום האָט ער זיך אויפגעכאַפט און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם, וואָס ס'וועט ווייטער זיין, אין פונוואַנען נעמט מען וואַסער פאַר נעלן און פאַר דעם גאַנצן קאַראַוואַן, צוזאַמען מיט די מענטשן און מיט די חיות? די לאַגע איז געווען אַ שווערע, און אפשר אויך אַ שרעקלעכע, אָבער דאָס ראַטזאַמע יינגל איז נאָך דערווייל אין קיין פאַרצווייפלונג נישט אַריינגעפאַלן. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאַנען אַלע פאַסירונגען, אָנהייבנדיק פון זייער אויפגעכאַפּט ווערן אין פאַיום ביז דער איצטיקער רגע: אַלזאָ, די ערשטע רייזיקע נסיעה דורך דער סאַהאַראַ, דעם הוראַגאַן אין דער מדבר, דער פרווו צו אַנטלויפן, כאַרטום, מאַהדין, פאַשאָדאַ, דאָס אַרויסרייסן זיך פון געבהרס הענט, דערנאָך די ווייטערדיקע רייזע נאָך לינדעס טויט אַזש ביז דער אָזיערע באַסאַ-נאַראָק און ביז דעם אָרט, וואו זיי געפינען זיך אין איצטיקן מאָמענט אויף נאַכטלעגער. „מיר זענען שוין אַזוי פיל דורכגעגאַנגען, שוין אַזוי פיל דורכגעליטן, — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט — אַזוי פיל מאָל האָט זיך מיר שוין געדאַכט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן און כ'וועל שוין קיין שום אויסוועג נישט געפינען, און דאָך האָב איך מיר שטענדיק אַן עצה געגעבן. ס'איז דאָך אוממעגלעך, אַז מיר זאָלן נאָכן דורכמאַכן אַזאַ וועג און אַזוי פיל שרעקלעכע געפאַרן איצטער אין דערדאָזיקער לעצטער נסיעה דאַרפן אומקומען. איצט האָבן מיר נאָך אַ

*) וועגן אומבאַוואַסערטע שטחים אין יענע קאַנטן זע דאָס באַוואוסטע ביכל פון בייסטלעכן לע רוא, דעם שפּעטערדיקן ביסקופ פון גאַבאָן, א נטערן נאָמען: „קילימאַנדזשאַראָ“.

ביסל וואַסער, „אין דורשטיק" געגנט איז דאָך פּאָרט נישט די סאַהאַראַ, וואָרן ווען עס זאָל יאָ אַזוי זיין, וואָלטן דאָך מענטשן וועגן איר געוואוסט".

איבערהויפּט האָט אים צוגעגעבן בטחון דאָס, וואָס ער האָט אויף דרום-מזרח אין משך פון גאַנצן טאָג געהאַט דערזעען דורך דער לאָרנעטע עפּעס פאַרנעפּלטע צייכנונגען, ווי דאָס וואָלטן געווען בערג. עס איז נאָך אפשר געווען צו זיי אַ מהלך פון הונדערטער ענגלישע מיילן, אפשר מער. אָבער ווען עס זאָל געלונגען צו זיי צוצוקומען, וואָלטן זיי געווען געראַטעוועט, מחמת בערג זענען זייער זעלטן אָן וואַסער. וויפיל צייט אָבער מען האָט געדאַרפן צו דעם האָבן, דאָס האָט ער נישט געקאָנט אויסרעכענען, מחמת דאָס האָט זיך געווענדט אָן דער הויכקייט פון די בערג. הויכע שפּיצן קאָן מען זען אין אַזאַ דורכזיכטיקער לופט, ווי די אַפריקאַנישע איז, אויף אַן אומגעהייערן מרחק. מען האָט אַלזאָ געדאַרפן נאָך פריער צו געפינען וואַסער. אַנדערש האָט געדראָט אומצוקומען.

— מען דאַרף! — האָט זיך סטאַש איבערגעחזרט.

דער כראָפּענדיקער אָטעם פון העלפאַנט, וועלכער האָט, ווי ער האָט נאָר געקאָנט, אַרויסגעבלאָזן פון די לונגען די היץ, האָט יעדע ווײַלע איבערגעריסן דעם ייִנגלס מחשבות. נאָך אַ געוויסער צייט אָבער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט עפּעס אַ קול, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ קרעכצן, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון אַן אַנדערער זייט פון לאַגער און נעמלעך פון דער, וואו עס זענען אויף באַנאַכט געלעגן באַהאַלטן אין גראָז די זעק מיט וואַסער. צוליב דעם, וואָס די קרעכצן האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, איז ער דריבער אויפגעשטאַנען, וועלנדיק אַ קוק טון, וואָס דאָרט איז געשען. ער איז צוגעגאַנגען צו דער קעמפּע, וואָס איז געלעגן אויף אַ מרחק פון עטלעכע צענדליק טריט פון געצעלט. די נאַכט איז געווען אַזוי העל, אַז שוין פונדערווייטנס האָט ער דערזעען צוויי טונקעלע קערפּער ליגן איינער לעבן אַנדערן און צוויי רעמיגנטאָן-לופעס, וואָס האָבן געלויכטן אין דער שיין פון דער לבנה.

— די נעגער זענען שטענדיק די זעלבע! — האָט ער געטראַכט. — זיי דאַרפן אָפּהיטן דאָס וואַסער, וואָס איז טייערער איצט פון אַלעם אין דער וועלט, זענען זיי זיך גאָר ביידע איינגעשלאָפן, אַזוי ווי באַ זיך

אינדערהיים. אַך! קאַליס באַמבוּס וועט מאָרגן האָבן אַ פיינע אַרבעט.

און אַט וואָס — דער מכּלומרשט שלאָפנדיקער נעגער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן רוקן מיט אַ מעסער אַריינגעשטאָכן אַזש ביזן הענטל אין האַלז און לעבן אים דער צווייטער, דעסגלייכן מיט אַזאַ שרעקלעך דורכגעשניטענעם האַלז, אַז דער קאָפּ איז כּמעט אָפּגעטיילט געווען פון קערפּער.

צוויי זעק מיט וואַסער זענען פאַרשוואונדן געוואָרן, די איבעריקע דריי זענען געלעגן פונאַנדערגעוואָרפן אין גראָז צעשניטן און איינגעפאַלן.

סטאַש האָט דערפילט, אַז די האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך אים קאַפּויר.

# XLV.

אויף זיין געשריי איז דער ערשטער געקומען אָנצולויפן קאַלי, נאָך אים די צוויי שיסער, וועלכע האָבן געדאַרפט אָפּלייזן די פריערדיקע וואַך, און אין אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זיך אַלע וואַ־הימען און סאַמבורן פאַרזאַמלט, יעלהנדיק און וואָיענדיק אויפן פּלאַץ פון מאָרד. ס'איז געוואָרן אַ מהומה, פול מיט געשריי און אימה. די מענטשן איז שוין אַזוי פיל נישט געגאַנגען וועגן די דערהרגעטע און וועגן דער רציחה, ווי וועגן דעם ביסל וואַסער, וואָס איז שוין געהאַט איינגעזאַפּט אין דעם פאַרטרוקנטן גרונט פון דער דזשונגליע. אַ טייל נעגערן האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד, און אויסרייסנדיק מיט די פינגער פון איר שטיקלעך, האָבן זיי פון איר אויסגע־ויגן דאָס לעצטע ביסל פייכטקייט. אַנדערע האָבן געשריגן, אַז שלעכטע גייסטער האָבן די וועכטער דערמאָרדעט און די זעק פונאַנדערגעשניטן. אָבער סטאַש מיט קאַלין האָבן געוואוסט וועגן דעם וואָס צו טראַכטן. מ'קוניע און מ'פואַ האָבן נעמלעך געפעלט צווישן די וויענדיקע מענטשן אויף דער קעמפּע גראָז. אין דעם, וואָס עס איז געשען, איז געווען עטוואָס מער, ווי די רציחה איבער די צוויי וועכטער און די גנבה פון וואַסער. די צעשניטענע איבערגעבליבענע זעק האָבן

עדות געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ נקמה-אַקט און גלייכצייטיק אַ טויט-אורטייל אויף דעם גאַנצן קאַראַוואַן. די גייסטלעכע פון דער שלעכטער מזימה האָבן זיך נוקם געווען אָן דער גוטער. די מכשפים האָבן זיך נוקם געווען אָן דעם יינגן קעניג, וועלכער האָט אַנטפּלעקט זייער שווינדל און ער וואָלט זיי שוין מער נישט געווען געלאָזט אויסנוצן די פינצטערע וואַ-הימען. איבער דעם גאַנצן קאַראַוואַן האָבן זיך איצט אויסגעשפּרייט די פליגל פון טויט, פּונקט ווי אַ שפּאַרבער איבער אַ טשאַטע טויבן.

קאַלי האָט זיך שוין צו שפּעט דערמאַנט, אַז האָבנדיק עפּעס אַנדערש אויפן געדאַנק און זייענדיק צו שטאַרק פאַרדאגהט, האָט ער דערווייל פאַרגעסן צו הייסן בינדן די מכשפים, ווי ער האָט, זינט זיי האָבן געפּרווט צו אַנטלויפן, אַלע אָוונט געהייסן טון. ס'איז אויך באַשיינפּערלעך געווען, אַז די צוויי שיסער, וועלכע האָבן געוואַרט לעבן וואַסער, האָבן צוליב דער איינגעבוירענער נאַכלעסיקייט באַ די נעגערן זיך אַנידערגעלייגט און איינגעשלאָפן. דאָס האָט די רוצחים פאַרלייכטערט די אַרבעט און געגעבן די מעגלעכקייט אומבאַשטראָפט צו אַנטלויפן.

ביז וואַנען די מהומה האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט און די מענטשן זענען צו זיך געקומען פון דער שרעק, איז דערווייל אַוועק אַ שפּאָר שטיק צייט, יעדנפאַלס האָבן די מערדער געמוזט זיין נישט ווייט, מחמת די ערד איז אונטער די צעשניטענע זעק געווען נאָך פייכט און דאָס בלוט, וואָס איז אויסגעפלאָסן פון די צוויי דערמאָרדעטע, איז נאָך אינגאַנצן נישט פאַרגליווערט געווען. סטאַש האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל נאָכצויאָגן די אַנטלאָפענע, נישט נאָר דערפאַר, כדי זיי צו באַשטראָפן, אָבער אויך צוליב דעם, כדי אָפּצוזוכן די צוויי לעצטע זעק מיט וואַסער. אויפזיצנדיק אויפן פערד און מיטנעמענדיק מיט זיך באַ אַ צענדלינג שיסערס, האָט זיך קאַלי אַוועקגעלאָזט אין געיעג. סטאַש, וועלכן ס'איז איינגעפאַלן צו נעמען אַן אָנטייל, איז געקומען אויפן געדאַנק, אַז מ'קען נישט נעלן איבערלאָזן איינע אַליין צווישן די צערייצטע און אויפגעבראַכטע נעגער, ער איז דעריבער איבערגעבליבן, ער האָט נאָר קאַלין באַפוילן מיטצונעמען מיט זיך סאַבאַן.

אַליין איז ער איבערגעבליבן, מחמת ער האָט פּשוט מורא געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד — באַזונדערס פון סאַמבורנס זייט. אָבער דערין האָט ער געהאַט אַ טעות. די נעגער רעגן זיך בכלל לייכט אויף און

טײלמאָל צוליב נישטיקע סיבות, אָבער װען עס דריקט זײ צו אַ גרױס אומגליק, און באַזונדערס, װען עס הענגט איבער זײ די אומבארחמנותדיקע האַנט פון טויט, גיבן זײ זיך איר אונטער פּאַסיװ. און דאָס, נישט נאָר יענע, װעלכע עס לערנט דער איסלאַם, אַז דער קאַמף מיטן גורל איז אַ בחינמדיקע זאַך, נאָר אַלע אָן אויסנאַם. דעמאָלט העלפט נישט קײן שרעק, נישט די מאַטערנישן פון די לעצטע רגעס, קײן שום זאַך קען זײ נישט אויפװעקן פון זײער פאַרשטאַרטקײט. אַזױ איז אויך איצט געשען. װען די ערשטע מהומה איז אַדורך און דער געדאַנק, אַז זײ מוזן שטאַרבן, האָט זיך באַפעסטיקט אין זײערע מוחות, האָבן זיך סײ די װאַהימען, סײ די סאַמבורן, שטיל אויסגעלײגט אויף דער ערד, כדי אָפּצוּװאַרטן דעם טויט. איצט האָט מען שוין געדאַרפט גאָר מורא האָבן נישט פאַר קײן אויפשטאַנד, נאָר פאַר דעם, צי זײ װעלן גאָר װעלן מאָרגן אויפשטײן און זיך לאָזן אין װײטערן װעג אַרײן. װען סטאַש האָט דאָס באַמערקט, האָט אים אויף זײ אַ גרױס רחמנות אָנגענומען.

קאַלי האָט זיך אומגעקערט נאָך אײדער עס האָט אָנגעהױבן טאָגן און ער האָט תיכף אָנידערגעלײגט פאַר סטאַשן צװײ צעריסענע זעק, אין װעלכע עס איז אפילו קײן טראָפּן װאַסער נישט איבערגעבליבן.

— גרױסער האַר, — האָט ער אויסגערופן — מאַדי אַפּאַנאַ!

סטאַש האָט אָפּגעװישט מיט דער האַנט דעם פאַרשװיצטן שטערן, דערנאָך האָט ער זיך געפרעגט:

— און מ׳קוניע און מ׳פואַ?

— מ׳קוניע און מ׳פואַ שטאַרבן — האָט קאַלי אָפּגעענטפערט.

— האָסט זײ געהײסן דערהרגענען?

— זײ דערהרגענען אַ לײב, אָדער א װאָבאָ.

און ער האָט אָנגעהױבן צו דערצײלן, װאָס עס האָט פּאַסירט. די טויטע קערפּער פון די צװײ מערדער האָבן זײ געפונען אַ שפּאַר שטיק װעגס פון לאַגער, אויפן אָרט, װאו ס׳האָט זײ באַגעגנט דער טויט. בײדע זענען געלעגן באַנאַנד, בײדע האָבן געהאַט פון הינטן צעשמעטערטע שעדלען, צעבראָכענע רוקנבײנער און אָפּגעפרעסענע פלײצעס. קאַלי האָט זיך משער געװען, אַז װען דער „װאָבאָ" אָדער דער לײב האָט זיך

זיי באַוויזן אין דער שיין פון דער לבֿנה, זענען זיי געפֿאַלן פֿאַר אים אויפֿן פּנים און אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל זיי שענקען דאָס לעבן. אָבער די שרעקלעכע חיה האָט ביידע דערהרגעט און דערנאָך, ווען זיי האָבן שוין געהאַט איינגעשטילט דעם הונגער, האָט די חיה אוודאי דערפֿילט דאָס וואַסער און צעריסן די זעק.

— זיי זענען געווען באַשטראָפֿט געוואָרן — האָט סטאַש אויסגערופֿן — און די וואַ־הימען וועלן זיך איבערצייגן, אַז די שלעכטע מזימות איז קיינעם נישט בכּוח מציל צו זיין.

און קאַלי האָט איבערגעחזרט:

— זיי זענען באַשטראָפֿט, אָבער מיר האָבן נישט קיין וואַסער.

— ווייט פֿאַר אונז האָב איך געזעען אויף מזרח־זייט בערג. דאָרט מוז זיין וואַסער.

— קאַלי זיי אויך געזעען, אָבער צו זיי איז נאָך אַ סך, אַ סך טעג...

ס'איז אַריינגעטרעטן אויף אַ ווײַלע אַ שטילקייט.

— האַר, — האָט זיך קאַלי אָפּגערופֿן — זאָל די גוטע מזימו... זאָל די ביבי בעטן דעם גרויסן גייסט אויף רעגן, אָדער וועגן אַ טייך.

סטאַש האָט גאָרנישט געענטפֿערט און איז אַוועקגעגאַנגען. פֿאַרן געצעלט האָט ער דערזעען די ווייסע פֿיגור פֿון נעלן. די געשרייען און יללות פֿון די נעגערן האָבן זי שוין לאַנג פֿון שלאָף אויפֿגעוועקט.

— וואָס איז דאָס געשעען, סטאַש? — האָט זי געפֿרעגט, צולויפֿנדיק צו אים.

און ער האָט איר אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן קעפּל און ערנסט אויסגערופֿן:

— נעל, זיי מתפּלל צו גאָט נאָך וואַסער, וואָרן אַנדערש וועלן מיר אַלע אומקומען.

דאָס מיידעלע האָט אויפֿגעהויבן איר בלאַס פּנימל אינדערהייך, און פֿאַרזינקענדיק די אויגן אין דעם זילבערנעם לבֿנה־רעדל, האָט זי אָנגעהויבן צו בעטן הילף בײַ דעם, וועלכער מאַכט באַוועגן אויפֿן הימל

דעם גאַנג פון די שטערן, און אויף דער ערד פּאַסט ער צו דעם ווינט צו דער וואַל פון שפּעלע.

---

נאָך אַ שלאָפלאָזער, טומלדיקער און אומרויִקער נאַכט האָט זיך די זון פון האָריזאָנט אַפער אַזוי פּלוצלינג אַרויסגעקייקלט, ווי זי קאַלערט זיך שטענדיק אַרויס אין די טראָפּישע לענדער און עס איז געוואָרן ליכטיקער טאָג. אויף די גראָזן איז קיין טראָפּעלע טוי נישט געווען, אויפן הימל קיין פּיצעלע וואָלקן נישט. סטאַש האָט די שיסער געהייסן צוזאַמענקלויבן די מענטשן און ער האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ קורצע ריידע. ער האָט זיי דערקלערט, אַז אומקערן זיך צום טייך איז שוין אַן אוממעגלעכע זאַך, מחמת זיי ווייסן דאָך אַליין גאַנץ גוט, אַז פון דאָרט טיילט זיי שוין אָפּ אַ מהלך פון פינף טעג און פינף נעכט. אָבער דערפאַר ווייסט קיינער נישט, צי עס געפינט נישט אַ מאָל קיין וואַסער אין דער קעגנזייטיקער ריכטונג. אפשר געפינט זיך גאָר נישט ווייט פונדאַנען אַ קוואַל, אָדער אַ טייכל, אָדער אַ קאַלוזשע. אמת, מען זעט טאַקע נישט קיין ביימער. אָבער עס טרעפט זיך דאָך גאַנץ אָפט, אַז אויף די אָפענע פלאַך-לענדער, וואו די ווינטן רייסן אַוועק די זאָמען, וואַקסן אפילו בײַ אַ וואַסער נישט קיין ביימער. נעכטן האָט מען געזעען עטלעכע גרויסע אַנטילאָפּן און עטלעכע שטרויסן, וואָס זענען אַנטלאָפן אויף מזרח-זייט, דאָס איז אַ סימן, אַז דאָרט מוז עפּעס זיין אַ וואַסער-קוואַל. און דעריבער, ווער עס איז נישט קיין נאַר און ווער עס פאַרמאָגט אין דער ברוסט אַ האַרץ נישט פון קיין האָז, נאָר פון אַ לייב אָדער פון אַ בופל, דער וועט גלייכער וועלן גיין פאָרויס, מעג זיין אפילו דורשטיקערהייט און געפּייניקט, איידער צו ליגן דאָ און וואַרטן אויף די רויב-פייגל, אָדער היענעס.

און אַזוי רעדנדיק, האָט ער אַ געוויזן מיט דער האַנט אויף די רויב-פייגל, וועלכע האָבן שוין אין אַ צאָל פון עטלעכע שטיק געמאַכט בייז-אָנזאָגנדיקע קרייזן איבערן קאַראַוואַן. נאָך דידאָזיקע רייד האָבן זיך די וואַ-הימען, וועלכע קאַלי האָט באַפוילן אויפצושטיין, כמעט אַלע אויפגעשטעלט, מחמת, זייענדיק צוגעוואוינט צו דער שרעקלעכער קעניגלעכער הערשאַפט, האָבן זיי נישט געוואָגט אַנטקייגנצושטעלן זיך. אָבער

אַ סך פֿון די סאַמבורן, צוליב דעם, וואָס זייער קעניג, פּאַרו, איז איבערגעבליבן בײַ דער אָזיערע, האָבן זיך טאַקע שוין נישט געוואָלט אויפהייבן און די זעלבע האָבן געטענהט צווישן זיך:

„צו וואָס דאַרפֿן מיר אַנטקייגנגיין דעם טויט, אַז דער טויט וועט צו אונדז אַליין קומען?"

אויף אַזאַ אופֿן איז דער קאַראַוואַן אַוועק פֿאָרויס, פֿאַרקלענערט כמעט ביז דער העלפֿט און זיי האָבן זיך באַלד פֿאַרפֿייניקטע פֿון אָרט געריירט. די מענטשן האָבן שוין זינט פֿיר און צוואָנציק שעה קיין טראָפּן וואַסער אָדער אַן אַנדערע פֿליסיקייט אין זייער מויל נישט געהאַט. אפֿילו בײַ אַ קילערן קלימאַט וואָלט עס, בשעת מען אַרבעט, געווען אַ מאַטערניש נישט צום איבערטראָגן, הייַנט זשע ווי נאָך אין דעמדאָזיקן אַפֿריקאַנישן אויוון, אין וועלכן אפֿילו די, וועלכע טרינקען בשפֿע, שוויצן אויך אויס אַזוי שנעל דאָס וואַסער, אַז זיי קאָנען עס כמעט אין דער זעלבער רגע מיט דער האַנט פֿון לייב אָפּווישן. מען האָט עס לייכט טאַקע געקאָנט פֿאָרויסזען, אַז אַ סך מענטשן וועלן פֿאַלן אויפֿן וועג פֿון אָפּגעמאַטערטקייט און פֿון זונען-שלאָגן. סטאַש האָט באַשיצט נעלן פֿון דער זון, ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט און ער האָט זי אפֿילו אויף קיין רגע נישט געלאָזט זיך אַרויסבייגן פֿון אונטערן פֿאַלאַנקין אַפֿער, וואָס דער דאַך זייַנער איז געווען באַדעקט מיט אַ שטיק ווייסן פּערקאַל, כּדי אים צו פֿאַרטאָפּלען. פֿון דעם לעצטן ביסעלע וואַסער, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין דער גומענער פֿלאַש, האָט ער איר אָפּגעקאָכט שטאַרקע טיי און איר דערלאַנגט אָפּגעקילטערהייט, נישט געצוקערט, מחמת זיסקייטן פֿאַרגרעסערן נאָך דעם דורשט. דאָס מיידעלע איז מיט טרערן אין די אויגן צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל זיך אויך אָנטרינקען, האָט ער דעריבער צוגעלייגט צו די ליפּן דאָס פֿלעשל, אין וועלכן עס איז נאָך קוים פֿאַרבליבן עטלעכע פֿינגערהויטן וואַסער, און באַוועגנדיק מיטן האַלדז, האָט ער זיך געמאַכט, ווי ער טרינקט. אין דעם מאָמענט, וואָס ער האָט דערפֿילט אויף די ליפּן אַ פֿייכטקייט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער פֿאַרמאָגט אין דער ברוסט און אין מאָגן אַ פֿלאַם-פֿייער און אויב ער וועט דעמדאָזיקן פֿלאַם נישט איינלעשן, פֿאַלט ער שוין אַ טויטער. פֿאַר די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן פֿליען רויטע פֿלאַמען, און אין די קינבאַקן האָט ער דערפֿילט אַזאַ ווייטיק, גלייך ווי ס'וואָלט אים עמעצער טויזנטער נאָדלען אין זיי אַרייַנגעשטעקט. די האַנט האָט אים אַזוי געציטערט, אַז ער האָט שיער נישט דידאָזיקע לעצטע טראָפּנס וואַסער

אויסגעגאָסן. פונדעסטוועגן האָט ער מער נישט, ווי צוויי אָדער דריי טראָפּנס מיט דער צונג אויף די ליפּן געכאַפּט; דאָס איבעריקע האָט ער באַהאַלטן פֿאַר נעלן.

עס איז ווידער אַדורך אַ טאָג פון פּיין און מאַטערניש, נאָך וועלכן עס איז, צום גליק, אָנגעקומען אַ קילערע נאַכט. צומאָרגנס אָבער האָט זיך געמאַכט אינדרויסן אַ מוראדיקע היץ. קיין ווינטל האָט נישט געבלאָזן. די זון האָט, ווי אַ בייזער גייסט, מיט איר העליש פייער פאַרניכטעט די אויסגעטריקנטע ערד. די האָריזאָנט־ראַנדן זענען ווייס געוואָרן. וואו ס'אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן, האָט מען אפילו קיין אויפּורביע נישט געזעען. גאָרנישט — נאָר אַ צעגליטע פּוסטע פלאַך, וואָס איז געווען באַדעקט מיט קעמפּעס שוואַרץ געוואָרענעם גראָז און ווזשאָסן. ווען־נישט־ווען האָבן זיך אויף נישט קיין ווייטן מרחק פונאַנדערגעטראָגן לייכטע דונערן, אָבער צוליב דעם אויסגעלייטערטן הימל האָבן זיי נישט אָנגעזאָגט קיין שטורעם, נאָר אַ טרוקעניש.

מיטאָג־צייט, ווען די היץ ווערט נאָך גרעסער, האָט מען זיך געדאַרפט פאַרהאַלטן. דער קאַראַוואַן האָט זיך פונאַנדערגעלייגט אין אַ טויבן שטילשווייגן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איין פערד איז געפאַלן אויפן וועג און אַ צענדלינג בעגערן זענען איבערגעבליבן. בשעת דעם רוען האָט קיינער קיין טראַכט נישט געטון וועגן עסן. די מענטשן האָבן געהאַט איינגעפאַלענע אויגן און געפּלאַצטע ליפּן און אויף זיי פאַרטריקנטע טראָפּנס בלוט. נעל האָט געסאָפּעט, ווי אַ פויגל, האָט איר סטאַש דעריבער אַוועקגעגעבן די גומענע פלאַש און אויסשרייענדיק: „כ'האָב געטרונקען, כ'האָב געטרונקען!" — איז ער אַנטלאָפן אין דער צווייטער זייט פון לאַגער, ער האָט בעמלעך מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט איבערבלייבן, וועט ער איר צונעמען דאָס וואַסער, אָדער ער וועט פאָדערן פון איר, זי זאָל זיך מיט אים טיילן. און דאָס איז אפשר געווען זיין העלדישסטער טאַט אין משך פון דער גאַנצער רייזע. אַליין האָט ער אָבער זיך אָנגעהויבן שרעקלעך צו פייניקן. פאַר די אויגן זענען אים כסדר רויטע פייערן געפלויגן. ער האָט זיי אי אויפגעעפנט, אי צוגעמאַכט מיט גרויס שוועריקייט. דער האַלז איז אים געווען טרוקן, פאַרבאַקן; קיין פּיצל ליחות נישט אין מויל; די צונג איז אים געווען ווי אַ האָלצערנע. און דאָס איז דאָך ערשט פאַר אים און פאַרן קאַראַוואַן געווען אַן אָנהייב פון פּיין.

די דונערן, וואָס האָבן פאָרויסגעזאָגט אַ טרוקעניש, האָבן זיך כסדר בעלאָזט הערן אויף די ראַנדן פון האָריזאָנט. אַרום דריי אַ זייגער, ווען

די זון האָט זיך אָפּגעזעגנט צו מערב-צו, האָט סטאַש אויפגעשטעלט דעם קאַראַוואַן אויף די פיס און פון זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער צו מזרח-צו. עס זענען אים אָבער איצט נאָר נאָכגעגאַנגען קוים זיבעציק מענטשן, און דאָס אויך האָט זיך יעדע ווײַלע עמעץ פון זיי אַנידערגעלייגט אויפן פּעקל, מיט דער דעה מער נישט אויפצושטיין. די היץ האָט זיך פאַרקלענערט אויף עטלעכע גראַד, אָבער זי איז נאָך גענוג שרעקלעך געווען. אין דער אומבאַוועגלעכער לופט האָט זיך עפּעס ווי אַ טשאַד אויפגעהויבן. די מענטשן האָבן נישט געהאַט מיט וואָס אָפּצוטעמען, און נישט ווינציקער האָבן אויך די חיות אָנגעהויבן צו ליידן. אַ שעה נאָכן אַרויסרירן זיך איז ווידער געפאַלן אַ פערד. סאַבאַ האָט געאַרבעט מיט די זייטן און שווער געאָטעמט; פון דער אַרויסגעהאָנגענער שוואַרץ געוואָרענער צונג איז אים קיין טראָפּן שוים נישט אַראָפּגעפאַלן. קינג, וועלכער איז צוגעוואוינט געווען צו די טרוקענע אַפריקאַנישע דזשונגליעס, האָט זעט אויס ווינציקער געליטן, אָבער ער האָט אָנגעהויבן צו זיין בייז. זיינע קליינע אייגעלעך האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן מיט עפּעס אַ מאָדנער ליכט. סטאַשן, און באַזונדערס נעלן, וועלכע האָט יעדע ווײַלע צו אים עפּעס גערעדט, האָט ער נאָך ווי ס'איז אָפּגעענטפערט מיט אַ גאָדערן, אָבער ווען קאַלי איז אומפאָרזיכטיק לעבן אים אַדורכגעגאַנגען, האָט ער דרעענדיק אַ כראַפּע געטון און אַזאַ מאַך געגעבן מיט דער טראָמבע, אַז ער וואָלט אים זיכער געווען דערהרגעט, ווען נישט דאָס, וואָס דאָס ייִנגל איז צייטלעך אָן אַ זייט אָפּגעשפרונגען.

קאַליס אויגן זענען פאַרלאָפן געווען מיט בלוט, די אָדערן אויפן האַלז אָנגעצויגן און צעפּלאַצט, פּונקט ווי באַ די איבעריקע נעגערן. אַ־ום פינף אַ זייגער האָט ער זיך דערנענטערט צו סטאַשן און מיט אַ טעמפּ קול, וואָס איז אים מיט מאַטערניש פון האַלז אַרויסגעגאַנגען, אויסגערעדט:

— גרויסער האַר, קאַלי נישט קענען גיין ווייטער. זאָל שוין דאָ קומען די נאַכט.

און סטאַש האָט גובר געווען די ווייטיק אין די קינבאַקן און מיט אָנשטרענגונג געענטפערט:

— גוט. מיר בלייבן שטיין. די נאַכט וועט אַריינברענגען אַ דערלייכטערונג.

— זי וועט ברענגען דעם טויט — האָט דער ייִנגער נעגער געשעפּטשעט.

די מענטשן האָבן אַראָפּגעוואָרפן די משאות פון די קעפּ, אָבער ווייל די היץ איז אין זייער פאַרגליווערטן בלוט שוין דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה, האָבן זיי זיך דעריבער דאָס מאָל נישט באַלד אָנ־דערגעלייגט אויף דער ערד. דאָס האַרץ און דער פּולס אין די שלייפן, אין די הענט און אין די פיס האָבן זיי אַזוי געקלאַפּט, גלייך ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין אַ ווייל אַרום באַ פּלאַצן. די הויט אויפן קערפּער האָט, איינטרוקנדיק זיך און איינקאָרטשענדיק, זיי אָנגעהויבן צו בייסן. אין די ביינער האָבן זיי דערשפּירט אַן אומגעוויינלעכע אומרויִקייט, און אין די געדערים און אין די העלזער אַ פייער. אַ טייל זענען אומרויִק אַרומגעגאַנגען צווישן די פּעק, אַנדערע האָט מען געזען אַ ביסל ווייטער אין די רויטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון, ווי זיי האָבן זיך געדרייט איינער נאָכן אַנדערן צווישן די טרוקענע קעמפּעס, ווי זיי וואָלטן עפּעס געזוכט — און דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביזוואַנען די כוחות האָבן זיי פולשטענדיק נישט פאַרלאָזט. דעמאָלט זענען איינער נאָכן אַנדערן געפאַלן אויף דער ערד, אָבער זיי זענען געלעגן אין קראַמפּן. קאַלי האָט זיך טשיפּקע אַנידערגעזעצט לעבן סטאַשן און נעלן, כאַפּנדיק מיטן אָפענעם מויל פרישע לופט און ער האָט מיט אַ קול פון געבעט אָנגעהויבן צווישן איין אָטעמצוג און דעם צווייטן איבערחזרן:

— בוואַנאַ קובווא, וואַסער!

סטאַש האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק און גע־שוויגן.

— בוואַנאַ קובווא, וואַסער!

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— קאַלי שטאַרבן...

פּלוצלינג האָט מעאַ, וועלכע האָט צוליב אומבאַוואוסטע סיבות צום לייכטסטן איבערגעטראָגן דעם דורשט און צום ווינציקסטן פון אַלע געליטן, זיך דערנענטערט, אַנידערגעזעצט זיך לעבן אים, און אַרומ־נעמענדיק מיטן אָרעם זיין האַלז, האָט זי מיט אַ שטילער מעלאַדישער שטימע אויסגערופן:

— מעאַ וויל שטאַרבן צוזאַמען מיט קאַלין...

ס'איז אַריינגעטרעטן אַ דויערנד שטילשווייגן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דערווייל איז די זון אונטערגעגאַנגען און די נאַכט האָט די גאַנצע געגנט אַרומגענומען. דער הימל איז געוואָרן טונקל-בלוי. אויף דרום-זייט האָט זיך פונאַנדערגעבליצט דער קרייץ. איבער דער פלאַך האָבן זיך חמרים שטערן פונאַנדערגעשימערט. די לבנה האָט זיך פון אונטער דער ערד אַרויסבאַקומען און אָנגעהויבן צו פאַרגיסן די פינצטערניש מיט ליכט, און אויף מעריב-זייט האָט זיך פונאַנדערגעצויגן מיט אַ שוואַכער און בלאַסער העלקייט די מזלות-שיין. די לופט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן ליכט-מבול, וואָס-אַמאָל האָט אַ שטאַרקערער בליאַסק די געגנט פאַרגאָסן. דער פאַלאַנקין, וועגן וועלכן מען האָט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אויף קינגס רוקן — און די געצעלטן האָבן אַזוי געבלישטשעט, פונקט ווי עס בלישטשען אין העלע נעכט הייזער, מיט קאַלעך אָפּגעווייסטע. די וועלט איז פאַרזונקען אין אַ שטילקייט; די ערד האָט אַ שלאָף אַרומגענומען.

און צוליב דערדאָזיקער שטילקייט און דערדאָזיקער נאַטור-רויִקייט האָבן זיך די מענטשן אין לאַגער געדרייט פאַר ווייטיק און געוואַרט אויפן טויט. אויף דעם זילבערנעם פאָן פון דער טונקלקייט האָט זיך האַרט געצייכנט דאָס ריזיקע שוואַרצע געשטאַלט פון העלפאַנט. די לבנה-שטראַלן האָבן אַ חוץ די געצעלטן באַלויכטן די ווייסע מלבושים פון סטאַשן מיט נעלן, און צווישן די ווזשאָסן-קעמפּעס — די טונקעלע, איינגעקאָרטשעטע לייבער פון די נעגער און די דאָ און דאָרט פונאַנדערגעוואָרפענע פעקלעך. לעבן די קינדער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אויף די פאָדערשטע לאַפּעס סאַבאַ, און אויפהייבנדיק דעם קאָפּ צו דער לבנה, האָט ער אומעטיק געבילן.

אין סטאַשס נשמה האָבן זיך נאָר אַרומגעקלימפּערט די לעצטע געדאַנקען, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין טויב, פאַרצווייפלט געפיל, אַז דאָס מאָל איז שוין קיין שום עצה נישטאָ, אַז די אַלע אומגעהייערע שוועריקייטן און באַמיונגען, די אַלע ליידן, די אַלע ווילנסטאַטן און מוטיקייטן, וואָס ער האָט באַוויזן אין משך פון דער שרעקלעכער רייזע פון מעדינעט קיין כאַרטום, פון כאַרטום קיין פאַשאָדאַ און פון פאַשאָדאַ אַזש ביז דער אומבאַקאַנטער אָזיערע, זענען צוניכט געוואָרן און אַז עס קומט שוין דער אומברחמנותדיקער סוף פון קאַמף און פון לעבן. און נאָך שרעקלעכער האָט זיך אים דאָס אויסגעוויזן דערפאַר, וואָס דערדאָזיקער סוף קומט דווקא אָן אין דער צייט פון דער לעצטער נסיעה, אויף וועלכערס ענד עס ליגט שוין דער אָקעאַן. אַך ! ער וועט שוין

נישט צופירן די קליינע נעל צום ברעג, ער וועט זי נישט צופירן מיטן דאַמפּער קיין פּאָרט־סאַיד, ער וועט זי נישט אָפּגעבן דעם הער ראַוולי־סאַן אין די הענט אַריין, אַליין וועט ער אויך שוין נישט אַריינפאַלן אין דעם פּאַטערס אָרעמס און וועט נישט הערן פון זיין מויל, אַז ער האָט פאַר־געטרעטן, ווי אַ מוטיק ייִנגל און ווי אַן אמתער העלד! אַ סוף, אַ סוף! אין עטלעכע טעג אַרום וועט די זון נאָר באַלייכטן די טויטע קער־פּער, און דערנאָך וועט זי זיי אויסטרוקענען, ענלעך אויף יענע מומיעס, וועלכע שלאָפן דאָרט אין עגיפּטן מיט זייער אייביקן שלאָף אין די מו־זעומס.

פון אָפּגעמאַטערטקייט און היץ האָט זיך אים אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ. עס האָבן אָנגעשוועבט אויף אים גסיסה־זעונגען און געהער־פאַרשטע־לונגען. ער האָט בפרוש געהערט די שטימען פון די סודאַנער און בעדויִנער, וועלכע האָבן געשריגן: „יאַללאַ! יאַללאַ!" אויף די פונאַנדערגעיאָגטע קעמלען. ער האָט געזעען אידריסן און געבהרן. מאַהדי האָט געשמייכלט צו אים מיט זיינע גראָבע ליפּן, פרעגנדיק: „צי ווילסטו דיך אָנטרינקען פון קוואַל פון אמת?..." דערנאָך האָט דער לייב אויף אים אַ קוק געטון פון פעלז אַראָפּ; דערנאָך האָט אים לינדע געגעבן אַ סלאַיק מיט כינין און געזאָגט: „אייל זיך צו, אייל דיך, וואָרים די קליינע וועט שטאַרבן!" און צום סוף האָט ער שוין מער נישט געזעען, ווי נאָר דאָס בלאַסע, זייער טייער פּנימל און די צוויי קליינע הענטלעך, וואָס האָבן זיך צו אים אויסגעצויגן.

פּלוצלינג האָט ער אויפגעציטערט און דאָס באַוואוסטזיין האָט זיך אים אומגעקערט אויף אַ ווייַלע, מחמת האָרט לעבן אויער האָט אַ פּליס־טער געטון אַ שטילער, צו אַ זיפץ ענלעכער, שעפּטש פון נעלן:

— סטאַש... וואַסער!

און זי האָט, פונקט, ווי פריער קאַלי, בלויז פון אים דערוואַרט די הילף.

מחמת דעם אָבער, וואָס עס האָט איר מיט צוועלף שעה צוריק אַוועקגעגעבן די לעצטע פּאָר טראָפּנס, האָט ער זיך איצט אויפגעריסן און אויסגעשריען מיט אַ קול, אין וועלכן עס האָט געציטערט אַן אויסברוך פון ווייטיק, פאַרצווייפלונג און רחמנות:

— אַ נעל! כ'האָב נאָר בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך

טרינק! איך האָב שוין זיבן דריי טעג קיין טראָפּן אין מיין מויל נישט געהאַט!

און אָנכאַפּנדיק זיך מיט די הענט באַם קאָפּ, איז ער אַנטלאָפֿן, כּדי נישט צו זעען איר פּיין. ער איז בלינדערהייט געלאָפֿן צווישן די קעמפּעס גראָז און ווזשאָסן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען די כּוחות האָבן אים פֿולשטענדיק נישט פֿאַרלאָזט און ביז וואַנען ער איז אויף איינער פֿון די קעמפּעס נישט אַנידערגעפֿאַלן. ער איז געווען אָן געווער. אַ לעמפּערט, אַ לייב אָדער אפילו אַ גרויסע היענע וואָלטן אין אים געהאַט אַ לייכטן פֿאַנג. אָבער בלויז סאַבאַ איז צו אים געקומען צו לויפֿן. ער האָט אים אַרומגעשמעקט און ווידער אָנגעהויבן צו בילן, ווי אַרויסרופֿנדיק איצט הילף פֿאַר זיינעטוועגן.

קיינער איז אָבער מיט קיין הילף נישט געקומען. פֿונדערהייך האָט באַר אַראָפּגעקוקט אויף אים אַ רויקע, גלייכגילטיקע לבנה. אַ לאַנגע צייט איז דאָס יינגל געלעגן, ווי אַ טויטער. אויפֿגעמינטערט האָט אים ערשט אַ קילער ווינטל־בלאָז, וואָס האָט אומגעריכט אַ ווייַע געטון פֿון מזרח־זייט. סטאַש האָט זיך אויפֿגעזעצט און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אויפֿצושטיין, כּדי אומצוקערן זיך צו נעלן.

נאָך אַ קילער ווינטל האָט צום צווייטן מאָל אַ צי געטון. סאַבאַ האָט אויפֿגעהערט צו בילן, און אויסדרייענדיק זיך צו מזרח, האָט ער אָנגעהויבן צו ציען מיט די נאָזלעכער. פּלוצלינג האָט ער אַ ביל געטון איינמאָל און דאָס צווייטע מאָל מיט אַ קורצן, אָפּגעהאַקטן באַס און זיך אַ לאָז געטון פֿאָרויס. אין משך פֿון אַ געוויסער צייט האָט מען אים לחלוטין נישט געהערט, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך פֿונדערווייטנס ווידער דערטראָגן זיין בילן. סטאַש איז אויפֿגעשטאַנען, און וואַקלענדיק זיך אויף די פֿאַרשטאַרטע פֿיס, האָט ער אים אָנגעהויבן נאָכצוקוקן. די לאַנגע נסיעות, דאָס לאַנגע אויפֿהאַלטן זיך אין די דזשונגליעס, די נויטוועבדיקייט פֿון האַלטן אין שטענדיקער אָנשטרענגונג אַלע זיינע חושים און די כּסדרדיקע געפֿאַרן האָבן דאָס יינגל אויסגעלערנט צו שענקען זיין וואַכזאַמע אויפֿמערקזאַמקייט אויף יעדער פּיצעלע, וואָס עס האָט זיך נאָר געטון אַרום אים. דעריבער האָט ער איצט, טראָץ דער פּיין, וואָס ער האָט אין דעם מאָמענט דורכגעלעבט, טראָץ דעם געפֿינען זיך אין אַ צושטאַנד פֿון האַלבן אומבאַוווסטזיין, האָט ער דורך זיין אינסטינקט און געוואוינהייט אָנגעהויבן זיך צוצוקוקן צו די אויפֿפֿירונגען פֿון הונט. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך סאַבאַ ווידער באַוויזן פֿאַר אים, אָבער

עפּעס אַזוי מאָדנע באַוועגלעך און אומרויִק. ער האָט עטלעכע מאָל אויפֿגעהויבן אויף סטאַשן זיינע אויגן, אַרומגעקרייזלט אים, ווידער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, אויסשפּירנדיק און בילנדיק אין דער וווּשאַסן־געדיכטעניש, ווידער זיך אומגעקערט. ענדלעך אָבער האָט ער אָנגעכאַפּט דאָס ייִנגל באַ די מלבושים, אָנגעהויבן אים ציִען אין דער קעגנזייטיקער ריכטונג פֿון לאַגער.

סטאַש איז פֿולשטענדיק צו זיך געקומען.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער געטראַכט. — אָדער דער הונט איז פֿון דורשט משוגע געוואָרן, אָדער ער האָט דערפֿילט וואַסער. אָבער וואָס פֿאַר אַן איינפֿאַל!... ווען ס'זאָל זיין נאָענט וואַסער, וואָלט ער דאָך אָוועקגעלאָפֿן טרינקען און וואָלט געהאַט אַ נאַסע מאָרדע. וואָלט עס ווידער געווען ווייט, וואָלט ער עס דאָך נישט דערשפּירט... וואַסער האָט נישט קיין שום ריח... צו קיין אַנטילאָפּ וואָלט ער מיך אויך נישט געצויגן, וואָרן ער האָט אינאָוונט נישט געוואָלט עסן. צו קיין חיות־רעות אויך נישט... וואָס־זשע דען?...

און פּלוצלינג האָט אים דאָס האַרץ נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו קלאַפּן.

— און אפֿשר גאָר האָט אים דער ווינט צוגעבראַכט אַ ריח פֿון מענטשן?... אפֿשר... געפֿינט זיך אין דער ווייטקייט עפּעס אַ נעגעריש דאָרף?... אפֿשר איז איינס פֿון די פּאַפּיר־פֿייגל דערפֿלויגן אַזש... אָ גאָט דערבאַרמדיקער! אָ גאָט!...

און אונטערן איינפֿלוס פֿון האָפֿנונג האָט ער צוריקגעקריגן די כּוחות און האָט אָנגעהויבן צו לויפֿן צום לאַגער, טראָגנדיק דעם אַנטקעגנשטעלן זיך פֿון הונט, וועלכער איז אים כּסדר דעם וועג פֿאַרלאָפֿן.

אין לאַגער האָט זיך פֿאַר אים אַ ווייס געטון נעלס געשטאַלט און עס האָט זיך דערטראָגן צו אים איר שוואַכע שטימע, אין אַ וויילע אַרום האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף קאַלין, וועלכער איז געלעגן אויף דער ערד, אָבער ער האָט אויף גאָרנישט קיין אַכט געלייגט. צולויפֿנדיק צום פּעקל, אין וועלכן עס זענען געלעגן די ראַקעטן, האָט ער עס אויפֿגעריסן, אַרויסגענומען איינעם, מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער אים צוגעבונדן צו אַ באַמבוס, וואָס ער האָט אַריינגעשטעקט אין דער געשפּאָלטענער ערד. אָנגעקלאַפּט פֿייער און אָנגעצונדן דאָס שנירל, וואָס איז אונטן באַם באַמבוס אַראָפּגעהאָנגען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַ רויטער שלאַנג מיט אַ געשיפּערײַ אויך בעגרילץ אַרויפגעפלויגן אין דער הייך. סטאַש האָט זיך מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט פאַרן באַמבוס, כדי ער זאָל נישט אומפאַלן, און האָט פאַרזונקען די אויגן אין דער ווײַטקייט. דער פּולס אין די הענט און אין די שלייפן האָט געזועצט ווי מיט אַ האַמער; די ליפּן האָבן אַ הייסע תּפילה גע-שעפּטשעט.

עס איז אַדורך אַ מינוט, אַ צווייטע, אַ דריטע, אַ פערטע! גאָרנישט מיט גאָרנישט! דעם ייִנגלס הענט זענען אָפּגעפאַלן, דער קאָפּ האָט זיך צו דער ערד געבויגן און אַן אומגעהייערע ווייטיק האָט זײַן פאַרפייניקט האַרץ פאַרגאָסן.

— בחינם! בחינם! האָט ער געשעפּטשעט. — איך וועל אַוועקגיין, איך וועל מיך אַנידערזעצן לעבן נעלן און מיר וועלן צוזאַמען שטאַרבן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אזן מיטאַמאָל האָט ווײַט, ווײַט אויפן זילבערנעם פּאָן פון דער לבנה-נאַכט אַ פײַערדיקע שנור פלוצלינג אינדערהייך אַרויפגעשאָסן און זיך פונאַנדערגעשיט אין גאָלדענע שטערן, וואָס זענען לאַנגזאַם, ווי גרויסע טרערן, אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלן.

— ראַטעוועט!!! — האָט סטאַש אויסגעשריגן.

און עס איז אַזוי געשען, אַז די מענטשן, וועלכע זענען מיט אַ ווײַלע צוריק האַלב טויט געווען, זענען איצט געלאָפן ווי אויף געוועט, אַריבערשפּרינגענדיק איבער קאָמפּעס ווזשאָסן און גראָזן. נאָך דעם ערשטן ראַקעט האָט זיך באַוויזן אַ צווייטער און אַ דריטער. דערנאָך האָט דער ווינט געבערענגט צו טראָגן דאָסווידערקול פון עפּעס אַ קלאַפּן, אין וועלכן מען האָט לײַכט דערקענט ווײַטע שאָסן. סטאַש האָט באַפוילן צו געבן פײַער פון אַלע רעמינגטאָנען און פון דער מינוט אָן האָט דאָס ביקסן-געשפּרעך שוין לחלוטין נישט אויפגעהערט און וואָס אַמאָל איז עס אַלץ שאַרפער געוואָרן. זיצנדיק אויפן פערד, וועלכעס האָט אויך על פּי נס צוריקבאַקומען די כוחות און האַלטנדיק לעבן זיך נעלן, האָט דאָס ייִנגל געיאָגט איבער דעם פלאַכן לאַנד צו די רעטנדיקע ווידערקולות. דערלעבן איז געיאָפּן סאַבאַ, און נאָך זיי האָט מיט זײַנע פיס נאַכגע-פויקט דער ריזיקער קינג.

די צוויי לאַגערן זענען געווען פונאַנדערגעטיילט אויף אַ שטח פון עטלעכע קילאָמעטער, נאָר ווייל מען איז דאָך פון ביידע צדדים גלייכציטיק זיך אַקעגנגעלאָפן, האָט דעריבער דער גאַנצער וועג נישט לאַנג געדויערט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די ביקסן־שאָסן שוין נישט נאָר געהערט, נאָר אויך געזעען. נאָך איין ראַקעט איז אין דער לופט אַרויפגעפלויגן, אָבער שוין נישט ווייטער ווי אויף אַ מרחק פון עטלעכע הונדערט טריט. דערנאָך האָבן אויפגעבליצט אַ סך פייערלעך. די לייכטע בערגיקייט פון גרונט האָט זיי אויף אַ ווײַלע פאַרדעקט, אָבער ווען סטאַש האָט זי אויסגעמיטן, האָט ער זיך כמעט שוין געפונען פאַר אַ רייע נעגער, וועלכע האָבן געהאַלטן אָנגעצונדענע פאַקעלן אין די הענט.

בראש פון דערדאָזיקער רייע זענען געגאַנגען צוויי אייראָפּעער אין ענגלישע העלמען און מיט ביקסן אין די הענט.

סטאַש האָט מיטן ערשטן אויגנבליק דערקענט אין זיי דעם קאַפּיטאַן גלען און דעם דאָקטאָר קלאַרי.

# XLVI.

די עקספּעדיציע פון קאַפּיטאַן גלען און פון דאָקטאָר קלאַרי האָט לחלוטין נישט געהאַט אין איר ציל אויפצוזוכן סטאַשן מיט נעלן. דאָס איז געווען אַ גרויסע און רייך איינגעפונדעוועטע רעגירונגס־עקספּעדיציע, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן, כּדי אויסצופאָרשן די מזרח־צפונדיקע שפּיץ פון דעם ריזידיקן באַרג קלימאַ־נדזשאַראָ, ווי אויך די נאָך ווייניק באַקאַנטע געגנטן, וואָס ליגן אויף צפון־זייט פון דעמדאָזיקן באַרג. סיי דער קאַפּיטאַן און סיי דער דאָקטאָר האָבן, וואָס אַן אמת, געוואוסט וועגן אויפכאַפּן די קינדער פון מעדינעט־על־פאַיום, וואָרן די ידיעה וועגן דעם האָבן פונאַנדערגעטראָגן די ענגלישע און די אַראַבישע צייטונגען, אָבער זיי האָבן געמיינט, אַז אָדער זיי זענען ביידע געשטאָרבן, אָדער זיי קרעכצן אונטער דער יאָך בײַ מאַהדין, פון וועמענס האַנט עס האָט זיך נאָך ביז איצט קיין שום אייראָפּעער נישט אַרויסקריגן. קלאַרי, וועלכנס שוועסטער עס האָט חתונה געהאַט מיט אַ ראַזוליסאַן אין באָמביי און

וועלכער איז זייער אַנטציקט געוואָרן פון דער קליינער נעל בשעת דער נסיעה קיין קאַירא, האָט אויסערגעוויינלעך שמערצלעך איבערגעלעבט איר פאַרלוירן־גיין. אָבער זיי האָבן אויך ביידע, ער מיט גלענען, דאָס מוטיקע יינגל באַדויערט. זיי האָבן אַפילו עטלעכע מאָל טעלעגראַמעס אַרויסגעשיקט פון מאַמבאַסאַ צום הער ראַווליסאָן, אָנפרעגנדיק זיך, צי די קינדער האָבן זיך נישט אָפּגעפונען און ערשט נאָך דעם לעצטן נישט גינסטיקן ענטפער, וואָס איז זיי אָנגעקומען אַ סך פריער איידער דער קאַראַוואַן האָט זיך אַרויסגערירט, האָבן זיי ענדלעך אָנגעוואוירן יעדער פּיצל האָפנונג.

און עס איז זיי אַפילו נישט אויפן זינען געקומען, אַז די קינדער, וועלכע געפינען זיך געפאַנגען אין דעם ווייטן כאַרטום, זאָלן זיך קענען באַווייזן אין דידאָזיקע קאַנטן. דאָך האָבן זיי אָפט גערעדט וועגן זיי אין די אָוונטן, נאָך דער פאַרענדיקטער טעגלעכער אַרבעט, מחמת דער דאָקטאָר האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרגעסן אָן דעמדאָזיקן קליינעם הערלעכן מיידעלע.

בינו לבינו האָט זיך די עקספּעדיציע געריקט כסדר פאָרויס. נאָך אַ לענגערער צייט פאַרברענגען אויף די מזרחדיקע שפּועס פון דעם קילימאַ־נדזשאַראָ, נאָכן אויספאָרשן דעם אויבערשטן גאַנג פון די טייכן סאָבבאַט און טאַנאַ, ווי אויך די בערג קעניאַ, האָבן דער הער קאַפּיטאַן מיטן דאָקטאָר זיך אויסגעדרייט אין דער צפונדיקער ריכטונג, און נאָכן דורכגיין דעם זומפּיקן גוואַסאָ־נירא, זענען זיי אַרויפגעקומען אויף אַ רחבותדיק אומבאַפעלקערט פלאַכלאַנד, וואָס איז נאָר באַוואוינט געווען מיט קליינע סטאַדעס אַנטילאָפּן. נאָך אַ דריי חדשימדיקער נסיעה בערך האָבן זיך די מענטשן געדאַרפן ווי געהעריק אויסצורוען, האָט דעריבער דער קאַפּיטאַן גלען, אַנטדעקנדיק אַ קליינע אָזיערע מיט געזונט, ברוין־קאָלירנדיק וואַסער, געהייסן אויפשלאָגן די געצעלטן און פאַראָרדנט אַ צען־טאָגיקן אָפּרו.

אין דער צייט פון דעם אָפּרו האָבן זיך די ווייסע פאַרנומען מיט יאַגד און אויספירן געאָגראַפישע און נאַטור־וויסנשאַפטלעכע אויפצייכנונגען, און די נעגערס האָבן זיך פאַרנומען מיט ליידיק אַרומגיין. און אָט האָט אין אַ געוויסן טאָג פּאַסירט, אַז דער דאָקטאָר קלאַרי האָט, אויפהייבנדיק זיך זייער פרי און דערנעענטערנדיק זיך צום ברעג, דערזען, ווי עטלעכע זאַנזיבאַרן פון קאַראַוואַן שטייען מיט פאַריסענע קעפּ

און קוקן אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ הויכן בוים און חזרן כּסדר אי־בער:

— נדעגע? — אַקונאַ נדעגע! — נדעגע? (יאָ אַ פויגל? — נישט קיין פויגל! — יאָ אַ פויגל?)

דער דאָקטאָר האָט געהאַט אַ קורצזיכטיקע ראיה, האָט ער דערי־בער געשיקט אין געצעלט אַריין נאָך אַ לאָרנעטע, דאַן האָט ער דורך איר אַ קוק געטון אויף דער זאַך, אויף וועלכער די נעגערס האָבן אָנגעוויזן — און אַ גרויסע פאַרוואונדערונג האָט זיך אויף זיין פּנים אָפּגעשפּיגלט.

— בעט נאָר אַהער דעם קאַפּיטאַן — האָט ער אויסגע־רופן.

אָבער נאָך איידער די נעגערס זענען צוגעלאָפן, האָט זיך דער קאַפּיטאַן באַוויזן פאַרן געצעלט, ער האָט זיך נעמלעך געקליבן צו גיין אויף אַנטילאָפּ.

— זע נאָר, גלען — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אינדערהייך.

דער קאַפּיטאַן האָט אויך פאַרריסן דעם קאָפּ, פאַרשטעלט זיך פאַר די אויגן מיט דער האַנט און זיך נישט ווינציקער פאַרוואונדערט פאַרן דאָקטאָר.

— אַ פּאַפּיר־פויגל! — האָט ער אויסגערופן.

— אמת, אָבער נעגערס לאָזן דאָך נישט אַרויס קיין פּאַפּיר־פייגל, פונוואַנען־זשע האָט ער זיך דאָ דערנומען?

— סיידן עפּעס אַ ישוב פון ווייסע געפינט זיך דאָ אין דער נאָענט אָדער עפּעס אַ מיסיע?...

— שוין דעם דריטן טאָג, ווי עס בלאָזט אַ ווינט פון מערב־זייט, דאָס הייסט פון דער זייט, וואָס איז נאָך אומבאַקאַנט און וואָרשיינלעך פונקט אַזוי נישט באַוואוינט, ווי דידאָזיקע דזשונגליע. איבעריקנס, ווייס־טו דאָך גאַנץ גוט, אַז דאָ געפינען זיך נישט קיין שום ישובים און נישט קיין מיסיעס.

— דאָס איז באמת אינטערעסאַנט...

— מען דאַרף אומבאַדינגט אַראָפּנעמען דעמדאָזיקן פּאַפּיר־פויגל...

— מ'דאַרף. אפשר וועלן מיר זיך דערוויסן, פונוואַנען ער שטאַמט.

דער קאַפּיטאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל. דער בוים האָט געהאַט עטלעכע צענדליגג מעטער די הייך, אָבער די נעגער האָבן תיכף אַרויפגעקלעטערט אויפן שפּיץ, פאַרזיכטיק אַראָפּגענומען דעם איינגעפלאָנטערטן פּאַפּיר־פויגל און אים איבערגעגעבן אין דאָקטאָרס האַנט אַריין, ער האָט אים באַטראַכט און דאַן אויסגערופן:

— עס זענען פאַרהאַן עפּעס אויפשריפטן... לאָמיר אַ קוק טון...

און צומרוישענדיק די אויגן האָט ער אָנגעהויבן לייענען.

פּלוצלינג האָט זיך אים דאָס פּנים פאַרענדערט, די הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן.

— גלען, — האָט ער אויסגערופן — נעם דאָס, לייען איבער, און פאַרזיכער מיך, צי כ'האָב אַמאָל קיין זון־שלאַג נישט געקריגן אָדער צי כ'בין באַם קלאָרן זינען!

דער קאַפּיטאַן האָט גענומען דאָס באַמבוס־רעמל, צו וועלכן דער בויגן איז געווען צוגעפּעסטיקט און פאָלגנדעס איבערגעלייענט:

נעללי ראַוולינגן און סטאַניסלאַו טאַרקאָווסקי,
וועלכע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן פון כאַרטום קיין פאַשאָדאַ און פון
פאַשאָדאַ אַוועקגעפירט געוואָרן אויף מזרח פון נילוס,
האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די דערווישעס הענט.
נאָך לאַנגע חדשים רייזן זענען זיי אָנגעקומען צו אַן אָזיערע, וואָס
ליגט אויף דרום־זייט פון אַביסיניען.
זיי גייען צום אָקעאַן.
זיי בעטן גיכע הילף.

אויף אַ זייט פונם בויגן איז ווידער געשטאַנען דער פאָלגנדער צושריפט, געשריבן מיט קלענערע אותיות:

דערדאָזיקער פּאַפּיר־פויגל, שוין דער פיר און פינפציקסטער לויט דער רייע, איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון די בערג, וואָס רינגלען אַרום אַן אָזיערע, דער געפינער זאָל פון אַן אָפּנעמען לחלוטין אַן אומבאַקאַנטע. ווער עס וועט אים געפינען, זאָל וועגן דעם מודיע זיין דער קאַנאַל־פאַרוואַלטונג פון פאָרט־סאַיד, אָדער דעם קאַפּיטאַן גלען אין מאָמבאַסאַ — סטאַניסלאַוו טאַרקאָווסקי.

ווען דער קאַפּיטאַן האָט פאַרענדיקט דאָס לייענען, האָבן זיך די צווי פּריינט אָנגעהויבן אין שטילשווייגן אָנצוקוקן.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער דאָקטאָר קלאַרי ענדלעך געפרעגט.

— איך גלייב נישט מיינע אייגענע אויגן — האָט דער קאַפּיטאַן אָפּגעענטפערט.

— דאָס איז דאָך נישט קיין חלום?

— ניין.

— עס איז בפירוש אָנגעשריבן: „נעללי ראַווליסאָן און סטאַניסלאַוו מאַרקאָווסקי".

— נאָך אַ מין בפירוש...

— און ס'איז מעגלעך, אַז זיי זאָלן זיך געפינען ערגעץ דאָ אין די קאַנטן?

— דער אייבערשטער האָט זיי מציל געווען, עס איז גאַנץ מעגלעך.

— געלויבט זאָל ער זיין דערפאַר, — האָט דער דאָקטאָר מיט התלהבות אויסגערופן.

— אָבער וואו זוכט מען זיי?

— צי געפינט זיך מער גאָרנישט אויפן פּאַפּיר-פויגל?

עס זענען נאָך פאַרהאַן עטלעכע ווערטער, אָבער דאָס אָרט איז דורך די צווייגן צעריסן געוואָרן. עס איז שווער איבערצולייענען.

זיי האָבן ביידע אַריבערגעבויגן די קעפּ איבערן בויגן און נאָך אַ לענגערן נאָכפאָרשן האָבן זיי באַוויזן אות ותווייז דורכצולייענען:

די רעננצ"ט איז שוין לאנג פארבי.

— וואָס זאָל דאָס באַטייטן? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— דאָס באַטייט, אַז דאָס יינגל האָט אָנגעוואוירן די צייטרעכנונג.

— און אויף אַזאַ אופן האָט ער פיל-ווייניק געוואָלט אָנדייטן די צייט. ביסט גערעכט. פונדאַנען איז געדרונגען, אַז דער באַ-

פּיר־פֿויגל איז ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק אַרויסגעלאָזט געוואָרן.

— אויב עס איז אַזוי, מוזן זיי זיך אויך נישט ווייט פֿונדאַנען געפֿינען.

דער פֿיבערדיקער, אָפּגעהאַקטער געשפּרעך האָט נאָך געדויערט אַזוי אַ קליינע ווײַלע, נאָכדעם האָבן זיי ווידער ביידע אָנגעהויבן נאָכפֿאָרשן דעם דאָקומענט און איבער יעדן וואָרט, וואָס איז אויף אים אָנגעשריבן געווען, האָבן זיי זיך באַזונדער געאַמפּערט. די זאַך האָט אָבער אויסגעזעען עפּעס אַזוי צווייפֿלהאַפֿט, אַז ווען דאָס זאָל נישט האָבן געשען אין די געגנטן, אין וועלכע עס זענען לחלוטין קיין אייראָפּעער נישט פֿאַרהאַן, אויף איבער זעקס הונדערט קילאָמעטער ווייט פֿון נאָענטסטן ברעג, וואָלטן דער דאָקטאָר מיטן קאַפּיטאַן אָנגענומען, אַז דאָס איז נישט אַנדערש, ווי נאָר אַ שפּאַס, וואָס עפּעס אייראָפּעישע קינדער האָבן זיך דערלויבט נאָכן איבערלייענען די צייטונגען, וואו עס איז באַשריבן געווען דאָס אויפֿכאַפּן פֿון די צוויי קינדער. ס'איז אָבער שווער געווען דערין נישט צו גלייבן: זיי האָבן דאָך געהאַט דעם פּאַפּיר־פֿויגל אין דער האַנט און די אויפֿשריפֿטן אויף אים האָבן זיך פֿאַר זיי בפּירוש געשוואַרצט.

אָבער סײַדווי האָבן זיי אַ סך זאַכן באַין אופֿן נישט געקאָנט באַגרייפֿן. וואו האָבן די קינדער גענומען פּאַפּיר אויף אַ פֿויגל צו מאַכן? ווען דאָס זאָל זיי האָבן צוגעשטעלט עפּעס אַ קאַראַוואַן, וואָלטן זיי זיך דאָך מיט אים פֿאַרייניקט און וואָלטן דעריבער קיין הילף נישט גערופֿן. צוליב וואָס פֿאַר אַ סיבות האָט זיך דאָס ייִנגל נישט באַמיט צוזאַמען מיט זײַן קליינער חברטע צו אַנטלויפֿן קיין אַביסיניען? פֿאַרוואָס האָבן זיי עפּעס די דערווישן אַרויסגעשיקט אויף מזרח זײַט פֿון נילוס, אין אומבאַקאַנטע געגנטן? אויף וואָס פֿאַר אַן אופֿן איז זיי געלונגען זיך אַרויסצורײַסן פֿון די וועכטערס הענט? וואו האָבן זיי זיך באַהאַלטן? מיט וואָס פֿאַר אַ נס זענען זיי אין משך פֿון אַזאַ חדשים־לאַנגער רייזע פֿון הונגער נישט געשטאָרבן? נישט פֿאַרציקט געוואָרן דורך ווילדע חיות? פֿאַרוואָס האָבן זיי די ווילדע מענטשן נישט דערמאָרדעט? אויף דידאָזיקע אַלע פֿראַגן איז נישט געווען קיין ענטפֿער.

— איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין, איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין, — האָט דער דאָקטאָר קלאַרי געהאַלטן אין איין איבערחזרן — דאָס איז פּשוט אַ נס מן השמים!

— אַן שום ספק — האָט דער קאַפּיטאַן אָפּגעענטפערט.

ז'ערנאָך האָט ער צוגעגעבן :

— אָבער דאָס איז אַ ייִנגל ! דאָס איז דאָך זיין שטיקל אַר־בעט !

— און ער האָט די קליינע נישט פאַרלאָזט, זאָל ער זיין געבענטשט.

— סטאַנלעי, אַפילו סטאַנלעי, וואָלט דאָך נישט איבערגעהאַלטן קיין דריי טאָג אין אַזעלכע באַדינגונגען !

— און דאָך לעבן זיי.

— זיי בעטן אָבער הילף. דער אָפּרו איז געענדיקט ! תיכף לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין.

און אַזוי איז געשען. אונטערוועגנס האָבן די פריינט נאָכאַמאָל גע־פאָרשט דעם דאָקומענט, זייענדיק איבערצייגט, אַז אפשר וועלן זיי אין אים געפינען אָנווייזונגען וואָס שייך דער ריכטונג, וואוהין מ'האָט געדאָרפט איילן מיט הילף. אָבער קיין אָנווייזונגען זענען נישט געווען. דער קאַפּיטאַן האָט דעם קאַראַוואַן געפירט אין אַ זיגזאַג, האָפנדיק, אַז ער וועט אָנטרעפן אויף עפּעס אַ צייכן, אויף אַ פאַרלאַשן פייער, אָדער אויף אַ בוים מיט אויסגעשניטענע צייכנס אויף דער קאָרע. אַזוי זענען זיי אָפּגעגאַנגען עטלעכע טעג. צום אומגליק זענען זיי דערנאָך אַרויפגע־קומען אויף אַ פלאַך, וואו עס זענען פולשטענדיק קיין ביימער נישט גע־ווען, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ הויכער ווזשאָסן־געדיכטעניש און קעמפּעס מיט אויסגעטרוקנט גראָז. אַן אומרויִקייט איז ביידע פריינט באַ־פאַלן. עס איז גאַנץ לייכט געווען אַ גאַנצן קאַראַוואַן צו פאַרזעען אויף אַזאַ געוואַלטיקן שטח, מכל שכן צוויי קינדער, וועלכע זענען, לויט זייער פאָרשטעלונג, ווי צוויי קליינע ווערימלעך, דאָרט געקראָכן, צווישן די ווזשאָסן, וואָס זענען העכער געווען פון זיי. עס האָבן נישט געהאָלפן נישט די בלעכערנע פושקעס מיט צעטעלעך אינדערמיט, וואָס זיי האָבן אויף די קעמפּעס איבערגעלאָזט, נישט די פייערן באַנאַכט. דער קאַפּיטאַן און דער דאָקטאָר האָבן שוין מאָמענטנווייז אָנגעהויבן די האָפנונג צו פאַר־לירן, צי עס וועט זיי בכלל געלונגען אויפצוזוכן די קינדער און בפרט, צי זיי וועלן זיי געפינען לעבעדיקע.

יעדנפאַלס האָבן זיי אויך אין די קומענדיקע טעג זיי ענערגיש גע־זוכט. די פּאַטראָלן, וואָס גלען האָט אַרויסגעשיקט אויף רעכטס און אויף לינקס, האָבן ענדלעך צוויסן געגעבן, אַז ווייטער הייבט זיך אָן אַ פּױל־

שטענדיק אומבאַוואוסטע מדבר. ווען זיי האָבן דעריבער דורך אַ צופאַל באַך איינמאָל געפונען אין אַן ערד־שפּאַלט וואַסער, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ שטיקל צייט, כּדי אָנצונעמען זאַפּאַסן אין וועג אַריין.

דערדאָזיקער ערד־שפּאַלט איז, בעסער געזאָגט, געווען אַ שפּאַרינקעלע, באַ צען מעטער די טיף און פאַרהעלטנישמעסיק זייער שמאָל. אויף זיין דנאָ האָט געשלאָגן אַ וואַרעמער קוואַל, וואָס האַט געקאָכט ווי זידיק־וואַסער, מחמת ער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט קוילן־זויער. פונדעסטוועגן האָט זיך דאָס וואַסער, נאָכן אָפּקילן זיך, אַרויסגעוויזן פאַר גוט און געזונט. עס איז אַזאַ בשפעדיקער קוואַל געווען, אַז די דריי הונדערט מענטשן פון קאַראַוואַן האַבן אים נישט געקאָנט אויסשעפּן. אדרבה, וואָס מער מ׳האָט געשעפּט, האָט עס מער געשלאָגן און דעם שפּאַלט העכער אָנגעפולט.

— מיט דער צייט אפשר — האָט דער דאָקטאָר קלאַרי געזאָגט — קאָן דאָ זיי אַ פיין קור־אָרט, אָבער אין איצטיקן מאָמענט איז דאָס וואַסער פאַר די חיות נישט צוטריטלעך, מחמת דעם, וואָס די ווענט פון דעם ערד־שפּאַלט זענען צו שאַרף אָפּגעהאַקט.

— צי איז מעגלעך די קינדער זאָלן אָנטרעפן אויף אַזעלכע מיני קוואַלן? — האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט.

— איך ווייס נישט. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז עס געפינען זיך אין דערדאָזיקער געגנט אַ סך מער קוואַלן. אויב אָבער נישט, מוזן זיי אָן וואַסער אומקומען.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. מען האָט אָנגעצונדן שוואַכע פייערן, קיין באָמעס האָט מען אָבער נישט אויפגעבויט, ווייל עס איז נישט געווען פון וואָס. נאָכן נאַכטעסן האָבן זיך דער קאַפּיטאַן מיטן דאָקטאָר אַנידערגעזעצט אויף צונויפגעלייגטע שטולן, און פאַררייכערנדיק די ליולקעס, האָבן זיי אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם, וואָס ס׳איז זיי מער אויפן האַרץ געלעגן.

— קיין שום סימן נישט! — האָט זיך קלאַרי אָנגערופן.

— עס איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק — האָט גלען אָפּגעענטפערט — אַז מען זאָל אַרויסשיקן צען פון אונזערע מענטשן צום ברעג פון אָקעאַן מיט אַ דעפּעשע, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ ידיעה וועגן די קינדער. אָבער איך בין צופרידן, וואָס איך האָב דאָס נישט געטון, וואָרים די מענטשן וואָלטן אָן שום ספק אומגעקומען אויפן וועג, און ווען זיי וואָלטן

אפילו יאָ דערגאַנגען, איז צו וואָס זאָלן מיר בחינם אויפוועקן די האָפ־
נונג.

— און אויפפרישן די ווייטיק...

דער דאָקטאָר האָט אַראָפּגענומען פון קאָפּ דעם ווייסן העלם און
אָפּגעווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן.

— האָרך אויס, — האָט ער אויסגערופן. — און ווען מיר זאָלן
זיך אַזוי אומקערן צו יענער אָזיערע, געהייסן אַנשניידן האָלץ און
ברענען ריזיקע פייערן אַלע נאַכט. אפשר וואָלטן די קינדער דאָס באַ־
מערקט.

— ווען זיי וואָלטן געווען נאָענט, וואָלטן מיר זיי אַזוי אויך גע־
פונען, און אויב זיי זענען ווייט, וועט די בערגיקייט פון גרונט דאָס
פייער פאַרשטעלן. דידאַזיקע פלאַך זעט אויבנאויפיק אויס צו זיין גלייך,
אָבער אינדערעמתן איז זי פול מיט בערגלעך — צעכוואַליעט,
ווי דער אָקעאַן. דערביי וואָלטן מיר, צוריקטרעטנדיק, סוף כל סוף
אינגאַנצן אָנגעוואוירן יעדע מעגלעכקייט אפילו זייערס א צייכן צו
געפינען.

— זאָג אָפן: האָסט שוין קיין שום האָפנונג נישט?

— מיין טייערער, מיר זענען דערוואַקסענע, שטאַרקע און ראַט־
זאַמע מענער, און גיב נאָר אַ טראַכט, וואָס עס וואָלט פון אונז געוואָרן,
ווען מיר זאָלן זיך דאָ געפינען נאָר אין צווייען — מעג זיין אפילו מיט
געווער — אָבער אָן שום לעבנסמיטלען און אָן מענטשן...

— אמת! ליידער — אמת... איך שטעל מיר פאָר די צוויי קינ־
דער, ווי זיי גייען אַזוי אין אַזאַ נאַכט איבער דער מדבר.

— הונגער, דורשט, ווילדע חיות...

— און דאָך שרייבט דאָך דאָס ייִנגל, אַז זיי זענען אַזוי געגאַנגען
חדשים לאַנג.

— מוז דאָ עפּעס טאַקע זיין אַזעלכעס, וואָס גייט איבער אַלע
מיינע פאַרשטעלונגען.

אַ לאַנגע צייט האָט מען בלויז געהערט אין דער שטילקייט דאָס
צישען פון דעם טיטון אין די ליולקעס. דער דאָקטאָר האָט זיך פאַר־
קוקט אין די בלאַסע טיפענישן פון דער נאַכט, דערנאָך האָט ער זיך
מיט זייער אַ שטיל קול אָנגערופן:

— ס'איז שוין שפּעט, אָבער דער שלאָף איז פון מיר אָפּגענומען
געוואָרן... און ווען מען גיט צוזוי אַ טראַכט, אַז זיי דאָרט, אויב זיי

לעבן נאָך, בלאָנדזשען ערגעץ אַרום בא דער שיין פון דער לבנה, צווישן די טרוקענע ווזשאָסן... אַליין... אַזעלכע קינדער! גערענקסט, גלען, דאָס מלאכישע פנימל פון דערדאָזיקע־ קליינער?

— איך געדענק און כ׳קאָן עס נישט פאַרגעסן.

— אַך! כ׳וואָלט מיר אַ האַנט געלאָזט אָפּהאַקן, ווען...

און ער האָט נישט דערענדיקט, מחמת דער קאַפּיטאַן איז אויפגעשפרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטער.

— אַ ראַקעט אין דער ווייטקייט — האָט ער אויסגעשריגן — אַ קעט!

— אַ ראַקעט — האָט דער דאָקטאָר איבערגעחזרט.

— עפּעס אַ קאַראַוואַן געפינט זיך פאַר אונז.

— וועלכער האָט אפשר די קינדער געפונען!

— אפשר. לאָמיר זיך צו זיי אַהינאײַלן!

— פאָרווערטס!

דעם קאַפּיטאַנס באַפעלן האָבן זיך אין איין מאָמענט איבערן גאַנצן לאַגער פונאַנדערגעטראָגן. די זאַנזיבאַרן האָבן זיך אַ שטעל געטון אויף די פיס. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט מען פאַקעלן אָנגעצונדן. גלען האָט פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אַלס ענטפער אויפן ווייטן סיגנאַל אַרויסלאָזן עטלעכע ראַקעטן, אייגעם נאָכן אַנדערן, און דערנאָך זאָל מען עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד געבן אַ ביקסן־סאַלווע. ס׳איז קיין פערטל שעה נישט אַדורך, ווי דער גאַנצער לאַגער איז שוין געווען אין וועג.

פונדערווייטנס האָבן אָפּגעענטפערט שאָסן. עס איז שוין מער נישט געווען קיין שום צווייפל, אַז דאָס רופט אַרויס הילף צוליב אומבאַוואוסטע סיבות אַן אייראָפּעישער קאַראַוואַן

דער קאַפּיטאַן מיטן דאָקטאָר זענען געלאָפן אויף געוועט. עס האָט זיך אין זיי גלייכצייטיק אויפגעוועקט אי אַ מורא אי אַ האָפנונג. צי וועלן זיי די קינדער יאָ געפינען, אָדער וועלן זיי נישט געפינען? דער דאָקטאָר האָט זיך געטראַכט אין האַרץ, אַז אויב נישט, וועלן זיי אין ווייטערדיקן וועג מעגן זוכן סיידן נאָר זייערע טויטע קערפּער צווישן די שרעקלעכע גראָזן.

אין אַ האַלבער שעה דערנאָך האָט איינס פון די בערגלעך, וועגן וועלכע זיי האָבן פריער צווישן זיך געהאַט געשמועסט, פאַרשטעלט פאַר ביידע פרייַנט דעם ווייטערדיקן וועג. אָבער זיי זענען שוין אַזוי נאָענט

געזען, אַז זיי האָבן בפּרוש געהערט דאָס טופּען פון די פערד. נאָך עט־לעכע מינוט — און אויפן רוקן פון אַ בערגל האָט זיך באַוויזן אַ רייטער, וועלכער האָט געהאַלטן פאַר זיך אַ גרויסע ווייסע זאַך.

— די שטורקאַצן אינדערהייך! — האָט גלען אַ קאָמאַנדע געגעבן.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט דער רייטער אין דעם ליכט־קרייז דאָס פערד אויפן אָרט אָפּגעשטעלט.

— וואַסער! וואַסער!

— די קינדער! — האָט דער דאָקטער קלאָרי אויסגעשריגן.

— וואַסער! — האָט סטאַש אַ בערגעהזרט.

און ער האָט כמעט אַריינגעוואָרפן נעלן אין דעם קאַפּיטאַנס הענט, און אַליין איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון זאָטל.

אָבער באַלד האָט ער זיך אַ וואַקל געטון און, ווי אַ טויטער, אויף דער ערד אַנידערגעפאַלן.

## שלוס.

צו דער פרייד אין לאַגער פון קאַפּיטאַן גלען און פון דאָקטאָר קלאַרי האָט קיין סוף נישט גענומען, אָבער די נייגיריקייט פון די ענג־לענדער האָט דאָ געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן נסיון. וואָרן אויב זיי האָבן פריער נישט געקאָנט בשום אופן משיג זיין, אַז די קינדער זאָלן אַליין קאָנען דורכמאַכן אַזעלכע אומגעהייערע ווילדענישן און מדבריות, וואָס טיילן אָפּ דידאָזיקע געגנטן פון נילוס און פון פאַשאָדאַ, האָבן זיי שוין איצט לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, אויף וואָס פאַר אַן אופן דער „קליינער פאָליאַק", ווי זיי האָבן סטאַשן גערופן, האָט נישט נאָר באַוויזן דאָס אויסצופירן, נאָר איז גאָר נאָך דערשינען פאַר זיי אַלס אָנפירער פון אַ גאַנצן קאַראַוואַן, באַוואָפנט מיט אייראָפּעיש געווער, מיט אַ העל־פאַנט, וואָס שלעפּט אויף זיך אַ פּאַלאַנקין, מיט פערד, געצעלטן און מיט באַדייטנדיקע זאַפּאַסן לעבנסמיטל.

דער קאַפּיטאַן האָט פונאַנדערגעשפּרייט די הענט באַ דעמדאָזיקן בילד און יעדע ווײַלע אויסגערופן: „קלאַרי, איך האָב דאָך שוין עפּעס אַ סך געזען, נאָר אַזאַ ייִנגל האָב איך נאָך נישט געזען!" און דער פּשוטתדיקער דאָקטאָר האָט מיט נישט קיין קלענערער באַוואונדערונג

איבערגעחזרט: „און אויך די קליינע פון געפאַנגענשאַפט אַרויסגעריסן — און זי אויך מציל געווען!“ — דערנאָך איז ער אַוועקגעלאָפן צו די געצעלטן אַ קוק טון, ווי די קינדער פילן זיך און צי זיי שלאָפן גוט.

אָנגעטרונקענע, אָנגעקאָרמעטע, איבערגעטויטע, זענען די קינדער געשלאָפן ווי די געהרגעטע צומאָרגנס אויך אַ גאַנצן טאָג. דאָס זעלבע אויך אַלע מענטשן פון קאַראַוואַן. דער קאַפּיטאַן גלען האָט געפּרווט באַ קאַלין אויספרעגן וועגן די רייזע־פּאַסירונגען און וועגן סטאַשס מעשים, אָבער דער ייִנגער נעגער האָט, אויפעפענענדיק איין אויג, בלויז דאָס אָפּגעענטפערט: „דער גרויסער האַר קען אַלצדינג“ — און איז ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן. סוף־כל־סוף איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה, ווי אָפּצולייגן די פראַגן און דערקלערונגען אויף ווען אַנדערש.

דערווייל האָבן זיך די צוויי פרייַנט מתיעץ געווען מכוח דער צוריק־רייזע קיין מאָמבאַסאַ. זיי זענען שוין אַזוי אויך צו ווייט פאַרגאַנגען און אויסגעפּאָרשט אַ סך מער געגנטן וויפיל מ'האָט זיי געהייסן, האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן תיכף ומיד זיך אומצוקערן. דעם קאַפּיטאַן האָט עס וואָס אַן אמת, זייער געלאָקט צו יענער אין דער געאָגראַפיע אומבאַקאַנטער אָזיערע, צוליב אָבער דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער און דער באַגער זיי ווי צום גיכסטן איבערצוגעבן אין די פאַרבענקטע עלטערנס הענט אַריין האָבן זיי זיך גובר געווען. דער דאָקטאָר האָט אָבער פונדעסטוועגן געוואָרנט, אַז מען וועט מוזן זיך אויסרוען אויף די קילע הויכן פון די בערג קעניאַ, אָדער קילימאַ־נדזשאַראָ. פון דאָרטן טאַקע האָבן זיי באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ ידיעה צו די פאָטערס און זיי אויפפאָדערן, זיי זאָלן קומען קיין מאָמבאַסאַ.

די צוריקרייזע האָט זיך אָנגעהויבן באַך אַ געהעריקן אויסרוען זיך אין נאָך אַ געוויסער צאָל בעדער אין די וואַרעמע קוואַלן, ערשט אויפן דריטן טאָג. דאָס איז גלייכצייטיק געווען דער טאָג פון צעשיידן זיך מיט קאַלין. סטאַש האָט איבערצייגט די קליינע, אַז ווייטער אים ציען מיט זיך צום אָקעאַן, אָדער גאָר קיין עגיפּטן, וואָלט עס נאָר פון זייער זייט געווען אַן אייגנליבע. ער האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין עגיפּטן, און אפילו אין ענגלאַנד, וועט קאַלי מער נישט זיין, ווי אַ פּשוטער דינער, אין דער צייט אָבער, ווען ער וועט איבערנעמען די ממשלה איבער זיין פאָלק, וועט ער אַלס קעניג אין זיי איינפלאַנצן און פאַרשפּרייטן דאָס, וואָס ער האָט פון אונז געלערנט, ער וועט מילדערן די

ווילדע מנהגים פון די וואַ־הימען און ער וועט פון זיי מאַכן נישט נאָר קיין ציוויליזירטע, נאָר אויך גוטע מענטשן. דאָס זעלבע האָט ער אויך פילווייניק קאָלין איבערגעחזרט.

יעדנפאַלס אָבער האָבן זיך באַם געזעגענען אַ סך טרערן פאַרגאָסן, פאַר וועלכע אפילו סטאַש האָט זיך נישט געשעמט, וואָרן סיי ער, סיי נעל האָבן דאָך דורכגעלעבט מיט אים צוזאַמען אַזוי פיל גוטע און שלעכטע מאָמענטן און זיי האָבן זיך ביידע נישט נאָר אויסגעלערנט זיין גוט האַרץ אָפּצושאַצן, נאָר זיי האָבן אים אויך האַרציק ליב געקריגן. דער יינגער נעגער איז לאַנג געלעגן באַ די פיס פון זיין „בוואַנאַ קובוואַ“ און דער גוטער מזימו. ער האָט זיך צוויי מאָל צוריק אומגעקערט, כדי נאָכאַמאָל אויף זיי אַ קוק צו טון. ענדלעך איז אָבער דער מאָמענט פון צעשיידן זיך אָנגעקומען און צוויי קאַראַוואַנען האָבן זיך אין קעגנזייטיקע ריכטונגען אַוועקגעלאָזט.

---

אונטערוועגנס ערשט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דערציילן וועגן די פּאַסירונגען פון די צוויי קליינע רייזנדע. סטאַש, וועלכער איז אַמאָל גענייגט געווען צו באַרימעריי, האָט זיך איצט לחלוטין נישט גערימט. ער האָט פּשוט זייער אַ סך זאַכן אויסגעפּירט, זייער אַ סך דורכגעגאַנגען און צו פיל זיך געהאַט אַנטוויקלט, אַז ער זאָל נישט קאָנען פאַרשטיין, אַז די רייד טאָרן נישט זיין גרעסער ווי די טאַטן. איבעריקנס, זענען געווען אָן אַ שיעור די בלויזע טאַטן, הגם ער האָט וועגן זיי זייער באַשיידן גערעדט. יעדן טאָג האָבן זיך, בשעת די חמימהדיקע „ווייסע שעהן“ און אין די אָוונטן בשעתן אָפּרוען זיך, פאַר די אויגן פון קאַפּיטאַן גלען און דאָקטאָר קלאַרי דורכגערוקט בילדער פון די אַלע געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס די קינדער האָבן דורכגעמאַכט. זיי האָבן אַלזאָ געזען, ווי מען כאַפּט זיי אויף אין מעדינעט־על־פאַיום, אי דעם שרעקלעכן וועג אויף די קעמלען איבער דער מדבר — אי כאַרטום און אָמדורמאַן, וואָס זענען ענלעך געווען צו אַ גיהנום אויף דער ערד — אי דעם אכזריותדיקן מאַהדי. ווען סטאַש האָט דערציילט, וואָס ער האָט געענטפערט מאַהדין, ווען יענער האָט אים אָנגערעדט אָנצונעמען דאָס מאַכמעדאַנישע גלויבן, זענען ביידע פריינט אויפגעשטאַנען און איטלעכער פון

זיי האָט אים אַ שטאַרקן דריק געטון די רעכטע האַנט, נאָכדעם האָט דער קאַפּיטאַן אויסגערופן:

— מאַהדי לעבט שוין נישט!

— מאַהדי לעבט שוין נישט? — האָט סטאַש מיט פאַרוואונדערונג איבערגעחזרט.

— יאָ — האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגערופן. — ער איז מיט זיין אייגן פעטס דערשראָקן געוואָרן, אָדער, בעסער געזאָגט, ער איז געשטאָרבן אויפן האַרץ, און די ממשלה נאָך אים האָט איבערגענומען אַבדולאַהי.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ לאַנג שטילשווייגן.

— האַ, — האָט סטאַש אויסגערופן — ער האָט זיך נישט געריכט דעמאָלט, ווען ער האָט אונז אַרויסגעשיקט אומצוקומען קיין פאַשאָדאַ, אַז דער טויט וועט אים פריער דערגרייכן...

אין אַ ווייל אַרום אָבער האָט ער צוגעגעבן:

— אַבדולאַהי איז אָבער נאָך מער אַכזריותדיקער פון מאַהדין.

— עס האָבן זיך טאַקע שוין אָנגעהויבן אויפשטאַנדן און שחיטות — האָט דער קאַפּיטאַן אָפּגעענטפערט — און דערדאָזיקער גאַנצער בנין, וואָס מאַהדי האָט אויפגעבויט, מוז פריער צי שפּעטער צעשמעטערט ווערן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

בשעת דעם ווייטערדיקן וועג האָט סטאַש דערציילט וועגן דער רייזע קיין פאַשאָדאַ, וועגן טויט פון דער אַלטער דינה, וועגן אַרויסלאָזן זיך פון פאַשאָדאַ אין די אומבאַוואוינטע געגנטן און וועגן זייער זוכן סמאַינען. ווען ער איז צוגעקומען צו דעם, ווי ער האָט דערהרגעט דעם לייב, און דערנאָך געבהרן, כאַמיסן און די צוויי בעדוינער, האָט אים דער קאַפּיטאַן איבערגעריסן מיט צוויי ווערטער נאָר: „All right!", און נאָכדעם האָט ער אים ווידער אַ דריק געטון די רעכטע האַנט און ביידע האָבן זיי, ער מיט קלאַרין מיט שטייגערנדן אינטערעס אים ווייטער אויסגעהערט: וועגן היימיש מאַכן קינגן, וועגן באַזעצן זיך אין „קראָקע", וועגן נעלס פיבער, וועגן געפינען לינדען און וועגן די פּאַפּיר-פייגל, וואָס די קינדער האָבן פון די קאַראַמאַיאָ-בערג אַרױפגעלאָזט. דער דאָקטאָר,

וועלכער איז פון טאָג צו טאָג וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער צוגעבונדן געוואָרן צו נעלן, האָט זיך אַזוי ווייט דורכגענומען מיט דעם אַלעם, וואָס עס האָט איר אַזוי שרעקלעך געדראָט, אַז ער האָט יעדע פּאָר מינוט געכוזט זיך שטאַרקן מיט עטלעכע שלוק „בראַנד״; און ווען סטאַש האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי זי איז שיער נישט געהאַט געפאַלן פּאַר אַ קרבן פון דעם שרעקלעכן „וואָבאָ״, אָדער פון „אַבאַסאַנטאָ״, האָט ער אַ כאַפּ געטון דאָס מיידעלע אויף דער האַנט און אַ לאַנגע צייט זי נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עפּעס אַ פרישע חיה־רעה זאָל אויף איר נישט אָנפאַלן.

וואָס ער מיטן קאַפּיטאַן אָבער האָבן געטראַכט וועגן סטאַשן, דאָס זאָגן עדות די צוויי דעפּעשן, וואָס זיי האָבן צוויי וואָכן נאָכן אָנקומען צום קילימאַ־נדזשאַראָ אַרויסגעשיקט דורכן קאַפּיטאַנס ספּעציעלן פּאַרטרעטער אין מאָמבאַסאַ, צוזאַמען מיט אַ פאַראָרדנונג, אַז ער זאָל זיי ווייטער איבערשיקן צו די פּאָטערס. די ערשטע טעלעגראַמע איז געווען זייער פּאָרזיכטיק רעדאַגירט, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט מאַכן אַ צו שטאַרקן איינדרוק און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּאָרט־סאַיד. זי האָט אין זיך אַנטהאַלטן פאָלגנדע ווערטער:

„אַ דאַנק דעם יינגל אַ גינסטיקע ידיעה וועגן די קינדער.
קומט צו פאָרן קיין מאָמבאַסאַ״.

די צווייטע, שוין פולשטענדיק אַ קלאָרע, מיטן אַדרעס: „אַדען״, האָט געלויטעט:

„די קינדער זענען מיט אונז — געזונט —
דאָס יינגל איז אַ העלד״.

. . . . . . . . . . . . . . . .

אויף די קילע הייכן, צופיסנס דעם קילימאַ־נדזשאַראָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף פינפצען טאָג, מחמת דער דאָקטאָר קלאַרי האָט דאָס ז'ורכויס פּאַרלאַנגט פּאַרן געזונט פון נעלן, און אַפילו פּאַרן געזונט פון

סטאַשן. די קינדער האָבן פֿון גאַנצן האַרץ באַוואונדערט דעמדאָזיקן הימלגרייכנדן באַרג, וואָס באַזיצט אַלע קלימאַטן פֿון דער וועלט. אירע צוויי שפּיצן: קיבאָ און קימאַ־ווענזע זענען באַטאָג מערסטנטייל געווען באַדעקט מיט געדיכטע נעפּלען. ווען די נעפּלען זענען אָבער אין די לויטערע אָוונטן פֿלוצלינג פֿונאַנדערגעשוואומען און ווען די אייביקע שנייען אויפֿן קימאַ־ווענזע האָבן פֿון אָוונט־שטראַלן אויפֿגעפֿלאַקערטם יס אַ ראָזן גלאַנץ, בעת די גאַנצע וועלט איז שוין געהאַט פֿאַרזונקען געווען אין אַ פֿינצטערניש, האָט דער באַרג דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ געטלעכער היכל.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פֿאַר סטאַשן האָבן זיך געענדיקט די טעג פֿון זאָרגן, אומרוען און אָנשטרענגונגען. זיי האָבן נאָך פֿאַר זיך געהאַט אַ חודש רייזע קיין מאָמבאַסאַ און דער וועג האָט געפֿירט דורך דעם וואונדערבאַרן, אָבער נישט געזונטן טאַוועט־וואַלד. עס איז אָבער איצט אַ סך לייכטער געווען צו רייזן מיט אַ צאָלרייכן, מיט אַלעם גוטן פֿאַרזאָרגטן קאַראַוואַן און מיט אויסגעטרעטענע וועגן, ווי פֿריער צו בלאָנדזשען אין אומבאַקאַנטע ווילדענישן בלויז מיט קאַלין און מיט מעאַן. איבעריקנס, איז איצט פֿאַר דער רייזע פֿאַראַנטוואָרטלעך געווען דער קאַפּיטאַן גלען. סטאַש האָט זיך אויסגערוט און געגאַנגען אויף יאַגד.

ער האָט זיך אָבער נישט אויפֿגעהערט אויך צו פֿאַרנעמען מיט נעלן און ער האָט אין איר אויפֿגעוועקט אַזאַ אומבאַגרענעצטן צוטרוי צו זיך, אַז ווען קלאַרי האָט זי געפֿרעגט, צי זי וועט נישט קיין מורא האָבן פֿאַר די שטורמען אויפֿן רויטן ים, האָט דאָס מיידעלע אויפֿגעהויבן אירע הערלעכע רויקע אויגן און בלויז אָפּגעענטפֿערט:

„סטאַש וועט זיך שוין אַן עצה געבן“.

דער קאַפּיטאַן גלען האָט באַשטעטיקט, אַז קיין אמתער צייגניש, וואָס סטאַש איז פֿאַר איר געווען און קיין גרעסערע אָנערקענונג וואָלט קיינער נישט אימשטאַנד געווען אַרויסצוזאָגן.

הגם די ערשטע טעלעגראַמע, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צום הער טאַרקאָווסקי קיין פּאָרט־סאַיד, איז געווען זייער פֿאָרזיכטיק רעדאַגירט, האָט זי פֿונדעסטוועגן געמאַכט אַזאַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, אַז די פֿרייד האָט שיער נעלס פֿאָטער נישט דערהרגעט. אָבער אויך דער הער טאַרקאָווסקי, הגם ער איז געווען אַ מענטש פֿון אויסערגעוויינלעך

האַרטער נאַטור, איז אין ערשטן מאָמענט שיער נישט אַנידערגעפאַלן און געבעטן נאַר, אַז דאָס זאָל נישט זיין קיין חלום אָדער גלאַט קיין פוס־טע פאַרשטעלונג, וואָס קאָן געבוירן ווערן אין מוח פון אַ מענטש פאַר בענקשאַפט און ווייטיק. זיי האָבן דאָך אַזוי פיל אַרבעט אַוועקגעלייגט, אַבי זיי זאָלן זיך כאָטש דערוויסן, צי די קינדער לעבן! דער הער ראַוו־ליסאָן האָט אַרויסגעשיקט גאַנצע קאַראַוואַנען קיין סודאַן, דער הער טאַר־קאָווסקי איז, אַלס איבערגעטועגער אַראַבער, איינשטעלנדיק זיין לעבן אין גרעסטן געפאַר, צוגעקומען אַזש ביז כאַרטום — און דאָס אַלץ האָט גאָר־נישט געהאָלפן. די מענטשן, וועלכע וואָלטן אים יאָ געקאָנט צושטעלן וועלכע ס'איז ידיעות, זענען געהאַט אויסגעשטאָרבן אויף פאָקן, פון הונ־גער, אָדער זענען אומגעקומען בשעת די כסדרדיקע שחיטות — און די קינדער זענען פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין! סוף כל סוף האָבן די פאָטערס אָנגעוואוירן יעדע פיצל האָפנונג און האָבן בלויז געלעבט מיט די דערינערונגען, זייענדיק טיף איבערציינט, אַז עס דערוואַרט זיי שוין גאָרנישט אין לעבן און אַז דער טויט וועט זיי ערשט פאַראייניקן מיט די טייערסטע וועזנס, וועלכע זענען בײַ זיי געווען אַלץ אויף דער ערד.

בינו לבינו איז גאָר אומגעריכט אויף זיי אַראָפּגעפאַלן די פרייד, וואָס איז פאַר זיי געווען איבער די כוחות. גלייכצייטיק זענען זיי אָבער באַהערשט געווען פון אומזיכערקייט און דערשטוינונג. זיי האָבן ביידע פאַר קיין שום פאַל נישט געקאָנט תופס זיין, אויף וואָס פאַר אַן אופן די ידיעה וועגן זייערע קינדער איז אָנגעקומען פון דער זייט אַפריקע, דאָס הייסט, פון מאָמבאַסאַ. הער טאַרקאָווסקי האָט זיך משער געווען, אַז אפשר האָט זיי אויסגעקויפט אָדער אַרויסגעגנבעט עפעס אַן אַראַבישער קאַראַוואַן, וועלכער האָט זיך אַוועקגעלאָזט פון מזרחדיקן ברעג טיף אין לאַנד אַריין נאָך העלפאַנטביין און איז אַזוי אַרום צוגעקומען אַזש ביזן נילוס. די ווערטער פון דער טעלעגראַמע: „אַ דאַנק דעם ייִנגל״ האָבן זיי זיך אַזוי אויסגעטייטשט, אַז סטאַש האָט בריוולעך מודיע געווען דעם קאַפּיטאַן מיטן דאָקטאָר, וואו זיי געפינען זיך ביידע ער מיט נעלן. אַלנ־פאַלס איז זיי אַ סך זאַכן אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין. דאַקעגן האָט דער הער טאַרקאָווסקי פולשטענדיק קלאָר תופס געווען, אַז די ידיעה איז נישט בלויז אַ גינסטיקע, נאָר זייער און זייער אַ גוטע, וואָרן אַנ־דערש וואָלטן דער דאָקטאָר מיטן קאַפּיטאַן נישט געוואַגט אין זיי אויפ־

צוועקן קיין האַפנונג און וואָלטן זיי ראשית כּל נישט אַרויסגעפאָדערט קיין מאָמבאַסאַ.

די צוגרייטונגן אין וועג אַריין האָבן גאָרנישט לאַנג געדויערט און אויפן צווייטן טאָג נאָכן דערהאַלטן די טעלעגראַמע האָבן זיך ביידע אינזשיניערן, צוזאַמען מיט נעלס לערערין, געפונען אויפן דעק פון גרויסן דאַמפּער „Peninsular and Orient Company", וואָס איז געגאַנגען קיין אינדיען, און אויפן וועג האָט ער אָפּגעטרעטן אין אַדען, מאָמבאַסאַ און אין זאַנזיבאַר. אין אַדען האָט שוין געוואַרט אויף זיי די צווייטע טעלעגראַמע, וואָס האָט געלויטעט: „די קינדער זענען מיט אונז — געזונט — דאָס ייִנגל איז אַ העלד". נאָכן איבערלייענען זי איז דער הער ראַווליסאָן שיער פון זינען נישט אַראָפּ פאַר פרייד, און דריקנדיק די האַנט פון הער טאַרקאָווסקי, האָט ער איבערגעחזרט: „זעסט, דאָס האָט ער זי מציל געווען! אים האָב איך צו פאַרדאַנקען איר לעבן". — דער הער טאַרקאָווסקי ווידער, נישט וועלנדיק אַרויסווייזן צופיל שוואַכקייט, האָט בלויז אָפּגעענטפערט, פאַרהאַקנדיק די ציין: „יאָ! דאָס ייִנגל האָט זיך מיר מוטיק אויסגעצייכנט", — איבערבלייבנדיק אָבער אַליין אין דער קאַיוטע, האָט ער זיך צעוויינט פון גליק.

---

ענדלעך איז אָנגעקומען דער מאָמענט, ווען די קינדער זענען אַרייַנגעפאַלן אין די פאָטערס אָרעמס. דער הער ראַווליסאָן האָט אַ כאַפּ געטון אויף די הענט זיין צוריקגעפינענעם קליינעם אוצר, און דער הער טאַרקאָווסקי האָט לאַנג געהאַלטן זיין העלדישן זון בײַ דער ברוסט, דער בייזער גורל האָט זיי אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן, פּונקט ווי עס הערן אויף די שטורמווינטן און הוראַגאַנען אין דער מדבר. דאָס לעבן האָט זיך צוריק אויסגעלייטערט מיט מזל און גליק, און די בענקשאַפט און די פריערדיקע צעשיידונג האָט נאָך גרעסער געמאַכט די פרייד. די קינדער האָבן זיך נאָר געוואונדערט, וואָס די קעפּ פון די טאַטעשיס זענען בעת דער צעשיידונג פולשטענדיק ווייס געוואָרן.

---

זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין סועץ מיטן אויסגעצייכנטן פראַנצויזישן דאַמפּער פון דער געזעלשאַפט „Messageries Maritimes“, וואָס איז געווען פול מיט רייַנדע פון די אינזלען: רעוניאָן, מאַריטיוס, פון מאַדאַגאַסקאַר און זאַנזיבאַר. ווען עס האָט זיך צעטראָגן די ידיעה, אַז אויפן דעק געפינען זיך די קינדער, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט פון די דערווישן, איז סטאַש געוואָרן דער געגנשטאַנד פון אַלגעמיינער נייגיריקייט און אַלגעמיינער פאַרערונג. די גליקלעכע פאַמיליע האָט זיך אָבער גלייכער געוואָלט פאַרמאַכן אין דער גרויסער קאַיוטע, וואָס דער קאַפּיטאַן האָט זיי אָפּגעטרעטן און דאָרטן צו פאַרברענגען די קילערע שעהן מיטן דערציילן.

עס האָט אויך אין דעם אָנטייל גענומען נעל, פּישטשענדיק ווי אַ פייגעלע, און גלייכצייטיק, צו אַלעמענס גרויסער פרייד, אָנהייבנדיק איטלעכן זאַץ מיט אַן „און“. זי האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן פאָטערס קניען און אויפהייבנדיק צו אים אירע הערלעכע אייגעלעך, האָט זי אויף אַזאַ אופן גערעדט: „און, טאַטעשי! און מ׳האָט אונז אויפגעכאַפּט און געפירט אויף קעמלען — און געבהר האָט מיך געשלאָגן — און סטאַש האָט מיך פאַרטיידיקט — און מיר זענען געקומען קיין כאַרטום — און דאָרט זענען מענטשן געשטאָרבן פאַר הונגער — און סטאַש האָט געאַרבעט, כדי צו קריגן פאַר מייַנעטוועגן דאַקטילן — און מיר זענען געווען בײַ מאַהדין — און סטאַש האָט נישט געוואָלט אָננעמען זיין אמונה — און מאַהדי האָט אונז אַרויסגעשיקט קיין פאַשאָדאַ — און דערנאָך האָט סטאַש דערהרגעט אַ לייב און זיי אַלע און מיר האָבן געוואוינט אין אַ גרויסן בוים, וואָס הייסט קראַקע — און קינג איז מיט אונז געווען — און כ׳האָב געהאַט פיבער — און סטאַש האָט מיך אויסגעהיילט — און ער האָט דערהרגעט אַ וואַבאָ — און מנצח געווען די סאַמבורן — און ער איז שטענדיק צו מיר אַזוי גוט געווען, טאַטעשי!...“

אַזוי האָט זי אויך דערציילט וועגן קאַלין, וועגן קינגן, וועגן סאַבאַן, וועגן לינדע-באַרג, וועגן די פּאַפּיר-פייגל און וועגן דער לעצטער רייזע, אַזש ביזן טרעפן זיך מיט דעם קאַפּיטאַנס און דאָקטאָרס קאַראַוואַן. דער הער ראַוולינסאָן האָט, אויסהערנדיק דאָס פּישטשען, מיט אַלע כוחות קוים איינגעהאַלטן די טרערן — און ער האָט נאָר יעדע ווײַלע זיין מיידעלע צום האַרץ צוגעטוליעט, און דער הער טאַרקאָווסקי האָט זיך נישט געקענט באַהערשן פון שטאָלץ און גליק. בלויז פון דעם קינדערישן דערציילן אַפילו האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווען נישט די מוטיקייט און ענער-

גיע פון דעם יינגל, וואָלט די קליינע געווען אומגעקומען, נישט איינמאָל, נאָר טויזנט מאָל, אָן שום הילף.

סטאַש האָט אָפּגעגעבן דין וחשבון מיט אַ סך מער איינצלהייטן און גענויער. דערביי איז דאָס געשעען, וואָס באַם דערציילן וועגן דער רייזע פון פּאַשאַדאַ ביזן וואַסערפאַל, איז אים אַ שווערע משא פון הארץ אַראָפּ־געפאַלן. וואָרן, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט דערשאָסן געבהרן מיט זיינע חברים, האָט ער זיך פאַר־האַקט און אומרויק אָנגעהויבן צו קוקן אויפן פּאָטער. דער הער טאַרקאָוו־סקי האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, אַ ווײַלע געטראַכט, און דערנאָך האָט ער ערנסט אויסגערופן:

— הער אויס, סטאַש! מיטן טויט טאָר מען זיך נישט אַזוי פריי אויף יעדן באַנוצן, אָבער אויב עמעצער ווערט באַדראָען דיין פאָטערלאַנד, דאָס לעבן פון דיין מוטער, שוועסטער אָדער דאָס לעבן פון אַ פרוי, וואָס מ'האָט זי דיר אָנפאַרטרויט, איז מיט אַ קויל אין קאָפּ אַריין, פרעג נישט קיין קשיות און האָב נישט דערפון קיין געוויסנסביסן.

---

דער הער ראַווליסאָן האָט באַלד נאָכן אומקערן זיך קיין פּאָרט־סאַיד מיטגענומען נעלן קיין ענגלאַנד, וואו ער האָט זיך אויף שטענדיק שוין באַזעצט. סטאַשן האָט דער פאָטער אָפּגעגעבן אין אַ שול אין אַלעק־סאַנדריען, מחמת דאָרט האָט מען ווינציקער געוואוסט וועגן זיינע טאַטן און פאַסירונגען. די קינדער האָבן זיך כמעט טאָג־טעגלעך איבערגעשריבן, אָבער ס'איז עפּעס אַזוי אויסגעקומען, אַז זיי האָבן זיך נישט געזעען צען יאָר. דאָס יינגל איז, נאָכן פאַרענדיקן די שול אין עגיפּטן, אַריינגע־טרעטן אין פּאָליטעכניקום אין ציריך, דערנאָך, ווען ער האָט באַקו־מען דעם דיפּלאָם, האָט ער זיך פאַרנומען מיט טונעלן־אַרבעט אין דער שווייץ.

און ערשט נאָך צען יאָר, ווען דער הער טאַרקאָווסקי האָט זיך אָנ־געגעבן אין דימיסיע, האָבן זיי ביידע באַזוכט זייערע פריינט אין ענגלאַנד. דער הער ראַווליסאָן האָט זיי פאַרבעטן צו זיך אין הויז אַריין, וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענט פון האַמפּטאָן־קאָרט, אויף אַ גאַנצן זומער. נעל איז שוין אַלט געוואָרן אַכצען יאָר און זי איז אויסגעוואַקסן אַ מיידל,

הערלעך, ווי אַ בלום, און סטאַש האָט זיך איבערצייגט מיט דער פּרייז פֿון זיין אייגענער רויקייט, אַז אַ מאַנסבּיל, וועלכער איז שוין אַלט געוואָרן פיר און צוואַנציק יאָר, קאָן נאָך פונדעסטוועגן טראַכטן וועגן פרויען. ער האָט אפילו אַזוי אומאויפהערלעך געטראַכט וועגן דער פּרעכטיקער נעלי, אַז סוף כּל סוף האָט ער געהאַט באַשלאָסן צו אַנטלויפן וואוהין די אויגן וועלן אים טראָגן.

דעמאָלט אָבער האָט אים דער הער ראַווליסאָן אין אַ געווויסן טאָג ביידע הענט אויף די אָקסלען אַרויפגעלייגט, און קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן אַריין, האָט ער מיט אַ מלאכישער גוטסקייט אויסגערופן:

— זאָג דו אַליין, סטאַש, צי איז פאַרהאַן אויף דער וועלט אַ מענטש, וועמען כ׳וואָלט געקאָנט אָוועקגעבן דעמדאָזיקן אוצר מיינעם און די דאָזיקע האַרציקע מיינע מיט אַ גרעסערן צוטרויען?

---

דאָס יינגע פּאָר טאַרקאָווסקי איז איבערגעבליבן אין ענגלאַנד אַזש ביז דער הער ראַווליסאָן איז געשטאָרבן, און מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ גרויסער רייזע. און ווייל זיי האָבן זיך אַמאָל געהאַט געגעבן דאָס וואָרט צו באַזוכן דידאָזיקע ערטער, וואו זיי האָבן פאַרבּרענגט זייערע יינגע יאָרן און דערנאָך האָבן זיי אַלס קינדער דאָרט אַרומגעבלאָנדזשעט, זענען זיי דעריבּער קודם כּל געפאָרן קיין עגיפּטן. די ממשלה פון מאַהדין און אַבדולאַהין איז שוין לאַנג געהאַט געפאַלן. פון קאַיראָ ביז כאַרטום איז אויפגעבויט געוואָרן אַ באַן. מ׳האָט אָפּגערייניקט די „סודעס”, צו די אַזוי גערופענע נילוס-אויסגוסן, אַזוי, אַז דאָס יינגע פּאָרל האָט געקאָנט צוקומען מיט אַ באַקוועמען דאַמפּער נישט נאָר קיין פאַשאָדאַ, נאָר אפילו אויך צו דער גרויסער אָזיערע וויקטאָריאַ ניאַנצאַ.

פון דער שטאָט פלאָרענס, וואָס איז געלעגן באַם ברעג פון דערדאָזיקער אָזיערע, האָבן זיי זיך מיט דער באַן אַוועקגעלאָזט קיין מאָמבּאַסאַ. דער קאַפּיטאַן גלען מיטן דאָקטאָר קלאַרי האָבן זיך שוין געהאַט איבערגעטראָגן קיין נאַטאַל. געלעבט האָט אָבער נאָך אין מאָמבּאַסאַ, אונטער דער זאָרגזאַמער אויפזיכט פון דער אָרטיקער ענגלישער מאַכט דער

אַלטער קיגג. דער ריז האָט תּיכּף דערקענט זיינע אמאָליקע באַלעבאַטים
און באַזונדערס האָט ער געלן באַגריסט מיט אַזאַ מין טרומייטערן, אַז די
באַעגטע ביימער אַרום האָבן זיך אַזש געטרייסלט, ווי פון אַ ווינט. ער
האָט אויך דערקענט דעם אַלטן סאַבאַן, וועלכער האָט איבערגעלעבט
כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל יאָרן, וויפיל עס לעבט געוויינלעך אַ הונט,
און הגם ער איז שוין געווען אַ ביסל בלינד, האָט ער פונדעססוועגן או-
מעטום סטאַשן מיט געלן באַגלייט.

סטאַש האָט זיך דערוואוסט דאָרט אויפן אָרט, אַז קאָלי פילט זיך
גאַנץ געזונט און אַז ער הערשט מיט דער גאַנצער געגנט אויף דרום-זייט
פון דער רודאָלף-אָזיערע און אַז ער פאַרשפרייט צווישן זיין פאָלק די לע-
רע, וואָס ער האָט פון סטאַשן איבערגענומען.

---

נאָך דערדאַזיקער לעצטער רייזע האָט זיך דאָס יינגע פּאָרפאָלק
טאַרקאָווסקי, צוריק אומגעקערט קיין אייראָפּע און האָבן זיך צוזאַמען מיט
סטאַשס גרייז-גרויען פאָטער אויף שטענדיק באַזעצט אין פוילן.

סוף.